THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE



•

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*

•

*Original publication data*

| | |
|---|---|
| AUTHOR | Herschberg, A. S. (Abraham Samuel), 1858-1943. |
| TITLE | Pinkes Byalistok : grunt-materyaln tsu der geshikhṭe fun di Yidn in Byalisṭoḳ biz nokh der Ershṭer velṭ-milḥome / redagirṭ fun Yudl Marḳ. |
| IMPRINT | 880-02 Nyu-York : Gezelshafṭ far geshikhṭe fun Byalistok, 1949-1950. |
| DESCRIPT | 2 v. ; 24 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Białystok. |
| ADD'L NAME | Mark, Yudel, 1897-1975. |
| ADD'L TITLE | Pinkos Bialystok = The chronicle of Bialystok. Basic material for the history of the Jews in Bialystok till the period after the First World War |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

A. S. HERSHBERG

# PINKOS BIALYSTOK

## *(The Chronicle of Bialystok)*

***Basic Material for the History of the Jews in Bialystok till the Period after the First World War***

VOLUME II

*Published by the*
BIALYSTOK JEWISH HISTORICAL ASSOCIATION, INC.

600 WEST 218TH STREET, NEW YORK 34, N. Y.
1 9 5 0

אברהם שמואל הערשבערג

# פנקס ביאַליסטאָק

גרונט־מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יידן אין
ביאַליסטאָק ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

באַנד 2

רעדאַגירט פון יודל מאַרק

אַרויסגעגעבן פון דער
געזעלשאַפט פאַר געשיכטע פון ביאַליסטאָק
ניו־יאָרק

ה׳תש״י 1950

# אינהאַלט

## קאַפּיטל דריי



## קאַפּיטל פיר

## קאַפּיטל פינף



## קאַפּיטל זעקס



## קאַפּיטל זיבן

## קאַפּיטל אַכט



## קאַפּיטל ניין

## קאַפּיטל צען

## קאַפּיטל עלף



## קאַפּיטל צוועלף

## קאַפּיטל דרייצן

# פון די אַרויסגעבער

די פריינטלעכע אויפנאַמע, וואָס דער ערשטער באַנד פון „פנקס ביאַליסטאָק" האָט געפונען ביי אונדזערע לאַנדסלייט, ביי אונדזערע ניט־ביאַליסטאָקער פריינד און לייענער, ביי אונדזערע היסטאָריקער און אין דער ידישער פרעסע איבער גאַר דער וועלט, איז געווען פאַר אונדז אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג און האָט אונדז געגעבן מוט און קראַפט אַרויסצוגעבן דעם צווייטן באַנד.

מיט דעם דערשיינען פון צווייטן באַנד פאַרענדיקן מיר דעם ערשטן טייל פון אונדזער אויפגאַבע. מיר פאַרענדיקן דערמיט דאָס אַרויסברענגען פאַר דער ידישער עפנטלעכקייט דאָס ווערק פון א. ש. הערשבערג, וואָס האָט געוואָרט פופצן יאָר אויף זיין תיקון און מיר גיבן איבער די קומענדיקע דורות און צוקונפ־טיקע היסטאָריקער די גרונט־מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יידן אין ביאַליסטאָק ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

שאַפנדיק דערמיט אַ שטיק רעגיאָנאַלע יידישע געשיכטע, העלפן מיר צו־זאַמענצוברענגען די בוי־שטיינער פאַרן גרויסן בנין פון דער היסטאָריע פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום און פירן דורך אַן אַרבעט פון קולטור־דערציערישן ווערט. מיר פירן אַריין דעם דורכשניטלעכן לייענער אין דער ספערע פון אַלגע־מיינער ידישער געשיכטע. דערוויסנדיק זיך פרטים וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון זיין היימשטאָט, פון זיין ענגערער סביבה, הייבט ער אָן צו באַגרייפן די גע־שיכטלעכע ברייטערע פאַרבינדונגען, די היסטאָרישע שייכותן מיטן כלל און עס ווערט אין אים געוועקט דער אינטערעס צו דער געשיכטע פון זיין פאָלק.

אין אונדזער הקדמה צום ערשטן באַנד האָבן מיר אָנגעוויזן אויף אומפּינקט־לעכקייטן אין נעמען און דאַטעס און אומפולשטענדיקן איבערגעבן פון געוויסע פאַקטן און געשעענישן. אונדזערע לייענער און פריינד האָבן טיילוויז געצויגן אונדזער אויפמערקזאַמקייט אויף פאַרשיידענע בלויזן, אויף נעמען פון פּערזענ־לעכקייטן וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין ביאַליסטאָקער געזעלשאַפט־לעכן לעבן, און דער מחבר האָט זיי ניט דערמאָנט. די אַלע פריינד אונדזערע האָבן דערמיט דערפילט אַ געזעלשאַפטלעכן חוב און מיט זייערע באַמערקונגען און צוגאָבן האָבן זיי ביי געטראָגן צו דער באַרייכערונג פון היסטאָרישן מאַטעריאַל וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון אונזער היימשטאָט און איר ראַיאָן. מיר דאַנקען זיי און בעטן אונדזערע לייענערס אויך דעם צווייטן באַנד צו שענקען זייער באַזונ־דערע אויפמערקזאַמקייט און מאַכן זייערע קריטישע באַמערקונגען. בפרט, וועגן דער דאָזיקער באַנד באַהאַנדלט אַזעלכע וויכטיקע קאַפּיטלען ווי די ביאַליסטאָ־קער אינדוסטריע, ביאַליסטאָקער קהילה און טיילוויז די אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס אַ סך פּערזענלעך־באַטייליקטע אין די געשעענישן לעבן נאָך צווישן אונדז.

אָט דער פאַקט, וואָס מיר האָבן נאָך צום גליק לעבעדיקע עדות פון דער באַ־שרײַבענער עפּאָכע, האָט אויף אונדז אַרויפגעלעגט דעם חוב אין צווייטן באַנד גע־נויער מדקדק צו זײַן די אײנצלנע היסטאָרישע געשעענישן און גאַנצע געביטן פון דעם נאָענטן עבר. מיר האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן פון צוגעבן אין צווייטן באַנד עטלעכע באַמערקונגען און אינפאָרמאַטיווע ידיעות, וועלכע מיר האָבן גע־האַלטן פאַר נויטיק. מיר נעמען פאַר די דאָזיקע צוגאָבן די פולע אחריות און דער לייענער וועט זיי געפינען מיט דער ספּעציעלער באַמערקונג, אַז זיי זײַנען פון די אַרויסגעבער. אין דער זעלבער צײַט נעמען מיר אַראָפּ פון זיך די אחריות פאַרן אינהאַלט פון מחברס מאַנוסקריפּט, גאַר באַזונדערס, וואָס איז שייך די קאַ־פּיטלען וועגן קהילה און אַרבעטער־באַוועגונג, וואו די סוביעקטיווע אָפּשאַצונג פון מחבר איז צו בולט. פון איין זײַט האָט דער מחבר אַ געוויסע צײַט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער קהילה־פּאָליטיק, פון דער צווייטער זײַט איז ער געשטאַנען אין גאַנצן אין אַ זײַט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און ניט געהאַט די די נייטיקע אָביעקטיווע באַציאונג צו די אַרבעטער־פּאַרטייען. די ביידע קאַ־פּיטלען וועלן דערפאַר דאַרפן ווערן קאָרעגירט און פאַרפולשטענדיקט. עטלעכע פון אונדזערע פרײַנד, מיטבאַטייליקטע אין די וויכטיקסטע געשעענישן, האָבן שוין צוגעזאָגט זייער מיטאַרבעט.

דער צווייטער טייל פון אונדזער היסטאָרישער מיסיע וועט באַשטיין אין אַרויסגעבן דעם דריטן בוך פון דער געשיכטע פון יידן אין ביאַליסטאָק, וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג, געבן אַן אָביעקטיווע, אַלזייטיקע אָפּ־שאַצונג און דערפירן איר אַנטוויקלונג ביז צו דער לעצטער עפּאָכע. עס וועלן אויך דאַרפן אַרײַנקומען אין אים אַלע אויסבעסערונגען פון אומפּינקטלעכקייטן און די אויספילונג פון בלויזן אין ביידע בענד „פּנקס ביאַליסטאָק״. עס וועלן דאַרפן באַ־האַנדלט ווערן אַזעלכע קאַפּיטלען, ווי דאָקטוירים, חזנים, וואָס פעלן בכלל אין הערשבערג׳ס ווערק, און קודם כל די ביאַליסטאָקער יידישע פּרעסע — מיר מיינען דאָ פּסח קאַפּלאַנס אונדזער לעבן און דאָס נײַע לעבן, — וואָס האָט געהאַט אין משך פון 20 יאָר, פון 1919 ביז 1939, אַ שטאַרקע השפּעה אויפן קולטורעלן און סאָ־ציאַלן לעבן פון יידן אין ביאַליסטאָק. עס דאַרף נאָך אויך היסטאָריש באַלייכט ווערן די עפּאָכע פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז 1939, פּאַקטיש ביזן אונטערגאַנג פון ביאַליסטאָקער ישוב.

דער חורבן ביאַליסטאָק גופא, פאַרבונדן מיט אַ יזכור־אָפּטיילונג פאַר די אומגעקומענע, דאַרף ווערן אויסגעטיילט אין אַ באַזונדער בוך. אַ ספּעציעלער באַנד וועט דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט דעם לעבן פון די ביאַליסטאָקער און זייער אויפ־טו אין דער וועלט: אין אַמעריקע, ישראל, אַרגענטינע און אַנדערע לענדער.

אָט דער צווייטער טייל פון אונדזער אַרבעט, וועט אָבער נאָר קענען דעמסט־מאָל דורכגעפירט ווערן, ווען אונדזערע לאַנדסלייט און פרײַנד און אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט וועלן אַקטיוו מיטהעלפן און אין פאָרויס שאַפן די נייטיקע פאָנדן פאַר דעם צוועק.

די דאָזיקע מאַטעריעלע מיטהילף איז ביז איצט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אונדזער אַרבעט איז פון אַלעמען און פון אומעטום אַזוי הייס באַגריסט און אָפּ־געשאַצט געוואָרן, געווען זייער אַ שוואַכע.

מיר זיינען דערפאַר נאָך האַרציקער דאַנקבאַר די פון אונדזערע פריינד, וואָס האָבן אונדז יאָ געהאָלפן און האָבן דערמיט דערפילט זייער חוב לגבי דער שטאָל־צער פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער היימשטאָט, — אַ שטיק יידישע געשיכטע — וואָס אונדזערע שונאים האָבן געוואָלט אָפּמעקן און עוקר מן השורש זיין.

מיר דריקן אויס אונדזער אָנערקענונג אויך צו אַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן וואָס האָבן אין משך פון יאָר 1949 זיך אָנגע־שלאָסן אָן אונדזער געזעלשאַפט און זי פינאַנציעל אונטערגעשטיצט.

אַחוץ די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען שוין דערמאָנט אין ערשטן באַנד, זיינען נאָך צוגעקומען:

ביאַליסטאָקער הילפס־קאָמיטעט, תל אביב; ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד, טשילי; ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד, פּאַריז; קלוב ביאַליסטאָקער פריינט, ניו יאָרק; זאַבלודאָוועך סאָסייעטי, ניו יאָרק; טיקטינער רעליף קאָמיטעט, ניו יאָרק; טיקטינער שול־קאָנגרעגיישאָן, שיקאַגאָ; קנישינער סאָסייעטי, ניו יאָרק; ביאַליסטאָקער פעיינטערס קלוב, ניו יאָרק; ביאַליסטאָקער יונג ווימענס ליג, ניו יאָרק; פּאַקעטבוק־מאַכער יוניאָן ניו יאָרק; סוויסלאָטשער לאַנדסלייט סאָסייעטי, ניו יאָרק; ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט סאָסייעטי, קעפּטאָון; ביאַליסטאָקער צענטער, יאָהאַנעסבורג. ביאַליסטאָקער ברענטש 256 א. ר. ניואַרק.

אונדזער האַרציקן יישר־כח דריקן מיר אויך אויס צו פריינד **יודל מאַרק**, וועלכער האָט סיסטעמאַטיזירט, סטיליזירט און רעדאַגירט דעם מאַ־נוסקריפּט פון א. ש. הערשבערג און אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט אונדזער רעדאַקציע־קאָלעגיום: **דר. הערמאַן פראַנק, דוד קלעמענ־טינאָווסקי** און **זיידל כאַבאַצקי**, בייגעטראָגן צום דער־שיינען פון „פנקס ביאַליסטאָק".

**געזעלשאַפט פאַר געשיכטע פון ביאַליסטאָק**

יאַנואַר 1950, ניו־יאָרק.

## קאַפּיטל איינס

# די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע ביז 1880

### א. ביאַליסטאָק ווי אַ האַנדלס־צענטער

#### יידן, פּריצים און מיעשטשאַנעס

אין 18טן יאָרהונדערט האָבן די יידן שוין געהאַט געשאַפן אין ביאַליסטאָק אַ צענטער פאַר האַנדל. די בראַניצקיס, דערהויפּט דער לעצטער פון זיי יאַן קלעמענס בראַניצקי *, האָבן בכיוון צוגעצויגן יידן קיין ביאַליסטאָק כדי צו פאַר־ברייטערן אין זייער שטאָט מסחר און מלאכה. זיי איז געגאַנגען דערין, אַז אין זייער שטאָט זאָלן זיי קענען באַקומען אויפן אָרט אַלע פּריצישע באַדערפענישן. די יידן האָבן טאַקע די דאָזיקע ראָלע פון צושטעלערס פון סחורות גלענצנד אויסגעפירט.

די געשיכטלעכע געשעענישן אין ליטע און פּוילן אין 17טן און 18טן י״ה זיינען ניט געווען גינסטיק פאַר מסחר און אינדוסטריע. דער מיטלקלאַס האָט ניט געקענט באַשטיין קעגן די באַזונדערע רעכט פון דעם אַדל, דער אַזוי גערופענער שליאַכטע, וואָס האָט געהאַט די גאַנצע הערשאַפט איבערן לאַנד. די פּריצים האָבן זיך בלויז אָפּגעגעבן צו זייערע תאוות און האָבן געהאַט רק איין דאגה: ווי צו געפינען געלט־מקורים, וואָס פון זיי זאָל מען קענען דעקן די גרויסע הצטרכותן. זיי זיינען געווען בלויז פאַרנומען מיט שאלות פון אמונה און פּאָליטיק, און זיי איז בכלל ניט געלעגן אין זינען אָפּצוגעבן זיך מיט ענינים פון עקאָנאָ־מיע און אינדוסטריע.

די רעגירונג האָט ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי איינצוהאַלטן די לייצעס פון דער ממשלה אין אירע הענט. די שטאָטישע איינוואוינערס, מיעשטשאַנעס, און די פּויערים זיינען נאָכגעגאַנגען די פּאַנעס.

בלויז אַדאַנק איין גרופּע אין פּוילן און ליטע, וואָס איז ניט מיטגעצויגן געוואָרן מיטן דאָזיקן שטראָם, איז דער מסחר און מלאכה אין פּוילן און ליטע ניצול געוואָרן פון אונטערגאַנג. די דאָזיקע גרופּע — זיינען געווען די יידן. יידן האָבן אַריינגענומען אַלע צווייגן פון מסחר און מלאכה אין זייערע הענט, הגם די מיעשטשאַנעס האָבן דורך די אַזוי גערופענע מאַגדעבורגער רעכט געהאַט אַ פאָרצוג קעגן יידן, וואָס האָבן די דאָזיקע רעכט ניט געהאַט.

לויט די מאַגדעבורגער רעכט האָבן די מיעשטשאַנעס געקענט אַרויסשטויסן יידן פון אַלע זייערע געשעפטן אין די גרויסע און קלענערע שטעט, אָבער די

---

*. זען פנקס ביאַליסטאָק, באַנד I.

פריצים האָבן געשטיצט די יידן, וואָס זיינען געווען זייערע געשעפטס־פירערס, פאַרמיטלערס און געלט־פאַרזאָרגערס. האָבן טאַקע יידן אין סוף פון 17טן י״ה אַריבערגעשטיגן אין אַלע האַנדל־צווייגן די מיעשטשאַנעס, וואָס זיינען אין אַנ־הייב פון יאָרהונדערט געשטאַנען עקאָנאָמיש העכער פאַר די יידן.

דערצו זיינען נאָך שפּעטער צוגעקומען די פאַרשיידענע אינלענדישע מהומות און מלחמות, און די מיעשטשאַנעס זיינען אין גאַנצן אַראָפּ פון זייער מעמד.

אגב האָבן די זעלביקע מאַגדעבורגער רעכט נאָך צוגעהאָלפן צו דערדריקן די מיעשטשאַנעס, ווייל לויט יענע רעכט איז די גאַנצע מאַכט געלעגן אין די הענט פון די אויסגעקליבענע גלאָסנעס מיט די וואָיטן (בירגערמייסטערס), און זיי האָבן געטאָן מיט די מיעשטשאַנעס, וואָס זיי האָט זיך געגלוסט.

אין 18טן י״ה האָבן די מאַגדעבורגער רעכט בכלל פאַרלאָרן זייער קראַפט און האָבן שוין די מיעשטשאַנעס אויך וויניק געשטיצט. און וואָס מער די מיעש־טשאַנעס זיינען אַראָפּ פון זייער מעמד, איז אַלץ מער אַרויף דער קלאַס פון דער שליאַכטע, וואָס האָט דאָס רוב געשטיצט די יידן. דערהויפּט איז דאָס אמת אין די פּריצישע שטעט, אַזוי ווי ביאַליסטאָק, וואו די הויפּט־דעה האָט גע־האַט דער בעל־הבית, דער באַזיצער פון דער שטאָט, וואָס האָט געגעבן געוויסע רעכט זיינע יידישע איינוואוינערס.

אָבער דורך דעם אַלגעמיינעם שלעכטן צושטאַנד האָט זיך פאַרגרעסערט די אָרעמקייט אין אַלע פּוילישע און ליטווישע שטעט. די שטעט גראָדנע, סלאָנים, בריסק און ביאַליסטאָק האָבן זיך נאָך געהאַלטן און האָבן ניט פאַרלוירן זייער באַטייט אַדאַנק זייער גוטן האַנדלס־צושטאַנד.

די אַנטוויקלונג פון יידישן האַנדל אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן און אין ביאַליסטאָק

דער שיף־פאַרקער אויף טייכן האָט עקאָנאָמיש זייער שטאַרק געהאָלפן גראָדנע, סלאָנים און בריסק; דערצו איז נאָך בריסק געווען אַ גוטער מיליטעריש־סטראַטעגישער פּונקט, און צוליב דעם זיינען אין יענעם קאַנט געבויט געוואָרן גרויסע פעסטונגען אויף דער גרענעץ פון מערב־רוסלאַנד, וואָס האָבן געגעבן אַרבעט און פאַרדינסטן.

די ביאַליסטאָקער יידישע באַפעלקערונג האָט זיך עקאָנאָמיש גוט איינגע־אָרדנט אַדאַנק דעם, וואָס די בראַניצקיס האָבן געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען ביאַ־ליסטאָק אין אַ האַנדלשטאָט, אָבער אויך נאָך די בראַניצקיס האָט זיך די לאַגע ניט געביטן. אפילו אונטער דער פּרייסישער רעגירונג וואָס האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען די יידן צו פאַרפאָלגן, און אויך שפּעטער נאָך דעם ווי ביאַליסטאָק איז אַריבער צו רוסלאַנד, — האָט די שטאָט פון אָנהייב 19טן י״ה ביזן יאָר 1860 גע־שפּילט די ראָלע פון אַ צענטער אין אויסלענדישן מאַנופאַקטור־ און טיי־געשעפט.

קיין ביאַליסטאָק פלעגן אָנקומען אַלע סחורות פון אויסלאַנד: מאַנופאַקטור דער עיקר פון לייפּציג און טיי פון קעניגסבערג (גינשפּרינג). די סחורות פלעגן

קומען דורך די פּרייסישע גרענעצן ביי גראַיעווע און קאָלנע (וויצענטע). ביי ווי־צענטע איז געווען אַן ערשטקלאַסיקע טאַמאָזשנע.

אין דער שפּיץ פון דעם גרויסן אימפּאָרט־און עקספּאָרט־האַנדל, וואָס האָט דערגרייכט יערלעך אויף פיל מיליאָנען, איז געשטאַנען די גרויסע פירמע אין קאָלנע פון ר׳ זוסמאַן יעבץ (דער פאָטער פון באַקאַנטן העברעאישן שריפט־שטעלער ר׳ זאב יעבץ) און עדל, אַ זון פון „אפיקי יהודה״, „מי נפתוח״ אין סלאָנים. פון ביאַליסטאָק פלעגן אַלע אויסלענדישע סחורות אָפּגעפירט ווערן אין גאַנץ פוילן, ליטע און רוסלאַנד (קיין בריסק, שקלאָוו, פינסק, מינסק, מאָסקווע, פּעטער־בורג, פּאָדאָל און וואָלין). דער דייטשער האַנדלס־באַריכט פון יאָר 1789 קאָנ־סטאַטירט דעם פאַקט, אַז מיטן האַנדל פון פוילישע יידן איז פאַרבונדן דער סאַמע קיום פון לייפּציקער יריד און פון אַ טייל אָרטיקע מאַנופאַקטורן [1].

דער זעלביקער צענטראַלער טראַנספּאָרט־פּונקט איז ביאַליסטאָק פאַרבליבן אויך שפּעטער, ווען מען האָט דאָ געבויט די אייזנבאַן. אין 1860 איז דורך ביאַליס־טאָק דורכגעפירט געוואָרן די פּעטערבורגער־װאַרשעווער ליניע ; אין 1872 — די דרום־מערב־באַן ; 1895 — די ליניע ביאַליסטאָק־באַראַנאָוויטש ; 1894 — די ליניע ביאַליסטאָק־ביאַלאָוויעזש.

ווי עס זעט אויס, איז דער אויסלענדישער אימפּאָרט־האַנדל אין אונדזער געגנט אַנטוויקלט געוואָרן אין גאָר אַ גרויסן מאַסשטאַב אין דער צייט ביז 1795 1807 — אין די 12 יאָר פון דער פּרייסישער אַנעקסיע פון אונדזער געגנט. דעמאָלט זיינען געווען אָפן אַלע פּרייסישע גרענעצן פאַרן אַריינפירן אַלע אויסלענדישע סחורות אָן צאָל. אפילו נאָך דעם, ווי די געגנט איז אַריבער צו דער רוסישער מלוכה, זיינען די ערשטע צייט די פּרייסישע גרענעצן געבליבן ניט אַזוי שטרענג אָפּגעשלאָסן דורך דער רוסישער מאַכט, און ווען די גרענעצן זיינען שפּעטער אָפּ־געשלאָסן געוואָרן, האָבן אַלע אימפּאָרט־סוחרים דאָס באַטראַכט בלויז פאַר אַ גזרה פון דער רוסישער פאַרכאַפּערישער מאַכט. די פוילישע יידן האָבן באַטראַכט די רוסישע מאַכט ווי אַ פרעמדע און אונטערדריקערישע ; זיי זיינען נאָך געווען גע־טרייע פּאַטריאָטן פון דער אונטערדריקטער פוילישער מלוכה, און זיי האָבן זיך ניט געהאַלטן מחויב אָפּצוהיטן די דיני מלכותא פון רוסלאַנד. האָבן זיי טאַקע גע־פּרוווט מיט אַלע מיטלען פון זיי זיך צו באַפרייען, דערביי זיינען די טאַמאָזשנע־דירעקטאָרן געווען מיט זיי יד אחת [2].

ביז 1822 איז בכלל געווען אַ נידעריקער טאַריף אויף פּרייסישע סחורות קיין רוסלאַנד. ערשט אין 1822 האָט די דיפּלאָמאַטישע לאַגע שוין דערלויבט דעם צאַריזם אָפּצורופן דעם נידעריקן טאַריף מיט פּרייסן. בנוגע פוילן איז דער פּאַ־סיקער מאָמענט אָנגעקומען שפּעטער.

אין דעם דייטשישן האַנדלס־באַריכט פון 1802 ווערט געבראַכט אַ כאַראַקטע־ריסטישער פאַקט, אַז רוסיש־פוילישע און בראָדער יידן האָבן דאָס יאָר פּרעטענ־

1. זען א. מאַרגאָליס געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד, 1930, ב׳ I, זז׳ 239 און ווייטער.
2. דצ״וו, ז׳ 40.

דירט (ביי די פּרייסישע סוחרים), מען זאָל זיי געבן סחורה אויף קרעדיט, הגם אין משך פון אַ לאַנגער צייט פלעגן זיי קיין קרעדיט ניט קריגן. זייערע מאָטיוון זיינען געווען אַזעלכע: אויף דער רוסישער גרענעץ האָט זיך געביטן דער פּער־סאָנאַל, איז פאַר דער צייט ביז עס האָט זיך איינגעגעבן צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט די נייע באַאַמטע און פירן מיט זיי אונטערהאַנדלונגען אויף זיי איבערצייַגן, זיי זאָלן זיך נוהג זיין ווי די פריערדיקע, זיינען דערוויל אַדורכגעגאַנגען די רוסישע זומערדיקע ירידן [3]. נעבאַלסין, אַ עקאָנאָמיסט און סטאַטיסטיקער פון יענער צייט, שרייבט שפּעטער, אין די 30ער יאָרן, אַז די שטרענגע מיטלען, וואָס די רוסישע און עסטרייכישע רעגירונגען האָבן אָנגענומען קעגן קאָנטראַבאַנד, האָבן געגעבן אַן אַנטשיידענעם קלאַפּ דעם קאָנטראַבאַנד־האַנדל. פאַראַן ידיעות, אַז אין עטלעכע ליטווישע שטעט האָבן יידן אָפּגעמאַכט צווישן זיך בשבועה, זיי זאָלן זיך מער ניט פאַרנעמען מיט קאָנטראַבאַנד־האַנדל [4].

פאַר דער צייט פון 1850—1860 האָט רוסלאַנד זיך שטאַרק באַפעסטיקט אין פּוילן. דעמאָלט זיינען די גרענעצן אויך פון ביאַליסטאָקער געגנט זייער שטרענג געשלאָסן געוואָרן, און דער אימפּאָרט־שמוגל־געשעפט האָט מיט איין מאָל אין גאַנצן אויפגעהערט [5].

ביז דעמאָלט איז ביאַליסטאָק געווען דער צענטראַלער פּונקט פון שאָסיי־טראַקט, וואָס פון אים פלעגן טעגלעך אָפּגיין פראַכטוואָגנס מיט אויסלענדישע סחורות אין אַלע געגנטן — קיין גראָדנע דורך ביאַליסטאָקער שאָסיי, קיין סלאָ־נים דורך מינסקער שאָסיי, קיין בריסק דורך פּאָטשט־שאָסיי.

עס איז שווער פעסטצושטעלן די צאָל פראַכטוואָגנס אין גראָדנער גובערניע אין משך פון איין יאָר ביז 1860. אָבער ווי מ׳האָט דעמאָלט משער געווען [6], האָט די צאָל דערגרייכט ביז 150 טויזנט, און היות יעדער וואָגן האָט געפירט דורכ־שניטלעך 30 פּוד משא, הייסט עס, אַז אין איין יאָר פלעגט מען איבערטראַנס־פּאָרטירן קרוב 5 מיליאָן פּוד סחורה. אין יעדער שטעטל האָבן זיך געפונען עט־לעכע יידישע משפחות, וואָס האָבן פאַרמאָגט פון 4 ביז 8 פערד מיט גרויסע, הויכע, ברייטע עגלות מיט בוידן, באַדעקטע פון לייוונט, און דערפון האָבן זיי געצויגן חיונה.

די פרייזן פאַרן טראַנספּאָרט זיינען געווען פאַרשיידן, אָפּהענגיק פון

3. דצ״וו, זז׳ 75 און 240; זען אויך דעם אַרטיקל פון קאַראַבקאָוו אין יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ, 1911.

4. מאַרגאָליס, דצ״וו, ז׳ 76.

5. פון דער גרויסער אימפּאָרט־פירמע יעבץ־עדל איז ר׳ זוסמאַן יעבץ (עדל איז פריער געשטאָרבן) אַרויס קיין לאָמזשע און געגרינדעט מיט די שותפים ישראל־משה נאָווינסקי און משה קאַלינסקי אַ גרויסע צוקער־פאַבריק. שפּעטער איז ער אַרויס קיין וואַרשע און האָט דאָרט געגרינדעט די ערשטע גרויסע טאַבאַק־פאַבריק; אַז די צוקער־פאַבריק איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט ער דאָרט געגרינדעט נאָך גרויסע געשעפטן (זען מיין „תולדות ר׳ זאב יעבץ״ ההד, ירושלים, ניסן תרצ״ד).

6. А. Бобровский, Материалы для географии и статистики России, Гродненская губ. СПБ, 1863.

צייט און אומשטאַנד, נאָר בכלל האָט מען ביז 1860 גערעכנט דעם פּראַכט־פּרייז 10—15 פּראָצענט פון ווערט פון דער סחורה. דער יערלעכער אומזאַץ פון מאַנופאַקטור, טיי און אַנדערע סחורות איז געווען אַן ערך 225 מיליאָן רובל. מען דאַרף רעכענען, אַז דער גרעסטער טייל איז דורכגעגאַנגען ביאַ־ליסטאָק פון די נאָענטע גאָענטע גרעניץ־פונקטן. חוץ דעם זיינען אויף די טייכן פון גראָדנער גובערניע, דעם ניעמאַן מיט זיינע טייכלעך פאַר צפון־מזרח־זייט (די קרייזן סלאָנים, וואָלקאָוויסק, גראָדנע) און דעם בוג, נארעוו פאַר דער דרום־מערב־זייט (די קרייזן קאָברין, בריסק, ביעלסק און ביאַליסטאָק) דורכגעגאַנגען יערלעך אַן ערך 3,000 שיפן, ס׳רוב אָנגעלאָדן מיט תבואה און אַנדערע אַגראַר־פּראָדוקטן. די שיפן פלעגן דער עיקר גיין קיין קעניגסבערג, נאָוואָגעאָרגיעווסק און דאַנציג. חוץ דעם זיינען אויף אָט די טייכן דורכגעשוואומען קרוב 3,000 פליטן, אָנגעלאָדן מיט געהילץ און אויך מיט תבואה.

אין ביאַליסטאָק האָט דעמאָלט געמאַכט גרויסע געשעפטן דער ביאַליסטאָ־קער גרויסער גביר איטשע זאַבלודאָווסקי. דערהויפּט פלעגט ער האַנדלען מיט דעם טייערן געהילץ, מיט די דעמבעס פון די ביאַלאָוויעזשער וועלדער, וואָס ער האָט געקויפט און עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד.

אין גראָדנער גובערניע פלעגן פאָרקומען פאַרשיידענע ירידן. אין ביאַליסטאָק פלעגט זיין יערלעך אַ יריד אין די טעג פון 24טן און 25טן יולי. עס פלעגן זיך צונויפקומען פון 3,000 ביז 4,000 סוחרים און פּויערים. אויפן יריד פלעגט געמאַכט ווערן אַן אומזאַץ פון 40 ביז 80 טויזנט רובל.

### דער זעלווער יריד

דער גרעסטער יריד פון גראָדנער גובערניע פלעגט זיין אין זעלווע. דאָרט איז געווען אַ וועלט־יריד. דער אומזאַץ פלעגט דערגרייכן אין די הונדערטער טויזנטער רובל. די ביאַליסטאָקער מאַנופאַקטוריסטן און פאַבריקאַנטן האָבן אין אים גע־שפּילט אַ גרויסע ראָלע. מלכה־רייזל בלאָך האָט דאָרט געהאַט אַ שטענדיקע אָפּ־טיילונג. נאָך דער גרויסער שרפה אין יאָר 1862 איז דער זעלווער יריד ביסלעכווייז אונטערגעגאַנגען. אויפן זעלווער יריד פלעגן, אגב, אויך פאָרקומען די אסיפות הרבנים און פרנסים פון „ועד ארבע ארצות״ [7].

פון זעלווע און איר יריד שרייבט מ. יאָהאַן ערנסט פאַרבי [8].

„דאָס שטעטל זעלווע מיט דער שכנישער געגנט, וואָס געהערט דער פירשטין סאַפּיעהאַ, איז שוין זינט אַ ריי יאָרן באַרימט צוליב איר יריד (מעסע), וואָס ווערט

7. זען שמעון דובנאָוו, פנקס המדינה, בערלין, תרפ״ה, ס׳ תתכ״ט, תתקנ״ו אלף, אלף כ״ט : „לפסוק פסוק ביומא דשוקא בק״ק זעלווע״.

אויפן זעלווער יריד איז אויסגערופן געוואָרן פון אַלע גרויסע רבנים, וואָס זיינען זיך דאָרט אויפגעקומען אין ראש חודש אלול שנת תקי״א, דער גרויסער חרם אויף חסידים און חסידות. זען וועגן דעם ביי א. צווייפל אין זיין שלום לישראל.

8) *Das Neue Geographishe Magasin*, Halle 1785, 1, SS. 75-76;

אין איר אָפּגעהאַלטן יערלעך דעם גאַנצן מאָנאַט אויגוסט, און ער ווערט באַזוכט פון אַ סך טויזנטער יידן און אויך פון אַזוי פיל רוסן און פּרייסן. אַ שיינער מאַסיווער פּירעק פון אַרקאַדן אין מיטן מאַרק אַנטהאַלט אַ 70 באַקוועמע סוחרישע קראָמען, און אויך אויף דעם פּלאַץ, וואָס איז איינגעשלאָסן דורך דעם בנין, געפינען זיך פעסטע און באַוועגלעכע בודעס (הילצערנע קראָמען) פון אַלע סאָרטן. אָבער אויסער זיי איז אויך דער מאַרק, וואָס איז אַרום דעם דאָזיקן פּירעק, טיילוויז באַזעצט מיט פיל הילצערנע קראָמען, און טיילוויז ווערן מאָסן סחורות געהאַלטן אונטערן פרייען הימל. אויסער דעם געפינט זיך ניט ווייט פון מאַרק נאָך אַ פיר־עקיקער פּלאַץ צווישן די הייזער און ווינקלען, וואָס מע קען פון אָנהייב גאָר ניט אַרויסזען — שאָפּעס און אַנדערע הילצערנע באַהעלטענישן, וואָס אין זיי געפינען זיך די פּרעכטיקסטע רוסישע פעלצוואַרג און אויך אַנדערע סחורות. אַלע ווינקלען פון דעם קליינעם שטעטל זיינען פול מיט גרויסע און קליינע סחורה־לאַגערן פון אייראָפּע. אויפן מאַרק געפינען זיך אויך עטלעכע מאַסיווע הייזער, געדעקט מיט שינדלען, וואָס אין דער צייט פון יריד ווערן זיי צום טייל גענוצט ווי סחורה־לאַגערן. חוץ דעם געפינען זיך גאַסט־הייזער און קאַווע־הייזער ביי דעם גרויסן צוזאַמענקום פון מענטשן. אין דער צייט פון יריד ווערן דאָ וועכנטלעך געגעבן מאַסקנבעלער אויך פראַנצויזישע און פּוילישע קאָמעדיעס".

זעלבער ירידים האָבן געבליט אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י"ה. דעמאָלט האָבן זיי פאַרנומען דעם צווייטן אָרט נאָכן באַקאַנטן לייפּציגער יריד. זיי האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע באַדייטונג פאַרן בהמה־האַנדל [9].

זעלבער יריד, ניט ווייט פון ביאַליסטאָק, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע פאַר דער פאַרברייטערונג פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פּראָדוקציע. די גרעסטע ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן און סוחרים האָבן געהאַט אויפן זעלבער יריד מאַגאַזינען און לאַגערן.

זעלבער יריד האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין זינט דער מלחמה אין 1812 און דערנאָך גאָר געוואָרן אַ יורד זינט דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין 1830. אָבער דעם זעלבער יריד פון 1830 האָט מען שוין ניט געקענט פאַרגלייכן מיטן זעלביקן יריד ביז 1812 [10].

פון דעם אַלעמען זעען מיר, אַז יידן האָבן אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י"ה און אָנהייב 19טן אַנטוויקלט ביאַליסטאָק צו דער מדרגה פון אַ צענטער פון אויסלענדישן גרויסהאַנדל. יידן האָבן אויפגעאַקערט דעם ביאַליסטאָקער באָדן פאַר האַנדל און אינדוסטריע [11].

9. זען ביי באַלינסקי און ליפּינסקי *StarozytnaPolska*, V. 4, p. 263, 569.

10. Журнал Министерства Внутренних Дел, 1831, XI, стр. 156.

11. ווי מיר האָבן באַוויזן פון פאַרשיידענע אויטענטישע מקורים, זיינען אין 1795, ביים אַנעקסירן ביאַליסטאָק דורך פּרייסן, געווען אין גאַנצן ביאַליסטאָקער קאָמערץ־באַצירק נאָר 6 קריסטלעכע סוחרים אויף 76 יידישע. זען פנקס ביאַליסטאָק, ב' I, ז' 26.

## ב. דער אָנהייב פון טעקסטיל־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן

עס איז גאַנץ פאַלש די ידיעה, וואָס מע קען זי געפינען ביי אַלע געשיכטע־שרייבערס וועגן דער אַנטוויקלונג פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע, אַז די דייטשן האָבן די ערשטע געבראַכט די טעקסטיל־אינדוסטריע קיין ביאַליסטאָק. מע ווייזט דערביי אָן אַז דאָס איז געשען אין די יאָרן 1795—1807, ווען די דייטשן האָבן געהאַט אַנעקסירט דעם ביאַליסטאָקער דעפּאַרטמענט.

עס איז בלויז ריכטיק, אַז די פּרייסישע רעגירונג האָט זיך דעמאָלט משתדל געווען איינצופירן אין דער אַנעקסירטער פּראָווינץ — ביי קריסטן און ביי יידן — די מלאכה פון וועבן לייוונט און שפּינען פלאַקס־גאַרן. אין דעם פּרעמיען־פּלאַן [12], וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן פאַר דער פּראָווינץ ניי־אָסטפּרייסן דעם 1טן יוני 1802 און וואָס איז געווען גילטיק ביז 1808, ווערט געזאָגט:

„21) עס באַקומען צו 10 רייכסטאָלער די יעניקע זעקס לייוונט־וועבערס וואָס וועלן מאַכן צום פאַרקויף יערלעך די מייסטע לייוונט, יעדערער וויניקסטנס צו 10 שטיק לייוונט, צו 14 איילן בערלינער אין אַ שטיק ... 23) די וואָס האָבן געמאַכט די מייסטע לייוונט אויף אייגענע וועבשטולן קריגן צו 15 רייכסטאָלער; 4 פּויערים־פרויען וואָס האָבן זיך איינגעשאַפט אין יעדער קאַמער־דעפּאַרטמענט נייע וועבשטולן במשך פון די קומענדיקע דריי יאָר און האָבן געוועבט צו דריי שטיק — באַקומען 8 רייכסטאָלער... 24) פינף פּויערים־מיידלעך וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט צו וועבן און האָבן געאַרבעט ביים וועבן — קריגן צו צען רייכס־טאָלער, חוץ דעם באַקומען זיי ווי אַ מתנה געוואַנט און טיכער ... 26) פאַר געשפּו־נענע פלאַקס־גאַרן באַקומט מען צו 10 רייכסטאָלער ... 27) 4 מאַנספּאַרשוינען וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט אין משך פון אַ יאָר — קריגן צו 10 ר״ט; 28) 6 יוגנטלעכע שפּינערס — צו 10 ר״ט".

מיר זעען פון דעם, אַז די פּרייסישע מאַכט האָט זיך דעמאָלט באַמיט איינ־צופירן אין דער געגנט ביי קריסטן און יידן וועבעריי פון לייוונט און האַנטשפּינעריי פון פלאַקס, אָבער נ י ט טוך־פאַבריקאַציע. עס קען זיין, אַז פון דער לייוונט־וועבעריי האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט די פּרימיטיווע וועבעריי, וואָס האָט זיך געפונען אין ביאַליסטאָק ביי יידן נאָך אין די פ ע ר צ י ק ע ר יאָרן. אָבער צו דער קאָמפּליצירטער טוך־פאַבריקאַציע איז דאָס נאָך ווייט.

אויך די ידיעה, אַז די זאַקסן, וואָס זאָלן האָבן געבליבן אין ביאַליסטאָק פון נאַפּאָלעאָנס מיליטער אין 1812, האָבן געגרינדעט אין ביאַליסטאָק די ערשטע טוך־פאַבריקן, איז פאַלש. ווי מיר האָבן געזען, איז ביאַליסטאָק דעמאָלט געוואָרן דער צענטער פון מאַנופאַקטור־ און טיי־האַנדל. די שטאָט איז דעמאָלט געווען ווייט פון וועלכער עס איז פאַבריקאַציע. דער אמת איז, אַז די יידישע און קריסטלעכע אָרטיקע טעקסטיל־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָקער ר אַ י אָ ן, אין פאַרשיידענע ערטער פון איר נאָענטער און ווייטער סביבה, ד״ה אין דער שפּעטערדיקער גראָד־

12. זען פּנקס ביאַליסטאָק, ב. ו, זז' 81 און ווייטער.

נער גובערניע, איז פיל עלטער, אָבער די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע גופא איז פיל יינגער [13].

אין סלאָנים און אין ראָזשענאַי

אין יאָר 1605 איז אין סלאָנים שוין געווען אַ וועבער־צעך, וואָס איז געגרינ־דעט געוואָרן דורך ליעוו סאַפּיעהאַ וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פון זיגמונט דעם צווייטן אין יאָר 1605 און דורך יאַן סאָביעסקי אין יאָר 1679. די איבערגעחזרטע באַשטעטיקונג פון דער העכסטער מאַכט באַווייזט, אַז וועבעריי איז שוין געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין סלאָנים און געוויס אויך אין די אַנדערע נאָענטע שטעט. ווען אויך אָן צעכן.

דער ערשטער פּרוּוו, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער פּוילישער מלוכה, צו גרינדן אַ טעקסטיל־אינדוסטריע אין פּוילן איז געמאַכט געוואָרן דורך אַנטאָן טיזענהויז, גראָדנער סטאַראָסטע און פאַדסקאַרב פון ליטווישן גרויס־פירשטנטום, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה אין האָרדניצאַ, ביים ניעמאַן, ביי גראָדנע. ער האָט דאָרט געגרינדעט אויך פאַרשיידענע אַנדערע פאַבריקן פון גרויסן פאַר־נעם, מיט דער אונטערשטיצונג פון דער מלוכה, וואָס האָט דערויף געגעבן גרויסע קאַפּיטאַלן. מען האָט אַראָפּגעבראַכט פאַר דעם צוועק מייסטערס פון אויסלאַנד. אָבער נאָך דעם ווי טיזענהויז איז דורך די אינטריגעס פון זיינע פיינד אַראָפּ־געזעצט געוואָרן פון זיין גרויסער פּאָזיציע, זיינען זיינע אַלע פאַבריקן און זיינע פּראָיעקטן צעשטערט געוואָרן. אויסלענדישע מייסטערס זיינען אָפּגעפאָרן, און פון זיינע אַלע אונטערנעמונגען איז קיין זכר ניט געבליבן.

אַ סך אַ בעסערן מזל האָט געהאַט די טעקסטיל־פאַבריקאַציע דורך פּריוואַטער איניציאַטיוו. אין טשעכאַנאָווצע האָבן זיך געפונען טוך־פאַבריקלעך שוין אין יאָר 1775.

אין ראָזשענאַי, סלאָנימער קרייז האָבן יידן געשאַפן אין דער זעלביקער צייט דעם אָנהייב פון טעקסטיל־אינדוסטריע. פון דער גרינדונג פון ראָזשענאַיער יידישער פאַבריקאַציע איז נייטיק צו פאַרצייכענען אַ מערקווירדיקן געשיכט־לעכן פאַקט: צוויי יידן, גרשון בר יעקב זאַקהיים [14] מיט זיין שותף רבי בער, האָבן געגרינדעט אַ גרויסע פאַבריק פון טעקסטיל־אינדוסטריע אין ראָזשענאַי, אין יאָר 1776, אין דעם באַרימטן אַלטן מאַגנאַטישן פּאַלאַץ, וואָס אין אים זיינען געזעסן די אַדעליקע פּוילישע פאַמיליע פון די סאַפּיעהאַס במשך פון עטלעכע הונדערט

13. דער הויפּט־מקור וועגן טעקסטיל־אינדוסטריע אין גראָדנער גוב׳ איז א. באָ־בראָווסקיס ווערק (זע הערה 6). עס גיט זייער וויכטיקע ידיעות דער אַרטיקל «Состояние фабрик и заводов в Гродненской Губ. в 1828 г.». Журнал Мануфактуры и Торговли за 1831 г.
פאַרגלייכן מיט מאַרגאָליס, דצ״ו, זז׳ 280—83.
איך האָב אויך אויסגענוצט די יערלעכע באַריכטן פון פאַבריק־אינספּעקטאָרן פון נאָך 1860, ווי אויך זכרונות און מיטטיילונגען פון עלטערע תושבים.
14. אַן אוראייניקל פון ראָזשענאַיער קדושים.

יאָר. אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ האָבן די סאַפּיעהאַס אויפגענומען די פּוילישע מלכים. דאָ האָט זיגמונט דער ערשטער באַזוכט זיין פריינד איוואַן סאַפּיעהאַ, אין יאָר 1617. אין דעם פּאַלאַץ איז געווען עטלעכע טעג וולאַדיסלאַוו, דער זון פון פּוילישן מלך, בשעת ער איז געגאַנגען מיט זיין חייל מלחמה האַלטן מיט רוסלאַנד. 25 יאָר שפּעטער, בשעת ער איז שוין געווען פּוילישער מלך, האָט ער ווידער באַזוכט סאַפּיעהאַן צוזאַמען מיט זיין ווייב און סוויטע. אין משך פון 9 טעג זיינען געווען אָפּן די קעלערן פון וויין און בראַנפן אין פּאַלאַץ פאַר אַלע טרינקערס. סאַפּיעהאַ האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די רייכסטע אין פּוילן, און די פּוילישע מלכים האָבן געזוכט זיין פריינדשאַפט.

אין 1774, האָט אין דעם פּאַלאַץ אַלעקסאַנדער סאַפּיעהאַ, וואָס איז געווען קאַנצלער פון ליטווישן גרויס־פירשטנטום, אויפגענומען דאָס לעצטע מאָל דעם פּוילישן מלך סטאַניסלאַוו־אויגוסט — מיטן גרעסטן פּאַראַד. אָבער אין גאַנצן מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1776, בשעת דער איבערקערעניש אין פּוילן, אין די לעצטע טעג פון דער פּוילישער מלוכה, בשעת סאַפּיעהאַ האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין דראָהאָטשין, איז שוין אין דעם זעלביקן פּאַלאַץ געגרינדעט געוואָרן די דאָזי־קע יידישע פאַבריק.

אין איר האָט מען אין אָנהייב אויסגעאַרבעט יידענע שטאָפן, טאַפּעטן, טוך, בייקע, אַטלאַס, טישטעכער אד״גל. שפּעטער איז זי געבליבן נאָר אַ טוך־און דעקן־פאַבריק. אין 1812, בשעת נאַפּאָלעאָן איז דורכגעגאַנגען ראָזשענאַי, האָבן די זאַקסן אויסגעראַבירט פון דער פאַבריק די אָרטיקע סחורות, און אויך צוליב אַ גרויסן פאַרלוסט דורך דעם פאַרטרעטער פון דער פאַבריק מ. פינעס, וואָס פלעגט פאַרקויפן די סחורות אין רוסלאַנד, איז די פאַבריק שטאַרק אַראָפּ פון איר מעמד, ביז עס איז צו איר צוגעשטאַנען ווי אַ שותף לייב בן נח פינעס, וואָס איז אין 1812 אַנטלאָפן צוליב די פראַנצויזן פון וואָלקאָוויסק קיין ראָזשענאַי.

נאָך אין 1790 האָט מאיר בן נח פינעס געגרינדעט אַ פאַבריק פון בייקעס מיט 50 אַרבעטער אין וואָלקאָוויסק. אין וואָלקאָוויסק האָט עקזיסטירט אַ פאַבריק פון טעקסטיל־אינדוסטריע פון אַן אַנדער פינעס אויך שפּעטער.

די פאַבריק אין ראָזשענאַי האָט ביי לייב בן נח פינעס מצליח געווען. ער האָט אָפּגעקויפט דעם פּאַלאַץ ביי סאַפּיעהאַן. פון דעמאָלט אָן איז ראָזשענאַי גע־וואָרן אַ טעקסטיל־פּונקט, איבערהויפּט פון דער פאַמיליע פינעס און אירע אַלע אָפּצווייגונגען. די פאַבריקן אין ראָזשענאַי זיינען געווען קאָמפּלעטע, מיט וועשע־רייען, פאַרבערייען, שפּינערייען, וועבערייען און „אַפּרעטורן״, וואָס זיינען געגאַנ־גען אויף מאָטאָר־קראַפט. די אַרבעטער און די מייסטערס זיינען געווען דאָס רוב יידן, אָבער עס זיינען אויך געווען אויסלענדישע קריסטן. זיי האָבן אַלע פאַבריצירט ביליקע מיליטער־דעקעס און טוכן, וואָס דערהויפּט זיינען זיי געגאַנגען פאַרן גע־ברויך פון מיליטער. אָט די פאַבריקאַציע האָט זיך געצויגן ביז דער [ערשטער וועלט־] מלחמה. דערנאָך איז זי אין גאַנצן בטל און צעשטערט געוואָרן.

עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז די פינעסעס האָבן צו דער גלייכער צייט גע־

גרינדעט און אויסגעהאַלטן אין ראָזשענאָי אַ ישיבה מיט ראשי־ישיבות, וואָס אין איר האָבן געלערנט תורה בחורים פון דער גאַנצער גובערניע, ווייל די פאַמיליע פינעס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט תורה און השכלה. די פינעסעס האָבן זיך מתחתן געווען מיט די גרעסטע יידישע מיוחסים און האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך גרויסע לומדים און משכילים. אין ראָזשענאָי איז אויף אַזאַ אופן געווען פאַראייניקט תורה מיט מלאכה.

וואָיציעך פּאָסלאַווסקי, סלאָנימער מאַרשאַל, האָט אָפּגעקויפט דאָס שטעטל קאָסאָווע וואָס לעבן ראָזשענאָי פון סאָפּיא זאַמאָיסקאַ, און האָט אין איר געגרינדעט אין 1815 אַ גרויסע טוך־פאַבריק, וואָס איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען צו איינעם פון די פינעסעס, וואָס האָט אין איר אויסגעאַרבעט אויך די זעלביקע סחורה.

די נסיעה פון סענאַטאָר אַרשענאָווסקי

שוין אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער I איז מצד דער צאַרישער רעגירונג געקומען די איניציאַטיוו אויפצושטעלן אַן אייגענע טעקסטיל־אינדוסטריע אין די מערב־געגנטן פון רוסלאַנד און אויסצונוצן פאַר דעם די יידישע באַפעלקערונג. די כוונה פון דער רוסישער רעגירונג איז געווען צו האָבן פאַבריקן צום אויסאַרבעטן שטאָף פאַר מונדירן פון מיליטער און צוגרייטן דעקעס פאַר דער אַרמיי.

צוליב דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרן אַ רעגירונגס־אַמט אונטערן נאָמען „הויפּטאַמט פאַר מאַנופאַקטור“, אַ מלוכה־אינסטיטוציע וואָס האָט זיך פאַרנומען דערמיט. אין יאָר 1811 האָט סענאַטאָר אַרשענאָווסקי באַקומען פון דער רעגירונג דעם אויפטראַג צו באַזוכן עטלעכע גובערניעס, וואָס קענען אויספאַרטיקן טעקסטיל־פאַבריקאַטן. אין אַ רעסקריפּט [15] צו אים געפינט זיך אַ פּונקט וועגן יידן. דאָרט ווערט געזאָגט:

„אין דער צייט פון אייער דורכרייזן ווייסרוסלאַנד, דאַרפט איר נישט פאַרלירן פון אייער אויפמערקזאַמקייט די פראַגע: וועלכע זיינען לויט אייער מיינונג די בעסטע מיטלען, וואָס מע דאַרף אָננעמען אויף איינצופירן טוך־פאַבריקאַציע צווישן די יידן, און צי וועט איר נישט געפינען די מעגלעכקייט צו באַוועגן די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען, אַז זיי זאָלן ווירקן אויף די דאָרטיקע יידן, זיי זאָלן כאָטש אין אַ קליינער מאָס אַנטוויקלען לכל הפחות אַן אָנהייב טוך־פּראָדוקציע, אויב אפילו אָן אַ התחייבות מצד די יידן צוצושטעלן די טוך פאַר דער רעגירונג? ס'וועט זיין גענוג, אַז זיי וועלן זיך פאַרנעמען מיט טוך־פאַבריקאַט בלויז פאַר זייער אייגענעם

15. А. Д. Юдицкий «Евреи в Текстильной Промышленности XIX в.». Исторический Сборник Академии Наук ССР, 1935, IV, стр. 107-133.

א. ד. יודיצקי באַלייכט דעם אָנהייב פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע ביי יידן אויפן סמך פון וויכטיקע אַרכיוו־מאַטעריאַלן. פון דאָרטן נעמען מיר די געשיכטע מיט דער נסיעה פון דעם סענאַטאָר. [אויספירלעכער ווערט די יידישע טעקסטיל־אינדוסטריע אין רוסלאַנד אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט באַשריבן אין זיין פריערדיקן ווערק: א. יודיצקי: יידישע בורזשואזיע און יידישער פּראָלעטאַריאַט אין ערשטער העלפט 19 י״ה. 119 זז׳, מלוכע פאַרלאַג „פּראָלעטאַר.“ קיעוו].

פראָפיט, מען קען וועקן זייער חשק צו דעם אפילו דורך הבטחות, אַז די מלוכה־קאַסע וועט זיי געבן אַ געוויסע הילף".

דער סענאַטאָר אָרשענאָווסקי האָט געמאַכט זיין רייזע און האָט געשיקט אַ גאַנצע ריי באַריכטן פון זיינע אויספאָרשונגען און זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט יידישע גבירים און פאַבריקאַנטן און האָט געקראָגן הבטחות מצד זיבן פון צווישן זיי צו פאַרברייטערן און פונאַנדערבויען די טעקסטיל־פּראָדוקציע און אויך בקשות מצד יידישע אינדוסטריעלער אויף אוואַנסן. די ראָזשענאַיער יידישע טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פון פריער, האָט פון דעמאָלט אָן זיך באַשעפטיקט נאָר מיט אויסאַרבעטן פאַרן מיליטער טוך און דעקעס.

דער מצב פון טעקסטיל־אינדוסטריע אין גראָדנער גוב' אין 1815

אין 1815 האָבן יידן און אויך עטלעכע אַדעליקע קריסטן געהאַט טוך־פאַבריקן אין פאַרשיידענע ערטער פון גראָדנער גובערניע. ביי 50 מילן האָבן זיך געפונען וואַלקערייען פאַר פויערים־טוך. די אָפיציעלע רוסישע סטאַטיסטיק פון דעמאָלט (לויט באַבראָווסקין) רעכנט אויס אין 1815 די טעקסטיל־פאַבריקן אין גראָדנער גובערניע, וואָס נאָר 2 פון זיי האָבן געהערט צו קריסטלעכע באַזיצערס, ווי מע קען עס זען פון דער ווייטערדיקער טאַבעלע:

| נעמען פון די פאַבריקאַנטן | ערטער | וועבשטולן | אַרבעטער | אויסגעאַרב. אַרשינען |
|---|---|---|---|---|
| ח. פאַסלאַווסקי | כאָמסק | 18 | 286 | 23,304 |
| סאַפּיעהאַ, פאַרדונגען צו גרשון בר. יעקב זאַקהיים | ראָזשענאַי | 12 | 200 | 12,200 |
| קויפמאַן | אלבי | 12 | 111 | 8,300 |
| געסלער | האָראָדנע | 3 | 34 | 2,150 |
| פינעס | וואָלקאָוויסק | 2 | 50 | 3,000 |
| פיינזילבער | וואָלקאָוויסק | 2 | 63 | 3,000 |
| לעווין | איזאַבעלין | 1 | 12 | 4,000 |
| ראובן כיימאָוויטש | פיעסק | 2 | 12 | 2,500 |

לויט דער דאָזיקער טאַבעלע זיינען אין די 8 פאַבריקן געווען 52 שטולן מיט 768 אַרבעטער. די צאָל אויסגעאַרבעטע אַרשין אין געווען 58,454; אין דער צאָל זיינען געווען 12,050 אַרשין פלאַנעל. יעדער וועבשטול האָט אויסגעאַרבעט דורכשניטלעך 1,124 אַרשין יערלעך. אויסער דעם האָבן די פאַבריקן אויסגעאַרבעט קאָלירטע וואָלענע דעקעס. עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז דעמאָלט זיינען נאָך די וועבשטולן געווען ה אַ נ ט - וועבשטולן.

די דאָזיקע טאַבעלע איז אָבער אַ פאַלשע. זי איז באַזירט אויף דעם וואָס די פאַבריקאַנטן האָבן אויפגעגעבן, אָבער כדי צו באַפרייען זיך פון שטייערן האָט יעדערער אויפגעגעבן דעם מינימום, אַ לעכערלעך קליינע צאָל אויסגעאַרבעטע אַרשינען שטאָף. די פאַבריק־אינספעקטאָרן זיינען געוויינלעך געווען אונטערגעקויפטע. אויך זיינען זיי אַליין ווייניק געווען אַנטוויקלט. זיי האָבן אַליין ניט געקענט אויפשטעלן אַ זעלבשטענדיקע, ריכטיקע סטאַטיסטיק. דעריבער קען מען אָננעמען, אַז ריכטיק פון דער גאַנצער רוסישער סטאַטיסטיק זיינען נאָר די נעמען פון די פאַבריקאַנטן און זייער מין פאַבריקאַט.

עטלעכע יאָר פאַר דער [ערשטער וועלט־]מלחמה — איך בין שוין דעמאָלט קיין פאַבריקאַנט ניט געווען — האָט מיך באַזוכט אַ נייער, יונגער רוסישער פאַבריק־אינספעקטאָר, אַ געוויסער אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוויטש קאָנדראַטיעוו, אינזשינער־טעכנאָלאָג פון פעטערבורג. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן, ווי אַן אויסגעבילדעטער טעכניקער און עקאָנאָמיקער, פון האַנדלס־און פינאַנץ־מיניסטער מיט אַ הויפּט־אויפגאַבע פעסטצושטעלן אַ וויסנשאַפטלעכע סטאַטיסטיק פון ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע, און ער קען זיך קיין עצה ניט געבן ! די היגע פאַבריקאַנטן האָבן אים געשיקט צו מיר ווי צו אַ געבילדעטן געוועזענעם פאַבריקאַנט, ער זאָל ביי מיר זיך שואל עצה זיין.

נאָך דעם ווי ער האָט מיר פאַרזיכערט און איבערצייגט, אַז זיין צוועק איז נאָר אַ וויסנשאַפטלעכער ניט קיין פיסקאַלישער, האָב איך אים באַוויזן, אַז די פאַבריק־סטאַטיסטיק קען און מוז אויפגעשטעלט ווערן אין גאַנצן זעלבשטענדיק אָן קיין שום זייטיקן איינפלוס. עס מוזן צו דעם צוועק אויפגעשטעלט ווערן טאַבעלעס פון די פּראָדוקציע־אויסגאַבעס פון אַלע מאַשינען, די פּרייזן פון די אַלע באַאַרבעטע רויע שטאָפן, עס דאַרף, למשל, פעסטגעשטעלט ווערן לויט דער צאָל שפינדלעך אין דער שפינערייַ וויפל געשפינסן זי קען אַרויסגעבן טעגלעך און איר ווערט, לויט דער קוואַליטעט פון דעם רויען פּראָדוקט און לויט דער צאָל וועבשטולן, וועלקערייען, וויפל שטיק סחורה זיי קענען אַרויסגעבן און אַזוי ווייטער. איך האָב אים אויפגעשטעלט פּראָבע־טאַבעלעס, וואָס לויט זיי קען מען אויפשטעלן אַ ריכטיקע סטאַטיסטיק פון יעדער מין פאַבריקאַט ביי אַ גענויער פאַך־קענטעניש פון דעם פאַבריקאַט אין אַלע זיינע אָפּטיילונגען. ער האָט די אויגן געעפנט און ער האָט אָנגעהויבן אַזוי צום אַרבעטן. ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער וועט מיר שפּעטער געבן די רעזולטאַטן פון זיין נייער סטאַטיסטיק פאַר מיין געשיכטלעכער אַרבעט פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע. ער האָט אָבער זיין וואָרט ניט געהאַלטן. ער האָט מיר נאָר געזאָגט, אַז ביאַליסטאָקער אויסאַרבעטונג באַטרעפט, לויט זיינע אויסרעכענונגען, מער ווי 30 מיליאָן רובל יערלעך, אַנשטאָט 7 מיליאָן פון פריער. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו שיקן אַ געדרוקטע סטאַטיסטיק פון פעטערבורג, אָבער אין מיטן איז אויסגעבראָכן די [ערשטע וועלט־]מלחמה. איך מאַך די דאָזיקע באַמערקונג כדי צו געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס עס איז אַזוי וואַקלדיק און ניט פאַרלאָזלעך די פאַבריק־סטאַטיסטיק פון די רוסישע אינספעקטאָרן.

צום פונאַנדערבוי פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין יענע יאָרן האָבן זיך לכתחילה אויך געכאַפּט פאַרשיידענע פּריצים. זיי האָבן געהאַט גינסטיקע געלעגנהייטן ביים אויפשטעלן די פאַבריקן : אייגן האָלץ פון זייערע וועלדער, אייגענע וואָל פון זייער שאָף ווי רוי־מאַטעריאַל, ווי אויך אייגענע ביליקע ארבעטסהענט, די פאַנשטשיזנע־פּויערים. אָבער אין די ווייטערדיקע סטאַדיעס, ווען זיי האָבן זיך געגייטיקט אין געלט, איז אַ גרויסער טייל פון די פאַבריקן איבערגעגאַנגען צו קאַפּיטאַל־רייכע יידישע הענט, טיילווייז אין אַרענדע און טיילווייז אין פולשטענדיקן באַזיץ.

אויפן שוועל פון צווייטן פערטל 19טן י״ה האָט די איניציאַטיוו צו בויען טעקסטיל־פאַבריקן אָנגעהויבן אַריבערצוגיין פון די פּריצים צו יידישע גבירים. די פאַבריקן פון די סאַפּיעהאַס און פּאָסלאָווסקיס זיינען אַריבער צו די פינעסעס. דאָס זעלביקע איז אויך געשען אין קיעווער גוב׳. די פאַבריק פון גראַף פּאָטאָצקי־קאַלינאָווסקי איז אַ לענגערע צייט געווען פאַרדונגען צו די באַרדיטשעווער יידן, צו די ביליסיאַנסקיס.

## ג. די טעקסטיל־אינדוסטריע אין גראָדנער גוב׳ אין יאָר 1828[16]

אין יאָר 1828 זיינען געווען אין גראָדנער גוב׳ 19 טעקסטיל־פאַבריקן. 9 פון זיי האָבן געהערט צו גוטבאַזיצערס, אָדער זיי זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך זיי אין זייערע מאַיאָנטקעס און זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַרענדע צו סוחרים, כמעט שטענדיק צו יידן. פון די דאָזיקע פאַבריקן זיינען צוויי געווען די אויסגע־צייכנטסטע, ניט אַזוי פיל לויט דער כמות פון די אויסאַרבעטונגען ווי לויט זייער זעלטענער איכות, וואָס צו איר זיינען זיי דערפירט געוואָרן דורך דער זאָרג פון די באַזיצערס, וואָס האָבן איינגעאָרדנט און אויסגעשטאַט די פאַבריקן זייערע מיט די בעסטע מאַשינען, אינסטרומענטן, מאַטעריאַלן און פיינע אויסלענדישע מייסטערס. די איבעריקע געוואַנט־פאַבריקן זיינען וויניקער וויכטיק, סיי מחמת זייער קליינער פּראָדוקציע, סיי דערפאַר וואָס זיי אַרבעטן איבערהויפּט פּראָסטע געוואַנטן און אַ קליינעם טייל מיטלמעסיקע און דינע.

אויף אַלע 19 פאַבריקן האָט מען אין יאָר 1828 אויסגעאַרבעט : געוואַנט — 10,365 שטיק, 248,400 אַרשין ; בייקע — 28,325 אַרשין, פלאַנעל — 1,000 אַרשין. די צאָל אַרבעטער אויף די דאָזיקע אַלע פאַבריקן איז געווען 1860 מאַן. דאָס רוב אַרבעטער זיינען געווען לייב־אייגענע פּויערים. עס זיינען אָבער אויך געווען יידן צווישן די אַרבעטער.

### אין דער שטאָט גראָדנע און אין איר קרייז

אין גראָדנע גופא איז געווען דאָס פאַבריקל פון דעם יידן יהושע מאַניס אַ גראָדנער תושב. דאָס פאַבריקל איז געווען אין אַ געדונגענעם הויז, אַ וועבעריי אויף 1 שטול. דאָס געוואַנט האָט מען געוואַלקט אויף פרעמדע מילן. אין 1828 האָט מען פּראָדוצירט : פלאַנעל — 4 שטיקלעך צו 30 אַרשין אַ שטיקל, זאָקן וואָלענע — 350 פּאָר. די דאָזיקע אַלע אויסאַרבעטונגען זיינען פאַרקויפט געוואָרן אויפן אָרט ; מיט דער אַרבעט פאַרנעמט זיך דער בעל־הבית אַליין מיט 2 געזעלן.

אין שטעטל קרינקי פון גראָדנער קרייז איז געווען אַ וועבעריי פון דעם פאַכטער יאָסל געלעס, איינגעאָרדנט אין יאָר 1827, אין אַן אייגן הויז, 4 וועבשטולן האָבן פּראָדוצירט אין יאָר 1828 : געוואַנט גרויע פּשוטע — 20 שטיקלעך צו 20 אַרשין אין אַ שטיקל, בייקע טונקל־גרין און ווייס — 60 שטיקלעך ; די צאָל אַר־בעטער — 5 מאַן, אַלע יידן.

16. Журнал Мануфактуры и Торговли.

### אין דער שטאָט וואָלקאָוויסק

אין יאָר 1825 האָט דער סוחר פון 2טער גילדע אָרע פיינזילבער איינגע־אָרדנט אין זיין אייגענעם הילצערנעם הויז אַ פאַבריק. אין 1828 האָט די פאַבריק פּראָדוצירט געוואַנט פון פאַרשיידענע קאָלירן — 1,810 שטיק, 36,230 אַרשין, קאַזשמיר פון פאַרשיידענע קאָלירן — 20 שטיק, 500 אַרשין. דער גאַנצער סכום סחורה איז פאַרקויפט געוואָרן אויפן אָרט. אַרבעטער זיינען געווען 250 מאַן, פריי געדונגענע, אין דער דאָזיקער צאָל זיינען איינגעשלאָסן מייסטער־אויסלענדער און אונטערמייסטערס־יידן.

אין 1827 האָט יאָסל פּינעס איינגעאָרדנט אַ וועבעריי אויף 6 שטולן, אין 1828 פּראָדוצירט געוואַנט פון פאַרשיידענע קאָלירן 300 שטיקלעך צו 28 אַרשין אין אַ שטיק; אַלץ פאַרקויפט אויפן אָרט. צאָל אַרבעטער — 31 מאַן יידן.

אַן אַנדער פאַבריק פון יאַנקל פּינעס, איינגעאָרדנט אין יאָר 1827, האָט גע־האַט אַ וועבעריי אויף 6 שטולן. אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט: געוואַנט פון פאַר־שיידענע קאָלירן 300 שט־קלעך, 7,500 אַרשין, אַלץ פאַרקויפט אויפן אָרט. צאָל אַרבעטער — 31 מאַן, יידן.

וואָלקאָוויסק האָט געהאַט נאָך אַ פאַבריק, פון הירשע פיינזילבער, אין זיין אייגן הילצערן הויז, איינגעאָרדנט אין 1827. זי האָט פאַרמאָגט אַ וועבעריי אויף 6 שטולן. אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט געוואַנט פאַרשיידענע קאָלירן 400 שטיק צו 20 אַרשין. אַלץ פאַרקויפט אויפן אָרט. די צאָל אַרבעטער — 20 מאַן, יידן.

### אין סלאָנים און אין סלאָנימער קרייז

סלאָנים האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פאַבריק פון דעםווירקלעכן געהיים־ראַט נ. נ. נאָוואָסיעלצעוו. אין 1828 האָט זיין פאַבריק פּראָדוצירט 960 שטיק, 28,250 אַרשין, די צאָל אַרבעטער — 162 מאַן, אַלע פריי געדונגענע.

די פאַבריק פון אברהם קאַמענאָמאַסטסקי, אין אייגענעם מויער און הילצער־נער געביידע, איינגעאָרדנט סוף יאָר 1826 האָט געהאַט אַכט שטולן; אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט געוואַנט פון פאַרשיידענע קאָלירן — 190 שטיק, 4,560 אַרשין, וואָלענע קאָלדרעס — 85 שטיק, אַלץ פאַרקויפט אויפן אָרט. די צאָל אַרבעטער — 35 מאַן, פריי געדונגענע. צווישן דער דאָזיקער צאָל אַרבעטער זיינען געווען יידן, 20 מאַן.

אין ראָזשענאָי איז געווען די פאַבריק פון דעם פאַכטער לייב פּינעס. ער איז געווען אין אַ הילצערן הויז, געדונגען ביים פירשט סאַפּיעהאַ, איינגעאָרדנט דורכן פירשט אין יאָר 1791. אין דער דאָזיקער פאַבריק זיינען געווען: 20 מאַשינען צום שפּינען, 3 אויפשטרייך־מאַשינען, 20 געוואַנט־שערן, 8 קרעמפּל־מאַשינען צום קעמען די וואָל, 1 מאַשין אויף קראַצן געוואַנט. די פאַבריק האָט געהאַט אַ פאַר־בעריי מיט 6 קעסלען; קיין אייגענע וואָלקמיל איז ניט געווען. די וועבעריי האָט געהאַט 27 שטולן. אין 1828 האָט די פאַבריק פּראָדוצירט געוואַנט פון פאַר־שיידענע קאָלירן פון מיטלמעסיקער קוואַליטעט — 300 שטיק, 28,600 אַרשין. פון

דעם דאָזיקן סכום איז 20,000 אַרשין פאַרקויפט געוואָרן אין פאַרשיידענע רוס־לענדישע שטעט. די צאָל אַרבעטער איז געווען 159. צווישן זיי זיינען געווען גע־דונגענע ביי פירשט סאַפּיעהאַ, 39 לייב־אייגענע מענער און 40 פרויען. חוץ דעם האָבן געאַרבעט אין פאַבריק 80 יידן.

די צווייטע פאַבריק אין ראַזשענאַי איז געווען פון יידישן פאַכטער גערמאַן זאַקין (חיים זאַקהיים). זי איז אויך געווען איינגעאָרדנט אין 1791 דורכן באַזיצער פירשט סאַפּיעהאַ. דאָרט איז געווען אַ וועבעריי אויף 15 שטולן. אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט געוואַנט פון פאַרשיידענע קאָלירן מיטעלן סאָרט — 1,300 שטיק, 31,200 אַרשין, בייקעס — 850 שטיק צו 30 אַרשין אַ שטיק. די אַלע אויסאַרבעטונ־גען האָט מען פאַרקויפט אין פאַרשיידענע רוסישע שטעט. די צאָל אַרבעטער איז געווען 139 מענער, פריי געדונגענע פּויערים פון פירשט סאַפּיעהאַ.

אין סלאָנימער קרייז איז געווען די פאַבריק פון יידישן פאַכטער שמחה יאַ־שינאָווסקי, ביים פּאָלוואַרק אַלבי, אין אַ געדונגענעם הויז בייםווירקלעכן שטאַטס־ראַט פּאָסלאַווסקי. די פאַבריק איז געוואָרן איינגעאָרדנט אין יאָר 1813 דורכן גראַף זאַמאָיסקי און דערנאָך איבערגעגאַנגען אין באַזיץ פון ה. פּאָסלאַווסקי. דאָרטן איז געווען אַ וועבעריי אויף 13 שטולן. אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט געוואַנט פון דער קוואַליטעט, וואָס ווערט פאַרבראַכט אין גוואַרדייאישן קאָרפּוס, טונקל־גרין טונקל־און העל־גרוי און אַליוון־קאָליר — 790 שטיק, 18,950 אַרשין 180 וואָלענע קאָלדרעס צו 3 אַרשין די לענג. די סחורה איז פאַרקויפט געוואָרן אין פאַרשיידענע רוסלענדישע שטעט, די צאָל אַרבעטער — 146 מענער פּויערים, געדונגען ביים באַזיצער.

### אין פּרוזשאַנער קרייז

אין שטעטל שערעשעוו איז געווען אין אַ הילצערנער געביידע, געדונגען ביי אַ דאָרטיקן איינוואוינער, די פאַבריק פון דעם סוחר פון ערשטער גילדע שאול לעווין. זי איז געוואָרן איינגעאָרדנט אין 1818 מיט אַ וועבעריי אויף 5 שטולן. אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט געוואַנט טונקל־גרין, בלוי און שוואַרץ, קוואַליטעט — העכער פאַר סאָלדאַטישן געוואַנט — 190 שטיק, 4,750 אַרשין, בייקע און פלאַנעל — 22 שטיק, 730 אַרשין, וואָלענע קאָלדרעס צו 3 אַרשין די לענג — 850 שטיק. די סחורה האָט מען פאַרקויפט אין פאַרשיידענע רוסלענדישע שטעט, די צאָל אַר־בעטער איז געווען 41, פון ביידע געשלעכטער, פריי געדונגענע, אין דער דאָזיקער צאָל זיינען געווען 21 יידישע מענער און 12 יידישע פרויען.

אין דעם זעלביקן שטעטל האָט יאָסל טוכמאַכער אין אַ געדונגענעם הויז איינ־געאָרדנט אין 1828 אַ וועבעריי אויף 1 שטול. אין 1828 האָט זי פּראָדוצירט געוואַנט טונקל־גרין, בלוי און שוואַרץ, קוואַליטעט העכער פאַר סאָלדאַטישן געוואַנט — 8 שטיק, 184 אַרשין, בייקע און פלאַנעל 15 שטיק, 525 אַרשין, קאָלדרעס 500. די סחורה — פאַרקויפט אין פאַרשיידענע רוסלענדישע שטעט. די צאָל אַרבעטער

איז געווען 16, צווישן זיי דער פאַכטער יאָסל טוכמאַכער אַליין וואָס איז געווען דער מייסטער. אַלע אַרבעטער זיינען געווען יידן, 8 מענער און 7 פרויען.

אין קאָברינער קרייז

די 2טע וויכטיקסטע פאַבריק אין דער גראָדנער גובערניע האָט געהערט דעם ווירקלעכן שטאַטסראַט פּאַסלאַווסקי. די וועבעריי האָט געהאַט 54 וועבשטולן און אויסגעאַרבעט 1,649 שטיק, 41,225 אַרשין. אַרבעטער זיינען געווען אַרום 500.

דער בריסקער סוחר פון 2טער גילדע לייבקע וואַרהאַפטיג האָט אין 1826 איינגעאָרדנט אַ פאַבריק אין שטעטל וויסאָקע־ליטאָווסק, אין פירשט סאַפּיעהאַס געמויערטע געביידעס. אין פאַבריק זיינען געווען: קאַרד־מאַשינען — 2, קרעמפּל־מאַשינען אויף קעמען די וואָל — 5, פאַרשפּין־מאַשינען — 3, שפּינמאַשינען — 15, פּרעסן — 2, פאַרבעריי־קעסלען — 4, צום וואלקן אַ וואַסערמיל. די קרעמפּל־און וואלק־מאַשינען אַרבעטן מיט פערדקראַפט, וועבעריי — אויף 12 שטולן. אין 1828 האָט די פאַבריק פּראָדוצירט געוואַנט 1, 2, 3 און 4 סאָרט — 610 שטיק, 16,570 אַרשין. דער גרעסטער טייל סחורה איז פאַרקויפט געוואָרן אין פאַרשיידע־נע רוסלענדישע שטעט. די צאָל מענטשן וואָס האָבן געאַרבעט: פאַרוואַלטער פון דער פאַבריק, אַ מעכאַניקער אַן אויסלענדער, מייסטערס — 14, אונטערמייסטערס און לערן־יונגען — 12, ביי פאַרשיידענע אַרבעטן — 50, סך־הכל 77 מאַן. צווישן זיי זיינען געווען 72 יידן!

אַרום ביאַליסטאָק

די ערשטע פולע סיסטעמאַטישע מעכאַנישע טוך־פאַבריק מיט אירע אַלע אָפּטיילן: וועשעריי, פאַרבעריי, שפּינעריי, וועבעריי און אַפּרעטור ד״ה אַ קאָמפּלע־טע פאַבריק, האָט געגרינדעט אין 1824 אַ פּוילישער גוטבאַזיצער, דער רוסישער גענעראַל לעשטשינסקי. ער האָט זי אויפגעשטעלט אין מאַרקעווטשיזנע, אין זיין גוט ביי ביאַליסטאָק. אַ קריסטלעכער גוטבאַזיצער פון ק נ י ש י ן, אַ שטעטל לעבן ביאַליסטאָק, זאָל האָבן אין יאָר 1828 געבראַכט דייטשע טוכמאַכערס און טוכ־מייסטערס, און עס זיינען אַנטשטאַנען 40 קליינע אַרבעטס־הייזער, כדי צו פאַראַרבעטן די וואָל פון זיינע שעפּסן. קיין שפּורן פון דער פאַבריק איז שפּעטער אין קנישין ניט געבליבן. (אַ יידישע פולע פאַבריק געפינען מיר דאָרט שפּעטער אין די 60—80ער יאָרן).

אויך אין דער קאָלאָניע מיכאַלאָווע־ניעזבודקע זאָל איר באַזיצער קאַזימיר מיכיילאָוו דעמאָלט האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ גרופּע פון 29 דייטשע פאַמיליעס און זיי באַזעצט אין זיין גוט און האָט פאַר זיי אָפּגערייניקט אַ וואַלד פאַר בנינים, און ער האָט זיי געגעבן פאַרשיידענע לגאַטעס און זיי אונטערגעשטיצט.

אויף אַזאַ אופן און צוליבן טעם — כדי צו באַאַרבעטן דעם פּריצעס וואָל פון זיינע שעפּסן — זאָל האָבן געגרינדעט געוואָרן אַ טעקסטיל־פאַבריק אין ס ע־מ י אַ ט י ט ש, אין דער זעלביקער צייט. סעמיאַטיטש האָט אויסגעוויזן צוליב

איר לאַגעביים בוג צו זיין זייער צוגעפּאַסט פאַר אַ צענטער פון טעקסטיל־אינ־דוסטריע. נאָר אין אָנהייב 60ער יאָרן, ווען עס איז אויפגעבויט געוואָרן די אייזנ־באַן, האָבן זיך באַוויזן נייע, מער גינסטיקע וועגן פאַר פאַרקער. מחמת דעם איז צעפאַלן געוואָרן איר סיסטעמאַטישע טעקסטיל־אינדוסטריע.

אויך אין טשעכאַנאָוועץ האָט אין די 20ער יאָרן אויפגעבליט טוך־פאַבריקאַציע, צום ערשטן דורך דייטשן און דערנאָך זיינען צוגעקומען אויך יידן. דאָרטן איז געווען אַ נעסט פון טעקסטיל־אינדוסטריע ביז דער [ערשטער וועלט־]מלחמה.

אויף יענער זייט סלאָנים, אין גוט וויסאָטשעק, זיינען געווען 2 טוך־פאַבריקן אויפן טייך. די פאַבריקן האָט געגרינדעט דער יידישער גוטבאַזיצער אָדער פּאַכ־טער יוסף וויסאָטשעק. ער איז געווען רייך. אָבער שפּעטער איז ער פאַראָרעמט געוואָרן, זיינע פאַבריקן אונטערגעגאַנגען.

אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן איז געווען — אין האָראָדאָק די פאַבריק פון דער גרעפין ניעסאָלאָווסקאַיאַ, געגרינדעט אין 1828, און אין אָרלע פון גרעפין גראַ־באָווסקאַיאַ, געגרינדעט אין 1827.

אָבער אין ביאַליסטאָק גופא און אין איר נאָענטער אומגעגנט זיינען חוץ לעשטשינסקיס פאַבריק, אין די 20ער יאָרן פון 19 י״ה קיין פאַבריקן פון טעקסטיל־אינדוסטריע ניט געווען.

פון דעם אַלעם זעען מיר אַז אין גראָדנער גובערניע האָבן זיך געפונען טעקס־טיל־פאַבריקן שוין פון 1790 ביז 1830. עס זיינען אפילו געווען קאָמפּלעטע פאַב־ריקן, גרויסע, מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען, מיט אויסלענדישע מעכאַני־קערס און מייסטערס, מיט הונדערטער אַרבעטער.

די גרינדערס פון די פאַבריקן זיינען געווען די גרויסע פּוילישע פּריצים און יידן, אָבער די צאָל יידן איז געווען פיל גרעסער. די עטלעכע פּריצישע פאַבריקן זיינען שפּעטער אַריבערגעגאַנגען אין יידישע הענט. אַרבעטער זיינען געווען ביי די פּריצים פריי געדונגענע און אויך לייב־אייגענע. ביי יידן איז דער גרעסטער טייל אַרבעטער געווען יידן. דערפון איז צום זען, אַז טעקסטיל־פאַבריקאַציע איז געווען היימיש אין גראָדנער גובערניע, אין ראַיאָן פון ביאַליסטאָק, אין אַ שטאַרק אַנטוויקלטן צושטאַנד פאַר דער אַנעקסיע דורך פּרייסן און פאַר דער פראַנצויזישער מלחמה פון 1812.

אָבער אין ביאַליסטאָק גופא זיינען אין 1830 געווען נאָר צוויי קליינע פאַבריק־לעך אָדער וואַרשטאַטן, אַ קליינע וועבעריי [17] און אַ הוט־פאַבריקל. עס זיינען גע־

17) Henryk Moscicki, *Bialystok, Zarys Historyczny*, Bialystok, 1933C. 146; ברענגט אַ גאַנץ פאַלשע ידיעה אַז אין 1830 האָט ביאַליסטאָק געוועבט אויף 184 שטולן און אַרויסגעגעבן טוך אויף 230,483 רובל. ער פאַררופט זיך אויפן „זשורנאַל מיניסטערסטוואַ חנוטרעניך דיעל״, 1837, 1840 און 1841. ווען אפילו עס שטייט דאָרט, איז עס אויך פאַלש. ער אַליין ברענגט שפּעטער דעם פאַקט, אַז אין 1842 זיינען אין ביאַליסטאָק געווען 2 קליינע פאַבריקלעך, — ווידער אַ פאַלשע ידיעה. דער מחבר איז זיך פיל מאָל סותר, (זען אַריינפיר צו פנקס ביאַליסטאָק, ב׳ I, זז. 3—9).

ווען קליינע וועבערייען, יידישע און ניט־יידישע, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט אַ באַוועלנע ביליקע סחורה, וואָס האָט זיך אָנגערופן פלאַטשענקע. אָבער וועגן אָט די וועבערייען ווייסן מיר אויף זיכער ערשט אין די 40ער יאָרן.

אַ באַגריף וועגן אַלגעמיינעם מצב

לויט א. ד. יודיצקיס [18] אַ טאַבעלע, קומט אויס, אַז אין 9 גובערניעס פון מערב־רוסלאַנד וואו עס האָבן געלעבט אַ סך יידן זיינען אין דעם יאָר 1828 געווען סך־הכל 679 פאַבריקן, צווישן זיי 124 אין יידישע הענט, וואָס דאָס מאַכט אויס 18.42 פראָצענט. פיר יאָר שפּעטער, אין 1832 זיינען געווען נאָר 582 פאַבריקן, אָבער די צאָל יידישע פאַבריקן איז געשטיגן ביז 149, און דער פּראָצענט פון פאַבריקן אין יידישע הענט ביז 29.7.

ווען מען טיילט איין די יידישע טוך־פאַבריקן באַקומט זיך פאַרן יאָר 1828 אַזאַ בילד:

אין ווילנער גוב׳ — 40
אין גראָדנער גוב׳ מיט ביאַליסטאָק — 16
אין מאָהילעווער גוב׳ — 10
אין די איבעריקע גובערניעס צו 3 פאַבריקן און ווייניקער.
אין יאָר 1832 זיינען געווען יידישע טוך־פאַבריקן:
אין ווילנער גוב׳ — 41
אין גראָדנער גוב׳ מיט ביאַליסטאָק — 18
אין מאָהילעווער — 12

## ד. די סיבות פאַר דער אַנטוויקלונג פון טעקסטיל־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָק

פון וואַנעט האָט זיך עס גענומען אין די דרייסיקער יאָרן פּלוצלונג אַ באַוועגונג צו גרינדן ביי ביאַליסטאָק און אין ביאַליסטאָק גופא קאָמפּלעטע מאָדערנע פאַבריקן פון טוך, וואָס האָבן פאַבריצירט די בעסטע, טייערסטע און פיינסטע סחורות, וואָס האָבן געקענט קאָנקורירן און האָבן קאָנקורירט מיט אויסלענדישע סחורות?

די דאָזיקע באַוועגונג איז ניט געקומען פון זיך אַליין. זי איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער פּוילישער רעוואָלוציע פון 1830—1831. די רוסישע רעגירונג האָט נאָכן דערשטיקן די רעוואָלוציע פאַר אַ שטראָף פאַרשלאָסן די רוסישע גרענעצן פאַר דעם אַריינפיר פון פּוילישע סחורות קיין רוסלאַנד, איבערהויפּט פון איר טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס איז געווען שוין פון פריער פאַרפּעסטיקט און פאַרשפּרייט אין פּוילן. לויטן צאַרישן דעקרעט פון 13טן נאָוועמבער 1834 איז אַרויפ־

18. אין אַ אַרבעט, אָנגעוויזן אין הערה 15.

געלייגט געוואָרן אַ גרענעץ־צאָל אויף אַלע פּוילישע סחורות. אין אַ שטאָט, נאָענט פון ביאַליסטאָק, אין טיקטין, איז דעמאָלט געשטעלט געוואָרן אַ גרענעץ־וואַך מיט אַ צאָל־קאַמער, ניט דורכצולאָזן דעם טראַנזיט פון פּוילישע סחורות קיין כינע, וואָס פּוילן האָט דאָרט דעמאָלט געהאַט אַ גרויסן אָפּזאַץ־מאַרק.

דורך דעם איז צעשטערט געוואָרן די פּוילישע אינדוסטריע, וואָס איז אַרונטערגעפאַלן פון אַן אומזאַץ אַן ערך 10 מיליאָן רובל יערלעך אין 1829 צו 800 טויזנט אין יאָר 1840. עס האָבן אויפגעהערט צו קומען קיין פּוילן אַרבעטער און פאַבריקאַנטן פון אויסלאַנד, און פיל פון זיי האָבן גאָר אויסגעוואַנדערט קיין רוסלאַנד און האָבן דאָרט געגרינדעט גרויסע פאַבריקן ווי ווערמאַן און קאַמפּ. אין ליפלאַנד און מערערע אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן.

ביאַליסטאָק איז געווען די ע ר ש ט ע שטאָט אויף דער רוסישער זייט פון פּוילישן גרענעץ און נאָענט צום פּרייסישן גרענעץ. האָט דאָס דערלייכטערט און פאַרביליקט די הוצאות צו ברענגען פון אויסלאַנד מאַשינען און פּראָדוקטן. די אונטערנעמערס און די אַרבעטער זיינען אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה געווען דייטשן, אויך די מאַטעריאַלן פלעגט מען ברענגען דאָס רוב פון פּרייסן און בייערן. דאָס וואָס ביאַליסטאָק איז שוין געווען אַ האַנדלס־צענטער האָט אויך פאַרלייכטערט דעם פּראָצעס פון אויפשטעלן דאָ אַ טעקסטיל־אינדוסטריע.

שוין אין 1832 האָט אַ דייטשער פאַבריקאַנט, וואָס האָט אויסגעוואַנדערט פון פּוילן, געעפנט אַ טוך־פאַבריקל אין ס ו פּ ר א ס ל ע, ביי ביאַליסטאָק, אָבער ניט קיין קאָמפּלעטע פאַבריק. די רוסישע רעגירונג האָט דעמאָלט געוואָלט אָפּשניידן אין גאַנצן די פּוילישע טעקסטיל־פאַבריקאַציע פון רוסישן מאַרק. האָט זי זיך משתדל געווען צו גרינדן אַן אייגענע טעקסטיל־פאַבריקאַציע אין ביאַליסטאָק, ביי דער פּוילישער גרענעץ. ביאַליסטאָק האָט זיך ביי איר גערעכנט ביים סאַמע אָנהייב פון דער רוסישער מלוכה. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט מען אַ פּוילישן יידן ניט אַריינגעלאָזן זיך צו באַזעצן אין ביאַליסטאָק, סיידן מיט אַ באַזונדערער דערלויבעניש.

די רוסישע מאַכט האָט פאַר דעם צוועק איינגעלאַדן אַ דייטש, וואָס האָט געשטאַמט פון דער דעמאָלט דייטשער שטאָט פּויזן, ווילהעלם זאַכערט, אַ גרויסן פאַכמאַן פון טוך־פאַבריקאַציע. יענער האָט שוין געהאַט געגרינדעט אין זגערזש, ביי לאָדזש, אַ גרויסע טוך־פאַבריק. איצט האָט ער געדאַרפט גרינדן אין ביאַליסטאָק אַ קאָמפּלעטע מאָדערנע טוך־פאַבריק. ער האָט אויסגעקליבן סופּראַסלע, ביי ביאַליסטאָק, צוליב איר גוטן וואַסער. דער דייטש האָט דאָרטן טאַקע געגרינדעט זיין פאַבריק מיט דער אונטערשטיצונג פון דער רעגירונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1834. אַזוי ווי אין סופּראַסלע האָט דער פאַבריקאַנט ניט געפונען די פּאַסיקע בנינים, האָט ער אויסגעפּועלט די דערלויבעניש ביי דער רעגירונג זיך צו באַנוצן פאַר זיין פאַבריק מיט אַ טייל פון מאָנאַסטיר־בנינים. האָט מען אים אָפּגעגעבן, אויפן באַפעל פון ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, 22 צימערן קעגן אַ יערלעכער צאָלונג פון 450 רובל, וואָס איז נאָך פאַרקלענערט געוואָרן אויף 300 רובל.

אויך זאַכערט׳ס מייסטערס און געהילפן, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט, האָבן דאָרט געגרינדעט גלייך נאָך אים קאָמפּלעטע פאַבריקן אָדער טיילן פון זיי: יאַנזען (פריער : רייך) — אַ גרויסע פאַרבעריי אין יאָר 1835 ; בוכהאָלץ — אַ קאָמפּלעטע פאַבריק, אין 1837 ; אוינערט — אין 1838, שפּעטער אַלט, אין 1855 — קאָמפּלעטע פאַבריקן.

די פאַבריקן זיינען צוערשט באַטריבן געוואָרן מיט הענט. ביסלעכווייז זיינען אַריינגעפירט געוואָרן פאַרבעסערונגען. מען האָט געטריבן די פאַבריקן דורך בהמות, שפּעטער דורך וואַסער־טורבינעס. די ערשטע דאַמפּקעסלען האָבן זיך באַוויזן אַרום 1840. די ערשטע דאַמף־מאַשין פון 40 פערדנקראַפט האָט געהאַט מאָעס אין כאָראָשטש.

די סופּראַסלער פאַבריקאַנטן האָבן אויסגעאַרבעט די פיינסטע וואָלענע טוך־סאָרטן אויף זומער און ווינטער, פאַרשיידענע גאַרניטורן און פיינע טייערע פּאָל־טע־שטאָפן, וואָס זיינען באַקאַנט און פאַשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד. זאַכערט האָט שפּעטער באַקומען פון דער רוסישער רעגירונג דעם טיטל באַראָן פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַר דער רוסישער, (ד״ה ביאַליסטאָקער) טעקסטיל־אינ־דוסטריע.

אָבער די גרעסטע און וויכטיקסטע טוך־פאַבריק איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן לעבן כאָראָשטש, ביי ביאַליסטאָק, אין יאָר 1840. דער גרינדער איז גע־ווען דער בעלגיער כריסטיאַן אויגוסט מאָעס, וואָס פריער איז ער געווען דירעקטאָר אין זאַכערטס טוך־פאַבריק אין זגערזש, לאָדזשער ראַיאָן. שפּעטער האָט ער דאָרט געגרינדעט אַליין אַן אייגענע טוך־פאַבריק. ער האָט אָבער אויך געמוזט אויס־וואַנדערן פון זגערזש צוליב דעם חורבן, וואָס איז געוואָרן אין דער פּוילישער טוך־פאַבריקאַציע נאָך דער פּוילישער רעוואָלוציע. ער האָט זיך אויסגעקליבן אַן אָרט פאַר אַ נייער פאַבריק 2 קילאָמעטער פון דעם שטעטל כאָראָשטש, בראַ־ניצקיס געיעג־שלאָס, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צום גראַף קאַמאַר. ער האָט ביי אים געדונגען אויף 10 יאָר, לויטן רוסישן געזעץ, צו קענען באַנייען דעם פאַכט אַלע 10 יאָר און דער בעל־הבית זאָל ניט האָבן דאָס רעכט זיך אָפּזאָגן פון דעם אָפּמאַך. אין די זייטיקע בנינים האָט ער אַריינגעפירט 16 וועבשטולן און די שע־רעריי. די שפּינעריי איז געווען געפאַכט אין ביאַליסטאָק, די וועשעריי און די וואַלקעס זיינען געווען פון אַנהייב אין דזשיקי, אין אַ נאָענטן דאָרף.

מאָעס האָט דער ערשטער איינגעפירט אין ביאַליסטאָק דעם מעכאַנישן וועב־שטול. ער האָט זיך איינגעשאַפט פון דער זאַקסישער וועבשטול־פאַבריק צוויי מע־כאַנישע וועבשטולן, וואָס זיי האָבן געטראָגן די נומערן 2 און 3, הייסט עס, אַז זיי זיינען געווען די ערשטע מעכאַנישע וועבשטולן! אין אַ קורצער צייט האָט זיך די פאַבריק פאַרברייטערט. עס זיינען אַנטשטאַנען 2 מאַסיווע וועבעריי־בנינים צו דריי עטאַזש יעדערער, וואָס האָבן אַריינגענומען ביז 100 וועבשטולן.

אין 1846 איז מאָעס צוגעטראָטן צו בויען אַ גרויס 3־שטאָקיק הויז, כדי דאָרט אַריבערצוטראָגן און צו פאַרגרעסערן די ביאַליסטאָקער שפּינעריי. די פאַבריק האָט

באַקומען די ערשטע דאַמפּמאַשין פון 40 פערדנקראַפט, באַלד איז אויך איינ־געאָרדנט געוואָרן אַ קליינע קאַמגאַרן־שפּינעריי. אין 1850 איז דורך אַ גרויסער שרפה פאַרניכטעט געוואָרן די גאַנצע פאַבריק, נאָר די דאַמפּמאַשין און עטלעכע שערמאַשינען זיינען געבליבן גאַנץ. אָבער כריסטיאַן אויגוסט מאָעס האָט זיך ניט פאַרלוירן. אין פאַרלויף פון 3 הדשים האָט מען די דאַמפּמאַשין ווידער געלאָזן אין גאַנג. די פאַבריק האָט זיך נאָך איר באַנייאונג אַלץ מער און מער אַנטוויקלט. אין 1884, אונטער דער לייטונג פון זיין עלטסטן זון קאַרל אויגוסט מאָעס, האָט די יערלעכע אויסאַרבעטונג צום ערשטן מאָל איבערגעשטיגן די סומע פון אַ מיל־יאָן רובל, שפּעטער האָט מען געקענט דערגרייכן אַן אומזאַץ פון 3 מיליאָן יערלעך [19].

די מאָעסישע אויסאַרבעטונגען זיינען געווען די סאַמע בעסטע, פיינסטע און טייערסטע טוכן פאַר שוואַרצע סאַלאָן־רעק, גאַרניטורן און פאַלטע־שטאָפן. זיי האָבן מיט זייער קוואַליטעט איבערגעשטיגן דעם סופּראַסלער פאַבריקאַט. די מאָעסישע טוכן, שעוויאָטן און פאַלטע־שטאָפן האָבן געקענט קאָנקורירן מיט די בעסטע אויסלענדישע אויסאַרבעטונגען.

ווען דעמאָלט וואָלט גלייכצייטיק מיט דעם פיינעם וואָלענעם טוך־פאַבריקאַט איינגעפירט געוואָרן אין ביאַליסטאָק אױן אין אומגעבונג אַ באַוול־שפּינעריי מיט אַ באַוול־פאַבריקאַט, וואָלט דער ביאַליסטאָקער ראַיאָן דעמאָלט געקענט, בשעת דער פּוילישער באַוול־פאַבריקאַט איז געווען באַלייגט מיט אַ גרענעץ־צאָל קיין רוס־לאַנד, איבערשטייגן דעם לאָדזשער ראַיאָן. אין דער צייט פון 1831 ביז 1850, בשעת עס איז געווען כמעט פאַרמאַכט פאַר דעם פּוילישן פאַבריקאַנט דער רוסישער מאַרק, וואָלט ביאַליסטאָק געקענט צוציען צו זיך די גאַנצע רוסישע קונדשאַפט, ווייל דער פאַרברויך פון באַוול־פאַבריקאַט איז דער נייטיקסטער פאַר די ערשטע לעבנס־באַדערפעונישן פון אַלע מענטשן און פאַלקשיכטן, אָרעם און רייך, אין דער צייט וואָס די וואָלשטאָפן, איבערהויפּט די פיינערע סאָרטן, זיינען נאָר אַ לוקסוס־אַרטיקל פאַר די רייכערע. אָבער די רוסישע רעגירונג האָט דעמאָלט ניט גע־וואָלט איינפירן אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן די באַוול־פאַבריקאַציע, ווי עס ווייזט אויס כדי ניט צו ברענגען שאָדן און ניט צו קאָנקורירן מיט דער באַוול־פאַברי־קאַציע אין מאָסקווע־איוואַנאָווער ראַיאָן. אייגענע איניציאַטיוו, אָן דער הילף פון דער רעגירונג, האָט נאָך יענע צייטן אויסגעפעלט אין ביאַליסטאָק.

האָט ביאַליסטאָק ניט אויסגענוצט פאַר דער אַנטוויקלונג פון באַוול־פאַברי־קאַציע די תקופה צווישן 1834 און 1850. און נאָך 1850 איז שוין געווען שפּעט, ווייל אין יענעם יאָר האָט די צאַרישע רעגירונג אַראָפּגענומען דעם צאָל פון פּוילישע

19. מיט דער דייטשישער פאַבריקאַציע אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן האָט זיך אינטערעסירט די דייטשישע אָקופּיר־מאַכט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין דער דייטש־יידישער ביאַליסטאָקער ציייטונג, 1916, נומ׳ 42 (פון 9טן אַפּריל) האָט מען געוואָלט באַווייזן, אַז ביאַליסטאָק האָט פון אָנהייב אָן צו פאַרדאַנקען איר טעקסטיל־אינדוסטריע דעם דייטשן פאָלק. דעריבער האָט די ציייטונג ניט דערמאָנט קיין איין נאָמען פון די יידישע גרויסע פאַבריקאַנטן.

סחורות, מען האָט זיי ווידער געקענט פריי אַריינפירן אין רוסלאַנד. האָט די לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע אין אַלע אירע בראַנזשעס און פאַכן זיך אומגעהייער שטאַרק אַנטוויקלט, זיך גיך פאַרגרעסערט און האָט פאַרפלייצט גאַנץ רוסלאַנד מיט אירע אויסאַרבעטונגען, פריער מיט די ביליקע און שפּעטער אויך מיט די טייערערע סחורות. דער שטראָם קונדן פון אַלע עקן רוסלאַנד איז אַלץ געוואָרן גרעסער אין לאָדזשער ראַיאָן. אין אָט דעם ראַיאָן, באַזונדערס אין זגערזש און אין טאָמאַשאָוו, האָט מען גענומען אויסאַרבעטן פיינערע וואָלענע שטאָפן. סוף 19טן און אָנהייב 20טן י״ה האָט דער פאַבריקאַט פון די דערמאָנטע שטעט גענומען אַרויסשטויסן די סופּראַסלער און ביאַליסטאָקער בעסערע וואָל־פאַבריקאַטן פון דעם רוסישן מאַרק. אין אָט דעם קאַמף האָט לאָדזשער ראַיאָן געזיגט איבער ביאַליסטאָק און איר ראַיאָן. ניט די אייגענע ביאַליסטאָקער קאָנקורענץ מצד די יידישע פאַבריקאַנטן, ניט די קאָנקורענץ מצד דעם לאָדזשער ראַיאָן האָבן ניט געקענט בייקומען די פיינע מאָעסישע פאַבריקאַציע. אָבער דאָס וואָס קאָנקורענץ האָט ניט געקענט איינשלינגען, — האָט די אָפּטרעטנדיקע רוסישע מיליטער [בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה] פאַרברענט, צעשטערט און חרוב געמאַכט. אויף דעם אָרט האָט די פּוילישע רעגירונג געגרינדעט אין כאָראָשטש אַ גרויסן משוגעים־אַנשטאַלט. די דאָזיקע צעשטערונג האָט געגעבן אַ טויטקלאַפּ דעם ביאַליסטאָקער בעסערן וואָלענעם טוך־פאַבריקאַט.

ווי מיר האָבן געזען, האָט זיך די טוך־פאַבריקאַציע אָנגעהויבן לכתחילה ניט אין ביאַליסטאָק גופא, ניט אין דעם האַנדלס־צענטער, נאָר אין די נאָענטע אַרומיקע ערטער. דאָס איז געווען מחמת עטלעכע סיבות: ערשטנס, איבער דער קוואַליטעט פון וואַסער, וואָס איז אין די אַרומיקע ערטער, ביי דער סופּראַסלע און די איבעריקע טייכן, געווען בעסער ווי אין ביאַליסטאָק, ביי דער שמוציקער ביאַלע, און די קוואַליטעט פון וואַסער שפּילט אַ גרויסע ראָלע ביי פיינער טוך־פאַבריקאַציע פאַר דער וועלקעריי, וועשעריי און איבערהויפּט פאַר דער פאַרבעריי. די ערשטע פאַבריקאַנטן, גרויסע זאַקסנער, ספּעציאַליסטן, האָבן דעריבער אויסגעמיטן ביאַליסטאָק ווי אַ פאַבריק־אָרט; צווייטנס, איבער דער אַרבעטער־פראַגע: די אַרבעטער פון די נאָענטע דערפער זיינען געווען צוגעפּאַסט פאַר פאַבריק־אַרבעטער, ווייל אין שטאָט זיינען לעבנס־פּראָדוקטן און וואוינונגען טייערער, דעריבער פאָדערן שטאָטישע אַרבעטער אַ גרעסערן לוין פאַר זייער אַרבעט [20].

20. איך האָב אין אַן אַנדער אָרט דערוועקט די פראַגע: ווי קומט עס, אַז טעקסטיל־פאַבריקאַציע זאָל בכלל געגרינדעט ווערן אין שטעט אָן וואַסער אָדער מיט שלעכט וואַסער. האָב איך געפונען אַ דערקלערונג, אַז ביי די טייכן און גרויסע וואַסערן האָבן די איינוואוינערס פון די ערטער געהאַט אַנדערע באַשעפטיקונגען, ווי האָלץ־און תבואה־האַנדל. האָבן זיי ניט געזוכט צו גרינדן טעקסטיל־פאַבריקאַטן ווי אין לאָדזש. גראָד אין דערבייאיקן פּיעטריקאָוו איז דאָ גוט וואַסער, האָט טאַקע אַ ייד דאָרט געעפנט אַ טעקסטיל־פאַבריק, אָבער עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. אויך אין גראָדנע, וואָס האָט אַ גוטן וואַסער, האָט מען נאָך אין יאָר 1750 געגרינדעט אַ גרויסע טעקסטיל־פאַבריק, איז פון איר אויך גאָרניט געוואָרן.

אַז עס האָט זיך דאָך אָנגעהויבן עטלעכע יאָר שפּעטער די טוך־פאַבריקאַציע אויך אין ביאַליסטאָק, איז עס אויך געווען צוליב פאַרשיידענע סיבות, וואָס האָבן איבערגעוואויגן די ערשטע: ערשטנס, איז ביאַליסטאָק געווען דער האַנדלס־צענטער; דאָרט האָט מען באַקומען ביי די יידישע פינאַנסיסטן דאָס נייטיקע אומ־זאַץ־געלט און אויך די אַלע רוי־מאַטעריאַלן און מאַשינען, וואָס זיינען אָנגעקו־מען קיין ביאַליסטאָק פון אויסלאַנד דורך די נאָענטע גרענעצן. דאָרטן זיינען די יידישע טראַנספּאָרט־קאַנטאָרן וואָס האָבן אָפּגעליפערט די פאַרטיקע סחורות קיין רוסלאַנד. די קאָמוניקאַציע פון די אַרומיקע ערטער קיין ביאַליסטאָק איז געווען אויך זייער שוואַך, ווייל עס האָבן געפעלט שאָסייען, און דורך די פּרימיטיווע שליאַכן האָט מען געוויסע ציַיטן אין יאָר ניט געקענט פירן סחורות.

צוליב די אַלע סיבות האָבן אַנדערע געפונען באַקוועמער צו גרינדן זייערע פאַבריקן אין ביאַליסטאָק.

פון די ערשטע פאַבריקן אין ביאַליסטאָק גופא איז געווען די פאַבריק פון הער־מאַן קאָמיכאו, וואָס האָט אָפּגעקויפט מלכה־רייזלס פאַבריק־לאָקאַל מיט די מאַ־שינען. די פאַבריקן פון די ברידער קאָמיכאו האָבן פּראָדוצירט פיינע וואָלענע דאַמענטיכער און איבערהויפּט וואָלענע טייערע שאַגאַט־דעקעס וואָס פלעגן פאַר־קויפט ווערן אויך אין אויסלאַנד. אָט מיט דעם פאַבריקאַט פון בעסערע שאַגאַט־דעקעס האָט ביאַליסטאָק שפּעטער זיך אויסגעצייכנט. אָט די פּראָדוקציע איז איבערגעגאַנגען צו יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן די סחורה פאַרשפּרייט אויך אין גאַנצן וויַיטן מזרח — אין שאַנכיי און כאַרבין.

פאַבריקאַנטן פון מיטעלע וואָלענע דעקעס זיינען געווען: אויגוסט ל. אנגער, זינט 1844; פלאַקערט, זינט 1865; פון בעסערע פּאַלטעשטאָפן — די שפּינעריי אין דאָבזשיניעווע. דער שפּינמייסטער דאַמטין האָט זי איבערגעמאַכט פאַר אַ פּאַ־פּיר־פאַבריק, אָבער דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. אין 1848 איז די פאַבריק איבערגעגאַנגען צום פאַבריקאַנט גערץ און נאָך דעם צו רודאָלף יאַקאָבי, וואָס איז פריער געווען דירעקטאָר אין בוכהאָלצס פאַבריק אין סופּראַסלע.

אין דאָינאָווא איז אַנטשטאַנען אין די פופציקער יאָרן אַן אַפּרעטור, ווייל דערצו איז זייער צוגעפּאַסט געווען דאָס וואַסער פון דער ביאַלע, וואָס דאָרטן איז עס ריין (ביאַלע הייבט זיך אָן ניט ווייט פון דאָרטן). פון די דאָזיקע געביידעס האָט זיך אַנטוויקלט די דעמאָלט באַקאַנטע אַפּרעטור פון קראַם, אויף גראַף רידי־גערס ערד.

אָנהייב 60 יאָרן איז אַנטשטאַנען האַסבאַכס פאַבריק און אויך אין סקאָרופּ אויך אויף רידיגערס ערד איז מיטן פּאַריקן יאָרהונדערט געגרינדעט געוואָרן אַן אינדוסטריעלע אונטערנעמונג, און נאָך דעם איז דערפון אַרויסגעקומען די גרויסע פאַבריק פון הערבסט; אין דער נאָווי — די פאַבריק פון קרויזע, ריכטער, קין, שטרויבאַך־פאַרבעריי אין מאַרטשוק, פיליפּס פאַבריק, פרישס, הענריקס, איזענ־בעק, וויעטשאָרעק און נאָך עטלעכע דייטשע קלענערע פאַבריקן און וועבערייען. די לעצטע גרויסע פאַבריק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דייטשן אין

ביאַליסטאָק, איז די פּליוש־פאַבריק פון בעקער און קאָמפּ (1895), וואָס עקזיסטירט נאָך היינט [1935—36] .

אויסער ביאַליסטאָק איז געגרינדעט געוואָרן אין דער דייטשער קאָלאָניע מיכאַ־לאָווע־ניעזבודקע, אַ קליין שטעטל ניט ווייט פון ביאַליסטאָק, אַ דייטשע פאַברי־קאַציע פון מיטעלערע און ביליקע פּאַלטע־שטאָפן : ק. מאַריץ, אין יאָר 1836, לייטלאָף — אין 1852, יוליוס פּעטער — אין 1858, יוליוס קנויער — אין 1859, פריימאַרק, אויגוסט קלעם, פּעטער אָטאָ, גראַבער, רעדלאָף, פּיצקא, בעזלער און נאָך אַנדערע. דאָרטן זיינען אויך געווען יידישע וועבערייען.

## ה. די ערשטע יידישע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אין ביאַליסטאָק

די דייטשע פאַבריקאַנטן זיינען ס׳רוב געווען פאַבריק־דירעקטאָרן און מייס־טערס. נאָך דעם ווי זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע פאַבריקן מיט אַלע נייטיקע בנינים און מאַשינען און האָבן זיי אַוועקגעלאָזן אין גאַנג, אפילו ווען זיי האָבן צו דעם אַלעם געהאַט געגוג אייגענע מיטלען, און זיי איז נאָך איבערגעבליבן קאַפּי־טאַל אויף איינצוקויפן די נייטיקע רוי־מאַטעריאַלן און צו באַצאָלן דעם פּערסאָנאַל און דער אַרבעטערשאַפט, — האָבן זיי אויך געמוזט אָנקומען צו אַ באַנקהויז צו דיסקאָנטירן די וועקסלען, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר פאַרטיקע סחורה. זיי האָבן אויך געמוזט באָרגן געלט אויף אַ משכון פון סחורות אין שטילן סעזאָן, בשעת זייערע סעזאָן־סחורות זיינען געלעגן פאַרטיקע אין די לאַגערן און געוואַרט אויף קונים. זיי האָבן נייטיק געהאַט אַ באַנקהויז , אַפּשיטא שוין די וואָס פון אָנהייב אָן האָט זיי געפעלט אומזאַץ־קאַפּיטאַלן און וואָס האָבן נאָך געהאַט אויף זיך חובות נאָך פון פריער. אָבער אַ באַנקהויז איז אין ביאַליסטאָק ניט געווען ביז 1872.

### דאָס ערשטע באַנקהויז — פּערליס

דאָס ערשטע באַנקהויז האָט געגרינדעט אין ביאַליסטאָק דאָדיע פּערליס, אַ זון פון נחמה פּערליס, אַ טאָכטער פון איטשע זאַבלודאָווסקי. דאָס באַנקהויז האָט זיך געפונען אין ווילבושעוויטשעס הויז, לעבן אַפּטייק.

די גרעסערע פאַבריקאַנטן האָבן זיך נאָך געקענט באַנוצן מיט די וואַרשעווער בענק, וואָס האָבן אין ביאַליסטאָק קיין פיליעס ניט געהאַט, און דערביי נאָר אויף צו דיסקאָנטירן דאָרט זייערע בעסערע וועקסלען. אָבער זיי האָט געפעלט אויף אַלע אָרטיקע געלט־באַדערפענישן פון באַטריב און צו באַצאָלן פאַר די רוסישע וואָלן, וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרן נאָר אויף מזומן.

פון די אַלע שוועריקייטן האָבן זיי אַרויסגעהאָלפן די אָרטיקע יידישע דיס־קאָנטערן און מלווים, וואָס אָן זיי האָבן זיי ניט געקענט עקזיסטירן און אויפקומען, אויסוואַקסן אין זייער פּראָדוקציע. די דאָזיקע דיסקאָנטערן און מלווים האָבן זיך געגומען פון דעם קרייז פון יידישע סוחרים, וואָס זיינען רייך געוואָרן נאָך אין פריערדיקן דור פון די ליפערונגען אין בראַניצקיס הויף און שפּעטער פון דעם מאַנופאַקטור־ און טיי־אימפּאָרט פון אויסלאַנד און אויך פון אַנדערע געשעפטן,

ווי פון האַלץ־געשעפט, אַזוי ווי איטשע זאַבלודאָווסקי [21] (1781—1865), וואָס איז רייך געוואָרן פון ביעלאָוויעזשער געהילץ, וואָס ער פלעגט אויפקויפן און טראַנס־פּאָרטירן קיין אויסלאַנד, און איז געוואָרן דער געלט־מאַגנאַט פון ביאַליסטאָק. נאָך היינט גייען אַרום לעגענדעס פון זיין רייכטום ; זיין הויז, ראָג סענקעוויטשע־פּיל־סודסקי, איז געוועזן דאָס ערשטע מאָדערנע רייכע הויז אין ביאַליסטאָק.

אָבער די אַלע רייכע יידן זיינען געבליבן נאָך דעם ענדיקן זיך פון די אַלטע געשעפטן אָן אונטערנעמונגען, און זייערע קאַפּיטאַלן זיינען געבליבן אָן באַ־וועגונג. אין די אויפגעקומענע דייטשישע פאַבריקאַנטן האָבן זיי געפונען די נאַ־טירלעכע פאַרבראויכערס פאַר זייער געלט. אויך האָבן זיי געפונען נייע האַנדלס־באַשעפטיקונגען — צוזושטעלן רוי־מאַטעריאַלן פאַר די פאַבריקאַנטן, וואָס מען האָט געדאַרפט איינקויפן פאַר זיי אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד. האָבן אין ביאַליסטאָק זיך אויסגעבילדעט און זיך אַנטוויקלט קאָמיסיאָנערן און פּראָדוקט־הענדלער.

גלייכצייטיק מיט די דאָזיקע זייער נאָענטע באַציאונגען מיט די דייטשע פאַ־בריקאַנטן און זייערע פאַבריקאַטן, איז די ביאַליסטאָקער יידישע סוחרימשאַפט נענטער באַקאַנט געוואָרן מיט דער אַנטוויקלטער מאָדערנער טעקסטיל־פאַברי־קאַציע. האָט זיך ממילא געמוזט דערוועקן אַ באַוועגונג ביי דעם יידישן יינגערן דור נאָכצומאַכן די דייטשע פאַבריקאַנטן און אַליין ווערן פאַבריקאַנטן פון דעם פיינעם טוך־פאַבריקאַט. די פאַך־קענטעניש, וואָס האָט זיי געפעלט, האָבן זיי געקענט אויספילן מיט די געדונגענע דייטשישע מייסטערס און דירעקטאָרן.

אין דער שפּיץ פון דער דאָזיקער באַוועגונג זיינען געשטאַנען אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה די דריי רייכע און מיוחסדיקע איידעמס פון רייכן איטשע זאַבלודאָווסקי : א) ר׳ סענדער בלאָך, ב) ר׳ נחום מינץ און ג) אליעזר האַלבערשטאַם. מיטן הסכם און דער הילף פון זייער רייכן שווער האָבן זיי געגרינדעט דריי פּול־קומע טוך־פאַבריקן, מיט גרויסע מייסטערס און דירעקטאָרן.

צו זיי איז צוגעקומען דאָדיע זאַבלודאָווסקי, דער באַקאַנטער דאָדיע מיכלעס, און מיט אַ קלענערער טיילוויזער פאַבריק דער צווייטער געבילדעטער ייד נח־דוד בלאָך, סענדער בלאָכס זון. די אַלע פאַבריקן האָבן אויסגעאַרבעט די פיינסטע טוכן און פאַלטע־שטאָפן [22].

סענדער בלאָכס פאַבריק

דער ערשטער און חשובסטער איידעם פון איטשע זאַבלודאָווסקי איז געוועזן פון די ווילנער גרויסע מיוחסים. זיין זיידע ר׳ נח במוהר״ר שרגא פייבוש איז געוועזן פון די ווילנער גרעסטע גבירים און נדבנים [23]. זיין מוטער דבורה, וואָס ליגט אויפן היגן בית־עולם, איז געוועזן פון גרויסן רבנישן יחוס. ער אַליין איז אויך געוועזן

21. זען פנקס ביאַליסטאָק, באַנד I ז. 142—143.
22. געניוער וועגן די אַלע פּערזענלעכקייטן אין פנקס ביאַליסטאָק, באַנד I.
23. זען שמואל־יוסף פין, קריה נאמנה (ווילנע, תר״כ), ז׳ 220.

אַ ייד אַ למדן און אַ גרויסער נדבן. ער איז געווען אַ גרויסער מאָסקווער סוחר און האָלץ־הענדלער.

אין יאָר 1841 האָט ער געגרינדעט אַ גרויסע פּולקומע פאַבריק אין דער נאָווי (היינטיקע מיצקעוויטשא גאַס), וואָס האָט עקזיסטירט ביז די 60ער יאָרן. זיין ווייב מלכה־רייזל, די עלטסטע טאָכטער פון גביר, די עלטסטע טאָכטער פון גביר, וואָס איז געווען אַן אשת חיל און אַ שם־דבר אין דער ביאַליסטאָקער סוחרישער וועלט און איר סביבה, האָט אים מיט־געהאָלפן אין זיינע געשעפטן.

סענדער בלאָך איז יונג געשטאָרבן (אין יאָר 1849), אַלט ווערנדיק 39 יאָר. האָט זיין פרוי מלכה־רייזל ווייטער געפירט זיינע געשעפטן; זי האָט געהאַט אָפּטיילונגען פון איר געשעפט אין זעלווע, אויך אין באַרדיטשעוו, אָבער צום סוף האָט זי געמוזט איר פאַבריק ליקווידירן. ווי מ׳האָט געזאָגט, האָט איר דער גביר דערצו אַרויסגעהאָלפן מיט 40 טויזנט רובל (וואָס איז אָפּגעשריבן געוואָרן פון איר טייל ירושה) [24].

מלכה רייזל האָט געהאט אַ גרויסע פאַמיליע: פון ר׳ סענדערן האָט זי געהאַט פופצן קינדער, פון זיי זיינען נאָר צוויי געשטאָרבן. זי האָט געטאָן די גרעסטע מיוחסדיקע שדוכים, אירע איידעמס זיינען געווען אין ביאַליסטאָק גרויסע סוחרים און פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן צוגעהאָלפן זייער פיל דער אַנטוויקלונג פון ביאַ־ליסטאָקער פאַבריקאַציע און האַנדל.

ווי ווייט ר׳ סענדער בלאָך איז געווען אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין ביאַליסטאָק, באַ־ווייזט דאָס גרויסע קלאָגליד אונטערן נאָמען „מרירי יום״, וואָס זיין שוואָגער דער משורר אליעזר האַלבערשטאַם האָט אָנגעשריבן אויף זיין טויט אין דעם טאָג, ווען ער איז געפירט געוואָרן צו קבורה (געדרוקט אין ראָמס דרוק ווילנע שנת תר״ט, 11 זייטן); ער שטעלט פאָר זיין גרויסע לויה, ווי מ׳האָט זיין ארון צוגעפירט צו דער גרויסער שול, און מען האָט אים אַריינגעטראָגן אין שול, און דאָרט האָבן אים מספּיד געווען דריי ספּדנים. ער שטעלט פאָר, ווי עס האָבן אים באַוויינט אַלע יתומים וואָס האָבן אין אים פאַרלאָרן אַ טאַטן, און אַלע אלמנות, וואָס האָבן אין אים פאַרלאָרן אַן אונטערשטיצער, זיין געליבטע ווייב, זין און טעכטער אויך די קראַנקע פון שפּיטאָל, וואָס ער האָט געגרינדעט און אויסגעהאַלטן, האָבן אַלע געיאָמערט און געקלאָגט נאָך אים

וועגן אים און זיין שטאַרבן זאָגט הרב ר׳ משה יוסף חבר אב״ד דק״ק קנישין יעדוואַבנע אין זיין ספר „מטה יוסף״ אָדער „חותם תכנית״ אין דרוש י׳, אות ט׳: גם זאת העיר כלילת יופי ביאַליסטאָק המהוללה רבו חליליה [25] עוד תזעק על שברה כי נשבר מטה עזה הרב הגביר המפורסם נדיב על נדיבת יעץ במועצות, דת ויראת ה׳ אוצרו בלום תורה ויראה ומעשים טובים, תומך עניים, סועד אביונים מוהר״ר אלכסנדר סנדר בלאָך עוד היום רבים שלמים זכרו בפיהם ובלבב

---

24. ווי מען האָט דערציילט, פלעגן דעמאָלט די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן איינקויפן זומער וואָל אויף די מערק אויף אַ גאַנץ יאָר, האָט מלכה־רייזל איינגעקויפט איין מאָל וואָל פאַר איבער 100,000 רובל. האָט זי דאָס געלט אויסגעבאָרגט ביים פאָטער און האָט די וואָל אַריינגעפירט אין זיין שפּייכלער, וואָס איז געווען אונטער זיין וואוינונג, ראָג סענקעוויטשאַ־פּילסודסקי, אונטער די פּילאַדן. שפּעטער אַז זי האָט דאָס געלט ניט געהאַט אויסצוצאָלן, האָט איר איידעם משה אייגער אויפגעריסן די שלעסער און האָט די וואָל אַרויסגענומען. אַז דער גביר האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער געהייסן די סומע אַראָפּשרייבן פון איר ירושה.

25. אין דעם דערמאָנטן ספר, דרוש ז, ווערט דערציילט אַז ר״ה תר״ט (1849) האָט אין ביאַליסטאָק און איר סביבה געבושעוועט די כאָלערע.

גונח ונאנקים על העדרו וכו׳ גם על אודותו חרדו נכבדי עם חרדה גדולה, הפליגוהו ביראתו ותמימותו עד למעלב הכי נכבד הוא וכו׳.

מלכה־רייזל איז געשטאָרבן טבת תרל״ח (1878), 29 יאָר נאָכן מאַנס טויט, איר שוואָגער האַלבערשטאַם אין זיין „עלי הגיון וכנור״ באַקלאָגט זי:

אשת חיל כמוה מפנינים יקרה, לוית חן ושכל עם נפש ישרה, צדקת פזורנה לכל נודעת גם נפת ניבה על אזן שומעת, נוחי את יחידה בין בנות רבבות, נוחי בשלום עד בקר לא עבות.

מלכה־רייזלס פאַבריק איז שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן צום דייטשן פאַבריקאַנט רודאָלף קאָמיכאָו, וואָס איז געוואָרן דער באַקאַנטער דעקן־פאַבריקאַנט, און פון אים צו די פאַבריקאַנטן הענריקס־איזענבעק. היינט געהערט זי צו צוויי קליינע יידישע פאַבריקאַנטלעך, וואָס אַרבעטן אויף לוין. אירע גרויסע פלעצער זיינען פאַרצעלירט און פאַרקויפט געוואָרן דורך זיי.

## נחום מינצס פאַבריק

דער צווייטער איידעם פון גביר, נחום מינץ איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ משכיל און אַ גרויסער מיוחס. זיין פאָטער הרב החריף אַרוש מינץ איז געווען דער פופצנטער דור פון דער פאַמיליע מינץ. ער האָט געהאַט 6 זין און 3 טעכטער. זיינען אַלע זין געווען גדולי תורה, משכילים און גבירים און אַזוי זיינע איידעמס. ר׳ מנחם־נחום מינץ איז געווען זיין זעקסטער זון און אויך אַ מופלג בתורה. זיין ערשטע פרוי איז געווען חיה פרומע, אַ טאָכטער פון ביאַליסטאָקער גביר, זיין דריטע פרוי איז געווען יוכבד בת הרב הגדול מ׳ זלמן באַרנשטיין [26]. ער איז געשטאָרבן אין יאָר תרכ״ו, אַ יאָר נאָך זיין שווערס טויט. ער האָט דאָ באַקומען פון זיין רייכן שווער דעם פריצישן הויף אויף קילינסקי גאַס אַנטקעגן דעם פּאַלאַץ, (היינטיקער „פּאַלאַס״־טעאַטער). דאָרטן האָט ער געגרינדעט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. גלייכצייטיק האָט ער דאָרט אויפגעשטעלט פאַר זיך אַ בית־מדרש און אויך אַ מרחץ מיט אַ מקוה [27]. ער האָט געהאַט 7 זין; מען האָט זיי גערופן אין שטאָט די „גאָלדענע מינצן״. אַלע זיינען זיי געווען געבילדעטע און שטודירטע. זיינער אַן איניקל איז געווען אַ באַקאַנטער פּראָפעסאָר־כירורג אין רוסלאַנד, איצט איז ער פּראָפעסאָר אין ריגע. פון אים איז אין ביאַליסטאָק קיינער ניט געבליבן, חוץ איין זון אַ מטורף אַרטשיק, וואָס האָט זיך אויסגעהאַלטן אין מושב־זקנים. זיין שוועסטער, מיכל פרידלאַנסקיס פרוי, אין פעטערבורג, פלעגט אים אויסהאַלטן.

נאָך דעם ווי די פאַבריק האָט זיך פאַרמאַכט, איז זי פאַרדונגען געוואָרן צו מלכה רייזלס צוויי איידעמס: מרדכי־חיים הייליפערין (שפּעטערדיקער יידישער נאָטאַריוס), אברהם זוסמאַן מיט זייער שותף לייב ראַשקין, וואָס איז געווען מלכה־רייזלס אַן אָנגעשטעלטער. שפּעטער איז די פאַבריק מיטן הויף פאַרקויפט געוואָרן דעם פאַבריקאַנט פריש, פון אים צו ליטערערן אויף לוין־פאַבריקאַט, אין דער מלחמה־צייט — פאַרן „פּאַלאַס״־טעאַטער. דער הויף איז פאַרצעלירט.

26. זען דעם ספר דעת קדושים, צום סוף.

27. ה. ווידער, דער בעקער און לעצטער בעל־הבית פון פאָדערשטן הויף, האָט מיר דערציילט, אַז גראָבנדיק דאָרט האָט ער געפונען די מקוה.

### אליעזר האַלבערשטאַמס פאַבריק

אליעזר האַלבערשטאַם וואָס איז געווען דעם גבירס איידעם און שטיפזון, האָט געגרינדעט אַ קאָמפּלעטע טוך־פאַבריק אין קראַליאָווע מאָסט, אַ דאָרף ניט ווייט פון ביאַליסטאָק. ער האָט זיך שוין צו דער פאַבריקאַציע גוט צוגעגרייט. ווי אַ געבילדעטער מענטש, האָט ער שוין געשיקט זיין זון היינריך קיין אַכען צו דערלערנען די טעכניק פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע. יענער איז שפּעטער געוואָרן דער דירעקטאָר פון זיין פאָטערס פאַבריק. דער פאָטער אַליין האָט זיך ווייניק געמישט אין פאַבריק. ער איז געווען מער פאַרנומען מיט דער השכלה־באַוועגונג. נאָך זיין פּרוי [28] האָט זיך מער באַשעפטיקט מיט דער פאַבריק. די פאַבריק האָט עקסיסטירט ביז 1870, ווען זי איז אָפּגעברענט געוואָרן. שפּעטער איז דאָרט געווען די אַפּרעטור פון דייטשן פאַבריקאַנט האַקע.

### דאַדיע זאַבלודאָווסקיס פאַבריק

דאַדיע זאַבלודאָווסקיס פאַבריק איז געווען די פערטע קאָמפּלעטע פאַבריק אין יידישע הענט. ווי ווייט ער גופא האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער פאַבריק ווייסן מיר ניט. זיין פאַבריק האָט זיך געפונען אויף דעם אָרט פון דער רעאַל־שול — היינטיקע פוילישע גימנאַזיע. איך האָב דאָ געטראָפן שוין פאַרוואַלטן מיט דער פאַבריק זיין זון איזידאָר [29], וואָס האָט משמעות ניט געהאַט קיין פעאיקייטן צו פירן אַזאַ פאַבריק. איז זי איבערגעגעבן געוואָרן אין אַרענדע צו שיינע־חיה היילפּערין, מלכה־רייזלס טאָכטער, און שפּעטער צו קלמן געלבערג („קלמן מיט די שיך"), ביז זי איז אָפּגעברענט געוואָרן. האָט די רוסישע רעגירונג שפּעטער אָפּגעקויפט ביי איזידאָר זאַבלודאָווסקי (אין יאָר 1892) דעם הויף מיט דעם הויז פאַר 19,000 רובל און דאָרטן אויפגעשטעלט די רעאַל־שול. איצט געפינט זיך דאָרטן די פוילישע מענער־גימנאַזיע.

### נח־דוד בלאָכס פאַבריק

דער הויף־געבילדעטער זון פון סענדער און מלכה־רייזל בלאָך — נח דוד בלאָך — האָט געגרינדעט אויף דער נאָווי אַ קליינע פאַבריק מיט אַ שפּינערייַ און אַפּרעטור בשותפות מיט זיין ברודער באָנטשע (בן־ציון) בלאָך. אַז די פאַבריק האָט באַנקראָטירט, האָט נח־דוד בלאָך עוקר געווען קיין ווין, איז דאָרט געווען אַ מיטאַרבעטער אין די ווינער דייטשישע צייטונגען און איז דאָרט געשטאָרבן. זיין ברודער האָט נאָך שפּעטער געפירט אַ קליינע שפּינערייַ.

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט די ערשטע גרויסע, אָבער ניט איינגעגעבענע פּרוואוון פון ביאַליסטאָקער יידישע גבירים־מיוחסים צו גרינדן קאָמפּלעטע

28. זען יחזקאל קאָטיק, מיינע זכרונות, 2טער טייל, ז' 44.

29. ער פלעגט פאַרקויפן גאַנצע זעק העברעאישע ספרים פון זיין גרויסן זיידן מיכעלע כינקעס, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון זיין טאַטן. מיינער אַ באַקאַנטער פלעגט עס ביי אים אָפּקויפן בחצי חנם.

טעקסטיל־פאַבריקן. דאָס פאָדערט פאַך־קענטעניש און לאַנגיאָריקע פּראַקטיק, ווי עס האָבן געהאַט די דייטשע פאַבריקאַנטן.

### דוד־אברהם קעמפּנערס פאַבריק

פּרואוון פון פיינע וואָלענע טוך־וועבערייען זיינען דעמאָלט געמאַכט געוואָרן אויך דורך אַנדערע חשובֿע יידן, צום ביישפּיל: אין דער זעלביקער צייט, אין יאָר 1844, האָט ר׳ דוד־אברהם קעמפּנער, דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער פּאָדריאַטשיק, למדן און מחבר, געגרינדעט אַ וועבעריי פון פיינערע פאַלטע־שטאָפן מיט אַ שותּף כּדי צו באַקומען ווי ווי אַ פּוילישער ייד וואוינרעכט אין ביאַליסטאָק, וואָס דעמאָלט איז עס נאָך געווען פאַרבאָטן. אין זיין וועבעריי האָט געאַרבעט ווי אַ וועבער צלאל נאָוויק, דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער גרויסער פאַבריקאַנט.

ביי זיין זון פאַלק קעמפּנער געפינט זיך נאָך היינט דער פאַבריק־שטעמפּל פון 1844. צו אַפּרעטירן פלעגן די היגע וועבערייען שיקן מיט פורן זייערע רויע שטיקער קיין זגערזש, לעבן לאָדזש. ווייזט אויס, אַז די היגע דייטשע פאַבריקאַנטן פון סופּראַסלע האָבן זיי ניט געוואָלט אַפּרעטירן, מחמת קאָנקורענץ.

ביי זיין זון פאַלק געפינט זיך דער רוסישער נאָטאַריעלער קאָנטראַקט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן דעם 15טן אָקטאָבער 1844 צווישן דוד אברהם קעמפּנער און זיין שותּף מאַרקוס רובינשטיין, פון מאַזאָוויעצקער געגנט, אויף צו גרינדן אַ פאַבריק אויסצואַרבעטן פאַרשיידענע סאָרטן וואָלענע קאַזשמירס, קאָרטן און טוך אויף אַ צייט ביז דעם 15טן אָקטאָבער 1851. דער קאָנטראַקט איז געשלאָסן געוואָרן ביים נאָטאַריוס זלמן גראַוועס.

### יידישע פאַבריקן אין די יאָרן 1850—1880

גלייכצייטיק מיט זיי און שפּעטער נאָך זיי, האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט טעקסטיל־אינדוסטריע אין אַלע בראַנזשעס יידן פון בעלי־בתּישע און נידעריקערע פאַלקס־שיכטן. זיי האָבן זיך אין איר ספּעציאַליזירט. עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געווען נאָך אין די 40ער יאָרן אַזוי גערופענע פלאַטשענקע־וועבערס (אַזאַ באַוולנע ביליקע וועבעריי), נאָך דעם זיינען זיי געוואָרן טוך־וועבערס, און שפּעטער האָבן זיי זיך אַנטוויקלט צו דער מדרגה פון טיכטיקע פאַבריקאַנטן. אָבער זיי האָבן ניט געפּרואווט, און האָבן צוליב דוחק אין מיטלען אויך ניט געקענט פּרואוון, זיך שטעלן גלייך מיטן דייטשן פאַכמענישן פאַבריקאַנט אויסצואַרבעטן די זעלביקע סחורות פון די פיינסטע וואָלן און טייערע מאַטעריאַלן. זיי האָבן פריער זיך אויסגעלערנט נאָכצומאַכן און אויסצואַרבעטן ביליקע סחורות און צו אַנטוויקלען אַזוי אַרום אַ נייעם סאָרט טוך און פאַלטע־שטאָף און אויך דעקעס, וואָס פון ערשטן איינדרוק זיינען זיי געווען אין גאַנצן ענלעך צו די דייטשע פיינערע סאָרטן, אָבער זיי זיינען געווען פון אַ סך אַ נידעריקערער קוואַליטעט. ממילא האָט מען זיי געקענט פאַרקויפן צו אַ פיל ביליקערן פּרייז און דורך דעם געקענט קאָנקורירן מיט די בעסערע און פיינערע סחורות פון די דייטשע פאַבריקאַנטן.

נאָך דעם ווי די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין אַלע פאַכן פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָבן זיי געזוכט אַנצוווענדן אַלע מיטלען און צו מאַכן די שאַרפזיניקסטע קאָמבינאַציעס און קאַלקולאַציעס צו פאַרבי־ליקערן ווי ווייט מעגלעך זייערע סחורות. און אַז די דייטשע פאַבריקאַנטן האָבן אַרויסגעלאָזט אויפן מאַרק אַ נייעם סאָרט אָדער אַ נייעם מוסטער סחורה, איז קורץ נאָך דעם דערשינען דער זעלביקער סאָרט אָדער דער זעלביקער מוסטער ביי אַלע יידישע פאַבריקאַנטן אויף אַ פיל ביליקערן פּרייז. אויף אַזאַ שטייגער איז דער ביאַליסטאָקער יידישער טוך־פאַבריקאַט געוואָרן אַ גרויסער קאָנקור־רענץ־אַרטיקל אויף אַלע מערק אין רוסלאַנד, וואָס דאָרט האָט מען געזוכט ביליקע סחורות. ביאַליסטאָקער טוך־און דעקעס־פאַבריקאַט איז געוואָרן אַ וועלט־פּראָדוקט.

מיר רעכענען דאָ איבער די יידישע פאַבריקן וואָס זיינען אויפגעקומען אין די יאָרן 1850—1880 :

ר' יעקב־שלמה באַראַש — אַ ייד אַ בעל־הבית, אַ למדן און נכבד, איז געווען פון די ערשטע בעלי־הבתישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָט גע־גרינדעט אין יאָר 1850 אין וואַשליקאָווע, 5 קילאָמעטער פון ביאַליסטאָק, ביי דער סופּראַסלע, אַ קאָמפּלעטע פאַבריק, זי האָט עקזיסטירט ביז 1890. דעמאָלט האָט זי אָפּגעברענט. פישל באַראַש, ר' יעקב־שלמהס זון, האָט זי פאַרדונגען צו לעשגאָלד־לונסקי און שפּעטער צו פאַרעצקי־גאָווענסקי.

לייב ראָזענטאַל האָט געהאַט אַ טיכער־און דעקן־פאַבריק און שפּעטער אַ שפּינערײַ, אַפּרעטור און קונסטוואָל־פאַבריק.

זעליג יאַשינאָווסקי האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין 1865. שפּעטער איז די פאַבריק אַריבער צום געוועזענעם וועבער קלמן געלבערג (אָדער „קלמן מיט די שיך"). היינט געפינט זיך אויף איר אָרט די קהלשע באָד און די מקוואות.

בערל פּאָליאַק האָט געהאַט אַ פאַבריק נאָך אין 1865. זי האָט זיך געשלאָסן און שפּעטער ווידער געעפנט אין 1877 (אפשר 1873). עס איז פון דעם געוואָרן אַ גרויסע און סאָלידע פירמע „ב. פּאָליאַק און זין". די פאַבריק באַשעפטיקט ביז 300 אַרבעטער.

אברהם־לייב זילבערבלאַט האָט אין 1866 געעפנט אַ שפּינערײַ און אַ וועבערײַ. זיינע זין וואָלף און שיימע האָבן שפּעטער געהאַט וועבערייען און שפּינערייען.

א. סלאָנימסקי האָט אין 1870 אָרגאַניזירט אַ וועבערײַ און אַ שפּינערײַ. זיין זון טוביה האָט אין 1875 אויך געעפנט אַ שפּינערײַ.

לייב פּרייסמאַן האָט אין 1875 געעפנט אַ טיילווייזע פאַבריק.

שמואל באָבולקעס האָט אין 1875 אָרגאַניזירט אַ שפּינערײַ.

שרגא פייוול בלאָך האָט אין 1878 געעפנט אַ שפּינערײַ און אַ וועבערײַ.

ש י י נ ע ־ ח י ה  ה י י ל פ ע ר י ן האָט אין 1878 געעפנט אַ שפּינערײַ מיט אַן אַפּרעטור. שפּעטער איז די פאַבריק פאַרגרעסערט געוואָרן פון אירע יורשים.

י ש ע י ה  ו ו י ס אָ צ ק י און מ ש ה  ה ו ר ו ו י ץ האָבן אינאיינעם געעפנט אין 1878 אַ שפּינערײַ און אַ וועבערײַ.

י.  ט ש ע כ אָ ו ו ס ק י האָט אין 1880 געעפנט אַן אַפּרעטור און אַ פאַרבערײַ. שפּעטער איז די אונטערנעמונג אַריבערגעגאַנגען צו באזשע סעגאַל.

ק אָ מ י נ ק אָ, וואָלקאָוויסקיס איידעם, האָט אין 1880 אָרגאַניזירט אין וואָש־ליקאָווע אַ שפּינערײַ און אַן אַפּרעטור.

אין דער אַלגעמיינער רשימה פון די פאַבריקאַנטן, נאָכן אלף־בית פון די נעמען פון די בעלי־בתים, קען מען געפינען נאָך אַ פּאָר פאַבריקן וואָס האָבן זיך געעפנט אין אָט דער תקופה. אָבער פון די אַלע פאַבריקאַנטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַנטוויקלונג און גרויסן פאַרנעם נאָר עטלעכע געציילטע.

### בצלאל נאָוויק און זין

בצלאל נאָוויק אַליין איז פריער געווען אַ וועבער, אין 1841 איז ער געווען אין דער נאָווי אַ פאַרבער, א בעל־מלאכה פאַר פויערים־געוואַנט. לויט אַן אָפיציעלער ידיעה איז נאָוויקס פאַבריק געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1848, אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. דעמאָלט איז ער נאָך געוויס געווען אַ פאַרבער. שפּעטער, האָט ער געהאַט אין דער נאָווי (היינטיקע מיצקעוויטשא גאַס), אין זיין דערוואַרבענעם הויז, בשותפות אַ וועבערײַ מיט ר׳ יצחק כהן, דער זון פון ר׳ לייב כהן, דער באַקאַנטער ביאַליסטאָקער דיין. אַז ר׳ יצחק כהן איז אַרויסגע־טרעטן פון שותפות און געוואָרן אַ וואָל־מעקלער, איז נאָוויק געבליבן אַליין. ב. נאָוויק האָט זיך שפּעטער אין די 70—80ער יאָרן אַנטוויקלט, ביז ער איז געקומען צו אַ קאָמפּלעטער פאַבריק פון פאַלטע־שטאָפן צוזאַמען מיט זיינע זין.

אין יאָר 1895 איז דורך דער איניציאַטיוו פון זיין זון פייוול איינגעאָרדנט געוואָרן אין איר אַ גרויסע פילץ־הוט־פאַבריק (ער האָט זיך אין דער אַרבעט פריער ספּעציאַליזירט). שפּעטער אין 1909, אַז עס האָבן זיך פאַראייניקט מיט אים זיינע זין, וואָס זיינען געווען באַזונדערע פאַבריקאַנטן, חנא הערש און פּסח־שלמה, איז געגרינדעט געוואָרן די פירמע צ. נאָוויק און זין. זי איז געוואָרן די גרעסטע יידישע פאַבריק אין ביאַליסטאָק מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען, מיט אַ גרויסער שפּינערײַ, 68 דאַמפּשטולן, 4 רייסוועלף, אַן אַפּרעטור מיט 10 וואַלקעס.

די גרויסע פאַבריק האָט באַשעפטיקט(מיט דער פילץ־פאַבריק) ביז 800 אַרבעטער. נאָכן אָפּשטאַרבן פון ערשטן און צווייטן דור איז די פאַבריק אונטער־געגאַנגען און איז פאַרדונגען געוואָרן אויף לוין.

### ישראל טרילינג און זון

ישראל טרילינג איז געקומען אין ביאַליסטאָק פון סעריי (אַ קליין שטעטל אין סוואַלקער גובערניע) ווי אַן איידעם ביי אַ היגער בעל־הביתשער פאַמיליע ראַפּאַלאָווסקי. ער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ חיים פיליפּאָווער, וואָס איז אין זיין צייט געווען דער באַקאַנטער פריידענקער רב אין פוילן [30].

ישראל טרילינג האָט אין אָנהייב פון די 60ער יאָרן זיך באַשעפטיקט מיט פּראָדוקט־האַנדל פאַר די פאַבריקאַנטן. שפּעטער איז ער געוואָרן אויך אַ קאָמיסיאָנער דערהויפּט צו פאַרקויפן די שאַגאַט־דעקעס פון דייטשן פאַבריקאַנט פּלאַקערט. שפּעטער האָט ער אַליין פאַבריצירט די זעלביקע דעקעס דורך לוינקעטניקעס. אין 1890 איז צוריקגעקומען פון אויסלאַנד זיין זון אָסוואַלד טרילינג, וועלכער האָט שטודירט דעם טעקסטיל־פאַך אין ברין (עסטרייך) און אין מילהויזן (עלזאַס). ער האָט ליקווידירט די פּראָדוקציע דורך לוינקעטניקעס און געעפנט זיין אייגענע פאַבריק פון שאַגאַט־דעקעס. די ערשטע צייט האָט מען געאַרבעט אויף האַנטשטולן. שפּעטער, ווען די פּראָדוקציע האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט האָט מען איינגעאָרדנט אַן אייגענע וועשעריי, פאַרבעריי, אַפּרעטור און די פאַבריק איז אַריבער אויף מעכאַנישע וועבשטולן. אָסוואַלד טרילינג איז געוואָרן אַ שותף אין דער פירמע, וועלכע איז פון דענסטמאָל געגאַנגען אונטער דעם נאָמען „י. טרילינג און זון״.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אויך געווען אַ שותף אין דער פירמע דער איידעם פון ישראל טרילינג, וואָלף אַלטמאַן.

אין 1914 איז ישראל טרילינג געשטאָרבן אין ניצע און וואָלף אַלטמאַן איז געשטאָרבן אין ביאַליסטאָק. דער איינציקער בעל הבית פון דער פאַבריק איז געבליבן אָסוואַלד טרילינג.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און דייטשער אָקופּאַציע פון ביאַליסטאָק איז אָסוואַלד טרילינג אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, געקויפט דאָרט אַ פאַבריק ביי דער סטאַנציע ביקאָווא און געארבעט דאָרט ביז וואַנען די באָלשעוויקעס זיינען געקומען צו דער מאַכט. ער איז דענסטמאָל צוריק געקומען קיין ביאַליסטאָק, געבראַכט אין אָרדענונג זיין אַלטע פאַבריק און זי פאַרגרעסערט.

אין 1923 איז אויסגעבויט געוואָרן אין וואשליקאָווע ביי ביאַליסטאָק אַ נייע אַפּרעטור און פאַרבעריי און אַ פאַבריק פון קונסט־וואָל. די פּראָדוקציע האָט זיך פאַרגרעסערט און די צאָל פון די אַרבעטער איז אַריבערגעשטיגן 500. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ אָפּטיילונג אין כאַרבין, אין וויטן מזרח.

אין 1921 איז אַריין אין געשעפט אַלס שותף און דירעקטאָר דער זון פון אָסוואַלד טרילינג, מאַקסים. אין 1924 איז די פירמע געוואָרן רעאָרגאַניזירט אין אַן אַקציען־געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „אָסוואַלד טרילינג און זון״.

30. דער אַלטער ישראל טרילינג איז געווען אַ מיטגליד פון גמילות חסדים־בית מדרש און פון דאָרטיקער חברה משניות, זיינע עלטערע 2 זין אברהם און אליהו (אַ גרויסע רייכע פּראָדוקט־פירמע „געברידער טרילינג״) זיינען געווען יידיש־נאַציאָנאַלע יידן.

1931 האָט מען צוליב די שווערע אַרבעט־באַדינגונגען אין פוילן און צוליב דעם וואָס דער עקספּאָרט קיין כינע האָט זיך פולשטענדיק אָפּגעשטעלט, איבער די דאָרטיקע פּאָליטישע פאַרוויקלונגען, די פאַבריקן געשלאָסן און די אייגענטימער זיינען אַרויסגעפאָרן קיין דרום־פראַנקרייך, אין ניצע, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט.

אין ביאַליסטאָק האָט אָסוואַלד טרילינג געגומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געווען וויצע־פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקער פאַרזיכערונג, וויצע־פּרעזידענט פון „אָרט", פאָרזיצער פון פאַריין פאַר גרויס־אינדוסטריע, מיטגליד פון ראַט פון פוילישער מלוכהשער באַנק און א. אַנד.

### דוד הובינסקי

דוד הובינסקי, אַ זון פון משה הובינסקי, אַ רייכער גוט־באַזיצער אין גראָד־נער גובערניע, האָט זיך באַזעצט נאָך זיין חתונה אין ביאַליסטאָק. דאָ האָט ער זיך ספּעציאַליזירט אין דעם שעוויאָט־דעקעס־פאַבריקאַט. אין 1878 האָט ער אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן שאַגאַט־דעקעס, פון אָנהייב דורך לוינקעטניקעס, און שפּעטער איז ער אַריבער אין אַן אייגענער פאַבריק. די לעצטע צייט האָט די פירמע „געזעלשאַפט ד. הובינסקי" (ד״ה, ער, מיט זיינע צוויי זין) געהאַט אַן אייגענע רייסעריי, 5 שפּינזאַצן, 42 דאַמפשטולן, אַן אַפּרעטור פון 12 וואַלקעס. ער האָט באַשעפטיקט מער ווי 300 אַרבעטער. ער האָט קאָנקורירט מיט זיינע פיינע דעקעס מיט די טרילינגישע דעקעס אויף אַלע אינלענדישע און אויסלענדישע אָפּזאַץ־מערק. אָבער די פירמע, וואָס האָט איבערגענומען די גרויסע דייטשע ריכטערס פאַבריק, האָט ניט אויסגעהאַלטן ביזן סוף; נאָך דוד הובינסקיס טויט איז זי געגאַנגען באַנקראָט און אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען.

### אהרן סוראַזסקי *)

אהרן סוראזסקי האָט אין 1870 געעפנט אַ וועבעריי, שפּעטער האָט ער מיט זיינע זין נתן און לייב סוראַזסקי און מיט זיינע איידעמס ל. מאָוו־שאָווסקי, מ. ב. סלאָמיאַנסקי און מ. פאַיאַנס געהאַט גרויסע וועבערייען.

[אהרן סוראַזסקי איז געווען אין די פערציקער יאָרן אַ פּלאַטשענקע־וועבער. שפּעטער האָט ער זיך אויסגעלערנט טוך־וועבעריי און געוואָרן אַ פאַבריקאַנט. די ערשטע וועבעריי האָט ער געהאַט אין איינער פון זיין טאַטנס (וואָלפקע סו־ראַזסקי, אָדער וואָלפקע פּאַליאַק) הייזער, אויף סוראַזער גאַס. אין 1870 האָט ער די וועבעריי אַריבערגעפירט אין דער נאָווי, וואו ער האָט זי קאָמפּלעטירט מיט אַ שפּינעריי און אַפּרעטור און באַשעפטיקט אַן ערך 100 אַרבעטער. אין

*) גענויער וועגן די סוראַזסקיס זען אַרטיקל פון דוד קלעמענטינאָווסקי, „די משפּחה סוראַזסקי" אין „ביאַליסטאָקער שטימע", ניו־יאָרק, 1950, פּסח נומ' 257.

די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער מיט זיינע זין און איידימס פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע.

אין 1873 האָט אהרן סוראַזסקי אויסגעמויערט דעם בית־מדרש „חסידי קאָצק״. אין דעם גרויסן קריזיס אין יאָר 1900—1901 האָט די פאַמיליע סוראַזס־קי שטאַרק געליטן, זיינע פאַבריקן זיינען פאַרקויפט געוואָרן.

די איבערגעריסענע טעטיקייט פון די סוראַזסקיס האָט אַן ערך צען יאָר שפּעטער געפונען אַן המשך אין דער אַקטיוויטעט פון זיין ברודער יעקב׳ס זון, לעאָ סוראַזסקי, וועלכער האָט אין 1914 געגרינדעט אין לאָנדאָן אַ שאַדע־פאַבריק און זייט 1917 צוזאַמען מיט זיינע ברידער חיים און אליהו עס אַריבערגעפירט קיין מעקסיקע, וואו זיי זיינען היינט אינדוסטריע־אונטערנעמערס פון גרויסן פאַרנעם].

## ו. יידישע פאַבריק־שטעטלעך

### האַראַדאָק

צווישן די וויכטיקסטע פאַבריק־שטעטלעך מיט יידישע אַרבעטער, אפילו שפּין־און אַפּרעטור־מייסטערס, איז געווען דאָס שטעטל האַראַדאָק מיט דער פּאָסאַדע פּיעשטשאַניקי, 10 קילאָמעטער פון איר. אין דער שפּיץ פון די דאָרטיקע פאַבריקאַנטן זיינען געשטאַנען די צוויי פאַמיליעס לונסקי און אַמדורסקי.

דער גרינדער פון די לונסקיס איז געווען הערש־לייב לונסקי, אַ געוועזענער וועבער. זיין פאַבריק האָט ער געגרינדעט אין 1850, זיינע פיר זין — ברוך, מאָטיע, אפרים און אַרטשיק — האָבן אַלע געגרינדעט קאָמפּלעטע פאַבריקן אַרום 1870. זיי זיינען אַלע געווען טיכטיקע פאַכמענישע פאַבריקאַנטן און האָבן גע־מאַכט גרויסע אומזאַצן אין ביאַליסטאָק און אויף די מערק. פון זיי אַלע איז גע־בליבן נאָר אַ גרויסע אַפּרעטור פון אַרטשיק לונסקי, וואָס עקסיסטירט נאָך היינט.

דער פאָטער פון דער פאַמיליע אַמדורסקי איז געווען אברהם, אַ זון פון האָפּן־הענדלער לייב. ער האָט נאָך אין די 30—40ער יאָרן געגרינדעט אין פּיעשטשאַניקי אַ וועלקעריי, געטריבן דורך אַ דעפּטאַק. שפּעטער האָט ער אָפּ־געקויפט די פּאָסאַדע ביי סאַפּיעהאַ פאַר 26,000 רובל און האָט געגרינדעט אין איר אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. ער האָט אויך מיט אַ שותף געגרינדעט אין האַראַ־דאָק אַ טוך־פאַבריק, געטריבן דורך וואַסערקראַפט, וואָס איז אָבער שפּעטער אָפּגעברענט געוואָרן. זיינע זין: בנימין אַמדורסקי (1850 אין פּיעשטשאַניקי), יודל קראַנענבערג (אין האַראַדאָק) האָבן שוין באַטריבן זייערע פאַבריקן מיט דאַמפּקראַפט (קאָמפּלעטע פאַבריקן). זיי זיינען געווען רייכע און גרויסע פאַ־בריקאַנטן, וואָס האָבן פאַרקויפט זייערע סחורות אויף די אוקראַינער מערק. פייוול אַמדורסקי האָט געגרינדעט (1872) אַן אַפּרעטור אין פּיעשטשאַניקי.

עס זיינען אויך געווען אין האַראַדאָק שפּינערייען פון מאיר לאַנדאַ, פון

ראַפּעלסקי און מערערע וועבערייען. ביז דער מלחמה האָט זיך האַראַדאָק גע־רעכנט פאַר אַ רייך פאַבריק־שטעטל.

פון האַראַדאָקער פאַר־מלחמהדיקער גרויסער פאַבריקאַציע זיינען געבליבן ביז היינט: די אַפּרעטורן פון יודל קראַנענבערג, אַרטשיק לונסקי, ראַפּעלסקי, און אין פּיעשטשאַניקי — די אַפּרעטור פון פּייוול אַמדורסקי.

### קנישין

דאָס צווייטע יידישע פאַבריק־שטעטל איז געווען קנישין. דאַרטן האָבן גע־גרינדעט קאָמפּלעטע טוך־פאַבריקן צוויי שוואָגערס מענכין גרינשפּאַן און יהושע מיקאַטשינסקי, אויף טשינזשאַוונע ערד פון דער האַבינע קראַשינסקי. זייערע קינדער תנחום גרינשפּאַן און שלמה מיקאַטשינסקי האָבן אויך געגרינדעט קאָמ־פּלעטע פאַבריקן. זייער סחורה פלעגט מען רופן „די קינדערשע". די דאָזיקע פאַבריקן זיינען אונטערגעגאַנגען אַ לענגערע צייט פאַר דער [ערשטער וועלט־] מלחמה.

אויסער דעם זיינען געווען אין קנישין ניט קיין קאָמפּלעטע יידישע פאַבריקן פון איטשע גאָניאָנדסקי, פּייוול קפדן (קנישינסקי), אויך לוין־שפּינערייען און ווע־בערייען פון אברהם גאָלדבערג, פיינשטיין, שפּיטאַלני. אין קנישין זיינען אויך געווען צוויי אַלט־דייטשע שפּינערייען. פון קנישינער פאַבריקאַציע איז קיין זכר ניט געבליבן.

עס זיינען געווען יידישע פאַבריקלעך אין אַנדערע יידישע שטעטלעך אין גראָדנער גובערניע (חוץ ראָזשענאָי): אין וואָלקאָוויסק, אַלבערטין א״א.

### ראָזשענאָי

דער ראָזשענאָיער פאַבריקאַט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דער עיקר מיט לייב פּינעס, דעם אַפּקויפער פון סאַפּיעהאַס פּאַלאַץ, האָט זיך נאָך זיין טויט (אַן ערך אין 1838) שטאַרק פאַרברייטערט און אַנטוויקלט דורך זיינע פינף זין און איין טאָכטער. — די זין האָבן געהייסן: א) מאיר־יוסף, ב) משה, ג־ד) דער צווילינג נח און יצחק, ה) מאָניע. דער איידעם איז געווען מ״ג מינץ, דער מאַן פון לייב פּינעסעס טאָכטער איטקע. יעדערער פון די זעקס האָט געגרינדעט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין שטאָט און אויסערן שטאָט ביי די טייכן לאָסאָסנע (מיט וואַסער־קראַפט), קאַנציפּאָליע און פּאַפּיערנע (פון צווילינג[31], די גרעסטע פאַבריק). לייב פּינעסעס פאַבריק איז איבערגעגאַנגען צו זיין זון מאָניע. שפּעטער האָט דער צווילינג נח און יצחק אָפּגעקויפט (1850) די טעקסטיל־פאַבריק פון פּאָסלאָווסקי

31. שפּעטער איז זי געווען די פאַבריק פון די ברידער יחיאל־מיכל און פישל פּינעס. דער ערשטער איז געווען באַקאַנט ווי אַ העברעאישער שריפטשטעלער און גרויסער עסקן אין חבת ציון און ישוב א״י, וואוינענדיק אין ארץ־ישראל.

אין דעם דערבייאיקן שטעטל קאָסאָווע, וואָס איז דורך דעם געוואָרן אַ פאַבריק־שטעטל.

דער ראָזשענאָיער פאַבריקאַט, וואָס איז דערהויפּט באַשטאַנען פון אַזוי גע־רופענע מיליטער־טוך און דעקעס, איז פאַרקויפט געוואָרן דורך באַזונדערע משולחים און דורך לאַגערן אין ביאַליסטאָק. אויך זייער באַדאָרף פון רויע פּראָ־דוקטן האָבן די ראָזשענאָיער פאַבריקאַנטן דאָ איינגעקויפט. אַזוי אַרום קען ראָ־זשענאָיער פאַבריקאַציע צוגערעכנט ווערן צו ביאַליסטאָקער ראַיאָן. פון דער גרויסער פאַבריקאַציע אין ראָזשענאָי איז נאָך דער מלחמה כמעט קיין זאַך ניט געבליבן.

### קאַפּיטל צוויי

# די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אין די יאָרן 1880—1900

## א. דער גיכער וואוקס פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע

פאַר די יאָרן 1857—1860 געפינען מיר רוסישע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון ביאַליסטאָק און איר ראַיאָן, וואָס באַווייזן, אַז עס איז שוין דעמאָלט געווען אין גראָדנער גובערניע 46 טוך־פאַבריקן מיט 4,693 אַרבעטער. צווישן די פאַבריקן זיינען געווען 19 יידישע, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אין 30 פאַרשיידענע ערטער מיט אַן אומזאַץ פון 3 מיליאָן רובל (מסתמא, אין דער אמתן ניט ווייניקער ווי 15 מיליאָן רובל), אָבער די גרעסטע פאַבריקן זיינען געווען אין ביאַליסטאָק, דערהויפּט אין איר נאָענטער סביבה: כאָראָשטש, סופּראַסלע, דאָבזשיניע, האָראָדאָק, מיכאַלאָווע (ניעזבודקע), קנישין און אויך אַלבערטין, ראָזשענאַי, קאָסאָווע, וואָלקאָווויסק. דער ווערט פון די אויסגעאַרבעטע סחורות איז געווען דער גרעסטער אין די צוויי גרויסע דייטשע פאַבריקן אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן: פון מאָעס אין כאָראָשטש און ווילהעלם זאַכערט אין סופּראַסלע.

אין 1867 זיינען שוין געווען 89 פאַבריקן, אין דעם 44 יידישע מיט אַן אומזאַץ פון אַן ערך 5 מיליאָן רובל[1] (מסתמא אין דער אמתן 20 מיליאָן רובל). די צאָל יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס אין ביאַליסטאָק אין מאַי 1868 זאָל האָבן געווען 2,500. די צאָל זעט אויס ווי אַ גוזמא.

אין 1886 זיינען געווען אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן אַן ערך 150 פאַבריקן, וואָס אַ העלפט פון זיי זיינען געווען יידישע. פון 6,000 אַרבעטער זיינען געווען 1,200 יידן. 80% פון די יידישע אַרבעטער זיינען געווען וועבערס, אָבער זייער ווייניק פון זיי זיינען געווען שפּינערס און אַפּרעטירערס, וואָס איז געווען ספּעציעל ניט קיין יידישע אַרבעט.

אין 1887 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק 98 פאַבריקן אין יידישע הענט, דערפון 60 טוך־פאַבריקן[2].

אין 1897, וואָס גראָד דעמאָלט איז געווען דער אויפשטייג פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע, איז לויט דער רוסישער סטאַטיסטיק פון די פאַבריק־אינספּעקטאָרן[3] געווען:

---

1. Виленский Вестник 1868 № 75.
2. זען יעקב לעשטשינסקיס אַרטיקל אין ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ, ב׳ IV, ז׳ 473.
3. М. Г. Милейковский, Очерк Белостока, Киев 1897.

אין ביאַליסטאָק

| מין אונטערנעמונגען | צאָל פאַבריקן | צאָל אַרבעטער |
| --- | --- | --- |
| וואָלענע־טוך־פאַבריקן | 188 | 2,358 |
| קאַרטענע־טוך־פאַבריקן | 11 | 1,611 |
| וואָל־פאַבריקן | 9 | 397 |
| שפינערייען | 16 | 495 |
| זייד־פאַבריקן | 5 | 249 |
| פילצהוט־פאַבריקן | 1 | 165 |
| **אין דער סביבה** | | |
| קאַרטענע טוך־פאַבריקן | 64 | 3,172 |
| וואָלענע טוך־פאַבריקן | 2 | 285 |
| שפינערייען | 7 | 156 |
| פאַרבערייען | 3 | 109 |
| וואַטע־פאַבריקן | 3 | 81 |
| סך־הכל | 309 | 9,078 |

מיר שטרייכן אונטער נאָך אַ מאָל: דאָס איז די אָפיציעלע סטאַטיסטיק. מע קען זיך נאָך פאַרלאָזן בנוגע דער צאָל אונטערנעמונגען, ניט אין גאַנצן בנוגע דער צאָל אַרבעטער. אָבער מע קען זיך אויף אָט דער סטאַטיסטיק ניט פאַרלאָזן, ווען עס קומט צום אַלגעמיינעם אומזאַץ. זי גיט אָן דעם אַלגעמיינעם אומזאַץ סך־הכל אין גרויס פון 5,035,025 רובל. דאָס איז אין גאַנצן פאַלש. מאָעס אַליין האָט דעמאָלט געמאַכט אַן אומזאַץ פון דריי מיליאָן רובל. עס האָבן זיך אין דער זעלביקער צייט געפונען אין ביאַליסטאָק גופא אַרום 75 וועבערייען, אין יעדער וועבעריי זיינען געווען אמת טאַקע ס'רוב פון 5 ביז 10, אָבער אויך אַזש ביז 75 אַרבעטער. חוץ דעם זיינען געווען אַפּרעטורן און פאַרבערייען.

אײדער מיר ברענגען אַנדערע ציפערן, לאָמיר באַטראַכטן די אַלגעמיינע סיבה פון דעם גרויסן אויפשטייג אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פּראָדוקציע.

אין די יאָרן 1876—1878, אין דער צייט פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה, זיינען אַריינגעפלאָסן גרויסע קאַפּיטאַלן אין אַלע האַנדלס־און פאַבריק צענטערס אין רוסלאַנד און אויך אין ביאַליסטאָק. איז אין דער ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע געקומען אַ גרויסער אויפשטייג. עס זיינען אַנטשטאַנען פון 1878 ביז 1900 אַ סך יידישע פולקומע פאַבריקן אין ביאַליסטאָק און אויך אַ סך וועבערייען, וואָס האָבן געשפונען, געפאַרבט און אַפּרעטירט אין די באַזונדערע דייטשע און יידישע לוין־פאַבריקן פאַר דעם צוועק. אַלע האַנט־שפינערייען אין אַ צאָל פון 350 זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, און זייער אָרט האָבן פאַרנומען מעכאַנישע שפינערייען, אָבער מיט האַנטשטולן האָט מען געאַרבעט ביז 1897.

ווייטער דאַרף מען האָבן אין זינען די אַלגעמיינע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד אין דעם לעצטן פערטל פון פריערדיקן יאָרהונדערט. קיין לייב־איגנטום איז מער ניט געווען; שטעט זיינען גיך געוואַקסן. עס האָט געהאַלטן אין איין שטייגן די קויף־פעאיקייט פון דער ברייטער באַפעלקערונג, לכל הפחות אויף וויפל עס איז געגאַנגען אין באַפרידיקן די באַדערפעניש אין ביליקערע שטאָפן. און ביאַליסטאָקער ידישע פאַבריקאַנטן האָבן ניט געקאָנט און אויך אפשר ניט געוואָלט פּראָדוצירן די טייערע פאַבריקאַטן, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעאַרבעט. די ידישע פאַבריקאַנטן האָבן פאַבריצירט די זעלביקע מינים און מוסטערן, אָבער פון נידעריקערע קוואַליטעטן און ממילא פאַר ביליקערע פּרייזן. און דאָס האָט זיי געמאַכט גאַנגבאַר, ווייל זיי זיינען געווען צוגעפּאַסטער צו די באַדערפעענישן פון די מיטעלערע און אָרעמערע פאָלקס־שיכטן אין גאַנץ רוסלאַנד, אויף אַלע רוסישע מערק, ווי ניזשני נאָווגאָראָדער און די אוקראַינישע מערק: פּאָלטאַווע, ראָמני און די גרויסע פאַרקויפס־פּלעצער, ווי: מאָסקווע, פּעטערבורג, כאַרקאָוו, קיעוו און אויך אויף דער גאַנצער וואָלגע און „יוג" (דרום).

די פאַבריקאַציע פון קונסטוואָל

צוגעהאָלפן פאַר פאַרביליקונג פון דער ביאַליסטאָקער ידישער פאַבריקאַציע — ביז די מעגלעכסטע גרענעצן — האָט ניט קיין דייטשער פאַך־געלערנטער פאַבריקאַנט, נאָר אַן איינפאַכער אָרטיקער ייד, אַ געוויסער י א ק א ב ל ע ו ו י, אָדער, ווי מ'האָט אים דאָ גערופן, „דער אַמעריקאַנער". ער איז פריער געווען אַן אַרבעטער אָדער מייסטער אין יודל זילבערפעניגס אַפּרעטור אין סוכאָביע. פון דאָרטן האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע; אין אַמעריקע האָט ער געאַרבעט אין אַ קונסט־וואָל־פאַבריק. האָט ער זיך צוריקגעקערט דערנאָך קיין ביאַליסטאָק אין יאָר 1885 און האָט דאָ געגרינדעט אַ גרויסע פאַבריק פאַר קונסטוואָל.

קונסטוואָל, ד"ה וואָל פאַבריצירטע פון פאַרשיידענע שמאַטעס, איז פריער אויך געווען אַ רוי־פּראָדוקט, וואָס מ'האָט זיך מיט אים באַנוצט צום אויסאַרבעטן טוך און פּאַלטע אין ביאַליסטאָק און אין פּוילישע פאַבריקן, איבערהויפּט צו דער מאַני־פּולאַציע מיט וואָל צו אונטערפוטער־גאַרן. אָבער קונסטוואָל איז געווען אַן אויס־לענדישער פּראָדוקט וואָס איז געווען באַלייגט מיט אַ גרענעץ צאָל. אויך איז דער פּראָדוקט שטאַרק פאַרטייערט געוואָרן דורך די פאַרמיטלערס די הענדלערס, וואָס זיינען פון ברענגען אים רייך געוואָרן. איצט איז דער זעלביקער פּראָדוקט אויס־געאַרבעט געוואָרן דורך יאַקאָב לעווי אין ביאַליסטאָק גופא, אויסגעאַרבעט פון אינלענדישע און אויך אויסלענדישע שמאַטעס. איז ער ממילא זייער פאַרביליקט געוואָרן, און מ'האָט אָנגעהויבן זיך מיט אים צו באַנוצן אַנשטאט וואָל אויך פאַר קעטן און שוסגאָרן. אַזוי אַרום האָט מען געקענט פאַרביליקערן אַלע וואָלענע סחורות דורך קונסטוואָל־מאַניפּולאַציע, ביז צו די ביליקסטע פּרייזן.

באַלד נאָך יאַקאָב לעווי האָבן זיך געגרינדעט מערערע אַזעלכע פאַבריקן אין ביאַליסטאָק און אין איר ראַיאָן. אויך אין לאָדזש איז געגרינדעט געוואָרן (דורך

בירענבוים) אַ גרויסע קונסטוואָל־פאַבריק און מען האָט דאָרטן פאַבריצירט סחורות פון איר. עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די פאַבריקאַנטן די גרינדלעכע קענטעניש פון פאַבריצירן קונסטוואָל: דאָס סאָרטירן און רייסן פאַרשיידענע שמאַטעס, לויט זייערע קוואַליטעטן און זייער איינטיילונג פאַר דער שפּינעריי פון פאַרשיידענע סאָרטן גאַרן: קעטע, שוס און פוטער.

שפּעטער האָט מען אויפגעהערט צו פאַבריצירן קונסטוואָל אין באַזונדערע גרויסע פאַבריקן. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז פאַרמאַכט, און עס האָבן זיך געגרינדעט אין ביאַליסטאָק באַזונדערע רייסערייען ביז אַ צאָל בערך פון 100, מיט 800 אַרבעטערינס, סאָרטירערינס פון די שמאַטעס. די דאָזיקע רייסערייען האָבן געליפערט קונסטוואָל אויך פאַר אַנדערע פאַבריקן. אַ גרויסע צאָל ביאַליסטאָקער שפּינערייען האָבן געשפּונען „וויגאָניע״־גאַרן (אַ געמיש פון וואָל און קונסטוואָל) פאַר די פאַבריקן פון לאָדזש און איר ראַיאָן. אָבער ביסלעכווייז זיינען רייסערייען געוואָרן אָפּטיילונגען ביי די שפּינערייען. אַ ל ע קונסטוואָל־פאַבריקן האָבן זיך פאַרמאַכט. (יאַקאָב לעוויס קונסטוואָל־פאַבריק איז לעצטנס איבערגעגאַנגען צו די גרויסע נאָך־מלחמהדיקע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן סאָקאָל און זילבערפעניג). יעדער פאַבריקאַנט האָט אָנגעהויבן צו קויפן זיין שמאַטעס־געברויך און זיי באַאַרבעטן פאַר דעם געברויך פון דעם טוך־און פאַלטע פאַבריקאַט. נאָך די מלחמה־יאָרן האָט ביאַליסטאָקער יידישער פאַבריקאַט (קיין אַנדערער איז כמעט מער ניטאָ אין ביאַליסטאָק) כמעט אויפגעהערט זיך צו באַנוצן מיט נאַטירלעכע וואָלן און באַוויזט וואונדער מיט זיין פאַבריקאַט פון ריינע קונסטוואָל.

## ב. באַנק־הייזער, פאַרקויפס־הייזער, קאָמיסיאָנערן

גלייכצייטיק מיט דער דייטשישער פאַבריקאַציע זיינען אנטשטאַנען, ווי מיר האָבן דערמאָנט, יידישע באַנקהייזער, ד״ה דיסקאָנטערן און מלווים, וואָס האָבן באַזאָרגט דעם דייטשן פאַבריקאַנט מיט די נייטיקע געלט־טראַנסאַקציעס. עס זיינען אויך אויפגעקומען כמעט אויסשליסלעך יידישע אַגענטורן און קאָמיסיאָנס־הייזער, פון איין זייט, צו ליפערן פאַר דעם פאַבריקאַנט אַלע נייטיקע רויע פּראָדוקטן, איבערהויפּט פּוילישע, רוסישע און אויסלענדישע וואָלן, קאַמגאַרנס, קונסטוואָלן, פאַרבשטאָפן, סאָדע, סטעאַרין, אָלעאין פאַר די פאַרבערייען, שפּינערייען און אַפּרעטורן.

די גרעסטע צאָל פון אָט אַזעלכע האַנדלס־פירמעס זיינען רייך געוואָרן. די באַדייטנדיקסטע פון זיי זיינען געווען די ערשטע: אהרן־שבתי גאָרדאָן און שפּעטער זיין יורש — די באַקאַנטע מיליאָנען־פירמע „מאַרקוס א. ש. גאָרדאָן״, יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי, חיים־בער זאַקהיים און זיין זון לעאָן, ר׳ לייב וויינרייך (ער איז געווען פון די ערשטע סוחרים מיט רוסישע וואָלן), נחום צויזמער, משה אייגער (אַן אייניקל פון מלכה־רייזל, אַן אורא‌ייניקל פון ר׳ עקיבא אייגער; ער האָט שפּעטער דערוואָרבן אַ גרויסן קאַפּיטאַל. אין דער טערקישער מלחמה איז ער אַוועק פון ביאַליסטאָק קיין ווין און דאָרטן געשטאָרבן). ישראל בולקאָווש‌טיין (שמואל בולקאָוושטיינס זון, דער שווער פון די ברידער טרילינג), באַזשע סעגאַל, חיים בלאָך,

ישראל און זיינע זין אברהם און אליהו טרילינג, משה־מאיר ראָזענטאַל און שפּעטער זיין זון שמואל און נאָך מערערע קלענערע אַגענטן און אויך קאָמיסיאָנערן, — זיי זיינען געווען די הויפּט־זיילן, וואָס אויף זייערע קרעדיטן פון פאַרשיידענע רויע פּראָדוקטן האָט זיך געשטיצט די גאַנצע פאַבריקאַציע, די דייטשישע און אויך די יידישע. פון דער אַנדערער זייט, זיינען געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך יידישע פאַרקויפס־היזער און אויך קאָמיסיאָנערן־פּאַרמיטלערס און קאָמי־וואָיאַזשאָרן — אַלע נאָר יידן.

אין דער שפּיץ פון די פאַרקויף־היזער זיינען געשטאַנען יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי [4], חיים־מיכל קאַפּלאַן און לייזער קאַץ פאַר די סופּראַסלער און כאָראָשטשער פאַבריקאַנטן ; מאַרקוס א. ש. גאָרדאָן — פאַר די פּעטערבורגער און ריגער פאַבריקאַנטן ; גרשון העפּנער, אהרן־יהושע שפּירא, יעקב באָמכעל, מיכל־דוד און מענדל שפּירא, לעאָן וועגדל, שבתי גראָדסקי און נאָך אַנדערע קלענערע — פאַר דעם אָרטיקן יידישן און פאַר די שטעטלשע פאַבריקאַנטן, ווי מיכאַלאָווער (ניעזבודקער), האָראָדאָקער, קנישינער.

ביי די יידישע קאָמיסיאָנערן פאַר דעם יידישן פאַבריקאַט האָט זיך אויסגעאַרבעט אַן אייגנטימלעכע קאָמיסיאָנס־פאָרם פון אויסבייטן וואָל אויף פאַרטיקע סחורה. עס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע דער פאַרקויף פון די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען אויף די רוסישע, איבערהויפּט די אוקראַינישע מערק. די הויפּט־פאַרקויפערס זיינען ווידער געווען ביאַליסטאָקער יידישע סוחרים.

אין די 60—80ער יאָרן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די מערקהענדלערס יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי און די ברידער שמעון־לייזער, דוד און יאָסל כהן פון האָראָדאָק און אַסך אַנדערע. עס פלעגן קומען קיין ביאַליסטאָק רוסישע און יידישע סוחרים פון גאַנץ רוסלאַנד און פוילן איינצוקויפן אויפן אָרט זייער באַדאַרף פון ביאַליסטאָקער סחורות, דורך אָרטיקע קאָמיסיאָנערן־פּאַרמיטלערס : מרדכי־שלמה וועגדל, בישקע קאַפּלאַן, נאָניע גאָלדשטיין, אבא זשעבין און נאָך אַ סך אַנדערע קלענערע. פאַר דער רוסישער קונדשאַפט, איבערהויפּט מאָסקווער, פּעטערבורגער, האָבן צוגעשטעלט סחורות די קאָמיסיאָנערן מאָקאָווער, י״ב עפּשטיין, דלוגאַטש און נאָך עטלעכע.

חוץ די אַלע משולחים, וואָס פלעגן אַרומפאָרן אַ גאַנץ יאָר מיט ביאַליסטאָקער סחורות אויף די יאַרידים, ווי : זעלווע, יאַרמעלינעץ, כאַרקאָוו, פּאָלטאַווע, ראָמני, ניזשני־נאָווגאָראָד, פּירנדיק די סחורות אויף וועגענער, און נאָך דעם שוין מיט די פאַרצווייגטע באַנען, — זיינען געווען די יידישע קאָמי־וואָיאַזשאָרן, וואָס פלעגן אַרומפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד צו פאַרקויפן לויט מוסטערן אַלע ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען.

---

4. ווי עס איז געווען באַקאַנט אין ביאַליסטאָק, האָט אַמאָל געהאַלטן דער רייכסטער דייטשער פאַבריקאַנט מאָעס ביי אַ גרויסן געלט־קריזיס, וואָס וואָלט אים רואינירט (אפשר נאָך זיין שרפה), האָט אים אַרויסגעהאָלפן יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי. האָט ער דערפאַר פון אים באַקומען דעם פאַרקויף־קאָמיסיאָן פון זיינע סחורות.

דער ערשטער וואָס האָט געגרינדעט אין די 80ער יאָרן די וואַיאַזשאָרסטווע אין ביאַליסטאָק, איז געווען אַ גראָדנער ייד, אַן אַרטיקער האָטעל־באַזיצער — מאַקאָ־ווער מיט זיינע קינדער. דערנאָך האָבן אים איבערגעשטיגן זיינע צוויי אָנגעשטעלטע וועלטמאַן — פאַר דער וואָלגע און פרידענשטיין — פאַרן „יוג" (דרום־רוסלאַנד).

שפּעטער זיינען אַרומגעפאָרן יידישע רייזענדער קאָמי־וואַיאַזשאָרן איבער סיביר, קאַווקאַז, און עס איז ניט געבליבן קיין פּאַרוואָרפן דערפל אין אַן עק רוס־לאַנד, וואו די ביאַליסטאָקער רייזנדערס זיינען ניט געקומען מיט זייערע קאָלעק־ציעס פון ביאַליסטאָקער סחורות. אויך פלעגן די לאָדזשער יידישע קאָמי־וואַיאַ־זשאָרן מיטנעמען ביאַליסטאָקער קאָלעקציעס און האָבן אויך געהאָלפן צו פאַר־שפּרייטן ביאַליסטאָקער פאַבריקאַטן. ביאַליסטאָק איז געווען דער צענטראַלער איינ־קויף־ און פאַרקויף־פּלאַץ פון דעם פאַבריקאַט פון ג אַ נ צ ן ר א י אָ ן.

דורך די אַלע האַנדלס־פאַרקויף־און פאַרשפּרייט־מיטלען, וואָס די יידישע סוחרים האָבן געשאַפן, האָט זיך די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע אין אַלגעמיין שטאַרק פאַרגרעסערט און זיך אַנטוויקלט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. אָבער דער פאַבריקאַט גופא האָט ביסלעכוויז אין גאַנצן זיך געביטן. אַנשטאָט וואָס פריער איז אין אים געווען דער עיקר דער פיינערער בעסערער דייטשער פאַבריקאַט, איז איצט אין אים געוואָרן דער עיקר די מיטעלע און ביליקערע סאָרטן פון דער יידישער פאַבריקאַציע. דער פיינערער, טייערער דייטשער פאַבריקאַט האָט ניט געקענט אויסהאַלטן די פוילישע קאָנקורענץ, פון איין זייט, און די יידישע אַרטיקע קאָנ־קורענץ, פון דער צווייטער זייט. איז ער דעריבער ביסלעכוויז ליקווידירט געוואָרן. די דייטשע פאַבריקן, חוץ די מאָעסישע און עטלעכע געציילטע, האָבן זיך פאַר־מאַכט ; זייערע בנינים און מאַשינען, איבערהויפּט די סופּראַסלער, זיינען איבער־געגאַנגען צו יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע שפּינערייען, פאַר אַלע יידישע וועבערייען, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע שפּינערייען, פאַרבערייען און אַפּרעטורן. אפילו דער דייטשער (לויט זיין קוואַליטעט), מיטעלער פאַבריקאַט האָט ניט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון דער אַרטיקער יידישער. און אויך דער דייטשער פיינער דעקעס־פאַבריקאַט איז אַריבער אין יידישע הענט.

דאָס אויסאַרבעטן דעקעס איז ביסלעכוויז געוואָרן אַ ספּעציעל ביאַליסטאָקער און דערביי אַ ספּעציעל יידישער פאַבריקאַט. דאָ האָבן יידן אין גאַנצן אַרויסגע־שטויסן די פריערדיקע גרויסע דייטשע פאַבריקאַנטן ווי די קאָמיכוס, פלאַקערט אד"גל. די ביליקערע שעוויאָט־דעקעס האָבן אויסגעאַרבעט ל אַ ז אַ ר ב ל אָ ך, די ברידער אַ ב ר אַ מ ס ק י, ל י י ב ק ר אָ נ ע נ ב ע ר ג, ל י י ב ד ע נ ע נ ב ע ר ג און נאָך עטלעכע קלענערע פאַבריקאַנטן, חוץ די סאָלדאַטסקע ביליקע דעקעס, וואָס איז געווען אַ ספּעציעל ראַזשענאַיער יידישער פאַבריקאַט. היינט [1935—1936] ווערט אין ביאַליסטאָק אויסגעאַרבעט ביליקע דעקעס אין אַ גאַנץ קליינעם מאַסשטאַב.

דער פּראָצעס פון אַריבערנעמען דייטשישע פאַבריקן ציט זיך די גאַנצע צייט. אַרום 1900 איז די פאַבריק פון זאַכערט געדונגען געוואָרן פון די ברידער הירש־

האָרן — אַ שפּינערײַ, פאַרבערײַ און אַפּרעטור. אין 1902 זײַנען די פאַבריקן פון בוכהאָלץ און אין 1919 פון אוינערט אָפּגעקויפט געוואָרן פון ש. ציטראָן. די פאַבריק פון אַלט איז אַריבער צו משה קרינסקי. דאָס זײַנען נאָר אַ פּאָר בײַשפּילן ווי אַזוי יידן האָבן אַרויסגעשטויסן און געירשנט דעם דײַטשישן פאַבריקאַנט.

## ג. די באַציאונג צווישן פאַבריקאַנט און קאָמיסיאָנער אין דער יידישער טעקסטיל־אינדוסטריע

אָבער די יידישע פאַבריקאַציע האָט געטראָגן אין זיך אויך צעשטערונגס־שטאָף, וואָס איז באַשטאַנען אין שאַרפזיניקע, אַזוי צו זאָגן, פּלפּוליש־סוחרישע אָפּעראַציעס. מיר ברענגען דאָ עטלעכע בײַשפּילן, וואָס זײַנען זייער כאַראַקטעריסטיש און באַלערנדיק [5]:

דער ביאַליסטאָקער יידישער פאַבריקאָט האָט געהאַט נאָר אַ ווינטער־סעזאָן. זײַן פאַרקויף האָט זיך באַגרענעצט נאָר אויף די חדשים פון יוני ביז נאָוועמבער, אָקעגן זשע די דײַטשע פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט אויך אַ זומער־סעזאָן פאַר זייערע אויסאַרבעטונגען פון לײַכטע גאַרניטור־שטאָפן, וואָס יידישע פאַבריקאַנטן האָבן זיי אין דעם ניט געקענט נאָכגיין. געאַרבעט האָט מען דעמאָלט נאָר אויף האַנטשטולן, אויספילן דעם גאַנצן באַדאַרף אין פאַרטיקע סחורה דורך דאָפּלטע שיכטן אין דעם ווינטער־סעזאָן אַליין, ווי ביי מעכאַנישע שטולן היינט, איז געווען אוממעגלעך. אָבער וואו קען נעמען אַ קליינער פאַבריקאַנט, און אפילו אַ מיטעלער, זײַן באַדאַרף אין רוי־מאַטעריאַלן און געלט אין דעם 6־חדשימדיקן טויטן סעזאָן?

צו פאַרענטפערן די דאָזיקע האַרבע שאלה זײַנען אַנטשטאַנען די אַזוי גע־רופענע קאָמיסיאָנערן, וואָס האָבן קרעדיטירט דעם פאַבריקאַנט זײַן גאַנצן באַ־דאַרף אויף משכון פון פאַרטיקע סחורות אין משך פון גאַנצן טויטן סעזאָן. אָבער זיי זײַנען ניט געווען פּשוטע מלווים על משכון, נאָר זײַנען גלײַכצײַטיק געווען די בעלי־בתים פון די פאַרמשכונטע סחורות זיי צו פאַרקויפן אין סעזאָן אויף מזומן אָדער קרעדיט פאַר טײַערע פּרײַזן אָדער ביליקע.

דאַכט זיך, אין פלוג אַ גאַנץ גלײַכע, אַנגענעמע זאַך פאַרן פאַבריקאַנט, וואָס איז געווען באַפרײַט פון אַלע דאגות און קלאָפּאָטן. אָבער אַז ער האָט באַקומען סוף סעזאָן ד״ין שלוס־רעכענונג פון קאָמיסיאָנער, האָט ניט איינער געהלשט אויפן אָרט, זעענדיק, אַז ער איז געוואָרן אַן אָרעמאַן: די צינזן און די סך שורה־לעך פון פאַרש״ידענע הוצאות האָבן אויפגעגעסן דאָס גאַנצע ביסל אייגנס פון פאַבריקאַנט. צו מאָרגנס האָט מען געמאַכט עכובי הקריאות אין די בתי מדרשים, וואו די קאָמיסיאָנערן האָבן געדאַוונט, מען האָט זיי געשלעפּט צו דין־תורות און צו בוררים, און וויפל דער פאַבריקאַנט האָט געקענט אַרויסראַטעווען פון קאָ־מיסיאָנער — איז עס געווען אַ געווינס.

5. זען מײַן אַרטיקל „דער צוזאַמענשטויס״,ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, זז׳ 17—20.

ניט ביי אַלע פאַבריקאַנטן איז אַזוי געווען דער פאַל. עס זיינען אויך גע־ווען פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט צו ווערן זעלבשטענדיק; על־כל־פנים זיינען די פאַלן פון שלעכטע רעזולטאַטן געווען גרויס אין צאָל.

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל באַשאַפן ווערן אַ נייע האַנדלס־פאָרם צווישן קאָמיסיאָנער און פאַבריקאַנט — דער אַזוי גערופענער „חילופים־האַנדל" ד"ה „טויש־האַנדל". דאָס איז אייגנטלעך די פרימיטיווע האַנדלס־פאָרם ביים מענטשן אין די עלטסטע צייטן, בעת עס איז נאָך ניט דערפונען געוואָרן די מטבע ווי פאַרמיטלער פון פאַרקויף און איינקויף. די דאָזיקע האַנדלס־פאָרם עקסיסטירט נאָך היינט ביי די ווילדע שבטים, און דאָס איז באַנייט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער יידישן אינדוסטריע־האַנדל צווישן קאָמיסיאָנער און פאַברי־קאַנט.

דער קאָמיסיאָנער איז שוין איצט ניט געווען אַ מלוה על משכון, נאָר ער איז געוואָרן דער פּראָדוקט־הענדלער און גלייכצייטיק דער איינקויפער פון סחורה ביים פאַבריקאַנט. דער קאָמיסיאָנער האָט ביי אים צוגענומען זיין לאַגער פאַר־טיקע סחורות פאַר אַ געוויסן פרייז און האָט אים באַצאָלט דערפאַר מיטן גאַנצן באַדאַרף פון רויע פּראָדוקטן, וואָס איז דעמאָלט געווען דערהויפּט וואָל, לויט אַ באַשטימטן פרייז, און דערצו נאָך אַ טייל געלט. דאָס הייסט פאַר יעדער אַרשין סחורה האָט ער אים געגעבן כך וכך רוישטאָף און כך וכך געלט.

ביי דער דאָזיקער פאָרם פון האַנדל האָט שוין דער קאָמיסיאָנער ניט שטענדיק געהאַט די שליטה איבערן פאַבריקאַנט. אַלץ איז אָבער געווען אָפּ־הענגיק, ווער ווער וועמען האָט געקענט בעסער עקספּלואַטירן, ווער פוןביידע האָט געהאַט בעסערע פעאיקייטן און אַ שאַרפערן מח פאַרויס צו באַרעכענען אַלע מעג־לעכע קאָניוקטורן. געוויינלעך איז דער קאָמיסיאָנער געווען דער פעאיקערער. עס זיינען אָבער אויך געווען פאַלן פאַרקערט און אויך פאַלן, וואָס ביידע זיינען גע־שטאַנען גלייך. על־כל־פנים איז פון אַזאַ קליגלען זיך פאַרלוירן געגאַנגען די סטאַביליטעט, די פעסטקייט פון פרייז פון דער סחורה, וואָס האָט געקענט אויף אַזאַ אופן פאַרקויפט ווערן אונטערן קאָסטפרייז, און מען זאָל בשעת מעשה ניט פילן דעם פאַרלוסט, וואָס קומט דערפון אַרויס און וואָס פירט צום אונטער־גראָבן דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד און די עצם עקסיסטענץ פון פאַבריקאַציע.

ווי אַן אילוסטראַציע פון דעם דאָזיקן חילופים־האַנדל ווילן מיר דאָ איבער־געבן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד:

אין ביאַליסטאָק האָט עקסיסטירט אַ געוויסע פאַבריק־פירמע פון צוויי וואַשליקאָווער יונגעלייט, ברידער סאָלאָווייטשיק. זיי זיינען געווען זייער טיכטיק אויף צו מאַכן גרויסע אומזאַצן, זיי האָבן זיך אָבער איין מאָל פאַרגאַלאָפּירט מיט אָנגרייטן צופיל סחורה צום סעזאָן. איז ביי זיי געבליבן גרויסע קוואַנטומס פון פאַרטיקע סחורה. צו דער זעלביקער צייט האָבן זיי געהאַט אַ סך צאָלונגען — כאַטש נעם און ווער דערשטיקט! און אין שטאָט איז אַ גרויסער געלט־דוחק; די קאָמיסיאָנערן האָבן ניט געוואָלט נעמען קיין סחורה אפילו אומזיסט. זייער

מעקלער איז געווען אַ געוויסער אליהו הערשהאָרן, אַ באַקאַנטער שאַרפער קאָפּ. האָט ער גענומען אַ פּראָבע פון וואָל און געגאַנגען צו ר׳ גרשון העפּנער, דעם דעמאָלדיקן רייכן און גרויסן קאָמיסיאָנער און אויך מיט אַ שאַרפן מח, און אים פאָרגעלייגט צו קויפן לויט דער דאָזיקער פּראָבע אַ גרויסן קוואַנטום וואָל, וואָס ליגט אין קאַנטאָר צום פאַרקויפן. ר׳ גרשון האָט זיך פאַרוואונדערט אויף זיין פאָרשלאָג צו קויפן אַזאַ גרויסן קוואַנטום וואָל, בשעת עס איז ניטאָ קיין קונים אויף וואָל אין שטאָט. ענטפערט ער אים: „אַ קונה האָב איך גראָד, דאָס זיינען די סאָלאָווייטשיקס, וואָס ווילן באַצאָלן די גאַנצע סומע מיט פאַרטיקע סחורה און לויט אַ צוגענגלעכן פּרייז״. ר׳ גרשונען איז דער פאָרשלאָג געפעלן, ווייל דער פאָרדינסט איז געווען אַנציִענדיק. נאָך אַ דינגעניש איז דער געשעפט געשלאָסן געוואָרן. די סאָלאָווייטשיקס האָבן אַריינגעפירט זייער גאַנצן לאַגער סחורה צו ר׳ גרשונען, וואָס האָט איינגעצאָלט אליהו הערשהאָרנען פאַר די וואָל, וואָס ער האָט געדאַרפט איבערגעבן די ברידער סאָלאָווייטשיק.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע וואָל איז געווען אַ פיקציע, עס איז גאָר קיין וואָל ניט געווען במציאות. אליהו הערשהאָרן האָט אָבער געוואוסט, אַז ווען ניט דער אויפטו אויף פּשטל פון וואָל, וואָלט ר׳ גרשון העפּנער די סחורה ניט געקויפט, אויך וואָלטן די סאָלאָווייטשיקס ניט געקענט זיך בלאַמירן און פאַרקויפן זייער סחורה אַזוי ביליק.

אַזוי האָט מען געהאַנדלט און געוואַנדלט אין דער ביאַליסטאָקער יידישער טעקסטיל־אינדוסטריע. מען איז געקראָכן אויף 6־שטאָקיקע בוידעמס פון קאָפּ־מלאכה.

די לעצטע איבעריק געבליבענע דייטשע פאַבריקאַנטן האָבן אויך געמוזט איינגיין אויף דעם דאָזיקן טויש־האַנדל. מען מוז מודה זיין, אַז דער דאָזיקער האַנדל האָט זייער א סך געהאָלפן צו אַנטוויקלען און פאַרגרעסערן די ביאַליס־טאָקער יידישע פאַבריקאַציע, אָבער גלייכצייטיק האָט ער אונטערגעגראָבן איר פּרייע, געזונטע אַנטוויקלונג. דערצו האָט צוגעהאָלפן זייער פיל די פאָרמערונג פון די בענק, באַנקהייזער, פּריוואַטע דיסקאָנטערן, וואָס האָבן מיט אַ ברייטער און פרייער האַנט געטיילט קרעדיטן אויף רעכטס און אויף לינקס, ניט פונאַנדער־קלייבנדיק זיך אין דער אמתער קרעדיט־פעאיקייט פון די פאַבריקאַנטן און קאָ־מיסיאָנערן. דעריבער אַז עס איז געקומען דער גרויסער אַלגעמיינער קריזיס פון יאָר 1900, זיינען אַראָפּגעפאַלן אַ גרויסער טייל אויך פון די ביאַליסטאָקער יידישע פאַבריקאַנטן. אַ סך פון די בעסערע און פיינערע מענטשן האָבן ניט גע־קענט זיך צוריקקערן צו זייער פריערדיקן מעמד.

## ד. די ציפערן פאַרן יאָר 1898

מיר ברענגען דאָ ווייטער פינף טאַבעלעס וואָס גיבן איבער דורך ציפערן דעם צושטאַנד פון דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אין יאָר 1898. מיר האַלטן אַז אָט די ציפערן זיינען גענויער און ריכטיקער ווי די וואָס מיר

האָבן גענומען דירעקט פון דער אָפיציעלער רוסישער סטאַטיסטיק. זיי גיבן ניט קיין פאַרשטעלונג וועגן אומזאָץ, וואָס דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. דערפאַר האָבן מיר דאָ ווייטער אַ פאַרשטעלונג וועגן דעם יידישן אָנטייל אין דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע סוף 19טן יאָרהונדערט[6].

די אַלע ווייטערדיקע טאַבעלעס נעמען אַרום ביאַליסטאָק און די גאַנצע אומגעגנט.

## טאַבעלע I

### די צאָל יידישע און ניט־יידישע פאַבריקן

| מין אונטערנעמונגען | צאָל־פאַבריקן: בסך־הכל | צאָל־פאַבריקן: יידישע | פראָצענט יידישע |
|---|---|---|---|
| טוך־פאַבריקן | 318 | 260 | 83.08 |
| וואָל־פאַבריקן | 11 | 9 | 81.82 |
| פאַרבערייען | 8 | 6 | 75.00 |
| וואָל־באַאַרבעטונג | 13 | 9 | 69.23 |
| שפינערייען | 14 | 10 | 71.43 |
| קונסטוואָל | 6 | 4 | 66.66 |
| סך־הכל | 370 | 298 | 80.05 |

## טאַבעלע II

### די צאָל אַרבעטער אין יידישע און ניט־יידישע פאַבריקן

| מין אונטערנעמונגען | צאָל אַרבעטער: בסך־הכל | צאָל אַרבעטער: אין יידישע פאַבריקן | פראָצענט אין יידישע פאַבריקן |
|---|---|---|---|
| טוך־פאַבריקן | 7,606 | 4,408 | 58.0 |
| וואָל־פאַבריקן | 310 | 278 | 89.7 |
| פאַרבערייען | 120 | 38 | 31.7 |
| וואָל־באַאַרבעטונג | 607 | 412 | 67.8 |
| שפינערייען | 285 | 223 | 78.2 |
| קונסטוואָל | 295 | 221 | 74.9 |
| סך־הכל | 9,223 | 5,580 | 60.05 |

6. זען לעשטשינסקי, דצ"ו, זז' 473—476.

## טאַבעלע III

### די דורכשניטלעכע צאָל אַרבעטער אין יידישע און ניט־יידישע פאַבריקן

| מין אונטערנעמונגען | דורכשניטלעכע צאָל אַרבעטער אין ניט־יידישע פאַבריקן | יידישע פאַבריקן |
|---|---|---|
| טוך־פאַבריקן | 55.0 | 16.9 |
| וואָל־פאַבריקן | 16.0 | 30.9 |
| פאַרבערייען | 41.0 | 6.3 |
| וואָל־באַאַרבעטונג | 49.0 | 45.8 |
| שפּינערייען | 15.5 | 22.3 |
| קונסטוואָל | 37.0 | 55.2 |
| סך־הכל | 50.6 | 18.7 |

פון די טאַבעלעס זעען מיר אַז יידן זיינען געווען די באַזיצערס פון מער ווי 80% פון אַלע פאַבריקן, פונדעסטוועגן האָבן זיי באַשעפטיקט נאָר אַרום 60% פון אַלע אַרבעטער. ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע־סומע איז אויסגעפאַלן אויף זייער חלק; אויף אַ ניט יידישער פאַבריק איז אויסגעקומען 50.6 אַרבעטער און אויף אַ יידישער נאָר 18.7.

די טאַבעלעס IV און V ווייזן אַז צווישן די פאַבריקן וואָס זיינען געגאַנגען מיט דאַמפּקראַפט זיינען געווען יידישע 62.3%, אָבער צווישן די פאַבריקן אַז דאַמפּקראַפט זיינען געווען יידישע 83.9%.

אין די יידישע פאַבריקן מיט דאַמפּקראַפט זיינען יידן געווען אין גאַנצן 36.6% פון אַלע אַרבעטער, אין די אַנדערע פאַבריקן 82.7 פון אַלע אַרבעטער. אין די מעכאַנישע פאַבריקן זיינען געווען באַשעפטיקט נאָר 28% פון אַלע יידישע אַרבעטער, אין די אַנדערע פאַבריקן — 66.4%.

כדי מע זאָל קענען האָבן אַן אַלגעמיין בילד וועגן דער אינדוסטריע פון ביאַליסטאָק אין דער זעלביקער צייט, לאָמיר ברענגען אַ פּאָר ציפערן פון דער ציילונג אין יאָר 1897. לויט אָט דער ציילונג זיינען געווען אין דער גאַנצער אינדוסטריע פון ביאַליסטאָק באַשעפטיקט 13,111 אַרבעטער, פון זיי זיינען געווען 8,916 יידן (67.41%). אין האַנדל אָבער זיינען יידן געווען מער באַטייליקט — פון 3,628 זיינען געווען יידן 3,186 (87.8%).

## טאַבעלע IV

### די צאָל יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער אין פאַבריקן מיט דאַמפקראַפט

| מין אונטערנעמונגען | צאָל פאַבריקן: סך־הכל | צאָל פאַבריקן: יידישע | צאָל פאַבריקן: פראָצענט יידישע פאַבריקן | צאָל אַרבעטער: אין אַלע פאַבריקן | צאָל אַרבעטער: אין יידישע פאַבריקן | צאָל אַרבעטער: פראָצענט אין יידישע פאַבריקן | צאָל יידישע אַרבעטער: אין אַלע פאַבריקן | צאָל יידישע אַרבעטער: פאַרהעלטעניש אין פראָצענטן צו אַלע אַרבעטער | צאָל יידישע אַרבעטער: פאַרהעלטעניש אין פראָצענטן צו אַרבעטער אין יידישע פאַב׳ |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| האָלשפּינערייען | 22 | 16 | 72.72 | 1351 | 1195 | 88.45 | 924 | 68.39 | 77.32 |
| האָל און טוך־וועבערייען | 15 | 5 | 33.33 | 3442 | 170 | 4.94 | 203 | 5.90 | 119.41 [7] |
| אַפּרעטור | 6 | 2 | 33.33 | 185 | 85 | 46.00 | 45 | 24.32 | 52.94 |
| טוך | 7 | 7 | 100.0 | 465 | 465 | 100.0 | 325 | 69.89 | 69.89 |
| קונסטוואָל | 3 | 3 | 100.0 | 128 | 128 | 100.0 | 62 | 48.4 | 48.4 |
| אין אַלע | 53 | 33 | 62.3 | 5,571 | 2,043 | 36.6 | 1,559 | 28.0 | 76.3 |

## טאַבעלע V

### די צאָל יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער אין פאַבריקן אַן דאַמפּקראַפט

| מין אונטערנעמונגען | צאָל פאַבריקן: סך־הכל | צאָל פאַבריקן: יידישע | צאָל פאַבריקן: פּראָצענט יידישע | צאָל אַרבעטער: אין אַלע פאַבריקן | צאָל אַרבעטער: אין יידישע פאַבריקן | צאָל אַרבעטער: פּראָצענט אין יידישע פאַבריקן | צאָל יידישע אַרבעטער: אין אַלע פאַבריקן | צאָל יידישע אַרבעטער: פאַרהעלטעניש אין פּראָצענטן: צו אַלע אַרבעטער | צאָל יידישע אַרבעטער: פאַרהעלטעניש אין פּראָצענטן: צו אַרבעטער אין יידישע פאַב׳ |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וואָל־שפּינערייען | 6 | 6 | 100.0 | 250 | 250 | 100.0 | 85 | 34.0 | 34.0 |
| וואָל־און טוך־וועבערייען | 62 | 52 | 83.87 | 1,491 | 1,231 | 82.56 | 1,072 | 72.0 | 87.08 |
| אַפּרעטור | 5 | 3 | 60.0 | 140 | 105 | 75.0 | 120 | 85.71 | 114.3 |
| טוך | 4 | 3 | 75.0 | 210 | 125 | 59.52 | 89 | 42.04 | 71.2 |
| קונסטוואָל | 3 | 3 | 100.0 | 69 | 69 | 100.0 | 64 | 92.8 | 92.8 |
| בענדער | 1 | 1 | 100.0 | 40 | 40 | 100.0 | 30 | 75.0 | 75.0 |
| אין אַלע | 81 | 68 | 83.9 | 2,200 | 1,820 | 82.7 | 1,460 | 66.4 | 80.2 |

7. עס איז איבער 100 פּראָצענט, ווייל עס זיינען געווען יידישע אַרבעטער אויך אין ניט יידישע פאַבריקן פון דעם מין.

## ה. אַן א״ב־רשימה פון פאַבריקאַנטן ביז 1900 *)

סטאַטיסטישע דאַטעס קענען זיין פאַרלאָזלעך אָדער ניט פאַרלאָזלעך. זיי קענען אָבער ניט געבן דאָס גאַנצע בילד פון דער אינדוסטריע, און ניט בלויז ווייל זיי גיבן ניט דעם אומזאַץ. פון די אָפיציעלע מקורים קען מען מיט זיכערקייט זיך דערוויסן נאָר די נעמען פון די עקסיסטירנדיקע פאַבריקאַנטן, זייער אַרט און סאָרט פאַבריקאַט, און צי זיי האָבן געהאַט קאָמפּלעטע, פולקומע מעכאַנישע פאַבריקן אָדער טיילווייזע פאַרבערייען, שפּינערייען, אַפּרעטורן. אָבער מען קען פון זיי לחלוטין ניט וויסן וועגן דעם טעכנישן צושטאַנד, צום ביישפּיל: וויפל שפּינדלעך זיינען געווען אין יעדער שפּינעריי? וויפל וואַלקעס אין יעדער אַפּרעטור? דער 15־רובלדיקער פּראָמיסלאָווער בילעט פאַר 16 אַרבעטער האָט געגעבן דעם אומקאָמפּלעטן פאַבריקאַנט, דעם וועבער־פאַבריקאַנט די מעגלעכקייט צו מאַכן מיט אים די גרעסטע אומזאַצן אָן רעגירונגס־אָפּצאָלונגען. די סיסטעם האָט צעשפּליטערט די יידישע פאַבריקאַציע אויף קליינע פאַבריקלעך, יעדערע צו עטלעכע שטולן ביי זיך אין פאַבריק און די איבעריקע ביי די לוינקעטניקעס. אָבער צווישן זיי האָבן זיך געפונען אויך גרויסע פאַבריקאַנטן מיט גרויסע אומזאַצן.

מיר גיבן דעריבער אַ רשימה פון פאַבריקאַנטן לויטן אלף־בית. די רשימה גיט בערך אַ קלאָרן איבערבליק איבער דער ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע אין אַלגעמיינע שטריכן. אין דער רשימה זיינען אויך דאָ די נעמען פון פאַבריקאַנטן און די באַשרייבונג פון זייערע פאַבריקן, וואָס האָבן אין יאָר 1900 שוין ניט עקסיסטירט, אַזוי ווי די דייטשע סופּראַסלער און אויך עטלעכע פריערדיקע יידישע פאַבריקאַנטן. די רשימה איז ניט פולקום קלאַסיפיצירט לויט דער צייט, אָבער מיר האַלטן פאַר וויכטיק אויפצוהיטן די נעמען פון די פאַבריקאַנטן מיט זייערע פאַבריקן צוליב דעם געשיכטלעכן ווערט. זאָלן די קומענדיקע דורות וויסן, וואָס האָט ביאַליסטאָק אין אירע ראַיאָנע שטעטלעך אַמאָל אויפגעטאָן פאַר דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אַ וועלט־באַרימטער טעקסטיל־אינדוסטריע. דאָס איז אויך וויכטיק פון שטאַנדפּונקט פון פאַמיליע־זכרונות.

---

*) [די רשימות זיינען ניט קיין פולשטענדיקע און עס זיינען פאַראַן פעלערן און אומפינקטלעכקייטן אין נעמען און דאַטן.

מיר גיבן אָבער די רשימות לויטן מאַנוסקריפּט פון מחבר מיט עטלעכע אויסבעסערונגען, וואָס זיינען געווען אומפאַרמיידלעך. אויף אַ צאָל פעלערן האָבן אָנגעוויזן אָסוואַלד טריילינג (פּאַסאַדינע, קאַליפאָרניע) און שמואל לייב ראַבינאָוויטש (פינטער־לאָנדאָן, ענגלאַנד), וואָס זיינען זייער גוט באַקאַנט מיט דעם טעקסטיל־פאַך. ביידע ווייזן אָן, אַז אַ סך פאַבריקאַנטן, וואָס דער מחבר גיט אָן, אַז זיי האָבן געהאַט קאָמפּלעטע פאַבריקן, האָבן געהאַט אומקאָמפּלעטע פאַבריקן און פאַרקערט. פעלערן זיינען אויך דאָ בנוגע דער קלאַסיפיקאַציע פון פאַבריקאַנטן און לוינקעטניקעס. ש. ל. ראַבינאָוויטש מאַכט אונדז אויך אויפמערקזאַם אויף עטלעכע נעמען וואָס דאַרפן זיין צוזאַמען און אַזעלכע וואָס זיינען צוזאַמען און דאַרפן זיין באַזונדער. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין משך פון יאָרן זיינען אַ סך פאַבריקן איבערגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן]. — די אַרויסגעבער.

מיר גיבן דאָ איבער די רשימה, ווי מיר האָבן זי אָנגעשריבן תיכף נאָך 1900, בשעת א סך פון די דערמאָנטע פאַבריקאַנטן זיינען אונדז געווען פערזענלעך באַקאַנט, אָבער דאָך האָבן מיר ניט געוואוסט גענוי דעם צושטאַנד פון זייער פאַבריקאַציע, נאָר טיילווייז.

מיר רופן אָן קאָמפּלעט אַ פאַבריק וואָס איז געווען אַ פולקומע: מיט אַ וועשעריי, פאַרבעריי, שפּינעריי, וועבעריי און אַפּרעטור.

בכלל האָבן מיר אָנגעגעבן די אַלע ידיעות וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. האָט זיך באַקומען אַ געוויסע ניט־גלייכמעסיקייט: אין דער צייט ווען עס זיינען וויטער דאָ פולע ידיעות וועגן אַ טייל פאַבריקן, איז וועגן אַן אַנדער טייל פאַראַן ניט מער ווי טיילווייזע אינפאָרמאַציע. אומעטום וואו עס ווערט בפירוש ניט אָנגעוויזן דאָס אָרט, הייסט עס אַז די פאַבריק איז אין ביאַליסטאָק גופא.

[ביי אַ ריי פאַמיליע־נעמען פון די בעלי־בתים פון די פאַבריקן איז לײַדער ניטאָ ניט דער נאָמען און אויך נישט דער ערשטער אות פון נאָמען. — רעד.].

אַ ב ר אַ מ אָ ו ו ס ק י   אַ ב ר ה ם  האָט געהאַט אַ דעקע־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1887. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט זעכצן אַרבעטער.

אַ ב ר ו צ אָ ו ו ס ק י   ל י י ז ע ר  האָט געהאַט אַ דעקע־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1883. זי האָט געהאַט פופצן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פינף און צוואַנציק אַרבעטער.

א ו י נ ע ר ט   ר י י נ ה אָ ל ד  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע טוך־פאַבריק אין סופּראַסלע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1838. זי האָט געהאַט דריי זאַק. זי איז געוואָרן (אין יאָר 1899) פאַרדונגען צו וואָלף פראַנק און האָט באשעפטיקט 58 אַרבעטער, אַלס לוין־שפּינעריי.

א י ז ע נ ב ע ק  האָט געהאַט אַ פאַבריק מיט 18 מעכאַנישע שטולן.

אַ ל ט אַ ל פ אַ נ ז  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע טוך־פאַבריק אין סופּראַסלע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1856. זי האָט געהאַט פיר זאַק, אַכט מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט זיבעציק אַרבעטער.

אַ מ ד ו ר ס ק י   ב נ י מ י ן  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע טוך־פאַבריק אין פישטשאַניקי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1850. זי האָט געהאַט דריי זאַק און האָט אַרויסגעגעבן 100 שטיק וועכנטלעך. זי האָט געהאַט צוועלף מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 41 אַרבעטער.

אַ מ ד ו ר ס ק י   פ י י ו ו ל  האָט געהאַט אַן אַפּרעטור אין פישטשאַניקי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872. זי האָט באַשעפטיקט 41 אַרבעטער.

אָ ס ט ר אָ ו ו ס ק י  האָט געהאַט אַן אַפּרעטור. זי האָט אַרויסגעגעבן 100 שטיק וועכנטלעך.

אַ ר אָ נ ז אָ ן, ס. נ אָ כ פ אָ ל ג ע ר  האָט געהאַט אַ שפּינעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1898. זי האָט באַשעפטיקט 42 אַרבעטער.

באַבולקעס שמואל האָט געהאַט אַ שפּינערײַ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1875. זי האָט באַשעפטיקט אַכצן אַרבעטער.

באַראַש י. האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און באַשעפטיקט זעכצן אַרבעטער.

באַראַש פישל, יורש פון יעקב־שלמה, האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין וואַשליקאָוו. זי איז געווען פאַרדונגען צו לעשגאָלד און לונסקי. זי האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

בוכהאָלץ א. ל. האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין סופּ־ראַסלע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1837. זי האָט באַשעפטיקט הונדערט און פופציק אַרבעטער.

בורדאָ אליהו האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פופצן אַרבעטער.

ביטענסקי האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי האָט געהאַט נײַן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צוועלף אַרבעטער.

בכרך חייקע (באַכראַך) האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895. זי האָט געהאַט 9 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פערצן אַרבעטער.

בלאָך לאַזאַר און זון האָט געהאַט אַ דעקע־פאַבריק. זי איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1894. זי האָט באַשעפטיקט אַכט און דרײַסיק אַרבעטער.

בלאָך ש. פ. האָט געהאַט אַ וועבערײַ־שפּינערײַ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1878. זי האָט געהאַט צווײ זאַץ און האָט באשעפטיקט אַכט און דרײַסיק אַרבעטער.

בעזלער האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פערצן אַרבעטער.

בעקער, אַקציע־געזעלשאַפט, האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פּלוש־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895. זי האָט באַשעפטיקט הונדערט זיבן און צוואַנציק אַרבעטער.

בערמאַן האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין ראַזשענאַי. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פערצן אַרבעטער.

ברוכין הערש (באַרוכין) האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און באַשעפטיקט זעכצן אַר־בעטער.

ברוכין יעקב (באַרוכין) האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט צוועלף האַנטשטולן און האָט באַ־שעפטיקט צוואַנציק אַרבעטער.

ברײַנין הלל האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט צווײ און דרײַסיק האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט זיבן און פערציק אַרבעטער.

ב ר י ל ירוחם האָט געהאַט אַ וועבעריי אין האַראַדאַק. זי איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1893. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און האָט באַ־שעפטיקט 40 אַרבעטער.

ג אָ ט ל י ב ב ר ו ך האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1899. זי האָט געהאַט צוועלף מעכאַנישע שטולן.

ג אָ ל ד ב ע ר ג מ ש ה א ל י ה ו האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין האַראַ־דאַק.

ג אָ ר ד אָ ן האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין וואַלקאָווישקער קרייז.

ג ו ט מ אַ ן מ ש ה האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט זעקס האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

ג י י ז ל ע ר האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט זיבן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

ג ל אָ ג ע ר ג ו ס ט אַ ו ו האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פערצן אַרבעטער.

ג ל אָ ג ע ר י ו ל י ו ס האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע, מיט 6 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

ג ל אָ ג ע ר נ י י מ אַ ן האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897.

ג ל י ק פ ע ל ד י ו ס ף האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט פיר און צוואַנציק אַרבעטער.

ג ע ל ב אַ ר ד ק ל מ ן האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי האָט גע־האַט זעקס און צוואַנציק האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט דרייסיק אַרבעטער.

ג ר אַ פ ף אָ ס ק אַ ר האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט איין זאַץ.

ג ר י י מ י ך האָט געהאַט אַ טוך־וועבעריי־פאַבריק אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט געהאַט זיבן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

ג ר י י נ מ אַ ן האָט געהאַט אַ טוך־וועבעריי־פאַבריק אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט געהאַט זיבן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

[ג ר י נ ה ו י ז, פ ס ח, אָנגעהויבן 1900 מיט עטלעכע האַנטשטולן. זייט 1914—15 ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה פאַבריצירט אין אַ גרויסן מאַס־שטאַב און עקספּאָרטירט קיין טיפן רוסלאַנד און אַנדערע לענדער איינעם פון די וויכטיקסטע אַרטיקלען — ביאַליסטאָקער פּוך־גאָרן (פאַר די באַנען). זינט 1926 איז די פאַבריק געפירט געוואָרן פון זיין זון אליהו י. גרינהויז (היינט אין יאָהאַנעסבורג, דרום־אַפריקע).]. — די אַרויסגעבער.

ג ר ע ב ע ר ר. האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין קנישין. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872. זי האָט באַשעפטיקט דרייצן אַרבעטער.

ד ע ג ע נ ט ש האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין האַראַדאַק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1850. זי האָט באַשעפטיקט פינף אַרבעטער.

ד ע נ ע ב ע ר ג ל י י ב האָט געהאַט אַ דעקע־וועבעריי־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט צוועלף האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פופצן אַרבעטער.

ה אַ ל פ ע ר ן ־ אַ ש כ נ ז י האָבן געהאַט אַ שפּינעריי.

ה אַ ל פ ע ר ן און ק ר י ק ו ן האָבן געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1891. זי האָט באַשעפטיקט זעקס און פערציק אַרבעטער.

ה אַ ס ב אַ ך, אַ ר ט ו ר. האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1863. זי האָט באַשעפטיקט הונדערט ניין און ניינציק אַרבעטער.

ה אַ ס ב אַ ך אַ ר ט ו ר האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק אין סווינאָ־בראָד. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1894. זי האָט געהאַט פיר זאַץ. זי האָט באַשעפטיקט זיבן אַרבעטער.

ה אַ ק ע האָט געהאַט אַן אַפּרעטור אין קראַליאָווי־מאָסט. זי האָט אַרויס־געגעבן 1200 דעקעס וועכנטלעך.

ה א ר ט מ א ן האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט זעכצן האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט פינף און צוואַנציק אַרבעטער.

ה ו ב י נ ס ק י ד ו ד האָט געהאַט אַ דעקע־פאַבריק. זי האָט געהאַט ניינצן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פיר און צוואַנציק אַרבעטער.

ה ו ר ו ו י ץ ל י י ב האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין וואַשלי־קאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1881. זי האָט געהאַט צוואַנציק האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פערציק אַרבעטער.

ה י י ז ל ע ר י ו ל י ו ס האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין קנישין. זי האָט באַשעפטיקט פערצן אַרבעטער.

ה י י ל פ ע ר י ן ש י י נ ע ־ ח י ה (יורשים) האָט געהאַט אַ שפּינעריי־אַפּרעטור אין סווינאָבראָד. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1878. זי האָט באַ־שעפטיקט דריי און צוואַנציק אַרבעטער.

ה ע נ ד ל ע ר ל י י ז ע ר האָט געהאַט אַ שפּינעריי און מעכאַנישע וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1894. זי האָט געהאַט דריי זאַץ, אַכצן מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט זיבן און פופציק אַרבעטער.

ה ע נ ד ר י ק ס א ר. ו ו. האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1891. זי האָט געהאַט פערצן מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט זיבן און פופציק אַרבעטער.

ה ע נ ד ר י ק ס און א י ז ע נ ב ע ק האָט געהאַט אַ מעכאַנישע וועבעריי. זי האָט געהאַט פערציק מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט אַכט און זיבעציק אַרבעטער.

הערבסט גוסטאַוו האָט געהאַט אַ שפּינעריי־אַפּרעטור. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1853. זי האָט געהאַט פינף זאַץ און האָט באַשעפטיקט דריי און ניינציק אַרבעטער.

הערשבערג שמואל האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט צוועלף האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט זעכצן אַרבעטער.

הערשהאָרן ברידער האָבן געהאַט אַ פאַרבעריי אין סופּראַסלע.

וואָלאָוועלסקי וו. האָט געהאַט אַ וואלקעריי אין איוואַנאָוו. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1899. זי האָט באַשעפטיקט פיר אַרבעטער.

וואַקס יוסף האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין זלאָטאָריע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895. זי איז איבערגעגאַנגען צו זאַקהיים.

ווײַנבערג־ליפשיץ האָבן געהאַט אַן אַפּרעטור. זי האָט באַשעפטיקט 64 אַרבעטער.

ווײַנרייך חיה־שרה (אַריבער שפּעטער צו י. פּינעס) האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק אין קנישין. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1900. זי האָט באַשעפטיקט דריי און צוואַנציק אַרבעטער.

ווילענסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט זעקס האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

וויסאָצקי ישעיה האָט געהאַט אַ וועבעריי־שפּינעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1878. זי האָט געהאַט צוויי זאַץ און האָט באַשעפטיקט ניינצן אַרבעטער.

וועבער ירחמיאל האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט פינף מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט אַכט אַרבעטער.

ווענגראָווסקי האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט געהאַט פיר מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט אַכט אַרבעטער.

זאַבלודאָווסקי אברהם האָט געהאַט אַ וועבעריי אין ברײַנסק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1880. זי האָט באַשעפטיקט עלף אַרבעטער.

זאַבלודאָווסקי חיים האָט געהאַט אַ וועבעריי אין האַראַדאָק. זי האָט געהאַט זיבן האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט צען אַרבעטער.

זאַכערט פרידריך האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין סופּראַסלע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1834. זי האָט באַשעפטיקט אַכט און זעכציק אַרבעטער.

זבאַר הירש האָט געהאַט אַ שפּינעריי און וועבעריי. זי האָט געהאַט צוויי זאַץ און האָט באַשעפטיקט זיבן און פערציק אַרבעטער.

זיבער א. פ. האָט געהאַט אַ שפּינעריי־אַפּרעטור אין טשעכאַנאָווצע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1878. זי האָט באַשעפטיקט פופצן אַרבעטער.

זילבערבלאַט אפרים האָט געהאַט אַ שפּינערײַ און װעבערײַ. זי איז געגרינדעט געװאָרן אין 1870. זי האָט געהאַט 3 זאַץ, צען האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פיר און דרײַסיק אַרבעטער.

זילבערבלאַט װאָלף האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי איז געגרינ־דעט געװאָרן אין 1886. זי האָט באַשעפטיקט פיר און דרײַסיק אַרבעטער.

זילבערבלאַט חנא האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט באַשעפטיקט צװאַנציק אַרבעטער.

זילבערבלאַט מ. האָט געהאַט אַן אַפּרעטור־פאַרבערײַ אין װאַ־ראַשיל. זי איז געגרינדעט געװאָרן אין 1895. זי האָט באַשעפטיקט צװײ און פופציק אַרבעטער.

זילבערבלאַט שימעָ האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי איז גע־גרינדעט געװאָרן אין 1880. זי האָט געהאַט צװײ זאַץ און האָט באַשעפטיקט פיר און צװאַנציק אַרבעטער.

זילבערמאַן ש. מ. [באַבעלעס] האָט געהאַט אַ פאַבריק פון קונסט־װאָל. זי האָט באַשעפטיקט נײַן אַרבעטער.

זעליגזאָן האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט געהאַט נײַן האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט צװעלף אַרבעטער.

טאַבאַטשינסקי האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט געהאַט זעקס האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט נײַן אַרבעטער.

טיקאָצקי האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט געהאַט עלף האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט פערצן אַרבעטער.

טיקאָצקי האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט געהאַט צען האַנטשטולן און באַשעפטיקט דרײַצן אַרבעטער.

טיקטין און הורװיץ האָבן געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין באַבין. זי איז געגרינדעט געװאָרן אין 1895. זי איז איבערגעגאַנגען צו נעמי־ראָװסקין.

טרילינג ישראל האָט געהאַט אַ דעקע־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געװאָרן אין 1890. זי האָט געהאַט 5 זאַץ, זעכציק האַנטשטולן, פינף און צװאַניק מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט צװײ און נײַנציק אַרבעטער.

טרעשטשאַנסקי האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט געהאַט צען האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט דרײַצן אַרבעטער.

יאַנאָװסקי לעװו האָט געהאַט אַ װעבערײַ. זי האָט געהאַט 6 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

יאַנזען אב. איװ. האָט געהאַט אַ פאַרבערײַ אין סופּראַסלע. זי איז געגרינדעט געװאָרן אין 1894. זי האָט באַשעפטיקט 44 אַרבעטער.

יאַקאָבי רודאָלף האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין דאַבזשי־ניעװו. זי איז געגרינדעט געװאָרן אין 1877. זי האָט באַשעפטיקט 199 אַרבעטער.

י ו ד ק אָ ו ו ס ק י  ח. ב. האָט געהאַט אַ וועבעריי אין האָראָדאָק. זי האָט געהאַט 7 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער. און האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

י ע ר ו ס אָ ל י מ ס ק י  ג ד ל י ה  האָ געהאַט אַ וועבעריי אין ביאַליסטאָק. זי האָט געהאַט 6 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

כ א ב א צ ק י  א ב ר ה ם  ה ע ר ש  האָט געהאַט אַ פאַרבעריי אין וויגאַדע.

כ אָ ב אָ צ ק י  י צ ח ק  ל י י ב  האָט געהאַט אַ פאַרבעריי אין ביאַליסטאָק.

כ ה ן  א ב ר ה ם  (קאַהאַן) האָט געהאַט אַ וועבעריי אין ביאַליסטאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1896. זי האָט געהאַט 10 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

כ ה נ א  י ש ע י ה ־ מ ש ה  (קאַהאַנע) האָט געהאַט אַ וועבעריי אין וואָ־שליקאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט 6 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

כ ץ  י ע ק ב ־ מ ש ה  (קאַץ) האָט געהאַט אַ וועבעריי אין ביאַליסטאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1896. זי האָט באַשעפטיקט 18 אַרבעטער.

ל א ו ו ס ק י  א ה ר ן  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט 12 האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.

ל א ז ש א נ ס ק י  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט 8 האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט 12 אַרבעטער.

ל א מ פ ר ע כ ט  האָט געהאַט אַ האַנט־וועבעריי אין טשעכאַנאָוועצ. זי האָט געהאַט 4 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

ל ו ב י נ ס ק י  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין ביאַליסטאָק. זי האָט באַשעפ־טיקט 10 אַרבעטער.

ל ו נ ס ק י  א ה ר ן  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין האָראָדאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט 2 זאָץ און האָט באַשעפטיקט 63 אַרבעטער.

ל ו נ ס ק י  א פ ר י ם  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין האָראָדאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1889. זי האָט געהאַט אַ זאָץ און האָט באַשעפטיקט 28 אַרבעטער.

ל ו נ ס ק י  ב ר ו ך  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין האָראָדאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1875. זי האָט באַשעפטיקט 58 אַרבעטער.

ל ו נ ס ק י  מ ר ד כ י  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין האָראָדאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1861. זי האָט געהאַט 1 זאָץ און האָט באַשעפטיקט 63 אַרבעטער.

ל ו ש ט ש אָ ק  ע ד ם.  האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק. זי איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1897. זי האָט באַשעפטיקט 4 אַרבעטער.

ל י ו ב אָ ל  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט 11 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.

ל י ו ב ע צ ק י  האָט געהאַט אַ שפּינעריי. זי האָט געהאַט 2 זאַץ, 7 האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ל י ט ע ר ע ר  ה ע נ ר י ק  האָט געגרינדעט אין 1898 אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי האָט געהאַט 8 זאַץ, 48 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 103 אַרבעטער.

ל י י ט ל אָ ף  א ו י ג ו ס ט  האָט געהאַט אַ שפּינעריי און פאַרבעריי אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1852. זי האָט געהאַט 2 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 40 אַרבעטער.

ל י י ט ל אָ ף  ה ו ג אָ  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט 3 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

ל י פ ש י ץ  ק.  האָט געהאַט אַ דעקע־וועבעריי. זי האָט געהאַט 9 האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.

ל י פ ש י ץ  האָט געהאַט אַ האַנט־וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט געהאַט 4 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

ל ע ו ו י  י אַ ק אָ ב  האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1885. זי האָט באַשעפטיקט 66 אַרבעטער.

ל ע ו ו י ן  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט פינף האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ל ע ו ו ע נ ב ו ק  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט 12 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 16 אַרבעטער.

ל ע ו ו ק אָ ו ו י ט ש  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט 10 האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.

ל ע ש ג אָ ל ד  און  ל ו נ ס ק י  האָבן געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק אין וואַשליקאָווע. זי האָט געהאַט 2 זאַץ.

ל ע ש ט ש י נ ס ק י  ס ט אַ נ י ס ל אַ ו ו  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין טאָפּאָלע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1824 זי האָט באַשעפטיקט 85 אַרבעטער.

מ אָ ו ו ש אָ ו ו ס ק י  ל י י ב  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי איז געגרינ־דעט געוואָרן אין 1880. זי האָט באַשעפטיקט 38 אַרבעטער.

מ אַ כ אַ י  האָט געהאַט אַ שפּינעריי. זי האָט געהאַט 3 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

מ אַ ל י נ אַ ק  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַשעפ־טיקט 8 אַרבעטער.

מ אָ ע ס  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין כאָראָשטש. זי האָט געהאַט 10 זאַץ. זי האָט געהאַט 170 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 1,100 אַרבעטער.

מ אַ ר י י ן,  י ע ק ב  האָט געהאַט אַ שפּינעריי און וועבעריי.

מאַרינסקי פּנחס האָט געהאַט אַ וועבעריי אין האָראָדאָק. זי האָט געהאַט 12 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.

מאַריץ טעאָדאָר האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט 4 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

מאַריץ ק. (יורשים) האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1836. זי האָט געהאַט 3 זאַץ, 20 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 60 אַרבעטער.

מאַרקוס יאַקאָב האָט געהאַט אַ שפּינעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895. זי האָט געהאַט 5 זאַץ, 5 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 55 אַרבעטער.

מייזלער האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט געהאַט 3 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

מינץ, ש. ל. און איציק האָבן געהאַט אַ מעכאַנישע וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1900. זי האָב באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

נאָווינזאָן האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט געהאַט 8 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 12 אַרבעטער.

נאָווינסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי האָט באַשעפטיקט 17 אַרבעטער.

נאָוויק צ. (זין) האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1848. זי האָט געהאַט 6 זאַץ, 68 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 450 אַרבעטער.

ניעמצאָוויטש אבע (קנישינסקי) האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט געהאַט 33 אַרבעטער.

ניעמצאָוויטש אברהם האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק אין דזשיקע. זי האָט באַשעפטיקט 44 אַרבעטער.

ניעמצאָוויטש מאָטל האָט געהאַט אַ וועבעריי־שפּינעריי אין האָראָדאָק. זי האָט באַשעפטיקט 30 אַרבעטער

ניעמצאָוויטש שמעון האָט געהאַט אַ שפּינעריי און וועבעריי. זי האָט געהאַט 8 זאַץ, 12 מעכאַנישע שטולן.

סאָלאָמאָן משה האָט געהאַט אַ שפּינעריי מיט 2 זאַץ.

סאָפּירשטיין איזיק האָט געהאַט אַ שפּינעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

סאָפּירשטיין לייבל האָט געהאַט אַ שפּינעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

סאָקאָוויטש יאַקאָב איוואַנאָוויטש האָט געהאַט אַן אַפּרעטור אין קאָראָלעוו־מאָסט. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1871. זי האָט באַשעפטיקט 24 אַרבעטער.

סאָקאָוויטש יאַקאָב איוואַנאָוויטש האָט געהאַט אַ פאַבריק, געגרינדעט אין 1888. זי האָט באַשעפטיקט 17 אַרבעטער.

סאָקאָלסקי ברידער האָבן געהאַט אַ פאַרבעריי, געגרינדעט אין 1880.

סאַרני האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין ביאַליסטאָק.

סולקעס מעשל האָט געהאַט אַ שפּינעריי, געגרינדעט אין 1890. זי האָט געהאַט 3 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

סוראַזסקי אהרן האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1870. זי האָט געהאַט 3 זאַץ און באַשעפטיקט 96 אַרבעטער.

סוראַזסקי ה. האָט געהאַט אַ וועבעריי וואָס האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

סוראַזסקי נתן האָט געהאַט אַ וועבעריי־שפּינעריי מיט 2 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 40 אַרבעטער.

סטאַניסלאַווסקי האָט געהאַט אַ שפּינעריי מיט 1 זאַץ.

סימיאַטיצקי האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 4 אַרבעטער.

סלאָבאָדסקי האָט געהאַט אַ שפּינעריי וואָס האָט באַשעפטיקט 4 אַרבעטער.

סלאָמיאַנסקי מ. ב. האָט געהאַט אַ שפּינעריי וואָס האָט באַשעפטיקט 32 אַרבעטער.

סלאָנימסקי טוביה האָט געהאַט אַ שפּינעריי און וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1875. זי האָט אַרויסגעגעבן 6 שטיק וועכענטלעך און האָט באַשעפטיקט 73 אַרבעטער.

סלאָנימסקי־לובלינסקי האָבן געהאַט אַ קונסטוואָל־רייסעריי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890. זי האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

סעגאל ב. האָט געהאַט אַן אַפּרעטור־פאַרבעריי אין וויגאָדע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1880. זי האָט באַשעפטיקט 28 אַרבעטער.

סעגאַל, ט. האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 4 האַנטשטולן. זי האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

סעגען א. האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־פאַבריק אין פּעטרעשוב (וואָלקאָוויסק). זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1870. זי האָט באַשעפטיקט 20 אַרבעטער.

סעגען סטאַניסלאַוו האָט געהאַט אַ שפּינעריי־אַפּרעטור אין קאָנציפּאָליע (וואָלקאָוויסק). זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897. זי האָט באַשעפטיקט 24 אַרבעטער.

פּאַוולאָוויצקי האָט געהאַט אַן אַפּרעטור אין סוכאָניע.

פּאָטאָצקי האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין סלאָנימער קרייז. זי האָט באַשעפטיקט 28 אַרבעטער.

פּאָטאָקסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 5 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

פ אָ ט ש ע ב ו צ ק י  האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

פ אָ ל אָ ק  ב ע ר ל  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין ראָזשענאַי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1863. זי האָט באַשעפטיקט 47 אַרבעטער.

פ אָ ל אָ ק  ב ע ר ל  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1877. זי האָט געהאַט 3 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 55 אַרבעטער.

פ אָ ס ל אָ ו ו ס ק י  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין סלאָנימער קרייז.

פ אַ ר ע צ ק י ־ ג אַ ו ו ע נ ס ק י  האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1888. זי האָט געהאַט 4 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 36 אַרבעטער.

פ י נ ע ס,  ב ר י ד ע ר  האָבן געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין קאָסאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1852. זי האָט באַשעפטיקט 31 אַרבעטער.

פ י נ ע ס  ל י י ב  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין ראָזשענאַי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1845. זי האָט באַשעפטיקט 30 אַרבעטער.

פ י נ ע ס  מ ר ד כ י  (בן מאיר) האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין ראָזשענאַי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1837. זי האָט באַשעפטיקט 94 אַרבעטער.

פ י נ ע ס  מ ש ה ־ נ ח  האָט געהאַט אַ שפּינערייַ־רייסערייַ. זי האָט באַ־שעפטיקט 48 אַרבעטער.

פ י נ ע ס  פ י ש ל  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין ראָזשענאַי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1863. זי האָט באַשעפטיקט 65 אַרבעטער.

פ י נ ע ס  ש מ ו א ל ־ ח י י ם  האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1889. זי האָט באַשעפטיקט 17 אַרבעטער.

פ ל אָ ט אָ ו ו ס ק י  האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 8 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 11 אַרבעטער.

פ ע ט ע ר  אָ ט אָ  האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט געהאַט 1 זאַץ.

פ ע ט ע ר  ו ו י ל.  ה ו ג אָ  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1858. זי האָט באַשעפטיקט 38 אַרבעטער.

פ ע ט ע ר  ל י ב כ ע ן  האָט געהאַט אַ שפּינעריי און אַפּרעטור אין וואַשליקאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1886. זי האָט געהאַט 2 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 24 אַרבעטער.

פ ע ר ע ל ז אָ ן  מ ש ה ־ ח י י ם  האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 9 האַנט־שטולן און האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

פ ע ר ע ל ש ט י י ן  האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 7 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

פ ר י י ס מ אַ ן  ל י י ז ע ר  ב.  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי

איז געגרינדעט געוואָרן אין 1875. זי האָט געהאַט 3 זאַץ, 20 האַנטשטולן, 10 מע־כאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 123 אַרבעטער.

פרענסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַ־שעפטיקט 4 אַרבעטער.

פרענסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַ־שעפטיקט 2 אַרבעטער.

פאַיאַנס משה האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1888. זי האָט באַשעפטיקט 36 אַרבעטער.

פאַרבערג הענר. האָט געהאַט אַן אַפּרעטור אין טשעכאַנאָווצע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1850.

פידעל ירחמיאל האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

פיליפּ (יורשים) האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק, וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1863. זי האָט געהאַט 3 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 77 אַרבעטער.

פיצקע גוסטאַוו האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 4 אַרבעטער.

פיצקע רודאָלף האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

פלאַקערט יוליוס האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע דעקע־פאַבריק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1879. זי האָט געהאַט 4 זאַץ, 40 האַנטשטולן, 30 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 108 אַרבעטער.

פראַנקפורט האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 8 האַנטשטולן און האָט באַ־שעפטיקט 11 אַרבעטער.

פרידמאַן ישראל האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1896. זי האָט באַשעפטיקט 11 אַרבעטער.

פריידקעס האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט געהאַט 3 זאַץ.

פריימאַן וויל. האָט געהאַט אַ שפּינעריי־פאַרבעריי אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1873. זי האָט געהאַט 2 זאַץ.

פריימאַרק האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַ־שעפטיקט 11 אַרבעטער.

פריש (יורשים) האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק מיט 70 אַרבעטער.

צווערנער האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַ־שעפטיקט 4 אַרבעטער.

ציטראָן לייב האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

ציטראָן משה האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע, וואָס האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

צ י ט ר אָ ן  ש מ ו א ל  האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897. זי האָט באַשעפטיקט 43 אַרבעטער.

צ י ט ר אָ ן  ש נ י א ו ר  ז ל מ ן  האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 23 אַרבעטער.

ק אַ מ י נ ו י  ה ע ר מ אַ ן  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע דעקע־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1842. זי האָט געהאַט 6 זאַץ, 50 האַנטשטולן, 20 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 210 אַרבעטער.

ק אַ מ י נ א ו  ר ו ד אָ ל ף  (זין) האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע דעקע־און טוך־פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1880. זי האָט געהאַט 4 זאַץ, 50 האַנט־שטולן, 30 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 249 אַרבעטער.

ק אַ מ י נ ק אַ  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין וואַשליקאָווע. זי האָט געהאַט 2 זאַץ.

ק אַ נ ע ל  ד.  האָט געהאַט אַ שפּינערײַ.

ק אַ פּ ל אַ ן  א.  האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי האָט באַשעפטיקט 16 אַרבעטער.

ק אַ פּ ל אַ ן  ג ר ש ו ן  האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897. זי האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ק אַ פּ ל אַ ן  ל י י ב  האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1892. זי האָט באַשעפטיקט 17 אַרבעטער.

ק אַ פּ ל אַ ן  ש מ ע ו ן ־ ז ע ל י ק  האָט געהאַט אַ וועבערײַ, וואָס האָט באַשעפטיקט 49 אַרבעטער.

ק אַ ר אַ ש י נ ס ק י  האָט געהאַט אַ וועבערײַ, וואָס האָט באַ־שעפטיקט 10 אַרבעטער.

ק ו ו אַ ר ט  ד ו ד  האָט געהאַט אַ קונסטוואָל־רײַסערײַ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1900 און האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ק ו ז נ י צ ק י  מ ש ה  האָט געהאַט אַ וועבערײַ, וואָס האָט באַשעפטיקט 22 אַרבעטער.

ק ו ר י א נ ס ק י  ז ל מ ן  האָט געהאַט אַ וועבערײַ. זי האָט באַשעפטיקט 20 אַרבעטער.

ק ל ו ג ע  האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַשעפטיקט 3 אַרבעטער.

ק ל ע מ ס  א ו י ג ו ס ט  האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ק ל ע מ ס  ר אָ ב ע ר ט  האָט געהאַט אַ וועבערײַ אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ק נ ו י ע ר  י ו ל.  האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1859. זי האָט געהאַט 2 זאַץ, 19 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 72 אַרבעטער.

קנישינסקי הירש האָט געהאַט אַ שפּינעריי־וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1899. זי האָט געהאַט 3 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 28 אַרבעטער.

קנישינסקי יואל האָט געהאַט אַ וועבעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1891. זי האָט באַשעפטיקט 21 אַרבעטער.

קנישינסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

קראַבש אָסקאַר האָט געהאַט אַ פאַרבעריי־און שפּינעריי אין מיכאַלאָווע זי האָט געהאַט 1 זאַץ.

קראַם, עד. האָט געהאַט אַ וועבעריי־אַפּרעטור אין דאָינאָווע. זי האָט געהאַט 2 זאַץ.

קראָנענבערג יודל האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין האַראַדאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872. זי האָט געהאַט 2 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 46 אַרבעטער.

קראָנענבערג יודל האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין פּיעשטשאַניקי.

קראָנענבערג לייב האָט געהאַט אַ וועבעריי־און דעקע־פאַבריק. זי האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

קראָנענבערג סענדער האָט געהאַט אַ וועבעריי און שפּינעריי.

קרויזע האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין סופּראַסלע. זי האָט געהאַט 2 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 12 אַרבעטער.

קרינסקי משה האָט געהאַט אַן אַפּרעטור אין סופּראַסלע.

ראַבינאָוויטש יאנקל האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

ראַבינאָוויטש לאַזאַר האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

ראָבע משה האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 4 אַרבעטער.

ראָזענבלום מענדל האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין טשעכאָנאָווצע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1876.

ראָזענטאַל לייב האָט געהאַט אַ שפּינעריי־און רייסעריי. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1856. זי האָט געהאַט 2 זאַץ און האָט באַשעפטיקט 97 אַרבעטער.

ראָזענטאַל מ. מאיר האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 20 אַרבעטער.

ראָזענשטיין רחל האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 29 אַרבעטער.

ראַפּאָפּאָרט אשר האָט געהאַט אַ שפּינעריי.

ר ו ב י ן  ו ו א ל ף  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ר ו ב י נ ש ט י י ן  י ה ו ד ה ־ ז ע ל י ג  האָט געהאַט אַ וואלקעריי אין אַנטאָפּאָל. זי האָט באַשעפטיקט 3 אַרבעטער.

ר ו ד ק אָ ו ו ס ק י  אָ ו ו ס ע י  האָט געהאַט אַ שפּינעריי אין האַראַדאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1894. זי האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

ר י כ ט ע ר  פ. ע. האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1871. זי האָט באַשעפטיקט 150 אַרבעטער.

ר י כ ט ע ר  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

ר י פ ע ר ט  האָט געהאַט אַן אַפּרעטור.

ר ע ד ל אָ ף  ג. מ. האָט געהאַט אַ שפּינעריי־אַפּרעטור אין מיכאַלאָווע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1838. זי האָט באַשעפטיקט 26 אַרבעטער.

ר ע ד ל י ך  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

ר ע פ ע ל ס ק י  ל י י ב  האָט געהאַט אַ פּוטער־שפּינעריי אין האַראַדאָק.

ר ע פ ע ל ס ק י  ל י י ז ע ר  האָט געהאַט אַ פּוטער־שפּינעריי אין האַראַדאָק.

ש אַ ג ע ר ט  האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ש ו ל ץ  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

ש ו ל ץ  ו ו. האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ש ו ל ץ ־ פ ר י י מ אַ ר ק  האָבן געהאַט אַ שפּינעריי־אַפּרעטור אין טשעכאַנאָווצע. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895. זי האָט באַשעפטיקט 39 אַרבעטער.

ש ט אַ ר ק ש ט י י ן  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין טשעכאַנאָווצע. זי האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ש ט י י נ ב ע ר ג  האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

ש ט י י נ מ י ל ע ר  האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 2 אַרבעטער.

ש ט ר ו י ב אַ ך  ה ו ג אָ  האָט געהאַט אַ פאַרבעריי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1866. זי האָט באַשעפטיקט 24 אַרבעטער.

ש י ר אַ י ע ו ו  ו ו ל אַ ד. האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין פאַפירנאַ־ראַזשענאַי. זי האָט באַשעפטיקט 39 אַרבעטער.

ש מ ו ק ל ע ר  ב ר ו ך ־ ד ו ד  האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

שמיד אהרן־לייב האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.

שמידט, טעאָדאָר האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.

שערשמידט, היינריך האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע. זי האָט באַשעפטיקט 4 אַרבעטער.

שפירא אברהם האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין וואַשלי־קאָווע, וואָס האָט באַשעפטיקט 39 אַרבעטער.

שפירא האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט 11 אַרבעטער.

שפירא און כהן האָבן געהאַט אַ קאָמפּלעטע שפּינעריי־פאַרבעריי אין באַבין. זי האָט געהאַט 2 זאַץ, 10 מעכאַנישע שטולן.

שפרענגלער ו. פ. האָט געהאַט אַ וועבעריי, וואָס האָט באַ־שעפטיקט 12 אַרבעטער.

## ו. אַן אלף־בית רשימה פון לוינקעטניקעס ביז 1900

אין 1876 איז אַנטשטאַנען אין ביאַליסטאָק די ערשטע לוינקעטנעריי. אָר־גאַניזירט האָט זי דער וועבער אברהמל דער שוואַרצער, וואָס זייענדיק אַ לענגערע צייט אַרבעטסלאָז, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו קויפן אַליין אַ האַנטשטול און נעמען פון זיין פריינד דעם פאַבריקאַנט סוראַזסקי אַרבעט. האָבן אים שפּע־טער די איבעריקע אַרבעטסלאָזע נאָכגעטאָן. די לוינקעטניקעס זיינען געווען איינגנטלעך וועבער־אונטערנעמערס, וועבער־ליפעראַנטן, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צוצושטעלן דעם פאַבריקאַנט געוועבטע שטיקער פאַר די געשוירענע קעטעס מיטן נייטיקן קוואַנטום פון שוס־און פוטער־גאַרן, וואָס ער פלעגט באַקומען ביים פאַבריקאַנט.

דער לוינקעטניק איז געווען אַ גרינדער פון נייע פרייע וועבערייען מחוץ דער פאַבריק. לוינקעטנערייען זיינען גלייכצייטיק געווען דערציאונגס־אַנשטאַלטן פאַר נייע יונגע וועבערס מיט אַ ביליקן אַרבעטס־פרייז. אַמאָליקע יאָרן פלעגן די וועבערס אין די פאַבריקן האָבן לערן־ייִנגלעך, וואָס ווערט נאָך דערמאָנט אין תלמוד[8], אָבער אין ביאַליסטאָקער פאַבריקן זיינען קיין לערן־ייִנגלעך ניט געווען. אין מיינע צייטן איז געווען שווער אַנצוקומען אין אַ פאַבריק ווי אַ לערן־ייִנגל, כדי ניט צו פאַרגרעסערן די צאָל וועבערס. אָבער די לוינקעטניקעס האָבן אָנ־גענומען אומזיסט לערן־ייִנגלעך, וואָס האָבן ביי זיי געוועבט פיל ביליקער ווי דער פרייז אין די פאַבריקן.

עס זיינען דורך דעם אַנטשטאַנען צוויי קאַטעגאָריעס וועבערס: אַן עלטערע קאַטעגאָריע — טייערערע פאַבריק־וועבערס, און אַ נידעריקערע — ייִנגערע בי־ליקערע לוינקעטניקעס־וועבערס. דעם פאַבריק־וועבער איז די לוינקעטנעריי גע־ווען פאַרהאַסט ווי אַ קאָנקורענץ־אַנשטאַלט, אָבער דעם פאַבריקאַנט איז זי געווען

8. „אורגי יריעות זורקין בוכיאר לשואליהן", שבת, צ"ו, ע"ב.

זייער געוואונטשן. זי האָט אים געבראַכט גרויסן נוצן. דורך איר איז ער מער ניט געווען אָפּהענגיק פון זיין פאַבריק־וועבעריי און צוגעבונדן צו איר. ער האָט געקענט פאַרמערן זיין פאַבריקאַט אין פאַרקויף־סעזאָן, בשעת ער האָט זיך גע־נייטיקט אין סחורה, און פאַרקלענערן אים נאָכן סעזאָן, בשעת ער האָט זיך אין סחורה שוין מער ניט גענייטיקט.

שפּעטער האָבן זיך אויסגעבילדעט אַ מין פאַבריקאַנטן־שפּעקולאַנטן, וואָס האָבן קיין אייגענע וועבערייען נאָך ניט געהאַט, און זיי פלעגן אויסאַרבעטן סחורה דורך די לוינקעטניקעס, נאָר בשעת זיי האָבן נייטיק געהאַט. זיי פלעגן נאָר קויפן פאַר זיך רייע פּראָדוקטן, זיי אָוועקגעבן פאַרבן, שפּינען, וועבן און אַפּרעטירן. די לוינקעטניקעס פלעגן אויך וועבן סחורה פאַר זיך אין דער ליידיקער צייט און ווערן דורך דעם קליינע פאַבריקאַנטן.

א ב ר אָ מ אָ װ י ט ש האָט געהאַט 3 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.

ב ו ב ל י ק א ה ר ן האָט געהאַט 7 האַנטשטולן און באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ב ל ע כ ע ר האָט געהאַט 9 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 12 אַרבעטער.

ב ע ל אָ ך האָט געהאַט 10 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 15 אַר־בעטער.

ג אָ ל ד מ אַ ן א י ט ש ע ־ ל י י ז ע ר האָט געהאַט אַ וועבעריי אין האַראַדאָק, מיט 4 האַנטשטולן. ער האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.

ג ד אַ נ ס ק י פ י ש ל ־ י ו ס ף האָט געהאַט 8 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.

ג ו ט מ אַ ן האָט געהאַט 4 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.

ג ע ב ע ל מ ש ה ־ י צ ח ק האָט געהאַט 6 האַנטשטולן און האָט באַ־שעפטיקט 10 אַרבעטער.

ג ע נ ש י אָ ר װ. ג. האָט געהאַט אַ וועבעריי, געגרינדעט אין 1895. זי האָט געהאַט 7 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ג ר אָ װ ע האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 4 האַנטשטולן און האָט באַ־שעפטיקט 8 אַרבעטער.

ג ר אָ װ ע האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 6 האַנטשטולן און האָט באַ־שעפטיקט 10 אַרבעטער [דאָס איז אַ צווייטער גראָווע. צום באַדויערן, ווערן ביידנס נעמען ניט אָנגעגעבן. — רעד׳].

ג ר ו י ק אָ פ ף האָט געהאַט 5 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 9 אַרבעטער.

ד אַ װ י ד אָ װ י ט ש האָט געהאַט 9 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 12 אַרבעטער.

ד ו ד אָ ק האָט געהאַט 6 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ד י י ט ש האָט געהאַט 7 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

האָפמאַן האָט געהאַט 3 האַנטשטולן און באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.
העניוועל, מיט 6 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.
הערשבערג יוסף, מיט 8 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער.
ווינשטיין האָט געהאַט 6 האַנטשטולן און האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.
וויסאָצקי שמערל, מיט 7 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 9 אַרבעטער.
וויעטשאָרעק וויט. האָט געהאַט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק, אַ לוינקעטנעריי. ער האָט באַשעפטיקט 64 אַרבעטער.
ווערנער יוליוס האָט געהאַט אַ וועבעריי מיט 24 מעכאַנישע שטולן און האָט באַשעפטיקט 35אַרבעטער.
זאַקהיים, מיט 9 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 12 אַרבעטער.
זבעלינסקי, מיט 4 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
יוכט, חיים מיט 10 האַנטשטולן האָט באַשעפטיקט 14 אַרבעטער.
כהן ל. (קאַהאַן), מיט 4 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
לאַמפּרענס, מיט 5 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 8 אַרבעטער.
ליטווינטשוק, מיט 3 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
לענעס, מיט 6 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.
מילאָוויטש ריינאָלד, מיט ה״ש, האָט געהאַט 8 אַרבעטער.
מענקעס איז געווען אַ וועבער אַ לוינקעטניק.
ניימאַן, (פרוי) (ניימאַניכע, ווי מען האָט זי גערופן) האָט געהאַט אַ וועבעריי אין מיכאַלאָווע, מיט 4 האַנטשטולן. זי האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
פּאַראָפּינאָוו, מיט 5 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.
פּרענסקי, מיט 4 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
קאָברינסקי האָט געהאַט 6 אַרבעטער.
קאָווענסקי האָט באַשעפטיקט 9 אַרבעטער.
קאַטשאָרעק האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
קאָלנער משה האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
קאָנטאָר האָט באַשעפטיקט 5 אַרבעטער.
קאָנצעפּאָלסקי ד. האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.
קאַרפּאָוויטש ח. ב. האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.
ראָזענפעלד, מיט 8 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.
רודניצקי, מיט 5 האַנטשטולן, האָט באַשעפטיקט 7 אַרבעטער.
שוואַרץ האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער.
שידלער וו. האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ש ל אָ כ ט ע ר האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

ש פּ י ר א א. האָט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער.

[פון רעד׳: די רשימה לוינקעטניקעס איז, ווייזט אויס, ווייט ניט קיין פולע].

## ז. די זייד־טעקסטיל־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָק

לסוף רעכענען מיר אויס די פאַבריקאַנטן וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט די זייד־טעקסטיל־אינדוסטריע.

אַ ר אָ נ ז אָ ן י ע ק ב ־ ח י י ם האָט געהאַט אַ פאַבריק פון זיידענע סטענגעס אין ביאַליסטאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1888. זי האָט באַשעפטיקט 37 אַרבעטער.

ב ע ק ע ר און קאָמפּ. (אַק. געז.) האָט געהאַט אַ פּלוש־פאַבריק אין ביאַליסטאָק. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895. זי האָט באַשעפטיקט 286 אַרבעטער.

ז אַ כ ע ר ט פ ר י ד. האָט געהאַט אַ זייד־צווירנעריי אין סופּראַסלע, געגרינדעט 1895, באַשעפטיקט 36 אַרבעטער.

פּ אָ ס ל אָ ו ו ס ק י פ ר אַ נ ץ האָט געהאַט אַ זייד־צווירנעריי אין אַלבערטין, געגרינדעט אין 1894, באַשעפטיקט 108 אַרבעטער.

גראַף ט י ש ק ע ו ו י ט ש האָט געהאַט אַ זייד־צווירנעריי אין פּאַליוט [?] און האָט באַשעפטיקט 97 אַרבעטער.

## קאַפּיטל דריי

# דער ביאַליסטאָקער יידישער אַרבעטער ביז 1900

### א. ידיעות וועגן יידישע טעקסטיל־אַרבעטער פון יאָר 1828

מיר פאַרמאָגן זייער ווייניק פאַרלאָזלעכע ידיעות וועגן דער צאָל יידישע אַרבעטער אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. עס זעט אָבער אויס, אַז שוין יעמאָלט זיינען געווען מער יידישע אַרבעטער ווי מע מיינט. בכל אופן קומט אַזוי אויס לויט דער אויס־פאָרשונג פון א. ד. יודיצקי [1], וואָס ער האָט געבויט אויפן סמך פון רוסישע אַרכיוו־מאַטעריאַלן. יודיצקי ברענגט אַ טאַבעלע וועגן דער צאָל יידישע אַרבעטער אין יידישע טעקסטיל־פאַבריקן. פון דאָרטן זעען מיר אַז אין 1828 זיינען געווען אין גראָדנער גובערניע 940 יידישע אַרבעטער, וואָס דאָס מאַכט אויס 30.10 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער אין די טעקסטיל־פאַבריקן. פאַרן ביאַליסטאָקער ראַיאָן ווערן אָנגעגעבן 100 אַרבעטער.

אָבער די צאָל יידישע אַרבעטער אין די טעקסטיל־פאַבריקן איז שווער צו באַשטימען, ווייל די אָפיציעלע סטאַטיסטישע ידיעות גיבן נישט אָן ניט די נאַ־ציאָנאַליטעט, נישט די אמונה פון די אַרבעטער. מיר האָבן בלויז געפונען אין איין אָרט [2] אַן אָנווייזונג אַז אין 19 יידישע טוך־פאַבריקן האָבן אין 1828 געאַרבעט 674 אַרבעטער און צווישן זיי זיינען 562 געווען יידישע. קומט אויס אַז אין די יידישע פאַבריקן האָבן געאַרבעט 83.4 פּראָצענט יידישע אַרבעטער.

ווייטער וויסן מיר אַז אין די 14 טליתים־פאַבריקן אין מאָהילעווער, מינסקער, וויטעבסקער גובערניעס האָבן געאַרבעט 404 יידישע אַרבעטער [3]. די שאלה איז אָבער, צי יידן האָבן געאַרבעט אויך אין נישט־יידישע פאַבריקן?

די אַרבעטער קען מען צעטיילן אויף דריי קאַטעגאָריעס: 1) די ערשטע קאַ־טעגאָריע איז געווען דערהויפּט דייטשע, פראַנצייזישע מייסטערס, טעכניקער, וואָס

---

1. А. Д. Юдицкий «Евреи в текстильной промышленности XIX века» Исторический Сборник Академии Наук СССР. 1935 IV, стр. 107-133.

2. Журнал Мануфактуры и Торговли. 1831. IX.

3. אין זיין באַריכט דערציילט אָרשענאָווסקי, אַז די דובראָוונער טליתים־פאַבריקאַנטן שלמה גינצבורג און שמחה עדעלזאָן, וואָס ארבעטן אויס טליתים אויף 29 שטולן זיינען ווערט אויפמערקזאַמקייט, ווייל פריער פלעגט מען קויפן טליתים אין טערקיי און היינט קויפן נישט נאָר רוסישע יידן נאָר אפילו דייטשע — אין רוסלאַנד. און פאָריקן יאָר האָבן זיי אויסגעאַרבעט 24,623 אַרשין טליתים.

זיינען געווען נאָר אין די גרויסע פאַבריקן אין אַ קליינער צאָל; 2) די צווייטע קאַטעגאָריע איז געווען פון לייב־אייגענע פויערים, וואָס האָבן געאַרבעט דער־הויפּט ביי פּריצים אָדער אין קאַפּיטאַליסטישע פאַבריקן, וואָס זיינען אָפּגעקויפט געוואָרן אָדער זיי זיינען פאַרדונגען געוואָרן צוזאַמען מיט די פאַבריקן; 3) די דריטע קאַטעגאָריע רופט זיך אָן אין די אָפיציעלע מקורים „פריי־געדונגענע". די לעצטע האָבן געאַרבעט דערהויפט אין די קאַפּיטאַליסטישע פאַבריקן אין די שטעט און שטעטלעך.

עס איז אָנצונעמען, אַז אַ גרויסער טייל יידישע וואָלינער פאַבריקן האָבן זיך באַנוצט מיט יידישע אַרבעטער. לויטן אָפיציעלן באַריכט זיינען אין 1828 געווען אין וואָלינער גובערניע אויף אַלע 40 יידישע פאַבריקן 1,469 אַרבעטער, דערפון 339 פּאַנשטשיזניקעס, וואָס זיינען אַריבער פון די פּאָמיעשטשיקעס צו יידן, און די איבעריקע 1,130 זיינען פריי־געדונגענע אַרבעטער. מען קען נאַטירלעך אָננעמען, אַז אין די שטעט און שטעטלעך פון וואָלין מיט קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן זיינען זיי געווען יידן.

די דאָזיקע הנחה באַשטעטיקט זיך דורך אַן אַנדער אָפיציעלן מקור. דאָס איז דער באַריכט פון באַאַמטן, וואָס אים איז איבערגעגעבן געוואָרן סוף 1827 אויסצופאָרשן די מערב־גובערניעס וועגן מצב פון מאַנופאַקטור־אינדוסטריע [4]. אין זיין באַריכט ווערן געבראַכט אויך געוויסע ידיעות וועגן צאָל פון יידישע אַרבעטער אין וואָלינער און גראָדנער גובערניעס.

וועגן וואָלינער גובערניע זאָגט דער באַריכט: „נאָך גאָר נישט לאַנג זיינען נישט געווען קיין שפּורן פון מאַנופאַקטור־אינדוסטריע, נאָר אין די לעצטע יאָרן האָט אַ גליקלעכער צופאַל געעפנט אין איר אַברייט טעטיקייטס־פעלד: די רעגירונג, וועלנדיק געבן באַשעפטיקונג פאַטערלענדישע פאַבריקן, האָט אויפ־געפאָדערט אַלע, וואָס האָבן דעם פאַרלאַנג, זיי זאָלן צושטעלן טוך פאַר דער מונ־דירונג פון דעם ליטווישן קאָרפּוס. פיל קאַפּיטאַליסטן, וואָס זיינען געווען אָנגע־לאָקט פון די פאַרדינסטן פון אַזאַ ליפערונג, האָבן זיך גענומען גרינדן פאַבריקן. פון יאָר צו יאָר האָבן זיי פאַרברייטערט זייער טעטיקייט, און אין אַ קורצער צייט וועלן זיי זיין גלייך מיט די גרעסטע. טייל פון די פאַבריקאַנטן זיינען יידן, פון 3,285 אַרבעטער זיינען פאַראַן יידן ביז טויזנט".

וועגן גראָדנער גובערניע שרייבט דער זעלביקער באַאַמטער: „די פאַרשריטן פון מאַנופאַקטור־אינדוסטריע אין גראָדנער גובערניע זיינען שטאַרק צו באַמערקן. דער גייסט פון אינדוסטריע איז אַריינגעדרונגען שוין אפילו ביי יידן. עס געפינען זיך 10 טוך־פאַבריקן וואָס געהערן צו יידן, געננג גרויסע און גוט איינגעאָרדנטע, דערהויפּט איז מערקווירדיק וואָס אין זיי אַרבעטן מער ווי 500 יידן, צווישן זיי מייסטערס: שערערס, מעכאַניקער, סטאָליאַרעס, פאַרבערס". דערמיט שטימט די ידיעה פון קאָרעספּאָנדענט פון מאַנופאַקטור־ראַט, אַז ס'האָבן

4. Журнал Мануфактуры и Торговли. 1828. IV.

זיך געפונען 562 יידישע אַרבעטער אויף די יידישע פאַבריקן אין גראָדנער גובערניע.

דער קאָרעספּאָנדענט פון מאַנופאַקטור־ראַט פון 1828 גיט איבער ידיעות וועגן צוויי נישט־יידישע טעקסטיל־פאַבריקן אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן: פון דער פאַבריק פון גרעפין גראַבאָווסקאַיאַ אין שטעטל אָרלע, וואו זי האָט געגרינדעט אַ פאַבריק אין 1827 כדי צו געבן באַשעפטיקונג אירע איינוואוינערס די יידישע, און כדי צו קענען אָפּזעצן די וואָל פון איר שאָף. אויף דער פאַבריק האָבן זיך געפונען 41 אַרבעטער. דער זעלביקער קאָרעספּאָנדענט דערציילט וועגן אַ פאַבריק, וואָס האָט געגרינדעט די גרעפין ניעסיאַלאָווסקאַיאַ אין שטעטל האַראַדאָק אין יאָר 1828 כדי צו געבן די איינוואוינערס פון שטעטל אַ גוטע באַשעפטיקונג און צו פאַרבעסערן זייער לאַגע. דאָ ווערט נישט דערמאָנט „יידן", אָבער די איינוואוינערס פון שטעטל זיינען געווען יידן; דער קאָרעספּאָנדענט ברענגט פון גראָדנער גובערניע, אַז אין 1824 האָט אויפגעשטעלט אין סלאָנים אַ טעקסטיל־פאַבריק דער געהיימראַט נאַוואָסיעלצעוו כדי אָפּצוזעצן זיינע גוטע וואָלן און צו געבן דער אָרעמער באַפעלקערונג אַ דערנערונגס־מיטל. אויף דער פאַבריק האָבן געאַרבעט עטלעכע דייטשע און פראַנצויזישע מייסטערס און 150 פריי־געדונגענע, — אין אַזאַ יידישן צענטער ווי סלאָנים איז אונטער פריי־געדונגענע צו פאַרשטיין יידן.

לכל הפחות איז דאָס יודיצקיס מיינונג. אָבער אויב בנוגע אַנדערע פונקטן קען זי אפשר צום טייל זיין אַ ריכטיקע, איז זיכער אַ פאַלשע בנוגע סלאָנים, ווייל דאָרטן איז געווען אַ נישט־יידישער וועבער־צעך נאָך אָנהייב 17טן יאָרהונדערט. ממילא האָבן זיך אין איר געפונען נישט־יידישע וועבער. אויך אין האָראַדאָק האָבן זיך שטענדיק געפונען נישט־יידן גלייך מיט יידן, בלייבט נאָר די נישט־יידישע פאַבריק אין אָרלע, וואָס זאָל האָבן דאָרט באַשעפטיקט נאָר יידן; איז דאָס אָן אויסנאַמספאַל. אָבער צו דרינגען דערפון, אַז וואו עס ווערן דערמאָנט „פריי־געדונגענע" אַרבעטער מיינט מען נאָר יידן, איז אין גאַנצן נישט ריכטיק. עס האָבן אויך געקאָנט זיין פריי־געדונגענע פויערים. אמת, יידישע אַרבעטער האָבן זיך אוודאי אָנגערופן פריי־געדונגענע.

דער שבת און יום־טוב אין יענע אַלטע פרומע צייטן האָט געוויס אָפּגעהאַלטן יידן פון אַרבעטן ביי נישט־יידן, און אויך אַז נישט־יידן זאָלן אָננעמען יידן פאַר אַרבעטער אין זייערע וועבערייען. איך האָב אויך נישט געהערט פון אַזעלכע פאַלן אין ביאַליסטאָק און אין איר ראַיאָן פון מיין צייט, כמעט פון זעכציק יאָר צוריק, און פאַר מיין צייט, לויט טראַדיציע שוין פון הונדערט יאָר צוריק. אָבער פאַרקערט — קריסטלעכע אַרבעטער האָבן שטענדיק געאַרבעט און אַרבעטן ביז היינט ביי יידן.

אמת, עס געפינען זיך אין די אַלטע רשימות, צום ביישפּיל, אַז ביי סאַפּיעהאַ האָבן געאַרבעט אין זיין פאַבריק אין וויסאָקאַ־ליטאָווסק 77 אַרבעטער, פון זיי זיינען געווען 72 יידן און 3 נישט־יידן, אָבער דאָרט איז געווען דער אייגנטלעכער

באַזיצער לייב וואַרהאַפטיג; סאָפּיעהאַ איז נאָר דער גרינדער פון דער פאַבריק. און אַזוי איז געווען אין די אַלע נישט־יידישע פאַבריקן, וואָס אין זיי האָבן געאַרבעט יידן, זיינען די אמתע באַזיצערס געווען יידן; פאַר דער רעגירונג האָבן זיי זיך אָנגערופן אויף נישט־יידישע נעמען, וואָס האָבן אַמאָל זיי געגרינדעט.

## ב. אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דעם יידישן טעקסטיל־אַרבעטער

מיר קומען צו אַ סך זיכערערע ידיעות וועגן יידישע טעקסטיל־אַרבעטער, ווען מיר דערנעענטערן זיך צו די 40ער און 50 יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. דאָ קען מען בויען אויף אַרטיקע ביאַליסטאָקער טראַדיציעס. לויט זיי קומט אויס, אַז אין ביאַליסטאָק זיינען נאָר געווען פלאַטשענקע־וועבערס און פלאַטשענקע־וועבערייען שוין אין די 40ער יאָרן. זיי האָבן געאַרבעט פאַרן אַרטיקן געברויך.

פון זיי האָבן שפּעטער זיך רעקרוטירט די ערשטע יידישע ספּעציאַליסטן אין וועבעריי. איינער פון זיי צלאל נאָוויק האָט געאַרבעט נאָך אין 1844 אין דוד אברהם קעמפּנערס וועבעריי פון וואָלענע פאַלטע־שטאָפן. מען האָט געהאַלטן אַז עטלעכע שפּעטערע גרויסע פאַבריקאַנטן, ווי אהרן סוראַזסקי אדג״ל, זיינען געווען פלאַ־טשענקע־וועבער.

יידישע טעקסטיל־וועבער האָבן אָנגעהויבן זיך צו מערן אינאיינעם מיט די יידישע טעקסטיל־פאַבריקן.

אין די אַמאָליקע האַנט־שפּינערייען האָבן געאַרבעט אויך יידן. שפּין־און אָפּ־רעטור־מייסטערס זיינען געווען אויך יידישע ניט נאָר אין די יידישע פאַבריק־שטעטלעך, נאָר אפילו אין ביאַליסטאָק, ווייל זייער אַרבעט איז דאָך ניט קיין פי־זישע.

אַלע קריסטלעכע פאַבריקן זיינען געווען יידן־ריין, אָבער אין די יידישע פאַ־בריקן זיינען געווען די הויפּט־אַרבעטער מיט זייערע מייסטערס — קריסטן. יידן האָבן געאַרבעט נאָר אין זייערע וועבערייען, און דאָרט אויך צום מייסטן צוזאַמען מיט קריסטלעכע וועבערס. איך רעד דאָ אַלץ פון האַנט־וועבשטולן, וועגן דער שפּעטערדיקער מעכאַנישער וועבעריי וועלן מיר זען ווייטער. על כל פנים האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ באַגריף, אַז אַלע מעכאַנישע אַרבעטן געהערן נאָר צו קריסטן, און די יידן זיינען פון זיי אויסגעשלאָסן.

די וועבעריי־אַרבעט האָט אויך מער צוגעצויגן די יידן, ווייל אויסצולערנען האַנט־וועבעריי איז גאַנץ לייכט. מען דאַרף דערצו נאָר ביז אַ חודש צייט זיך איינאיבן אין דער אַרבעט, בעת צו שפּינען און וואַלקן מוז מען האָבן מער ידיעות און לענגער זיך איינניטן אין זיי. דעריבער צאָלט זיך אויך זייער אַרבעט בעסער; די שפּינערס זיינען געווען די גרעסטע פאַרדינערס אין דער פאַבריק.

ווייל מען האָט געקענט וועבעריי לייכט און גיך זיך אויסלערנען, און מ׳האָט ניט געהאַט נייטיק, ווי ביי אַנדערע מלאכות, דורכצוגיין דערביי שבעה מדורי גיהנום פון דערנידערונגען אין די לערניאָרן ביי די מייסטערס בעלי־מלאכות, זיינען דע־ריבער געוואָרן וועבערס מערסטיילס שוין יידן דערוואַקסענע און גוט דערצוי־

גענע, פון בעלי־בתּישע פאַמיליעס. אַנדערע מלאכות זיינען געווען פאַר זיי אַ חרפּה אין זייערע אייגענע יונגע יאָרן, אָבער אַז זיי זיינען געווען גענייטיקט צו זוכן פּרנסה פון אַ מלאכה, ווייל צום האַנדל זיינען זיי ניט געווען פּעאיק אָדער זיי זיינען פון אים שוין אַרויסגעשטויסן געוואָרן און אַנגעוואָרן דערביי אויך זייערע נדנים, — האָבן זיי געמוזט ווערן וועבערס. אָבער באמת איז האַנט־וועבעריי זייער אַ שווערע מלאכה און ניט קיין געזונטע. זי האָט ביז 1900 געגעבן אַ וועכנטלעכן פאַרדינסט, ביי אַ שטענדיקער אַרבעט פון 12 שעה טעגלעך, פון 7 ביז 12 און אַמאָל ביז 15 רובל וועכנטלעך[5].

דער יידישער וועבער איז צו יענער צייט געווען ס'רוב אַן אַנטוויקלטער מענטש. ס'האָבן זיך געפונען צווישן די וועבערס בית־מדרשניקעס, בני תּורה, חסידים און משׂכּילים. די יידישע וועבערס זיינען געשטאַנען אויף אַ פיל העכערער קולטור־מדרגה ווי זייערע קאָלעגן די קריסטלעכע וועבערס, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט פון די נידעריקע פּויערישע און אַרבעטער־פאָלקסשיכטן (זייער „בלויער מאָנטיק" נאָך דעם שכורן זונטיק איז געווען באַקאַנט).

די באַציאונג פון יידישן וועבער צו זיין בעל־הבית

דער יידישער וועבער האָט באַקומען אין דער פאַבריק אַ באַזונדערע פּסיכיק און האָט זיך אויסגעאַרבעט אין אַ באַזונדערן טיפּ. די פאַבריק איז געווען זיין צווייטע היים. ער האָט פאַרבראַכט אין איר אַן ערך 12 שעה טעגלעך, חוץ שבתים און יום־טובים. יעדער פאַבריק און פאַבריקל איז געווען פאַר אירע יידישע וועבערס, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען אין אַ גרויסן לאַנגן צימער, אַ באַזונדער־אָפּגעשלאָסענער קלוב. דאָרט האָבן זיי געגעסן (די מיטאָגן פלעגן זיי ברענגען די ווייבער אָדער קינדער), געטרונקען טיי אָדער פאַרבראַכט אין שמועסן.

זייער אונטערהאַלט איז געווען איבער פאַרשיידענע לאָקאַלע און וועלט־פּראָגעס, לויט די צייטונגען, וואָס עס פלעגן לייענען זייערע משׂכּילים. אָבער די הויפּט־טעמע פון זייערע שמועסן איז געווען דער פאַבריקאַנט ווי אַ מענטש און סוחר און זיין פאַבריקאַט. די וועבערס פלעגן גענוי אויסרעכענען זיינע הכנסות פון זייערע אויסגעאַרבעטע סחורות קעגן זיינע הוצאות און מאַכן דעם פאַבריקאַנטס באַלאַנסן. זיי פלעגן אים קריטיש אַנאַליזירן אין אַלע מעגלעכע פּרטים, און אפילו אין זיין פּריוואַט־לעבן. די קריטיק פלעגט אייביק זיין אַ שלעכטע. יידישע וועבערס האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן העכער פאַרן פאַבריקאַנט, ווייל זיי זיינען דאָך אין דער פאַבריקאַציע דער פּראָדוקטיווסטער טייל. ביי אַ פאַבריקאַנט אַן עם־הארץ, וואָס דאָס איז געווען ניט קיין זעלטנקייט, האָבן זיך די יידישע וועבערס געהאַלטן העכער און חשובער פאַר אים. על־כּל־פּנים איז דאָך דער יידישער וועבער אַרויסגעגאַנגען פון דער זעלביקער פאָלקשיכט ווי דער פאַבריקאַנט, וואָס זיין בעסערע מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע לאַגע איז דאָך נאָר

5. ביי מיר איז אַן ענערגישער וועבער געוואָרן אַ מלוה בריבית און שפּעטער אַ הויזבאַזיצער. אַ צווייטער איז געוואָרן אַ לוינקעטניק און שפּעטער אַ פאַבריקאַנט.

אַ צופאַל, וואָס דערצו קען קומען ביי גוטע געלעגנהייטן אויף יעדער וועבער. און ווען דער פאַבריקאַנט פלעגט אַרויסווייזן אַ שלעכטע באַציאונג צו די וועבערס, האָבן זיי אים פיינט געקריגן. ממילא האָט זיך אַנטוויקלט ביי זיי פון זיך אַליין אַ קעגנערשאַפט צום קאַפּיטאַליזם און דאָס זוכן מיטלען ווי אַזוי אויסצובעסערן דעם מעמד פון דעם אַרבעטער. דאָס האָבן זיי ביי קיינעם ניט באַדאַרפט לערנען.

אָבער להיפוך איז דער אונטערשייד צווישן דעם קריסטלעכן דייטשן פאַבריקאַנט און זיינע וועבערס געווען אַ גאַנץ גרויסער. דער דייטשער פאַבריקאַנט איז געווען צום מערסטן טייל אַן אויסגעשטודירטער פאַכמאַן מיט אַ געוויסער אינטעליגענץ, וואָס דער געוויינלעכער קריסטלעכער וועבער איז געווען ווייט דערפון. די קריסטלעכע וועבערס האָבן זיך דעריבער באַצויגן מיט אַכטונג אויך צום יידישן פאַבריקאַנט און האָבן אים באַטראַכט כמעט ווי אַ העכערע באַשעפעניש. זיי האָבן אים דעריבער מער געפאָלגט און זיינען אים געווען אונטערטעניק. דעריבער האָט דער יידישער פאַבריקאַנט בעסער געוואָלט האָבן דעם קריסטלעכן וועבער איידער דעם יידישן.

מיר האָט אַ גרויסער יידישער פאַבריקאַנט אַזוי געשילדערט דעם אונטערשייד, וואָס ער האָט געפילט ביי זיך אין דער וועבעריי צווישן די צוויי מינים וועבערס: אַז ער פלעגט אַריינקומען דאָס ערשטע מאָל אין זיין וועבעריי, צוריקקומענדיק פון אַ האַנדלס־רייזע, און אַז ער פלעגט צוגיין צו די שטולן פון די קריסטלעכע וועבערס, איז געוואָרן מויזן־שטיל. מען האָט נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צום וועבן, די קעפּ אַראָפּגעלאָזן, ווי עס וואָלט אַרויף אויף זיי אַ מורא. אָבער אַז ער איז צוגעגאַנגען צו די יידישע וועבערס, האָבן זיי אויפגעהערט צו אַרבעטן, אַרויסגעגאַנגען פון די שטולן און אַריינגעשטעקט די האַנט מיט אַ גרויסן „שלום עליכם". דער דאָזיקער יידישער פאַבריקאַנט האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי ווייט העכער, אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער עס האָט זיך געשטעלט דערמיט דער יידישער וועבער פאַרן קריסטלעכן און פאַר אים אַליין. דעריבער האָט דער דורכשניטלעכער יידישער פאַבריקאַנט מיט מער חשק צוגענומען קריסטלעכע אַרבעטער, וואָס ער האָט מיט זיי קיינמאָל קיין סכסוכים ניט געהאַט. איז אַרויסגעקומען, אַז אַ גרויסער טייל פון די יידישע פאַבריקאַנטן פלעגן צעטיילן זייערע וועבערייען צווישן יידן און קריסטן, בעת די קריסטלעכע פאַבריקאַנטן האָבן ניט געהאַלטן קיין איין יידישן וועבער און ניט אַרבעטער און ניט נאָר מחמת דעם טעם פון שבת, וואָס צוליב דעם האָבן יידן ביי זיי סיווי ניט געקענט אַרבעטן.

אין די וועבערייען האָבן געהערט אויך פרויען, וואָס האָבן אויסגעמאַכט 25% פון די וועבערס. זיי זיינען געווען די שפּולאַרקעס, נופּערקעס, שערערקעס (עס האָבן זיך געפונען אויך שערערס מענער). אין די יידישע פאַבריקן זיינען געווען נאָר יידישע פרויען־אַרבעטערינס.

### ג. די שטרייקן פון די וועבערס

דער יידישער וועבער, ווי דער יידישער אַרבעטער בכלל, איז געווען שוין לויט דער דערציאונג אויף די פּרינציפּן פון דער יידישער תורה, וואָס איז געווען

קעגן יעדער שקלאַפעריי, איבערהויפּט מצד יידן, אין זיין גייסט אַ סאָציאַליסט ניט לויטן נאָמען נאָר לויטן זינען. ער האָט זיך געהאַלטן גלייך אין שטאַנד מיט זיין בעל־הבית, דעם אַרבעטס־געבער, און איז שטענדיק געווען גרייט צו פאָדערן פון אים אַ געהעריקן טייל פון דעם בעל־הבית׳ס הכנסה, ד״ה אַ גרעסערע באַלוינונג פאַר זיין אַרבעט. אין תלמוד געפינט זיך שוין דער טעכנישער אויסדרוק פאַר אַ שטרייק — „אימור" און אויך דער טעכנישער אויסדרוק פאַר אַ בעלי־בתים־פאַראייניקונג קעגן די אַרבעטער — „רגיעה" (לאָקאַוט) [6]. אין דער ביאַליסטאָקער יידישער אינדוסטריע האָבן זיך גאַנץ פרי אָנגעהויבן די שטרייקן.

קליינע סכסוכים צווישן פאַבריקאַנטן און וועבערס, וואָס האָבן געאַרבעט דעמאָלט פון שטיק, פלעגן אויך פריער פאָרקומען, אָבער זיי פלעגן געווײנטלעך דורכקומען צווישן זיך. צי עס זיינען אַנטשטאַנען פריער גרויסע שטרייקן אין די יידישע פאַבריקן, איז ניט באַוואוסט. דער ערשטער באַקאַנטער גרויסער יידישער וועבער־שטרייק, וואָס מיר וויסן וועגן אים איז פאָרגעקומען אין דער קאָמפּלעטער פאַבריק פון אהרן סוראזסקי (אַ קאָצקער חסיד); אין יאָר 1882 האָבן ביי אים פאַרשטרייקט 70 וועבערס וועגן פרייז־העכערונג און נאָך עטלעכע פאָדערונגען. דער שטרייק האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, כאָטש דער גרעסטער טייל פון זיינע וועבערס זיינען געווען פון זיינע שטיבל־חברים.

די יידישע וועבער־שטרייקן זיינען פון דעמאָלט אָן געוואָרן אַ געוויינלעכע דערשיינונג. ווי נאָר די יידישע וועבערס פלעגן דערשפּירן אַן אויפשוואונג אויף אַ בעסערונג אין די מעגלעכקייטן צו פאַרקויפן די פאַבריקאַטן, פלעגן זיי גלייך פאַרשטרייקן, אַרויסשטעלנדיק געוויסע פאָדערונגען, דער עיקר העכערן דעם לוין און פאַרקלענערן די שעהן אַרבעט.

עס איז שוין געוואָרן שפּעטער אַ כלל, אַז דער אָנזאָג אויף אַ בעסערער צייט פאַר דעם פאַבריקאַט איז דער יידישער וועבער־שטרייק. אָבער ווי נאָר די צייט איז געוואָרן ערגער, האָט מען אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט גרויס חשק אין די יידישע וועבערייען. די יידישע וועבערס מיט זייערע פאַבריקאַנטן זיינען געווען צוויי שטרייטנדיקע מחנות, וואָס רעגלמעסיק טרעטן זיי אַריין, פון צייט צו צייט, אין אַ מלחמה־צושטאַנד. דאָס האָט געהאַט אַ זייער שלעכטע ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דער יידישער פאַבריקאַציע־אַנטוויקלונג, ווייל אין די קריסטלעכע קאָנקורענץ־פאַבריקן איז דאָס ניט געווען דער פאַל.

אָנהייבן דעם שטרייק פלעגן יידישע וועבערס שטענדיק פון דעם נאָכגעביי־קערן, בעסער געשטימטן אין דער באַציאונג צו די וועבערס. די פאַבריקאַנטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען פון די פריערדיקע וועבערס, זיינען שטענדיק געווען די ערגערע און ניט־נאָכגעביקערע פאַבריקאַנטן צו זייערע געוועזענע חברים.

ביי די דייטשע פאַבריקאַנטן, וואו עס זיינען קיין יידישע אַרבעטער ניט געווען, איז קיינמאָל אין מיין צייט קיין שטרייק ניט געווען (אַן אויסנאַם, דאַכט זיך

6. זען תוספתא בבא מציעא י״א: בסוף רשאים הנחתומין לעשות רגיעה ביניהן (די בעקערס האָבן רעכט צו מאַכן אַ לאָקאַוט צווישן זיך).

מיר, איז געווען נאָר איין מאָל אַ גרויסער שטרייק ביי האַסבאַכן, דעם דייטשן פאַבריקאַנט, די לעצטע צייט פאַר דער מלחמה). דאָס דערקלערט זיך לויט מיין מיינונג מיט דעם גרויסן קולטורעלן און פסיכישן אונטערשייד צווישן דעם יידישן און דייטשן וועבער און אַרבעטער, ווי עס איז אַנגעוויזן פריער. געוויינלעך זיינען די ניט־יידישע וועבערס אין די יידישע פאַבריקן געווען פאַראייניקט מיט די יידן און פלעגן גיין אין אַ שטרייק נאָך אינסטרוקציעס אין בית שני פון „חיי אָדם"־בית מדרש אויפן שולהויף, דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער וועבער־צענטער.

## דער קאַמף קעגן די לוינקעטניקעס

אָבער צום העכסטן גראַד פון פאַרביטערונג האָט דערגרייכט די מלחמה ניט צווישן די וועבערס און פאַבריקאַנטן, נאָר צווישן די וועבערס און לוינקעטניקעס אין די 90ער יאָרן. דער לוינקעטניק האָט שטענדיק געבראַכט שאָדן דעם איינגעפונדעוועטן אַלטן פאַבריק־וועבער, ווייל: א) ער האָט שטענדיק דערצויגן נייע יונגע וועבערס און דערמיט פאַרמערט די צאָל וועבערס, איז ממילא אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן זייער אַנזעען; ב) ער האָט ממילא אַראָפּגעדריקט דעם אַרבעט־פּרייז; ג) ער האָט באַפרייט דעם פאַבריקאַנט פון זיין אָפּהענגיק פון די פאַבריק־וועבערס; דער פאַבריקאַנט האָט געקענט וועבן, נאָר ווען ער האָט זיך געניטיקט אין סחורה, אָבער אין אַן אייגענער וועבעריי האָט ער געמוזט שטענדיק וועבן כדי צו געבן פרנסה זיינע וועבערס.

מאַכן שטרייקן ביי די לויקענטניקעס האָבן די וועבערס דאָך ניט געקענט, ווייל ביי די לוינקעטניקעס־וועבערס איז עס דאָך געווען אַן עקסיסטענץ־פראַגע, כאָטש ביי אַן אַלגעמיינעם פאַבריק־שטרייק פלעגן זיי מיטשטרייקן, ווייל מיטן אויסבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די פאַבריקן איז ממילא אויסגעבעסערט געוואָרן אויך ביי זיי. האָבן די פאַבריק־וועבערס דעריבער אַנגעווענדט אין זייער מלחמה מיט די לוינקעטניקעס אויך טעראָר, אָבער פריער, בשעת זיי האָבן טעראָר נאָך ניט געהאַט אַנגעווענדט, — איידער זיי האָבן זיך געשטעלט אין שטרייק אונטער דער אַנפירונג פון „בונד" — האָבן זיי קעגן די לוינקעטניקעס אַנגעווענדט פאַרשיידענע אַנדערע מיטלען.

אַן ערך אין 1895 האָבן די וועבערס אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט אַ גרויסער צאָל מיטעלע פאַבריקאַנטן, אַז זיי זאָלן ניט טאָרן געבן אַרבעט די לוינקעטניקעס. די מלחמה איז געקומען מיט אַ מסירה ביי דער רעגירונגס־מאַכט. לויטן רוסישן געזעץ האָט יעדערער, וואָס האָט איינגעצאָלט און אַרויסגענומען אַ „פּראָמיסלאָוון" (האַנטווערקער־)בילעט פאַר 15 רובל, געהאַט דאָס רעכט צו באַטרייבן אַ וואַרשטאַט מיט 16 אַרבעטער און אויך צו פאַרקויפן די אויסגעאַרבעטע סחורה. מיט דעם בילעט האָבן זיך באַנוצט די לוינקעטניקעס, אָבער אויך די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געהאַט נאָר וועבערייען, צו אַרבעטן ביי זיך נאָר מיט 16 אַרבעטער און אויך צו פאַרקויפן די אויסגעאַרבעטע סחורה. די איבעריקע אַרבעט פלעגן זיי אָפּגעבן די לוינקעטניקעס. האָבן די וועבערס דעריבער אַנגעקלאָגט די פאַבריקאַנטן ביי דער רעגירונגס־מאַכט, אַז ניט זייענדיק אַליין קיין

אַרבעטער, האָבן זיי ניט דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיט די פּראָמיסלאָווע בילעטן. האָט דער גראָדנער גובערנאַטאָר, ביי ווענען זיי האָבן געמסרט, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל תיכף צו שליסן די דאָזיקע פאַבריקאַנטן־וועבערייען און אין געריכט אויפמאָנען ביי זיי אַ גרויסע געלט־שטראָף, פאַרוואָס זיי האָבן זיך באַנוצט פאַלש מיט אַ ביליקערן בילעט, און אויך צו קאָנפיסקירן זייערע וועבשטולן און זייער סחורה.

איך בין דעמאָלט אויך געווען צווישן די דאָזיקע פאַבריקאַנטן. זיינען מיר געפאָרן צום גראָדנער גובערנאַטאָר. ווייל איך בין געווען דער איינציקער צווישן דער דעלעגאַציע וואָס האָט געקענט רעדן רוסיש, בין איך געשטאַנען בראש. דער גובערנאַטאָר, אַ געוויסער פּאָטיאָמקין, אַ גרויסער שונא ישראל, וואָס האָט געהאַט אַ ווייב אַ משומדת, האָט אונדז זייער שלעכט אויפגענומען און האָט אונדז תיכף אָפּגעזאָגט אונדזער בקשה. אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך אויף אים קלאָגן אין אַ העכערער אינסטאַנץ, ווייל ער האָט געהאַנדלט אומגעזעצלעך ביים שליסן אונדזערע וועבערייען, איידער עס איז באַשלאָסן געוואָרן פון געריכט, אַז מיר האָבן קיין רעכט ניט זיך צו באַנוצן מיט „פּראָמיסלאָווע" בילעטן, — האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וועט אונדז צעשמייסן מיט ריטער. מיר זיינען פון אים געגאַנגען צום פאַרוואַלטער פון האַנדל אין גראָדנער גובערניע, וואָס אייגנטלעך האָט דער גאַנצער ענין געהערט צו אים. האָט ער אונדז געענטפערט, אַז אוודאי זיינען מיר גערעכט, אָבער ער קען זיך ניט אַנטקעגנשטעלן דעם גובערנאַטאָר וואָס האַלט מיט די וועבערס. צום סוף האָט אונדז אַן עצה געגעבן דער פּאָרזיצער פון געריכט אין ביאַליסטאָק, אַז יעדערער פון אונדז זאָל צושטעלן אין געריכט אַ צעכן־מייסטער־בילעט אפילו נאָר פון זיינעם אַ וועבער, וועט ער אונדז פריי־שפּרעכן. און כך הוה: איך האָב זיך דעמאָלט איינגעשריבן פאַר 25 רובל אין יידישן וועבער־צעך אין ביאַליסטאָק און בין געוואָרן וועבער־מייסטער, כאָטש וועבן האָב איך ניט געקענט.

אין דער ערשטער צייט זיינען די שטרייקן אין ביאַליסטאָק געווען נאָר עקאָ־נאָמישע, אָן שום פּאָליטישן אונטערשלאַק. די רעגירונג פלעגט זיך דערין גאָרניט מישן. ווי מיר האָבן געזען, האָט דער גובערנאַטאָר נאָך געהאַלטן מיט די וועבערס.

### דער גרויסער שטרייק פון 1894

דער ערשטער שטרייק, וואָס איז געווען געווענדט קעגן דער רעגירונג, אָבער ניט קיין פּאָליטישער, איז געווען דער גרויסער שטרייק פון 1894 אין ביאַליסטאָק פון אַלע יידישע און ניט־יידישע וועבערס אין אַ צאָל העכער 10,000. דער שטרייק איז געשען צוליב דעם וואָס דער פאַבריק־אינספּעקטאָר האָט איינגעפירט פאַבריק־ביכלעך פאַר די וועבערס, וואָס די אַרבעטער האָבן געהאַלטן פאַר אַ נייער גזירה מצד זייערע עקספּלואַטאַטאָרן, די פאַבריקאַנטן. האָט דער פאַבריק־אינספּעקטאָר און דער פּאָליצמייסטער און די פּריסטאַווס אויפגערופן אַלע וועבער אויף אַן אסיפה, אויפן גרויסן לייזיקן פּלאַץ ביי אַלט־באַיאַרע. זיי האָבן זיי געגעבן צו

דערקלערן, אַז די ביכלעך זיינען געמאַכט לטובת די אַרבעטער, אַז דער פאַבריקאַנט זאָל מוזן מאַכן אַן אויסצאָלונג צו דער צייט און ער זאָל ניט קענען אָפּזאָגן דעם וועבער אָן קינדיקונג פון צוויי וואָכן און דאָס גליכן. אַזוי אַרום האָבן זיי די וועבערס באַרואיקט, און זיי האָבן זיך נאָך דריטהאַלבן וואָכן צוריקגעקערט צו דער אַרבעט.

אין יענער צייט איז געווען אַ פאַל, אַז אַ פאַבריקאַנט האָט ביי אַ שטרייק צוגענומען וועבער־שטרייקברעכערס. האָבן די וועבערס אַרומגערינגלט די פאַבריק און אַריין אינעווייניק, האָבן אַראָפּגעטריבן מיט געשלעג די שטרייקברעכערס פון די שטולן און אָוועקגעזעצט די פריערדיקע וועבערס אויף די שטולן, און די פּאָליצײ האָט זיי ניט געשטערט.

אויך אין דעם שטרייק פון 1897 פון די וועבערס צו פאַרגרעסערן די שכירות ביי די לוינקעטניקעס־וועבערס פון 6 ביז 7 קאָפּ׳ פון מאַטעק, (שטרייען) און אַז דער אַרבעטס־טאָג זאָל דויערן נאָר 12 שעה, פון 7 אין דער פרי ביז פאַרנאַכט, דערונטער אַ שעה אויף מיטאָג, — האָט די פּאָליצײ געהאָלפן די וועבערס אויסצופירן. דער שטרייק האָט געדויערט נאָר איין וואָך, אגב ווייל דעמאָלט האָט געדאַרפט אָנקומען דער קייסער אין ביאַליסטאָק.

ווי עס דערציילט דער אידישער אַרבעטער (נומער 10, זייט 63), האָט די פּאָליצײ כמעט אַלע מאָל זיך אָנגענומען (נאָך אין יאָר 1900) פאַר דעם אַרבעטערס טובה: דער נייער פּאָליצמייסטער, וואָס האָט געהאָט נישט לאַנג אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, פירנדיק זיך, ווי עס ווייזט אויס, ווי דער מאָסקווער אייבער־פּאָליצמייסטער, פלעגט זיך יעדער מאָל אָננעמען פאַר די אַרבעטער. דעריבער פלעגן די אַרבעטער, ווי עס פלעגט זיך נאָר וואָס טרעפן, גלייך לויפן צום פּאָליצמייסטער.

אָבער די שטרייקן האָבן באַקומען אַ פּאָליטישן אונטערשלאַק דורכן „בונד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897 — און פון דעמאָלט אָן האָבן זיך ביאַליסטאָקער וועבערס און אַרבעטער, איבערהויפּט זייער יוגנט, געפונען אונטער זייער אָנפירונג. די שטרייקן האָבן אויפגעהערט צו זיין נאָר עקאָנאָמישע און זיינען געוואָרן גלייכצייטיק, און אפשר דער עיקר, פּאָליטישע, האָט זיך די באַציאונג פון דער רעגירונג צו די שטרייקן אין גאַנצן געביטן.

די אָרגאַניזאַציע פון די וועבערס

כדי דורכצופירן שטרייקן, האָבן די וועבערס געדאַרפט זיין אָרגאַניזירט אין אַ פעסטער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז ניט געווען. דער לעגאַלער פאַראיין, וואָס האָט עקסיסטירט, האָט כמעט קיין ווירקונג ניט געהאַט און האָט זיך אויך ניט געקענט אַנטוויקלען, ווייל די מעגלעכקייט פאַר זיין טעטיקייט איז געווען באַגרענעצט. דער דרוק פון די מאַכט־האָבערס איז געלעגן אויף אים צו שטאַרק. דעריבער האָט קיין רושם ניט געמאַכט ווען מען האָט אים געשלאָסן. עס האָט אויך ניט עקסיסטירט אַ ניט־לעגאַלער פאַראיין, און דאָך זיינען די וועבערס געווען פאַראייניקט

אין אַ לויזער אָרגאַניזאַציע. די אָרגאַניזאַציע האָט ניט געהאַט קיין פעסט באַ־שטימטע תקנות, קיין שטענדיקע הכנסה — און דאָך האָט זי עקסיסטירט און גע־ווירקט. אַנשטאָט פעסט באַשטימטע תקנות, האָבן געווירקט אַלגעמיין אָנערקענטע פּערזאָנען פון צווישן די וועבערס, וואָס מען האָט זיך געווענדט צו זיי אין אַן עת־צרה און וואָס זיי זיינען שטענדיק געשטאַנען בראש פון יעדער קאָלעקטיווער באַוועגונג.

בשעת מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער וועבערשער אָנקלאַגע וועגן אונדזער „פּראָמיסלאָווע" בילעטן, איז געוועזן זייער עומד בראש אַ הויכער, בלאָסער, יונגער וועבער, וואָס זיי פלעגן אים רופן, ווייזט אויס, צוליב זיין אויסזען „לאַבאַנדזש". ער און דער בית שני פון „חיי אָדם"־בית־מדרש זיינען דעמאָלט גע־ווען די ביידע אינסטאַנצן, וואָס צו זיי האָבן זיך געווענדט אַלע וועבערס, אויך די קריסטלעכע.

דעם אָרט פון אַ פעסט געבויטער קאַסע האָט פאַרנומען די טיף איינגע־וואָרצלטע טראַדיציע פון קאַמף־און שטרייק־אונטערשטיצונג. אמת, זי האָט גע־ווירקט נאָר אין אַ צייט פון שטרייקן און קאַמפן, אָבער דערפאַר איז זי געווען פעסט און זיכער.

גלייך ווי דער שטרייק ווערט געמאָלדן, רופן די שטרייקערס צונויף אַ דע־לעגאַטן־פאַרזאַמלונג פון אַלע פאַבריקן. די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג באַשטעטיקט דעם שטרייק און באַשטימט אַ שטייער. לויט דער טראַדיציע, איז דער שטייער געווען באַשטימט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: יעדער אַרבעטער צאָלט אַ קאָפּיקע אַ וואָך פאַר יעדער שטרייקנדיקן אַזוי, אַז וויפל זיי זאָלן ניט שטרייקן — צען, צוואַנ־ציק, פופציק, הונדערט מאַן — אַזוי פיל קאָפּיקעס אַ וואָך צאָלט מען אומאָפּהענ־גיק פון דעם, וויפל צייט דער שטרייק זאָל ניט דויערן. די שטרייקערס אַליין גייען יעדער וואָך אַרום אין די פאַבריקן און קלייבן צונויף דעם שטייער. דאָס גלייכן טראָגן זיי פונאַנדער איבער די פאַבריקן די באַריכטן פון די געלט־זאַמלונגען. די שטרייקערס באַקומען אויף אַזאַ אופן צו 6, 7, 8 רובל אַ וואָך און קענען גאַנץ רואיק שטרייקן כאָטש אַ גאַנץ יאָר. יעדער אַרבעטער פילט אַ חוב צום צאָלן דעם שטייער. יעדער שטרייקער פאָדערט דעם שטייער ווי זיין רעכט. די מאָטיוון פון די שטרייקן זיינען געווען פאַרשיידן [7].

## ד. וועגן צאָל און מצב פון יידישע ארבעטער אין ביאַליסטאָק אין 1900.

איידער מיר דערציילן וועגן וויטערדיקע קאַמפן און צוזאַמענשטויסן, לאָמיר זיך באַקענען מיטן אַלגעמיינעם מצב פון יידישן אַרבעטער פון די הויפּט־מלאכות און ברענגען ידיעות וועגן זייער צאָל [8], לויט פאַכן נאָך, אין דעם יאָר 1900.

7. זען אין זאַמלבוך פראַגן פון לעבן, נומ' 2—3, ביאַליסטאָק 1912, דעם אַרטיקל פון א. זיסקינד, באַזונדער ז' 148.

8. איך גיב דאָ איבער די דאָזיקע סטאַטיסטיק לויט דער בונדישער צייטונג דער אידישער אַרבעטער, נומער 10, פון יאָר 1900. די צאָל שטימען מיט דער דעמאָלטדיקער ווירקלעכקייט.

### טעקסטיל־אַרבעטער

די צאָל וועבערס וואָס אַרבעטן אויף ייִדישע פאַבריקן הערגייט ביז אַן ערך 3,000 מאַן. פון זיי אַרבעטן 1,242 ביי די פאַבריקאַנטן און 1,600 ביי די לוינקעטני־קעס. צו זיי דאַרף מען צורעכענען ביז 1,000 שפּולאַרקעס, 200 נופּערקעס, 100 שע־רערקעס און ביז 40 שנעלערקעס, סך־הכל אַן ערך 4,400. פון דער צאָל זיינען 2/3 ייִדן, דאָס הייסט נאָענט פון 3,000. אויף די גאָר גרויסע פאַבריקן, וואָס געהערן צו קריסטן, אַרבעטן גאָרניט קיין ייִדן.

די אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט אויף 70 פאַבריקן און אַן ערך ביי 200 לוינ־קעטניקעס. די גרעסטע צאָל וועבשטולן אויף איין ייִדישער פאַבריק, איז 67, די קלענסטע — 5. ביי די לוינקעטניקעס איז די גרעסטע צאָל וועבשטולן 28 און די קלענסטע — 3. אין דורכשניט קומט אַרויס אויף יעדער פאַבריק צו 17 וועב־שטולן און ביי יעדער לוינקעטניק צו 8½ וועבשטול. אויף אַזאַ אופן שפּילן די לוינקעטניקעס אַ גרויסע ראָלע אין דער פאַבריקאַציע. די לוינקעטניקעס קויפן ניט קיין אייגענע מאַטעריאַלן. זיי נעמען דעם מאַטעריאַל ביי די פאַבריקאַנטן אָדער ביי די סוחרים און ברענגען זיי אָפּ צוריק אַ פאַרטיקע שטיק געוועבטע סחורה.

די לוינקעטניקעס עקספּלואַטירן דעם אַרבעטער פיל מער ווי די פאַברי־קאַנטן. זיי צאָלן וויניקער און די אַרבעט־באַדינגונגען זיינען ביי זיי אַ סך ערגער.

אומעטום האָבן די אַרבעטער זיך דערשלאָגן דורך שטרייקן צו אַ 12 שעהאיקן אַרבעטס־טאָג (12 שעה אין איינעם מיט מיטאָג־צייט). די שכירות איז אין דורכשניט אויף די פאַבריקן פון 6 ביז 8 רובל אַ וואָך, ביי די לוינ־קעטניקעס פון 4 ביז 6 רובל, די נופּערקעס באַקומען 2—3 רובל אַ וואָך, די שפּולאַרקעס 1½—2 רובל אַ וואָך, די שנעלערקעס און שערערקעס 3—4 רובל אַ וואָך.

### גאַרבערס [9]

צום ערשטן האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די גאַרבעריי־אינדוטריע ביי אונדז אין די 80ער יאָרן, פון אָנהייב אין ביאַליסטאָק און אין דעם שטעטל קרינעק, מיט 2—3 ניט קיין גרויסע פאַבריקן. נאָך דעם זיינען צוגעקומען יעדער יאָר גאַרבערייען אין ביאַליסטאָק, סאָקאָלקע, קרינקי, שישלעוויץ, זאַ־

9. ווייל די גאַרבעריי־אינדוסטריע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע פאַר דער מלחמה אין ביאַליסטאָק און אין איר ראַיאָן, גיב איך דאָ איבער דעם אינהאַלט פון דעם אַרטיקל פון פאַר שטאָרבענעם לייִמאָ עפּשטיין, וואָס איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע ייִדישע גאַרבערס אין ביאַליסטאָק. דער אַרטיקל איז אין ספּראַוואָטשני קאַלענדאַר פּאַ גאָראָדו בעלאַסטאָקו אויפן 1913 יאָר, אויסגאַבע פון „קראַסני קרעסט״.

בלודאָווע. די גאַרבערייען זיינען אויסגעוואַקסן אין גרויסע אונטערנעמונגען. פאַר דער מלחמה־צייט האָבן זיך געפונען אין גראָדנער גובערניע אַרום 200 לעדער־פאַבריקאַנטן מיט אַן ערך 6,000 אַרבעטער.

דער צענטער פון דער גאַנצער לעדער־אינדוסטריע איז געווען ביאַליסטאָק. דאָס איז געשען צוליב איר גרויסער צאָל פינאַנץ־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן באַזאָרגט מיט געלט־מיטלען אַלע שטאָטישע און אַלע שכנישע שטעטלדיקע פאַבריקן. ביאַליסטאָק וואַקסט דעריבער אויך ווי אַ גרויסער צענטער פאַרן פאַרקויף פון רויע לעדער, וואָס קומט אַן צו אונדז פון טיף־סיביר, קאַווקאַז און אויך פון דייטשלאַנד, עסטרייך און פראַנקרייך, און דירעקט פון אַמעריקע, אַרגענטינע, טשילי. צוליב דעם זיינען די געשעפטן פון איינקויפן די מאַטעריאַלן: פעל, גאַרבעריי־שטאָפן און עקסטראַקט, וואָס מ׳האָט באַקומען דירעקט פון אַרגענטינע, געעפנט געוואָרן דורך די פאַבריקאַנטן אין ביאַליסטאָק.

ביאַליסטאָק האָט אויך געדינט ווי אַן אָפּזאַץ־מאַרק פון פאַרטיקע לעדער. אַהער פלעגן קומען די איינקויפערס פון דרום־רוסלאַנד און פון די צענטראַלע גובערניעס.

דער מאַנאַטלעכער אומזאַץ פון ביאַליסטאָקער לעדער־מאַרק איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף דריי פערטל מיליאָן רובל.

מיט דער געשעפטס־שטימונג פון לעדער־מאַרק אין ביאַליסטאָק פלעגט מען זיך שטאַרק אינטערעסירן אויף די אויסלענדישע בערזעס [10]. אין ביאַליסטאָק זיינען דעמאָלט געווען 14 גאַרבערייען, וואו עס האָבן געאַרבעט 320 מאַן (פון זיי זיינען געווען 100 קריסטן). פאַרמיטלערס זיינען געווען 50. דער אַרבעטסטאָג איז ביי די יידן געווען אַ 12־שעהאיקער, ביי די קריסטן אַ 13־שעהאיקער. די שכירות איז געווען פון 4 ביז 6 רובל אַ וואָך. מ׳האָט געאַרבעט צום מאַרק, ניט אויף באַשטעלונגען. קיין מעכאַנישע מעטאָדן האָט מען דעמאָלט ניט אָנגעווענדט. אין די לעצטע 3 יאָר פון 19טן יאָרהונדערט זיינען ביי די גאַרבערס פאָרגעקומען 6 שטרייקן. אין דעם לעצטן שטרייק האָבן זיך באַטייליקט 300 אַרבעטער, ד״ה כמעט אַלע גאַרבערס. דער עיקר האָט מען געפאָדערט, אַז עס זאָל ניט זיין קיין ציל־אַרבעט און אַ קירצערן אַרבעטסטאָג. אַלע שטרייקן האָט מען אויסגעפירט.

### פאַפּיראָסניקעס

אויף יאַנאָווסקיס פאַפּיראָסן־פאַבריק האָבן געאַרבעט 370 יידן, 200 פאַפּיראָסן־מאַכערקעס, 70 ציגאַרן־מאַכערס, 50 וויקל־מאַכערקעס, 50 פאַקערקעס און אַנדערע. קיין מעכאַנישע מעטאָדן האָט מען ניט אָנגעווענדט. די שכירות איז געווען ביי די פרויען אַנדערהאַלבן ביז צוויי רובל אַ וואָך, ביי די מענער, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט דעם בעסערן סאָרט — פון 5 ביז 6 רובל; וואָס האָבן אויסגעאַרבעט דעם ערגערן סאָרט — פיר ביז פיר מיט אַ האַלבן רובל אַ וואָך.

10. דער אידישער ארבעטער, נומ׳ 10, זז׳ 60—62.

מען האָט געאַרבעט צום מאַרק און אויף באַשטעלונגען. שטרייקן זיינען אין די לעצטע 3 יאָר פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט פאָרגעקומען 7. אין זיי האָט זיך באַטייליקט אַ פאַרשיידענע צאָל אַרבעטער, ביז 200. געפאָדערט האָבן די שטרייקערס, אַז מען זאָל זיך מיט זיי בעסער באַגיין און העכערן שכירות. דער בעל־הבית האָט געקעמפט מיט די אַרבעטער דורך פּאָליציי, עס זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן.

בעקערס

עס זיינען געווען אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1900 — 80 בעקערייען. אין זיי האָבן געאַרבעט 450 יידישע בעקער־אַרבעטער. זיי זיינען געווען איינגעטיילט אין קאָרענע בעקערס, זעמל־בעקערס, קוכן־און בייגל־אַרבעטער. אין די לעצטע צוויי פאַכן האָבן געאַרבעט אַ 50 פרויען אין עלטער פון 15 ביז 25.

מען האָט געאַרבעט אין די בעקערייען 18 שעה אַ טאָג. דער אַרבעטער פלעגט גאָרניט קומען אַהיים די גאַנצע וואָך, מיט אויסנאַמען פון מאָנטיק־דינסטיק אויף 4—6 שעה. דער איינציקער תענוג וואָס זיי האָבן געהאַט איז געווען... פרי צו קומען אין בעקערשן בית־מדרש און פאַרלאַנגען, אַז מ׳זאָל אויך לייענען אַ מאָל די תורה אין זייער ס פ ר ־ ת ו ר ה, וואָס זיי האָבן זיך פאַרשאַפט פאַר זייערע פאַרהאָרעוועטע גראָשנס מיט יאָרן צוריק. דאָס איז באמת אַן אויסטערלישע פאָרעם פון קלאַסנקאַמף: פאָדערן פון די בעלי־בתים, מ׳זאָל לייענען אויך פון זייער ספר־תורה! די שול פון דערציאונג פון די יוגנטלעכע אין די בעקערייען האָט געדויערט דריי יאָר. געצאָלט האָט מען די לערן־ייִנגלעך פון 30 ביז 50 קאָפּיקעס אַ וואָך. זיי זיינען געווען אויסגעזעצט צו אַלערליי שיקאַנעס מצד די עלטערע אַרבעטער און פון די מיטגלידער פון דעם בעקערס משפחה.

די בעקערייען זיינען געווען אין די ערגסטע היגיענישע באַדינגונגען. די באַליבטסטע שמועסן פון די דערוואַקסענע אַרבעטער ביי דער אַרבעט זיינען געווען: מיידלעך און קאָרטן. פרייטיק־צו־נאַכט פלעגן זיי אַוועקטראָגן אין די שענקען די פאַרהאָרעוועטע רובלס נאָך 100 שעה אַרבעט אַ וואָך.

די דאָזיקע שילדערונג [11] קען זיין חל נאָר אויף אַ טייל יידישע אַרבעטער. די יידישע אַרבעטערשאַפט, בכלל גענומען, איז נאָך יעמאָלט געווען געשטימט רעליגיעז. די הפקר־עלעמענטן זיינען גיכער געווען דער יוצא־מן־הכלל. פון די דאָזיקע בעקער־אַרבעטער זיינען אַרויסגעקומען פרומע יידן און בני־תורה, ווי

11. דער באַשרייבער פון אָט דעם שלעכטן מצב איז דער געוועזענער ביאַליסטאָקער בעקער־אַרבעטער בענצל צאַלעוויטש, היינט אין תל־אביב. ער האָט עס געשריבן אין דער בונדיסטישער פּאָלקסצייטונג אין וואַרשע; זע די אויסצוגן אין אונזער לעבן 1936 די נומערן 236, 237. ער טרייבט איבער, וואָרעם די זעלביקע בעקער וואָס האָבן זיך פאַרשאַפט אַן אייגענע ספר תורה און האָבן אויפגעמויערט אַ גרויסן שיינעם בית־מדרש, קענען נישט האָבן געפאַלן אַזוי נידעריק מאָראַליש און דערביי האָבן זייער עונג שבת צו קומען פרי אין בית־מדרש דאַוונען.

למשל, רבי דוד ברײנסקי, װאָס איז אויף דער עלטער געװען דער שמש און רבי פון פּיאַסקאָװער בית־מדרש און איז געװען דער מחבר פון ספר „מנחת דוד".

שניידערס

שניידער־װאַרשטאַטן זײנען געװען 50 מיט 200 אַרבעטער. קײן מעכאַנישע מעטאָדן האָט מען נאָך ניט אָנגעװענדט. פּאַרמיטלערס זײנען געװען 20, לערן־ייִנגלעך 50. מען האָט געאַרבעט אויף באַשטעלונג און פֿאַר די קראָמען. דער אַרבעטסטאָג איז געװען אַ 12־שעהאיקער. די שכירות איז געװען פון 4 ביז 5 רובל אַ װאָך. במשך פון די יאָרן 1898—1900 זײנען פאָרגעקומען זעקס שטרײקן. אין זײ האָבן גענומען אָן אנטײל אין די ערשטע 3 שטרײקן צוזאַמען 200 און 2 שטרײקן צוזאַמען 400, אין דעם לעצטן שטרײק 100 מאַן. כמעט אַלע שטרײקן האָט מען אויסגעפירט, חוץ דעם ערשטן, װען די בעלי־בתים האָבן זיך פעסט פאַראײניקט מיטאַנאַנדער און זײ האָבן געמסרט די אַרבעטער.

אין דער שניידערײ אין ביאַליסטאָק זײנען געװען באַשעפטיקט 3 קאַטע־גאָריעס אַרבעטער: די ערשטע קאַטעגאָריע האָט אויסגעאַרבעט מענער־קלײדער, די צװײטע האָט אויסגעאַרבעט דאַמען־קלײדער און די דריטע — שניידערינס. די אויסאַרבעטונג פון מענער־קלײדער איז געװען דערהויבן צו אַ האַנטװערק־אַרבעט מיט אַ װאַרשטאַט, מיט אַ בעל־הבית, 6—7 אונטערמײסטערס און 1—2 לערן־ייִנגלעך און אַרבעט אויף באַשטעלונג. די קאַפּיטאַליסטישע אַנטװיקלונג האָט אויך דאָ געװירקט, די מאַגאַזינען פון פאַרטיקע קלײדער האָבן אָנגעהויבן אַלץ מער צו נעמען אָנטײל אין דער פּראָדוקציע, עס זײנען שוין געװען מאַגאַ־זינען, װאָס האָבן געהאַט צו 15 ביז 20 אַרבעטער און גרױסע האַנטװערקער־װאַרשטאַטן. די פּראָדוקטן פאַרקױפט מען נאָר דאָ אַלײן און אין די אַרומיקע ערטער. אַרבעט איז געװען אַ גאַנץ יאָר, נאָר זײער פיל אַרבעט איז געװען זיבן און אַ האַלבן מאָנאַט אין יאָר, אין דער צײט איז אין שטאָט כמעט ניט געװען קײן שניידער, װאָס זאָל ניט האָבן קײן אַרבעט [12].

שלאָסערס און בלעכערס

ביי די שלאָסערס זײנען געװען 50 װאַרשטאַטן מיט 100 אַרבעטער. קײן מע־כאַנישע מעטאָדן זײנען ניט געװען. די שכירות איז געװען 5 רובל אַ װאָך. מען האָט געאַרבעט אויף באַשטעלונג. עס זײנען פאָרגעקומען עלף שטרײקן במשך פון די לעצטע דרײ יאָר פון 19טן י"ה. געװאונען האָבן די אַרבעטער אַכט שטרײקן. געפאָדערט האָט מען דערהויפּט אַ קירצערן אַרבעטסטאָג. לערן־ייִנגלעך זײנען געװען 75.

עס זײנען געװען 25 בלעכער־װאַרשטאַטן, װאו עס האָבן געאַרבעט 40 אַרבעטער. קײן מעכאַנישע מעטאָדן האָט מען ניט אָנגעװענדט. דער אַרבעטסטאָג איז געװען אַ 12 שעהאיקער, די שכירות איז געװען 5 רובל אַ װאָך. מ'האָט געאַרבעט צום מאַרק. די גאַנצע צײט איז פאָרגעקומען נאָר אײן שטרײק (אין

12. דער אידישער אַרבעטער, נומ' 17 ז' 47.

1899). דעם שטרייק האָט מען אויסגעפירט. געפאָדערט האָט מען דער עיקר אַ קירצערן אַרבעטסטאָג. פאַרמיטלערס זיינען געווען 5 און לערן־יינגלעך 30.

### מעבל־מאַכערס

וואַרשטאַטן פון מעבל זיינען געווען אין ביאַליסטאָק 50. אין די 50 וואַר־שטאַטן האָבן געאַרבעט 70 אַרבעטער. קיין מעכאַנישע מעטאָדן האָט מען ניט אָנ־געווענדט. דער אַרבעטסטאָג איז געווען אַ 12 שעהאיקער. די שכירות איז געווען 5 רובל אַ וואָך. מ׳האָט געאַרבעט צום מאַרק און אויף באַשטעלונג. עס זיינען פאָרגעקומען פינף שטרייקן. געשטרייקט האָבן 50 מאָן. אַלע שטרייקן האָט מען אויסגעפירט. געפאָדערט האָט מען דערהויפּט אַ קירצערן אַרבעטסטאָג און העכערן שכירות. קיין פאַרמיטלערס זיינען ניט געווען. לערן־יינגלעך זיינען געווען 100. עס זיינען פאָרגעקומען מסירות און אַרעסטן.

### בויפאַכן און אַנדערע

יידישע אַרבעטער זיינען געווען נאָך אין אַ סך אַנדערע פאַכן, וואָס עס קומט ניט אויס זיך אָפּצושטעלן אויף זיי. צווישן ב ו י ־ אַ ר ב ע ט ע ר זיינען גע־ווען אַ סך יידן. פון די 250 מ ו ל י אַ ר ע ס וואָס זיינען געווען פאַררעכנט אָפיציעל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געווען 150 יידן. פון די 200 ב ו י ־ ס ט אָ ל י אַ ר ע ס אין דער באַוועגונג זיינען די גרויסע מערהייט גע־ווען יידן. עס זיינען געווען אַן ערך 100 יידישע מ אַ ל י אַ ר ע ס.

וואָס שייך אַנדערע פאַכן איז געווען ק י ר ז ש נ ע ר ר י י כמעט נאָר אין יידישע הענט, אַן ערך 70 מאַן. א י י נ ב י נ ד ע ר ר י י איז געווען אַ יידי־שער פאַך. 25 איינבינדער־אַרבעטער זיינען געווען אָנגעשלאָסן אַן דער אַרבעטער־באַוועגונג.

### מעכאַנישע וואַרשטאַטן און מעטאַל־אינדוסטריע

צווישן די מעכאַנישע וואַרשטאַטן זיינען די גרעסטע געווען וויעטשאָרעקס. וו. וויעטשאָרעקס מעכאַנישע וואַרשטאַטן זיינען געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 1865 הינטער ביאַליסטאָק, דורך מיינער און גיטנער, און זיינען אין יאָר 1888 אַריבער־געטראָגן געוואָרן אין שטאָט. אין 1901 האָט וויעטשאָרעקס פאַבריק באַשעפטיקט 400 אַרבעטער מיט אַ סחורה־אויסגאָב אויף 220,000 רובל.

די אַרבעטער אין די וואַרשטאַטן זיינען געווען אויסשליסלעך קריסטלעכע.

עס זיינען געווען אויך יידישע קליינע מעכאַנישע וואַרשטאַטן.

צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט דער מעכאַנישער וואַרשטאַט פון משה טשיכאָצקי (אויף ביעלאָסטאָשאַנסקי גאַס, אין זיין הויז), אַ זון פון בערל־לייב מעכאַניק מיט זיין וואַרשטאַט אויף וואַשליקאָווער (סענקעוויטשאַ) גאַס. משה טשיכאָצקי איז געווען דער גרעסטער מעכאַניק אין שטאָט צו פאַרריכטן קעסלען

און דאַמף־מאַשינען און אַלע טיילן פון מאַשין, אפילו אין זיין טיפן עלטער, ווען ער האָט שוין זיין וואַרשטאַט אויפגעגעבן, פלעגט מען רופן אים צו פאַרריכטן קאָ־ליע געוואָרענע מאַשינען, אַנצוווייזן זייערע פעלערן און ווי צו פאַרריכטן. ער איז געשטאָרבן דעם 5טן פעברואַר 1936, אין עלטער פון 87 יאָר. — עס זיינען אויך געווען באַקאַנט די מעכאַנישע וואַרשטאַטן פון אייזיק שטורמאַק, משה אייזנשמיד און חיים דוד פאַרבער.

[אליקום דאַלידסקי האָט אין 1898 אונטער דער פירמע „דאַלידסקי און דאַבריצקי" געגרינדעט אַ אייזנגיסעריי. 1905 האָט ער עס פאַרדונגען צו מאַזור און שקורניק. זיין זון לעאָן דאַלידסקי האָט איבערגענומען די פאַבריק און 1918 און געגרינדעט אַ פאַבריק פאַר טשוועקעס און דראָט, וואו ער האָט באַשעפטיקט 120 אַרבעטער]. — די אַרויסגעבער

פאַראָווע מילן

די ערשטע פאַראָווע וואַלצאָווע מיל אין דעם גאַנצן ראַיאָן פון ביאַליסטאָק האָט געגרינדעט סוף 60ער אָדער אָנהייב 70ער יאָרן ר' משה באַצער אויף זיין הויף, וואָס געהערט היינט צו דער האַנטווערקער־שול. די מיל איז געשטאַנען אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך היינט דער בית ספר עברי ראשון, שפּעטער איז די מיל אָפּגעברענט געוואָרן.

די צווייטע פאַראָווע מיל, אַן איין־שטאָקיקע געמויערטע, האָט אויפגעשטעלט לייב פערעלמאַן, לעבן יאַנאָווסקיס טאַבאַק־פאַבריק. היינט געהערט זי צום מאָ־נאָפּאָל.

נאָכדעם ווי עס האָט אָפּגעברענט מעשלס וואַסער־מיל אויף מיל (פּאַלאַ־צאָווע)־גאַס, האָט ער אויפגעשטעלט אַ צווייסטאָקיקע פאַראָווע מיל אויף פּיאַסקעס. אויף מיל־גאַס האָט זיך געפונען זאַקהיים און דאַווידאָווסקיס (אַ קריסט) פאַראָווע מיל. די אַלע מילן זיינען אָפּגעברענט געוואָרן. איינע פון די גרעסטע וואַלצאָווע מילן איז געווען שטיינס מיל, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט פאַרברענט פאַר איר אָפּטרעטן *).

---

*) [די גרעסטע מיל אין ביאַליסטאָק איז געווען „צערעראַ", וועלכע איז געווען אויף די שמאָלע פּיאַסקעס. די מיל איז געווען באַקאַנט אַלס „דעם אָפּיצירס מיל", דערפאַר ווייל אויסגע־בויט די מיל האָט אַ רוסישער אָפּיציר, וועלכער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון די מיליטערישע פּראָוויאַנט־סקלאַדן אויף וואַשילקאָווער גאַס וועלכע מ'האָט פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה אַראָפּגעוואָרפן.

די מיל איז אויסגעבויט געוואָרן אַרום יאָר 1900 מיט אַלע מאָדערנע פאַר יענער צייט, איינ־ריכטונגען מיט דער האָפנונג צו מאָלן פאַרן רוסישן מיליטער. פון דעם איז אָבער גאָרניט געוואָרן. מ'האָט געמוזט די מיל פאַרוואַנדלען אין אַ קאָמערציעלע אונטערנעמונג פאַר דעם ביאַליסטאָקער מאַרק. ניט האָבנדיק די נויטיקע קאַפּיטאַלן האָט זיך די מיל געמוזט פאַר־מאַכן. אַרום 1908 האָבן די מיל איבערגענומען די ביאַליסטאָקער פּריוואַטע באַנקירן סאַמואיל גאָלדבערג און אבא מילעצקי צוזאַמען מיט אַ דריטן שותף וועלכער איז געווען דער פאַקטי־שער פאַרוואַלטער. אין דער מלחמה 1914—1918 איז די מיל אונטערגעגאַנגען]. — די אַרויסגעבער.

היינט [אַן ערך 1935] געפינען זיך אין ביאַליסטאָק: אַ צווייטשטאָקיקע וואָל־צאַווע מיל אויף מאַזאָוויעצקי גאַס פון שמואל שטופלער, אויסער אַרום שטאָט צוויי קריסטלעכע ווינטמילן און איינע אַ ייִדישע אַראָפּ פיאַסקעס פון חנא דעם מילנער.

אַ ייִדישע ביר־ברויערײַ

עס איז געווען אין ביאַליסטאָק אַ ייִדישע ביר־ברויערײַ פון סענדער מיאַ־דאָווניק אויף לעגיאָנאָווע גאַס, וואָס איז נאָך דער מלחמה ליקווידירט געוואָרן.

## ה. דער אַרבעטער ווערט אַריינגעצויגן אין פּאָליטישן קאַמף.

ווי מיר האָבן געזען, זיינען די ביאַליסטאָקער ייִדישע וועבערס און אויך די איבעריקע אַרבעטער און אַרבעטערינס פרי געקומען פון זיך אַליין צו דעם נאַטירלעכן מיטל פון שטרייקן כדי דורך זיי אויסצובעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע און ניט צוצולאָזן, אַז דער אַרבעט־געבער זאָל זיי צו פיל אויסניצן פאַר זיין טובה. וואָלטן זיי וועגן שטרייקן ניט געוואוסט פון זיך אַליין, וואָלטן זיי עס געקענט זיך דערוויסן פון תלמוד וואָס זיי האָבן געלערנט אין דער יוגנט אין חדר [13].

האָט דאָך דער שטרייק אַזוי אַרום אַן אַלטן ייִדישן מקור, לאַנג פאַרן סאָציאַ־ליזם פון מאַרקס. ווי מיר האָבן געזען, האָט פון אָנהייב די פּאָליציי געהאָלפן די שטרייקערס. אָבער אין די 90ער יאָרן האָבן די פּעטערבורגער און מאָסקווער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן און רעוואָלוציאָנערן זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט די אַר־בעטער־שטרייקן ווי אַ מיטל אויפצווועקן ביים רוסישן פּראָלעטאַריאַט דעם קלאַסנ־קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע און די רעוואָלוציאָנערע קעגנערשאַפט צו דער צאַ־רישער אַליינהערשערישער רעגירונג, וואָס האָט די אַרבעטער ניט געלאָזט זיך אָרגאַניזירן.

דאָס פּאָליטישע לעבן אין רוסלאַנד איז געווען אַזאַ, אַז יעדער שטרייק פאַר אַ העכערונג אין די שכירות און פאַר בעסערע באַדינגונגען אין דער אַרבעט האָט זיך געמוזט פאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישן שטרייק. די רעגירונג האָט יעדע גענזעל־

---

13. אין בבא מציעא (ד ע"ז, ע"א) ווערט שוין דער שטרייק באַהאַנדלט ווי אַ יוריסטישע פראַגע: דאייקר עבידתא ואמרו פועלים (אַז די אַרבעט איז געוואָרן טייערער, און עס האָבן געשטרייקט די פועלים) אָדער: דזיל עבידתא ואימר בעל הבית (אַז עס איז געוואָרן בי־ליקער די אַרבעט, און עס האָט געשטרייקט דער בעל־הבית). עס האָט זיך שוין געפונען דעמאָלט אַ העברעאיש טעכניש וואָרט „אימור" אויף „שטרייק".

דער שורש פון אימור איז פון „מרי", ווידערשפעניקן, רעוואָלוציאָניזירן (זע לוי, נײַ־העברעאישער און כאַלדעאישער ווערטערבוך, ערשטער באַנד 100). אָבער רש"י דערקלערט דאָ: „לשון הפרש ונזור אחור ומתרחק בין הדבר ובלשון המקרא דומה לו: „כעת במרום תמריא" (איוב ל"ט). רש"י מאַכט דעם שטרייק ניט פאַר אַ מרידה, אַ ווידערשפעניקייט, נאָר פאַר אַ דערהויבונג, ווי דער פויגל דערהייבט זיך מיט זיין פליען. לויטן דין אין תלמוד (ב"מ ע"א): פועל יוכל לחזור אפילו בחצי יום — דער אַרבעטער מעג חרטה האָבן אויף זיין שכירות אפילו אין מיטן טאָג.

שאַפטלעכע באַוועגונג, יעדן אויסדרוק פון אויפרודערונג באַטראַכט ווי אַ סכנה, וואָס רוקט זיך אָן צו צעטרייסלען די יסודות פון איר מאַכט. זי האָט געפּרואווט אונטערקויפן די אַרבעטער; זי האָט געפּרואווט זיך צוחנפענען צו זיי; זי האָט אפילו געפּרואווט זיי צו אָרגאַניזירן. אָבער הינטער די חניפות, הינטער דער מאַס־קע פון פריינדשאַפט האָט זיך באַהאַלטן דאָס פאַרכמורעטע פנים פון דער אויטאָ־קראַטיע, וואָס צאַפּלט זיך און שרעקט זיך, ווען זי דערזעט, ווי עס וואַקסט אויס אַ נייע מאַכט, וואָס מען קען איבער איר קיין שליטה ניט האָבן.

דער דורכשניטלעכער אַרבעטער האָט טאַקע ניט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף וועגן דעם, אָבער זיין האַרץ איז געווען פול מיט פּראָטעסט און מיט רעוואָ־לוציאָנערן גייסט. דיווירקלעכקייט איז געווען אַזוי, אַז די שטרענגע בליקן האָבן אויף אים געלויערט אויף שריט און טריט, פון אַלע זייטן.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די רוסישע פאַבריק־אַרבעטער, איבערהויפּט פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין מאָסקווע און איוואַנאָוואָ־וואָזניעסענסק, איז געווען לויט די שילדערונגען פון די עקאָנאָמיסטן אַ שרעקלעך שלעכטער. זיי זיינען געווען דערנידעריקט צו אַ שקלאַפן־מצב ביי די רייכע מיליאָנערן־פאַבריקאַנטן, גאָר קיין פאַרגלייך ניט צו דעם פיל בעסערן עקאָנאָמישן צושטאַנד פון די ידישע פאַבריק־אַרבעטער אין תחום המושב.

אונדזערע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און רעוואָלוציאָנערן זיינען אָנגעקומען פון רוסלאַנד אָנצוווענדן דאָס, וואָס זיי האָבן געלערנט ביי זייערע חברים דאָרטן, אויך ביי די יידישע אַרבעטער אין תחום המושב. זיי זיינען געקומען די יידישע אַרבעטער צו אַנטוויקלען און אויסצובילדן פאַר רעוואָלוציאָנערן און צו פאַרוואַנדלען זייערע עקאָנאָמישע שטרייקן אין פּאָליטישע, — צו העלפן באַפרייען דעם גרויסן 140־מיליאָניקן רוסישן פאָלק פון דער צאַרישער ממשלה[14].

### די ערשטע פּיאָנערן פון פּאָליטישן קאַמף

די ערשטע פּיאָנערן, וואָס זיינען אַראָפּגעקומען קיין ביאַליסטאָק אין 1895 זיינען געווען: ליבע אייזענשטאַט (לעווינזאָן), שמואל גאָזשאַנסקי, אַלבערט און מאַשע זאַלקינד. זיי האָבן אָרגאַניזירט אין ביאַליסטאָק עטלעכע קרייזלעך און האָבן געדונגען אַ קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר, וואו נחום ליפשיץ האָט אויף אַ העקטאָגראַף געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן. אין פעברואַר 1896 איז די קוואַרטיר דורכגעפאַלן, און גלייך נאָך דעם זיינען אַרעסטירט געוואָרן אייזענשטאַט, גאָ־זשאַנסקי, ליפשיץ, אַלבערט און מאַשע זאַלקינד און אַנדערע. אַלע זיינען זיי פאַרשיקט געוואָרן אין מזרח־סיביר.

דאָך איז די פּאָליטישע באַוועגונג אין ביאַליסטאָק ניט ליקווידירט געוואָרן. אין גיכן איז זי צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן. ביני לביני האָט זיך געגרינדעט אין

14. איך ניץ דאָ אויס: דער רויטער פּנקס, ערשטער זאַמלבוך, דער אידישער ארבעטער און ג. א. בוכבינדער, די געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער־באוועגונג, ווילנע 1931.

ווילנע, אויף דעם צוזאַמענפאָר פון 25טן ביז 27טן סעפּטעמבער 1897, דער „בונד", און ער האָט שוין דאָ אַריינגעשיקט זיינע פּיאָנערן. אין דעם פּעריאָד 1897 ביז 1900 האָבן אין ביאַליסטאָק אַקטיוו געאַרבעט: אַבראַם בענציע (אַ וועבער), מונוועס (אַ וועבער), פּאַוועל ראַזענטאַל (פּ. אַנ־מאַן), אַ דאָקטאָר מעדיצין, (אַ ברודער פון היגן שפּיטאַל־כירורג) און זיין ווייב אַנאַ, איזביצקי (מיכאַלעוויטש) און אַנדערע[15].

דער צווייטער שטרייק קעגן די לוינקעטניקעס

זיי האָבן שוין אָנגעפירט אין ביאַליסטאָק די שטרייקן, וואָס דאָס איז געווען זייער הויפּט־אַרבעט. דאָס זעט מען שוין פון דעם צווייטן שטרייק (1898) מיט די לוינקעטניקעס (וועגן ערשטן שטרייק, ווען די פּאָליציי האָט געהאָלפן די וועבערס, האָבן מיר דערמאָנט אויבן) צו פאַרגרעסערן ווייטער די שכירות פון זייערע וועבערס פון 7 ביז 8 קאָפּיקעס פון מאָטעק. זיי האָבן גערעכנט דערמיט איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור צו ווערן פון די לוינקעטניקעס אויף שטענדיק. וואָרעם אַז דער אונטערשייד פון לוין ביים פאַבריקאַנט און ביים לוינקעטניק וועט זיין אַ קליינער, וועט דאָך דער לעצטער ניט האָבן פון וואָס צו עקסיסטירן. דער שטרייק, אונטער דער אָנפירונג פון „בונד", האָט שוין געדויערט 9 וואָכן און איז געווען אַ פאַרביטערטער. די פּאָליציי האָט שוין געוואוסט, אַז דער שטרייק איז שוין דער־הויפּט אַ פּאָליטישער. האָט די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע שוין גערודפט די שטרייקערס. דער שטרייק האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם און טומל. פון גראָד־נע איז אָנגעקומען דער גובערנאַטאָר, דער גובערנסקער פאַבריק־אינספּעקטאָר און 6 זשאַנדאַרמען. די שטרייקערס האָט מען אונטערשטיצט מיט געלט, דער עיקר די אַנדערע ביאַליסטאָקער אַרבעטער. אָבער צום סוף זיינען זיי דורכגעקומען מיט אַ פּשרה. דעם ערשטן סעפּטעמבער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די אַרבעט צו 7 מיט אַ האַלבע קאָפּיקע פון מאָטעק. אין דעם דאָזיקן שטרייק האָבן די אַרבעטער באַגאָסן דאָס פּנים פון מיינעם אַ לוינקעטניק משה יצחק געבעל, אַ ראַדזינער חסיד, מיט שוועבלזייער, אים בלינד צו מאַכן, אָבער ער איז דערפון נצול געוואָרן — דאָס פּנים איז אים נאָר פאַרברענט געוואָרן.

אָבער אין אַ יאָר אַרום, אין 1899 אין מערץ (ח' ניסן תרנ"ט) האָט מען דער־הרגעט שבת־צו־נאַכטס אַ לוינקעטניק מענדל בר' צבי ליובעל, וואָס האָט זיך גערופן מענדל קאַלנער, בשעת ער איז געגאַנגען פון שטיבל נאָך קידוש החודש אויפן שולהויף. מען האָט אים צעשניטן אויף שטיקער. די דאָזיקע אכזריותדיקע רציחה האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין דער גאַנצער שטאָט. דער פּראָ־קוראָר האָט געקניט ביים צושניטענעם קערפּער און האָט אויסגעשריען: „דו, ערד, פאַרדעק ניט דאָס בלוט פון אַן אומשולדיקן דערהרגעטן!"

די בונדיסטישע צייטונג דער אידישער אַרבעטער (נומער 10, זייט 26) דערציילט, אַז אין דעם שטרייק קעגן די לוינקעטניקעס אין מאַרץ 1899

15. זען דעם אַרטיקל פון פּ. אַנ־מאַן אין רויטן פּנקס, באַנד I, וואַרשע 1921.

האָט מען געפונען אין גאַס אַ לוינקעטניק אַ געקוילעטן, אויף אים און אויף עטלעכע זיינע חברים האָבן אַרבעטער־וועבערס געטראָגן אַ שטאַרקע שנאה אין האַרצן פאַר זייער שפּיאָנעריי און מסירות, וואָס צוליב זיי האָט מען פאַרשיקט עטלעכע אַרבעטער. האָבן זיך געפונען עטלעכע אַרבעטער, וואָס אין זיי האָט גע־ברענט די נקמה פאַר זייערע ברידער, און האָבן געהרגעט איינעם פון די לוינ־קעטניקעס ניט זאָגנדיק וועגן דעם די איבעריקע חברים און דער אָרגאַניזאַציע, וואָס וואָלטן צוליב זייערע פּרינציפּן ניט דערלאָזן צו דעם פאַרברעכן. די וואָס האָבן געהרגעט דעם לוינקעטניק האָט מען ניט געפונען, נאָר אַנשטאָט זיי האָט מען לויט דעם אָנווייז פון די לוינקעטניקעס אַרעסטירט מענטשן, וואָס האָבן צו דער מעשה קיין שייכות ניט געהאַט. אָן אַ פאַרשונג, אָן ראיות האָט מען זיי אָפּ־געהאַלטן אַ יאָר צייט אין געפענגעניש און מ׳האָט זיי פאַרשיקט אַדמיניסטראַטיוו אין סיביר.

ביאַליסטאָק ווערט צייטווייליק דער צענטער פון „בונד״

אין יאָר 1900 איז ביאַליסטאָק געוואָרן דער צענטער פון „בונד״ אויף אַ משך פון אַנדערהאַלבן יאָר. סוף מאַי 1901 איז אין ביאַליסטאָק צונויפגערופן געוואָרן דער פערטער צוזאַמענפאָר פון „בונד״, אָבער אין דער צייט איז אין ביאַליסטאָק געווען דער גרויסער קריזיס [16]. אַ גרויסער טייל יידישע פאַבריקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. וועבערס האָבן געהונגערט. ממילא האָט מען קיין שטרייקן ניט געקענט מאַכן. האָט זיך דער „בונד״ געקענט באַשעפטיקן מיט לערנען מיט די אַרבעטער אויסצו־בילדן זיי דורך קרייזלעך. אויפן פערטן צוזאַמענפאָר פון „בונד״ אין ביאַליסטאָק איז אָנערקענט געוואָרן, אַז דער בעסטער מיטל אויף אַריינצוציען די ברייטע מאַסן אין דער באַוועגונג איז דער עקאָנאָמישער קאַמף. ווי מיטלען פון פּאָליטישן קאַמף האָט דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט: 1) די פּאָליטישע מינדלעכע און שריפטלעכע אַגיטאַציע, 2) פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס, 3) שטרייקן פון דעם ערשטן מאַי מיט אַרויסשטעלן פּאָליטישע פאָדערונגען.

„דער צוזאַמענפאָר דריקט אויס די סאָלידאַרישקייט פון דעם גאַנצן אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט אונדזערע רוסישע חברים אין זייער קאַמף קעגן דער פּאָליטישער רעכט־לאָזיקייט פון די מאַסן, וואָס האָט זיך דערהויפּט אינטענסיוו אַרויסגעוויזן אין די לעצטע חדשים אין פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו און אַנדערע שטעט. חוץ דעם דריקט דער צוזאַמענפאָר אויס זיינע סימפּאַטיעס דער גאַנצער סטודענטנשאַפט, וואָס קעמפט פאַר דער אַקאַדעמישער פרייהייט און קעגן דער פּאָליצייאישער ווילקיר״ [17].

ס׳באַקומט זיך, אַז דער צוועק פון „בונד״ איז פון אָנהייב אָן געווען אַ פּאָליטישער און אַן אַלגעמיין רוסישער, ניט קיין עקאָנאָמישער, און אַ פּשיטא שוין ניט קיין ספּעציפיש יידישער.

16. אַ בונדיסטישער שרייבער, וואָרפט אין דער אידישער אַרבעטער, נומ׳ 10, ז׳ 25, די שולד פאַרן קריזיס אויף די יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן כלומרשט געלעבט צו פאַרשווענדעריש. אין־דער־אמתן איז דער קריזיס דעמאָלט געווען אַ וועלט־קריזיס צוליב די שטענדיקע עקאָנאָמישע סיבות פאַר קריזיסן.

17. גענויער וועגן דעם זען ביי בוכבינדערן, דצ״ו.

אמת, עס האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע שפּאַלטונג אין „בונד“. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן געפאָדערט, אַז די טעטיקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך באַגרענעצן נאָר מיט דער אַרבעט אויף אויסבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע אַליין און זיך דערווייטערן פון דער פּאָליטישער אַרבעט.

אין דער שפּיץ פון דער ריכטונג איז געשטאַנען די באַקאַנטע סאָציאַליסטין און פּאָלקס־טוערין מאַשע ווילבושעוויטש. זיי האָבן זיך אָנגערופן די „אומאָפּהענגיקע“, אָדער מען האָט זיי גערופן מיט ביטול די „זובאַטאָווצעס““ (אויפן נאָמען פון זובאַטאָוו, דעם באַרימטן זשאַנדאַרם פון דער מאָסקווער אָכראַנע, וואָס האָט צוגעזאָגט צו שטיצן די אַרבעטער־באַוועגונג, ווען זי וועט זיך באַגרענעצן נאָר מיט עקאָנאָמישער אויסבעסערונג אַליין.)

פלעווע, דער גרויסער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט, האָט געמאַכט אַ סוף אויך צו די „אומ־אָפּהענגיקע“, דערקלערנדיק אויך זיי פאַר רעוואָלוציאָנערן, און די גאַנצע באַוועגונג איז צעשטערט געוואָרן.

## קאַפּיטל פיר

# די שטורמישע יאָרן 1900—1907

### א. דער קריזיס פון 1900

יידן־סוחרים און יידן־פאַבריקאַנטן האָבן ניט געהאַט קיין באַזונדערן עול־מלכות. אויב זיי האָבן געליטן פון דער צאַרישער מאַכט, איז עס געווען מחמת דעם וואָס אויך זיי האָבן געמוזט, פאַרשטייט זיך, אונטערוואַרפן די בייזע געזעצן מיט זייער „קראָמיע יעווריעוו". יידן האָבן שטאַרק געליטן פון מיליטער־דינסט, און די אָרעמערע אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווי די רייכערע. אָבער די צאַרישע מאַכט האָט ניט ספּעציעל גערודפט דעם יידישן סוחר אָדער דעם יידישן פאַבריקאַנט.

ביים עפענען נייע געשעפטן האָט מען קיין שוועריקייטן ניט געמאַכט. ביים עפענען נייע פאַבריקן האָט מען זיך צו די פאַבריקאַנטן ניט געטשעפּעט. עס איז ניט געווען קאָנטיק אַז מען זאָל וועלן אַרויסשטופּן דעם יידישן פאַבריקאַנט. אויב עס איז שוין לאַנג אַוועק די תקופה פון העלפן דער טעקסטיל־אינדוסטריע זיך פונאַנדערצוּוואַקסן, ווי דאָס איז געווען אין אָנהייב פון 19טן י״ה, איז אָבער אויך ניט געווען קאָנטיק אַז מען זאָל איר שטעלן שוועריקייטן, ווייל זי ליגט צום גרעסטן טייל אין יידישע הענט.

קיין גרויסע שטייערן און אָפּצאָלן זיינען ניט געווען. פאַר אַ 25־רובלדיקן בילעט, דעם אַזוי גערופענעם „פּראָמיסלאָווע בילעט", האָט אַ מיטלמעסיקער פאַבריקאַנט געקענט פאַבריצירן און האַנדלען אויף הונדערטער טויזנטער רובל, ווער רעדט נאָך אַ סוחר פון דער צווייטער גילדע, וואָס דער בילעט פאַר דעם האָט געקאָסט סך־הכל 120 רובל. אפילו מיט די שפּעטער צוגעקומענע הוספות זיינען די שטייערן געווען פאַרהעלטניש־מעסיק קליין, באַזונדער ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די שטייערן מצד דער פּוילישער מאַכט, (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה). עס איז אפילו געווען אַ שטייער־אינספּעקטאָר וואָס פלעגט רעווידירן, צי מען האָט ריכטיק באַנוצט די בילעטן און צי מען האָט געקויפט די געהעריקע בילעטן און גילדעס. אָבער דער שטייער־אינספּעקטאָר איז ניט געווען זעלבשטענדיק. צו אים זיינען געווען צוגעשטעלט צוויי דעפּוטאַטן פון מאַגיסטראַט, אַ ייד און אַ קריסט. זיי האָבן געהאָלפן רעגולירן זייערע פאַראָרדענונגען. חוץ דעם — דאָס רוב „פּאָדאַטנע" אינספּעקטאָרן זיינען געווען אויף געהאַלט ביי דער סוחרישער געזעלשאַפט, כדי ער זאָל ניט באַשווערן מיט איבעריקע פאָדערונגען. קיין שום באַזונדערע אָפּצאָלן האָבן יידן ווי סוחרים אָדער ווי פאַבריקאַנטן ניט געהאַט.

עס איז געקומען די פאַרוועררונג מצד דעם גראָדנער גובערנאַטאָר צו עפענען וועשערייען, פאַרבערייען און אַפּרעטורן ביי די טייכן ביאַלע און סופּראַסלע, כדי זיי ניט צו פאַרשמוצן. האָבן יידן גיך זיך אַן עצה געגעבן. מען האָט געעפנט קאָמ־פּלעטע פאַבריקן ביי דער נאַרעוו, אויף יענער זייט ביאַליסטאָק, וואָס האָט שוין געהערט צו לאָמזשער גובערניע, אין די דערפער זלאָטאָריע און באַבין. אָט די ביי־דע דערפער זיינען פון די רוסן אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן אין אָנהייב פון דער [ערשטער] וועלט־מלחמה.

אָבער די גינסטיקע לאַגע, וואָס ווערט דאָ געשילדערט, האָט ניט פאַרהיט דעם יידישן פאַבריקאַנט, ווען עס איז געקומען אַ גרויסער קריזיס אין דער גאַנ־צער טעקסטיל־אינדוסטריע. אָט דער קריזיס איז פאַרבונדן מיט אַן אַלגעמיינעם קריזיס אין אינדוסטריע און האַנדל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע רוסיש־פּוילישע אינדוסטריע און האַנדלס־וועלט.

גאָר באַזונדער שווער האָט דער קריזיס געבושעוועט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. עס האָבן געליטן אַלע ראַיאָנען, אויך די גרויסע ראַיאָנען — מאָסקווע, איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסק און לאָדזש. אָבער אפשר נאָך שווערער ווי דאָרטן האָט דער קריזיס זיך אָפּגערופן אין ביאַליסטאָק.

אָט די פּעריאָדישע קריזיסן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע זיינען אַ פאַר־שטענדלעכע דערשיינונג. זיי זיינען אַזוי צו זאָגן „נאַטירלעך" פאַר דעם קאַפּי־טאַליסטישן אופן פון פאַבריצירן. זיי פלעגן זיך אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איבערחזרן כמעט מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט שיער ניט יעדע פינף יאָר. די סיבה איז אַ פּשוטע: ווען דער נאָכפרעג אויף סחורות פלעגט זיך פאַרגרעסערן, האָט דאָס במילא געפירט צו אַ פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע. אָבער אָט די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע איז געוויינטלעך געקומען אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב ווי דער באַדאַרף איז פאַקטיש געווען. דאָס האָט שטענדיק געפירט דער־צו אַז דער מאַרק זאָל ווערן איבערגעזעטיקט מיט סחורה. מען האָט פאַר דער אי־בעריקער סחורה ניט געקענט געפינען קיין קאָנסומענט.

כדי דאָס זאָל זיין ניט בלויז אַן אַלגעמיינע סכעמע, זאָל מען אויך האָבן אין זינען אַז מען האָט דעמאָלט די פּראָדוקציע געהאַלטן אין פאַרגרעסערן מיט קינסטלעכע מיטלען, איבערהויפּט מיט פרייע, אינגאַנצן ניט־קאָנטראָלירטע קרע־דיטן, וואָס געקראָגן האָבן זיי סיי די פאַבריקאַנטן סיי זייער קונדשאַפט. דער באַ־דאַרף אין סחורות איז געוואָרן דעריבער פיל קלענער פאַרן אָנבאָט. האָבן די קונדשאַפט־קאָנסומענטן, און ממילא אויך די פאַבריקאַנטן, ניט געקענט דערפילן זייערע התחייבותן צו דעקן זייערע חובות, איז אַנטשטאַנען דער אַלגעמיינער קרי־זיס מיט קעגנזייטיקע באַנקראָטן.

אין ביאַליסטאָק זיינען דעמאָלט אין משך פון אַ פאָר יאָר אָראָפּגעשטויסן געוואָרן פון פלאַץ דער גרעסטער טייל פון די קלענערע און מיטעלערע און אפילו גרעסערע יידישע פאַבריקאַנטן מיט קאָמפּלעטע פאַבריקן. אַזוי למשל האָט שטאַרק

געליטן די חסידישע פאַבריקאַנטן־פאַמיליע אַהרן סוראַזסקי מיט די זין. אַנדערע האָבן עמיגרירט פון ביאַליסטאָק און אַנדערע זיינען געבליבן אָרעם און הילפלאָז.

פאַבריקן האָבן זיך געשלאָסן, אַרבעטער האָבן פאַרלאָרן אַרבעט. ווי אין יעטווידן קריזיס, ליידן אויך אין דעם פאַל די אַרבעטער צום מערסטן. זיי האָבן דאָך ניט געהאַט קיין גרייטע קאַפּיטאַלן. עס האָט אויך ניט געקאָנט זיין קיין אַליין־הילף, ווייל ממש די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט איז געווען אָנגעריפן.

עס זיינען געווען אַרבעטער, וואָס זיינען געגאַנגען איבער די הייזער און האָבן געבעטן נדבות[1]. די אָרעמקייט איז געווען אַזוי גרויס אַז ווען מען האָט געעפנט פאַר די אַרבעטער אַ ביליקע יידישע קיך, וואו אַ מיטאָג האָט געקאָסט 4 קאָפּיקעס, האָבן אַ סך אַרבעטסלאָזע ניט געקענט צאָלן אפילו אַזאַ קליייניקייט. זיי האָבן גע־מוזט בעטן די אַדמיניסטראַציע פון קיך, אַז מען זאָל זיי געבן מיטאָג אומזיסט. ביז מאַנאַט מאַי פון דעם יאָר האָט מען אַרויסגעגעבן אַלע טאָג צו 150 מיטאָגן אָן געלט.

## ב. דער אויפשטייג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג

### די פאַרשטאַרקטע טעטיקייט פון „בונד"

זינט דעם יאָר פון קריזיס האָט אין ביאַליסטאָק זיך שטאַרק פאַרברייטערט און זיך פאַרפעסטיקט דער „בונד". אין 1899 זיינען געווען אין שטאָט נאָר 200, אָבער אין 1901 — שוין 700 אָרגאַניזירטע אַרבעטער. דער אידישער אַר־בעטער (נומער 10, זייט 65) דערציילט: „די ביאַליסטאָקער מאַסע איז פּאָליטיש ניט אַנטוויקלט, כאָטש איר פּאָליטישער באַוואוסטזיין איז גרעסער ווי ביי די אַרבעטער פון די אַרומיקע שטעט, וואָס דאָס דערקלערט זיך דורך דעם, וואָס דאָ איז כמעט אוממעגלעך מינדלעך צו אַגיטירן צווישן דער מאַסע. אויף דער אַנט־וויקלונג פון דער מאַסע ווירקט געוויס די שטופּע פון קולטור און בילדונג פון דער בורזשואַזיע און דער בורזשואַזער אינטעליגענציע, אָבער דיביידע שיכטן פון דער באַפעלקערונג זיינען דאָ זייער ניט קולטורעל. די באַוועגונג האָט דאָ געהאַט אַ גוטע ווירקונג אין דעם זין, וואָס זי האָט אַנטוויקלט די מאַסע, דער חשק צו קענטעניש וואַקסט ביי דער מאַסע פון טאָג צו טאָג. אין דער „זשאַרגאָנישער" לי־טעראַטור (קיין אַנדערע פאַרשטייט זי ניט) זוכט זי אַן ענטפער אויף די פילע פראַ־געס, וואָס אינטערעסירט איר. ליטעראַטור פאָדערט מען אַזוי פיל, דאָס עס איז ניט מעגלעך צו באַפרידיקן אַלע פאָדערונגען. די אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט דעם פּאָליטישן באַוואוסטזיין ביי די אַרבעטער דורך פאַרלעזונגען, דורך פּראָפּאַגאַנדיס־טישע קרייזלעך, דורך פאַרשפרייטונג פון אומלעגאַלער ליטעראַטור (די זעלביקע ליטעראַטור האָט מער ווי 200 שטענדיקע לעזער), דורך אַן אָרטיקן אָרגאַן (דער ביאַליסטאָקער אַרבעטער, וואָס איז שוין אַרויס פון

1. דער אידישער אַרבעטער, נומ' 10, ז' 25.

אים דער נומער 2), דורך פלוגבלעטלעך (נומ. 1—2). די פלוגבלעטלעך פאַר־שפרייטן זיך צווישן דער גאַנצער מאַסע".

דער „בונד" האָט פאַרברייטערט זיין אַגיטאַציע דורך פּראָקלאַמאַציעס אויך צו די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אויסער דורך בונדישער ליטעראַטור האָט ער גע־ווירקט דער עיקר מיט פאַרזאַמלונגען, איבערהויפּט אין ביאַליסטאָקער וואַלד זומער־צייט. מען פלעגט איינאָרדנען מאַי־פאַרזאַמלונגען, פייערן דעם יובילײ פון „בונד", פון אַרבעטער שטימע, פון די דעקאַבריסטן. מען האָט גע־פייערט אין 1901 דעם 30טן יאָרצייט פון דער פאַריזער קאָמונע, פון דער רע־וואָלוציע פון 1848 און דעם יאָרצייט פון קאַרל מאַרקס טויט. עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די גאַרבער.

פון ביאַליסטאָק איז אַרויסגעגאַנגען די איניציאַטיוו אויף אַלע רוסישע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. פון ביאַליסטאָק זיינען אַרויסגעקומען אַ סך אַגיטאַטאָרן. אָבער די צווייטע קאָנפערענץ פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין ביאַליסטאָק, אין אַפּריל 1902, מיט דער באַטייליקונג פון בונד, איז דורכגעפאַלן און מען האָט דערביי אַרעסטירט די הויפּט־אָנפירערס. דערמיט האָט זיך געענדיקט דער ביאַליסטאָקער פּעריאָד [2].

אָבער אויב ביאַליסטאָק איז מער ניט געווען דער צענטער פאַרן גאַנצן „בונד", איז אָבער די אָרטיקע טעטיקייט ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דורכן „בונד" איז דער ביאַליסטאָקער יידישער אַרבעטער געווען פאַרבונדן מיט געשעענישן אין קאַמף קעגן צאַריזם בכלל. ביאַליסטאָקער אַרבעטער האָבן שטאַרק איבערגעלעבט די ווייטערדיקע צוויי ווילנער בלוטיקע געשעענישן:

א) די בונדישע דעמאָנסטראַציעס דעם 1טן מאַי 1902 אין ווילנע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַן אכזריותדיקער עקזעקוציע איבער די אַרעסטירטע דע־מאָנסטראַנטן. דאָס ערשטע מאָל האָט מען אָנגעווענדט לייבשטראָף איבער יידישע אַרבעטער, לויטן באַפעל פון ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל. דעם 5טן מאַי 1902 האָט דער אַרבעטער־בונדיסט הירש לעקערט צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין אים און האָט אים נאָר פאַרוואונדעט, אָבער ניט דערהרגעט. מ'האָט לעקערטן אויפגעהאַנגען דעם 27טן מאַי.

ב) אין יאָר 1903 האָט פלעווע אָרגאַניזירט אין קעשענעוו אַ פּאָגראָם, דעם 6טן און 7טן אַפּריל, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער וועלט, און אין האָמעל אַ פּאָגראָם — פון דעם 24טן אויגוסט ביזן 1טן סעפּטעמבער.

אין 1904 האָט זיך אין ביאַליסטאָק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רוסיש־ יאַ־פּאַנישער מלחמה געמערקט אַן אויפשטייג אין דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועג־גונג, אַזוי ווי ביי די רוסישע אַרבעטער אין פּעטערבורג, מאָסקווע און אין די אי־בעריקע גרעסערע ערטער. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט געפירט אַן אינטענסיווע אַרבעט.

2. זען רויטער פּנקס, ערשטער זאַמלבוך, זז' 65—70.

דער פּאַקטישער אָנפירער פון „בונד" אין ביאַליסטאָק אין די יאָרן 1903—1905 איז געווען באַריס כהן, באַקאַנט אונטערן נאָמען ווירגילי, פון ווילנע. ער איז געווען דער אָפיציעלער פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין ביאַליסטאָק.

זייער אָפט זיינען אין די וועלדער און אין פאַרשיידענע ערטער הינטער דער שטאָט איינגעאָרדנט געוואָרן גרויסע מיטינגען. דעם 22טן פעברואַר און 4טן אויגוסט 1904 האָט די אַרבעטערשאַפט אָרגאַניזירט צוויי גרויסע דעמאָנסטראַציעס. די פּאָליציי האָט באַמערקט די דאָזיקע אויפלעבונג. זי האָט אויסגעוואַרט אַ גינסטיקן מאָמענט כדי זיך אָפּצורעכענען מיט די יידישע אַרבעטער.

די ביאַליסטאָקער פּאָליציי האָט געהאַט אַ שם מיט איר אכזריות. זי האָט פּשוט געווילדעוועט, אירע מעשים האָבן ניט געוואוסט פון קיין גרענעצן. דער געהילף־אָנפירער פון דער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג פון ביאַליסטאָקער קרייז איז דעמאָלט געווען דער ראַטמיסטער גריבאָיעדאָוו, וואָס מען האָט אים נאָכדעם געהרגעט אין גראָדנע. מען פלעגט כאַפּן אַרבעטער אין די גאַסן און אָן אַ שום סיבה זיי שלאָגן מכות רצח אין די צירקלען. די פּאָליציי האָט זיך באַגאַנגען מיט די אַרבעטער מערדערלעך, דאָס וואָס מען האָט זיך ניט דערלויבט אין אַנדערע שטעט האָט זיך ביאַליסטאָקער פּאָליציי יאָ דערלויבט.

### די שחיטה דעם 12טן סעפּטעמבער 1904

דעם 12טן סעפּטעמבער 1904, דעם 2טן טאָג סוכות, איז אין וואַלד פאַרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון 300 אַרבעטער. נאָך דעם ווי די פאַרזאַמלונג האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט, און די אַרבעטער זיינען גרופּנווייז געגאַנגען אין שטאָט אַריין, האָבן זיי זיך ביים ברעג וואַלד אָנגעשטויסן אויף דער פּאָליציי. די פּאָליציאַנטן זיינען אַלע געווען געקליידט שוואַרץ, און אין דער פינצטער האָט מען זיי ניט געקענט באַמערקן. עס האָט זיך געהערט אַ געשריי: שטיין! און די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעשטעלט; טייל האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן. אָבער די חברים האָבן זיי אָפּגעהאַלטן. עטלעכע מינוט איז דער עולם געשטאַנען שטיל, פרידלעך פּנים אל פּנים מיט דער פּאָליציי. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי, און דער וואַלד האָט אָפּגעהילכט מיט האַרץ־רייסנדיקע קולות. די פּאָליציאַנטן האָבן געשאָסן אין דעם פרידלעכן עולם אַרבעטער ניט מיט פּוסטע, נאָר מיט אמתע קוילן. אויף דעם עולם איז אָנגעפאַלן אַן אימה. די רייען האָבן זיך אַ וויג געטאָן, און די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן לויפן און גלייך נאָך זיי איז געלאָפן פּאָליציי. עס האָבן געפייפט די קוילן, די פאַרוואונדעטע זיינען געפאַלן אין אָנמאַכט. און די פּאָליציי האָט ניט אויפגעהערט צו שיסן און שניידן מיט די שווערדן אויף רעכטס און אויף לינקס. באַזונדערע גרופּעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, געפּרוּווט אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך אָבער געמוזט צעלויפן אונטער דעם האָגל פון פּאָליציישע קוילן. איבערהויפּט איז שרעקלעך געווען די לאַגע פון די אַרבעטערינס, זייערע געשרייען האָט מען געהערט ווייט אין וואַלד.

דאָס איז געווען באמת אַ שחיטה איבער שוצלאָזע; כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס די קוילן האָבן געטראָפן אין רוקן, וואָס עס באַווייזט, אַז די פּאָליציי האָט געשאָסן ניט אין אַן עולם וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן, נאָר אין אַן אַנטלויפנדיקן. אַ פּאָר צענדליק זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן שווער און לייכט[3].

דער צ. ק. פון „בונד" האָט אַרויסגעלאָזן אַ צירקולאַר, אַז אין אַלע ערטער זאָל מען אַרויסטרעטן מיט פּראָטעסטן קעגן דער ביאַליסטאָקער שחיטה, דורך דעמאָנסטראַציעס, איינטאָגיקע שטרייקן, פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען. אַלע בונדישע קאָמיטעטן האָבן זיך דערויף אָפּגערופן און האָבן דערפילט דעם אָנווייז פון צירקו־לאַר: אין באָברויסק, קאָוונע, מינסק, פּינסק, באָריסאָוו, לאָדזש, ראָוונע, סלאָנים, קרעסלאָווקע, זשיטאָמיר, מאָהילעוו, פּאַרעטש, דווינסק, ריגע, באַרדיטשעוו, וואַר־שע, שאַוול, מאָזיר, גראָדנע און אין נאָך פיל אַנדערע שטעט. באַזונדער פייער־לעך איז געווען די פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אין וויטעבסק, וואָס מען האָט גע־מאַכט אין טעאַטער אין מיטן שפּילן די אָפּערע „האַלקאַ"...

דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אין פּעטערבורג, וואָס איז געווען באַאומרואיקט פון דער אָנגעשטרענגטער שטימונג פון דער אַרבעטערשאַפט, האָט פאָרגעלייגט דעם גראָדנער גובערנאַטאָר צו פאַרשטאַרקן די מיליטער־טיילן אין ביאַליסטאָק, ווייל מען קען דאָרטן זיך ריכטן אויף אומרוען.

### די אָפּרופן אויף די געשעענישן פון 9טן יאַנואַר 1905

אויף די פּעטערבורגער געשעענישן פון 9טן יאַנואַר 1905, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט געמאַכט אויף אַ פאַררעטערישן אופן אַ שחיטה אויף רואיקע רו־סישע אַרבעטער, בשעת זיי זיינען געגאַנגען מיטן גלח גאַפּאָן בראש אָנצוגעבן אַ בקשה דעם צאַר־„באַטיושקאַ" אַליין, האָט זיך אָפּגערופן דער „בונד". ער האָט אָרגאַניזירט אין דעם גאַנצן תחום המושב מאַסן־אַרויסטרעטונגען פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט איבער אַלע שטעט און שטעטלעך. עס האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן אַ כוואַליע פּאָליטישע שטרייקן, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן דעם 21טן און 25טן יאַנואַר אין ווילנע, מינסק, האָמעל, דווינסק, מאָהילעוו, באָריסאָוו, סמאָרגאָן, וויטעבסק, האָראָדאָק, ביאַליסטאָק און אַזוי כסדר אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו עס האָבן געשטרייקט פון עטלעכע הונדערט ביז עטלעכע טויזנט אַרבעטער. דער שטרייק האָט געדויערט פון אַ פּאָר טעג ביז אַ וואָך און 2 וואָכן. באַזונדערע אַגיטאַטאָרן האָבן דערביי אָנגעווענדט אויך צוואַנג־מיטלען, וואו זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד די אַרבעטער, מען האָט אַרויסגעלאָזן דעם דאַמף, אַראָפּגענומען די פּאַסן, און די פאַבריקן האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן.

3. זען בוכבינדער, דצ"ו, זז' 317—319, פּאָסלעדנייאַ איזוועסטייאַ, אָרגאַן פון אויס־לענדישן „בונד".

די רוסן זיינען צום שטרייק ניט צוגעשטאַנען, ס'זיינען געווען ערטער, וואו רוסישע אַרבעטער האָבן זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט [4].

אָבער ווי ווייט עס האָט געווירקט דער מאַסן־פּסיכאָז ביי יידישע אַרבעטער, זעען מיר פון דעם, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין דעם שטעטל קריניק לעבן ביאַליסטאָק: די יידישע אַרבעטער (איבערהויפּט גאַרבער) האָבן דאָרטן געמאַכט אַ פּולקומע רעוואָלוציע. זיי האָבן אין שול איינגעאָרדנט אַ מאַסן־פאַר־זאַמלונג. דער גאַנצער עולם, העכער 2,000 מענטשן, האָט זיך אַרויסגעלאָזן אין שטאָט. מען האָט צעפּלינדערט די פּאָסט־קאָנטאָר, די פּאָליציי־פאַרוואַלטונג און די שטאָט־אופראַווע. דער „בונד" האָט באַשטימט באַזונדערע פּאַטרולן צו היטן די אָרדענונג אין שטאָט. און אַז עס איז אויף צומאָרגנס אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל מיליטער און פּאָליציי, האָבן די אַרבעטער זיך באַוואָפנט מיט וואָס עס איז גע־קומען אונטערן האַנט. די פרויען האָבן געגומען שטיינער און געשריען: „ברידער! מיר וועלן קעמפן אויף לעבן און אויף טויט! מיר וועלן ניט נאָכ־געבן!" די אָפיצירן האָבן אָנגעהויבן צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די אַר־בעטער און זיי צוגעזאָגט ניט צום שיסן, אויב זיי וועלן זיך רואיק פונאַנדערגיין. די אַרבעטער זיינען דערויף איינגעגאַנגען [5]. די רוסישע אָפיצירן זיינען דאָ גע־ווען, ווייזט אויס, ליבעראַלן. זיי האָבן דאָ ניט געוואָלט פאַרגיסן אומזיסט בלוט.

אונטערציענדיק דעם סך־הכל פון דער באַוועגונג, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם 9טן יאַנואַר און איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם „בונד", זאָגט אַ שרייבער פון דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג: „אין אָט די דאָזיקע טעג האָבן די יידישע אַרבעטער אַרויסגעוויזן זייער פיל העל־דישקייט, באַהאַרצטקייט, און גרייטקייט צו שטאַרבן אין דעם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפט" [6].

עס איז אַ גוזמא [7]. דער אמתער פועל־יוצא איז געווען, אַז כמעט אומעטום האָט דאָס מיליטער און די פּאָליציי ניט געשוויגן. אין פיל ערטער האָט מען מיט גרויס אכזריות געהרגעט, געשלאָגן מיט שטעקנס, מיט שווערדן, מיט קאָלבעס, גע־טרעטן מיט פיס, געשלעפּט פאַר די האָר. אין אַ גאַנצער ריי שטעט האָט מען

---

4. זען בוכבינדער, דצ"וו, ז' 328.

5. דצ"וו, זז' 330—331.

6. דאָרטן, ז' 334.

7. ווי עס איז מודה שפּעטער דער זעלביקער שרייבער (דאָרטן, ז' 418) און זאָגט: „עס איז לעכערלעך צו מיינען, אַז אין אומלעגאַלע קרייזלעך דורך אַן אומלע־גאַלער פּראָפּאַגאַנדע וועט זיך אונדז איינגעבן צו דערציען אַ באַדייטנדיקן שיכט פון אַר־בעטער־אינטעליגענציע אין דער צייט, וואָס ביז אָקטאָבער האָט זיך עס אונדז ניט איינגעגעבן. פּונקט אַזוי איז אוטאָפּיש אויך די שטרעבונג מיט דער הילף פון אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע פירן אַן אָרגאַניזירטן און פּלאַנמעסיקן קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס קעגן דער רעגירונג און קעגן די לעגאַל־אָרגאַניזירטע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, גייסטיקע קרעפטן פון דער בור־זשואַזיע, ד"ה אַרויסטרעטן מיט אַ שטיק האָלץ קעגן אַ קוילנוואַרפער, מיט אַן אומלעגאַלער דרוקעריי קעגן אַ ראָטאַציע־מאַשין, מיט אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג קעגן דער אַלרוסלענדי־שער טריבונע".

געשאָסן אויף דעם פרידלעכן עולם דעמאָנסטראַנטן. די לוויות פון די אומגעקו־מענע חברים זיינען אומעטום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גראַנדיעזע דעמאָנסטראַ־ציעס קעגן דער אַלטער אָרדענונג [8].

פון יוני 1905 האָבן זיך באַזונדער פאַרשטאַרקט די פּאָליציי־רעפּרעסיעס. מען פלעגט אָפט שיסן אויף די אַרבעטער־בערזעס. די צאָל פון די געהרגעטע און פאַר־וואונדעטע האָט ערטערווייז דערגרייכט אין די צענדליקער און הונדערטער. אין באַרדיטשעוו זיינען געוואָרן 3 דערהרגעטע און איבער 60 פאַרוואונדעטע; אין האָ־מעל — ביז 30, אין פּינסק, אין מינסק זיינען ביי אַ צוזאַמענשטויס מיט די קאָזאַקן געוואָרן 2 דערהרגעטע און אַ סך פאַרוואונדעטע. אין ריגע — אַ סך דערהרגעטע. אין וואַרשע זיינען צעשלאָגן און אַרעסטירט געוואָרן העכער 350 מאַן, און אין ווילנע — ביז 100.

עס איז געקומען דער מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער 1905, אַרויסגעגעבן פון רוסישן צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, אויפן פאָרשלאַג פון גראַף וויטע. די כוונה איז געווען צו פאַרגיטיקן דאָס פאָלק פאַר דער גרויסער מפּלה פון רוסלאַנד אין איר אומגליקלעכער מלחמה מיט יאַפּאַן. אָבער די רוסישע רעאַקציאָנערן, די אַזוי גערופענע „שוואַרצע מאה", זיינען געווען קעגן דער גרינדונג פון דער גאָסודאַר־סטווענאַיאַ דומאַ און האָבן אָנגערעדט דעם נאַרישן צאַר זי צו שליסן. עס זיינען ווידער געקומען רעפּרעסיעס אויפן פאָלק, דערהויפּט אויף די ר ע װ א ל ו צ י א ־ נ ע ר ן ־ י י ד ן. און באמת האָט די רוסישע מאַכט אָנגעהויבן צו מאַכן מאַסן־הריגות אויף יידן בכלל, ביי די קלענסטע געלעגנהייטן.

### ג. די אַנאַרכיסטן, זייער טעראָר, זייער טאַקטיק

דער „בונד" איז געווען — לויט די אָנגענומענע רעזאָלוציעס אויף זיינע קאָנ־פערענצן — קעגן אָנווענדן טעראָר־מיטלען. אָבער אַז עטלעכע פון זיינע מיטגלי־דער האָבן דורכגעפירט טעראָר־אַקציעס, האָבן זיינע אָנפירערס פון זיך אַראָפּגע־וואָרפן די אחריות דערפון, כאָטש ווען מען לייענט זייערע שריפטן וועגן דעם מערקט מען, אַז דאָס איז זיי ניחא געווען. אָבער אין זיי זיינען מקוים געוואָרן די ווערטער פון תלמוד: זכה מלאכתו נעשית על ידי אחרים (ווער עס איז זוכה — ווערט זיין אַרבעט געטאָן דורך פרעמדע). פון די רעוואָלוציאָנערע קרייזן האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטיילט אַ גרופּע אַנאַרכיסטן, וואָס ביי זיי איז געווען דער טעראָר — די הויפּט־באַשעפטיקונג.

אין ביאַליסטאָק איז אין יאָר 1903 אויפגעקומען אַן אַנאַרכיסטישע גרופּע אונטערן נאָמען „באָרבאַ" (קאַמף). אין סמאָרגאָן, קאָוונע, גראָדנע, מינסק, באַראַ־נאָוויטש, בריסק, זיינען געגרינדעט געוואָרן אַנאַרכיסטישע גרופּעס אין 1904 [9]. אין יאָר 1905 האָבן זיך אין וואַרשע אָפּגעטיילט פון „בונד" עטלעכע צענדליק רע־וואָלוציאָנערן און האָבן געגרינדעט די ערשטע גרופּע אַנאַרכיסטן פון 40 אַרבעטער.

8. דאָרטן, ז' 332—333.

9. הערץ בורגין, די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ז' 548.

זיי פלעגן אָנווענדן טעראָר. אין 1904—1905 זיינען געווען טעטיק אין קאַטערי־נאָסלאַוו און אַנדערע דרום־שטעט די אַנאַרכיסטן פון דער גרופע „טשאָרנאָיע זנאַמיאַ" (די שוואַרצע פאָן) אָדער „בעזנאַטשאַליע" (אָן הערשאַפט). פאַרשטאַרקט זיינען די גרופעס אַנאַרכיסטן געוואָרן דורך אַרבעטער, וואָס זיינען געקומען פון לאָנדאָן אויסצובילדן דאָ די יידישע אַרבעטער.

פון אַן אַנאַרכיסט, וואָס איז דעמאָלט אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק, דערציילט ד"ר פּ. ראָזענטאַל [אונטערן פסעוודאָנים „פּ. אַנ־מאַן"] [10].

„דער עקאָנאָמישער טעראָר האָט אויך אַרויסגערופן הייסע דעבאַטעס [ביי די בונדיסטן], מחמת אין ביאַליסטאָק האָבן אים די אַרבעטער נאָך פריער אָנגע־ווענדט צו די לוינקעטניקעס און שטרייקברעכערס, אויף וועמען עס איז גרינג זיי אָנצוווענדן. די געוויינלעכע פאָרמען פון אַזאַ טעראָר פלעגן זיין קלעפּ, ברעכן די שויבן און באַגיסן מיט אַליום; אפילו באַוואוסטזיניקע אַרבעטער האָבן אין אַזוינע מיטלען ניט געזען קיין שום ניט־דערלאָזבאַרעס. זיי פלעגן טענהן, אַז אָן זיי קען מען ניט דערגרייכן קיין דערפאָלג.

„ניט אומזיסט האָט זיך אין דעם זעלביקן ביאַליסטאָק אַזוי רייך פונאַנדערגע־בליט דער אַנאַרכיזם, ווען דער פּאָליטישער קאַמף האָט אין די יאָרן 1904—1906 דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה. די לעצטע חדשים פון אונדזער לעבן [11] אין ביאַליסטאָק [אַלס בונדיסטישע טוער] האָט זיך אַהין אומגעקערט פון פאַרשיקונג אַ ווילנער אַרבעטער, א יונגער בחור יאָסקע, אַן אויסערגעוויינלעך היציקער, ניט קיין איינגעהאַלטענער. גלייך ווי ער איז געקומען, האָט ער זיך געפונען אַ קאָמ־פּאַניע און האָט זיך גענומען פירן אַן אַגיטאַציע פון אַנאַרכיזם פון זייער אַ ני־דעריקער פּראָבע, די אַגיטאַציע האָט אין אייניקע קרייזן [פון „בונד"] געפונען אַן אָפּקלאַנג. דער דאָזיקער גראָבער אופן פון אַנאַרכיזם, האָט שפּעטער געבראַכט אַ סך שאָדן דער ביאַליסטאָקער באַוועגונג".

### פּראָפּאַגאַנדע דורך טאַט

אין דער שטורעם־עפּאָכע פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט זיך דער אַנאַרכיזם פונאַנדערגעבליט. עס איז געווען די הויכצייט פון עקספּראָ־פּריאַציעס.

דער בונדיסט אַבראַם באַשרייבט די טעטיקייט פון די אַנאַרכיסטן, וואָס לויט זיין מיינונג האָבן זיי אָבערגעכאַפּט די מאָס און דעריבער האָבן זיי ניט אויס־געפירט [12]:

„גלייך פון אָנהייב האָבן זיי זיך גענומען פאַר דער צעשטערונגס־אַרבעט און צו ענדערן ביי די אַרבעטער אין ביאַליסטאָק זייערע באַגריפן פון דער אַלטער וועלט־אַנשויאונג, למשל: גנבענען האָבן די אַרבעטער געהאַלטן פאַר אַ שרעק־

10. זען רויטער פנקס, ערשטע זאַמלונג, ז' 51.

11. פּ. ראָזענטאַל דערציילט וועגן זיך און זיין פרוי אַנאַ.

12. די האָפענונג, נומ' 17, זז' 15—17.

לעכע זאַך, זיי האָבן געקעמפט קעגן גנבענען סחורה אויף די פאַבריקן, ווייל דאָס וואַרפט אַ שמוץ אויף די אַרבעטער. אָבער די אַנאַרכיסטן האָבן זיך גענומען כשרן די גנבות. דער בעל־הבית, האָבן זיי געזאָגט, זויגט אויס דאָס בלוט און מאַרך ביים אַרבעטער, און צוליב דעם, אַז מען קען ניט נעמען ביי אים אָפן דורך געהעכערטע שכירות, דאַרף מען נעמען ביי אים בסתר, מיט בייזן. גנבענען סחורה איז געוואָרן אַזוי אַרום אַ גאַנץ געוויינלעכע כשרע זאַך.

„נאָך דעם איז אַוועק אַ סדרה „פּראָפּאַגאַנדע דורך טאַט" און עקספּראָ־פּריאַציעס, למשל: אָפּנעמען ביי אַן אָרעמער יידענע אַ קאַש מיט בולקעס אָדער בייגל איז געווען פּראָפּאַגאַנדע דורך טאַט און אויך אַן עקספּראָפּריאַציע. פון אָנהייב האָבן זיך די ביאַליסטאָקער אַנאַרכיסטן באַנוגנט בעניוות מיט קלייניקייטן, נאָר וואָס ווייטער איז דאָס אַוועק אין אַ גרעסערער מאָס און האָט אָנגענומען אַן ערנסטן כאַראַקטער. אין דעם דאָזיקן פּעריאָד האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אונטערן נאָמען „גרופּע" און האָבן זיך שוין פאַרנומען מיט גרויסער פּראַקטישער אַרבעט, ד"ה זיי האָבן אָנגעהויבן אַריינגעמען פון די בונדיסטן די אַרבעטער־באַוועגונג אין זייערע הענט, אָבער ניט ווינסדיק וואו־איין און וואו־אויס (צום ביישפּיל, וועגן באַשרענקען דעם אַרבעטסטאָג אויף 8 שעה האָבן זיי זיך ניט גערעכנט מיט דעם צושטאַנד פון דער פּראָדוקציע אין לאַנד, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק אאז"וו, און אַז עס איז ניט געווען מעגלעך דאָס דורכצופירן ביי די איצטי־קע באַדינגונגען פון לעבן: די אַרבעטער־וועבער פון שטיק האָבן געמוזט בלייבן ביי 9 שעה אַרבעט) האָבן די אַנאַרכיסטן געבראָכן שויבן, געשלאָגן, געשאָסן דעם וואָס האָט ווידערשפּעניקט, און זיי האָבן געבראַכט דערצו, אַז אין ביאַליסטאָק האָבן קליינע מייסטערסקאַיעס זיך געמוזט פאַרמאַכן איינע נאָך די אַנדערע, און די בעלי־הבתים זיינען צעלאָפן פון שטאָט. און אַזוי זיינען זיי זיך באַגאַנגען מיט אַ צווייטער פאָדערונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן די לעצטע צייט, אַז מען זאָל צאָלן דעם אָפּגעזאָגטן אַרבעטער פאַר 3 חדשים. פלעגט קומען, צום ביישפּיל, די גרופּע צו אַ בעל־הבית, וואָס אַרבעט מיט נאָך איין מענטשן און אים צוגעבן נאָך אַן אַרבעטער, און, אַז ער האָט אים ניט געקענט געבן קיין אַרבעט, איז די גרופּע צו מאַרגנס אַריינגעקומען און געפאָדערט ביי אים, ער זאָל אים באַצאָלן פאַר 3 מאָנאַט, אַז ניט וועלן זיי זיך מיט אים אָפּרעכענען. אָדער אַזעלכע פאַקטן: אין אַ וועלקעריי (פון אַ גאַרבעריי) איז געבליבן אויסצואַרבעטן איין פאַרטיע סחורה, און קיין נייע סחורה האָט דער בעל־הבית נאָך ניט אַריינגעפירט. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט, אַז דער בעל־הבית זאָל גלייך אַריינפירן נייע סחורה, אײדער די אַלטע פאַרטיע איז נאָך פאַרענדיקט, אָדער ער זאָל באַצאָלן פאַר 3 חדשים. דער בעל־הבית האָט געזאָגט, אַז דערווייל האָט ער נאָך ניט קיין נייע סחורה, אָבער אַז מען וועט ענדיקן די פאַרטיע, וועט זיין נייע סחורה; צו באַצאָלן פאַר 3 חדשים האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. דאַן האָבן די אַרבעטער אים געבונדן און אים געשלאָגן מכות רצח. נאָך דעם, ווי מ'האָט אים אָפּגעבונדן, איז ער אַרויס־געשפּרונגען פון פענצטער פון צווייטן שטאָק און האָט, פאַרשטייט זיך, צעבראָכן

לייב און לעבן. ער האָט געלאָזן דעם וואַרשטאַט און איז אַנטלאָפן פון שטאָט. די אַרבעטער האָט עס ווייניק געקימערט: זיי האָבן זיך גענומען אויסאַרבעטן די סחורה און האָבן עס ביסלעכווייז פאַרקויפט, נאָך דעם האָט מען גענומען פאַרקויפן דאָס מעבל פון שטוב, און דאָס אַלץ פאַר 3 חדשים. מ'האָט אַזוי לאַנג געהאַנדלט, ביז פאָליציי האָט זיך דערוואוסט און האָט אַרעסטירט עטלעכע אַר־בעטער דאָרט אויפן אָרט. אַ צווייטער בעל־הבית האָט פאַרמאַכט זיין פאַבריק, מורא האָבנדיק, אַז די אַרבעטער וועלן פאָדערן ביי אים פאַר 3 מאָנאַטן, און איז אַרויסגעפאָרן פון שטאָט און האָט איבערגעלאָזן אין שטוב אַלץ, וואָס איז גע־ווען ביי אים; די אַרבעטער זיינען געקומען ביינאַכט און צוגענומען דאָס מעבל פון שטוב. אָט אַזוי פירן די אַנאַרכיסטן דעם פראָפעסיאָנעלן קאַמף. אַ געוויסע צייט איז די גרופּע געווען אַ שרעקוואָרט אין שטאָט, און זייער איינפלוס אויף די אַרבעטער איז געווען זייער שטאַרק, דערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט פון זיי זיידל לאַנדאָנער אָדער זיידל אַנאַרכיסט...

„פאַראיאָרן זומער האָבן די פעדים־כאַפּערס [קליינע שקצים און שיקסעס אויף די שפּינערייען, וואָס דאָרט ווערט קיין ייד ניט צוגעלאָזן צו קיין אַרבעט] געוואָרפן די אַרבעט און געפאָדערט העכערע שכירות, די אַנאַרכיסטן האָבן זיך גענומען פירן דעם שטרייק און האָבן אָנגעהויבן אָנווענדן ענערגישע מיטלען. מיט באָמבעס האָבן זיי געוואָלט נייטן די פאַבריקאַנטן נאָכגעבן די פאָדערונג פון די אַרבעטער. אין אַ משך פון אַ קליינער צייט האָבן זיי געוואָרפן ביז צען באָמ־בעס. זיי האָבן טעראָריזירט די גאַנצע שטאָט. אָבער די פאַבריקאַנטן האָבן זיך אויך גענומען צו ענערגישע מיטלען. זיי האָבן באַשטימט צו פאַרמאַכן די פאַבריקן און אַרויספאָרן פון ביאַליסטאָק. ווען דאָס האָט זיך אָנגעהויבן דורכפירן אין לעבן, ווען די פאַבריקן האָבן זיך גענומען פאַרמאַכן איינע נאָך די אַנדערע, אַרויסוואַרפנדיק די אַרבעטער אויפן גאַס, האָבן די אַרבעטער אויפגעהויבן אַ גוואַלד און זיינען אַרויפגעפאַלן מיט דעם גאַנצן צאָרן אויף די אַנאַרכיסטן: „איר האָט אונדז אומגליקלעך געמאַכט, צוליב אייך וועלן מיר דאַרפן אויסגיין פון הונגער!" — האָבן זיי געשריגן צו די אַנאַרכיסטן. מען איז געלאָפן צו די פאַבריקאַנטן בעטן זיי זאָלן עפענען די פאַבריקן, צוזאָגנדיק זיי צו זיין גוט און פרום. לייזער בער פרייסמאַן, אַ גרויסער דעמאָלטדיקער יידישער פאַבריקאַנט, האָט זיך שטאַרק געלאָזט בעטן, און ווען עס איז געלונגען נאָך פיל מאַטערניש אים איבערצורעדן, האָבן די אַרבעטער אים געמאַכט אמתע אָוואַציעס, מ'האָט אים געהויבן אין דער הייך, געשריגן הוראַ או״וו. פון דאַן אָן האָבן די אַנאַר־כיסטן פאַרלאָרן דעם צוטרוי פון די אַרבעטער, זייער אויטאָריטעט איז געפאַלן, און די גרופּע אַלס אַן אָרגאַניזאַציע איז פונאַנדערגעפאַלן. עס עקסיסטירן נאָך איינציקע מענטשן אונטערן נאָמען אַנאַרכיסטן, צעטיילט אויף באַזונדערע גרו־פּעס: אַנאַרכיסטן־מאַקסימאַליסטן, אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן או״וו.

„אַלזאָ, די גרופּע עקסיסטירט שוין מער ניט, נאָר פאַר דער צייט פון איר עקסיסטענץ האָט זי געלאָזן טיפע וואָרצלען אין דער אַרבעטער־מאַסע. די צע־

שטערונג און די דעמאָראַליזאַציע, וואָס די גרופּע האָט אַריינגעטראָגן אין דער אַרבעטער־מאַסע האָט זיך אָפּגעשטעלט ; דער צוטריי צו יעטווידער אָרגאַניזאַציע, צו יעטווידער פּאַרטיי איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל, אָבער זייער אַ באַ־דייטנדיקער טייל פון דער אַרבעטער־מאַסע איז אַנאַרכיסטיש געשטימט״.

ווען דער כראָניקער אין 1897 קען זאָגן [13], אַז די מאָראַלישקייט פון ביאַליסטאָ־קער איינוואוינערס איז אומבאַפלעקט, גנבות זיינען פאַראַן נאָר קליינע, מאָרדטאַטן פון פאַרשיידענע אַרטן, ערנסטע עבירות פון קרימינעלן כאַראַקטער זיינען כמעט דאָ גאָר ניט פאַראַן, געפינען מיר נאָר עטלעכע יאָר שפּעטער, 1904—1906, פּונקט דעם היפּוך, לויט ווי עס גיט איבער דער כראָניקער פון דעמאָלט [14].

טעראָריסטישע אַקטן

פון 22טן אָקטאָבער 1903 ביזן 30טן אַפּריל 1907 זיינען פאַרצייכנט אַן ערך 140 פאַלן פון מערדערייען, פּאַרוואונדונגען, רויבערייען, עקספּראָפּריאַציעס, שיסע־רייען און באָמבע־אויפרייסן. די אַקטן זיינען געווען הן קעגן דער פּאָליציי, הן קעגן אַרבעטס־געבערס, הן קעגן ווידערשפּעניקע אַרבעטער.

פון דער גאַנצער סעריע ברענגען מיר נאָר עטלעכע פאַקטן, וואָס האָבן גע־מאַכט אַ גרויסן איינדרוק :

דעם 26טן מאַרץ 1905, אַרום איינס אַ זייגער בייטאָג, האָט אַ יידישער יינגל דערשאָסן אויף טויט אַ קאָזאַק פון דאָנסקי פּאָלק ; האָבן סאָלדאַטן געשאָסן, פאַר־וואונדעט און קאַלעטשעט אַ סך אומשולדיקע פאַרבייגייענדיקע יידן [15].

דעם 14טן יוני (כ״ה סיון תרס״ה) 1905 איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ רע־וואָלווער־שאָס אין ברוסט ביי זיך אין שטוב דער 36־יאָריקער יידישער פאַבריקאַנט ישראל מאַריין, אַן אַ שום פריערדיקן סכסוך מיט זיינע אַרבעטער.

דעם 30טן יולי, 1905, (שבת נחמו תרס״ה) האָט אַן אומבאַקאַנטער געוואָרפן אַ באָמבע אויף סוראַזער גאַס אין אַ פאַרבייגייענדיקן מיליטער־פּאַטרול, וואָס האָט געענטפערט מיט אַ שיסעריי, וואָס האָט דערהרגעט 25 יידן.

---

13. М. Г. Милейковский, Очерк Белостока, стр. 37.

14. Справочный Календарь Белостока, 1913, стр. 78-94.

דער איבערבליק דאָרט איז אפילו געשריבן אין פּאָליצייאישן גייסט און סטיל, צו באַשיצן די פּאָליציי פון אירע טאַטן, אָבער אַלע אויסגערעכנטע פאַקטן שטימען מיט דער דעמאָלט־דיקער ווירקלעכקייט און זיי שפּיגלען אָפּ דעם מאַטעריעלן און מאָראַלישן צושטאַנד אין ביאַ־ליסטאָק אין יענעם פּעריאָד. [1906—1907].

15. ס׳האָט דעמאָלט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטאָט.

א. טיקטין האָט ווי אַ יידישער גלאַסני אויפגערופן וועגן דעם אַ זיצונג אין מאַגיסטראַט, און מ׳האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַן אָנקלאַגע צום גובערנאַטאָר ; עס איז אַראָפּגעקומען אַן אויספאָרשונג, אָבער עס איז גאָר ניט געוואָרן. אַ ייד, וואָס איז דעמאָלט דעם צווייטן טאָג פסח געגאַנגען פון דאַוונען, האָט געזען, אַז דער שיסער איז געווען אַ קליינער 15־יאָריקער יינגל, האָט ער אָנגעשריען אויף אים, איז ער אַנטלאָפן, ניט וויסנדיק אַליין, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן.

דעם 27טן דעצעמבער, 1905, האָט אַן אומבאַקאַנטער, צושטעלנדיק אַ רע־וואָלווער צום האַרצן אַ יידישן סוחר (אַ. טאַבאַליצקי) ביי אים אַרויסגעפּרעסט 300 רובל. אַרויסגייענדיק האָט ער עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן.

דעם 1טן מאַרץ, 1906, אַרום 7 אָוונט, איז דערמאָרדעט געוואָרן ביי זיך אין קאַנטאָר (אויף טיקטינער גאַס) דער חלפן יאַנקל זילבערבלאַט. די מערדער זיי־נען געווען — פיר. דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן נאָך דעם ווי דער דער־מאָרדעטער האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי אָפּצוגעבן דעם שליסל פון קאַסע.

דעם 4טן מאַרץ, 1906, 11 פרי, אויף ראָג סוראַזער און באַזאַרנע גאַס, איז דערמאָרדעט געוואָרן פון אַ ברויונינג דער געהילף פּריסטאַוו קולטשיצקי פון 4טן אוטשאַסטאָק, און שווער פאַרוואונדעט געוואָרן דער פּריסטאַוו פון דעם אוטשאַס־טאָק רייסקי.

דעם 10טן אַפּריל, 1906, אַרום 6 אין אָוונט האָט אַ גרופּע יינגלעך 10־12־יאָריקע אויסגעשאָסן אויף קלאַדבישטשענסקע גאַס 2 רעוואָלווער־שאָסן אין דעם פאַרבייגייענדיקן פאַרוואַלטער פון די הייזער פון גושטשע־מאַלינאָווסקי (הייזער פּאַרקויפטע פון דער באַנק).

דעם 20טן אַפּריל, 1906, האָט מען געוואָרפן אַ באָמבע אין דער וואוינונג פון יידישן פאַבריקאַנט לייזער הענדלער.

אין פעברואַר, 1907, איז לייזער הענדלער שווער פאַרוואונדעט געוואָרן דורך אַ רעוואָלווער־שאָס אין זיין פאַבריק. עטלעכע טעג שפּעטער איז ער געשטאָרבן.

דעם 9טן מאי, 1906, — אויפן אַלטן בית־עולם וואו די אַנאַרכיסטן פלעגן לערנען זיך שיסן, זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן פון פּאָליציי. זיינען זיי זיך צעלאָפן, נאָר איינער פון זיי אהרן יעלין האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט און באַשאָסן די פּאָליציי און זיי האָבן אים דערהרגעט. מ׳האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז ער איז גע־ווען אַן אַנאַרכיסטישער פירער.

פון די אַלע געשעענישן אין ביאַליסטאָק זיינען די שרעקלעכסטע — די דערמאָרדונג פון די צוויי אומשולדיקע יידישע פאַבריקאַנטן ישראל מאַריין און לייזער הענדלער, וואָס דאָס האָט אַרויפגעלייגט דעם קינס צייכן אויף דער גאַנצער באַוועגונג [16].

דער „בונד" האָט אַרויפגעוואָרפן די שולד פון די דאָזיקע צוויי רציחות אויף די אַנאַרכיסטן.

## ד. די מאַכט פון די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס

די ניט־לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געלאָזט פילן אין ביאַליסטאָק נאָך פון 1902 אָן. אין דעם יאָר האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען אין אַ גרעסערער צאָל

16. חוץ זיי, איז אויך אומגעקומען דער העברעאישער לערער פרידמאַן, וואָס איז געהרגעט געוואָרן דורך אַ באָמבע־אויפרייס, וואָס מען האָט דעמאָלט געוואָרפן אויפן פּאָליצ־מייסטער ; ער האָט איבערגעלאָזט אַ יונגע פרוי מיט קינדער.

פּראָקלאַמאַציעס פון „בונד", נאָך דעם — פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, סאָ־ציאַליסטן־מאַקסימאַליסטן.

די ערשטע צייט האָבן זיך די אָרגאַניזאַציעס באַגרענעצט מיט אָרגאַניזירן שטרייקן, אָבער אנשטאָט וואָס פריער זיינען די שטרייקן אויסגעפירט געוואָרן נאָר דורך איינשטעלן די אַרבעט, אַראָפּנעמען די וועבערס פון די שטולן, — האָט מען זיך פון איצט אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט טעראָר.

די שליחים פון די אָרגאַניזאַציעס זיינען געקומען אויף די פאַבריקן באַוואָפנטע אָפּצושטעלן די אַרבעט און, אַראָפּנעמענדיק די אַרבעטער פון דער אַרבעט, פלעגן זיי אויסשיסן אין דער לופט כדי מטיל אימה צו זיין אויף די אַרבעטער, זיי זאָלן זיך ניט אַנטקעגנשטעלן, ווייל עס זיינען געווען פאַלן, אַז די אַרבעטער האָבן ניט געוואָלט שטרייקן, איבערהויפּט ווען די שטרייקן זיינען געווען פּאָליטישע, וואָס די עלטערע מיושבדיקע וועבערס האָבן צו זיי ניט מסכים געווען: ווי פאַ־מיליע־מענטשן זיינען זיי ניט געווען בכוח אַריבערצוטראָגן אַ לענגערע אַרבעט־לאָזיקייט.

נאָכן באַגיין צוויי מאָרדטאַטן איבער פאַבריקאַנטן (ישראל מאריין און לייזער הענדלער), האָבן די טעראָריסטן געהאַלטן די פאַבריקאַנטן אין מורא, ווייל די לעצטע האָבן געוואוסט, אַז מיט זייער קאַטעגאָרישן אָפּזאָג צו דערפילן די פאָדע־רונגען, רופן זיי אַרויס אויף זיך אַ טויט־אורטייל. האָבן זיין געמוזט נאָכגעבן אפילו די שווערסטע באַדינגונגען.

די פּאָליציי האָט געקעמפט קעגן די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. זי פלעגט אַראָפּרייסן די פּראָקלאַמאַציעס פון די גאַסן, האָט אויפגעזוכט זייערע מחברים. זי האָט פונאַנדערגעיאָגט די אַנטייל־נעמערס פון די געהיימע צוזאַמענ־קומען און דורכגעפירט אַרעסטן. צייטנווייז האָט זי אויפגעזוכט די געהיימע טיפּאָ־גראַפיעס, וואָס פלעגן דרוקן די פּראָקלאַמאַציעס. אָבער די פּאָליציי האָט ניט גע־קענט קיין סך אויפטאָן. וואָס מער די פּאָליציי האָט גערודפט די רעוואָלוציאָנערן, אַלץ מער האָבן זיי זיך געשטאַרקט און זיך פאַרמערט.

דאָס וואַרפן און אויפרייסן באָמבעס, דאָס שיסן פון רעוואָלווערן איז געוואָרן אין ביאַליסטאָק אַ געוויינלעכע געשעעניש. זיצנדיק ביי זיך אין אָוונט ביי טיי, פלעגט מען הערן פון דערווייטנס דאָ און דאָרט אַ זשוזשעריי אין דער לופטן פון רעוואָלווער־שאָסן אָדער אַ שאַרפן אָדער דומפּן קנאַל פון אַ באָמבע־אויפרייס. מען האָט ניט געוואוסט פון וואַנען זיי קומען, די צייטונגען צומאָרגנס האָבן דאָס ניט געקענט דערקלערן.

ניט אַלץ איז געקומען פון די מיטגלידער פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַני־זאַציעס. וואַרפן באָמבעס, שיסן מיט רעוואָלווערן און מאַכן עקספּראָפּריאַציעס איז ניט געווען זייער אייגנטלעכע אַרבעט, דאָס האָט געהערט מער צו די אַזוי גערו־פענע אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן אָדער אַנאַרכיסטן־אינדיווידואַליסטן. עס זיינען פון זיי ניט אָפּגעשטאַנען די העלדן פון דער פינצטערער נאַכט. זיי אַלע האָבן פאַר־גאָסן ניט ווייניק מענטשלעך בלוט, האָבן אויסגעפּרעסט געלט ביי יעדן פאַרמעג־לעכן פאַבריקאַנט, הויז־באַזיצער און סוחר, ווי ווייט זיי האָבן נאָר געקענט. מיט

אַ רעוואָלווער אין האַנט און מיט אַ באַפעל: „די הענט אין דער הויך" האָבן זיי זיך געווענדט צו זייערע קרבנות. העלדן פון דער אונטערוועלט האָבן אויסגענוצט די לאַגע, זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און אונ־טער דער פאָן פון אַנאַרכיזם האָבן זיי אָפן צוגענומען אין די קראָמען סחורה און אפילו די טאָג־לייזונג.

געווייינטלעך האָט פון דעם אַלעם געליטן די יידישע באַפעלקערונג אין ביאַ־ליסטאָק. די הפקרות איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פשוטע גנבים האָבן ניט גע־דאַרפט זיך משתדל זיין כדי צו פאַרווישן די שפּורן פון זייערע פאַרברעכנס. נאָך אַ גרויסער גנבה פלעגט קומען צום באַגנבעטן אַ „פּאַרלאַמענטער", און פאַר אַ באַשטימטער סומע פלעגט ער נעמען אויף זיך צו דערגיין כלומרשט די גנבה, און, אַז זיי זיינען דורכגעקומען, פלעגט דער באַגנבעטער תיכף באַקומען צוריק זיין גנבה.

אַ בעל־הבית האָט ניט געהאַט דאָס רעכט אָפּצוזאָגן זיין דינסט, וואָס האָט ניט דערפילט אירע פליכטן, ניט פאַרגיטנדיק זי לויט דעם איינזען פון דער אָרגאַני־זאַציע. אין אַ געוויסן אָרט אויף סוראַזער גאַס, אָדער אויפן שולהויף, האָט זיך געפונען אַ באַזונדערער טריבונאַל, וואָס אַהין פלעגט גיין דער בעל־הבית וועגן בירגערלעכע אָדער קרימינעלע פּראָצעסן. דער טריבונאַל האָט אַרויסגערופן די צדדים, אויסגעהערט זייערע רייד און אַרויסגעגעבן זיין פּסק — און ביטער איז געווען דעם וואָס האָט אים ניט געהערט.

ביז צו יענער צייט זיינען די טירן פון די יידישע שולן און בתי־מדרשים גע־ווען פאַרמאַכט פאַר דער אַגיטאַציע פון די לינקע פּאַרטייען און רעוואָלוציאָנערן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַרן פרומען המון, וואָס וואָלטן זיי ניט געלאָזט פאַר־שוועכן זייערע הייליקע ערטער. אָבער דעמאָלט זיינען די לינקע פּאַרטייען געווען די אַליין־הערשערס אויף דער יידישער גאַס, און אַלץ איז געווען פאַר זיי פראַנק און פריי. זיי פלעגן גיין אַלע שבתים און יום־טובים איבער די שולן און בתי־מדרשים בשעתן דאַווענען בציבור. זיי פלעגן פאַרנעמען די בימות און פאַרן ארון־קודש האַלטן זייערע אַגיטאַציע־רעדעס על השם ועל משיחו. די דאַווענערס זיינען געשטאַנען דערשראָקענע און האָבן אויסגעהערט באימה ופחד די רעדעס.

אויף דער פראַגע „וואו איז געווען די מאַכט? ווי האָט זי דערצו צוגעלאָזן?" — איז די תשובה, אַז דער באַשטאַנד פון פּאָליציי איז ניט געווען גענוג אין צאָל, אויף צו באַקעמפן די אַרומיקע הפקרות, און איבערהויפּט איז די פּאָליציי אַליין געווען טעראָריזירט דורך די גוואַלדטאַטן אויף זיי, אַז זיי האָבן נאַרניט געקענט טאָן. דער עולם איז געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז מען האָט מורא געהאַט זיך צו ווענדן צו דער פּאָליציי נאָך הילף, אָדער אויפדעקן פאַר איר די שפּורן פון די מאָרדן און רויבערייען, וואָס פלעגן אָפּגעטאָן ווערן אין דער שטאָט, ווייל זיי וואָלטן זיך דערמיט געשטעלט אין לעבנס־געפאַר. פּאָליציי פלעגט אַליין מורא האָבן פאַרן לעבן; אַז איינער פון זיי פלעגט אַריינגיין אין אַ געפּאַקטן טראַמוויי, פלעגט דער טראַמוויי באַלד ווערן ליידיק פון מענטשן אויס מורא, עס זאָל אויף אים ניט געמאַכט ווערן קיין אָנפאַל, וואָס דערפון האָט געקענט ליידן דער אַרומיקער עולם.

## ה. צוויי געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען אין ביאַליסטאָק

### די השפּעה פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען

עס דערוועקט זיך ביי אונדז אַ האַרבע שאלה: ווי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז אין ביאַליסטאָק, אין דעם געבורטס־אָרט פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג, אין איינעם פון די גרויסע צענטערס פון ציוניזם, זאָל קענען דערצויגן און אַנטוויקלט ווערן אַזאַ אַנטינאַציאָנאַלע און אַנטירעליגיעזע אַרבעטער־באַוועגונג?

די תשובה באַשטייט אין דעם אַז די דערציאונג פון דער אָרעמער יידישער יוגנט איז פאַרוואָרלאָזט געוואָרן. די רוסישע און רוסיש־יידישע מיטלשולן און אויך די ספּעציעלע יידישע שולן און חדרים מתוקנים — זיינען אַלע געווען פאַר די יידישע רייכע און באַמיטלטע קלאַסן, וואָס זיינען געווען אין שטאַנד צו צאָלן גרויסע שכר־לימודן אין משך פון די לאַנגע לערניאָרן; צו די רעגירונגס־שולן, וואָס דאָרטן האָט מען יידן אויפגענומען נאָר עטלעכע פּראָצענטן, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גוטע צוגרייטונג פון באַצאָלטע לערערס און פּראָטעקציעס; אויפגענומען צו ווערן אפילו אין דער יידישער אומזיסטער אָנפאַנג־שול פון יפה האָט מען געמוזט האָבן אַ גוטע צוגרייטונג ביי אַ געצאָלטן לערער. בכן איז פאַר דער דערציאונג פון די יידישע אָרעמע קינדער פון דער מאַסע געבליבן נאָר — די עטלעכע רוסיש־יידישע פאָלקשולן מיט אַ קליינער לערן־פּראָגראַם, און דער עיקר — די תלמוד־תורה מיט איר שלעכטן שפּלדיקן צושטאַנד [17]. די קינדער פון די אָרעמע יידישע שיכטן, וואָס זיינען קינדוויַיז אָפּגעגעבן געוואָרן צו בעלי־מלאכות אָדער צו געוויסע אַרבעטן זיינען געווען אַ ניר חלק (טאַבולאַ ראַזאַ), בשעת זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין די אַרבעטער־קרייזלעך. דעריבער האָבן די רעוואָלו־ציאָנערע אַגיטאַטאָרן געפונען אין ביאַליסטאָקער יונגע אַרבעטער און אַרבעטע־רינס אייפערדיקע און פאָלגעדיקע תלמידים, בפרט נאָך אַז זיי זיינען אַראָפּגעקומען צו זיי מיט נייע צוציענדיקע תורות פון סאָציאַליזם, אויסצובעסערן זייער מאַטער־יעלע לאַגע, זיי גלייכצושטעלן מיט זייערע בעלי־בתים, און מיט דער אידיי פון רעוואָלוציעס, וואָס פאַרוואַנדלט זיי פון אָרעמע אונטערדריקטע אַרבעטער אין אַקטיווע מיטגלידער פון דער אייראָפּעאישער סאָציאַלער באַוועגונג און פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באפרייאונגס־באַוועגונג.

### די ציוניסטן אין ביאַליסטאָק

דער הויפּטצוועק פון חובבי־ציון און ציוניסטן איז דעמאָלט געווען צו באַזעצן יידן אויף ערד אין ארץ־ישראל, צו גרינדן דאָרט יידישע קאָלאָניעס, און קיין געלט דערויף האָבן זיי דעמאָלט ניט געהאַט (דעם קרן קימת און דעם קרן היסוד האָבן

17. דער הייננטיקער מנהל פון תלמוד־תורה האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט, אַז נאָך היינט [1935—36], כאָטש די תלמוד־תורה שטייט אויף אַ הויכער מדרגה סיי אין למודי קודש און סיי אין למודי חול, שעמען זיך בעלי־הבתישע אָרעמע יידן אַריינצוגעבן אַהין זייערע קינדער איבער דעם שלעכטן שם, וואָס זי האָט געהאַט ביז דער מלחמה.

שפּעטער געשאַפן די ציוניסטישע קאָנגרעסן), האָבן זיי זיך געמוזט באַגרענעצן מיט זייער אַגיטאַציע נאָר צווישן די פאַרמעגלעכע שיכטן, אַז זיי זאָלן קאָלאָניזירן ארץ־ישראל מיט זייערע אייגענע פּריוואַטע מיטלען, און זיי האָבן טאַקע מיט זייער אַגיטאַציע שטאַרק מצליח געווען. מיט דער מאַסע, וואָס האָט דעמאָלט ניט גע־קענט געבן קיין קאָלאָניסטן פאַר ארץ־ישראל, האָבן דעריבער די חובבי־ציון און דער ציוניזם קיין שום באַריר־פּונקטן ניט געקענט האָבן. בכן, געפינען מיר אין ביאַליסטאָק אין דער יידישער באַפעלקערונג צוויי אַנטקעגנגעזעצטע שטרעמונגען — איינע פון דער אַרבעטער־יוגנט און אַ צווייטע, פון קולטורעלע און פאַרמעג־לעכע קרייזן. די ערשטע איז פאַרכאַפּט געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט דורך די בונדיסטן, און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, און די צווייטע דורך די חובבי־ציון און ציוניסטן, וואָס האָבן אויפגעבויט די באַנייטע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע יידישע קהילה.

די ביאַליסטאָקער בעל־הבתישע און פאַרמעגלעכע שיכט, אויסער אַ גאַנץ קליינע גרופּע אַסימילאַטאָרן, איז אין גאַנצן געווען נאַציאָנאַל־ציוניסטיש ; אַלע בתי־מדרשים, אויסער אַ קליינער צאָל קנאים, זיינען געווען געשטימט ציוניס־טיש. העברעאישע פּריוואַטע לערערס האָבן זיך אין אַ באַדייטנדיקער צאָל גוט דער־נערט אין ביאַליסטאָק, די ה צ פ י ר ה האָט געהאַט דעמאָלט פון דריי ביז פיר הונדערט אַבאָנענטן. איר אַגענט אליהו סלאָנימסקי האָט זיך דערפון מפרנס געווען. עס זיינען געווען עטלעכע מוכרי־ספרים, אויסשליסלעך פאַר העברעאישע ספרים. אַ פּאָר האָבן געלעבט גאַנץ לייטיש. העברעאישע מחברים פלעגן גאַנץ אָפט באַזוכן ביאַליסטאָק, און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן פון איר צופרידן. עס פלעגן באַזוכן ביאַ־ליסטאָק גאַנץ אָפט ציוניסטישע רעדנערס און מגידים אָדער מטיפים, ווי זיי האָבן זיך גערופן, און פלעגן דרשענען אין אַלע בתי־מדרשים און שאַפן שטימונג פאַרן ציוניזם, פאַר ישוב ארץ־ישראל און פאַר נאַציאָנאַלער און העברעאישער דער־ציאונג. די עסקנים פון אַלע פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אַנשטאַלטן זיינען כמעט אַלע געווען ציוניסטן.

די דאָזיקע שטימונג איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן, זינט עס איז געוואָרן ראַ־בינער אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1902 (תרס״ב), ד״ר יוסף מאָהילעווער, אַן אייניקל פון הרב ר׳ שמואל מאָהיליווער, אַ מענטש מיט אַ הויכער בילדונג, וואָס האָט גע־ענדיקט ווי אינזשיניר־אַגראָנאָם אין מאָנפּעליע (פראַנקרייך) און ווי דאָקטאָר־פי־לאָסאָף אין קעניגסבערג — אַ טיכטיקער רעדנער אין רוסיש, יידיש און העברעאיש, און דערצו אַ פייערדיקער ציוניסט. ער האָט אַ סך צוגעהאָלפן צו פאַרפעסטיקן דעם ציוניזם און דאָס נאַציאָנאַלע געפיל אין ביאַליסטאָק. מיט אים האָט מיטגעאַרבעט אַ גרויסע גרופּע יונגע לייט־ציוניסטן, העברעאיסטן. ד״ר יוסף כאַזאַנאָוויטש איז דע־מאָלט געווען די פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייט אויף דער יידישער גאַס אין ביאַ־ליסטאָק.

אין 1905 איז ענדלעך געגרינדעט געוואָרן, אין עצם באַפרייאונגס־באַוועגונג אין ביאַליסטאָק — וויסאָצקיס תלמוד־תורה און איר האַטווערקער־שול, וואָס

אין איר איז געווען דאָמינירנדיק דער ציוניסטישער, העברעאישער און נאַציאָנאַלער גייסט.

### דער פועלי־ציוניזם

עס זיינען אויף אַזאַ אופן געווען אין ביאַליסטאָק צוויי קולטור־שטרעבונגען: די ערשטע — אַ גרויסע איבערערדישע שטרעמונג, וואָס איז געווען די בויען־דיקע פאַרשפרייטערין פון יידישן נאַציאָנאַלן גייסט, פון העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור, מיט אַ נאַציאָנאַלן ציוניסטישן ענדציל, און אַ צווייטע — אונטערערדישע שטרעמונג, וואָס האָט דאָמינירט ביי דער יונגער אַרבעטער־מאַסע, און וואָס איר טעטיקייט איז געווען אַ נאַציאָנאַל־צעשטערנדיקע, — אויסצוּוואָרצלען פון דער יידישער מאַסע יידישע טראַדיציע און רעליגיע, קעמפן קעגן דער העברעאישער שפּראַך און דעם גאַנצן עבר פון יידישן פאָלק, צוצונעמען ביי אים די האָפענונג אויף זיין ענדציל און עתיד, און איינצופלאַנצן אין אים אַנשטאָט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם מיט אַן ענדציל צו באַפרייען דאָס גרויסע רוסלענדישע פאָלק פון זיין צאַריזם און איינצופלאַנצן ביי אים דער מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם.

אַ ס י נ ט ע ז צווישן דיביידע שטרעמונגען פון ציוניזם און סאָציאַליזם איז ענדלעך געמאַכט געוואָרן דורך די פועלי־ציון, אַ פּאַרטיי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין אָנהייב אין דרום־רוסלאַנד, אין קאַטערינאָסלאַוו, אָדעס, קיעוו און אַנדערע שטעט און שפּעטער, אין 1904—1907, האָט די פועלי־ציון־באַוועגונג זיך פאַרשפּרייט אין גאַנצן תחום המושב און האָט אין געוויסע ערטער געהאַט אַ נצחון איבער די בונדיסטן אין די אַרבעטער־שיכטן [18].

---

18. [וועגן „פועלי־ציון" (מינסקער ריכטונג" און „באָראָכאָווצעס"), ציוניסטן־סאָציאַליסטן, און בכלל וועגן אָנטייל פון יידישע רעוואָלוציאָנערן אין דער ביאַליסטאָקער אַרבעטער־באַוועגונג וועט געענוי איבערגעגעבן ווערן אין אַ ספּעציעלן באַנד, „די אַרבעטער באַוועגונג אין ביאַליסטאָק". זען אויך די אַרטיקלען פון זיידל כאבאָצקי (וועגן ס. ס.), דוד קלעמענטינאָווסקי (וועגן י. ס. ד. א. פּ. „פועלי ציון"), מ. פּאָגאָרעלסקי (וועגן „מינסקער „פועלי־ציון"), ג. אַראָנסאָן, ע. נאָוואָגרודסקי (וועגן „בונד"), און ד"ר הערמאַן פראַנק (וועגן אַנאַרכיסטן), אין ביאַליסטאָקער פריינד — יובל־אויסגאַבע 1950 פון אַרב. רינג־ברענטש 88 ניו־יאָרק]. די אַרויסגעבער.

## קאַפּיטל פינף

# די הריגות פון 1905 און דער גרויסער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם

### א. די ערשטע הריגה דעם 30טן יולי 1905

דעם 30טן יולי 1905 (שבת נחמו, י״א מנחם אב) האָבן די אַנאַרכיסטן געוואָרפן אַ באָמבע אויף סוראַזער גאַס אין אַ פּאַטרול, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער בונדישער בערזע. דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבן צו שיסן. [פון דער באָמבע זיינען געהרגעט געוואָרן צווייַ בונדיסטקעס: אסתר ריסקינד און גיטל זאַקהיים].

לויט די ווערטער פון דעם קאָרעספּאָנדענט [1], וואָס איז בייגעווען, האָט די שיסעריי געדויערט עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד ביז שפּעט אין דער נאַכט. מ׳האָט געשאָסן אין די פאַרבייגייערס, אין די פענצטער, טירן און טויערן. די פאַרוואונדעטע האָט מען דערשאָסן און דערשטאָכן. מער פון אַלץ האָט מען געשאָסן אין די גאַסן, וואָס זיינען נאָענט צו דער סוראַזער גאַס. אָבער מען האָט אויך ניט געשאָנעוועט די איבעריקע גאַסן. אַ ייד האָט אַרויסגעשטעקט זיין קאָפּ פון פענצטער אַ קוק צו טאָן, האָט מען אים דערשאָסן...

די סאָלדאַטן זיינען געוואָרן צעווילדעוועט, געשאָסן האָבן זיי ניט נאָר אויף יידן, אָבער געצילט האָבן זיי נאָר אין זיי. ניט קיין יידן האָט מען דערהרגעט כמעט נאָר צופעליק. און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אַן אויסגערעכנטער קאַלטבלוטיקער רציחה.

##### די נעמען פון די הרוגים

דאָס זיינען די נעמען פון די 25 דערהרגעטע [2]:

יצחק בר׳ מאיר שמוקלער, 68 יאָר.
חיים בר׳ אברהם שוסטער, 67 יאָר.
יצחק בר׳ מאיר סלאָן, 65 יאָר.
אהרן בר׳ בנימין וועלוועלעוויטש, 65 יאָר.
מרדכי־ראובן בר׳ שמואל־פּנחס מלמד, 46 יאָר.
אברהם־לייב בר׳ טרייטל גאָלדבערג, 45 יאָר.
אברהם־שמחה בר׳ משה־זלמן יאַנקעלעוויטש, 40 יאָר.
יצחק־צבי בר׳ ברוך סאַצילער, 40 יאָר.

---

1. Последния Известия №№ 247, 356.
2. לויט דער „הזכרת נשמות קרבנות הפוגרום״, וואָס דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט „לעזרת נוגעי הפוגרום״ האָט אַרויסגעגעבן.

משה־מיכל בר׳ צבי־אריה אָרשיין, 40 יאָר.
שמואל בר׳ יונה פיינשטיין, 29 יאָר.
אליעזר בר׳ יצחק סלאָן, 21 יאָר.
שמואל חיים בר׳ מאיר גאָלאַנד, 20 יאָר.
יצחק פסח בר׳ צבי הירש וואַפּנער, 20 יאָר.
שמואל בר׳ פייוול סאָקאָלסקי, 17 יאָר.
משה־זאב בר׳ דוד נאַראַצקי, 17 יאָר.
וואָלף־חיים בר׳ לייב דודאָק, 75 יאָר.
שמעיה בר׳ דוד גאָלאַנד, 63 יאָר.
יחזקאל בר׳ פייוול קרעשעס, 61 יאָר.
חיים מענדל בר׳ גאָטליב גאָלדפּאַרב, 59 יאָר.
ברוך שמואל בר׳ מאיר אהרן סאָקאָלסקי, 26 יאָר.
יוסף אליעזר בר׳ לייב ליפּקעס, 25 יאָר.
גבריאל בר׳ מאיר לעווין, 13 יאָר.
יצחק בר׳ ראובן באַרשעווסקי, 11 יאָר.
משה בר׳ שואל סופּראַסקי, 11 יאָר.
דוד בר׳ מיכל צוקראָוויטש, 11 יאָר.

## ב. די צווייטע הריגה דעם 18טן אָקטאָבער 1905

הגם דעם 17טן אָקטאָבער 1905 איז אַרויס דער מאַניפעסט, דאָך האָבן די סאָלדאַטן ניט אויפגעהערט צו שיסן און צו הרגענען יידן — אויך דעם 18טן אָקטאָבער.

לויט אַ באַפעל פון פעטערבורג האָט מען צוליבן מאַניפעסט איינגעאָרדנט פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס און גלייכצייטיק — יידישע פּאָגראָמען, וואָס זיינען פאָרגעקומען כמעט אין גאַנצן תחום המושב, ניט ווייניקער ווי אין 690 פּונקטן. דערביי זיינען געווען 810 דערהרגעטע און 1,770 פאַרוואונדעטע [3].

אין ביאַליסטאָק האָט זיך דעם 18טן אָקטאָבער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז לויטן מאַניפעסט וועט מען היינט עפענען די טורמע און מען וועט אַרויסלאָזן אַלע תפוסים. זיינען אויפגעלאָפן טויזנטער יידן צו זיין דערביי. אָבער די טויערן פון דער טורמע זיינען געווען פאַרשלאָסן. האָבן די יונגע רעוואָלוציאָנערן זיי געוואָלט אויפרייסן מיט כוח. האָבן זיי די סאָלדאַטן פריער געוואָרנט און נאָך דעם אויסגעשאָסן אויף פּוסט, און אַז עס האָט ניט געהאָלפן, האָבן זיי געשאָסן הייס, און עס זיינען געהרגעט און פאַרוואונדעט געוואָרן 22 יידן.

3. Последния Известия № 259.

די נעמען פון די געליטענע

אָט דאָס זיינען די נעמען פון 22 געליטענע:

ברוך־מיכל בר׳ אשר ראָגאַל, 53 יאָר.
משה בר׳ יעקב סאַכאַרני, 28 יאָר.
שמואל־הערש בר׳ אליעזר מרגליות, 34 יאָר.
משה בר׳ ניסן פיינשטיין, 25 יאָר.
גאָלדע־שרה בת מרדכי פאַסטריגאַטש, 70 יאָר.
חיה בת משה כוואָראָווסקי, 50 יאָר.
פייגל בת יצחק טיכאָווסקי, 38 יאָר.
הינדע־ביילע [4], 25 יאָר.
אסתר בת שמואל באַרטינאָווסקי, 17 יאָר.
שפרינצע בת אברהם ווייבערג, 54 יאָר.
לייב בר׳ צבי־הירש ליבערמאַן, 17 יאָר.
גוטע־פריידע בת מרדכי קאַפּלאַן, 20 יאָר.
פריידע בת יצחק קאַפּיצער, 56 יאָר.
חנה בת דוד זלמן קאַפּלאַן, 60 יאָר.
חישה בת משה זאב פינאַנזניק, 40 יאָר.
צפורה בת בנימין כהן, 70 יאָר.
ביילע בת משה ליבערמאַן, 32 יאָר.
חיה בת אהרן כהן, 19 יאָר.
רבקה לעווין, 30 יאָר.
כאַשע בת יצחק מאָשקאָווסקי, 20 יאָר.
חוה בת יהושע חיים ליבערמאַן, 21 יאָר.
אסתר בת יעקב־לייב קוראַן, 21 יאָר.

## ג. די אַלגעמיינע סיבה פון פּאָגראָמען אין 1905-1906

נאָך דער דער רעוואָלוציע פון 1905 האָבן די שוואַרצע, פינצטערע רעאַקציאָנערן, מיט פּאָביעדאָנאָסצעוון בראָש, געראָטן דעם צאַר אונטערצושטיצן און צו באַפעסטיקן די אַליינהערשאַפט, ווייל דאָס פאַרלאַנגט כלומרשט דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק, חוץ דער קליינער צאָל רעוואָלוציאָנערן, וואָס שטאַמען דאָס רוב פון די פרעמדע פעלקער אין רוסלאַנד, איבערהויפּט פון די פאַרהאַסטע „זשידעס". דעריבער דאַרף מען די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג דערשטיקן צוזאַמען מיט זייערע אָנפירערס און אויפהעצערס. אויף יידן דאַרף מען פשוט מאַכן פּאָגראָמען. זאָלן זיי וויסן, אַז זיי דאַרפן האָבן שוץ מצד דער רעגירונג.

אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט פלעגן געדרוקט ווערן און דערנאָך פאַרשפּרייט ווערן איבער גאַנץ רוסלאַנד פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציעס אויף יידן. דורך געהיים־

4. [דעם פאָטערס נאָמען און דער פאַמיליע־נאָמען זיינען אין מאַנוסקריפּט ניטאָ. — די רעד׳].

אַגענטן און באַזונדערע אַגיטאַטאָרן פּלעגט די מאַכט אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אין גאַנץ רוסלאַנד. עס איז געגאַנגען מיטן זעלביקן נוסח: די פּאָגראָמען ווערן כלומרשט געמאַכט פון פאָלק, וואָס איז אויפגערעגט אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביי יידן. דאָס איז געווען דער אַלטער מיטל פון די פלעוועס און די דורנאָוואָס. אין די רוסישע צייטונגען איז געווען פאַרבאָטן וועגן די פּאָגראָמען מודיע צו זיין. די פּאָליציי מיט אירע געהיים־אַגענטן האָבן אָפּגעגעבן פאַלשע, אויסגעטראַכטע ידיעות אָדער איבערטריבענע באַריכטן צו דער העכערער מאַכט אין פּעטערבורג וועגן דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן יידן. מען האָט יידן באַשולדיקט אין דער גאַנצער רעוואָלוציע. ווי ווייט די צענטראַל־מאַכט אין פּעטערבורג איז געווען פאַרנאַרט אין דעם, קען מען דרינגען פון דעם פאַרשלאַג, וואָס פלעווע האָט געמאַכט הערצלען ביי זיין אוידיענץ ביי אים: ווען הערצל וועט אויספועלן ביים „בונד" אָפּצושטעלן זיין קאַמף קעגן דער רוסישער רעגירונג אויף אַ משך פון פופצן יאָר, נעמט ער זיך אונטער אויסצווירקן אַ טשאַרטער פאַר יידן אין פּאַלעסטינע אין משך פון דער צייט. און אַז ער וועט עס ניט אויספועלן, איז דער „בונד" ווידער פריי צו טאָן וואָס ער געפינט פאַר נייטיק [5].

בשעת עס האָט געזיגט די ליבעראַלע ריכטונג, און עס איז אַרויסגעגעבן גע־וואָרן דעם 17טן אָקטאָבער 1905 דער מאַניפעסט פון געוויסע פרייהייטן פאַרן פאָלק און צו גרינדן די דומע, האָט די רעאַקציאָנערע, פינצטערע פּאַרטיי פאַר־שטאַרקט איר קראַפט דורך פּראָקלאַמאַציעס און פּאָגראָמען אין אַלע ערטער. די ביאַליסטאָקער פּאָליציי, וואָס איז געווען איינע פון די ערגסטע צו יידן, האָט געוואָלט באַווייזן איר געטריישאַפט דעם צאַר, האָט זי די אָרטיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויפגעבלאָזן אין אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. די ביאַליסטאָקער פּאָליציי האָט ניט יוצא געווען מיט די הריגות דעם 30טן יולי און דעם 18טן אָקטאָבער און האָט געוואָלט אויפטאָן עפּעס אַ גרויסע זאַך. און דאָס האָט זי אויסגעפירט מיטן יוני־פּאָגראָם 1906.

## ד. דער פּאָגראָם פון 1טן ביז 3טן יוני 1906

### ערב פּאָגראָם

וועגן דעם אַז עס גייט אַ כמאַרע פון אַ פּאָגראָם אויף ביאַליסטאָק, האָט מען זיך דערוואוסט נאָך עטלעכע טעג פאַרן ערשטן יוני. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיטן מאָרד, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דעם 28טן מאַי אויף אַ סודותדיקן אופן אויף סוראַזער גאַס. ס'איז געטייט געוואָרן דער ביאַליסטאָקער פּאָליצמייסטער דערקאַטשעוו, וואָס איז גראַד געווען אַ גוטער מענטש און גינציק געשטימט צו יידן. ספּעציעל קאָנטיק איז געווען דעם פּאָליצמייסטערס גוטסקייט אין פאַרגלייך מיט דעם דעמאָלטדיקן פּריסטאַוו שערעמעטיעוו, וואָס איז געווען אַ גרויסער

5. אין ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, געזאמלטע שריפטן, ניו יאָרק, ב' או, ז' 12.

שונא־ישראל און האָט מיט זיין שלעכטער באַציאונג צו יידן דערוועקט ביי דער יידישער באַפעלקערונג אַ פאַרביטערונג קעגן דער פאָליציי. פונדעסטוועגן האָט די פאָליציי פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז דער גוטער פאָליצמייסטער איז דערהרגעט געוואָרן דורך יידן, כאָטש ער איז געווויס אָפּגערוימט געוואָרן פון דעם זעלביקן שערעמעטיעוו, כדי ער זאָל ניט זיין קיין שטערונג צום פּאָגראָם, און באמת זאָל מען האָבן שפּעטער פאַרהאַלטן אין ביעלסק זיין מערדער, אַ געוועזענעם גאָראָדאָוואָי.

דער אַנטיסעמיטישער שערעמעטיעוו האָט ניט געוואָלט אָננעמען דעם קראַנץ פון דער יידישער קהילה אַרויפצולייגן אויף דעם ארון פון דערמאָרדעטן. ער האָט דער יידישער דעפּוטאַציע געזאָגט: „פריער פאַרגיסט איר בלוט און נאָך דעם קומט איר לייגן קרענץ!" דערביי האָט ער כמעט אָפן געזאָגט, אַז מען קען דער־וואַרטן בקרוב אַ יידישן פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק.

אַ גינסטיקן באָדן פאַר אַ פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק האָבן געשאַפן די פאַר־שיידענע פינצטערע עלעמענטן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט די מיינונג צווישן מיליטער, אַז אַ מלחמה קעגן יידן איז אַ מלחמה קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין גאַרניזאָן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פּראָקלאַמאַציע אין דעם זינען. עס זיינען אויך פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז יידן וועלן וואַרפן באָמבעס אין די צערקוועס און קאָשטשאָלן. אַז די גייסטלעכקייט האָט געוואָלט אָפּלייקענען די שקרים, האָט עס די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע פאַרווערט צו טאָן.

די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיך אפילו צוגעגרייט מיט אַ זעלבשוץ, אָבער מ'האָט פאַרשטאַנען, אַז קעגן אַ באַוואָפנטן מיליטער־פּאָגראָם קענען זיי גאָר ניט אויפטאָן. די מורא אין שטאָט איז געווען גרויס. די רייכערע יידן האָבן זייערע פאַמיליעס אַרויסגעשיקט פון ביאַליסטאָק.

דער ערשטער יוני איז געווען דער „גרינער דאָנערשטיק". עס האָט געדאַרפט זיין אין אים אַ קאַטוילישע און פּראַוואָסלאַוונע רעליגיעזע פּראָצעסיע. נאָר שוין אַ פּאָר טעג פריער האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יידן וועלן וואַרפן אַ באָמבע אין דער פּראָצעסיע. אַ יידישע דעפּוטאַציע איז געפאָרן קיין גראָדנע צום גובער־נאַטאָר אים צו בעטן, ער זאָל שיצן די יידישע באַפעלקערונג און ער זאָל צונעמען שערעמעטיעוון. האָט דער גובערנאַטאָר געהאַלטן פאַר דער דעלעגאַציע אַ גאַנצע שטראָפּרעדע, אַז לויט זיינע באַריכטן שיסן יידן אין דער פּאָליציי און סאָלדאַטן, און אַז עס וועט קומען אַ מאָמענט, ווען זיי וועלן זיך מיט יידן אָפּרעכענען. פונ־דעסטוועגן האָט דער גובערנאַטאָר פאַרזיכערט, אַז דעם היינטיקן 1טן יוני וועט קיין פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק ניט זיין.

### דער ערשטער טאָג

אַ טאָג שפּעטער, נאָך דער פאַרזיכערונג פון גובערנאַטאָר אז קיין פּאָגראָם וועט ניט זיין, האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע בלוטיקע שפּיל. זי האָט זיך אָנגעהויבן

בעת דער פּראַוואָסלאַוונער פּראָצעסיע, וואָס האָט זיך געצויגן פון סאָבאָר איבער ניקאָלאַיעווסקי און אַלעקסאַנדראָווסקע גאַסן.

בשעת די פּראָצעסיע האָט זיך גענומען פּאַרקירעווען פון אַלעקסאַנדראָווסקע אין אינסטיטוטסקע גאַס, האָט אַ פּראָוואָקאַטאָר אַ וואַרף געטאָן אין דער פּראָצעסיע, פון יענקל רעכיטיסעס הויז אָדער פון איינעם פון די שכנישע הייזער אויפּרייס־מאַטעריאַל. פון אים זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן אַ געוויסע מאַנקאָווסקאַיאַ און דע־מידיוק.

עס האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס, וואָס איז געווען דער סיגנאַל אָנצוהייבן דעם פּאָגראָם. און ער האָט זיך תיכּף אָנגעהויבן. דאָס מיליטער וואָס איז געווען צוגעגרייט אין דער דערבייאיקער אָפּטיילונג פון דער מלוכה־באַנק, האָט אָנגעהויבן צו באַשיסן רעכיטיסעס הויז.

דאָס מיליטער איז אַריין אין דער וואוינונג פון נאָטע לאַפּידוס. מען האָט דאָרטן גלייך דערהרגעט זיינע 2 יונגע זין און אַ טאָכטער און אויסגעראַבירט די שטוב. אַ קריסטלעכן שילער פון דער רעאַל־שול, [דיקאַר] וואָס האָט זיך געוואָלט אָננעמען פאַר זיינע חברים די לאַפּידוסעס, האָט מען אויך דערהרגעט.

און אַזוי האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס אָנגעהויבן צו גיין פון שטוב צו שטוב, הרגענענדיק און ראַבירנדיק דעם גאַנצן טאָג.

בשעת די פּראָצעסיע איז צוגעקומען צו באַזאַרנע גאַס, האָט מען געוואָרפן אַ באָמבע אויף סוראַזער גאַס, ניט ווייט פון דער פּראָצעסיע. די באָמבע האָט געוואָרפן דער יידישער זעלבשוץ, וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן פון דער יידישער יוגנט פון פּראָלעטאַריאַט, צו באַשיצן דעם אָרעמען יידישן קוואַרטאַל פון פּאָגראָם. צו באַשיצן די גאַנצע שטאָט האָבן זיי קיין כוחות נישט געהאַט קעגן אַ באַוואָפנטער מיליטער־מאַכט. האָט דאָס מיליטער מיט די פּאָגראָמשטשיקעס מורא געהאַט צו גיין אויף סוראַזער גאַס.

דער פּלאַן פון פּאָגראָם מיט אַלע איינצלהייטן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן ביאַליסטאָקער גענעראַל־לייטענאַנט באַגאַיעווסקי, וואָס האָט געהאַט אַ יידישע פּרוי, פון די זאַבלודאָווסקיס, און איז בדרך כלל געווען — ווי מען האָט גערעכנט — גוט צו יידן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז שפּעטער האָט דער זעלביקער באַגאַיעווס־קי געגעבן אַ נדבה 500 רובל אויפן יידישן פּאָגראָם־קאָמיטעט.

אין משך פון דעם ערשטן טאָג איז דער המון פון קריסטלעכע כוליגאַנעס, אָנגעגרייטע פון פריער, געגאַנגען גרופּנווייז צו 10—20 פּערזאָן פון שטוב צו שטוב, פון קראָם צו קראָם. זיי האָבן געבראָכן, געשטאָכן, געהרגעט און געראַבירט אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט. זיי צו באַשיצן האָבן זיי באַגלייט סאָלדאַטן, וואָס האָבן גע־שאָסן און געמאָרדעט אויף רעכטס און לינקס. זיי האָבן ניט געשוינט ניט קיין זקנים, ניט קיין ווייבער און ניט קיין קינדער.

### דער צווייטער טאָג

פרייטיק איז שוין פּאָליציי אַרויסגעטראָטן אַקטיוו אָנצוווייזן אויף יידישע הייזער, וואָס די סאָלדאַטן האָבן פון זיי אַרויסגעטריבן די יידישע איינוואוינערס און

זיי צעשאָסן. זיי זיינען באַגאַנגען שרעקלעכע אַכזריות. ווען מען זאָל איבערגעבן אַלע פּרטים — ווערט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. די שרעקלעכסטע טראַגעדיעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער פאַרשטאָט סטאַראָבאַיאַרע.

אין דעם הויז פון דעם לערער פון שיין־שרייבן לייזער איינשטיין, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזאַ טראַגעדיע: פריער האָבן פאַגראָממשטשיקעס חרוב געמאַכט זיין וואוינונג און צעראַבירט זיינע זאַכן און זיינען אַוועקגעגאַנגען. דערנאָך איז צוריקגעקומען זייער אָנפירער און האָט אַרויסגערופן איינשטיינען, וואָס איז געווען באַהאַלטן ביי זיינעם אַ שכן, ער זאָל גיין אָפּנעמען זיינע זאַכן. איז ער אַרויסגעגאַנגען מיט זיינע בני־בית, האָט מען דערהרגעט אים, זיין ווייב, זיינע צוויי זין, ירחמיאל און שמואל, און זיין טאָכטער סאָניע. עס זיינען איבערגעבליבן נאָך זעקס קליינע קינדער, דאָס יינגסטע איז געווען אַלט קוים צען חדשים.

פאַדליאַשוקס גאַרבעריי האָבן כוליגאַנעס באָמבאַרדירט פון אַלע זייטן אַ שעה צייט, דערנאָך אַז דער וואַרשטאָט איז גענומען געוואָרן מיט שטורעם, זיינען די כוליגאַנעס אַריין אינעווייניק און זיי האָבן דערהרגעט דאָרטן פאַדליאַשוקס איידעם יצחק געווירצמאַן מיט זעקס אַרבעטער.

אַזוי האָט מען געהרגעט כסדר. מיט מעסערס האָט מען געשטאָכן די קישנס, און אַ וואָלקן פעדערן האָט זיך געטראָגן איבער די גאַסן. קליינע שקצים האָבן אַרומגעזוכט די פאַרבאַהאַלטענע יידן אויף די בוידעמס, אין די קעלערן, ווי די בלוטדורשטיקע הינטעלעך, און האָבן געבראַכט צו זיי די מערדערס.

דער צווייטער אָרט פון די גרעסערע רציחות איז געווען דער וואָקזאַל. ווי עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבן דער פּאָגראָם דעם 1טן יוני, האָבן זיך אַ טייל כוליגאַנעס קאָנצענטרירט אויפן וואָקזאַל, אָפּוואַרטנדיק די יידן, וואָס ווילן אַנטלויפן פון שטאָט אָדער אָנקומען פון דער פרעמד. עס האָט זיך דאָרט געפונען דער קאָמענדאַנט מיט אַ פּאָר זשאַנדאַרמסקע אָפיצירן, אויך דער וויצע־פּראָקוראָר.

עס איז אָנגעקומען דער גראָדנער גובערנאַטאָר, ער איז אָפּגעפאָרן אויף אַ פערטל שעה אין שטאָט און איז צוריקגעקומען און ניט געוואָלט זיך צוהערן צו די בקשות פון די יידן זיי צו שיצן פאַר די מערדער. ער איז אָפּגעפאָרן מיט אַן עקסטראַ־צוג קיין גראָדנע.

די יידן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דער פרעמד, האָט מען אין שטאָט ניט אַריינגעלאָזן און צוריקגעיאָגט אויפן וואָקזאַל, וואו מען האָט זיי דערהרגעט. דער קאָמענדאַנט האָט צוזאַמען מיט די זשאַנדאַרמסקע אָפיצירן רואיק און לאַכנדיק זיך צוגעקוקט צו די שרעקלעכע הריגות וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן אויף די יידן. מ'האָט אַרויסגעשלעפּט פאַרבייפאַרנדיקע יידן פון די וואַגאָנען און מ'האָט זיי דערהרגעט, זיך אַרויפגעזעצט אויף זיי, אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס אין זייערע קעפּ און מ'האָט זיך דערביי געקייכט פון געלעכטער.

איינע אַ יידענע האָט מען דערהרגעט דורך אַ זעץ מיט אַ ברעכאייזן איבערן קאָפּ. איר 11־יאָריק מיידעלע האָט אַ כוליגאַן אַ כאַפּ געטאָן ביים העלדזעל און

אַ הייב געטאָן אין דער הייך און אַזוי לאַנג געהאַלטן, ביז איר קליין שוואַך קער־פּערל האָט זיך אויפגעהערט צו צאַפּלען.

די כוליגאַנעס זיינען אַזוי פּאַרווילדעוועט געוואָרן, אַז אין דער נאַכט אויפן 3טן יוני האָבן טייל פון זיי געשאָסן אין דעם יידישן שפּיטאָל. אַלע קראַנקע זיינען אַראָפּ פון די בעטלעך און האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן דיל (פּאָדלאָגע).

אַ ייד האָט שפּעטער דערציילט, ווי מען האָט דערהרגעט זיינע צוויי טעכטער אין גאַס, און אַ דריטע טאָכטער מיט צוויי קינדער האָט ער אָפּגעקויפט פאַר אַ רובל מיט אַכציק קאָפּיקעס. אַ פאָטער מיט אַ צעבראָכענער האַנט האָט דערציילט, ווי פאַר אים אין די אויגן האָבן די כוליגאַנעס דערהרגעט זיינע צוויי זין, איינער פון זיי זייער אַ געראָטענער. אים אַליין האָבן זיי באַזוכט און געפונען זיבן רובל, וואָס זיי האָבן צוגענומען, און אים צעבראָכן אַ האַנט. אַזעלכע דערציילונגען זיינען געווען אַ סך, אַ סך.

שרעקלעך איז געווען אָנצוקוקן אין שפּיטאָל די פאַרוואונדעטע און גוססדיקע. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען פאַרוואונדעט פון קוילן און שפּיזן. נאָך שרעקלעכער איז געווען דאָס בילד פון די טויטע קערפּערס מיט צעבראָכענע שאַרבנס, מיט אויסגעשטאָכענע אויגן. איין בר־מינן איז געווען מיט אַ אָפּגעשני־טענער צונג. כמעט אַ העלפט פון די אַלע קערפּערס זיינען געווען פון קינדער, פרויען און זקנים. דאָס זיינען אַלץ געווען ביטערע אביונים...

דער וועג צום שפּיטאָל איז געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. יעדע האַלבע שעה פאָרט מען אַריין אויפן הויף, וואָס ווערט פאַרהילט פון די געשרייען און קלאָגן פון די באַגלייטנדיקע. עס איז שווער זיך אָפּצושטעלן אויף נאָך פון די שרעקלעכע בילדער פון פּאָגראָם [6].

דער ראַבינער ד״ר יוסף מאָהילעווער איז דעמאָלט געווען מיט זיין פאַמיליע אויף אַ זומער־וואוינונג. האָבן זיך די פּאָגראָמשטשיקעס נוקם געווען אין זיין וואוי־נונג, חרוב מאַכנדיק אַלץ וואָס האָט זיך אין איר געפונען. די כוליגאַנעס האָבן אויפ־געריסן זיין אייזערנע קאַסע און צעריסן אַלע פּאַפּירן אין איר, צווישן זיי דעם כתב־יד פון הרב ר׳ שמואל מאָהילעווער, א ספר שאלות ותשובות, וואָס איז גע־ווען מסודר צום דרוקן. זיי האָבן אויך אַריינגעשאָסן אין כאַזאַנאָוויטשעס וואוינונג, נאָר זיי האָבן ניט געטראָפן.

### די אָפיציעלע ווערסיע

אין דער רעכטער שיסעריי — דערציילט א. קויפמאַן, דער היגער בוכ־הענדלער, געוועזענער אַגענט פון דער צייטונג „דוואַצאַטי וויעק״ (20טער יאָר־הונדערט), — האָט ער באַקומען אַן אָנפראַגע פון זיין צייטונג וועגן פאָגראָם. האָט ער געראָטן אַרויסשיקן אַ ספּעציעלן שליח. האָט די צייטונג אַרויסגעשיקט איר

6. זען נ. העלזייד, חורבן ביאַליסטאָק און „ביעלאָסטאָקסקי פּאָגראָם״, זז׳ 81—93.

מיטאַרבעטער וולאַדימיראָוו, וואָס האָט אויפגעהויבן אַ טומל אין דער גאַנצער וועלט מיט זיין געדרוקטן באַריכט וועגן פּאָגראָם. אַזוי ווי ער איז געווען אַן אָנ־געזעענער שרייבער און אַ רוס האָט מען זיך צוגעהערט צו אים. דערצו האָט ער אויף די פרישע שפּורן געקענט זיך באַקענען מיט דער בלוטיקער פּאָליטיק, וואָס די מאַכט האָט געפּרוווט פּאַרווישן. דאָס קענען מיר זען פון אַן אויסצוג פון אָט דעם געדרוקטן באַריכט:

„דעם 2טן יוני איז געווען אין די צייטונגען געדרוקט אַ טעלעגראַם פון דער אָפיציעלער פּעטערבורגער טעלעגראַפן־אַגענטור (פּ.ט.א.), אַז אין ביאַליסטאָק האָבן יידן דעם 1טן יוני געוואָרפן צוויי באָמבעס אין אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע, פון אויפרייס איז דערהרגעט געוואָרן אַ קאַטוילישער גלח, עס איז אָפּגעריסן גע־וואָרן אַ פוס ביי אַ רוסישן גייסטלעכן, עס זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן אַ סך אָנ־טייל־נעמערס פון דער פּראָצעסיע. אין דער צייט פון דער פּאַניק זיינען צעטראָטן געוואָרן קינדער, וואָס האָבן געטראָגן די הייליקע בילדער.

„דער דאָזיקער געמיינער שקר איז געווען געדרוקט דעם 2טן יוני, און אָט איז אַן אָפיציעלע הכחשה פון דעם דאָזיקן שקר דעם 3טן יוני: פּעטערבורג (אָפי־ציעל). די טעלעגראַמע פון 2טן יוני פון גראָדנע, וואָס אין איר איז איבערגעגעבן געוואָרן כלומרשט אַז אין ביאַליסטאָק האָבן יידן געוואָרפן אין רעליגיעזע פּראָ־צעסיעס באָמבעס, אַז עס זאָל האָבן אומגעקומען אַ פּוילישער גייסטלעכער, אַז אַ רוסישן גייסטלעכן זאָל האָבן אָפּגעריסן אַ פוס, און אין משך פון דער אַנטשטאַ־נענער פּאַניק זאָלן האָבן אומגעקומען קינדער, איז אונדז צוגעשיקט געוואָרן אומ־אָפיציעל דורכן פּריוואַטן קאָרעספּאָנדענט סטוקאַלעוויטש, דער נאַטשאַלניק פון דער אָפּטיילונג פון דער קאַזיאָנער פּאַלאַטע, וואָס האָט אויפגעקליבן ניט קיין קאָנ־טראָלירטע ידיעות, געזאַמלט פון קלאַנגען".

אָט האָט איר אַ מוסטער פון אַן אָפיציעלער הכחשה פון אַן אָפיציעלן שקר!

אַ פּאַקט איז בלויז, אַז נאָר אַדאַנק דעם אָנקומען פון די שפּעטער דערמאָנטע דעפּוטאַטן האָט זיך דער פּאָגראָם דעם 4טן יוני גלייך אָפּגעשטעלט. די העלדן האָבן זיך דערשראָקן: דער פּריסטאַוו שערעמעטיעוו, דער גובערנאַטאָר קיסטער, דער אָקאָלאָדאָטשני בייבאַק, קאַפּיטאַן אַזאַל, גענעראַל באַגאַיעווסקי און באַדער, פּריס־טאַוו קאָסטעצקי, דער זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניק גריבאָיעדאָוו א"אַ. פון פירשט אורו־סאָוו (געוו' וויצע־מיניסטער פון אינערלעכע ענינים) האָבן מיר זיך דערוואוסט, אין וועלכע מלוכה־אַמטן עס האָבן זיך געדרוקט די פּראָקלאַמאַציעס וועגן פּאָגראָמען...

גראַף ל. טאָלסטאָי האָט דעמאָלט געשריבן: „דער פּאָליציי איז געווען גאַראַנטירט, אַז זי קען אומבאַשטראָפט באַגיין די שווערסטע פאַרברעכנס, און אָט מיט דער גאַראַנטיע דערהרגעט זי יידן, צינדט אונטער זייערע הייזער, פאַרגוואַלדיקט זייערע פרויען אאז"וו".

עס וועט אויך ניט זיין איבעריק צו באַמערקן, אַז נאָכן פּאָגראָם האָט די מאַכט באַפוילן דעם יידישן פאַבריקאַנט טרילינג צוריקצונעמען צו דער אַרבעט צוויי

דורך אים אָפּגעזאָגטע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין פּאָגראָם [7]. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך געפונען אַ סך אָנגעשטעלטע פון טראַמוויי און נידעריקע אָנגעשטעלטע פון דער מלוכה־באַנק. און ווען זייערע חברים האָבן פּאַרלאַנגט, מען זאָל זיי אויסשליסן, האָט נאַטשאַלסטוואָ ניט נאָר דערצו ניט דערלאָזן, נאָר זי האָט נאָך באַשטראָפט די פּאַרלאַנגערס מיטן אַריבערשיקן זיי אין אַנדערע ערטער.

### דער בלוטיקער סך־הכל

די יידישע קרבנות זיינען געווען — אַכציק דערהרגעטע און אַרום עטלעכע און אַכציק פּאַרוואונדעטע. מען האָט צעראַבירט 3 זאַוואָדן, 120 קראָמען און האַנדלס־הייזער און העכער 100 וואוינונגען. דאָס עיקר ראַבירן איז געווען אין די גאַסן פון מיטן שטאָט, אָבער אויף סוראַזער גאַס האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס מורא גע־האַט אַרויפצוגיין, מען זאָל זיי ניט פּאַרוואַרפן מיט באָמבעס: זיי האָבן געהאַט אַ ידיעה, אַז די יידן זיינען דאָרט שטאַרק באַוואָפנט. די ביאַליסטאָקער רייכערע יידן האָט מען ניט אָנגערירט, ווייזט אויס לויט אַ באַפעל.

### דער שטורעם אין דער רוסישער דומע

דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט זיך אָבער אונטערגעשיידט פון אַלע פריער־דיקע פּאָגראָמען אויף יידן דערמיט, וואָס ער איז געמאַכט געוואָרן אין דער צייט, ווען רוסלאַנד האָט שוין געהאַט אַ מלוכה־„דומע", מיט פאָלקס־פּאַרטרעטונג פון דער אָרגאַניזירטער עפנטלעכער מיינונג. תיכף, ווי עס אָנגעקומען די טעלע־גראַפישע ידיעה [8] וועגן אָנהייב פון פּאָגראָם, האָבן 49 דעפּוטאַטן אַריינגעטראָגן דעם 2טן יוני אַ מעלדונג וועגן אַ תיכפדיקער אָנפראַגעביים אינערן־מיניסטער, וואָס אין איר איז געזאָגט געוואָרן: „די יידישע באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק רופט אין שרעק צו דער הילף פון דער מלוכה־דומע, ווייל זי איז אויסגעזעצט אויף הפקר צו די דאָרטיקע פּאָגראָמשטשיקעס, אָן שום הילף פון דער רעגירונגס־מאַכט זיי איינצושטילן". איינשטימיק איז תיכף אויסגעקליבן געוואָרן אַ באַזונדערע קאָ־מיסיע, אַזוי גערופענע „די 3ער קאָמיסיע" פון די דעפּוטאַטן: פּראָפעסאָר שטשעפּ־קין, פּראָקוראָר אַראַקאַנצעוו און יאַקאָבזאָן, וואָס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק. מיט זייער אָנקומען קיין ביאַליסטאָק, שבת אָוונט, דעם 3טן יוני האָט זיך אָפּגעשטעלט דער פּאָגראָם.

די קאָמיסיע האָט נאָך איר גענויער אויספאָרשונג דורך עדות אויפן אָרט פעסטגעשטעלט, אַז דער פּאָגראָם איז געווען צוגעגרייט דורך דער פּאָליציי און דער העכערער רעגירונגס־מאַכט און האָט ניט געהאַט חוץ דעם קיין שום סיבות פון

---

7. זען אַ. קויפמאַן, אין אונזער לעבן פון 2טן אַפּריל 1933 (נומ׳ 124).

8. עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז די טעלעגראַפישע ידיעה האָט געשיקט דער היגער ד״ר רייגראָדסקי פון סאָקאָלקע מיט סכנת נפשות.

נאַציאָנאַלע סכסוכים אָדער שנאה. אַזוינס האָט ניט עקסיסטירט אין ביאַליסטאָק צווישן יידן און אַנדערע פעלקער. די סיבה איז אויך ניט געווען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט איינשטילן מיט גוואַלד־מיטלען. מ׳האָט פשוט געהרגעט, געראַבירט, געמאָרדעט אַלטע, קינדער, ווייבער, וואָס זיינען געווען רואיקע פרידלעכע מענטשן. דאָס מיליטער און פּאָליציי זיינען אַליין געווען טעטיק אין פּאָגראָם. די אַלע קלאַנגען, וואָס מען האָט פאַרשפּרייט וועגן יידן, זיינען אַלע באַוויזן געוואָרן פאַר פאַלשע.

פרעגט דעריבער אַן די קאָמיסיע דעם אינערן מיניסטער: צי ער וועט צוציען צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט דעם גראָדנער גובערנאַטאָר און ביאַליסטאָקער פּאָליציי פאַר ניט־טעטיקייט און אַנדערע פאַר צוהעלפן דעם פּאָגראָם און זיך באַטייליקן אין אים. ס׳איז אויך געווען אַן אָנפראַגע דעם קריגס־מיניסטער: „צי איז אים באַקאַנט, אַז נאָך איידער עס איז דערקלערט געוואָרן קריג־צושטאַנד אין ביאַליסטאָק, האָט די מיליטערישע מאַכט דערוווייטערט דעם גובערנאַטאָר און פּאָליצמייסטער פון דערפילן זייערע פליכטן, און האָט עס גענומען אויף זיך קעגן געזעץ, און אַז דאָס אַרויסגערופענע מיליטער אין שטאָט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון דער נידעריקער פּאָליציי־מאַכט, און לויט זייער אָנווייזונג און לויט אָנווייזונג פון פריוואַטע מענטשן האָט מען צעשאָסן פרידלעכע מענטשן?"

די דעפּוטאַטן האָבן דעם 26טן און 27טן יוני באַוויזן אין זייערע רעדעס — באַזונדער אַראַקאַנצעוו און די יידן יאַקאָבזאָן און ד"ר שמריהו לעווין — דעם אמתן פּרצוף און כאַראַקטער פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם.

אויף דער זיצונג דעם 7טן יולי איז אָנגענומען געוואָרן אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלט ניט נאָר אויף דער אָרטיקער רעגירונגס־מאַכט, נאָר אויך אויף די צענטראַלע רעגירונגס־אָרגאַנען; דער איינציקער מיטל אָפּצוהאַלטן די ווייטערדיקע פאַרשפּרייטונג פון אַזעלכע פּאָגראָמען איז דאָס תיכפדיקע איבערגעבן צום געריכט די אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע רעגירונגס־פּערזאָנען אָן אונטערשייד פון ראַנג און שטאַנד, און דער מיניסטער זאָל תיכף גיין אין דעמיסיע.

דער פּאָגראָם האָט אויפגערודערט דאָס געוויסן פון דעם גאַנצן ליבעראַלן געזעלשאַפטלעכן קרייז. די לינקע און די ליבעראַלע פּאַרטייען האָבן געשטורעמט קעגן דער צאַרישער פּאָגראָם־מאַכט. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע דירעקטע באַשולדיקונגען קעגן דעם אינערן־מיניסטער דער גרויסער רעדנער און פירער פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי ראָדיטשעוו.

דער אינערן־מיניסטער האָט געדאַרפט קומען געבן אַ תשובה אויף די אַלע שווערע באַשולדיקונגען. די צאַרישע רעגירונג איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט. האָט זי באַשלאָסן אַנשטאָט זיך צו פאַרענטפערן פונאַנדערצולאָזן די ערשטע „גאָסודאַרסטווענע דומע". דער צאַר האָט אַזאַ באַפעל אַרויסגעגעבן, די דומע איז צעטריבן געוואָרן. דער דירעקטער שטויס דערצו איז געווען דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם.

## ה. די קדושים

מיר גיבן דאָ אַלע נעמען פון די דערהרגעטע אין דעם פּאָגראָם פון יאָר תרס"ו (1906). עס זיינען געווען אַכציק הרוגים, תנצב"ה.

חיים בר' יצחק געבעל, 30 יאָר.
יונה בר' אליעזר כהן, 26 יאָר.
פייוול בר' מאיר ריבאלאָווסקי, 23 יאָר.
נתן נטע בר' נפתלי בכרך, 21 יאָר.
מנחם מאַנעס בר' משה הורוויץ, 19 יאָר.
יצחק בר' אליהו סאַפּיר, 18 יאָר.
אריה־לייב בר' דוד זאַקהיים, 10 יאָר.
משה בר' יעקב ליבערמאַן, 3 יאָר.
ברוך אליהו בר' מתתיהו פריידקין, 62 יאָר.
לייב־חיים בר' דוב־בער שמיד, 28 יאָר.
אברהם בר' חנא מאַכיי, 24 יאָר.
שלמה בר' נחום־מאיר פורמאַן, 22 יאָר.
זלמן־משה בר' זאב־וואָלף לאַמצעוויצקי, 20 יאָר.
ראובן בר' ישראל שושאַן, 18 יאָר.
משה בר' גדליהו אַוועץ, 18 יאָר.
ישראל בר' ביינוש קוסטין, 3 יאָר.
יוסף בר' צבי־הירש בורלע, 3 יאָר.
מרדכי בר' אליעזר קרוגליאַנסקי, 60 יאָר.
שמואל בר' אייזיק צאַלעוויטש, 59 יאָר.
אברהם בר' שלמה־זלמן כ"ץ, 49 יאָר.
מענדל בר' אשר מאַקעל, 43 יאָר.
מרדכי בר' אליעזר לעווין, 38 יאָר.
יצחק בר' שמואל גווירצמאַן, 35 יאָר.
פאַלק בר' זאב כמעלניק, 28 יאָר.
מרדכי בר' נתן־נטע לאַפּידוס, 19 יאָר.
אהרן משה בר' נתן־נטע לאַפּידוס, 19 יאָר.
אברהם אריה־לייב בר' הילל סגל, 58 יאָר.
צבי־אריה בר' משה וויינצימער, 48 יאָר.
זלמן בר' דוב־בער גרינבערג, 43 יאָר.
אברהם־שמעון בר' אריה־לייב עפּשטיין, 35 יאָר.
יצחק בר' הערש שוואַרץ, 24 יאָר.
משה בר' ראובן קוסטין, 22 יאָר.
שמואל בר' אליעזר איינשטיין, 19 יאָר.
זרח בר' ברוך פּאַנדרעס, 18 יאָר.

צבי הירש בר׳ אברהם טאַשמאַן, 63 יאָר.
יהודה בר׳ אברהם־יצחק טייצמאַן, 51 יאָר.
אברהם־יצחק בר׳ צבי־הירש בערנשטיין, 47 יאָר.
יעקב בר׳ יוסף סוראָוויטש, 35 יאָר.
אברהם בר׳ זאב־וואָלף גרינהויז, 26 יאָר.
פנחס בר׳ אַלכסנדר אַש, 20 יאָר.
אברהם־יצחק בר׳ יונה לעוואַרטאָווסקי, 18 יאָר.
משה־דוב בר׳ מרדכי־יוסף פּאַט, 16 יאָר.
אריה־לייב בר׳ יצחק־יונה מאַזור, 14 יאָר.
יצחק בר׳ משה־יהושע געבעל, 56 יאָר.
חיים בר׳ יעקב שפּירא, 43 יאָר.
אליעזר בר׳ עזרא איינשטיין, 40 יאָר.
שלמה ישראל בר׳ שמעון סושיצקי, 36 יאָר.
יואל בר׳ משה־יהודה טוואַרקאָווסקי, 29 יאָר.
נחום־יעקב בר׳ משה צבי גראַבאָווסקי, 27 יאָר.
ירחמיאל בר׳ אליעזר איינשטיין, 21 יאָר.
אברהם־הערש בר׳ דוד נייפעלד, 71 יאָר.
יעקב בר׳ מרדכי לעווין, 50 יאָר.
שלמה בר׳ בונים פּרוזשאַנסקי, 43 יאָר.
שואל־וואָלף בר׳ מרדכי נעוויאַזשסקי, 41 יאָר.
שלום־אהרן בר׳ שמואל־יוסף נאָוויק, 28 יאָר.
אייזיק בר׳ אברהם באַכראַך, 24 יאָר.
זימל בר׳ צבי־הירש צוקערמאַן, 22 יאָר.
מרדכי בר׳ בנימין שמוקלער, 18 יאָר.
יצחק־לייב בר׳ שמואל־זלמן ראַוויצקי, 16 יאָר.
צבי־הירש בר׳ גדליהו העפּנער, 63 יאָר.
יוסף מענדל בר׳ אליעזר גיליעוויץ, 48 יאָר.
משה־שמחה בר׳ דוד בריאַנסקי, 45 יאָר.
דוד־יצחק בר׳ שלמה צמעטניק, 32 יאָר.
שמחה בר׳ פישל וואַלענשטיין, 25 יאָר.
מרדכי בר׳ אברהם באַסין, 19 יאָר.
חיים־זאב בר׳ דוב־בער שלאַכטער, 16 יאָר.
דוד בר׳ אלחנן כוואַראָווסקי, 15 יאָר.
טויבע בת הרב פינחס כץ, 71 יאָר.
זלאַטע־פייגל בת ר׳ יחיאל שלאַכטער, 50 יאָר.
רחל בת ר׳ נח קליינבאָרד, 48 יאָר.
שיינע בת ר׳ יחמיאל איינשטיין, 40 יאָר.
שרה בת ר׳ יצחק יעוועראָווסקי, 20 יאָר.
חיה־פעשע בת ר׳ אברהם סגל, 50 יאָר.

מרים בת ר׳ מנחם־מענדל סאַפּירשטיין, 48 יאָר.
פּעשע בת ר׳ יעקב אַטלעס, 42 יאָר.
בלומע בת ר׳ נתן־נטע לאַפּידוס [9], 20 יאָר.
חנה־בלומע בת ר׳ שבתי גינזבורג, 20 יאָר.
צביה בת ר׳ דוב־גרשון גוטקין, 10 יאָר.
שרה בת ר׳ אליעזר איינשטיין, 20 יאָר.
חנה בת ר׳ מרדכי רובינאָוויטש, 19 יאָר.

## ו. די הילף פאַר די געליטענע

דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אויף דער גאַנצער וועלט [10]. מען האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ ברייטער האַנט אויף צו באַצאָלן פאַר די היזקות פון די פּאָגראָמירטע און צו העלפן זייערע אלמנות און יתומים, ווי עס באַווייזן די ציפערן פון ווייטערדיקן באַריכט [11].

### די הכנסה פון קאָמיטעט

| | | |
|---|---|---|
| פון פּעטערבורגער צענטראַל־קאָמיטעט אויף צו געבן הילף די געליטענע פון פּאָגראָמען אין רוסלאַנד ...... | 98,675.00 | רובל |
| פון וואַרשעווער קאָמיטעט, דורך סטאַניסלאַוו נאַטאַנזאָן ........................... | 39,580.60 | 〃 |
| פון „אַליאַנץ איזראַעליט [12]״, בערלין, (20,000) .... | 9,274.28 | 〃 |
| פון קיעווער קאָמיטעט ........................ | 10,000.00 | 〃 |
| פון מאָסקווער קאָמיטעט ........................ | 9,000.00 | 〃 |
| פון פאַרשיידענע צייטונגען ........................ | 123,438.17 | 〃 |
| אויפגעקליבן אין ביאַליסטאָק דורך אַ קאָמיסיע ........ | 11,198.90 | 〃 |

9. די דריי יונגע לאַפּידוסעס זיינען קינדער פון איין משפּחה, אַזוי ווי די איינשטיינס.

10. עס האָבן וועגן פּאָגראָם אַ סך געשריבן די גרעסטע אייראָפּעאישע צייטונגען אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און די איבעריקע מדינות. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט דער לאָנדאָנער „טיימז״ מיט זיינע גענויע תיכּפדיקע ידיעות פון אַלע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, אפילו פון די ווייטסטע און קלענסטע ערטער. דאָס האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען שאול־פנחס ראַבינאָוויטש (שפ״ר), וואָס האָט וועגן דעם געזאָרגט. ער איז אַרומגעפאָרן איבער אַלע ערטער מיט דעם קאָרעספּאָנדענט פון „טיימז״, כדי צו באַשרייבן אויספירלעך די פּאָגראָמען.

11. דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט צו געבן הילף די געליטענע פון פּאָגראָם איז געווען א. ב. וואָלקאָוויסקי, וויצע־פאָרזיצער — שמואל הערש גאָלדבערג, קאַסירער — מאַרקוס א. ש. גאָרדאָן, סעקרעטאַרן — פאַלק קעמפּנער, ד״ר לעאָן פּינעס, ד״ר רייגראָדסקי, ד״ר רובינשטיין, מיט 18 פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. דער גענויער באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון קאָמיטעט ביזן 13טן אַפּריל 1908 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1908, אין ביאַליסטאָק, אין דער טיפּאָגראַפיע פון מ. פּרוזשאַנסקי. אַן עקזעמפּלאַר פון באַריכט, וואָס איז געווען געדרוקט אין רוסיש, געפינט זיך אין דער היגער שטודיר־ביבליאָטעק.

12. [דורך דעם „הילפס־פאַראיין דער דייטשן יידן״].

| | | |
|---|---|---|
| אויפגעקליבן אין ביאַליסטאָק דורך מאַרקוס א. ש. גאָרדאָן | 873.20 | רובל |
| אויפגעקליבן פון פאַרשיידענע פּערזאָנען ספּעציעל | | |
| פאַר די יתומים ........................ | 2,576.92 | " |
| פון דער פאַמיליע בוך אויף צו סטראָכירן 2 יתומים בוכס | 300.00 | " |
| באַקומען דורך פאַרשיידענע בענק ............... | 1,156.63 | " |
| באַקומען פאַר פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זיינען פאַרקויפט | | |
| געוואָרן דורך אברהם כהן .................. | 11.62 | " |
| אַנולירט אַ סומע, וואָס איז פריער באַשטימט געוואָרן | | |
| אויף וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן ............. | 1,500.00 | " |

די גאַנצע הכנסה פון קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע פון ביאַליסטאָקער האָט אויסגעמאַכט אַן ערך 307,600.00 רובל.

די דאָזיקע גרויסע סומע איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אין גאַנץ רוסלאַנד, פוילן און פון אויסלאַנד פון 1925 מנדבים און זאַמלערס־יידן און אויך ניט־יידן. פון 50 קאָפּ. ביז 98,675 רובל דורכן פּעטערבורגער פּאָגראָם־קאָמיטעט און 39,580 רובל דורכן ראש הקהל פון וואַרשעווער קהלה סטאַניסלאַוו נאַטאַנזאָן; קלענערע נדבות האָבן געגעבן: 10,000 רובל קיעווער פּאָגראָם־קאָמיטעט, 9,000 רובל לאָדזשער קאָמיטעט, 9,274 רובל (20,000 מאַרק) פון „הילפס־פאַראיין דער דייטשן יודן", בערלין; 9,000 רובל פון מאָסקווער פּאָגראָם־קאָמיטעט; 3,687 רובל פון באַקו, געזאַמלט דורך אינזשינער טראַפּ; 2,027 פון ראַדאָמסקער קאָמיטעט; 1,775 פון לובלינער קהילה, 981 פון שעדלעצער קהילה; 1,000 רובל פון וואָלקאָווויסקער קהלה דורכן רב; 1,689 רובל פון קישענעווער קהילה; 1,500 רובל געזאַמלט פון גראָדנע; 1,000 רובל פון מינסקער קאָמיטעט; 3,000 רובל פון כאַרקאָווער קאָמיטעט; 1,500 רובל פון ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווילנע; 2,000 רובל קריסטלעכער לוטעראַנישער קאָמיטעט דורך שווייקערט, לאָדזש. עס האָבן אויך מנדב געווען גרויסע נדבות פאַרשיידענע האַנדלס־פירמעס. אויך ביאַליסטאָקער יידישע גבירים און בעלי־בתים האָבן געגעבן נדבות פאַר די פּאָגראָמירטע מיט אַ ברייטער האַנט.

פאַרשיידענע צייטונגען, יידישע און ניט־יידישע, האָבן געעפנט אין דער גאַנצער מדינה געלט־זאַמלונגען פאַר ביאַליסטאָקער פּאָגראָם־קרבנות. עס איז אַריינגעקומען: 4,316 רובל דורכן „וואָסכאָד", פּעטערבורג; 4,700 רובל דורכן „פריינד", פּעטערבורג; 3,380 רובל דורכן „הזמן" אין ווילנע; 3,144 רובל דורכן „טעלעגראַף" און „הצפירה", וואַרשע; 2,000 — „נאָוואַיאַ גאַזעטאַ", 963 רובל — „קוריער פּאָראַנני", וואַרשע; 47 „פשעגלאָנד ספּאָלעטשני", וואַרשע; 2,700 — „די פאָלקס־צייטונג" ווילנע; 1,504 רובל „דער וועג", וואַרשע; 532 — „נייע לאָדזשער צייטונג" (דייטשע); 245 רובל — „סעוועראָ־זאַפּאַדני גאָלאָס", ווילנע; 1,700 — „קוריער ליודסקי", לאָדזש; 1,061 רובל — „נאַשאַ זשיזן", פּעטערבורג; 3,026 רובל — „אָדעסקייאַ נאָוואָסטי"; 579 רובל — „רוסקייאַ וויעדאָמאָסטי", פּעטערבורג; 2,021 — „קיעווסקאַיאַ זאַריאַ", קיעוו; 213 רובל — „דוואַצאַטי וויעק",

פעטערבורג ; 735 — „טשענסטאָכאָווסקי דניעווניק“, טשענסטאָכאָוו ; 769 רובל — „גאָלאָס פּראָווינציאי“, מינסק ; 131 רובל — „מאָגילעווסקי גאָלאָס“ ; 225 רובל — „קיעווסקיע אָטגאָלאָסקי זשיזני“, קיעוו ; 504 רובל — „קרימסקי טרוד“, סימפעראָפּאָל ; 151 רובל — „זשיזן קראַיאַ“, סימפעראָפּאָל ; 2,930 רובל „וואָלין“ ; 158 רובל — „יעווראיסקי גאָלאָס“, אָדעס; 20 רובל — „וואָלזשסקי קוריער“, קאַזאַן; 14.70 רובל „וואָלזשסקי וויעסטניק“, קאַזאַן ; 185 רובל — „בריאַנסקי גאָלאָס“, בריאַנסק ; 50 רובל — „דאָנעצקאַיאַ סלאָוואָ“ ; „242 רובל — ניזשני־נאָווגאָראָדסקי ליסטאָק“, ניזשני־נאָווגאָראָד ; 494 רובל — „בעסאַראַבסקאַיאַ זשיזן“; 58 רובל „קאָסטראָמסקי קראַי“ ; 128.30 רובל „ביעלעצקאַיאַ גאַזעטאַ“ ; 58 רובל — „קאָסט־ראָמסקאַיע סלאָוואָ“ ; 49 רובל — „קיעווסקי טעלעגראַף“; 208 רובל „פּרידניע־פּראָווסקי קראַי“, יעקאַטערינאָסלאַוו ; 141 רובל — „פּאָלטאַוושטשינאַ“ ; 121 רובל — “פּוט“, מאָסקווע ; 30 רובל — „פּיאַטיגאָרסקי ליסטאָק“, פּיאַטיגאָרסק; 30.50 רובל — „סאַמאַרסקי קוריער“, סאַמאַראַ ; 18.57 רובל — „סטעפּ אָרענבורגאַ“ ; 14.35 — „טורקעסטאַן“, טאַשקענט ; 12.65 רובל — „טיגאָדניק סוואַלסקי“.

46 רובל איז אָנגעקומען פון רוסישן פּאָליטישן פאַראיין אין קאַרלסרוע.

### די הוצאות פון קאָמיטעט

| | |
|---|---|
| ערשטע הילף די אלמנות, יתומים און די פּאָגראָמירטע | 16,880.36 |
| הילף מיט פּראָדוקטן די אלמנות און פּאָגראָמירטע .... | 930.13 |
| הילף מיט מזומן און פאַרשיידענע הוצאות אויף אָפּשיקן אין אויסלאַנד 34 יתומים .................. | 2,103.71 |
| אונטערשטיצונג פאַר אלמנות און פאַרוואונדעטע .... | 81,853.00 |
| פאַר די אלמנות פון די קרבנות פון 30טן יולי און 18טן אָקטאָבער 1905 ...................... | 7,315.00 |
| די באַצאָלטע פּראָצענטן די אלמנות אויפן קאַפּיטאַל פון פון די יתומים ......................... | 615.00 |
| דעפּאָזיטן אויפן נאָמען פון 49 יתומים אין ביאַליסטאָקער קאָמערץ־באַנק ................ | 12,100.00 |
| דאָס סטראַכירן די יתומים אין דער לעבנס־פאַר־זיכערונג־געזעלשאַפט „ראָסיסקאַיע אָבשטשעסטוואָ“ 31 יינגלעך צו 300 רובל און 28 מיידלעך צו 640 רובל ; אַלע פּאָליסן צוזאַמען אויף אַ סומע פון 27,220 רובל ............................ | 15,700.00 |
| אונטערשטיצונגען די פּאָגראָמירטע ............ | 122,772.25 |
| אומדירעקטע געליטענע (צו אונטערשטיצן די אַרבעטסלאָזע) ......................... | 7,476.45 |
| הילף די לערערס און מלמדים .................. | 5,310.00 |
| הילף פאַר די וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן ........... | 16,385.00 |

| | |
|---|---|
| „לויט אַ רעכענונג, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף אַרויסצוגעבן" | 1,500.00 |
| יורידישע הוצאות | 3,752.40 |
| די פאַרוואונדעטע פאַר היילונג אין וואַרשעווער שפּיטאָל און אין אויסלאַנד און פּערזענלעכע הילף אויף היילונג | 5,069.93 |
| אויף צו שטעלן אַן אַלגעמיינע מצבה | 2,000.00 |
| הילף אויף אַ מצבה פון דערהרגעטען דיקאר און זיינע עלטערן | 693.00 |
| אָנגעשטעלטע פון קאָמיטעט | 3,114.00 |
| פאַרשיידענע הוצאות | 677.63 |
| דרוקן דעם באַריכט | 527.46 |
| „ניט צורעכענענדיק" פון אברהם כהן | 11.15 |
| סאַלדאָ | 798.35 |

### די פאָרמען פון הילף

פון דעם טרוקענעם חשבון פון קאָמיטעט קען מען שיין דרינגען וועגן די אַלע פאַרשיידענע פאָרמען פון הילף פאַר די געליטענע. עס האָט זיך איינגעגעבן צו דערגרייכן אַ באַפרידיקנדיקע דעקונג פון געלט־פאַרלוסט פון די פּאָגראָמיר־טע. זייער צאָל איז געווען אַן ערך 800 פּערזאָן. זיי האָבן באַקומען די סומע פון די 370,543 רובל.

אַ גרויסן טייל האָט מען באַפרידיקט מיט קליינע סומעס, ווייל דער גרעסטער טייל געליטענע איז געווען פון די אָרעמסטע שיכטן, וואָס מיט אַ פּאָר הונדערט רובל האָט מען זיי געקענט ווידער ווי ניט איז שטעלן אויף די פיס. די רייכערע קלאַסן זיינען פון פּאָגראָם ניט באַרירט געוואָרן.

דער מיטלקלאַס, איבערהויפּט די קרעמערס, האָט שוין באַקומען גרעסערע סו־מעס, פון 1,000 רובל ביז 5,500 רובל, וואָס האָט זיי אויך צוריק געשטעלט אויף די פיס, אינגאַנצן אָדער טיילווייז. טייל האָבן מיט דעם געלט וואָס זיי האָבן באַקו־מען עמיגרירט פון רוסלאַנד. אָבער דער פאַרלוסט פון די נפשות האָט מען ניט געקענט אומקערן. דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט האָט זיך משתדל געווען צו פאַרפּילן טיילווייז פאַר די יתומים דעם פאַרלוסט פון זייערע עלטערן, און אי־בערגעשיקט 34 יתומים צו דערציען אין די מוסטערהאַפטע בתי־יתומים פון די יידישע קהילות אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיי גערן אויפגענומען. דער פאַר־זאָרגער פון די יתומים אברהם כהן (אברהמל פאַריזער) [געניער וועגן אים זען פנקס ביאַליסטאָק, באַנד I ז. 431—432] וואָס איז געווען דער הויפּט־אַרבעטער אין פּאָגראָם־קאָמיטעט, איז געווען זייער באַגלייטער ביז די ערטער וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר זיי.

## ז. דער דענקמאָל

די הרוגים האָט מען אָפּגעגעבן אַ באַזונדער בכבודיקן אָרט אויפן בית־עולם, וואָס רופט זיך אָן לויטן אויפשריפט „גיא ההרגה" (זע ירמיה, ז' ל"ב; י"ט ז'). מען האָט געשטעלט אַ גרויסע מירמלשטיינערנע מצבה, וואָס דער נוסח אויף איר האָט געשריבן דער העברעאישער דיכטער זלמן שניאור.

עמוד אבל.

חזק ועמוד, עמוד אבל, היה כחלמיש,
אל תמג בדמי ההרוגים הקדושים תחתיך
ובנסך דמעות עליך.
ובהמיר מדינות ועמים ממקומך אל תמיש,
הבהילם בלילה ורבץ על גביהם כמארה.
והיית עד קר ואכזרי וספרת הקורות
לבנים הבאים אחרינו לדורות,
כי חלל כבוד עמי ודמו, וקיץ ושחקים זאת ראו
והשמש לא בושה להאיר, ועיני העולם לא כהו,
כי כרעו חללים הרעימו קני־רובה התאבך העשן
ויקנן וישתחק וישלם עם נגעו הישן.
היה לנו שועה לאל אשר נתן הנצח לעמו
וגם את המות לו נתן — מות קרבן מתבוסס בדמו.
בן אובד כי יתע ממנו וגשש וכאב בין זרים,
רמז לו מרחק כי ישוב וגשש טוריך הקרים
וספג את ברקך השחור וידע מדוע הוא חולה,
ומה כל העולם אשר מסביב היוצר מצבות כאלה.
חזק ועמוד ציון אבל, היה כחלמיש,
ובהמיר מדינות ממקומך אל תמיש.

די יידישע איבערזעצונג האָט געמאַכט א. ל. פּאַיאַנס. [היינט אין ישראל]

טרויער־זייל

שטיי שטאַרק און פעסט, דו טרויער־זייל, און זיי ווי מירמלשטיין,
ניט שמעלץ אין בלוט פון הייליקע הרוגים אונטער דיר,
אין טרערן־גוס, וואָס איבער דיר, אויך זאָלסטו ניט צעגיין.
אין ענדער פון די לענדער־פעלקער פון דיין אָרט ניט ריר!
רייס אויף די אויגן פון פאַרברעכערס, רייס און שטעך,
אין נעכט זיי שרעק און הויער איבער זיי ווי קללה פון פאַרברעך.
און גרויזאַם קאַלט אַן עדות זיי, פאַרצייל וואָס איז געשען
פאַר קינדער, וואָס נאָך אונדז דאָ קומען וועלן ווען.

מ׳האָט כבוד, בלוט פון פאָלק פאַרשוועכט, און זומער־הימלען האָבן ניט
פאַרשטעלט,

די זון געשיינט האָט אומפאַרשעמט, און ניט געוועזן בלינד איז וועלט.
געפאַלן זיינען מענטשן טויט, געקנאַלט די ביקסן, רויך האָט זיך געטאָן אַ
טראָג,

האָט פאָלק געקלאָגט און זיך געשפילט, געשלומט מיט דער אַלטער פלאָג.
זיי אויך פאַר אונדז אַ וויי־געשריי צו גאָט, וואָס האָט זיין פאָלק די אייביקייט
געשענקט

און אויך געגעבן אים דעם טויט, אַ טויט פון קרבן אין זיין בלוט פאַרשווענקט.
אַן אָפּגעפרעמדטן זון, וואָס וועט פון אים פאַרבלאָנדזשען און וויטאָגפול
צווישן פרעמדע ווילן,

פון ווייטן ווינק און רוף, ער זאָל צוריק באַלד קומען, טאַפּן דיינע קאַלטע
ציילן,

דיין גלאַנץ דעם שוואַרצן זאָל ער זאַפּן און פאַרשטיין, פאַר וואָס ער איז
געקוועלט,

און וואָס אַזוינס איז וועלט אַרום, וואָס האָט אָט די מצבות אויפגעשטעלט.
שטיי שטאַרק און פעסט דו, טרויער־זייל, און זיי ווי מירמלשטיין
אין ענדער פון די לענדער־פעלקער — זאָלסט פון אָרט ניט גיין!

## ח. די שטראָף פאַר די פאָגראָמשטשיקעס

### דער לעכערלעכער פּראָצעס אין 1907

דער אָפיציעלער פּראָצעס איבער די ביאַליסטאָקער פאָגראָמשטשיקעס איז פאָרגעקומען פון 16טן מאַי ביזן 8טן יוני 1907 אין ביאַליסטאָק, דורך דער אַרויס־פאַר־סעסיע פון גראָדנער „אָקרוזשנאָי סוד״ (קרייז־געריכט) מיט דער באַטיי־ליקונג פון פאָלקס־פאַרשטייערס. כאָטש עס איז אָפּגענומען געוואָרן די מעגלעכ־קייט ביי די אַדוואָקאַטן, די אויפמאַנערס פון די בירגערלעכע תביעות, צוצושטעלן די אַלע נייטיקע עדות כדי צו באַווייזן, ביי וועלכע באַדינגונגען עס איז אַנטשטאַ־נען דער פאָגראָם, איז פונדעסטוועגן באַשטעטיקט געוואָרן, אַז כמעט אַלע פּאָלי־טישע פּראָצעסן קעגן יידן, וואָס אויף זיי האָט זיך געשטיצט דער באַשולדיקונגס־אַקט, זיינען בטל געוואָרן נאָך פאַרן געריכט, און אַז עס האָבן ניט עקסיסטירט קיין סכסוכים צווישן יידן און קריסטן.

פון 49 באַשולדיקטע האָבן זיך באַהאַלטן 8. די איבעריקע האָבן זיך צו־געשטעלט. פון זיי האָט דאָס געריכט פאַראורטיילט 15 צו געפענגעניש און אויף אָפּגעבן צו די אויסבעסערונג־אַרעסטאַנטסקע אָפּטיילונגען אויף פאַרשיידענע צייטן, די איבעריקע זיינען געוואָרן פרייגעשפּראָכן. די געלט־תביעות זיינען אָפּגעזאָגט

געוואָרן. אויך די פאַרמשפּטע זיינען שפּעטער אַלע באַפרייט געוואָרן דורך אַן אַלערהעכסטער אַמנעסטיע [13].

די טויט־אורטיילן מצד עס־ערן־מאַקסימאַליסטן

די מאַקסימאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט ווי באַוואוסט געפּרײדיקט פּאָליטישן טעראָר ווי אַ קאַמפּס־מיטל אין דער רעוואָלוציע און געהאַט אַ שטאַרקן צענטער אין ביאַליסטאָק, האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי טויט־אורטיילן אויף די צאַרישע טיראַנען־אָכראַניקעס, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם. דאָס אויספירן די טויט־אורטיילן איז איבערגעגעבן געוואָרן די פלי־אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער פּאַרטיי (די באָיעוויקעס) און אין אַ משך פון עטלעכע חדשים זיינען אויפן גרונט פון די טויט־אורטיילן דערשאָסן געוואָרן:

1) דער פּריסטאַוו פון פערטן ביאַליסטאָקער קאָמיסאַריאַט שערעמעטיעוו, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין אכזריותדיקן סאַדיזם לגבי די פּאָליטישע אַרעסטירטע און איז געווען איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון פּאָגראָם; ער איז דערשאָסן געוואָרן אין פּעטערבורג, וואו ער האָט נאָכן פּאָגראָם אַוואַנסירט אויף אַ גרעסערן פּאָסטן. הגם עס איז געלונגען אים צו דערהאַלטן ביים לעבן, איז ער אָבער פון די באַקומענע קוילן געבליבן אַ פּאַראַליזירטער ביזן טויט.

2) דעם זשאַנדאַרמיע־פּאָלקאָווניק פון ביאַליסטאָק גריבאָיעדאָוו האָט מען דערשאָסן אויף טויט אין דער געביידע פון גראָדנער קרייז־געריכט, וואו ער איז אַרויסגעטרעטן אַלס עדות אין אַ פּאָליטישן פּראָצעס.

3) בלויז איין הויפּטשולדיקן איז אין משך פון גאַנצן יאָר נישט געלונגען צו פּאַקן, הגם ער איז פאַרבליבן אין ביאַליסטאָק. דאָס איז געווען דער קאָמענדאַנט פון וואָקזאַל פּאָלקאָווניק שרעטער, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן פּאָגראָם אויפן באַנשטח ביים אַרויסשלעפּן די יידישע פּאַסאַזשירן פון די צוגן. ער האָט אַליין מיט די שפּאָרן אויף די פיס געשפּאָלטן דעם מח פון עטלעכע שווער פאַרוואונדעטע יידן, וואָס זיינען געלעגן אויפן וואָקזאַל, און געבעטן זיך ביי אים רחמים, ער זאָל זיי ראַטעווען. באַלד נאָכן פּאָגראָם איז ער אַוואַנסירט געוואָרן צום ראַנג פּאָלקאָווניק.

13. זען די אויספירלעכע באַשרייבונג פון פּאָגראָם אין רוסישן בוך „ביעלאָסטאָקסקי פּאָגראָם״ פון דער „רוסקאָיע סוואָבאָדנאָיע איזדאַטעלסטוואָ״, מאָסקווע, 1906, 141 זייטן. די יידישע בראָשור חורבן ביאַליסטאָק פון נ. העלזייד, אַדעס. זען „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדייא״, ב׳ V, 147—170; די נומערן פון וואָסכאָד פון יוני 1906, איבערהויפּט דעם נומער 23 וואָס פאַרנעמט זיך אינגאַנצן מיטן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, דער וועקער, ווילנע, פון חודש יוני 1906, דער עיקר זען די סטענאָגראַפישע באַריכטן פון דער ערשטער דומע 1906; דעם באַריכט פון פּראָצעס פון ביאַליסטאָקער יוני־פּאָגראָם, דעם באַשולדיקונגס־אַקט פון דער געריכט־אויספאָרשונג און די רעדעס פון די אַדוואָקאַטן פון די בירגערלעכע תביעות פון ר. ש. ווייסמאַן, ג. ד. סקאַריאַטין און א. ז. הילערסאָן און נאָך אַנדערע אין דיעלאָ פּאָגראָמאַ ביעלאָסטאָקאַ, צווייטע אויסגאַבע, פּעטערבורג, 1909, און אויך קראָוואוואַיאַ פּאָליטיקאַ אי ביעלאָסטאָקסקי פּאָגראָם, מאָסקווע, „רוסקאָיע סוואָבאָדנאָיע איזדאַטיעלסטוואָ״, 1906, 141 זייטן, 2 זייטן אילוסטראַציעס.

אַ לאַנגע צייט איז ער געווען אַרומגערינגלט מיט אַזאַ שמירה פון זשאַנדאַרמעריע, אַז עס איז געווען אוממעגלעך אים עפּעס צו טאָן, ביז אַ געוויסער שימקע, אַ באַקאַנטער פלינקער שיסער צווישן די יונגע רעוואָלוציאָנערן, האָט אים דערשאָסן, ווען יענער איז געפאָרן אויף דער קאָנקע אויף סענקעוויטשער (ניקאָלאַיעווער) גאַס, וואָס איז געווען פול געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, און שרעטער איז געווען אין דער באַגלייטונג פון צוויי פּאָליציאַנטן. דאָך האָבן זיי אים נישט געקענט באַשיצן און אויך ניט געקענט כאַפּן שימקען, ווייל זיי זיינען אויך פאַרוואונדעט געוואָרן פון שימקעס חברים.

די מאַקסימאַליסטן האָבן באַלד אויף מאָרגן אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע אין רוסיש און אָנגעגעבן די סיבה פון דער דערשיסונג[14].

אויף אַזאַ אופן האָבן דאָך אַ טייל אָנפירערס פון דעם בלוטיקן פּאָגראָם באַקומען זייער פאַרדינטע שטראָף.

---

14. זען ד. ר. הילעגאָוויטש אין אונזער לעבן, נומער 147, פון 26טן יוני 1936. הילעגאָוויטש דערציילט דאָרט אַ מערקווירדיקן פאַקט וועגן איינעם פון די חברים אָנטיילנעמערס אין דער גאַנצער טעטיקייט: אַ געוויסער ס. איז באַוואוסט געוואָרן, אַז ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר און אַ שפּיצל פון דער רוסישער מאַכט, פונדעסטוועגן האָט ער זיינע חברים אין דעם פאַל נישט אַרויסגעגעבן, זיין יידישער געוויסן האָט אים דערפון אָפּגעהאַלטן.

## קאַפּיטל זעקס

# אין די יאָרן 1908—1914

### א. די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אַנטוויקלט זיך ווייטער

דער גרויסער קריזיס פון 1900 איז געווען אַן אַלגעמיינער, וואָס האָט אַרומגענומען די גאַנצע רוסישע טעקסטיל־אינדוסטריע בכלל און די לאָדזשער און ביאַליסטאָקער בפרט. אָבער נאָך דעם דאָזיקן קריזיס איז באַנייט געוואָרן די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע, איבערהויפּט די יידישע — און מיט גרעסערע כוחות. עס האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אויך ביי יידישע פאַבריקאַנטן דער מעכאַנישער וועבשטול דעם פּלאַץ פון פריערדיקן האַנטשטול, ביז ער האָט אים כמעט אין גאַנצן אַרויסגעשטויסן. דער יידישער ביליקערער און מיטעלער פאַבריקאַט פון פּאַלטע־שטאָפן האָט אַלץ מער פאַרנומען דעם אויבן־אָן. דער דעקעס־פאַבריקאַט האָט זיך שטאַרק פאַרברייטערט. דער יידישער פאַבריקאַט איז געוואָרן אַן עקספּאָרט־אַרטיקל ביז כאַרבין, כינע, מאַנדזשוריע און נאָך אין אַנדערע ערטער. עס זיינען געבויט געוואָרן גרויסע יידישע פאַבריקן, נייע אָדער באַנייטע אָפּגעקויפטע דייטשע אַלטע פאַבריקן. ביאַליסטאָק האָט געהאַט אַ גרויסע צוקונפט צו ווערן אַ וועלט־צענטער פאַר פאַבריקאַציע פון ביליקע פּאַלטע־שטאָפן און אַנדערע ביליקע אַרטיקלען.

וואָלט אין 1914 ניט געווען אויסגעבראָכן די [ערשטע] וועלט־מלחמה, וואָלט זיכער מקוים געוואָרן די שטרעבונג פון ביאַליסטאָק צו ווערן אַ וועלט־צענטער פאַר דעם ביליקן טעקסטיל־פאַבריקאַט. אָבער די מלחמה, מיטן חורבן וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט, האָט אָפּגעשטעלט די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון ביאַליסטאָקער אינדוסטריע.

פון די לעצטע 14 יאָר פאַר דער מלחמה האָבן מיר קיין גענויע סטאַטיסטישע דאַטעס ניט געקענט באַקומען. דער לעצטער פאַבריק־אינספּעקטאָר קאָנדראַטיעוו, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ ריכטיקע סטאַטיסטיק פון ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע, האָט צוליב דעם מלחמה־אויסברוך זיין סטאַטיסטיק ניט פאַרעפנטלעכט. אָבער דעם רעזולטאַט אין אַלגעמיינע שטריכן, האָט ער אָפּנים, איבערגעגעבן מ. י. קראַלן[1].

---

1. דאָס איז דער אַרויסגעבער פון דעם אַדרעס־קאַלענדאַר Фабричный и Торгово-Промышленный Белосток.

ער ברענגט דאָרטן פאַרן יאָר 1912 דאַטעס וואָס זענען אויס צו זיין פּינקטלעכע. שפּעטער, אין 1914, האָט קראַל אין זיין קאַלענדאַר איבערגעחזרט די זעלביקע ציפערן, משמעות מחמת דעם ווייל ער האָט קיין נייע דאַטעס ניט געהאַט.

אין 1912 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק פאַבריקן פון טוך, פליוש, לעדער — 350, מיט 7,000 אַרבעטער, מיט אַן אַלגעמיינעם אומזאַץ אַן ערך 40 מיליאָן רובל יערלעך. דערפון דאַרף מען אָפּרעכענען 20% פאַר לעדער־פּראָדוקציע, אַן ערך 8 מיליאָן. בלייבט פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע 32 מיליאָן רובל יערלעך.

עס איז אַבסאָלוט פּינקטלעך אַז אין 1912 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק — אויסער די יידישע לוינקעטניקעס — 66 וועבערייען. צווישן זיי זיינען געווען 58 יידישע און 8 דייטשישע. אין די אַלע וועבערייען האָבן דעמאָלט געאַרבעט 1,116 מעכאַנישע שטולן. די צאָל איז ניט אַבסאָלוט זיכער. אַן אַנדער מקור ווייזט אויף 1,090 מעכאַנישע וועבשטולן, אָבער דער חילוק איז דאָ באמת אַ קליינער. הכלל, עס זיינען געווען אין 1912 אַן ערך עלף הונדערט מעכאַנישע שטולן.

פאַרן יאָר 1913 געפינען מיר אין „ספּראַוואָטשני קאַלענדאַר" פון רויטן קרייץ אַזעלכע דאַטעס:

עס זיינען געווען 1,250 מעכאַנישע שטולן (קעגן אַן ערך 1,100 מיט אַ יאָר פריער); די אַלגעמיינע צאָל שפּינדלען האָט געשטיגן פון 59,000 ביז 65,000. דער אַלגעמיינער יערלעכער אומזאַץ האָט זיך אויך געהויבן אין פאַרגלייך מיט אַ יאָר פריער.

אָסוואַלד טרילינג, דער גרויסער טעקסטיל־פאַבריקאַנט, האָט מיט יאָרן שפּעטער [2] אָנגעגעבן אַז ביאַליסטאָק האָט פאַר דער מלחמה פאַרמאָגט 160 זאַצן, 120 טויזנט שפּינדלען, אַן ערך 2,300 מעכאַנישע וועבשטולן און האָט באַשעפטיקט איבער צען טויזנט אַרבעטער.

## ב. דער ביאַליסטאָקער יידישער וועבער דערשלאָגט זיך צום מעכאַנישן וועבשטול

### יידן נאָר ביי האַנטשטולן

די מעכאַניזירונג פון די ביאַליסטאָקער וועבערייען האָט זיך אָנגעהויבן סוף 19טן און אָנהייב 20טן י״ה. ביי קריסטלעכע פאַבריקאַנטן האָט זיך דער פּראָצעס אָנגעהויבן פיל פריער.

די מעכאַניזירונג פון די וועבערייען האָט גלייכצייטיק געפירט צום אַרויס־שטויסן די יידישע וועבערס אויך פון די יידישע פאַבריקן, ווייל די קריסטלעכע אַרבעטער האָבן זיך געהאַלטן מוחזקים אין אַלע מעכאַנישע אַרבעטן. יידישע אַרבעטער האָבן זיך דאָך פון זיי פריער מרחק געווען צוליב שבת, ווייל דער מעכאַנישער טייל פון די פאַבריקן ווערט באַטריבן דורך דאַמפּקראַפט אַ גאַנצע וואָך, חוץ זונטיק, צוליב יידן אַליין האָט מען דאָך די דאַמפּמאַשין ניט געקענט

2. זען ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, ז' 59.

אָוועקלאָזן. די יידישע אַרבעטער האָבן גאָרניט געפּרואווט פּאַרלייגן דעם יידישן פאַבריקאַנט, ער זאָל זיי צונעמען צו דאַמפשטולן. אגב האָבן די פאַבריקאַנטן געשטעלט ביי די שטולן קריסטלעכע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר זייער ביליקע פרייזן. פיל יידישע האַנט־וועבערס זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער פּראָדוקציע אין די יאָרן 1904—1906 און זיינען געבליבן אַרבעטסלאָז.

אין 1904 האָט די וועבערשע קאָמיסיע, וואָס האָט געוואָלט דורכפירן אַז די וועבערס וואָס האָבן אַרבעט זאָלן זיך טיילן מיט זייער אַרבעט מיט די אַרבעטס־לאָזע וועבערס, געקליבן סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וועגן דער צאָל אַרבעטנדיקע און אַרבעטסלאָזע וועבערס. האָט דער צונויפגעקליבענער מאַטעריאַל באַוויזן, אַז פון 2,400 האַנטשטולן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די וועבעריי־פאַבריקן, האָבן איצט געאַרבעט וויינציקער ווי 1,000. נאָך ערגער איז געווען ביי די לוינקעטניקעס. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס טיילן זיך מיט דער פאַראַנענער אַרבעט האָט ניט גע־קענט באַוואָרענען די אַרבעטסלאָזע פון הונגער.

אין 1906 איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער. דער אַלגעמיינער קריזיס האָט נאָך פאַרקלענערט די אויסאַרבעטונגען פון סחורה און דאָס האָט זיך אויך אָפּ־געוואָרפן אויף די האַנט־וועבערייען, ווייל פאַר די פאַבריקאַנטן האָט בעסער גע־לוינט אָפּצושטעלן די האַנטשטולן. אין דער דערמאַנטער צייט האָבן אין די פאַבריקן ניט געאַרבעט מער ווי 200—250 האַנטוועבערס. יידישע וועבעריי איז געשטאַנען אין געפאַר אין גאַנצן אונטערצוגיין. כדי צו געפינען אַן אויסוועג פון דער גרויסער נויט, וואָלטן שוין אַ סך געגאַנגען אַרבעטן אום שבת. אָבער ווי קומט מען אַריין אין די חזקה־ערטער פון די קריסטלעכע וועבערס?

אַרויסגעהאָלפן דערפון האָט אַ קאָנפליקט צווישן די קריסטלעכע אַרבע־טער אַליין.

אויף די פריערדיקע האַנטשטולן האָבן געאַרבעט אויך קריסטלעכע ווע־בערס. זיינען זיי אויך אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער אַרבעט, ווייל אויף די מעכאַנישע שטולן, וואָס האָבן פאַרביטן די האַנטשטולן, האָבן געאַרבעט זייערע פרויען און שוועסטער פאַר אַ ביליקערן פרייז, און זיי, די מענער און די ברידער, זיינען געבליבן אַרבעטסלאָז. סוף 1905 האָבן זיך אויפגעהויבן אַלע קריסטלעכע וועבערס, און גייענדיק פון פאַבריק צו פאַבריק, האָבן זיי אַרויסגעטריבן די פרויען פון די מעכאַנישע שטולן און האָבן געפאָדערט פון די פאַבריקאַנטן, אַז מען זאָל זיי צונעמען, אויף וואָס די פאַבריקאַנטן האָבן געמוזט נאָך אַ קליינעם קאַמף איינשטימען און אויך צאָלן זיי אַ העכערן פרייז.

### יידישע וועבערס הייבן אָן דעם קאַמף פאַר זייערע רעכט

דערביישפּיל האָט זייער שטאַרק געווירקט אויף די יידישע אַרבעטסלאָזע וועבערס. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז וואו עס וועט זיך מאַכן אַ פּלאַץ צו אַרבעטן אויף אַ מעכאַנישן וועבשטול, זאָלן זיי אפילו מיט קאַמף פאַרנעמען דעם פּלאַץ פאַר יידישע וועבערס. און כך הווה: אין מאַרץ 1906 האָט דער פאַבריקאַנט

פאַרעצקי געבראַכט פרישע 6 מעכאַנישע שטולן. האָבן די ידישע וועבערס, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אויף זייגע האַנטשטולן, געפאָדערט פון אים, ער זאָל זיי געבן אַרבעט אויף די מעכאַנישע שטולן, אַפילו אַרבעטן אויף זיי שבת. איז געוואָרן ביי די קריסטלעכע וועבערס אַ געשריי, אַז די יידישע וועבערס ווילן זיי אַרויסטרייבן פון זייער חזקה־אָרט. די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן זיך גע־קווענקלט צי יידישע אַרבעטער וועלן זיך אויסטויגן ביי מעכאַנישע שטולן, בפרט אַז מען דאַרף אַרבעטן שבת, און אַ 5טאָגיקע אַרבעטס־וואָך וועט זיי קאָסטן צו טייער. אָבער סוף־כל־סוף האָבן די יידישע וועבערס אויסגעפירט — פיר יידישע אַרבעטער *) האָבן פאַרנומען פיר מעכאַנישע שטולן ביי פאַרעצקין אין פאַבריק. מיט דעם איז געמאַכט געוואָרן דער אָנהייב צו צעברעכן די חזקה פון די קריסטלעכע וועבערס.

יידישע וועבערס זיינען איצט געגאַנגען איבער יידישע פאַבריקן, וואו זיי האָבן פריער געאַרבעט אויף האַנטשטולן, מען זאָל זיי אָפּגעבן זייער אַרבעט אויף מעכאַנישע שטולן. מיט שטאַרקע מלחמות, מיט שטעקנס און פויסטן פלעגן די קריסטלעכע אַרבעטער אויפנעמען די יידישע אַרבעטער. עס זיינען געווען פאַלן, אַז די יידישע וועבערס האָבן גענעכטיקט אין די פאַבריקן כדי ניט צו־צולאָזן, אַז זיי זאָלן אַרויסגעשטויסן ווערן דורך די מעכאַנישע וועבשטולן.

די מלחמה האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה, בשעת די קריסטלעכע וועבערס האָבן באַלאַגערט די פאַבריקן, וואו די יידן האָבן פאַרנומען די אויפ־געשטעלטע מעכאַנישע שטולן אויפן אָרט פון די האַנט־וועבשטולן. דורך אַ פייער־סיגנאַל האָבן די יידישע אַרבעטער געגעבן צו וויסן זייערע חברים אין אַנדערע פאַבריקן וועגן דער קריסטלעכער באַלאַגערונג. זיינען אַלע יידישע וועבערס אָנגעלאָפן זיי צו הילף. אָבער צום סוף זיינען זיי געקומען צו אַ פשרה דורך דער פאַרמיטלונג פון „פועלי־ציון" און „בונד" — מצד די יידישע וועבערס, און „פּ. פּ. ס." (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) — מצד די פּוילישע וועבערס. די פשרה איז געווען אָפּצוגעבן יידישע וועבערס אַ העלפט פון די מעכאַנישע שטולן אין די יידישע פאַבריקן.

אין 1905 האָט אַ גרופּע יידישע לווינקעטניקעס געשאַפן אַן אַרטעל פון מע־כאַנישע שטולן. איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער אין אַ צאָל פון 400 און די אַרטעל־מיטגלידער. זיי האָבן דערלאַנגט אַ פאַלשע מסירה אויפן יידישן אַרטעל דעם דעמאָלטדיקן ביאַליסטאָקער גענעראַל־גובער־נאַטאָר באָגאָיעווסקי, אַז די יידישע לווינקעטניקעס האָבן געמאַכט אַ פאַבריק אויף אויסצואַרבעטן באָמבעס, האָט ער דערוויל די פאַבריק געשלאָסן. אָבער אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די פאַלשקייט פון דער מסירה, האָט מען זי געעפנט [3].

---

*) [מאיר מינעס (מאיר לאַבוק), אברהמ'ל פּאַגאַרעלסקי (ביידע איצט אין אַמעריקע) און נאָך צוויי]. — די אַרויסגעבער

3. זען פסח מעלניצקי, „די ענטשטייאונג פון לוין־וועבער־פאַך אין ביאַליסטאָק", ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, זז' 265—268.

די מעכאַנישע לוין־וועבעריי האָט זיך פון דעמאָלט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען מיט יידן ביי די מעכאַנישע וועבשטולן.

סוף 1906 געפינען מיר שוין ביי די מעכאַנישע שטולן אין צען אונטער־נעמונגען 87 יידישע וועבערס, און גלייכצייטיק מיט די יידישע וועבערס זייערע יידישע געהילף־אַרבעטערינס. אין גאַנצן האָבן געאַרבעט 586 מעכאַנישע שטולן אין 33 אונטערנעמונגען (אויסער אין די גרויסע דייטשע פאַבריקען פון מאָעס, האַסבאַך, יאַקאָבי און אַנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן, אָבער זיינען ניט געווען אונטערגעוואָרפן דער ביאַליסטאָקער פאַבריק־אינ־ספעקציע).

## די שבת־פראַגע

די יידישע אַרבעטער האָבן איינגעשטימט צו אַרבעטן אום שבת, און די מערהייט פון זיי האָבן טאַקע דעם טאָג געאַרבעט. נאָר אין מיטן 1908 האָבן זיך אַריינגעמישט די פרומע יידן „שומרי שבת". אין דער שפּיץ פון זיי זיינען גע־שטאַנען די באַקאַנטע קהילה־עסקנים משה־מרדכי מאַנישעוויטש, ירוחם מאָוו־שאָוויטש און די מורי הוראות, און האָבן געווירקט אויף די יידישע פאַבריקאַנטן ניט צו לאָזן יידישע וועבערס אַרבעטן אום שבת. מ'האָט געמאַכט אסיפות און פאָרגעלייגט פאַרשיידענע פּלענער, למשל: יידן זאָלן אַרבעטן נאָר פינף טעג אויף מעכאַנישע וועבשטולן אין וואָך מיט צוויי שעה מער יעדן טאָג. אָבער די וועבערס זיינען ניט איינגעגאַנגען אויף פאַרלענגערן דעם אַרבעטסטאָג.

צום סוף איז געבליבן, אַז די יידישע פאַבריקאַנטן זאָלן לאָזן גיין זייערע פאַבריקן אויך זונטיק, און די קהילה זאָל צוצאָלן דעם יידישן פאַבריקאַנט פאַר זונטיקדיקער דאַמפקראַפט. און אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן: די קהילה האָט געצאָלט 50 קאָפּ׳ פאַר יעדער יידישן דאַמפשטול, אַ טייל איז געפאַלן צו לאַסט אויך אויפן יידישן וועבער — צו צאָלן 30 קאָפּ׳ יעדער וואָך.

יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אָנגעהויבן צו באַציען זיך גינסטיקער צו די יידישע אַרבעטער אויף מעכאַנישע שטולן. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז די יידישע אַרבעטער פירן אויס זייער אַרבעט ניט ערגער פאַר די קריסטלעכע, אויך פירן זיי אויס זייער אַרבעט רעגולערער, ווייל זיי שיכורן ניט.

## די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג אין די יאָרן 1908—1909

אין 1908 געפינען מיר שוין טאַקע, אַז דעמאָלט זיינען געווען סך־הכל 731 מעכאַנישע שטולן אין 47 אונטערנעמונגען. צוגעקומען זיינען אין פאַרלויף פון יאָר 1906 — 145 וועבשטולן, און יידן האָבן געאַרבעט אין 30 אונטערנעמונגען אויף 206 שטולן. פון די פריש צוגעקומענע האָבן יידן פאַרנומען 77% פון די מעכאַנישע שטולן, דאָס הייסט, אַז דער אויסגלייך, אַז יידן זאָלן פאַרנעמען נאָר אַ העלפט פון די פריש צוגעקומענע שטולן, איז שוין ניט אָפּגעהיט געוואָרן.

אין 1909 האָט זיך געפילט אַן אויפלעבונג אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פּראָדוקציע מיט מעכאַנישע װעבשטולן. ביי יידישע פאַבריקאַנטן האָבן גע־אַרבעט 446 מעכאַנישע שטולן, דערפון 206 יידישע וועבערס ד״ה אין גאַנצן 45%, ווייניקער ווי אַ העלפט. אין די 206 גייען אַריין 35 שטולן פון 3 אַרטעלן, וואו עס אַרבעטן די יידישע באַזיצערס פון די אַרטעלן. אַרבעט האָט מען דע־מאָלט געפאָדערט. שטולן זיינען צוגעקומען. דעם אויסגלייך פון העלפט אויף העלפט האָט מען נאָך מער ניט אָפּגעהיט. וואו עס זיינען צוגעקומען מעכאַנישע שטולן, אַרבעטן אויף זיי מער יידישע אַרבעטער, מען האָט געאַרבעט דאָס יאָר אויך אויף די פּאַרלאָזטע האַנטוועבשטולן, ביז זיי וועלן פאַרביטן ווערן אויף מעכאַנישע. אין שטאָט האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו בויען די עלעקטרישע סטאַנציע. די יידישע וועבערס האָבן באַקומען האָפענונג פּטור צו ווערן פון דער פאַרבינדונג מיט דאַמפקראַפט און אַזוי אַרום צו קענען רוען שבת און פריי צו אַרבעטן זונטיק, ניט דאַרפנדיק צוצאָלן פאַר קראַפט[4].

[אַרום 1910, ווען אין ביאַליסטאָק איז איינגעפירט געוואָרן די עלעקטרישע טרייב־קראַפט, האָבן יידישע וועבערס אויפגעהויבן אַ באַוועגונג מ׳זאָל פועלן ביים גראָדנער גובערנאַטאָר, ער זאָל דערלויבן יידישע אַרבעטער צו אַרבעטן זונטיק אנשטאט שבת. איינער פון די אָנפירערס איז געווען מאיר מינעס, וועלכער איז פריער געווען איינער פון די ערשטע יידישע וועבערס וואָס האָבן זיך אַריינ־געריסן אין די פאַבריקן אויף מעכאַנישע שטולן, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס מ׳האָט געדאַרפט אַרבעטן אום שבת. נאָך לאַנגע מאַטערנישן איז געלונגען דאָס דורכצופירן, און כמעט אַלע יידישע וועבערס האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן שבת. — די אַרויסגעבער.]

## ג. דער מצב פון יידישער אַרבעט אין 1912

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז אין 1912 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק 66 וועבערייען מיט 1,116 מעכאַנישע שטולן. פון זיי יידישע 58.

אויב מען זאָל אויסשליסן די קריסטלעכע פאַבריקן און ניט רעכענען אָראַנזאָנס סטענגעס (בענדער)־פאַבריק, וואָס ביי אים האָבן יידן ניט גע־אַרבעט, און מאַכן אַ רעכענונג פון אויפשטייג פון יידישער אַרבעט פון 1903 ביז 1912, וועט מען געפינען, אַז אין 1903 האָבן געאַרבעט ביי יידישע פאַבריקאַנטן 700 האַנטשטולן און אַ חוץ דעם 600 האַנטשטולן ביי לוינקעטניקעס. צוזאַמען האָבן דעמאָלט געאַרבעט ביי יידן אין ביאַליסטאָק 1,300 האַנטשטולן. אָבער אין 1912 האָבן געאַרבעט אין די יידישע פאַבריקן 741 מעכאַנישע שטולן, ביי לוינ־קעטניקעס (יידן) — 300 מעכאַנישע שטולן, האַנטשטולן האָבן געאַרבעט אַן ערך 200 (מיט אַ יאָר צוריק האָבן געאַרבעט 400). אויב מען זאָל רעכענען, אַז יע־דער מעכאַנישער שטול פאַרבייט 3 האַנטשטולן, קומט אויס אַז יידישע וועבעריי אין

4. זען דעם אַרטיקל פון ליאָוואַ הירש אין צייטפראַגן, ב׳ I, נאָוועמבער 1909, זז׳ 80—83.

ביאַליסטאָק האָט געאַרבעט 1912 מיט 3,323 האַנטשטולן (3 מאָל 1041 און נאָך 200). פון 1903 האָט זיך אויף אַזאַ אופן יידישע וועבעריי פאַרגרעסערט מער ווי צוויי און אַ האַלב מאָל. דאָס איז געווען אָנהייב 1912, אין משך פון יאָר האָט די מעכאַנישע פּראָדוקציע געהאַלטן אין איין וואַקסן, איבערהויפּט אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה, וואָס פון דעמאָלט האָבן מיר, ליידער, ניט קיין פּינקטלעכע דאַטעס.

אין 1912 האָט מען שוין אויך געאַרבעט מיט עלעקטרישער קראַפט. 47 פאַבריקן האָבן געאַרבעט מיט דאַמפקראַפט, די איבעריקע מיט עלעקטרע, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אויך גאַנץ קליינע פאַבריקאַנטלעך צו עקסיסטירן מיט מעכאַנישע שטולן און אויך לוינקעטניקעס איינצופירן מעכאַנישע שטולן.

אין 1912 האָבן געאַרבעט אין 3 פאַבריקן מיט 67 שטולן — 22 שטולן פון די יידישע אַרבעטער ניט מער ווי 5 טעג אין וואָך; אין איין פאַבריק מיט 9 שטולן האָבן געאַרבעט די 4 יידישע אַרבעטער שבת. אין די איבעריקע פאַבריקן מיט 419 יידישע און 246 קריסטלעכע אַרבעטער גייט די אַרבעט אַ גאַנצע וואָך: שבת אַרבעטן 246 שטולן, זונטיק — 419.

כדי ריכטיק אָפּצושאַצן דעם פאַקט, וואָס זונטיק לאָזט מען אַרבעטן די מאָטאָרן ספּעציעל פאַר די 419 יידישע אַרבעטער, דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז געוויינלעך אַרבעט דער מאָטאָר ניט נאָר פאַר וועבערייען, נאָר אויך פאַר שפּינערייען און אַפּרעטורן, וואָס שטייען זונטיק. עס איז קלאָר, אַז דאָס פאָדערט באַדייטנדיקע קאָסטן. 63 יידישע אַרבעטער גיבן דעם פאַבריקאַנט פאַר זונטיק אויף קראַפט צו 25 קאָפּ׳, וואָס דער פאַבריקאַנט לייגט צו צו זיינע 50 קאָפּ׳. דאָס האָט פאַרשאַפט שוועריקייטן ביים אויפנעמען אַ יידישן וועבער אין אַ יידישער פאַבריק אויף אַ מעכאַנישן שטול, ווייל פון איין זייט האָט דער פאַברי־קאַנט ניט געוואָלט צו אים צולייגן געלט, און פון דער צווייטער זייט האָט ער ניט געוואָלט איינרייסן מיט די פרומע יידן „שומרי שבת". אין 1912 האָט די קהילה שוין ניט געוואָלט צאָלן די 50 קאָפּ׳ פון שטול.

### יידישע אַרבעט אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן

א) האָראָדאָק. אין 6 פאַבריקן מיט דאַמף געפינען זיך 79 מעכאַ־נישע שטולן, אויף זיי אַרבעטן 77 יידישע און 2 קריסטלעכע אַרבעטער. אויף איין פאַבריק האָבן 22 יידן באַצאָלט דעם פאַבריקאַנט 1500—1600 רובל, אין אַ צווייטער פאַבריק האָט אַ יידישער אַרבעטער אויסגעליען דעם פאַבריקאַנט אַן פּראָצענט 600 רובל (ווייזט אויס, אויף צו קויפן די מעכאַנישע שטולן), אין 3 שפּינערייען אַרבעטן איבערהויפּט יידישע אַרבעטער. אין אַלע פאַבריקן אין שטעטל, וואָס זיינען נאָר יידישע, האָט מען גערוט שבת און געאַרבעט זונטיק.

ב) סופּראַסלע. 1 פאַבריק מיט 60 מעכאַנישע שטולן, 14 יידן, 46 קריסטן. די יידן האָבן געאַרבעט 5 טעג אַ וואָך.

ג) זלאָטאָריע. 1 פאַבריק מיט 28 מעכאַנישע שטולן, 13 יידישע און 15 קריסטלעכע אַרבעטער. מען אַרבעט שבת (אַזאַ באַדינג פלעגט שטעלן דער פאַבריקאַנט ביים צונעמען אַ יידן).

ד) מיכאַלאָווע. 48 שטולן, 8 יידישע אַרבעטער. די לעצטע האָבן געצאָלט צו 300 רובל די פאַבריקאַנטן (2 דייטשן און איין ייד).

אין דאָבראָניעווע, כאָראָשטש, פיעסטשאַניקי און באַבין זיינען קיין יידישע אַרבעטער ניט געווען[5].

דאָס אַרבעטס־יאָר דאַרף מען רעכענען 290 טעג, 70 טעג גייט אַראָפּ אויף שבתים און יום־טובים און 6 טעג אויף רייניקן די מאַשינען. חוץ דעם טרעפן טעג, ווען מען אַרבעט ניט איבער טעכנישע סיבות. איבער דוחק אין אַרבעט טרעפט, אַז מען אַרבעט נאָר דריי־פיר טעג אַ וואָך. לויט די אויסרעכענונגען פון פאַרדינסטן פון פאַרשיידענע פאַבריקן און פאַרשיידענע טערמינען איז פעסט־געשטעלט געוואָרן, אַז דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט אין 1912 איז געווען 13.55 רובל אַ וואָך. דאָס איז געווען אין די טוך־און פאַלטע־שטאָף־פאַבריקן, וואו עס האָבן געאַרבעט דער גרעסטער טייל אַרבעטער. אין דעקעס־פאַבריקן, וואו עס האָבן געאַרבעט נאָר 190 וועבערס, פון זיי 34 יידן, איז געווען דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט 15 רובל. דער זעלביקער פאַרדינסט איז אויך געווען אין דער סטענגעס־פאַבריק, אָבער אין דער זייד־פאַבריק, וואו קיין יידישע אַרבעטער זיינען ניט געווען, איז געווען דער פאַרדינסט העכער, ביז 20—25 רובל אַ וואָך[6].

## ד. די אַלטע רעכטלאָזיקייט און אונדזער אָנטייל אין די דומע־וואַלן

מיר האָבן אָנגעוויזן אַז עס זיינען ניט געווען אין צאַרישן רוסלאַנד קיין ספּעציעלע באַגרענעצונגען קעגן יידישע פאַבריקאַנטן, אָבער אויך זיי האָבן געליטן פון דער אַלגעמיינער יידישער רעכטלאָזיקייט. און וואָס מען איז געווען נידעריקער אין שטאַנד, אַלץ מער איז אויסגעקומען דעם יידן צו ליידן.

די אַלע געזעצן מיט דעם שטענדיקן „קראַמע יעוורעיעוו" זיינען געבליבן אין קראַפט אויך נאָך די גליקן פון דער שטורעם־און דראַנג־תקופה, אויך נאָך די יאָרן 1900—1907. אַ סך זאַכן האָט זיך געביטן אַרום, אָבער די יידישע רעכט־לאָזיקייט איז געבליבן אין איר פאַרגליווערטן צושטאַנד.

יידן אין ביאַליסטאָק האָבן שטאַרק געפילט זייער רעכטלאָזיקייט און דעם באַליידיקנדיק אונטערטעניקן צושטאַנד אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, ווארעם יידן האָבן ניט געהאַט דאָס רעכט געוויילט צו ווערן ווי גלאַסנע. יידן האָבן ניט געהאַט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג וועלכע עס איז דעה און האָבן אויך ניט

---

5. זען א. זיסקינד „ביאַליסטאָקער אַרבעטער־לעבן", אין פראַגן פון לעבן, זאַמלבוך, נומ' 2—3, זז' 112—116.

6. דאָרטן, ז' 117.

באַקומען פון איר אונטערשטיצונג אויף אויסצוהאַלטן יידישע פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אַנשטאַלטן, כאָטש די הכנסה פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג איז געווען ביז 90% פון יידן.

ביז 1894 האָבן יידן געהאַט דאָס רעכט צו וויילן און געווילט צו ווערן מיט געוויסע באַגרענעצונגען. אָבער פון 1894 און שפּעטער האָט מען ביי יידן דאָס רעכט צוגענומען. נאָר דער גובערנאַטאָר האָט באַשטימט עטלעכע יידן ווי גלאָס־נעס. אין 1894 זיינען באַשטימט געוואָרן אין ביאַליסטאָק נאָר צוויי יידישע גלאָס־נעס: יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי און לעאָן זאַקהיים. אין 1904 זיינען באַשטימט געוואָרן: אברהם טיקטין, ח. ה. נאַוויק, יעקב מאַרקוס און מאַקאָווסקי, אָבער אונטער דער השפּעה פון די ציוניסטן האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט — אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט — פון דעם באַשטימטן פּאָסטן, ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער יידישער רעכטלאָזיקייט צו וויילן און געווילט צו ווערן אין דער אופּראַווע.

נאָך מער באַליידיקנדיק איז געווען דער פאַקט, וואָס די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער דאָזיקער קריסטלעכער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און וואָס ביי יידן איז צוגענומען געוואָרן דאָס רעכט צו האָבן אַ לעגאַלע קהילה־אָרגאַניזאַציע.

אין פּנקס ביאַליסטאָק ב׳ I, אין דעם פּערצנטן קאַפּיטל, וואו מיר דער־ציילן וועגן די „דערציאונגס־אַנשטאַלטן אין ביאַליסטאָק ביז 1914", האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף די ווילדע צאַרישע געזעצן וואָס האָבן געשטערט פון אַלע זייטן דעם יידן אין זיין דראַנג נאָך בילדונג. פון איין זייט האָט מען ניט געלאָזן אין חדר לערנען אפילו רוסיש, פון דער צווייטער זייט האָט מען מער ווי 10% יידן ניט אָנגענומען אין די אַלגעמיינע רעגירונגס־שולן און גימ־נאַזיעס. יידן האָבן זייער זעלטן און נאָר נאָך גרויסע שוועריקייטן און אַ סך פּראָטעקציע געקענט קריגן אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ פּריוואַטע שול אָדער גימנאַזיע. מיר דערמאָנען די אַלע זאַכן נאָך אַ מאָל, ווייל די באַגרענעצונגען אויפן דערציאונגס־געביט זיינען געווען פאַר יידן שווער און באַליידיקנדיק און האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אויפן שטח פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט אין צאַרישן רוסלאַנד.

אפילו האַרט פאַר דער [ערשטער] וועלט־מלחמה האָבן יידן נאָך אַלץ געליטן פון אומגלייכקייט אין מיליטער־דינסט. אַ ייד האָט ניט געקענט זיין אַן אָפיציר. אפילו די וואָס האָבן געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע האָבן זיך ניט געקענט דערדינען צו אַ העכערן ראַנג. עס איז שוין ניט צו ריידן וועגן די צרות וואָס יידישע סאָלדאַטן האָבן געליטן.

איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס די צאַרישע רעגירונג איז פאַררעכנט געווען ביי יידן ווי אַ מלכות של לסטים מזוין, וואָס אירע אויסנאַם־געזעצן זיינען לויטן יידישן דין ניט פאַרפליכטנדיק און ניט בינדנדיק. דעריבער האָבן אַלע פאַרמעגלעכע יידן אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו באַפרייען פון מיליטער־דינסט זייערע קינדער. נאָר די אָרעמע שיכטן האָבן געמוזט גיין דינען.

לאָמיר דאָ דערמאָנען אַז אויך אין ביאַליסטאָק זיינען אין ניקאָלאַי I צייטן אַנגעווענדט געוואָרן דורך דער יידישער קהילה אַלע געוואַלטמיטלען אויכצופילן די צאָל יידישע סאָלדאַטן, וואָס די קהילה האָט געדאַרפט געבן — דורך אָרעמע קינדער. אין יענע טרויעריקע צייטן האָט מען זיך אויך באַנוצט מיט כאַפּערס צו כאַפּן אָרעמע קליינע קינדער און זיי אַוועקגעבן פאַר רעקרוטן־קאַנטאָניסטן. און שפּעטער האָט די קהילה דורך סבאָרשטשיקעס אויפגעזוכט דערוואַקסענע מיליטער־פליכטיקע פון די אָרעמע שיכטן און מען פלעגט זיי אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן.

אין מיינע צייטן זיינען שוין קיין סבאָרשטשיקעס ניט געווען, נאָר די צו־געגומענע אָרעמע סאָלדאַטן פלעגן באַקומען שטיצע פון דער קהילה כדי צו באַפרייען דורך זיי די ערשטע לגאָטעס, וואָס כל־זמן עס איז ניט געווען אויסגע־פילט די נייטיקע צאָל סאָלדאַטן, וואָס די ביאַליסטאָקער קהילה האָט געדאַרפט געבן, זיינען זיי פון מיליטער־דינסט ניט באַפרייט געוואָרן. זייערע עלטערן פלעגן זיך משתדל זיין מיט פאַרשיידענע מיטלען, די צאָל סאָלדאַטן זאָל אויס־געפילט ווערן. זיי פלעגן שטענדיק מאַכן קולות און געפילדער ביי די ראשי הקהל, אַז מען זאָל געבן דערצו די נייטיקע געלט־סומעס. איין מאָל האָבן זיי ניט געלאָזן ר׳ שמואל מאָהיליעווערן האַלטן זיין האַלביערלעכע דרשה שבת הגדול אין בית־מדרש הגבוה.

אָבער אויך אָן קאַנטאָניסטן און אָן סבאָרשטשיקעס און אָן עוולות פון קהל, איז נאָך אַלץ מיליטער־דינסט געווען אַ גזירה. ווען אַ יידישער בחור פלעגט זיך ניט שטעלן צום מיליטער־דינסט פלעגט די משפחה באַשטראָפט ווערן מיט 300 רובל. דאָס אָנקומען פון דער צייט, אַז מען דאַרף זיך שטעלן פאַרן „פּאָניע" איז געווען אַ צייכן פאַר אַ סך יונגע־לייט אַז מע דאַרף זיך לאָזן אין וועג אַריין, אַז מע דאַרף עמיגרירן קיין אַמעריקע אָדער אַרגענטינע.

און ווי קען מען עס פאַרדענקען? וואָסער האַרץ האָט מען געקענט האָבן צו גיין דינען אַ רעגירונג און אַ מאַכט וואָס אָרגאַניזירט פּאָגראָמען, און ווען זי טוט עס ניט — האַלט זי דעם יידן ניט ווי אַ בירגער, נאָר ווי אַ געדולדעטן, פון אַ צווייטער מדרגה!

### יידישע „וויבאָרשטשיקעס" פון ביאַליסטאָק

אין 1906 האָט די רוסישע רעגירונג צונויפגערופן די ערשטע „גאָסודאַר־סטווענע" דומע, דעם פּאַרלאַמענט פון רוסלאַנד. די וואַלן זיינען ניט געווען קיין דירעקטע. מען האָט געקליבן אַזוי גערופענע „וויבאָרשטשיקעס", און זיי האָבן שוין אויסגעוויילט פון זיך די דעפּוטאַטן. יידן האָבן באַקומען רעכט צו וויילן און אויסגעוויילט צו ווערן ווי „וויבאָרשטשיקעס".

פון ביאַליסטאָק זיינען די ערשטע יידישע „וויבאָרשטשיקעס" אין יאָר 1906 געווען: ד״ר רייגראָדסקי, ד״ר מאָהיליווער, צאָן־דאָקטאָר ציטרין, אברהם טיקטין, פאָלק קעמפּנער, דאָקטאר פערעלשטיין, און ווי דעפּוטאַטן אין דער דומע

זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די יידישע אַדוואָקאַטן: אָסטראָגאָרסקי פון גראָדנע און יאַקאָבסאָן פון סלאָנים.

נאָכן פונאַנדערלאָזן אויך די צווייטע דומע וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרק ראַדי־קאַלע מערהייט, האָט די צאַרישע מאַכט געביטן דאָס געזעץ פון צונויפרופן די דומע און אַזוי אויסקאָמבינירט, אַז די קומענדיקע מערהייט זאָל גיין מיט איר. די רעכט פון אַלע וויילערס זיינען באַגרענעצט געוואָרן און אויך פון די יידישע וויילערס. יעמאָלט, אין 1907 זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ווי „וויבאָרשטשיקעס״: פ. קעמפּנער, א. טיקטין, ד״ר רייגראָדסקי, מילעצקי, שמואל־הערש גאָלדבערג, אברהם־אליהו װענדעל.

יעמאָלט זיינען נאָר דריי יידן אַריין ווי דעפּוטאַטן אין דומע. פון גראָדנער גובערניע, ווי פון אַנדערע גובערניעס מיט אַ קאָמפּאַקטער יידישער באַפעל־קערונג (חוץ קאָוונער גוב׳ און קורלענדער וואָס האָט געהאַט ווייניקער יידן) זיינען שוין קיין יידישע דעפּוטאַטן ניט געווען. ביי אונדז, אין גראָדנער גובער־ניע, האָט מען קיין יידישן דעפּוטאַט שוין ניט געקענט אויסקלייבן, ווייל די פּוילישע „וויבאָרשטשיקעס״ וואָס האָבן אין 1906 געהאַט אַן אָפּמאַך מיט די יידן, האָבן אונדז דאָס מאָל פאַרראַטן. זיי האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די רוסן קעגן די יידן, און אַזוי אַרום באַרויבט פון אונדז די מעגלעכקייט צו האָבן פון גראָדנער גובערניע אַ יידישן דעפּוטאַט.

אין 1912 זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער פערטער דומע. ווי „וויבאָר־שטשיקעס״ זיינען פון ביאַליסטאָק אויסגעקליבן געוואָרן א. טיקטין און נחום סאָקאָלאָוו, וואָס אים האָבן די ציוניסטן געוואָלט אויסקלייבן ווי אַ דעפּוטאַט, אָבער פון די יידן איז קיינער ניט אויסגעקליבן געוואָרן.

נחום סאָקאָלאָוו איז קיין יידישער דעפּוטאַט פון ביאַליסטאָק ניט געוואָרן. אָבער עס איז ניט געווען אַזוי פּשוט אים אפילו פאַר אַ „וויבאָרשטשיק״ צו מאַכן. דערצו האָט ער דאָ געמוזט האָבן אַ האַנדל־אָדער פאַרמעגן־צענז. האָט מען אים געמאַכט אַ פאַריקאַטשיק־שיין, וואו עס איז געשטאַנען גע־שריבן: „דאָס דאָזיקע ווערט אַרויסגעגעבן פון דעם סוחר ערשטע גילדע בערקאָ סאַמואילאָוויטש גאָלדבערג אין ביאַליסטאָק „דעם מיעשטשאַנין״ נחום לייבאָוויטש סאָקאָלאָוו פון ווישעגראַד, פּלאָצקער גובערניע, אַז דער לעצטער, איינוואוינער אין וואַרשע (גאַס און נומער), האָט דאָס רעכט צו שליסן געשעפטן אין אויבן דערמאָנטנס נאָמען״.

עס זיינען געווען יידן וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן נחום סאָקאָלאָוון. דאָס איז געווען די גרופּע אַרום דער צייטונג **גאָלאָס ביעלאָסטאָקאַ**, וואָס איז געווען אַנטי־ציוניסטיש.

## ה. די צוויי ביאַליסטאָקער צייטונגען

נאָך דעם סאָציאַליסטישן שטורעם אין די יאָרן 1900—1907 האָט זיך צווישן דער ביאַליסטאָקער געזעלשאַפט איינגעשטעלט אַ קליינע גרופּע דיפּלאָמירטע

אינטעליגענטן וואָס זיינען געווען געשטימט סאָציאַליסטיש און אַנטינאַציאָנאַל. די גרופּע האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אין שטאָט און האָט אַרויסגעגעבן אַ רוסישע צייטונג. זי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט אין זינען די ברייטע שיכטן פון פאָלק, נאָר מער די אינטעליגענציע און די יוגנט.

סוף 1909 האָט אין ביאַליסטאָק זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט „ביעלאָ־סטאָקסקאָיע איזדאַטעלסקאָיע טאָוואַרישטשעסטוואָ" (ביאַליסטאָקער פאַרלעג־גערישע געזעלשאַפט). בראש פון דער געזעלשאַפט זיינען געשטאַנען: ס. ל. וויינרייך, ע. וו. דאַווידאָווסקי און פּ. ד. נאָוויק. דעם 1טן יאַנואַר האָט די גע־זעלשאַפט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ טאָגצייטונג „ב י ע ל אָ ס ט אָ ק ס ק אָ ־ י אַ ג אַ ז ע ט אַ". דער רעדאַקטאָר איז געווען י. ס. זעליגמאַן. אַזוי ווי די צייטונג האָט געליטן פון דוחק אין געלט און ניט געקענט אויסהאַלטן די פיל געלטשטראָפן וואָס די מאַכט האָט געהאַט אַרויפגעלייגט אויף איר, האָט זי דעם 6טן מאי 1910 זיך געשלאָסן.

אין צוויי חדשים אַרום, דעם 6טן יולי, האָט דער זעלביקער רעדאַקטאָר אָנ־געהויבן אַרויסצוגעבן דעם „ג אָ ל אָ ס ב י ע ל אָ ס ט אָ ק אַ". די צייטונג האָט כלפּי חוץ אַוודאי געבראַכט נוצן, שיצנדיק יידן קעגן די אָנפאַלן פון די רוסישע אַנטיסעמיטישע צייטונגען אין ביאַליסטאָק, אָבער איר השפּעה כלפּי פּנים איז געווען שעדלעך, ווייל זי האָט אַריינגעבראַכט אַן אַסימילאַטאָרישע רוסישע שטרעמונג.

כדי אָפּצושוואַכן איר ווירקונג אויף דער יידישער באַפעלקערונג איז גע־גרינדעט געוואָרן דורך אַ גרופּע ציוניסטן (ד"ר י. מאָהיליווער, ד"ר י. כאַזאַ־נאָוויטש, עבער וואָלקאָוויסקי, ד"ר פּינעס, ד"ר זימאַן, שמואל־הערש גאָלדבערג) די ערשטע טעגלעכע יידישע צייטונג אין ביאַליסטאָק מיטן נאָמען ב י אַ ־ ל י ס ט אָ ק ע ר ט אָ ג ע ב ל אַ ט. אַ. ש. הערשבערג איז געוואָרן איר רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער. די צייטונג האָט געהאַט אַ ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע טענדענץ. אין איר צייט האָט זי געהאַט אַ גרויסע עטישע און נאַציאָנאַלע השפּעה אויף דער יידישער באַפעלקערונג. זי האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דעם 10טן יולי 1913, זי האָט אויפגעהערט צו דערשיינען דעם 5טן יולי 1915, בשעת ני־קאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט פאַרמאַכט אַלע יידישע און העברעאישע צייטונגען. דער עלטערער דור דערמאָנט נאָך היינט מיט גרויס אַכטונג די דאָזיקע נאַציאָ־נאַלע צייטונג, וואָס האָט קיינעם ניט נושא פּנים געווען און האָט רעאַגירט אויף אַלע געשעענישן און דערשיינונגען אין ביאַליסטאָקער יידישן קהלשן, עקאָנאָ־מישן, קולטורעלן, פילאַנטראָפּישן לעבן [7].

7. מאָשטשיצקי, אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן ביאַליסטאָק (זען די אָפּשאַצונג פון אָט דעם ווערק אין פנקס ביאַליסטאָק ערשטן באַנד זז' 3—9) זאָגט אויף ז' 190 אָט וואָס:

„כאָטש יידן האָבן געבילדעט אַ ציפערישע מערהייט פון דער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג, האָבן זיי נאָך ניט געהאַט קיין פעריאָדישע אייגענע צייטונג. דאָס דערקלערט זיך דערמיט וואָס די אָרטאָדאָקסן זיינען געווען אַ ווייניק קולטורעלער עלעמענט, וואָס האָט ניט פאַר־שטאַנען די נייטיקייט פון דער פּרעסע. די אינטעליגענטע קרייזן האָבן געצויגן אין קול־

פון אָנהייב איז געווען דער הויפּט־מיטאַרבעטער אין דער צייטונג דער באַ־קאַנטער שרייבער משה טייטש און שפּעטער דער באַקאַנטער זשורנאַליסט מיטן נאָמען „דן״, וואָס איז שפּעטער געווען רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג אין ווילנע. אָבער דאָס צווייטע יאָר, אין ערשטן יאָר פון דער מלחמה, האָב איך אַליין מיט מיין יינגערן זון הענעך, פיל געאַרבעט אין דער צייטונג.

שפּעטער, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָב איך ווידער געוואָלט אַרויסגעבן די צייטונג, אָבער איך האָב קיין דערלויבניש ניט באַקומען, וואָרעם די אָקופּירנדיקע מאַכט האָט אַליין אַרויסגעגעבן אַ צייטונג אין יידיש און אויך אין דייטש.

## ו. די לעצטע צוויי קאָראָבקע־בודזשעטן

נאָכן אָפּשטאַרבן פון יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי, דעם אַלטן קהילה־ דיק־טאַטאָר, און גלייך מיט אים נאָכן פאַרשווינדן פון דעם גאַנצן אַלטן רעזשים, האָט די ביאַליסטאָקער קהילה פריי אָפּגעאָטעמט. עס זיינען אויפגעשטאַנען נייע עסקני צבור, מענטשן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן געטריי, אָן שום דיקטאַטור־כוונות אויפצוריכטן די אַלטע אָפּגעלאָזענע קהילה־אַנשטאַלטן און אויפצובויען נייע.

האַרט פאַר דער מלחמה זיינען געווען פאַרטיק פּראָיעקטן פון נייע קהילה־אינסטיטוציעס און ווייטערע אויסבעסערונגען פון די אַלטע. עס איז שוין געלעגן אָן ערך 8,000 רובל אין מלוכה־באַנק אויף חנא־הערש נאָוויקס נאָמען — די ערשטע אויפגעקליבענע נדבות אויף אויפצומויערן אַ גרויסע נייע מאָדערנע כאַרשול מיט אַ ביבליאָטעק אין מיטן שטאָט. עס איז שוין געלעגן געלט אויף אויפצומויערן אַ צווייטן שטאָק אויפן בית־יתומים אד״גל.

פאַר מוסרים האָט מען מער ניט מורא געהאַט. זיי זיינען טיילוויז צעשטאַרבן און טיילוויז זיך צעלאָפן, ווייל די ביאַליסטאָקער קהילה האָט זיי מער ניט געדאַרפט משחד זיין. אויך זייער הויפּט־קוואַל פאַר מסירות — פאַלש־באַפרייטע פון מיליטער־דינסט — האָט זיך פאַרמאַכט, ווייל אויך פון די פאַרמעגלעכערע עלעמענטן האָט מען לית ברירה אָנגעהויבן גיין צו מיליטער־דינסט. די קאָ־ראָבקע־סמיעטע איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ כשרן אופן, און מען האָט זי ניט געקענט מסרן. און עס גילט דער אַלטער כלל: לא עכברא גנב אלא חורא גנב (גיטין, מ״ה, ע״ב) — ניט די מויז איז דער גנב נאָר די לאָך. זיינען די קהלשע מוסרים געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט.

---

טורעלן זינען אַהער, צו דער פּוילישער און רוסישער קולטור. דער איינציקער שוואַכער פּאַרטרעטער אין ביאַליסטאָק איז געווען ניט קיין פערי־אַדישע צייטשריפט הייניקע נייס, רעדאַגירט פון מ. סיווע״.

ווי מיר זעען, איז זיין גאַנצע מעשה אַ פאַלשע: פון מ. סיוועס צייטונג, וואָס ער ברענגט, זיינען געווען אַרויסגעגעבן נאָר עטלעכע בלעטער כדי ניט צו פאַרלירן דעם זכות אויף אַ צייטונג, וואָס ער האָט אַרויסגענומען אַ דערלויבניש אַרויסצוגעבן. אויף אַזאַ אופן שרייבט מאַשטשיצקי ס׳רוב זיינע ידיעות וועגן יידן אין ביאַליסטאָק.

די קאָמיסיע פון דער קאָראָבקע־„סמעטע״ (בודזשעט) איז פאַר דער מלחמה־צייט באַשטאַנען פון 80 פּערזאָן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן (ווי דער געזעץ האָט געפאָדערט) דורכן שטאָט־גאַלאָווא כמעט פון אַלע פאַלקשיכטן. נאָר די מערהייט אין איר זיינען געווען די יידישע אינטעליגענטן מיטן ראַבינער ד״ר יוסף מאַהיליווער בראש. פון זיי איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָראָבקע־קאָמיסיע; אמת, אין שטאָט האָט מען דערויף געהאַט תרעומות, אָבער זיי אַלע זיינען געשטאַנען העכער פון וועלכן עס איז חשד, אַז זיי האַנדלען נישט ערלעך.

די קאָמיסיע אויף אויפצושטעלן די „סמעטע״ פון 1914 ביז 1918 איז באַשטאַנען פון: ראַבינער ד״ר יוסף מאַהיליווער, שמואל הערש גאָלדבערג, ד״ר פּערלשטיין, מערלינסקי, טרעשטשאַנסקי, ציין־דאָקטאר ציטרין, עבער וואָלקאָווסקי, י. כהן, אייזיק האַראַדישץ, מ. מ. מאַניסעוויטש, רובינאָווסקי, יאַנאָוויטש.

מיר גיבן דאָ איבער אַ קאָפּיע פון די לעצטע 2 סמעטעס פון 1910 ביז 1914 און פון 1914 ביז 1918, כדי מען זאָל זיך קענען מאַכן אַ באַגריף פון דעם קהילה־בודזשעט אויפן יסוד פון דער קאָראָבקע פאַר דער מלחמה־צייט [8].

די וויטערדיקע ציפערן וועיזן די יערלעכע אונטערשטיצונגען פון קאָראָבקע־געלט פאַר פאַרשיידענע מוסדות. איין מאָל אין פיר יאָר האָט מען באַשטימט אָט די אונטערשטיצונגען פאַר די וויטערדיקע פיר יאָר. במשך 1910—1914 האָט מען באמת זיך אַזוי נוהג געווען. די „סמעטע״ 1914—1918 איז צום גרעסטן טייל געבליבן אויף פּאַפּיר.

## די אונטערשטיצונגען פון קאָראָבקע־געלט

| ציל פון אַסיגנירונג | 1910—1914 | 1914—1918 |
|---|---|---|
| פאַר דער רבנים־קאָמיסיע ביים מיניסטער | 95.98 | 95.98 |
| פאַר „געלערנטע יידן״ [9] ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר | 212.91 | ——— |
| פאַר דער גרויסער שטאָטשול | 690. | 1,500. |
| צו דעקן דעם חוב פון קאַפּיטאַל צו בויען די שטאָטשול | 1,000. | 1,000. |
| פאַר דער כאָרשול | 150. | 150. |
| פאַרן שפּיטאָל | 12,305. | 12,955. |
| פאַרן מושב זקנים | 4,905. | 5,105. |
| פאַרן „יד חרוצים״ | 1,925. | 2,250. |
| פאַר מעות חיטים | 1,635. | 1,635. |
| פאַרן שטאָטישן קאָמיטעט צו שטיצן אָרעמע | 7,680. | 7,680. |
| אויף האָלץ פאַר אָרעמע | 321. | 475. |

8. אין ביאַליסטאָקער טאָגעבלאַט, פון 1טן יאַנואַר 1914, (ז׳ טבת תרע״ד) נומער 1 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די קאָפּיע פון דער סמעטע כדי אָראָפּצונעמען די פאַלשע אומבאַגרינדעטע באַשולדיקונגען פון אַ ביאַליסטאָקער בלעטל דאָס וואָרט קעגן דער „סמעטע״־פאַרטיילונג.

9. געווען אַזאַ צאַרישע אינסטיטוציע „אוטשאָניע יעווריי״, אַ מין אַפּיציעלע עקספּערטן ביי דער מאַכט. דאָס איז בטל געוואָרן איז ניטאָ פאַר דעם קיין אַסיגנירונג אין דער „סמעטע״ 1914—1918.

| ציל פון אַסיגנירונג | 1914—1910 | 1918—1914 |
|---|---|---|
| פאַר דער „חברה יולדות״ (אָרעמע קימפּעטאָרינס) .......... | 400. | 400. |
| צו שטיצן אָרעמע „נאָוואָבראַנצעס״ .................... | 315. | 315. |
| פאַר הכנסת אורחים ................................ | —— | 165. |
| פאַר לינת הצדק .................................. | 475. | 475. |
| פאַר לינת חולים .................................. | 536. | 536. |
| פאַר דער אַמבולאַטאָריע און אַפּטייק פון לינת הצדק ........ | 370. | 370. |
| פאַרן הקדש ...................................... | 985. | 1,185. |
| פאַרן מלבוש ערומים ............................... | 340. | 340. |
| אויפן רעמאָנט פון שעכטהויז ......................... | 225. | 225. |
| פאַרן יידישן טיש אין שטאָט־פאַרוואַלטונג ............... | 380. | 380. |
| פאַר דער „מעשטשאַנסקע אופראַווע״ .................... | 155. | 155. |
| פאַר דער פאַמיליע פון דערהרגעטן ליבערמאַן [10] .......... | 150. | 150. |
| פאַר דער אַלמנה פון ראַבינער מאַרקוס ................... | 360. | 360. |
| פאַר דער יידישער ביבליאָטעק ......................... | —— | 200. |
| פאַר דער ביליקער קיך .............................. | 436. | 436. |
| פאַר דער אַלטער ת״ת אויף פּיאַסקעס .................. | 3,100. | 4,980. |
| פאַר דער ערשטער פאָלקשול .......................... | 3,601.06 | 3,801.66 |
| פאַר דער צווייטער פאָלקשול ......................... | 3,534.66 | 3,882. |
| פאַר דער מיידל פאָלקשול ........................... | 7,006.66 | 7,356.66 |
| פאַר דער שול פון גווירץ ........................... | 640. | 640. |
| פאַר דער אָנפאַנגשול פון יפה [11] ........................ | 4,645. | 4,970. |
| פאַר דער נייער ת״ת (וויסאָצקיס) ..................... | 6,740. | 7,065. |
| פאַר דער שול פון כתריאל קאַפּלאַן ..................... | 506. | 506. |
| פאַר די איינוואוינער פון סטאַראָשעלץ ................... | 282. | 282. |
| פאַר דער שול פון פרוי כוואָלעס [12] ...................... | 380. | —— |
| פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער מיידל־שול ..................... | 1,485. | 1,980. |
| פאַר דער פּריוואַטער שול פון א. לעוויצקי ................. | 100. | —— |
| פאַרן ווילנער לערער־אינסטיטוט ...................... | 423.40 | 423.40 |
| פאַרן יתומים־הויז (דער פּריוט) ........................ | 570. | 675. |
| פאַר דער קינדער־קאָלאָניע אין דרוסקעניק ............... | 90. | 190. |
| צו לערנען אָרעמע קינדער יידישע לימודים ................. | 180. | 235. |
| אויף מעדיצינישע הילף אין די ת״ת .................... | 135. | 135. |
| פאַר דער האַנטווערקער־שול .......................... | 3,995. | 4,570. |
| רעשטלעך און רעזערוו־קאַפּיטאַל ...................... | 2,225.21 | 2,577.30 |

10. ער איז דערהרגעט געוואָרן ביי דער געביידע פון תלמוד־תורה.

11. די שול האָט באַקומען געלט אויך פון ליכט־אַפּצאָל, פון „סוועטשנאָי סבאָר״.

12. אַזוי ווי פרוי כוואָלעס האָט באַקומען געלט פאַר איר שול דירעקט פון דער גובערניע, וואָס דאָס איז געווען קעגן דעם באַשלוס פון דער קאָמיסיע, האָט מען אין דער לעצטער „סמעטע״ בכלל קיין אַסיגנירונג פאַר איר ניט באַשטימט.

חוץ דער הכנסה פון קאַראָבקע האָט די יידישע קהילה געהאַט הכנסה פון דעם אָפּצאָל פאַר שחיטה פון עופות, וואָס דאָס האָט ניט געהערט צו דער קאָראָבקע נאָר צו דער קהילה. פון דעם האָט די קהילה געדעקט די הוצאה אויף רבנים. געוויינלעך פלעגט די קהילה פאַרדינגען די שחיטת עופות די בעלי־הקאָראָבקע, און זיי פלעגן צאָלן די רבנים. האָבן זיך די לעצטע חוכרים (יעקל יאַנאָוויטש, לייב מאַזאָווער און לייב מאַטעס) אָפּגעזאָגט פון איר. האָבן זיך אָנגענומען אַנדערע איבערצונעמען זי און צאָלן די רבנים 80 רובל וועכנטלעך [13]. דער סכסוך איז געווען, ווייל די קהילה האָט געפאָדערט אַ הוספה פון אַ קאָפּיקע און די חוכרים האָבן ניט איינגעשטימט דערויף [14].

בכל אופן האָט מען שוין ניט געדאַרפט ווי פריער זיך באַנוצן מיט פאַלשע הוצאות אין דער „סמעטע" פון דער קאַראָבקע כדי צו באַקומען שכירות פאַר די רבנים, וואָס זיינען געווען ניט לעגאַל, נאָר זיי האָבן זיך אָנגערופן לגבי דער רעגירונג משגיחים אויף כשרות.

די לעצטע „סמעטעס" זיינען שוין געווען סטאַביל, ריכטיק און ערלעך אויפגעשטעלט, און מען איז שוין ניט באַגאַנגען ביים אויפשטעלן דעם קהילה־בודזשעט דאָס פריערדיקע הפקרות. מען האָט ניט מער צוגעלאָזן צו גיין דירעקט אין גובערניע אַרויסצובאַקומען געלט פון דער קאַראָבקע דורך שוחד [15].

דער סך־הכל פון דער „סמעטע" פאַר די יאָרן 1910—1914 האָט אויסגעמאַכט 73 טויזנט רובל יערלעך, און פון דער לעצטער „סמעטע" 80 טויזנט רובל.

---

13. אַז די רבנים האָבן דעמאָלט באַקומען קליינע שכירות, זעט מען פון אַ בריוו, וואָס הרב ר' חיים הערץ ז"ל האָט דעמאָלט געשריבן צו אַ היגן כלל־טוער און האָט זיך פאַר אים שטאַרק געקלאָגט, אַז עס איז אים זייער שווער דורכצוקומען מיט די 15 רובל אַ וואָך, וואָס ער באַקומט פון דער שחיטת עופות.

14. אין ביאַליסטאָקער טאָגעבלאַט איז דעמאָלט, אין תרע"ד, במשך פון אַ לאַנגער צייט (אין די נומערן 66—94) געווען אַ גאַנצע שקלא וטריא צווישן די חוכרים און דעם קהל.

15. נאָך דער לעצטער „סמעטע" האָט אַ גבאי פון „לינת הצדק" און הקדש געוואָלט אַרויסבאַקומען די 6000 רובל, וואָס איז איבערגעבליבן אין דער קאַראָבקע נאָך נישט באַשטימטע פון דער קאָמיסיע. איז געוואָרן אַ גרויסער ויצעקו. מען איז אַרויסגעגאַנגען קעגן דעם אין ביאַליסטאָקער טאָגעבלאַט (נומ' 96 און ווייטערדיקע פון יאָר 1914), מען האָט געמאַכט פּראָטעסט־אסיפות און מען האָט דאָס ניט דערלאָזן.

## קאַפּיטל זיבן

# דער איבערבוי פון אַלטע קהילה־אַנשטאַלטן

אין די יאָרן פאַר דער (ערשטער) וועלט־מלחמה האָט ביאַליסטאָק זיך גענומען איבערבויען און באַנייען אירע גאַר אַלטע מוסדות און אַנשטאַלטן וואָס זיינען געווען אין אַזאַ שלעכטן מצב און זיי זיינען געווען אַ בזיון פאַר אַזאַ גרויסער קהילה. מיטגעהאָלפן דערצו האָט דער פאַרבעסערטער עקאָנאָמישער מצב, זינט 1908. אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז יעמאָלט געווען אַן אויפשטייג. דורך דעם איז אויך בעסער געוואָרן די אַלגעמיינע לאַגע אין שטאָט.

אונדזער קהילה האָט ענדלעך דערפילט די אָפּגעשטאַנענקייט און אָפּגעלאָזנקייט פון די אַלטע קהלשע אַנשטאַלטן, וואָס זיינען ווייט ניט געווען צוגעפאַסט צו די נייע, בעסערע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון אַ מאָדערנער קהילה אין 20סטן יאָרהונדערט. איך זאָג דאָ „קהילה", הגם עס איז ניט געווען קיין אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט וואָס האָט אָנערקענטע רעכט. איך מיין דאָ גיכער די פּריוואַטע איניציאַטיוו פון איינציקע כלל־טוערס, וואָס אין זיי און דורך זיי האָט זיך אָנטפּלעקט דער ווילן און דאָס געוויסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק. אַדאַנק אָט דער פּריוואַטער איניציאַטיוו האָט זיך איינגעגעבן איבערצובויען די אַלטע אַנשטאַלטן און אויפשטעלן נייע.

די אַלטע שולהויף־אַנשטאַלטן זיינען געווען: די תלמוד־תורה, דער הקדש, די מקוואות און די שול (די סינאַגאָגע). זיי זיינען געשטאַנען אויף דער זעלביקער נידעריקער מדרגה וואָס מיט הונדערט יאָר צוריק. צו זייער איבערבוי האָט מען זיך איצט גענומען.

## א. די תלמוד־תורה

### ביי יידן די ערשטע צוואַנגשולן

יידן האָבן שוין פון גאָר לאַנג געזאָרגט וועגן דער פאָלקסבילדונג. אַזאַ דערשיינונג ווי צוואַנגשול עקסיסטירט ביי יידן פאַקטיש שוין פון לעצטן יאָרהונדערט פאַרן חורבן פון צווייטן בית־המקדש. צווישן די דריי תקנות וואָס שמעון בן שטח האָט מתקן געווען איז געווען איינע אַז קינדער מוזן גיין זיך לערנען: ושיהו תינוקות הולכין לבית הספר (י ר ו ש ׳ כ ת ו ב ו ת, סוף פ״ח).

די דאָזיקע גרויסע תקנה איז פאַרפולקומט און פאַרפעסטיקט געוואָרן דורכן כהן גדול יהושע בן גמלא, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון חורבן[1], ווי עס ווערט דערציילט אין

1. דאָס ווערט געשיכטלעך באַשטעטיקט דורך יוסף פלאַוויוס אין זיין אויטאָביאָגראַפיע. ער זאָגט: „עס איז דאָ אַ געבאָט די קינדער צו לערנען לייענען און זיי אַריינצוברענגען די קענטעניש פון די געזעצן, און זיי לערנען וועגן די מעשים פון די אָבות, כדי זיי זאָלן נאָכטאָן און זאָלן זיין פון דער יוגנט אָן אַזוי באַקאַנט מיט די געזעצן, אַז זיי זאָלן זיין אָפּגעהיט פון עבירות און זיי זאָלן ניט קענען האָבן דעם תירוץ אַז זיי ווייסן ניט די געזעצן".

תלמוד (ב״ב, כ״א—ע״א), ווייל ווען ניט ער, וואָלט די תורה פאַרגעסן געוואָרן פון יידן, וואָרעם פריער פלעגט יעדער פאָטער לערנען מיט זיין קינד, (לויט דעם געבאָט פון דער תורה (דברים, ו—ז), אָבער ווער עס האָט קיין פאָטער ניט געהאַט, האָט ער קיין תורה ניט געלערנט. האָט מען מתקן געווען, אַז אין ירושלים זאָל מען זעצן מלמדים אויף לערנען מיט די קינדער. נאָך דעם האָט מען מתקן געווען, אַז מען זאָל זעצן אַזעלכע מלמדים אין יעדער קרייז, ביז וואַנען עס איז געקומען יהושע בן גמלא און האָט מתקן געווען, אַז מען זאָל זעצן מלמדים פון קינדער אין יעדער פראָווינץ און אין יעדער שטאָט, און אַז שול־פליכט הייבט זיך אָן ביי די קינדער פון 6—7 יאָר אָן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך באַלד אַנטוויקלט ביי יידן די קינדער־שולן. עס ווערט דערציילט, אַז שפּעטער זאָל אין ירושלים האָבן געווען ביז 460 אַזעלכע שולן צו צוויי אָפּטיילונגען: אַ שול — „בית ספר״ אויף מקרא (תנ״ך) און אַ שול „בית תלמוד״ אויף תלמוד (ירוש׳ כתובות, יג—א).

אין דער תלמודישער הגדה ווערט געבראַכט אַ גוזמא, אַז אין דער שטאָט ביתר, וואָס האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין דער מלחמה פון בר־כוכבא, האָט זיך געפונען פאַר דער מלחמה 400 בתי־כנסיות און אין יעדערער 400 מלמדים פאַר קינדער, און יעדערער האָט געלערנט מיט 400 קינדער (גיטין, נ״ח, ע״א); עס איז מערקווירדיק די דערציילונג, אַז די קינדער האָבן געזאָגט: „ווען עס וועט קומען דער שונא, וועלן מיר מיט די שרייב־גריפלען (במכתבין הללו) קעגן זיי גיין און זיי דערשטעכן״.

אויף דער פראַגע פון יידישע שונאים, צי מען קען יידן בייקומען, האָט געענטפערט דער גריכישער פילאָזאָף אבנימוס הגדרי: „גייט אין זייערע שולן, אַז איר וועט געפינען קינדער לערנענדיק, וועט איר זיי ניט קענען בייקומען״.

דער נשיא ר׳ שמעון בן גמליאל דערציילט, אז אין זיין פאָטערס הויז האָבן געלערנט 1000 קינדער — 500 תורה און 500 די גריכישע חכמות (ב״ק, פג—ע״א).

אויך שפּעטער האָבן די יידישע חכמים געהאַלטן די יידישע שול פאַרן וויכטיקסטן אַנשטאַלט ביי יידן, וואָס דאָס האַלט אויף די גאַנצע עקסיסטענץ פון פאָלק אין גלות, למשל: רב המנונא זאָגט, אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן בלויז דערפאַר ווייל זיי האָבן מבטל געווען קינדער פון לערנען (שבת, קיט—ע״ב). ר׳ שמעון בן יוחאי האָט געזאָגט: „ווען דו זעסט יידישע שטעט ווערן פאַרשוואונדן אין ארץ־ישראל, איז עס ווייל זיי האָבן ניט אונטערגעשטיצט די לערערס פון די שולן״ (ירוש׳ חגיגה). „די וועלט באַשטייט נאָר צוליב דעם הויך פון די קינדער אין די יידישע שולן״ (שבת, קיט—ע״ב). „מען טאָר ניט וואוינען אין אַ שטאָט, וואו עס איז ניטאָ אַ קינדער־לערער״ (מלמד תנוקות) (סנהדרין, יז—ע״ב). „מען טאָר ניט מבטל זיין קינדער פון לערנען אפילו צום בויען דעם בית המקדש״ (שבת, קיט—ע״ב).

עס ווערט דערציילט: ר׳ יורן דער נשיא האָט אַרויסגעשיקט ר׳ חייא, ר׳ אבי און ר׳ אמי דורכצוגיין די שטעט פון ארץ ישראל און אומעטום איינצואָרדנען שולן פאַר מקרא און משנה. זיינען זיי געקומען אויף איין אָרט, האָבן זיי ניט געפונען קיין לערערס אויף מקרא און ניט קיין לערערס אויף משנה, האָבן זיי געזאָגט צו די שטאָטלייט: „ברענגט אונדז די שטאָט־היטערס״; האָבן זיי געבראַכט די שטאָט־פּאָליציי. האָבן זיי געזאָגט: „דאָס זיינען ניט די שטאָט־היטערס, דאָס זיינען דאָך די חרוב־מאַכערס פון דער שטאָט״. האָבן זיי גע־פרעגט: „און ווער זיינען די שטאָט־היטערס?״ האָבן זיי געענטפערט: „די וואָס לערנען מקרא און משנה מיט קינדער״.

## די אינעווייניקסטע אָרדענונג אין דער תלמודישער שול

ווי מיר האָבן געזען, האָט די תלמודישע שול געהאַט צוויי אָפּטיילונגען: א) „בית ספר״ — אויף צו לערנען מקרא (תנ״ך), וואָס דאָס איז געווען דער יסוד פון אַלע שפּעטערדיקע למודים, און ב) אַ „בית תלמוד״ אויף צו לערנען תלמוד. עס איז געווען באַשטימט דער אָנהייב, דער משך פון יאָרן פון דיביידע הויפּט־למודים: „אַ 5־יאָריקער צו מקראַ און א 10־יאָריקער

צו משנה, אַ 15־יאָריקער צו תלמוד" (אָ ב ו ת, ה—כ"א). דאָס איז זייער אַ ראַציאָנעלע פּעדאַגאָגישע איינטיילונג.

גלייכצייטיק מיט תורה האָט מען מיט די קינדער געלערנט מלאכה לויט דעם אָנזאָג אין א ב ו ת (ב—ב): „עס איז גוט דאָס לערנען תורה מיט וועלטלעכער באַשעפטיקונג (דרך ארץ), ווייל דאָס אָנשטרענגען פון ביידע מאַכן פאַרגעסן זינד; יעדער תורה וואָס מיט איר איז ניטאָ קיין מלאכה איז איר סוף בטל צו ווערן און ברענגט זינד". אויך זאָגן זיי: „אויב עס איז ניטאָ קיין מעל (אויף צו באַקן ברויט), איז ניטאָ קיין תורה" (אָ ב ו ת ג׳—י"ז).

חוץ דעם האָט מען געלערנט וועלטלעכע למודים, ווי מיר האָבן געזען, אַז אין דער שול פון נשיא ר׳ שמעון בן גמליאל האָבן אויף 1000 תלמידים 500 געלערנט גריכישע וויסנשאַפטן.

אויף לערנען תורה זיינען געווען באַשטימט געוויסע צייטן, ווי עס האָט אָנגעזאָגט רבא: „באַשטים געוויסע צייטן אויף לערנען תורה" (ע י ר ו ב י ן, ק—ע"ב). אויך האָבן שוין די שולן געהאַט אַ טיילווייזע זומער־וואַקאַציע. ר׳ יוחנן האָט אָנגעזאָגט די מלמדים פון מקראָ און משנה, אַז זיי זאָלן זייערע תלמידים באַפרייען נאָך 4 שעה לערנען אין דער צייט פון י"ז תמוז ביז ט׳ אָב (י ל ק ו ט ש מ ע ו נ י, תתקמה).

פאַר 25 קינדער דאַרף זיין איין מלמד, פאַר 50 קינדער 2 מלמדים, פאַר 40 קינדער זעצט מען צו אַ באַהעלפער, אַ ריש דוכנא (ב"ב, כג—ע"ב).

וועגן דעם מהות פון לערער האָבן די תלמידי־חכמים געזאָגט, אַז „ער דאַרף זיין גלייך צו גאָטס מלאך, נאָר דעמאָלט דאַרף מען זוכן פון זיין מויל תורה" (מו"ק, יז—ע"א); אויף די פאָלקסלערערס האָבן זיי געזאָגט דעם פסוק (אין ד נ י א ל י"ב): והמשכילים יזהרו כזהר הרקיע (די משכילים וועלן גלאַנצן אַזוי ווי דער גלאַנץ פון הימל) (ב"ב, יח—ע"ב); „דער לערער דאַרף ווייזן די תלמידים אַ פריינדלעך פנים, אַזוי ווי איך האָב געוויזן אַ פריינדלעך פנים צו ישראל" (ב ר כ ו ת, סג—ע"א). רבא האָט געזאָגט: „אַז דו זעסט אַ תלמיד, וואָס דאָס לערנען קומט אים אָן שווער, איז דאָס דערפאַר ווייל זיין רבי ווייזט אים ניט קיין פריינדלעך פנים". (ת ע נ י ת, ח—ע"א).

רב האָט אָנגעזאָגט ר׳ שמואל בר שילת (אַ דעמאָלדיקער באַקאַנטער מלמד): „שלאָגן זאָלסטו אַ תלמיד נאָר מיט אַ לייכטן שוך־רימען (ערקתאָ דמסאנא) און דעם, וואָס וויל ניט לערנען, זעץ צו צו אַ לערנענדיקן חבר" (ב"ב, כ"א).

זיי זיינען געווען מחולק וועלכער לערער איז דער בעסערער, צי דער וואָס לערנט פיל און ניט גרינטלעך. אָדער דער וואָס לערנט ווייניק אָבער גרינטלעך. אויך זיינען זיי געווען מחולק, ביי וועמען עס איז בעסער צו לערנען — ביי אַ יונגן לערער אָדער ביי אַן אַלטן. ר׳ יוסי בר יהודה, איש כפר הבבלי, זאָגט: „דער וואָס לערנט ביי יונגע, איז געגליכן צו דעם, וואָס עסט אומצייטיקע ווינטרויבן און טרינקט וויין פון קעלטער, און דער וואָס לערנט פון אַלטע — איז גלייך צו דעם וואָס עסט צייטיקע טרויבן און טרינקט אַלטן וויין". אָבער ר׳ מאיר זאָגט: „זאָלסט זיך ניט איינקוקן אין קרוג, נאָר אין דעם וואָס איז דאָ אין אים". (אָ ב ו ת, ד׳, כ—כ"א).

## פרייע לערן־אַנשטאַלטן

וועגן אַ באַלוינונג פאַר אַ מלמד פון תורה האָט מען געדרשנט: „ראה למדתי אתכם חוקים ומשפטים כאשר צוני ה׳" (ד ב ר י ם, 3—5) „זע, איך האָב אייך געלערנט אומזיסט, אַזוי זאָלט איר אויך לערנען אומזיסט". אָבער שפּעטער האָט מען דערלויבט צו נעמען באַלוינונג נאָר פאַר לערנען תנך, ווייל תנך פאָדערט אַ לימוד פון נקודות און טראָפּ (נקודות וטעמים), אָבער פאַר מדרש, הלכות און אגדות טאָר מען קיין באַלוינונג ניט נעמען (נ ד ר י ם לו—ע"ב, לז—ע"א). דערנאָך האָט מען דערלויבט צו נעמען באַלוינונג אפילו פאַר לערנען מדרש און הלכות, אָבער נאָר שכר בטלה אָבער ניט שכר לימוד (זע דאָרט אין ר"נ, לויטן ירושלמי). „איינער איז באַקאַנט געוואָרן פאַר א בעל־מופת. האָט אים רב געפרעגט: וואָס איז זיין באַשעפטיקונג? האָט ער אים געענטפערט: „איך בין אַ מקראָ דרדקי, איך לערן

גלייך מיט אָרעמע און רייכע און פון דעם וואָס קען ניט צאָלן, נעם איך גאָרניט. איך האָב אַ סאַדזעווקע [סאַזשעלקע] פון פיש (פירא דכוורי) און דער, וואָס וויל ניט לערנען, בין איך אים משחד און אָרדן אים איין, איך רעד אים איבער, ביז ער קומט לערנען" (ת ע נ י ת, כד—ע"א).

די בתי־מדרשים און ישיבות זיינען שוין געווען פרייע לערן־אַנשטאַלטן, וואו די לער־נענדיקע יוגנט האָט געהאַט מעגלעכקייט זיך אַליין פריי צו אַנטוויקלען. אין די ישיבות האָט מען געלערנט און זיך אַנטוויקלט לויט די לערן־מעטאָדן און פאָרלעזונגען פון די ראשי־ישיבות, אָבער אויך אָן שום דרויסנדיקן צוואַנג.

## ספרדישע און אשכנזישע ת"ת

אויף די תלמודישע פעדאַגאָגישע פרינציפן, וואָס מיר האָבן דאָ איבערגעגעבן אין אַל־געמיינע שטריכן [2], זיינען געבויט געוואָרן די יידישע פאָלקשולן אין גלות, וואָס זיי אַליין האָבן באַפעסטיקט די עקסיסטענץ פון יידישן גייסט אין אַלע דורות. די אַמסטערדאַמער תלמוד־תורה „עץ חיים" איז געווען באַקאַנט מיט איר מוסטערהאַפטער אָרדענונג. זי איז געווען געטיילט אויף זיבן קלאַסן, אָנהייבנדיק פון אלף־בית און ענדיקנדיק ביז גפ"ת. איר לרענ־שפּראַך איז געווען שפּאַניש, חוץ אין 6טן אָדער אין 7טן קלאַס איז זי געווען העברעאיש. מ'האָט דאָרט אויך געלערנט וויסנשאַפטן. אירע לערערס זיינען געווען די באַקאַנטע אַמסטער־דאַמער רבנים [3]. איינער פון אירע תלמידים איז געווען דער וועלט־באַקאַנטער ברוך ספּינאָזאַ, וואָס אין דער תלמוד־תורה האָט ער באַקומען זיין גאַנצע [4] דערציאונג און די יסודות פון זיין יידישן וויסן.

די אָרדענונג פון דער תלמוד־תורה [5] האָבן די אַמסטערדאַמער ספרדישע יידן געבראַכט פון שפּאַניע,ווי זי איז געווען איינגעפירט אין די דאָרטיקע קהילות. דעריבער זיינען פון דאָרטן אַרויס אונדזערע גרעסטע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן פאַראייניקט תורה מיט חכמה, און זיינען געווען אונדזערע גרעסטע תלמודיסטן, פון איין זייט, און אונדזערע גרעסטע פילאָסאָפן און דיכטער, העברעאישע שפּראַכפאָרשערס און תנך־קענערס, פון דער צווייטער זייט.

אָבער יידן אין רוסלאַנד—פוילן וואָס שטאַמען פון די גולי אשכנז, וואָס זייער שווערער גלות שעבוד האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דעם ענגן געטאָ, אָפּגעשלאָסן פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָבן זיך צוזאַמענגעשרומפּט אין זייער איינזייטיקער קולטור, וואָס באַזירט נאָר אויף תלמוד־פאָרשונג, און זיך דערווייטערט פון אַלע אַנדערע געביטן פון יידישע און אַלגעמיינע וויסנ־שאַפטן.

דער פאַקט וואָס די תלמודישע לימודים אליין (גאַנץ ווייניק פון די רבנים האָבן געוואוסט אפילו די יידישע מיטלעלטערלעכע ליטעראַטור) האָבן געקענט דערציען אַזעלכע גרויסע מאָראַ־לישע פערזענלעכקייטן און אַזעלכע פעאיקע, אַנטוויקלטע מענטשן אין אַלע פּראַקטישע לעבנס־פּראַגעס צו קענען זיין פאָרשטייערס און פירערס פון זייערע קהילות, באַווייזט ווי גרויס און

2. אויספירלעך זיינען אַלע זייערע מאמרים וועגן דערציאונג און שולן געזאַמלט געוואָרן און קאָדיפיצירט געוואָרן אין יד החזקה פון רמב"ם, הלכות תלמוד תורה, און נאָך אים אין יורה דעה רמ"ה—רמ"ו.

3. אַזוי ווי ר' יצחק אבוהב און זיין ממלא מקום ר' מנשה בן ישראל און אויך ר' שמואל מורטורא און נאָך עטלעכע.

4. ער האָט פאַרענדיקט די שול בשעת ער איז שוין אַלט געווען 17. די הויפּט־יסודות פון זיין פילאָזאָפיע האָט ער גענומען פון יידישע מקורים.

5. וועגן דער ת"ת האָט געשריבן ר' שבתי בס אין שפתי ישנים און ר' שבתי שעפטל הורוויץ הלוי, דער זון פון של"ה אין עמודים (זען אויספירלעך יעקב קלאַצקין אין ברוך שפּינאָזאַ, ליפסיה, רפ"ג).

חיכטיק עס איז דער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער עלעמענט אין דעם תלמוד, וואָס האָט געקענט דינען חי אַ דערציער און וועגווייזער פאַר יידן אין גלות.

די ביאַליסטאָקער ת״ת אין אַ פאַרגליווערטן צושטאַנד

די היגע תלמוד־תורה איז נאָך געשטאַנען אויף איר אַלטן שטאַנד, ווי מיר האָבן איר געפונען אין די יאָרן תר״מ—תרמ״ה [1880—1885]. זי איז נאָך אַלץ געווען באַגרענעצט ביז דער מלחמה אויף לערנען עברי, חומש מיט רש״י און גמרא, מיט שייך־שרייבן און אַ ביסל רוסיש כלפי חוץ. דער שלעכטער און שמור־ציקער צושטאַנד פון לאָקאַל איז געבליבן דער זעלביקער, אויסער וואָס דער באַקאַנטער כלל־טוער יודל קאַלעצקי, וועלנדיק זיך אַריינקריגן צווישן די גבאים פון תלמוד־תורה כדי אויסצובעסערן איר צושטאַנד, האָט מודיע געווען דער אָרטיקער מאַכט, אַז די בנינים פון דער ת״ת זיינען בויפעליק, און עס איז גע־פערלעך אין זיי צו לערנען.

האָט מען זיך פאַר אים דערשראָקן, און מ׳האָט אים אויך געמאַכט פאַר אַ גבאי. האָט ער דעם פאָדערשטן גרעסערן בנין רעמאָנטירט, און וועלנדיק אויסבעסערן די העברעאישע למודים האָט ער אַריינגעזעצט אַן אַלטן העברעאישן לערער אָנצופירן מיט זיי. אָבער אַזוי ווי ביידע האָבן קיין באַגריף ניט געהאַט פון שול־וועזן און פעדאַגאָגיק, האָט ער גאָרניט אויסגעפירט. אָבער די ישיבה האָט געהאַט די גאַנצע צייט לומדים ראשי־ישיבות. זיינען די גמרא־למודים געשטאַנען אויף דער נייטיקער הייך, אָבער אַן שום זייטיקע לימודים, אפילו אַן העברעאיש און אַן תנך.

אין אַ נייעם לאָקאַל, מיט אַ נייעם פרצוף

ערשט אין יאָר תרס״ז—תרס״ח [1907—1908] האָבן זיך אונטערגענומען די צוויי עסקני צבור ר׳ משה מרדכי מאָניסעוויטש און ר׳ אייזיק האָראָדישטש ראַ־דיקאַל אויסצובעסערן דעם לאָקאַל־צושטאַנד פון דער תלמוד־תורה. זיי האָבן פאַרקויפט די אַלטע תלמוד־תורה־בנינים אויפן שולהויף און האָבן אָפגעקויפט אַ הויף מיט געמויערטע צוויי־שטאָקיקע בנינים פון אַ געוועזענער טעקסטיל־פאַבריק (פון נתן סוראַזסקי) אויף דער ברייטער פיאַסקעס (פיענקנאַ גאַס) און דאָרט איבערגעטראָגן און איינגעאָרדנט די תלמוד־תורה מיט דער ישיבה. דאָס איז געשען ווינטער תרס״ח.

אַ טייל פון די אַלטע אומפעאיקע מלמדים האָט מען פאַרביטן אויף בעסערע, טיכטיקערע, מיט גרעסערע שכירות. פאַר די רוסישע לפנים־לימודים איז באַ־שטימט געוואָרן אַ פאַרוואַלטער אַן אינסטיטוטשיק, אברהם מענאַכאָווסקי, אַן אָנפירער פון אַ גרויסער רוסיש־יידישער פאָלקשול. מען האָט אָנגעהויבן לער־נען נביאים און כתובים, אָבער געלערנט האָבן די אַלטע מלמדים אויף זייער אַלטן נוסח. העברעאיש האָט מען נאָך אַלץ ניט געלערנט, אויך רוסיש האָט מען געלערנט נאָר לפנים פאַר נאַטשאַלסטווע.

איך גיב ווייטער איבער אַ קיצור פון מיין איבערזיכט איבער דעם צושטאַנד פון דער באַנייטער פּיאַסקאָווער תלמוד־תורה נאָך דעם, ווי איך האָב זי באַזוכט. מיינע איינדרוקן האָב איך אָפּגעדרוקט אין ביאַליסטאָקער טאָגבלאַט, אין די נומערן 137—141 (יולי 1914).

„ווען מען באַזוכט די פּיאַסקאָווער תלמוד־תורה, מאַכט זי שוין אַ גוטן איינדרוק מיט איר אויסערלעכן אויסזען — אַ געשלאָסענער באַקוועמער הויף מיט אַ גערטל אין מיטן און אַרום די תלמוד־תורה־בנינים, געוויינלעך ניט קיין רייכע, זיי קענען גאָר ניט פאַרגליכן ווערן צו די פּראַכטפולע רייכע בנינים פון ווּיסאָצקיס תלמוד־תורה. אָבער אין פאַרגלייך צו די אָרעמע שמוציקע שולהויף־בנינים זיינען דאָס כמעט פּאַלאַצן. ווי אין אויסערלעכן אויסזען, אַזוי מאַכט זי אויך אַ גוטן איינדרוק אין איר אינווייניקסטן צושטאַנד. מען גייט אין איר פון כיתה צו כיתה, פון קלאַס צו קלאַס מיט אַ געוויסער סיסטעמאַטישער שטייגערונג — פון אָנהייב אלף־בית ביז שאַרף גמרא.

„אין די אונטערשטע 10 קלאַסן אָדער כיתות גייט דאָס תלמוד־תורה־ייִנגל דורך: עברי, גאַנץ תורה און ראשונים, דערביי לערנט ער זיך אויס שרייבן יידיש; דער חומש ווערט געלערנט לויט דער אַלטער סיסטעם, לויט די הגדות פון די מדרשים און די תלמודישע דערקלערונגען. צום ביישפּיל, אין דער אַכטער כיתה זיינען די קינדער קלאָר אין אַלע דינים פון משפטים און אין דער צענטער כיתה אין אַלע דינים פון תורת כהנים. אויף אַזאַ אופן ווערן די קינדער אין די אונטערשטע קלאַסן צוגעגרייט צו זייערע תלמודישע למודים אין די העכערע קלאַסן, וואָס זיינען אייגנטלעך דער הויפּטצוועק פון אַ תלמוד־תורה: אין די אייבערשטע פיר תלמוד־תורה־קלאַסן, 11—14, גייט דער תלמוד־תורה־ייִנגל אַדורך פון אָנפאַנג גמרא מיט רש״י ביז 40 בלאַט גמרא מיט תוספות אַ זמן, די וואָך־סדרה מיט רש״י, כמעט גאַנץ נביאים אחרונים, קצור שולחן ערוך און פּרקי אבות. אָט דאָס איז די שטופע, צו וועלכער עס האָבן דערגרייכט אַלע פּאַרצייטיקע חדר־ייִנגלעך צו 13—14 יאָר.

די העכסטע פיר תלמוד־תורה־קלאַסן אָדער כיתות, וועלכע רופן זיך אָן מיטן נאָמען „ישיבה״, זיינען אָפּגעזונדערט אין דער תלמוד־תורה, נאָר צו דעם גמרא־שטודיום אַליין. דאָ ווערט שוין דער תלמיד גערעכנט אין אַ געוויסער מאָס פאַר אַ רייפן אַנטוויקלטן קאָפּ, וועלכער נייטיקט זיך שוין ניט אין די אַלע פאַר־לימודים, אַזוי ווי חומש און נביאים־כתובים און אויך שרייבן. אין יעדער קלאַס ווערט דאָ געלערנט צו 60 בלאַט גמרא מיט תוספות אַ זמן. דער אונטערשייד דאָ פון די אונטערשטע קלאַסן ביז די אייבערשטע איז אויך אין דעם אַרט לערנען״.

ביי דער תלמוד־תורה איז געווען אַ קיך, וואָס האָט געגעבן טעגלעך אַן ערך 300 מיטאָגן פון ברויט און אַ פליישיק געקעכטס, און אַן ערך 70 תלמידים פון דער ישיבה באַקומען (צו צווויי מאָל אַ וואָך און עטלעכע ביאַליסטאָקער אַלע טאָג) אומזיסט עסן: פרישטיק, מיטאָג מיט פלייש און אָוונטברויט. די ישיבה־בחורים האָבן אויך געגעסן טעג.

„די קיך אין דער ת״ת איז זייער וויכטיק, כדי צו געבן אָרעמע קינדער די מעגלעכקייט צו בלייבן אַ לענגערע צייט ביים לערנען, ווייל זייערע עלטערן זיינען ניט אין שטאַנד זיי צו דערנערן. דאָס רוב עלטערן פון די תלמוד־תורה־קינדער זיינען בעלי־מלאכות — שניידערס, שוסטערס, וועבערס, טאָג־אַרבעטער — און אויך בעטלערס, אויסער יתומים. אַ קליינע צאָל צווישן זיי איז פון בעסערן קלאַס, אַזוי ווי קליינע קרעמערלעך, האַנדלס־אַנגעשטעלטע, רבנים, שוחטים און די אי־בעריקע כלי־קודש. אין דער ישיבה געפינען זיך שוין קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן. די אַלע קינדער צאָלן שוין.

„ביז דער 13טער כיתה זיינען כמעט אַלע קינדער ביאַליסטאָקער. נאָר אין דער 13טער, און 14טער געפינען זיך שוין פון 10 ביז 20 פּראָצענט פרעמדע קינדער. אין אַלע 4 קלאַסן פון דער ישיבה, צווישן אַן ערך 180 תלמידים — איז נאָר אַ דריטל, בערך 60 קינדער, ביאַליסטאָקער; די איבעריקע זיינען פון אַנדערע שטעט.

„אויך מוז באַמערקט ווערן, אַז פון דער לעצטער, 14טער כיתה פון ת״ת גייען איבער אין דער ישיבה יערלעך נאָר 15—18 תלמידים. אָבער אויך אין אַלע גימנאַזיעס דערגרייכט אויך אַ קליינע צאָל ביז דעם לעצטן קלאַס. אויך דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט די ביאַליסטאָקער פאַרמגשומטע סביבה, וואו יעדער איינציקער, וואָס איז ניט קיין בעל־מלאכה, קיין פאַבריקאַנט אָדער סוחר, ווערט באַטראַכט פאַר אַ טויגעניכטס, פאַר אַ בטלן. אין אַזאַ סביבה איז געוויס די צאָל פון 60 תלמידים אין דער ישיבה זייער אַ גרויסע.

„די צאָל מלמדים פון דער תלמוד־תורה מיט דער ישיבה זיינען 18, אויסער אַ משגיח. די מלמדים באַקומען שכירות פון 8 ביז 12 רובל אַ וואָך (נאָר דער ראש־ישיבה נעמט 15 רובל אַ וואָך מיט אַ דירה).

„די אויסהאַלטונג פון דער תלמוד־תורה מיטן רעמאָנט פון די הייזער באַ־טרעפט יערלעך אַ סומע פון 12 טויזנט רובל. עס ווערט גענומען פון קאָראָבקע — 4,980 (לויט דער נייער „סמעטע״), פון שכר־למוד אַן ערך 3,000 און די איבעריקע סומע פון פריוואַטע יערלעכע און צופעליקע נדבות (פון מאיר פישס עולמות אד״גל). די קיך־אויסהאַלטונג באַטרעפט אַן ערך 3,000 יערלעך, וואָס ווערט צוזאַמענגעקליבן דורך אַ פּרויען־געזעלשאַפט, וואָס די פאַרוואַלטערין פון איר איז געווען פרוי מאַניסעוויטש״.

מיר האָבן דעמאָלט אויפמערקזאַם געמאַכט אין ביאַליסטאָקער טאָגבלאַט אויף אירע הויפּט־חסרונות: די ענגשאַפט אין עטלעכע קלאַסן און דער שלעכ־טער צושטאַנד פון די לערנטישן און די בענק; דאָס פעלן פון גימנאַסטיק, כדי די איינגעשרומפּטע דאַרע קערפּערלעך זאָלן זיך אַ ביסל אויסציען און אויסגלייכן, זייערע מוסקולן זאָלן זיך אַ ביסל אַנטוויקלען; די עלטערע פאַר־צייטיקע מלמדים זיינען ניט צוגעפּאַסט צו די ערשטע 3—4 קלאַסן וואָס אין זיי דאַרפן דווקא זיין יונגע פעאיקע לערערס, — על־כל־פנים טאָר איין מלמד ניט

לערנען מיט 50 קינדער; די אלף־בית־און עברי־קלאַסן דאַרפן שטיין אונטער אַ באַזונדערער השגחה, אויך דאַרף מען אָנהייבן לערנען שרייבן פון ערשטן קלאַס און ניט פון פערטן. מען דאַרף אין אַלע קלאַסן לערנען רוסיש, ווען אפילו פּריוואַט. אין דער ישיבה דאַרפן די בחורים ניט עסן קיין טעג, און נאָך אַזעלכע פאַרבע־סערונגען, וואָס מען האָט איינגעפירט, אין דער אָקופּאַציע־צייט.

## ב. די שטאָטשול אָדער דער בית־הכנסת

### די אַלטע שטאָטשול

די אַלטע שטאָטשול איז אויפגעמויערט געוואָרן אין יאָר תקל"א—תקל"ב (1771—1772), בשעת די ביאַליסטאָקער יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען לויט דער סטאַטיסטיק פון יאָר 1765 בערך פון 765 נפשות. האָט זי דאָך ניט גע־קענט זיין צוגעפּאַסט פאַר אַ יידישער באַפעלקערונג פון 61,500 — אַכציק מאָל אַזוי פיל אין יאָר 1913: אמת, במשך פון דער צייט זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מער ווי עטלעכע און דרייסיק בתי־מדרשים קבועים חוץ אַ סך מנינים, מייסטנס אין די קוואַרטאַלן אויסערן אַלטן שולהויף. אין זיי האָבן געדאַוונט און געלערנט דער רוב מנין ורוב בנין פון ביאַליסטאָקער יידן. פאַר די אינטעליגענטן איז גע־ווען די כאָרשול און אין אַ משך פון 30 יאָר די צווייטע כאָרשול פון „עדת ישרון", אָבער די אַלטע שול איז געווען אָפּגעגעבן נאָר פאַר עמך. אין איר האָט געדאַוונט מערערע יאָרן דער חזן משה באַס מיט זיין קאַפּעלע. די הכנסה פאַרן חזן פון זיינע אָרעמע מתפללים איז געווען אַ קליינע. אָבער דער פשוטער עולם וואָס האָט זיך גענייטיקט אין אַ שול, איז דאָך פאַרהעלטעניש־מעסיק אויך פיל גרעסער געוואָרן און האָט געפאָדערט אַ גרעסערע שול.

חוץ דעם איז דאָך די שול געווען לויטן צאַרישן געזעץ די פאַרשטייערין פון אַלע קהלשע אינסטיטוציעס ביי דער מאַכט. צו איר האָט געהערט דער בית־עולם מיטן הקדש. אַז דער גובערנאַטאָר פלעגט קומען פון גראָדנע קיין ביאַליסטאָק, האָט ער אָפּגעגעבן כבוד דער יידישער קהילה דורכן באַזוכן די שול, און אויך די אָרטיקע מאַכט פלעגט באַזוכן די שול אין אַ יומאַ דפגראַ, אין אַ גאַלאַ־טאָג. איז געווען פאַר דער יידישער עדה אַ חרפה צו האָבן אַזאַ אָפּגעלאָזענע קליינע סינאַ־גאָגע.

די שטאָטשול איז אויך געווען פאַרהייליקט ביי אַלע יידישע קהילות און איז געווען אַן אָביעקט פון לעגענדעס ביים המון. צוליב דעם אַלעם האָט זיך דער־וועקט ביי די שול־מתפללים, שול־גבאים און נכבדי העיר דער געדאַנק אויפ־צושטעלן אַ נייע שול, און חול־המועד פסח תרס"ה (1905) איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אומצוּוואַרפן די קליינע אַלטע שול און אויפצושטעלן אויף איר אָרט אויף דעם זעלביקן פּלאַץ אַ נייע גרויסע שול.

### מען הייבט אָן בויען

דעם באַשלוס האָט מען אָנגעהויבן אויסצופירן דאָס זעלביקע יאָר, אין ל״ג בעומר. אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן אַרבעט האָט מען צעשטערט די אַלטע שול [6] און מען האָט גלייך געלייגט אויפן זעלביקן אָרט דעם גרונטשטיין פאַר דער נייער שול. די 7,000 רובל, וואָס די בוי־קאָמיסיע האָט געהאַט פאַר דעם צוועק, האָט אָבער געקענט קלעקן נאָר אויף אויפשטעלן די ווענט פון דער שול ביז אַן ערך אָנדערהאַלבן אַרשין די הייך, און די אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט. די גבאים האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט ווייטער אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט.

אין דעם יאָר און אין קומענדיקן יאָר תרס״ו זיינען געווען די פּאָגראָמען אין ביאַליסטאָק. די סאָלדאַטן האָבן זיך באַנוצט מיט דעם אָרט פון דער צעשטערטער שול ווי מיט אַ פּאָזיציע צום שיסן פון דאָרט אויפן יידישן המון. אזוי האָט עס געדויערט ביז אָנהייב זומער 1907. דער פּשוטער עולם האָט אפילו געגלויבט, אַז צוליב אַן עונש פאַרן צעשטערן די אַלטע שול, איידער מען האָט אויפגעשטעלט אַ נייע, זיינען דעמאָלט געקומען אַלע צרות אויף ביאַליסטאָק צוזאַמען מיט די הריגות און פּאָגראָמען.

אָנהייב זומער 1907 איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיסיע צו געפינען געלט־מיטלען אויף צו פאַרענדיקן די שול. דעמאָלט האָט אַ געוויסער שטאָטישער שתדלן פאָרגעלייגט, אַז ער נעמט זיך אונטער צו ענדיקן די שול, ווען מען וועט אים אויסקלייבן פאַר אַ גבאי, ווייל ער וועט באַקומען דורך השתדלות ביי דער גוּ־בערניע, וואו ער איז געווען אַ תקיף, דאָס נייטיקע געלט פון דער קאָראָבקע. מ׳האָט דעמאָלט דעם יאַנקל יאַנאָוויטשן אויסגעקליבן פאַר אַ גבאי, זלמן ראַפּאַפּאָרטן — פאַרן „אוטשאָני יעוריי״ און נח זאַבלודאָווסקי פאַר נאמן. דער דערמאָנטער שתדלן האָט טאַקע באַקומען פון דער קאָראָבקע ביז 23 טויזנט רובל, און דער בנין איז פאַרענדיקט געוואָרן ביזן דעקן דעם דאַך. נאָך דעם האָט זיך די אַרבעט אָפּגעשטעלט צוליב דוחק אין געלט. די ווענט זיינען ניט געווען פאַרענדיקט; די פענצטער מיט די טירן זיינען געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. פונדעסטוועגן האָט עמך אָנגעהויבן אין אים צו דאַוונען אָנפאַנג 1910.

קיינער פון די גבירים און נכבדי העיר האָבן זיך ניט געוואָלט באַטייליקן מיט זייערע נדבות פאַרן בנין הבית. די גבירים זיינען געווען אין כעס אויפן „המון״, פון דער צייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האָבן געטענהט, אַז אַזאַ המון האָט גאָר קיין שול ניט נייטיק, ער וואָלט געקענט יוצא זיין מיט דער אַל־טער שול. זיי האָבן אויך געטענהט, אַז ביאַליסטאָק האָט גענוג בתי־מדרשים, וואָס עטלעכע פון זיי אויפן שולהויף פּוסטעווען שוין. די אינטעליגענציע האָט

---

6. ווען דער תלמוד זאָגט (ב״ב י״ג, ע״ב): לא ליסתור איניש ביכנישתאָ עד דבני בי כנישתאָ אחריתאָ (מען זאָל ניט צעשטערן אַ שול, ביז מען בויט ניט אויף אַן אַנדער שול), איז עס דאָך צוליב דעם טעם, אַז עס וועט ניט זיין וואו צום דאַוונען אין דער צייט פון בויען. אָבער אין ביאַליסטאָק זיינען דעמאָלט געווען אַ סך בתי־מדרשים. חוץ לזה האָט ר׳ חיים הערץ אין שו״ת כתבי ספר, שאלה יז, עס מתיר געווען.

ווידער געהאַט אַן אַנדער איינווענדונג: אויפן שמוציקן שולהויף האָט מען איבערהויפּט ניט געדאַרפט שטעלן קיין שטאָטשול; מ׳האָט געדאַרפט אויך שליסן די קליינע כאַרשול, וואָס געפינט זיך אין אַן ענג, שמוציק הינטערגעסל, און אויפשטעלן אויף איר אָרט אַ מאָדערנע גרויסע שול אין צענטער שטאָט. דערווייל איז די שול געבליבן ניט פאַרענדיקט.

די נייע שול ווערט פאַרענדיקט

ערשט אין יאָר 1912, מוצאי ש״ק מנחם אָב, איז געווען אַ גרויסע אסיפה צו ענדיקן די שול. מ׳האָט אויסגעקליבן אַ נייעם ועד און אַ נייעם גבאי. דער תקיפער שתדלן, מיט וועלכן ס׳זיינען געווען געלט־סכסוכים לויטן חשבון פון נח זאַבלודאָווסקי, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין גבאות, און עס איז אויף זיין אָרט אויסגעקליבן געוואָרן איינער פון די ביאַליסטאָקער נכבדים חנא־הערש נאָוויק, דער מיטבאַזיצער פון דער דעמאָלט גרויסער יידישער פאַבריק־פירמע צ. נאָוויק און זין.

דער נייער ועד, וואָס האָט אַליין געגעבן גרויסע נדבות פאַר דער שול, האָט אַרויסגעלאָזן אַ קול־קורא צו דער גאַנצער שטאָט צו העלפן פאַרענדיקן די שול. דער קול־קורא האָט געבראַכט רעזולטאַטן. מע האָט געגעבן גרויסע נדבות אין געלט און אין מאַטעריאַלן, ווייל עס איז גראָד געווען אַ גוטע צייט פאַר פאַבריקאַציע און האַנדל אין ביאַליסטאָק. געלט האָט דעמאָלט ניט געפעלט אין שטאָט. מען האָט נאָר געדאַרפט האָבן צוטרוי צו די אָנפירערס, און דאָס האָט מען געהאַט איבערהויפּט צו דעם נייעם הויפּט־גבאי, וואָס איז געשטאַנען איבער אַלע חשדים, און ער האָט טאַקע אויפגעקליבן אין שטאָט גרויסע נדבות אפילו ביי די ניט־יידישע בענק. די בוי־אַרבעט איז געגאַנגען מיט גיכן טעמפּאָ און אינטענסיוו. זי האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו ווינטער תרע״ג (1913). מיט דער נדבה פון זלמן וויינרייך האָט מען דעמאָלט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער בימה. אויף אַ זיצונג כ״ד כסלו תרע״ג, האָט דער ועד באַשלאָסן אַרייַנצושיקן מודעות צו די אַלע, וואָס האָבן תביעות אויף שטעט. אַזעלכע האָבן זיך געפונען 114, מען האָט אויך פאַרקויפט נייע שטעט. עס איז דורך דעם פאַרפולט געוואָרן די בייטיקע געלט־סומע אויף אין גאַנצן צו פאַרענדיקן די שול.

דער בנין האָט אָפּגעקאָסט פון 75 ביז 80 טויזנט רובל. שטעט זיינען אין אים פאַראַן 600 פאַר מענער און 500 פאַר פרויען. אויסער דעם זיינען פאַראַן אין די צוויי זייטן פון פאָליש 2 קהל־שטיבלעך.

די פייערונג פון חנוכת־הבית האָט זיך אָנגעהויבן יום א׳ כ״ו אלול תרע״ג [1913]. געעפנט די שול האָט דער ראַבינער דאָקטאָר יוסף מאָהיליוווער און האָט געהאַלטן די דערעפענונגס־רעדע. דעם אָוונט פון צווייטן טאָג האָט מען באַשטימט אַריינצוטראָגן אין שול אַלע ספרי־תורות. מ׳האָט זיי אַריינגעטראָגן אונטער 14 חופּות מיט פאַקלצוגן און מוזיק, באַגלייט פון אַ פריילעכן עולם

מיט טויזנטער מענטשן. דעם דריטן אָונט איז געווען אַ גרויסער באַנקעט ביי חנא־הערש נאָוויק [7].

אין ביאַליסטאָקער טאָגעבלאַט, נומער 63, פון 14טן מאַרץ, 1914 איז געווען אָפּגעדרוקט פון די שול־פאַרשטייערס, גבאי ח. ה. נאָוויק, מבין זלמן ראַפּאָפּאָרט, גזבר נח זאַבלודאָווסקי: „די גבאים פון דער גרויסער שול דריקן דערמיט אויס זייער איניקסטן דאַנק דער בוי־קאָמיסיע ביי דער גרויסער שול, וואָס איז באַשטאַנען פון מיטגלידער: פּיוול כהן, יצחק פּאָגאָרעלסקי, שבתי לעבענהאַפּט, מאיר ראָזענטאַל, נתן לאַמפּערט, מענדל קרעטשמער, אשר טאָפּאָלסקי, לייב קאַפּלאַן, שמואל פּרילוקער, ברוך גאָטליב, אפרים אַוונעט, אברהם דאָלידסקי, לייב ראַפּאָפּאָרט, ישראל טיקאָצקי, שמעון רובין, נחמיה הערץ, שאול קאַנטאָר, לייב מאַזאָווער, מאיר יצחק אַבעליאָוו, וועלכע האָבן אין פאַרלויף פון איבער אַנדערהאַלבן יאָר מיט דער גרעסטער מי און איבערגעבנקייט געאַרבעט צום נוצן פון ענדיקן דעם בנין בית הכנסת, און אַדאַנק זייער ענערגישער מיטאַרבעט איז דערגרייכט געוואָרן אַזאַ גרויסער דערפאָלג, און די שול איז אַ בנין יפה ונהדר. זיי, און אַלע איבעריקע, וואָס האָבן זיך באַמיט לטובת בנין בית הכנסת, דריקן מיר אויס אונדזער דאַנק און ווינטשן דערפאָר צום זען בבנין אומתנו וארצנו“.

אין די ימים נוראים און ביי פּאַראַדנע געלעגנהייטן

די ביאַליסטאָקער נייע, גרויסע, פּראַכטפולע שול — און אמתער „מקדש מעט“ — האָט פונדעסטוועגן נישט באַקומען די ריכטיקע באַדייטונג פון אַ מקום תפילה און תורה, ווייל זי איז אויך איצט געבליבן כמעט נאָר אַ שול פאַר עמך, ווי אַמאָל. דעריבער אַז עס דאַווענט אין איר נישט קיין חזן מיט משוררים, וואָס ציט צו דעם עולם מיט געזאַנג, קומט אַהין נאָר אַ קליינער אומבאַדייטנדיקער עולם און אַז עס דאַווענט אין איר אַ חזן מיט משוררים מאַכט די שול אַן איינדרוק פון אַ קאָנצערט־זאַל. ביי אַ געלונגענעם געזאַנג פון חזן מאַכט אים דער עולם אָוואַציעס. עס פעלט דעם דאַוונען ערנסט און כוונה פון אַ בית מדרש־דאַוונען.

אָבער אין די ימים נוראים איז די שול פול געפּאַקט מיט דאַוונערס, דער־הויפּט פון די אַלע נישט־דאַוונערס אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָבן נישט קיין שטעט אין די בתי־מדרשים און אין כאָרשול, דערהויפּט פון דער יוגנט און פון דער נאַציאָנאַל־געשטימטער אינטעליגענציע. עס איז פאַרכאַפּנדיק דאָס אויסזען פון די העל־באַלויכטענע טויזנט־קעפּיקע שול־דאַוונערס צו כל נדרי, אום יום־כפּור.

די שול מאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק ביי אַלע גאַלאַ־פייערונגען מיטן בייזיין פון אַלע רעגירונגס־באַאַמטע, בשעת דער ראַבינער הרב ד״ר רבי

7. די דאַטעס האָב איך גענומען פון דעם פּנקס פון דער שול.

גדליהו ראָזענמאַן האָלט אין דער לאַנדשפּראַך (פּויליש) זיינע איינדרוקספולע אינ־האַלטסרייכע רעליגיעזע (און אמאָל אויך פּאָליטישע) רעדעס. אין איר ווערן געפּייערט אַלע פייערונגען פון די יידישע שולן פון אַלע קאַטעגאָריעס.

אַלע גרויסע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פייערונגען ווערן אויך געמאַכט אין דער שול. דאָ האָט מען אָפּגעגעבן כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם נחום סאָ־קאָלאָוו, בשעת ער איז געווען אין ביאַליסטאָק אין די אינטערעסן פון קרן היסוד, כ״ז אדר תרפ״ג [1923]. די שול איז געווען פול געפּאַקט אויך אַלע געסלעך אַרום. ביי זיין אָנקומען האָט מען אים געמאַכט גרויסע אָוואַציעס. די פאַרשטייערס פון שול האָבן אים דערלאַנגט צום געשאַנק אַ ספר־תורה. ער האָט געהאַלטן אַ דאַנק־רעדע. ער האָט אויך איינגעשריבן אין פּנקס בית הכנסת אַ גאַנצן מאמר, וואָס אין אים שילדערט ער דעם גרויסן כבוד, וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן אין ביאַליסטאָק און אין איר שול מיטן געשאַנק פון דער ספר־תורה, ווי אַ סימבאָל פון דער אחדות פון תורה, פאָלק, רעליגיע און לעבן; די ספר־תורה, וואָס מ׳האָט אים געשאָנקען, איז אַ סימבאָל, אַז די תורה זאָל אים זיין אַ וועגווייזער אין זיינע אַלע מעשים. ער פאַרגלייכט דעם איצטיקן קבלת פנים, וואָס ער האָט באַקומען דאָ, מיטן קבלת פנים, וואָס ער האָט באַקו־מען מיט ווייצמאַנען צוזאַמען אין לאָנדאָן, ווען ער איז צוריקגעקומען פון סאַן־רעמאָ ג׳ סיון תרע״ט [1919], פון דער לאָנדאָנער קהילה (אירע רבנים האָבן זיי אויך דערלאַנגט אַ ספר־תורה).

די ספר־תורה האָט מען אים שפּעטער צוגעשיקט דורך צוויי שול־פאַר־שטייערס צום 14טן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין ווין, תרפ״ה [1925], און זי איז אים איבערגעגעבן געוואָרן מיט אַ גרויסן פּאַראַד אויף צו מאָרגנס נאָכן שליסן דעם קאָנגרעס ביים ביזיין פון הונדערט געלאַדענע געסט [8].

אַזוי אַרום האָט די ביאַליסטאָקער נייע גרויסע שטאָטשול באַקומען אַ גרויסע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַטיווע באַדייטונג כלפּי פנים און כלפּי חוץ. זי איז אַ צענטראַלער רעליגיעזער זאַמל־אָרט און אַ מקום תפילה אין די ימים נוראים אויך פאַר אַלע נישט־דאָווענערס אַ גאַנץ יאָר, וואָס זייער צאָל ווערט גרעסער פון יאָר צו יאָר.

### דער בודזשעט פון דער שול

פון יאָר תרצ״ד [1934] אָן איז די שול איינגעגלידערט געוואָרן צווישן די אַנשטאַלטן פון ועד הקהל, וואָס גיט צושטייער אויף איר הוצאה 4,000 גילדן יערלעך.

איר הוצאה איז געווען אין תרצ״ד — 14,950.11 גילדן; אין תרצ״ה [1935] — 14,521.96 גילדן. איר הכנסה איז 4,000 גילדן פון ועד הקהל, די איבעריקע הכנסה איז פון פאַרדינגען שטעט, דערהויפּט ימים נוראים, און פון עליות.

8. זען בדרך, נומ׳ 25, (סיון תרצ״ו).

איר הוצאה איז: אויף אַ חזן 4,000 גילדן יערלעך, אויפן כאָר 5,000 גילדן. דאָס איבעריקע איז אויף שמשים און אַנדערע הצטרכותן.

## ג. דער הקדש

די יידישע פאָלקשפּראַך, וואָס אין איר ליגט אַ סך יידישער גייסט און פאָלקס־פּסיכיק, האָט אין זיך אַ סך אייגנטימלעכע אויסדרוקן, וואָס יעדער דענקענדי־קער מענטש מעג זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף זיי צו דערגרונטעוועןזיך צו זייער מקור און באַדייט. איינער פון די דאָזיקע אויסדרוקן איז — ה ק ד ש פאַר אַן אַנשטאַלט, וואָס אין אים ווערן אויפגענומען און אויסגעהאַלטן קער־פּערלעך פאַרקריפּלטע, אָדער אומהיילבאַרע קראַנקע, גייסטיק ניט אַנטוויקלטע, אידיאָטן אָדער פּסיכאָפּאַטן[9].

מיטן נאָמען הקדש רופט זיך אָן אין העברעאיש יעדע זאַך, וואָס איז אָפּגעזונדערט געוואָרן פון אונדזער פּראָפאַנער, וועלטלעכער ספערע, פון וועלכער מיר מעגן געניסן, און איבערגעגאַנגען אין אַן אומוועלטלעכער, פאַרהייליקטער ספערע, פון וועלכער מען טאָר ניט געניסן. אויך די אַלע, וואָס געפינען זיך אין דעם הקדש זיינען אָפּגעזונדערט פון אונדזער וועלט פון נוציקייט און הנאה. אויך די וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ אַנשטאַלט האָבן אין פּרינציפּ ניט קיין נוצן פון דעם. אַלע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן זיינען מתן שכרם בצדם. די עסקנים באַקומען באַלוינונג פאַר זייער אַרבעט אין דער אַרבעט גופא. זיי זעען אין אַ שפּיטאָל די וואָס ווערן געזונט, אין אַ פאָלקסקיך — די הונגעריקע וואָס ווערן געזעטיקט, אין אַ בית־יתומים — די אָרעמע אומגליקלעכע יתומים וואָס ווערן אויסגעהאַלטן און דער־צויגן, אין אַ מושב־זקנים — די אַלטע אומבאַהאָלפענע מענטשן וואָס באַקומען אַ היים און דערנערונג. אָבער אין הקדש געפינען זיך און ווערן אויסגעהאַלטן מענטשן וואָס זיינען אַרויסגעוואָרפן פון לעבן, וואָס האָבן אין ווירקלעכן לעבן ניט וואָס צום טאָן. זיי זיינען האָפענונגלאָז פאַרלאָזן פון זייערע נאָענטע, אויף וועלכע זיי פאַלן צו לאַסט. אין דער תנכישער שפּראַך רופן זיי זיך אָן „פון גאָט געפּלאָגטע און געשלאָגענע" (ישעיה, נ—34), „אַ שטראָף —פון גאָט" (איוב, ה—15 און נאָך ערטער). צוליב דעם קענען זיי אין אַ גע־וויסן זינען אויך אָנגערופן ווערן קדושים: זיי דינען ווי אַן אָנזאָג פון גאָט צו די געזונטע, נאָרמאַלע מענטשן.

### דער הקדש קריגט אַ נייעם בנין

דער הקדש האָט זיך שטענדיק געפונען ביים בית־עולם, ווייל זיינע איינ־וואוינערס האָבן זיך גערעכנט האַלב־געשטאָרבענע. אין ביאַליסטאָק איז דער הקדש געווען אין אַ שרעקלעכן אָפּגעשטאָנענעם צושטאַנד. האָבן זיך גענומען אין יאָר תרס״ח—תרס״ט [1908—1909] עטלעכע עסקנים (אייזיק האַראָדישטש, מאַקס באַראַש, מערלינסקי, טרעשטשאַנסקי) אים אויסצובעסערן. זיי האָבן צוגעבויט צו אים אַ בנין, וואָס האָט אים אַביסל באַקוועמער, גערוימער געמאַכט.

---

9. ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך אָנגערופן אַזאַ אַנשטאַלט אין דער צייט פון ערשטן בית־המקדש „בית החפשית" (מ ל כ י ם ב, ט״ו—5. ד ב ר י ה י מ י ם ב, כ״ו—21), ווייל דער אינטערנירטער אין אַזאַ הויז איז געווען אָפּגעזונדערט און באַפרייט פון אַלע וועלט־לעכע ענינים און באַשעפטיקונגען ווי דער קעניג עזריה ווען ער איז געוואָרן מצורע.

אָבער ער איז נאָך אַלץ געווען צו ענג אויפצונעמען די העכער 50 תושבים זיינע, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אַ געביידע, וואָס האָט געקענט אויפ־נעמען נאָר עטלעכע און צוואַנציק.

שפּעטער אין יאָר תּרע״ג [1913] איז זיי געלונגען אויפצושטעלן אַ ניי הילצערן צווייגשטאָקיק הויז און אַן איבערשטן שטאָק אויפן אַלטן בנין און אויך אַ מויער מיט אונטערשטע קראָמען צו דער גאַס אויף הכנסה, וואָס איז אויסגע־רעכנט געוואָרן אויף 1,200 רובל יערלעך. אַלע צימערן אין די געביידעס זיינען גרויסע, הויכע, באַקוועמע, מיט אַלע נייע איינריכטונגען, מיט עלעקטרישער באַלייכטונג, — אפילו אַ באָד־אַנשטאַלט מיט קאַנאַליזאַציע וואַנעס, וואָס האָט אָפּגעקאָסט 10,000 רובל. אַלץ איז אויפגעריכט געוואָרן פון צוזאַמענגעקליבענע נדבות. די לעצטע רעמאָנט־אַרבעט אין הקדש איז פאַרענדיקט געוואָרן שוין נאָך דעם ווי די [ערשטע] וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

### דער מצב אין 1933

כדי ניט צו באַדאַרפן פונדאַסניי זיך אומקערן צום ענין הקדש, לאָמיר דאָ אויף אַן אָרט מוסיף זיין, אַז אין דער אָקופּאַציע־צייט איז דער אַנשטאַלט אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט אַלעם נויטיקן דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס האָט אויף אים געלייגט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט און האָט אַריינגעזעצט אין אים אַ באַזונדערע שוועסטער אים צו פאַרוואַלטן און איבערהויפּט צו היטן אין אים די ריינלעכקייט און די היגיענישע פאַרהעלטענישן, און ביז היינט ווערט עס אין אים שטרענג אָפּגעהיט.

אין יאָר 1933 האָבן זיך אין אים געפונען 106 שטענדיקע קליענטן: 47 מענער און 59 פרויען, צווישן זיי 20 אידיאָטן און פּסיכאָפּאַטן. מען האָט זיי גע־האַלטן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ריינלעכקייט.

דער יערלעכער בודזשעט איז 38,000 גילדן. דער גרעסטער טייל ווערט געגעבן פון מאַגיסטראַט און דאָס איבעריקע קומט פון נדבות.

## ד. די מקוואות

### מקוה אין דער יידישער טראַדיציע

וואַשן און ריין האַלטן דעם קערפּער איז געווען אַ רעליגיעזער געבאָט ניט נאָר לויט די יידישע געזעצן פון דער תורה, נאָר אויך לויט די געזעצן פון אַנדערע מזרח־פעלקער. איבערהויפּט האָט מען געוואַשן דעם קערפּער ביים צוגרייטן זיך צו אַ וויכטיקער רעליגיעזער צערעמאָניע. דאָס וואָרט „קדש" בינדט זיך דעריבער אין העברעאיש מיט די באַדייטן: צו־גרייטן, הייליקן, וואַשן (שמות, י״ט—10, יח—5). צו רייניקן זיך האָט מען זיך באַ־דאַרפט באַגוצן נאָר מיט ריינעם קוואַלוואַסער (ויקרא, טו—13). די פרויען פלעגן זיך וואַשן לכבוד אַ איש נכבד (רות, ג—ד, יהודית י—2). רייכע האָבן געהאַט

באַד־ערטער ביי זיך אין די הויפן[10] (שמואל ב, יא—13). אָבער דאָס אָפטע וואַשן דעם קערפּער און טובלען זיך אין וואַסער האָט ניט נאָר, לויט דער יידישער תורה, אַ היגיע־נישן צוועק — אָפּצוהיטן די ריינלעכקייט און דורך דעם די געזונטקייט פון קערפּער, נאָר אויך אַ ספּעציעל רעליגיעזע כוונה.

ביי געוויסע פאַלן איז דער מענטש פאַראומריייניקט געוואָרן (געוואָרן טמא), און כדי ווידער צו ווערן ריין (טהור), האָט ער זיך געמוזט טובל זיין אין ריינעם קוואַלוואַסער.

ווי עס איז באַקאַנט, אונטערשיידט זיך די יידישע רעליגיע פון די אַסקעטישע גע־צנדינערישע רעליגיעס דערמיט, וואָס ביי איר איז נישט נאָר ניט פאַרבאָטן צו געניסן פון לעבן לויט די מענטשלעכע נאַטירלעכע נייגונגען און מאַטעריעלע באַדערפענישן, נאָר — אדרבה! עס איז נאָך אַ מצוה — פּרו ורבו! דער געשלעכטלעכער גענוס זאָל דערפילט ווערן נאָר אין די פאַמיליע־גרענעצן, אַניט ווערט דער מענטש אומריין. און כדי ווידער ריין צו ווערן, מוז ער זיך טובל זיין אין ריינעם קוואַלוואַסער, דאָס הייסט דורך אַ רעליגיעזער סימבאָלישער ריטואַל־טאַט. די נאַטור אַליין האָט באַגרענעצט דער פרויס פרייען געשלעכטלעכן גענוס דורך איר מענסטרואַציע. דעמאָלט ווערט זי — לויט דעם יידישן דין — אַ נידה — (פון וואָרט נדד — דערווייטערט ווערן).

די טומאה פון אַ נידה איז אויך געווען ביי אַלטע געצנדינערישע פעלקער. אָבער ביי זיי איז די פרוי אויף דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּגעזונדערט באַשעפעניש, ווייל זיי האָבן געהאַלטן אַז זי איז באַזעסן פון רוחות און שדים. אָבער ביי יידן איז זי נאָר אויסגעשלאָסן פון אַ נענטערן געשלעכטלעכן פאַרקער מיט איר מאַן. דאָס האָט היגיענישע מאָטיוון[11], און אויך מאָראַלישע און עסטעטישע מאָטיוון — זי זאָל אים ניט מיאוס ווערן נאָר פאַרקערט, ווי עס דריקט זיך אויס דער באַקאַנטער יידישער געלערנטער שמואל דוד לוצאַטאָ[12], אַז פאַר דעם פרומען יידן דערשיינט זיין ווייב יעדער מאָנאַט ווי אַ נייע כלה. דאָס זאָגט אייגנטלעך דער תלמוד: „רבי מאיר אומר, מפני מה אמרה תורה נדה לשבעה מפני שרגיל באשתו וקץ בה אמרה תורה תהא טמאה שבעה ימים כדי שתהא חביבה כשעת כניסתה לחופה" (נידה, לא—ע"ב).

אין דעם זעלביקן צושטאַנד — אין אַ גרעסערן מאָסשטאַב — געפינען מיר די פרוי ביי אַ געבורט, מיט אַ גרעסערן בלוט־פאַרלוסט און אַן אַלגעמיינער אָפּשוואַכונג פון קערפּער. און איבער דעם איז זי אומריין נאָך געבורט פון אַ זכר 33 טעג און פון אַ נקבה 66 טעג[13] (ויקרא, יב—5).

די מקוה שפּילט אַזוי אַרום אַ גרויסע ראָלע אין צניעותדיקן, פרומען פאַמיליען־לעבן ביי יידן. דאָס קינד, וואָס ווערט געבוירן ביי יידן אָן אַ מקוה, ווערט לויטן יידישן געזעץ אַן אָפּגעשטעמפּלטער פאַר אַ בן הנידה אָדער „בת הנידה", דאָס הייסט פון אַ נידעריקערן אָפּ־שטאַם[14].

---

10. זען מיין ההלבשה העברית הקדומה, וואַרשע, תרע"א, ט"ז, זז' 53—55.
זז' 53—55.

11. לויט דער תורה איז די פרוי אַ נידה נאָר די 7 טעג פון מענסטרואַציע, אָבער די רבנן האָבן צוגעגעבן נאָך 7 טעג, וואָס רופן זיך די ווייסע טעג, ימי ליבון.

12. זען אוצר נחמד, ב' וו, ז' 181.

13. אויך דער גריכישער דאָקטאָר היפּאָקראַטעס ציילט די אומריינע טעג נאָך דעם געבורט פון אַ זכר 20—30 טעג און נאָך אַ נקבה 42 טעג. דער טעם איז ניט באַקאַנט.

14. די באַווייזן, אַז אַזאַ באַנעמען דעם ענין איז וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט, האָט גע־געבן ד"ר י"ל קאַצענעלזאָן אין זיינע ביכער.

### די אַלטע ביאַליסטאָקער מקוה

אין דעם פאַרצייטיקן געטאָ, אַרום שולהויף, האָט די מקוה זיך געפונען אין איינעם פון די שמוציקסטע, ענגסטע הינטערבאַד־געסלעך. דאָס גיין אַהין און צוריק אין די פינצטערע אָוונט־שעהן איז געווען אַ גרויסע אָפּקומעניש. דערצו איז נאָך דער ברוק דאָרטן געווען באַזונדער שלעכט.

אינעווייניק האָבן געוועלטיקט אָפּגעלאָזנקייט און ממש שמוץ. דאָס באַנוצן זיך מיט דער מקוה האָט צוב באַדויערן געמוזט אַרויסרופן אַן עקל ביי פיל פרויען. פון אַן אַנשטאַלט פאַר קערפּערלעכער היגיענע איז די מקוה ביי אונדז געוואָרן אַנטיהיגיעניש. עס איז געווען אַ בזיון וואָס אַזאַ גרויסע און רייכע קהילה זאָלן יאָרן לאַנג, צענדליקער יאָרן לאַנג דערלאָזן אַזאַ צושטאַנד. און אַט דער בזיונותדיקער צושטאַנד האָט זיך געצויגן ביז דריי יאָר פאַר דער [ערשטער] וועלט־מלחמה.

ניט איין מאָל האָבן במשך פון די לעצטע פערציק יאָר פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט פרומע בעלי־בתים מתרעם געווען איבערן שלעכטן מצב פון דער מקוה. מען האָט געהאַט טענות צו יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי איבער דעם, אָבער יענער האָט עס כסדר אָפּגעשטופּט און אָפּגעלייגט. מען האָט קיין זאַך ניט געטאָן אויפצושטעלן אַ פּאַסיקע מקוה.

ביאַליסטאָק האָט שוין געהאַט אַזאַ מזל: די ערשטע פליכט פון אַ פרומער קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געדאַרפט זיין אַוועקצושטעלן די דאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס אַנבאַלאַנגט ריינלעכקייט און אויסערלעכן גלאַנץ און באַקוועמלעכקייט — אויף דער העכסטער מדרגה, אָבער געווען איז פונקט דער היפך — ד ע ר אַנשטאַלט איז געווען דער אָפּגעלאָזנסטער (חוצן הקדש) פון אַלע אַנשטאַלטן.

### די נייע מקוה

ערשט אין די יאָרן 1910—1912 האָבן זיך גענומען די צוויי ענערגישע פרומע עסקני צבור, די פאַרשטאָרבענע ר׳ משה־מרדכי מאַניסעוויטש און ר׳ אייזיק האַראַדישטש צו צעשטערן דעם אַלטן אַנשטאַלט און אויפצובויען אַ נייעם. דערויף האָבן זיי געהאַט נאָר 25 טויזנט רובל, אויפגעקליבן פון יחידים און פון אַ געוויסן מקור.

זיי האָבן אָפּגעקויפט אַ הויז אויף נאַדרעטשנע־גאַס, לעבן דער ביאַלע, אין מיטן שטאָט (פריער איז דאָרטן געווען יאַשינאָווסקיס טעקסטיל־פאַבריק). דאָ האָבן זיי אויפגעשטעלט (1912), אַ צווייִשטאָקיקן מויער פאַר מקואות און בעדער פאַר פרויען און מענער. איצט איז עס געוואָרן אַ מוסטערהאַפטער אַנשטאַלט פאַר דער רעליגיעזער ריינלעכקייט פון פרויען און גלייכצייטיק פאַר דער רעליגיעזער ריינלעכקייט פון מענער. מיט אים באַנוצן זיך א סך אויך פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. ס׳איז אַן אַנשטאַלט מיט אַלע נייטיקע באַקוועמלעכקייטן און אפילו מיט עלעגאַנץ. ביים היינטיקן טאָג, [ד״ה אַן ערך אין 1933] געפינען זיך אין אַנשטאַלט 42 צימערן, 10 מקואות, צווישן זיי איינע אַ

גרויסע, אַן אַלגעמיינע. די פּרויען־אָפּטיילונג באַשטייט פון 5 קלאַסן און 19 צימערן מיט 29 וואַנעס. די מענער־אָפּטיילונג — 11 צימערן מיט 11 וואַנעס אַ חוץ, מקוואות, שוויצבעדער, גאַרדעראָבן־צימער און וואַש־צימער.

דער בודזשעט־באַריכט פון דער ביאַליסטאָקער מקוה־און באָד־אַנשטאַלט פאַרן יאָר 1932 :

הכנסה : פון פרויען־מקוואות : 14,580.06 — 48.9%, פון מענער־מקוואות 75. 4,234 — 14%, מענער־וואַנעס 3,446.25 — 11.2%, פון שוויצבאָד 4,600.55 — 15.3%, פאַראָווע־נומערן 554.50 — 1.9%, פון מאַגיסטראַט פאַר אָרעמע 2,670.30 — 8.9%; פון זאַלץ צו וואַנעס 109.85 — 0.4%; צוזאַמען בס״ה 30,196.25. אין יאָר 1931 איז די הכנסה געווען 35,746.50 גילדן.

הוצאה פערסאָנאַל אין יאָר 1931 — 15,769.25, אין יאָר 1932 — 14,505.48 גילדן; סאָציאַלע אָפּצאָלן אין יאָר 1931 — 1,797.78, אין יאָר 1932 — 1,398.18; געשעפטלעכע אויסגאַבעס אין יאָר 1931 — 17,092.92, אין יאָר 1932 — 11,350.11; אויסערגעוויינלעכע אויסגאַבעס אין יאָר 1932 — 1,413.80. רווח אין יאָר 1931 — 1,086.55, אין יאָר 1932 — 1,528.68. סך־הכל הוצאה אין יאָר 1931 — 35,746.50, אין יאָר 1932 — 30,196.25 גילדן.

רעמאָנטן אין בנין אין יאָר 1931 — 3,086.94, אין יאָר 1932 — 6,025.96 גילדן.

די צאָל אומזיסטע וואַנעס, בעדער און מקוואות אין יאָר 1932 זיינען געווען אַן ערך 14,000.

## ה. די בית־עולמס און חברה קדישא

### קבורה לויטן יידישן דין

דער מנהג און די וויכטיקייט פון קבורה איז ביי יידן גאַנץ אַלט: אין תורת משה ווערט פאַרגעזאָגט, אַז אפילו דער קערפּער פון אַ זינדיקן וואָס איז באַשטראָפט געוואָרן מיטן אויפהענגען, זאָל ניט בלייבן הענגען איבער נאַכט ; ער זאָל דעם זעלביקן טאָג באַגראָבן ווערן, ווייל „קללת אלוהים תלוי״ — עס הענגט אַ באַליידיקונג פאַר גאָט, וואָס דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אין זיין געשטאַלט — (רש״י, דברים, כא—23). די געצנדינערישע פעלקער פלעגן דעם טויטן קערפּער — אָדער מאַכן אין גאַנצן פאַר אַ הייליקייט, ווי די פאַרצייטיקע מיצרים (וואָס פלעגן דעריבער אים באַלזאַמירן און שטעלן פּיראַמידן כדי אים צו פאַראייביקן), אָדער זיי פלעגן אים, אַזוי ווי די פּערסער, אַרויסוואַרפן אויפן פעלד, ביז ער איז אויפגעפרעסן געוואָרן פון חיות און פויגלען, אָדער מ'האָט אים פאַרברענט.

לויטן יידישן דין איז דער טויטער קערפּער פון מענטשן אַן אומריינע זאַך, טמא, וואָס פאַרהייליקט קען ער שוין ניט ווערן, און די כהנים האָבן מיט אים קיין צערעמאָניעס ניט גע־קענט מאַכן ווי די מיצרים, ווייל צורירנדיק זיך צו אים און אפילו נאָר זיין אין זיין לופט און אין איין געצעלט ווערן זיי שוין אַליין טמא. הכלל, דער טויטן־קולט ווי ביי די מיצרים און די אַנדערע געצנדינערישע פעלקער האָט ניט געקענט זיין ביי יידן.

אָבער די יידישע תורה האָט אָפּגעגעבן כבוד דעם מענטשלעכן קערפּער, וואָס איז גע־ווען דאָס אויפהאַלטונגס־אָרט פון מענטשלעכן, פון געטלעכן גייסט, וואָס דאָס הייסט אין תורת

משה דער צלם אלקים, וואָס דער מענטש איז מיט אים באַשאַפן געוואָרן (בראשית, א—27). דעריבער האָט די תורה באַפוילן, אַז מען זאָל תיכף נאָכן טויט באַגראָבן דעם קערפּער.

אין דער צייט פון בית־שני פלעגט מען ביי יידן מאַכן אַ גרויסן פּאַראַד ביי קבורה און לויה. מען פלעגט דעם טויטן קערפּער אויסשמירן מיט די טייערסטע איילן און אויסרייבן מיט די טייערסטע שמעקעדיקע בשמים און אים אויספּוצן אין די טייערסטע קליידער און אַריינ־לייגן אין אַ טייערן ארון. די לויה פלעגט מען מאַכן מיט מוזיק, און נאָך דער קבורה מאַכן אַ גרויסע טייערע סעודה, וואָס פלעגט זיך אָנרופן סעודת הבראה, אַ מאָלצייט פון דערלאַבונג, פון דערקוויקונג פאַר די אבלים. דאָס פלעגט אָפּקאָסטן אַ סך געלט. דעריבער פלעגן זיך די נאָענטע קרובים אָפּזאָגן פון דער קבורה פון זייערע מתים, ווייל ווי דער תלמוד דריקט זיך אויס, איז אַמאָל געווען פאַר די קרובים שווערער די הוצאות פאַרן מת און שמערצלעכער ווי זיין שטאַרבן אַליין. ביז וואַנען עס איז געקומען רבן גמליאל, דער יידישער נשיא 50 יאָר נאָכן חורבן הבית, און האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אים באַגראָבן אין לייוונטענע תכריכים, אָן שום פּאַראַד. פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן איינגעפירט צו באַגראָבן דעם טויטן אָן גרויסע הוצאות (תוספתא נידה פט; כתובות, ח ע״ב; מו״ק, כז, ע״ב).

זיך צו באַטייליקן אין דער קבורה און דער לוויה פון אַ מת איז געווען פון שטענדיק אָן די גרעסטע מצוה ביי יידן, ווי עס באַווייזן אַ סך מאמרים אין תלמוד און מדרשים [15]. עס זיינען געווען אין אַלע שטעט באַזונדערע חברות, וואָס האָבן עוסק געווען אין דער קבורה און לויה פון די מתים. די מיטגלידער פון די חברות האָבן זיך אָנגערופן „מתעסקים", „גומלי חסד". אין די ערטער, וואו עס זיינען ניט געווען אַזעלכע חברות, האָט די גאַנצע קהלה אין דעם טאָג, וואָס עס האָט זיך געפונען אין שטאָט אַ מת מצוה, ניט געטאָרט עוסק זיין אין קיין אַנדער אַרבעט און באַשעפטיקונג (מו״ק, כז, ע״ב). דעריבער טאַקע זיינען פון שטענדיק אָן געווען באַזונדערע חברות, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער קבורה און לויה פון די מתים אין דער קהלה.

דער מנהג פון טהרה, אַז מען זאָל דעם טויטן קערפּער אַרומוואַשן און אויסרייניקן, איז ניט דערמאָנט בפירוש אין די תלמודישע מקורים. ווי עס ווייזט אויס, איז דער מנהג אַנטוויקלט געוואָרן ביי יידן פון זיך אַליין שפּעטער, פון דעם באַגריף אַז דער מענטש דאַרף קומען ריין אויף יענער וועלט, ד״ה ניט זיין פאַרשמוצט דורך שלעכטע מעשים און זינד. די טהרה פון טויטן קערפּער איז די התגשמות, דער פאַרקערפּערונג־סימבאָל פון דעם דאָזיקן באַגריף, ווי אַ סך מאָמענטן פון צערעמאָניאַל ביי יידן זיינען סימבאָלן פון העכערע באַגריפן.

## חברה קדישא

דער נאָמען „חברה קדישאָ" (הייליקע חברה) זאָל האָבן באַקומען די חברה, וואָס באַ־שעפטיקט זיך מיט דער טהרה און דער קבורה פון מת, לויט ווי עס שרייבט דער צמח דוד — ערשט אין די יאָרן ק״ח—ק״י [1348—1350], בשעת דער שוואַרצער מגפה, ווען אין גאַנץ אייראָפּע איז אויסגעשטאָרבן אַ גרויסער טייל מענטשן און עס איז געפאַלן אַ פחד זיך צוצורירן צו אַ טויטן קערפּער. זיינען אַ סך פון די געשטאָרבענע פון דער שוואַרצער מגפה ניט געקומען צו קבר ישראל, זאָל האָבן דעמאָלט זיך געגרינדעט די חברה, וואָס אירע מיטגלידער האָבן זיך מקריב געווען און זיך עוסק געווען אין דער טהרה און קבורה פון די דאָזיקע מתים.

---

15. אין דריטן באַנד פון מיין ספר חיי התרבות בישראל בתקופת המשנה והתלמוד געפינט זיך אַן אָפּטיילונג „סוף האדם". דאָרטן ווערן אויספירלעך באַטראַכט אַלע הכנות צו דער קבורה, אַלע מנהגים פון דער קבורה גופא, אויך וועגן הלוית המת, הספד, סעודת הבראה, מנהגי אבלות און תנחומי אבלים, לויט די תלמודישע מקורים.

[עס איז אַרויס נאָר דער ערשטער באַנד פון דעם ספר; די איבעריקע טיילן זיינען פאַרבליבן אין מאַנוסקריפּט און זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. — רעד׳].

דעריבער האָבן זיי באַקומען דעם טיטל „חברה קדישאַ“, אָבער זייער עלטסטער טיטל איז „חברה גמילות חסד של אמת“ (חגחש״א), און די חברים פון דער חברה האָבן געהייסן אין תלמוד „גומלי חסד“.

אָבער די דאָזיקע חברה האָט אין אַ סך קהלות אין רוסלאַנד און פוילן ניט פאַרדינט אַזאַ נאָמען פון הייליקייט במשך פון לעצטן יאָרהונדערט — מיט אירע ניט־הייליקע מעשים אַרויס־צוציען ביי די יורשים קבורה־געלט לויט זייער אייגענעם אָפּשאַצן די גרויס פון עזבון, וואָס איז געבליבן נאָכן נפטר. און עס פלעגט קומען — און עס קומט נאָך היינט אַ סך מאָל — צו אַ בזיון המת, אַז מע לאָזט אים ליגן אַ לאַנגע צייט, ביז וואַנען מען ווערט מושווה מיט די יורשים. און דאָס געלט ווידער פלעגן די חברות אויסגעבן אויף אייגענע הצטרכותן, אפילו אויף סעודהלעך [16].

דער ערשטער בית־עולם פון ביאַליסטאָק

אין ביאַליסטאָק איז שוין געווען אַ חברה קדישאַ אויף מטהר צו זיין דעם מת און מאַכן אַלע הכנות צו דער קבורה, איידער ביאַליסטאָק האָט נאָך געהאַט אַן אייגענעם בית־עולם און די שטאָט האָט באַגראָבן אירע מתים אין אַ שכנישער גרעסערער קהילה, ווי עס באַווייזט דער פנקס פון אַלטן בית־מדרש.

ביאַליסטאָק האָט געהאַט דריי בית־עולמס: 1) דעם אַלטן בית־עולם אויף סוראַזער גאַס, לענג־אויס דעם הקדש; 2) דעם מיטעלן, אויף בעמאַ־גאַס, און 3) דעם נייעם, אין באַגנאַווקע, אַ דאָרף לעבן ביאַליסטאָק.

באַשטימען ריכטיק די צייט, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער אַלטער בית־עולם קענען מיר ניט, ווייל מיר האָבן ניט פאַר דעם קיין מקור. מיר קענען נאָר באַשטימען די ערשטע 8 מצבות, וואָס געפינען זיך אויף אים פון די יאָרן תקל״ד—תק״מ [1774—1780]:

א) הרבני המופלג מוהר יצחק אייזיק בהר מהר אליקום פייבוש שנפטר י״ב בחודש אלול שנת תקל״ד לפ״ק;

ב) הישיש הראש הרר אברהם בהרב ר תנחום שנפטר בהושענה רבה שנת תקל״ה [ח ?] לפ״ק;

ג) פנ. הר הגאון הג. מורב מ אפרים פישל בר יהושע ונפ. ח׳ חשוון תקל״ז [17];

ד) פה נטמן האש. דבורה אשת הישיש הראש הרר אברהם בהרר תנחום שנפט [?] ימים בחודש מרחש. שנת תקל״ט;

---

16. ווי עס ווייזט אויס, זיינען שוין געווען ביי יידן אַזעלכע חברות אין די אַלטע צייטן. וועגן אַ גבאי פון אַזאַ חברה איז פאַרפאַסט געוואָרן דער שיינער ספור אין אַ שפעטערדיקן מדרש (זען בית מדרש פון יעלינעק, חדר ו׳, און אין אוצר מדרשים, 332) וועגן איינעם וואָס האָט זיך אָנגערופן ריקן (אַ ליידיקער, פוסטער מענטש), וואָס האָט זיך ממציא געווען אַ פּרנסה זיך מתחבר צו זיין צו אַזעלכע ריקים ווי ער, ניט צוצולאָזן מקבר זיין קיינעם, ביז מ׳האָט אים איינגעצאָלט 200 זילבערנע מטבעות. איז ער זייער רייך געוואָרן; האָט מען אויף אים זיך באַקלאָגט ביים מלך, האָט ער אים משחד געווען און געפונען ביי אים חן, ביז ער איז אַליין געוואָרן אַ מלך אין מצרים און האָט אַרויפגעוואָרפן אויף מצרים צו צאָלן פיל אָפּגאָבן (פריעת מס), און צוליב דעם האָט מען אים אַ נאָמען גע־געבן פרעה.

17. וועגן דער מצבה זען פנקס ביאַליסטאָק, ב׳ ו, ז׳ 96 (הערה).

ה) פנ. הרבני המ[ופלג] החריף מה׳ משה בהרב מ׳ יצחק זצ״ל כ״ו (ח) שבט תק״מ;

ו) פ״נ מ׳ אליעזר במ״ מאיר ז״ל נפטר י״ח כסלו תק״מ לפ״ק תנצבה;

ז) פה נח איש תם ויש[ר] הרבני הנדיב מו״ה שמואל במ׳ יהודה נפטר ד׳ כסלו תק״מ לפ״ק תנצבה;

ח) לזכרון יצ״ט בחברה קדישאָ עלה יחיאל מיכל במו אשר ובתו הבתולה מ׳.. איטקע... תנצבה.

לויט אַ מסורה זאָל די לעצטע מצבה זיין פון דעם סאַמע ערשטן קבר אויפן אַלטן בית־עולם. די דאָזיקע הזכרה ווערט דערמאָנט אין סדר סליחות, וואָס ביי דער היגער חברה קדישאָ, צום ערשטן, נאָך פאַר די רבנים. דאָס באַווייזט, אַז דאָס איז די מצבה פון די ערשטע מתים אויפן אַלטן בית־עולם, אָבער גראָד אויף דער מצבה איז אָפּגעריבן דאָס יאָר.

די 8 קברים מיט זייערע מצבות, וואָס זיינען אַנטדעקט געוואָרן דורך שמעון קאָניאַק אויפן אַלטן בית־עולם, האָבן מיר באַוויזן, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט, ווען איך האָב שטיצנדיק זיך אויף אַ דאָקומענט פון פנקס פון אַלטן בית־מדרש, געהאַלטן אַז דער היגער עלטסטער און ערשטער בית־עולם איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תקמ״א. אין יענעם דאָקומענט ווערט דערציילט, אַז אין יאָר תקמ״א [1781] האָט מנדב געווען המנוח מיכל שמואל בר׳ יהודה ליב סך שלש מאות זהבים פ״ט צום קויפן קרקע צום בית־עולם און להתקין [צו רעכט מאַכן] זיין גדר [18]. האָב איך גערעכנט, אַז דעמאָלט איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער בית־עולם. ווייזט אָבער אויס אַז מיט דער נדבה פון ר׳ מיכל־שמואל בר׳ יהודה־לייב האָט מען זיך באַנוצט נאָר אויף צוצוקויפן ערד צום בית־עולם און צורעכט מאַכן זיין גדר.

דער קלענער שטח פון פאַר תקמ״א, פון הקדש ביז די מצבות פון תקמ״א און ווייטער, איז צו קליין פאַר אַ בית־עולם פון העכער 100 יאָר זינט תי״ח, זינט ביאַליסטאָק איז געוואָרן אַ ידישער ישוב, ביז תקל״ד. דער פוילישער צווינטער איז ענג געוואָרן אין משך פון 18 יאָר, פון 1750 ביז 1768. דעם ביאַליסטאָקער יידישן בית־עולם שילדערט דער דייטשער רייזנדער יאָהאַן ערנסט פאַרבי פון יאָר תקמ״ה [1785], און ער דערציילט אַז דער בית־עולם איז דעמאָלט נאָך געווען אַ ליידיקער פלאַץ מיט האָלץ.

וואו האָבן ביאַליסטאָקער יידן מקבר געווען זייערע מתים?

אין ר׳ ליפּעלעס צייט האָט מען געפונען, בשעת מען האָט געגראָבן דעם פונדאַמענט צו ווילבושעוויטשעס הויז, סקעלעטן פון מתים. האָט ר׳ ליפּעלע פאַר־ווערט דאָרט צו שטעלן אַ הויז, טאָמער איז דאָרט געווען אַ ידישער בית־עולם.

18. דאָס שטימט מיט דער איינשרייבונג אין פנקס, דאָרטן, אַז ר׳ יהודה־ליב בר׳ יוסף ז״ל איז געשטאָרבן אין יאָר תקמ״א און איז נקבר געוואָרן אויפן ב״ע דפה און האָט אי־בערגעלאָזן 150 זהובים פויליש על בית המדרש. ר׳ יהודה־לייב איז געווען דער פאָטער פון דעם מנדב מיכל־שמואל.

**אָבער באמת האָט וועגן אַ ייִדישן בית־עולם גאָר קיין חשש ניט געקענט זיין, ווייל דער אַלטער ישוב אין ביאַליסטאָק איז פון אָנהייב געווען באַגרענעצט נאָר אויפן שולהויף. דאָרטן האָט געקענט זיין נאָר אַ צווינטער פון אַמאָליקן גויאישן דאָרף [19]. אָבער לויט אַ דעה זיינען מתים נכרים אויך מטמא.**

**ביאַליסטאָק איז נאָך דעמאָלט געווען אַזאַ קליינער ישוב, וואָס האָט אפשר ניט געהאַט פאַר זיך אַן אייגענעם בית־עולם, האָט די קהילה באַגראָבן אירע מתים אין אַ שכנישן גרעסערן ישוב [20].**

באמת, לויט דער מסורה פון גאַנץ אַלטע יידן פון פאַר פופציק יאָר, האָבן ביאַליסטאָקער יידן באַגראָבן זייערע מתים אין טיקטין, אין זייער גליל־שטאָט. אָבער עס איז דאָך אוממעגלעך מלווה צו זיין אַזאַ גרויסן מרחק די ביאַליסטאָקער מתים אין דער צייט, וואָס עס זיינען געווען נענטערע גרויסע יידישע ישובים ווי כאָראָשטש און זאַבלודאָווע. צווייטנס, געפינען מיר ניט דערמאָנט ניט אין טיקטינער פנקס הקהלה און ניט אין פנקס פון איר דעמאָלטדיקער חברה קדישאָ, אַז מ׳האָט באַגראָבן ביאַליסטאָקער יידישע מתים אין טיקטין, און עס קען דאָך ניט זיין, אַז עס זאָלן ניט פאָרקומען קיין סכסוכים און דין ודברים און אָפּמאַכן וועגן דעם וויכטיקן ענין פון קבורת מתים צווישן דיביידע קהילות. אָבער אויך אין די פנקסאות פון די חברות קדישות פון כאָראָשטש און זאַבלודאָווע, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר זיך, האָבן מיר אויך גאָרניט געפונען וועגן דעם דערמאָנט.

ווי ווייט די קלענערע ישובים זיינען געווען אָפּהענגיק אין באַגראָבן זייערע מתים פון די גרעסערע נאָענטע קהילות, וואָס זיי האָבן געהערט צו זיי, און וואָס נאָר דאָרטן האָבן זיך גע־פונען די בית־עלמינס, וואו זיי האָבן גדאַרפט באַגראָבן זייערע מתים, — קענען מיר זען פון אַן אָפּמאַך מיט זאַבלודאָווע, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן שפּעטער אין יאָר תקס״ג, כ׳ מרחשון [1802], וואָס דעמאָלט האָט שוין ביאַליסטאָק געהאַט אַן אייגענעם גרויסן בית־עולם, צו באַגראָבן אייגענע מתים און די מתים פון די ישובים, וואָס האָבן געהערט צו איר.

צו שליסן דעם אָפּמאַך זיינען פון זאַבלודאָווע אַראָפּגעקומען קיין ביאַליסטאָק די פאָר־שטייערס פון זאַבלודאָווער חברה קדישאָ, די אלופים נבחרים ג״ח של אמת, וואָס זיינען דערביי אויסגערעכנט מיט די זייערע נעמען. זיי האָבן אָפּגעמאַכט וועגן די נפטרים פון די ישובים, וואָס געהערן צו ביידע קהילות: אַז ווען עס וועט קומען צו קבורה אויפן בית־עולם פון איינער פון די ביידע קהילות פון אַ נפטר פון אַ ישוב, וואָס געהערט צו דער אַנדערער קהילה, דאַרף זיי נעמען משכנות ביי די יורשים פון נפטר לבטחון, אַז זיי וועלן ברענגען פון דער חברה קדישאָ פון זייער הויפּט־קהילה, אַז זיי האָבן איר איינגעצאָלט קבורה־געלט, וואָס קומט איר, און דע־מאָלט זאָל מען זיי אָפּגעבן צוריק די משכנות [21].

**ווען מען נעמט אין באַטראַכט די גאַנצע שקלא וטריא — בלייבט ווידער די קשיא: וואו האָט ביאַליסטאָק באַגראָבן אירע מתים?**

**איך רעכן אַז דער גאָר ערשטער בית־הקברות פון דער ביאַליסטאָקער קהילה**

---

19. זען מיין אַרטיקל אין אונזער לעבן, 1933, נומ׳ 166.

20. ווי עס באַגראָבן היינט זייערע מתים די סופּראַסלער יידן אין ביאַליסטאָק, לאַפּער יידן — אין סאָקאָלע. דער קאַטוילישער ערשטער צמענטאַזש שוו. ראָך איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1750 (תק״י), אָבער אין יאָר 1768 איז שוין געוואָרן צו ענג, האָט מען געמוזט גרינדן אַ נייעם צמענטאַזש שוו. מאַגדאַלענאַ אויף כאַנייקעס. האָבן זיי אויך באַגראָבן זייערע טויטע אין אַ נאָענטן דאָרף.

21. דאָס אַלץ איז פון אַלטן פנקס פון זאַבלודאָווער חברה קדישאָ. דער פנקס געפינט זיך אין ביאַליסטאָקער שטודיר־ביבליאָטעק.

איז געווען אין איינעם פון די נאָענטסטע יידישע ישובים אַרום ביאַליסטאָק וואָס האָט געהערט צו אונדזער קהילה[22]. נאָר אַז די רוסישע רעגירונג האָט אַרויס־געטריבן יידן פון די דערפער און אויך פון דעם ישוב, וואו עס האָט זיך געפונען דער ביאַליסטאָקער בית־הקברות, האָבן די פויערים שפּעטער פאַראַקערט דאָס פעלד, ביז עס איז קיין זכר ניט געבליבן פון אים.

פון די ערשטע צענדליק קברים אויפן היגן אַלטן בית־עולם זענען מיר, אַז די אַמאָליקע מצבות זיינען אין ביאַליסטאָק געמאַכט געוואָרן פון געוויינלעכע פעלד־און ברוק־שטיינדלעך, וואָס פלעגן געפּאָלירט ווערן אויף איין זייט, און דאָרט איז אויסגעקריצט געוואָרן אַ קורצער נוסח פון אַ מצבה; אַ גאַנץ פעלד מיט אַזעלכע אויסגעקריצטע שטיינדלעך ווערט פאַרווישט אין אַ פאַרלויף פון עטלעכע צענדליק יאָר, ווען דאָס פעלד ווערט ניט אָפּגעהיט ווי אַ בית־הקברות. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז איך האָב אויפגעזוכט און געפונען צווישן די אַלטע קברים אויפן היגן אַלטן בית־עולם אַזאַ שטיינדל, וואָס אויף אים איז געווען אויסגעקריצט די מצבה פון אַ ביאַליסטאָקער רב אב״ד יהודה בר׳ מרדכי. שמעון קאָניאַק האָט געפונען אויף אַזאַ שטיינדל — די מצבה פון אַ קבר פון טיקטינער באָקאַנטן רב אב״ד און גאון ר׳ אפרים פישל, וואָס זיינען דאָ פון אַלע אין גאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, כאָטש דער היגער בית־עולם איז דאָך אָפּגעהיט געוואָרן פון קהל און חברה קדישאָ.

### דער צווייטער בית־עולם

דער מיטעלער בית־עולם אויף בעמאַ־גאַס איז געגרינדעט געוואָרן אין תקצ״א ווי אַ כאָלערע־בית־עולם, ווייל דעמאָלט [1830] איז אויסגעבראָכן די כאָלערע אין שטאָט.

מען האָט אויפן כאָלערע־בית־עולם מקבר געווען ביי אַ הונדערט מתים. אין תר״ט [1848] איז ווידער אויסגעבראָכן אַ כאָלערע אין דער גאַנצער געגענט.

שפּעטער געפינט מען מתים אויף דעם בית־עולם נאָר פון תרכ״ו [1866]. ביי דער דריטער כאָלערע האָט מען דאָרטן ווידער מקבר געווען די אומגעקומענע פון דער כאָלערע, חוץ עטלעכע וואָס געפינען זיך דאָרטן פון 1843 און 1854.

ווי אַן אַלגעמיינער בית־עלמין האָט דער צווייטער בית־עולם געדינט נאָר פון תר״מ ביז תרנ״ב [פון 1880 ביז 1892].

### דער נייער בית־עולם

דער נייער בית־עולם איז געגרינדעט געוואָרן ד׳ טבת תרנ״ב (1892). עס זיינען דערביי געווען אַלע נכבדים און ראשי הקהל מיט הרב ר׳ שמואל מאָהיליווער זצ״ל בראש, וואָס האָט געהאַלטן אַ רירנדיקע דרשה מענינה.

באַלד פון אָנהייב בית־עולם רעכטס געפינט זיך דער ערשטער קבר פון אַ פרוי, וואָס מען האָט דעמאָלט מקבר געווען. דער נוסח פון איר מצבה איז: פ״נ האשה הצנועה י״א מ׳ פרומא בת ר׳ יהודה לייב נפטרה יום ב׳ ד׳ טבת שנת ה׳ תרנ״ב לפ״ק תנצבה.

---

22. זען פּנקס ביאַליסטאָק, ב׳ I, זז׳ 45—48.

### דער באַשטאַנד פון דער אַלטער חברה קדישאָ

אין דער ביאַליסטאָקער חברה קדישאָ האָבן — מיט אַכציק יאָר צוריק — זיך געפונען די גרעסטע נכבדים פון דער קהילה. דאָס דרינגט אַרויס פון אַ החלטה פון דער דעמאָלטדיקער חברה פון יאָר תרי״א, ח״י אדר ראשון [1851], אַז די „חברה תורה״ מעג זיך באַנוצן מיטן קהל־שטיבל פון חברה קדישא, (וואָס האָט זיך געפונען אין שול איבערן חדר הקהל), דאַרט צו לערנען אַ גאַנצע וואָך, חוץ ווען חברה קדישאָ וועט דאָס שטיבל נייטיק האָבן פאַר איר הצטרכות, דאַרף די „חברה תורה״ דעמאָלט אָפּטרעטן.

אויף דער החלטה זיינען אונטערגעשריבן די גרעסטע חשובי העדה. דער ערשטער איז געחתמעט יהושע העשל בהמנוח מו״ה יוסף ז״ל היילפּערן (העשל מעדאַלטשיק); ווייזט אויס אַז ער איז געווען דער ראש החברה. נאָך אים זיינען געחתמעט מרדכי במו״ה יצחק זאַבלודאָווסקי (דעם גבירס פיינסטער זון); יעקב קאָפּל בן א״א רי״ל ז״ל היילפּערן (קאָפּל לייבקעס דער נאָטאַריוס); יחיאל מיכל בר׳ חיים זאַבלודאָווסקי (מיכעלע כינקעס); הלל בהרב המנוח מוהרר שלמה זלמן בהר״ח (ביאַליסטאָקער רבס זון); יוסף צבי בן אדוני אבי מורי משה געלבערג; שמריהו במהרי״ל ז״ל היילפּערן; דוד בן א״א מוהר״ר יחיאל מ. זאַבלודאָווסקי (דאָדיע מיכעלעס); יעקב שלמה באא״מ יואל באַראַש; בנימין במו״ה מרדכי זאַבלו־דאָווסקי; יצחק במוהר״ר ירוחם לייב קאַנטאָר; בנימין זאב וואָלף היילפּערן; ראובן במוה יצחק ליפשיץ; בצלאל במוה אריה ליב ליפשיץ; ירחמיאל בן א״א מוה דוד ז״ל (דער ספרא דמתא, דער רבי פון „חברה תורה״). דאָ איז אויסגע־רעכנט די סאַמע פּני פון דער יעמאָלטדיקער ביאַליסטאָקער קהילה.

### די נייע חברה קדישאָ

פונדעסטוועגן האָט מען דעמאָלט אָפּגעטאָן אונטער דעם מאַנטל פון די דאָזיקע חשובי העדה — ניט קיין חשובע מעשים. מ׳פלעגט רייסן געלט ביי די יורשים פון די נפטרים, און דאָס באַקומענע געלט פלעגט מען אויסגעבן אויף אייגענע הצטרכותן, ניט אָפּגעבנדיק קיין חשבון.

האָבן זיך צו דער זאַך גענומען עטלעכע חשובים בראש מיט ר׳ יעקב וויינרייך, און מיט אים ר׳ דוד־אברהם קעמפּנער, משה בעלאָך און אברהם־יצחק טיפער־מאַס. זיי האָבן אָנגעגעבן צום גובערנאַטאָר אַן „אוסטאַוו״ צו באַשטעטיקן אַ נייע חברה קדישאָ מיט שטרענגע תקנות. אַזאַ חברה איז באַשטעטיקט געוואָרן. אין איר זיינען אַריין אַלע פיינע און חשובע חברים. ערב פסח תרט״ו [1855] האָבן די נייע גבאים פון דער חברה אָפּגעגעבן זייער שבועה, און די אַלטע חברה קדישאָ איז בטל געוואָרן. לויט דעם נייעם אוסטאַוו איז דאָס קבורה־געלט נאָרמירט און רעגולירט געוואָרן אויף פינף קלאַסן, פון איין רובל פינפטער קלאַס ביז דרייסיק רובל ערשטער קלאַס. יעדער קען באַשטימען לויט וועלכן ער וויל באַגראָבן זיין נפטר, און אַזוי פיל דאַרף ער איינצאָלן; מער טאָר מען ביי אים ניט פאָדערן. די

הכנסה פון בית־עולם געהערט צו דער קהילה, ניט צו די חברה־קדישאַ־מיט־גלידער, וואָס דאַרפן מיט געלטזאַכן קיין שום עסק ניט האָבן.

אָבער לויט די אַלטע רוסישע געזעצן האָט געהערט דער בית־עולם מיט זיין בודזשעט צו דער שטאָטשול. דער אויסגעוויילטער גבאי פון דער שטאָטשול איז געווען גלייכצייטיק גבאי פון בית־עולם, און אַזוי ווי דער גבאי פון שטאָטשול פלעגט ווערן אויסגעקליבן פון המון־עם וואָס זיינען געווען די שול־דאַווענערס, זיינען די אויסגעקליבענע שול־גבאים מייסטנס ניט געווען צוגעפאַסט צו אַזאַ גבאות. זיי האָבן דורך איר געזוכט פריוואַטע אינטערעסן. חוץ דעם האָבן די קהילה־פירערס דעמאָלט משנה געווען מצדקה לצדקה. די הכנסה פון בית־עולם איז שטענדיק פאַרניצט געוואָרן אויף אַנדערע הצטרכותן פון דער קהילה, איז דער בית־עולם דעריבער געווען שטענדיק דער אָפּגעשטאַנענסטער אַנשטאַלט אין ביאַליסטאָק, מיט אַן אומאָרדענונג אינעווייניק און אַ שמוציקן אויסזען פון דרויסן. דער בית־עולם האָט גאָר קיין שום פּלאַן ניט געהאַט, און די שורות מיט די קברים זיינען געמאַכט געוואָרן אָן אַ שום סדר און אָרדענונג.

דער ערשטער ועד הקהל אין דער אָקופּאַציע־צייט האָט איבערגענומען דעם בית־עולם אין זיין רשות, אָפּגעבנדיק פאַר אים אַ באַזונדערן טיש מיט אַ פּאַר־וואַלטער (יודל בענדעט). עס איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף זעקס פאַרשיידענע זיצונגען ווי אַזוי אויסצובעסערן זיין צושטאַנד. מען האָט געלאָזט אויסמעסטן דעם בית־עולם און מאַכן אַ פּלאַן (דורך שלמה ראַבינאָוויטש) און אים איינגעטיילט אין ערוגות און שורות, און געלאָזט איינפלאַנצן אין איםביימער און געמאַכט אַ פּנקס, וואו עס זיינען פאַרשריבן געוואָרן אַלע נעמען פון די קברים לויטן אלף־בית און לויטן פּלאַן.

אויף דער 102טער זיצונג איז באַהאַנדלט געוואָרן אַ פראַגע צו גרינדן אַ באַזונדער טהרה־שטיבל אויפן בית־עולם, ווי אין אַלע גרויסע שטעט, וואו מען זאָל מטהר זיין די מתים, ניט אין די הייזער פון די נפטרים. אָבער דאָס איז ניט צו שטאַנד געקומען מחמת דוחק אין געלט. די שטאָטשול־גבאים האָבן זיך דעמאָלט געווענדעט צום שטאָט־הויפּטמאַן, מען זאָל זיי צוריק אָפּגעבן דעם בית־עולם, וואָס געהערט זיי לויטן רוסישן געזעץ. דער ועד הקהל האָט אויף זיין 84טער זיצונג געגעבן זיין דערקלערונג, אויף וואָס דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט מסכים געווען און האָט באַשטעטיקט אַז דער בית־עולם געהערט צום ועד הקהל.

אויך שפּעטער, נאָך דער מלחמה, שוין ביי דער פוילישער מאַכט, אין יאָר 1926, האָט די חברה קדישא געפּרואווט זיך מאַכן זעלבשטענדיק און צונע־מען די פאַרוואַלטונג פון דער הכנסה און הוצאה פון בית־עולם. זי האָט שוין כמעט געהאַט אויסגעפּועלט ביי דער העכערער פוילישער מאַכט אַ באַשטעטיקונג דערויף. האָט זיך דער דעמאָלדיקער פאָרזיצער פון ועד הקהל (א. טיקטין) אָוועק־געשטעלט קעגן איר, און נאָכן דערקלערן דער העכערער מאַכט די אמתע זאַך־פאַרהעלטעניש איז דער בית־עולם פונדאַסניי באַשטעטיקט געוואָרן ווי אַן אייגנטום פון ועד הקהל. עס זיינען יעמאָלט רעגולירט געוואָרן די באַציאונגען צווישן ועד הקהל און חברה קדישא, ווי עס פירט זיך ביז היינט.

קאַפּיטל אַכט

# ביאַליסטאָק אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה

## א. אין דעם ערשטן מלחמה־יאָר

### די מהומה גלייך ביים אָנהייב מלחמה

דאָס גאַנצע ערשטע מלחמה־יאָר, פון תשעה באב תרע״ד (29טן יולי 1914), זינט דער דערקלערונג פון דער מאָביליזאַציע דורך דער רוסישער רעגירונג, ביז דאָס דייטשע מיליטער האָט אָקופּירט ביאַליסטאָק, ט״ו אלול תרע״ה (26טן אויגוסט 1915), האָט זיך די שטאָט און ממילא איר יידישע קהילה געפונען אין אַ העכסט אומרואיקן, פיבערדיקן צושטאַנד. מען האָט געפילט, ווי דער באָדן וואַקלט זיך אונטער די פיס.

נאָר דער דאָזיקער צושטאַנד איז ניט די גאַנצע צייט געווען גלייך.

אין אָנהייב איז די מהומה געווען זייער גרויס. באַלד אין דער פרי פון דעם טאָג, וואָס עס איז דערקלערט געוואָרן די מאָביליזאַציע, האָט זיך דער עולם דערשראָקן, אַז עס וועט פאַרפעלן עסנוואַרג. איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה, יע־דערער איז געלאָפן זיך פאַרשאַפן עסן, פּראָדוקטן. מ׳האָט געזען יידן נכבדים לויפן אויף דראָזשקעס און אויף פורן, שלעפּנדיק זעקלעך מעל, צוקער און אַנ־דערע פּראָדוקטן.

די מלוכה־באַנק איז פון ביאַליסטאָק עוואַקואירט געוואָרן, אַלע בענק און באַנק־געשעפטן זיינען געשלאָסן געוואָרן, אַלע צאָלונגען האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עס איז דערקלערט געוואָרן אַ מאָראַטאָריום אין גאַנץ רוסלאַנד, און ממילא איז געוואָרן אַ גרויסער דוחק אין געלט.

אַלע פאַבריקן זיינען געשלאָסן, און אַלע אַרבעטער זיינען פונאַנדערגע־לאָזן געוואָרן. די לעבנסמיטלען זיינען פאַרטייערט געוואָרן. עס האָט אויס־געפעלט ברויט אין שטאָט, און עס איז אַנטשטאַנען אַ הונגער־נויט.

אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן צו באַרואיקן. די מלוכה־באַנק איז סוף אויגוסט צוריקגעקומען; אויך די פּריוואַט־בענק האָבן זיך צוריק געעפנט. אין משך פון די מאָנאַטן סעפּטעמבער־אָקטאָבער זיינען די פאַבריקן צוריק אָוועק־געגאַנגען זייער נאָרמאַלן גאַנג. און זינט די דייטשן האָבן צום צווייטן מאָל, (דעם 26טן נאָוועמבער 1914) אָקופּירט לאָדזש, און דורך דעם איז אָפּגעשניטן געוואָרן דער פאַרקער צווישן פּוילישן טעקסטיל־אינדוסטריע־ראַיאָן און רוס־לאַנד, האָט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פאַבריקאַציע אויפגעבליט אין אַלע אירע בראַנזשעס. אויך די לעדער־פאַבריקאַציע איז געשטיגן. מאַנופאַקטור־סחורות האָבן זיך פאַרטאָפּלט אין זייער ווערט.

פון דעם שטאַרקן צושטראָם פון מיליטער איז געוואָרן גרויס די פּרנסה אין שטאָט. עס האָבן גוט פאַרדינט ליפעראַנטן, קליינהענדלערס און קרע־מערס פון אַלע בראַנזשעס. דערהויפּט איז דאָס גאַנצע יאָר געווען גרויס די שפּעקולאַציע מיט אַלע לעבנס־מיטלען צוליב דעם אומראַיעלן און ניט־פּינקט־לעכן פאַרקער פון די פּראַכט־וואַגאַנען.

אין שטאָט זיינען צוליב די אַלע סיבות אַריינגעפלאָסן פיל קאַפּיטאַלן. די יידישע קהילה איז אין משך פון יאָר זייער רייך געוואָרן. געוועזענע קליינע מענטשלעך האָבן געמאַכט גרויסע קאַפּיטאַלן, אָבער להיפּוך זיינען אַ סך גע־שעפט־בראַנזשעס פאַרעמט און פאַראומגליקט געוואָרן, דערהויפּט אַלע בענק, הלוואות־און דיסקאָנטע־געשעפטן, צוליבן מאָראַטאָריום און אָפּשטעלונג פון די צאָלונגען. מחמת דעם אָפּהאַלט אין באַנק־אָפּעראַציעס אין דער מלוכה־ און פּריוואַט־בענק, האָבן געליטן אַלע גרעסערע האַלץ־געשעפטן, דערהויפּט די וואָס זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דייטשלאַנד, און אַלע איבע־ריקע אויסלענדישע געשעפטן, אַלע קאָמיסיאָנערן און פאַרמיטלערס, אַלע סוחרים און פאַבריקאַנטן פון בוי־מאַטעריאַלן. עס האָבן אַ סך געליטן אַלע בעלי־מלאכות פון בוי־און נאָדל־פאַך און פון אַלע לוקסוס־אַרטיקלען. עס האָט זיך אויף אַזאַ אופן אויסגעבילדעט אין שטאָט און אין דער יידישער קהילה אַן אומנאָרמאַלער צושטאַנד: פון איין זייט, אַ צושטראָם פון קאַפּיטאַלן און פאַר־מעגנס, און פון דער אַנדערער זייט, אַ גרויסער פאַרלוסט פון קאַפּיטאַלן און הונגער־נויט. עס איז געוואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דער פאַרהעלטע־ניש פון דעם פאַרמעגנס־צושטאַנד אין דער שטאָט: עס זיינען געוואָרן עליונים למטה ותחתונים למעלה.

### דער שווערער מצב פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס

דער דאָזיקער אומנאָרמאַלער צושטאַנד האָט זיך אָפּגערופן און אָפּגע־שפּיגלט אויך אויף דעם אינעווייניקסטן מאָראַלישן און עקאָנאָמישן צושטאַנד אין לעבן פון דער יידישער קהילה. אַ סך פון די אַלטע, איידעלע בעלי־בתים, עשירים און מנדבים זיינען אַראָפּ פון פּלאַץ, און קיין נייע מנדבים זיינען אויף זייער אָרט נאָך ניט אויפגעשטאַנען. די פרישע ניי־געבאַקענע גבירים זיינען נאָך ניט געווען דערצויגן און צוגעפּאַסט צו זייער נייעם שטאַנד. און עס האָבן דערפון גע־ליטן אַלע צדקה־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך אויסגעהאַלטן נאָר פון מאָנאַטלעכע צאָלונגען פון חברים און פּריוואַטע נדבות.

אויך אַלע רעליגיעזע און דערציאונג־אַנשטאַלטן פון דער קהילה, זייערע באַאַמטע און כלי־קודש האָבן פיל געליטן במשך פון דעם גאַנצן יאָר, ווייל זייער הויפּט־מקור — די קאָראָבקע — האָט ניט געקענט געבן דעם גאַנצן באַדאַרף אויף זייער אויסהאַלטונג. אויף דעם לעצטן טאָרג איז די קאָראָבקע געשטיגן ביז 80 טויזנט רובל יערלעך, וואָס איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן אַלע אַנשטאַלטן. אָבער תיכף נאָך דער מאָביליזאַציע האָבן די חוכרים, וואָס אין דער

שפּיץ איז געשטאַנען יאַנקל יאַנאָוויטש, אויסגעפּועלט אין דער גובערניע, אָן דער הסכמה פון דער קהילה, אַ הנחה פון 50%, ווייל עס איז געמינערט געוואָרן די צאָל פון די צוגעפירטע בהמות און ענלעכע סיבות. ממילא האָבן אַלע צדקה־און דערציאונג־אַנשטאַלטן פון דער קהילה געצאָלט באַאַמטע און די כלי־קודש נאָר 50% אויף זייערע שכירות. דאָס גאַנצע יאָר איז אַוועק אין איין טומלעניש מיט די חוכרים וועגן דעם אופן אויסצאָלן די חכירה. לויט דער השתדלות פון דער קהילה אין דער גובערניע האָבן די חוכרים געדאַרפט צאָלן פון 10טן דע־צעמבער 80%. דאָס גאַנצע יאָר האָבן זיך די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן גע־פונען אין אַ קריטישער לאַגע. אויף די דיינים איז מען געגאַנגען אויפמאַכן נדבות אין שטאָט, כדי זיי אויפצוהאַלטן. דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט אונטערשטיצן אָרעמע, האָט גאַנץ ווייניק געקענט אויפטאָן. אויף אַלע מיינע געשרייען און אויפרופן אין „ביאַליסטאָקער טאָגע־בלאַט" וועגן דעם גרויסן נויטצושטאַנד אין דער קהילה האָבן זיך אָפּגע־רופן נאָר בתי־מדרשים און פּריוואַטע חברות, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט באַקן ביליק ברויט און מיט ביליק פאַרקויפן לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. דער קאָמיטעט האָט אויך פּרובירט באַקן ברויט, אָבער ער האָט זיך דערפון געמוזט אָפּזאָגן, ווייל עס האָבן אים אויסגעפעלט מיטלען.

דער צושטראָם פון געלט און קאַפּיטאַלן אין שטאָט האָט זיך ווייניק אָפּ־געררופן אויף דעם מצב פון די פּריוואַטע חברות און קהילה־אַנשטאַלטן. אייגנט־לעך האָט ניט אויסגעפעלט קיין געלט, און עסקנים זיינען אויך געווען, נאָר עס איז ניט געווען קיין פאַראייניקטע קהילה־אָרגאַניזאַציע.

### דער קאָמיטעט פאַר היימלאָזע און מלחמה־געליטענע

בלויז אין איין נייעם אַנשטאַלט האָט זיך באַוויזן לעבן און טעטיקייט, און דאָס איז געווען דער קאָמיטעט פאַר היימלאָזע און מלחמה־געליטענע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דעצעמבער 1914 צו העלפן און אונטערשטיצן אַלע אַרויסגעשיקטע, אַנטרונענע און אַנטלאָפענע פון די נאָענטע מלחמה־ראַיאָנען.

אין מאַרץ 1915 איז לויט אַ באַפעל פון דער העכסטער רוסישער מיליטער־מאַכט אַרויסגעשיקט געוואָרן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון די גרענעץ־געגנטן אין גראָדנער און לאָמשזער גובערניע. דער הויפּט־פּונקט, וואוהין די היימלאָזע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, איז געווען ביאַליסטאָק.

עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן גאַנצע קהילות ווי: יעדוואַבנע, גראַיעווע, רייגראָד אד״גל, קהילות וואָס האָבן פאַרמאָגט צו 300—400 פאַמיליעס. די נויט פון די פּליטים איז געווען גרויס, אָבער די איניציאַטיוו צו גרינדן דעם קאָמי־טעט פאַר די מלחמה־געליטענע איז אַרויס ניט פון ביאַליסטאָק נאָר פון די דעלעגאַטן ד״ר בירקענהיים און יוריסט ווייס פון מאָסקווער קאָמיטעט פאַר מלחמה־געליטענע, וואָס זיינען ספּעציעל געקומען קיין ביאַליסטאָק. זיי האָבן

געגרינדעט דעם קאָמיטעט און האָבן זיך מתחייב געווען צו געבן דריי פערטל הוצאות פון זיין בודזשעט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף 12 טויזנט רובל מאָנאַטלעך.

דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט דערפילט זיין אויפגאַבע בשלמות אפילו נאָך דעם, ווען עס האָבן זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן די צאָל היימלאָזע. ביזן 21טן אַפּריל 1915 האָט דער מאָסקווער קאָמיטעט געגעבן דעם ביאַליסטאָקער קאָמיטעט 19 טויזנט רובל און ביאַליסטאָקער קהילה 17 טויזנט רובל. פון די לעצטע מאָנאַטן איז דער חשבון ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיטן אונטערשטיצן די 300 רעזערוויסטן־פאַמיליעס, וואָס זייערע שפּייזערס זיינען אַוועק אין דער מלחמה.

ביי דעם קאָמיטעט האָבן געאַרבעט מוסטערהאַפט אַ יוגנט־פאַראיין און אַ פרויען־קאָמיטעט. אין דעם דאָזיקן קאָמיטעט, איז דערוועקט געוואָרן די אידיי צו גרינדן אַ געלטפאָנד על כל צרה שלא תבא, און עס איז אין אַ קורצער צייט אויפגעזאַמלט געוואָרן ביז 37 טויזנט רובל. דאָ האָט מען אַרויסגעזען די ווירקונג פון נייע קאַפּיטאַלן. נאָר וואָס געוועזענע קליינע מענטשעלעך האָבן געגעבן גרויסע נדבות — צו עטלעכע טויזנט רובל, וואָס דאָס איז געווען אַ נייע דערשיינונג אין ביאַליסטאָק. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט געאַרבעט ביז דער לעצטער סעקונדע.

אונטער באַלאַגערונגס־צושטאַנד

דאָך האָט זיך די ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג ביי די אַלע גוטע געשעפטן געשפּירט דאָס גאַנצע יאָר ווי אויף אַ פייער־שפּייענדיקן באַרג. די דייטשע מיליטער־מאַכט האָט דאָס גאַנצע יאָר כסדר געקלאַפּט אין די טויערן פון ביאַליסטאָק, דאָס הייסט זי האָט באָמבאַרדירט די נאָענטע אָסאָוויעצער פעסטונג, וואָס האָט געהאַלטן דאָס גאַנצע יאָר, אַז אָט־אָט פאַלט זי, און ביאַליסטאָק איז ביי די דייטשן אין די הענט. נאָך באַלד אין אָנהייב מלחמה זיינען עטלעכע יידן אַנטלאָפן פון שטאָט — אום ראש־השנה תרע"ה (1914) רעכענענדיק, אַז אָט מאָרגן צעפלאַקערט זיך די מלחמה אַרום שטאָט, און עס וועט שוין קיין צייט ניט זיין צו אַנטלויפן. און אַזוי האָט עס געהאַלטן דאָס גאַנצע יאָר: כמעט אַלע רייכערע האָבן אַרויסגעשיקט זייערע הויזגעזינדן, זייערע בעסערע חפצים און כלי־בית, בלייבנדיק אַליין ביי זייערע געשעפטן אין שטאָט.

זינט אָנהייב מלחמה איז אין שטאָט איינגעפירט געוואָרן באַלאַגערונג־צושטאַנד. מ'האָט געמאַכט אַ סך הויז־זוכונגען (אָביסקעס); מ'האָט אַרויסגעשיקט מאַסן מענטשן חשודיקע, איבערהויפּט דייטשן, אויך זייערע סימפּאַטיקערס, וואָס האָבן געהאַט געשעפטן מיט דייטשן. עס איז באַקאַנט געוואָרן אין יוני 1915 אַ פאַראָרדענונג אַרויסצושיקן קיין סיביר די אַלע וואָס זיינען געפאָרן קיין דייטשלאַנד אין יאָר 1914 צוליב געשעפט אָדער בעדער. די אַלע זיינען זיך צעלאָפן פון שטאָט קיין רוסלאַנד.

אַ שוידערלעכער איינדרוק האָבן געמאַכט די באָמבעס דעם 20טן אַפּריל, 1915. איבערן שטאָט האָט זיך באַוויזן אַ דייטשע פלי־עסקאַדרע פון 15 עראָפּלאַנען, וואָס האָט באָמבאַרדירט די שטאָט און האָט געהרגעט באַלד אין דער פרי זעקס יונגע נפשות, צווישן זיי עטלעכע יידישע שילערינס און שילערס, וואָס זיינען געגאַנגען אין שול מיט די שולביכער אין די הענט.

אַ שרעקלעך בילד האָט פאַרגעשטעלט דאָס מתים־שטיבל אין יידישן שפּי־טאָל, וואו עס זיינען געלעגן די זעקס אומשולדיקע קרבנות פון דער מערדערי־שער דייטשער האַנט.

פון די באָמבעס האָט אָנגעהויבן ברענען אין 5 ערטער. איין באָמבע האָט דעמאָלט גורם געווען אַ גרויסע שרפה אין יודל קאַלעצקיס הויז אויף נאָוועליפּיע־גאַס, און איין באָמבע איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין שטאָטשול, וואו זי האָט נאָר דורכגעלעכערט **דעם דאַך.**

עס זיינען איבער ביאַליסטאָק אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן 150 דייטשע באָמבעס, וואָס האָבן פאַראורזאַכט 13 הרוגים און 34 פאַרוואונדעטע; 9 בנינים זיינען אָפּגעברענט געוואָרן.

ווער עס האָט נאָר געהאַט אויף הוצאה און עס האָבן אים ניט אָפּגעהאַלטן זיינע געשעפטן איז אַנטלאָפן, אָבער בכל אופן האָט ער אַרויסגעשיקט זיין פאַ־מיליע כדי אַליין צוצוקומען די לעצטע מינוט.

ביאַליסטאָק ווערט עוואַקואירט

די מהומה אין שטאָט איז געוואָרן גאָר גרויס נאָך דעם, ווי עס איז אין יולי 1915 איינגענומען געוואָרן וואַרשע. נאָך דעם האָט דער דייטש אַרומגערינגלט אָסאָוויעץ פון 3 זייטן, און דער גורל פון ביאַליסטאָק איז שוין געווען באַ־שטימט אַריבערצוגיין צו די דייטשן. די מלוכה־באַנק, די פּאָסט און אַלע אי־בעריקע רעגירונג־אַנשטאַלטן זיינען שוין עוואַקואירט געוואָרן אויף אַן אמת. די פאַבריקאַנטן האָבן דעם 1טן אויגוסט באַקומען דורכן מיליטער־קאָמענדאַנט ערלויב אַ באַפעל אַרויסצופירן זייערע פאַבריקן אין טיף־רוסלאַנד, און מ׳האָט זיי פריי געשטעלט די באַנען.

מ׳האָט געגרינדעט אַן עוואַקואַציע־קאָמיטעט פון פאַבריק־אינספּעקטאָר, פּאָליצמייסטער, עטלעכע אינזשענערן־אָפיצירן, בראש מיטן קאָמענדאַנט אַר־לאָוו און אַ פּראָפעסאָר פון קיעווער פּאָליטעכניקום. יעדן אָוונט זיינען די פאַ־בריקאַנטן געווען מחויב זיך צו באַטייליקן אין די זיצונגען פון קאָמיטעט צו באַהאַנדלען די פראַגע פון דער עוואַקואַציע. אָבער די עוואַקואַציע איז שווער געווען דורכצופירן צוליבן דוחק אין אַרבעטער און פורן. איבער דעם דערנענ־טערן זיך פון דייטשן מיליטער צו דער שטאָט, האָט מען די געפאַנגענע עסטריי־כער אָפּגעשיקט טיף אין רוסלאַנד. די מאַכט האָט אָנגעהויבן כאַפּן מענטשן אין די גאַסן — ניט קוקנדיק יינגערע, עלטערע — און זיי טרייבן אין די פאַבריקן צו לאָדעווען די שווערע מאַשינען. מיט אַזאַ אַרבעטסקראַפט האָט מען די עוואַ־

קואַציע ניט געקענט אויספירן. מ׳האָט עוואַקואירט בשלמות נאָר די אייזן־גיסע־רייען פון וויעטשאָרעק, מאָזור־שקורניק און די וואַטע־פאַבריקן פון ניעוויאַזש־סקי־שפירא. האָט מען זיך מיאש געווען פון דער איבעריקער עוואַקואַציע און מ׳האָט געגרינדעט אַן אויפרייס־קאָמאַנדע אויפצורייסן מיט דינאַמיט אַלע דאַמף־מאַשינען אין די פאַבריקן און — ווען עס וועט זיין נייטיק — אויך צו פאַרברענען די פאַבריקן. חוץ אין טרילינגס פאַבריק, וואָס איר פאַרוואַלטער (באַצער) האָט עס פאַרהיט, האָט מען אויפגעריסן אַלע דאַמפקעסלען אין די פאַבריקן.

די רוסן האָבן פאַרן אָפּטרעטן חרוב געמאַכט די עלעקטראָוניע, און אָנשטאָט וואָס זי פלעגט אַרויסלאָזן 5,640 קלוו. שטראָם, האָט מען איר איבערגעלאָזט בלויז 640 קילאָוואַט.

די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געהאַט אַ סך סחורה און רוישטאָף, האָבן זיך גע־פאַקט און אַרויסגעשיקט די סחורה קיין רוסלאַנד.

אויפן וואָקזאַל זיינען געלעגן הונדערטער מענטשן, וואַרטנדיק אויף באַנען אָפּצופאָרן. אפילו פון די פאַמיליעס, וואָס זיינען געבליבן, האָבן די מאַמעס וויי־ניקסטנס אָפּגעשיקט זייערע טעכטער קיין רוסלאַנד אין טעפּלושקעס, וואָס זיינען די לעצטע טעג געשטעלט געוואָרן פריי פאַר די אָפּטרעטנדיקע איינוואוינערס. מען האָט געזאָגט, אַז די רוסן וועלן אַזוי גרינג ניט אָפּגעבן ביאַליסטאָק, מען וועט זיך שלאָגן אין די גאַסן. דעריבער איז די שרעק געווען גרויס אין שטאָט. די וואָס האָבן זיך ניט געקענט דערוואַרטן אויף אַ באַן זיינען אָפּגעפאָרן מיט פורן צו די נאָענטסטע סטאַציעס, קיין וואָלקאָוויסק, סלאָנים (צווישן ביאַליסטאָק און סלאָנים איז געווען אַן אויטאָמאָביל־קאָמוניקאַציע). דאָס רוב אָפּפאָרנדיקע האָבן נאָר פאַרגעסן מיטצונעמען זייערע אַלטע טאַטעס און מאַמעס, וואָס זיי האָבן איבערגע־לאָזן אויף הפקר, און די אַלטע לייט זיינען טאַקע מייסטנס אויסגעשטאָרבן אין דעם ערשטן אָקופּאַציע־יאָר פון דחקות און הונגער, בלייבנדיק אָן פאַרזאָרגערס.

אין לאָקאַל פון קאָמיטעט פאַר די היימלאָזע האָבן די וואָס האָבן ניט גע־קענט אָדער ניט געוואָלט אָפּפאָרן געמאַכט אסיפות. די ערשטע אסיפה איז געווען דעם 11טן אויגוסט. עס איז געבליבן ראשית, אַז די קהילה זאָל זיך באַזאָרגן מיט געלט און אַרויספאָדערן ביים קאָמיטעט פון די היימלאָזע דאָס געלט, וואָס איז ביי אים געבליבן אין קאַסע, און עס איבערגעבן אין רשות פון א. טיקטין, מ. באַראַש, מ. מ. מאַניסעוויטש — די איינציקע פריערדיקע כלל־טוערס וואָס זיינען געבליבן אין ביאַליסטאָק.

פון 15טן ביזן 21טן אויגוסט האָט דער פּאָליצמייסטער פאַראָרדנט דורך פלאַקאַטן אין די גאַסן, אַז אַלע פון 17 ביז 45 יאָר זאָלן פאַרלאָזן ביאַליסטאָק. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ צווייטע אסיפה און עס איז געבליבן צו זאַמלען געלט אין שטאָט. דער טראַמוויי האָט אויפגעהערט צו קורסירן. אויך די באַן האָט אויפגע־הערט צו גיין, דער וואָקזאַל איז געווען ליידיק. די פּאָליציי האָט געכאַפּט מענטשן אויף אַרבעט וואָס האָבן זיך באַפרייט פאַר געלט.

אין שטאָט האָט געקערט הימל און ערד מיטן דורכפאָרנדיקן מיליטער, סיי

די אָפּטרעטנדיקע און סיי די גייענדיקע אויף די פּאָזיציעס. עס האָבן זיך געצויגן שעהן־לאַנגע אָבאָזן מיט אַמוניציעס. די גאַסן זיינען געווען הויך אויסגעפּלאָסטערט מיט פערדיש מיסט. אויף אַלץ און אַלעם האָט געשוועבט אַן אומגעהייערער שרעק. מען האָט זיך אויסגעמאָלט דעם איבערגאַנג־מאָמענט פון דער רוסישער צו דער דייטשער מאַכט מיט די שרעקלעכסטע און פינצטערסטע פאַרבן, לויט ווי מען האָט זיך אָנגעלייענט און אָנגעהערט פון שרעקלעכע געשעענישן אין אַנדערע ערטער. קיין ציַיטונגען זיינען ניט געווען. מען האָט ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט און אַרום אונדז. פון די עטלעכע קליינע שטעטלעך איז מען אָנגעלאָפן קיין ביאַליסטאָק, וואו מען האָט זיך געפילט זיכערער. פון די עקן־שטאָט איז מען אַריבערגעצויגן אין צענטער, פון די הילצערנע — אין די געמוי־ערטע הייזער (ליידיקע דירות פון די אָפּפאָרנדיקע איז געווען גענוג). פון די אייבערשטע אין מען אַראָפּ אין די אונטערשטע שטאָקן. מ׳האָט געזוכט אויך קעלערן וואו זיך צו באַהאַלטן. די לעצטע טעג זיינען די מהומה, בהלה און פחד וואָס אַמאָל געוואָרן גרעסער אין שטאָט.

אין דעם דאָזיקן אומבאַהאָלפענעם, שרעקלעכן מאָמענט האָבן זיך אַלע אַ קער געטאָן צו שטאָט־און קהילה־מנהיגים און בעלי־טובות, די אָנגענומענע פון יאָרן לאַנג. אָבער כמעט קיינער פון זיי זיינען ניט געוואָרן: אַלע זיינען זיך צע־לאָפן. די לעצטע טעג האָבן זיך אויף אַ ווייַלע באַוויזן צוויי פון זיי (טרילינג און ד״ר רייגראָדסקי), און מ׳האָט מיט גרויס השתדלות אַרויסבאַקומען פון געקלי־בענעם פאָנד 26,049 רובל אין מזומן און טשעקן. אין דעם ליידיקן לאָקאַל פון דעם ליקווידירטן קאָמיטעט פאַר היימלאָזע, וואו עס איז געוואָרן די לעצטע צייט דער צענטער פון דער קהילה־טעטיקייט, איז זיך עטלעכע מאָל צוזאַמענגעלאָפן אַ גרויסער בונטער עולם מיט געשרייען און געפּילדערס. משה מרדכי מאַניסעוויטש האָט דערקלערט, אַז ער מוז אויך אָפּפאָרן. האָבן זיך דערהערט מיואשדיקע קולות: „אויף וועמען לאָזט איר אונדז איבער?" האָט מען געפּועלט ביי אים מיט גרויס השתדלות, אַז ער זאָל בלייבן.

עס איז געבליבן, אַז די איבערגעבליבענע סומע איז צו ווייניק, און מען מוז אויפקלייבן אין שטאָט דאָס מאָמענטאַן נייטיקע געלט, צו האָבן גרייט בעתן אי־בערגאַנג פון דער רוסישער צו דער דייטשער מאַכט. מען האָט געהאַט אין זינען די אַלטע יידישע רפואה צו אַלע מכות און צרות, און מען האָט זיך צו דעם צוועק אַרויסגעלאָזן פאַרוויַיז איבער דער שטאָט. מען האָט אין עטלעכע טעג אויפגע־זאַמלט 13,065 רובל ביי דעם איבערגעבליבענעם מיטלקלאַס, ווייל דער רייכער עלעמענט איז שוין אין שטאָט נישט געווען. מען קען זיך פון דעם מאַכן אַ באַ־גריף, ווי גרויס דער שרעק איז געווען ביי דער יידישער באַפעלקערונג: יעדערער האָט אַנטקעגנגעטראָגן דאָס געלט וואָס מ׳האָט ביי אים פאַרלאַנגט. קאַסירער איז געווען מ. מ. מאַניסעוויטש.

דאָס דאָזיקע געלט איז געקליבן געוואָרן כדי משחד צו זיין דעם פּאָליצ־מייסטער, ער זאָל ניט מאַכן קיין שיקאַנעס דער יידישער באַפעלקערונג פאַר זיין

אָפּטרעטן מיט דער פּאָליציי פון שטאָט. למשל, מען זאָל ניט דורכפירן דעם באַפעל וואָס דער פּאָליצמייסטער האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאָר טעג פריער, אַז די גאַנצע מיליטער־פּליכטיקע יוגנט טאָר ניט בלייבן, נאָר מוז מיטגיין מיט דער פּאָליציי [1]. דאָס געלט איז אויך געווען משחד צו זיין דעם אָפּיציר־אַדיוטאַנט פון קאָרפּוס־שטאַב, וואָס איז געבליבן מיט אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן אַרויסצופירן די סאָלדאַטן פון שטאָט.

דינסטיק, דעם 24טן אויגוסט אין דער פרי זיינען געפירט געוואָרן אונטער־האַנדלונגען צווישן דריי פאַרשטייערס פון יידן (א. טיקטין, מ. מ. מאַניסעוויטש און מ. באַראַש) מיטן אָפּיציר פון די קאָזאַקן, וואָס דער קאָמענדאַנט גענעראַל אַר־לאָוו, וועלכער איז אָפּגעפאָרן אַ טאָג פריער, האָט אים באַשטימט אויף אַרויסצו־פירן דאָס מיליטער פון שטאָט, אַז ער מיט זיינע 250 קאָזאַקן זאָל בלייבן אין שטאָט ביז דער לעצטער מינוט. דער אָפּיציר האָט זיך מתחייב געווען פאַר אַ סומע פון 6,000 רובל אָפּצוהיטן די שטאָט פון פּאָגראָמען דורך די אָפּטרעטנדיקע סאָלדאַטן. דאָס געלט איז איבערגעגעבן געוואָרן לעשגאָלדן, דעם פאַרוואַלטער פון האָטעל ריץ, וואו דער קאָזאַקן־אָפּיציר האָט לאָזשירט.

מיטוואָך, דעם 25טן אויגוסט, זיבן אין אָוונט, האָט דער אָפּיציר געשיקט רופן די דריי פאַרשטייערס און האָט זיי מודיע געווען, אַז היינט ביינאַכט דריי דעם זייגער, גייט דאָס מיליטער אָפּ פון שטאָט. מ׳האָט מיט אים אָפּגעמאַכט, אַז דאָס מיליטער זאָל ער אַרויספירן ניט דורכן שטאָט, נאָר אויסערן שטאָט.

די נאַכט איז געווען אַ שרעקלעכע. זי איז געווען אַ ליל שמורים פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג. די שטאָט האָט געברענט פון אַ פּאָר עקן: פון איין זייט — די בנינים פון וואָקזאַל, פון דער צווייטער זייט — די מיליטערישע מאַגאַזינען. עס זיינען אויפגעריסן געוואָרן אויך צוויי פּאַראָווע מילן. די שראַפּנעלן און דאָס אויפרייסן די בריקן, און אויך רעלסן דורך די אָפּטרעטנדיקע רוסן האָבן דער־שיטערט די לופט. מען האָט דערוואַרט עפּעס שרעקלעכס. אָבער אַלץ איז אַריבער רואיק. דער קאָזאַקן־אָפּיציר האָט אַלץ דורכגעפירט ריכטיק. לעשגאָלד האָט נאָך ביי אים אָפּגעדונגען 2,000 רובל, וואָס ער האָט צוריק אָפּגעגעבן. באַראַש האָט געגעבן דעם פּאָליצמייסטער 4,000 רובל, ער האָט זיך פאַרנאַכט אַריבערגעקליבן אין דער טראַמוויי־בודקע, וואָס איז געווען אויפן ראָג מאַרקגאַס אַנטקעגן סענ־קעוויטשאַ, די אויפזיכט אויף דער שטאָט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ניי אַנטשטאַנענער בירגער־מיליציע, וואָס האָט די נאַכט געהאַט נאָר קליינע צו־זאַמענשטויסן מיט די קאָזאַקן.

1. יצחק באַצער דערציילט אין ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, אַז אַ פעלד־גע־נעראַל פון דער רוסישער אַרמיי האָט בטל געמאַכט דעם באַפעל אַז יונגע מענטשן צווישן 18 און 45 יאָרן מוזן פאַרלאָזן ביאַליסטאָק, ווייל די פּליטים וואָס האָבן פאַרנומען אַלע וועגן האָבן געשטערט דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער אַרמיי. אָבער איך געדענק בפירוש אַז אַלע יונגע־לייט האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן. קען זיין אַז עס איז ניט פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן עולם די ידיעה אַז די פריערדיקע פאַראָרדענונג איז צוריקגערופן געוואָרן.

### ווי אַזוי די דייטשן זיינען אַריין אין ביאַליסטאָק

אויף מאָרגן דעם 26טן אויגוסט 1915, 9 אין דער פרי זיינען גאַנץ רואיק אַריינגעקומען אין שטאָט, אַזוי ווי געסט אויף וועלכע מע ריכט זיך — די דייטשע פאַרפּאָסטן. פריער זיינען אָנגעקומען איינצלנע סאָלדאַטן אויף וועלאָסיפּעדן, און נאָך זיי דאָס רעגולערע מיליטער. די דייטשן האָבן פריינדלעך געשמייכלט צו דער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזן אין די גאַסן ביי אַ גאַנץ שיינעם וועטער, אַפּוואַרטנדיק אויף ביידע זייטן פון די טראָטואַרן די זיגער. מען האָט אָפּגעאָטעמט פרייער פון די שרעקלעכע איבערלעבענישן און נערוועזע דערשי־טערונגען איבער דער אומקלאָרקייט און בייזע דערוואַרטונגען אין די לעצטע טעג.

אין דעם זעלביקן טאָג האָט דער פעלדמאַרשאַל פאָן גאַלוויץ אויפגענומען אין מאַגיסטראַט פאַרשטייערס פון אַלע דריי אַרטיקע אמונות מיט זייערע גייסט־לעכע. פון יידן האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט אַ דעפּוטאַציע בראש מיט הרב וואָלף פון גאָניאָנדז, וואָס איז דעמאָלט געווען שטעל־פאַרטרעטער פון דעם אָפּ־געפאָרענעם ראַבינער ד״ר יוסף מאַהיליוער. די דעפּוטאַציע האָט אים דער־לאַנגט ברויט מיט זאַלץ. מ׳האָט אים איבערגעגעבן אַ מעמאָראַנדום פון די דריי געמיינדעס, וואָס אין אים האָט מען אים אָנגעגעבן, אַז די באַפעלקערונג באַשטייט פון 100 טויזנט מענטשן, פון זיי 70 טויזנט יידן און 30 טויזנט קריסטן, און אַז די שטאָט איז אַ פאַבריק־שטאָט פון טעקסטיל־אינדוסטריע. מ׳האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די דייטשע מאַכט וועט זיך באַציען גוט צו דער באַפעלקערונג, וואָס בעט זיין שוץ. ער האָט געענטפערט דער דעפּוטאַציע גאַנץ וואַרעם און האָט פאַרזיכערט, אַז אַלע פעלקער זיינען ביי אים גלייך און ער וועט אַלעמען באַ־האַנדלען גערעכט.

## ב. ביאַליסטאָק אָרגאַניזירט זיך אונטער די דייטשן

### דער בירגער־קאָמיטעט

אין די ערשטע טעג פון חודש אויגוסט זיינען אין דעם לאָקאַל פון דער „רוסקאָ־פראַנצוזסקי באַנק" צוזאַמענגערופן געוואָרן אַן ערך צוואַנציק פאַרשטייערס פון אַלע דריי אמונות — יידישער, קאַטוילישער, עוואַנגעלישער. די פאַרשטייערס האָבן געזאָלט פון זיך אויסקלייבן אַ בירגער־קאָמיטעט מיט דער באַשטעטיקונג פון דער רעגירונג. אויף דער פאַרזאַמלונג איז פאָרגעלייענט געוואָרן אַ בריוו פון שטאָט־ראש (גאָלאָווא) דיאַקאָוו צו דעם דיאַקאָן פון דער קאַטוילישער קירך קסיאָנדז סאַנגיילאָ. דער ראָש פון שטאָט האָט זיך צו אים געווענדעט ווי צום פאָר־זיצער פון בירגער־קאָמיטעט, אַז ער זאָל איבערנעמען אונטער זיין השגחה אַלע בנינים, וואָס געהערן צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און אויך דאָס איבעריקע שטאָטישע אייגנטום. אָבער אויף דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אַרויסגעוויזן מיי־נונגס־פאַרשידנקייטן צווישן די פוילישע און יידישע פאַרשטייערס. די יידן האָבן

געוואָלט באַזייטיקן באַלד פון אָנהייב די העגעמאָניע, וואָס די פּאָליאַקן האָבן זיך געקליבן צו פאַרשפּרייטן אויף אַלץ. די פאַרזאַמלונג איז דעריבער געבליבן אָן רעזולטאַטן.

ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, דעם 10טן אויגוסט, איז באַוואוסט געוואָרן אין שטאָט, אַז אין בירגער־קאָמיטעט זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן און באַשטעטיקט געוואָרן פון דער רוסישער מאַכט אַנשטאָט פערציק מיטגלידער נאָר צוואַנציק, פון יידן צען און קריסטן צען, אונטער דעם פאָרזיץ פון סאנגיילא. אָבער באַלד ביי די ערשטע זיצונגען איז קלאָר געוואָרן, אַז אַ קאָמיטעט פון צוואַנציק מיט־גלידער איז ניט גענוג אויף אויסצופירן די גרויסע אויפגאַבעס, וואָס ליגן אויף אים. איז דעריבער געבליבן אויף דער זיצונג פון 14טן אויגוסט צו קאָאָפּטירן נאָך צוואַנציק מיטגלידער: צען יידן און צען קריסטן.

די ערשטע צען יידן זיינען געווען: מ. מ. מאַניסעוויטש, מאַקס באַראַש, לייב אייזענשטאַט, ע. איינהאָרן, אַ. לאַפּידוס, ש. שטופּלער, י. קנישינסקי, קאַטאַק, זלמן מעלער [דער צענטער פעלט]. די צווייטע צען: א. טיקטין, ש. הערשבערג, ווילבושעוויטש, ג. לאַסקי, מ. יאַנאָווסקי, ישראל היילפּערין, פּרילוקער, ד״ר זימאַן, באַקסט און ציטרין.

אָבער נאָך איידער דער בירגער־קאָמיטעט האָט זיך פאַרפולקומט אויף פער־ציק, האָט ער שוין געהאַט אָפּגעגעבן די פאַרוואַלטונג פון די וויכטיקסטע שטאָ־טישע אינסטיטוציעס, ווי די וואַסער־לייטונג, עלעקטרישע סטאַנציע און שעכט־הויז, אין די הענט נאָר פון קריסטן. עס האָבן ניט געהאָלפן די שאַרפע פּראָטעסטן פון די יידישע מיטגלידער, כאָטש דער פאָרזיצער האָט זיך צוליב זיי אַנגעגעבן אין דעמיסיע. אָבער אויף דער בקשה פון קאָמיטעט האָט ער זיין דעמיסיע צוריק־געצויגן. אַזוי אַרום איז אַרויסגעקומען, אַז די העגעמאָניע איבער דער ביאַל־סטאָ־קער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אַריינגעכאַפּט אין אירע הענט די מינדערצאָליקע דרייסיק־פּראָצענטיקע פּוילישע באַפעלקערונג, איבער דער רייכערער, אַנטווי־קלטער, זיבעציק־פּראָצענטיקער יידישער באַפעלקערונג.

געקומען איז עס מחמת דעם, וואָס די עטלעכע יידישע כלל־טוערס, וואָס זיינען דעמאָלט אין די לעצטע טעג געוואָרן די איינציקע אָנפירערס פון די ביאַ־ליסטאָקער יידישע כלל־אינטערעסן און האָבן געטאָן אַלץ על דעת עצמם, האָבן דאָ אין אַלץ פאַרשפּעטיקט און אין אַלץ זיינען זיי געשטאַנען פון הינטן. איז דע־ריבער אַזוי אַרויסגעקומען, אַז אין דער שפּיץ פון דער גאַנצער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג איז פּלוצלונג געשטאַנען דער אָרטיקער פּוילישער און קאַטוי־לישער דעקאַן, וואָס איז געווען זייער אַ קלוגער, כיטרער דיפּלאָמאַט, וואָס האָט געקענט אַלע יידישע מיטגלידער אַריינגאַרן אין זאַק. די פּוילישע געזעלשאַפט איז געווען גוט אָרגאַניזירט, האָבן אירע פאַרשטייערס אַריינגענומען אַלע פעדעם פון דער גאַנצער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע אין זייערע הענט. זיי זיינען די לעצטע טעג געווען כמעט די איינציקע פאַרטרעטערס ביים רוסישן קאָמענדאַנט און אויך ביים גובערנאַטאָר. זיי האָבן עס באַשטימט די יידישע שטאָט־פאַרוואַלטונג־מיט־

גלידער — צום טייל אומבאַדייטנדיקע, צווישן זיי עטלעכע וואָס זיינען געווען ניט פּאַסיק ווי פאָרשטייערס פון דער יידישער קהילה. אָבער די באַשטימטע מיטגלי־דער פון די פּאָליאַקען זיינען געווען גראָד די טיכטיקסטע פון זיי. נאָר די שפּעטער צוקאָאָפּטירטע יידישע מיטגלידער זיינען שוין געווען אָנגעזעענע פאָרשטייערס.

דער דעקאַן, ווי דער באַשטימטער פאָרזיצער, האָט געשפּילט אין קאָמיטעט די הויפּטראָלע, אָבער דער יידישער געהילף, וואָס איז צו אים באַשטימט געוואָרן (מאַקס באַראַש) האָט קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. בשעת מ׳האָט אָנגעהויבן צו צעטיילן זיך אין פאַרשיידענע סעקציעס, זיינען פּאָליאַקן שטענדיק אַריין אַ מער־צאָל אין די וויכטיקערע סעקציעס. בשעת מ׳האָט באַהאַנדלט פאַרשיידענע פראַ־געס, און עס זיינען אַנטשטאַנען עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע סכסוכים, האָבן די פּאָליאַקען יעדער מאָל געהאַט אויף זייער צד דאָס רוב דעות. זיי האָבן דאָס געהאַט פון גרונד־אויס, איבער די צוויי שטימען פון זייער פאָרזיצער. אָבער דער עיקר איז געווען, אַז זייערע מיטגלידער פלעגן אָנטייל נעמען אין די זיצונגען אין זייער פולער צאָל, און פון אונדזערע האָבן זיך יעדער מאָל געפּוילט עטלעכע צו קומען, און צווישן זיי דער יידישער געהילף־פאָרזיצער אַליין, וואָס איז שטענדיק געווען אַ טרוד אין אַנדערע ענינים. טאַקע דעריבער האָבן די פּאָליאַקן פאַרכאַפּט די פאַר־וואַלטונג איבער די וויכטיקסטע שטאָטישע אינסטיטוציעס, וואָס איז געבליבן ביי זיי די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע. צום ביישפּיל: בשעת זיי האָבן באַשטימט זייערן אַ מענטש אַ געוויסן גאַלאָוואַצקי פאַרן דירעקטאָר פון דער עלעקטרישער סטאַנציע, האָבן זיך, אמת, די יידישע מיטגלידער שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט, ווייל זיי האָבן אים געפונען אומפּאַסיק, און יידן האָבן פאָרגעלייגט אַ פּאַסיקערן, הגם אויך אַ פּאָליאַק. אָבער יידן האָבן ניט אויסגעפירט. איז טאַקע שפּעטער, בשעת עס איז געווען אַ דוחק פון עלעקטרישער קראַפט אין שטאָט, האָט ער שטאַרק גע־דריקט די יידישע באַפעלקערונג און ער פלעגט קיין קראַפט ניט געבן, דער־הויפּט פאַר די מאָטאָרן פון די פאַבריקן, בשעת זיי האָבן אָנגעהויבן ביסלעכוויז זיך צו באַוועגן. אָבער דער דאָזיקער דירעקטאָר האָט גראָד באַקומען זיין סוף פון דער דייטשער מאַכט שפּעטער, ווייל עס האָט זיך בולט אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט גענומען כאַבאַר. ער איז געריכטלעך פאַראורטיילט געוואָרן צו געפענגעניש.

### די מיליציע

אַזוי איז אויך געווען אין דער פראַגע מיליציע: דעם 25טן אויגוסט נאָך מי־טאָג זיינען אַרויס פון שטאָט די לעצטע פאָרטרעטערס פון דער אַדמיניסטראַטי־ווער רוסישער מאַכט, דער פּאָליצמייסטער מיט זיינע געהילפן פּריסטאַווס, „אָקאָלאָדאָטשניקעס״ און פּאָליציייליט, דער שטאָט־ראָש (גאַלאָוואַ) מיט אַלע באַ־אַמטע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די שטאָט איז געבליבן הפקר. אַלע אַדמיני־סטראַטיווע און רעגירונגס־לאָקאַלן זיינען געבליבן אָפן. מ׳האָט געשלעפּט אייזערנע בעטלעך פון געוו. מאַריאינסקי אינסטיטוט און ביכער פון דער גימנאַזיע־ביבליאָ־טעק. זיינען דעמאָלט פאַרנאַכט צוזאַמענגערופן געוואָרן אויפן קאָשטשאָל־הויף

אַלע יונגעלייט, קריסטלעכע און יידישע, וואָס ווילן זיך באַטייליקן אין דער מי־ליציע. זיי האָבן פּראָוויזאָריש איבערגענומען די השגחה איבער דער שטאָט. דאָס רוב האָבן עס אָנגענומען יידן, פשוט ווייל פון אָנהייב איז דאָס געווען אַן אומ־זיסטער, אומגעצאָלטער פּאָסטן; האָבן זיך פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג וויניק געכאַפּט צו אים. אין דער פּאָליציי־פאַרוואַלטונג זיינען אפילו פון די פּריסטאַוון באַשטימט געוואָרן יידן, צווישן זיי ווי דער פּריסטאַוו פון ערשטן באַצירק לייב אייזנשטאַט, דער באַקאַנטער פאַבריקאַנט [2]. עס זיינען געווען צוויי יידישע פּריסטאַוון — פיקסל און נאָך איינער. דער מיליציע־מייסטער איז געווען די ערשטע דריי טעג מאַקס באַראַש. אָבער נאָך דעם איז באַשטימט געוואָרן — אַ פּויליש־אַסימילירטער דייטש אַ געוויסער ליטערער, דער באַזיצער פון דער גרויסער לוין־פאַבריק, וואָס איז געשטאַנען אויפן אָרט פון היינטיקן „פּאַלאַס"־טעאַטער. יענער איז געווען אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט. האָט ער טאַקע שפּעטער, בשעת די מיליציע איז געוואָרן אַ באַצאָלטער פּאָסטן, צו 45 רובל מאָנאַטלעך, ביס־לעכווייז אַרויסגעשטויסן אַ גרויסן טייל פון די יידישע מיליציאַנטן נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגעאַרבעט עטלעכע חדשים אומזיסט.

מען מוז אָבער דערביי זיך מודה זיין אויפן אמת, אַז צווישן די יידישע מי־ליציאַנטן זיינען לכתחילה אַריין — ווידער צוליב אונדזער אומאָרגאַניזירטקייט — אַ געוויסע צאָל זייער אומגעוואונטשענע, ניט פאַסיקע עלעמענטן, אפילו פון דער יידישער אונטערוועלט, וואָס האָבן מיט זייערע מיאוסע מעשים אַנדערש מאָל מחלל שם שמים געווען. אויך זיינען אַנדערע גוט מיינענדיקע יידישע מיליציאַנטן, מיט זייער אומגעלומפּערטער שטרענגקייט אָפּצוהיטן אַלע דייטשע גזירות, געווען אַ פּלאָג אויף דער יידישער, איבערהויפּט אויף דער אָרעמער, באַפעלקערונג. אַ פּאָר פון די יידישע פּריסטאַוון וואָס האָבן זיך עטלעכע מאָל געביטן, זיינען ניט געווען פּאַסיק פאַר זייער אַמט. דער מיליציע־מייסטער האָט זיך טאַקע דערמיט באַנוצט צו פאַרמיאוסן יידן ביי דער דייטשער מאַכט, כאָטש שפּעטער זיינען די יידישע מיליציאַנטן, נאָך דעם ווי מען האָט דערוויטערט די נידעריקע פאַרדאָר־בענע עלעמענטן, געשטאַנען העכער פאַר די קריסטלעכע.

פון דעם פירער פון דער מיליציע ליטערער האָבן ביאַליסטאָקער יידן גע־האַט גרויסע צרות. ווי אַ געבוירענער דייטש און אַנטיסעמיט איז ער געווען, פון איין זייט, זייער געטריי דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און פון דער צווייטער זייט, פיינטלעך צו דער יידישער אָרטיקער באַפעלקערונג. אַלע קאָנפיסקאַציעס פון רויע פּראָדוקטן ביי די פאַבריקאַנטן און עסנוואַרג־פּראָדוקטן ביי די יידישע הענדלערס און אויך די טייערסטע מעבל פון די אָפּגעפּאָרענע — האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט געמאַכט ביי יידן לויט זיינע אָנווייזונגען און לויט די שפּיאָנישע אינפאָרמאַציעס, וואָס ער האָט געקראָגן דורך זיין איצט שוין פאַרשטאַרבענעם אָרטיקן יידישן געהיים־אַגענט, וואָס איז געווען די גאַנצע צייט אַן אָנשיקעניש אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

2. ער האָט זיך אינגיכן אָפּגעזאָגט פון דעם פּאָסטן.

ביסלעכוויז אָבער האָבן די יידישע מיטגלידער פון בירגער־קאָמיטעט אָנגע־הויבן זיך צו אָרגאַניזירן, מאַכנדיק זייערע אייגענע אסיפות ביי אברהם טיקטין. אויף זייער צד האָבן זיי באַקומען עטלעכע שטימען פון די אָרטיקע דייטשן אין בירגער־קאָמיטעט און זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן אַ ווידערשטאַנד. די פּאָ־ליאַקן האָבן דעריבער אָנגעהויבן איינצוגיין מיט זיי אויף פשרות, למשל: מען איז דעמאָלט דורכגעקומען, אַז אָנגעשטעלטע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָלן זיין העלפט יידן און העלפט קריסטן. די פשרות האָבן געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל פאַרגעסן די נאַציאָנאַלע סכסוכים און זיך דערנענטערן צווישן זיך.

דערווייל זיינען אָנגעלאָפן פון דער דייטשער מיליטער־מאַכט גרויסע און שטרענגע פאָדערונגען, וואָס מ'האָט געמוזט יעדער מאָל תיכף דערפילן. עס האָט געקענט, למשל, אָנקומען אַ באַפעל אין אָוונט, אַז אויף מאָרגן 6 פרי זאָל דער בירגער־קאָמיטעט צושטעלן אויף אַ באַשטימטן אָרט 400 אַרבעטער מיט 200 פורן, אָדער אַז ביז מאָרגן זאָל מען צוגרייטן 500 בעטלעך מיט שעניקעס (שטרויזעק), און ענלעכע פאַראָרדענונגען וועגן פּראָוויאַנט. צו אַזעלכע תיכפדיקע, פינקטלעכע, שטרענגע, גרויסע פאָדערונגען איז דער ביאַליסטאָקער בירגער־קאָמיטעט ניט געווען צוגעגרייט. עס האָבן אים דערצו געפעלט די מיטלען און די מענטשן. די באַפעלן זיינען דעריבער אויך ניט אויסגעפירט געוואָרן יעדער מאָל פינקטלעך. דער פאַרמיטלער צווישן דער דייטשער מאַכט און דעם בירגער־קאָמיטעט איז גע־ווען געוויינלעך דער מיליציע־מייסטער ליטערער, וואָס האָט אין אַלץ באַשול־דיקט די יידן.

האָט דער דעמאָלטדיקער קאָמענדאַנט מאַיאָר אָרף [?] אַרויסגעזאָגט די באַ־שולדיקונג, אַז יידן גיבן ניט זייער צאָל אַרבעטער, פאַר די יידישע פאַרשטייערס (הרב ר' יצחק־אליהו גינזבורג, מ. מ. מאַניסעוויטש, א. ש. הערשבערג). דער קאָ־מענדאַנט האָט די דעלעגאַציע איינגעלאַדן צו זיך פאַר דעם צוועק, און האָט גע־שריען מיט געוואַלדיקע קולות. אַלע דייטשע העכערע קריגס־באַמאַטע פלעגן זיך באַנוצן מיט אָפּשרעקנדיקע קולות און געסטראָשעט צו פאַרשפּאַרן אין תפיסה, צו פאַרשיקן אויף שווערער ארבעט און ענלעכס.

### די קאָנטריבוציע פון 300,000 מאַרק

לסוף האָט די דייטשע מיליטער־מאַכט געפונען, אַז דער בירגער־קאָמיטעט דערפילט ניט זיינע פליכטן לגבי איר און זי האָט אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעל־קערונג אַ קאָנטריבוציע פון 300 טויזנט מאַרק, צו דריי מאַרק אויף אַ נפש, ווייל די ביאַליסטאָקער פאַרשטייערס האָבן אין זייער מעמאָראַנדום, וואָס זיי האָבן דערלאַנגט דער דייטשער מיליטער־מאַכט ביים אָקופּירן די שטאָט, אָנגעגעבן די צאָל פון דער באַפעלקערונג אויף 100 טויזנט, 70% יידן און 30% קריסטן; די צאָל איז געווען אַן איבערגעטריבענע.

דעם ערשטן טאָג ראש השנה תרע"ו איז דער גאַנצער בירגער־קאָמיטעט אַרויסגערופן געוואָרן אויף 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג צום שטאָט־קאָמענדאַנט, וואָס

האָט פאַר אים פאָרגעלייגנט אַ פאַראָרדענונג פון דעם מיליטער־אָנפירער פון דער 9טער אַרמיי פאָן גאלוויץ אויפצומאָנען פון דער שטאָט ביאַליסטאָק 300,000 מאַרק קאָנטריבוציע. ווי ערבים זאָלן גענומען ווערן 10 מיטגלידער פון בירגער־קאָמיטעט, וואָס דער קאָמענדאַנט האָט זיי באַלד פאַרהאַלטן אויפן אָרט. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום השתדלות. עס איז אַרויסגעגאַנגען אַ דעפּוטאַציע פאַר־שטייערס פון אַלע 3 אמונות מיט זייערע גייסטלעכע צום מאַרשאַל פאָן גאלוויץ, וואָס האָט קוואַרטירט אין דאַיליד. ער האָט אָבער די דעלעגאַציע גאָרניט אויפ־גענומען. ער האָט זיי געלאָזט שטיין אויפן הויף אין אַ גרויסן רעגן. אויך אַ בקשה צום קייזער ווילהעלם איז ניט אָנגענומען געוואָרן. און אַזוי ווי צום באַשטימטן טערמין איז דאָס גאַנצע געלט ניט איינגעצאָלט געוואָרן, זיינען געבליבן אַרעס־טירט ביים קאָמענדאַנט אין דעם גרויסן זאַל פון פּאָליצייסקן הויז די מיטגלידער פון בירגער־קאָמיטעט — פון די יידן זיינען געווען: אברהם טיקטין, לייב אייזנ־שטאָט, ציין־דאָקטאָר ציטרין, גוסטאַוו לאַסקי, ישראל הײלפּערין, זלמן מעלער און קאַטאַק [3], און פון פּאָליאַקן: מאָסקאָלעווסקי און בוזשאַנסקי. טיקטינען, וואָס איז קראַנק געוואָרן, האָט מען באַפרייט ערב יום־כפור, און די איבעריקע זיינען געבליבן זיצן, ביז מאַניסעוויטש האָט אויפגעקליבן די גאַנצע סומע.

אַזוי ווי עס איז אַריבער אַ וואָך צייט, און די סומע איז נאָך ניט איינגעצאָלט געוואָרן, האָט די מאַכט אָנגעהויבן צו פאָדערן געוויסע סומעס ביי יחידים (ווייזט אויס, לויטן אָנווייז פון ליטערערן און פון זיין יידישן געהילף) און זיי אַרעסטירט ביז דעם איינצאָלן. די וואָס האָבן איינגעצאָלט זיינען תיכף באַפרייט געוואָרן. דעמאָלט האָט מ. מ. מאַניסעוויטש געהאַט אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע כדי ניט אַרעסטירט צו ווערן. אָבער אַז עס איז אַריבער דער ערשטער פחד, איז ער צוריק געקומען צוזאַמען מיט מ. מ. באַראַש און באַפּולמעכטיקט זייערע צוויי מקורבים פון „לינת הצדק" ח. הערץ און ליטמאַנאָוויטש אויפצושטעלן אַ רשימה פון הערכה אויף איינצוצאָלן די קאָנטריבוציע. די רשימה איז דורך זיי געמאַכט געוואָרן אויף גיך, אָן שום ישוב הדעת. ממילא איז זי אַרויסגעקומען טענדענציעז. טייל האָט מען צופיל געשעטצט, טייל ווייניקער און טייל גאָרניט. די דאָזיקע אומגעלומפּער־טע הערכה איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמענדאַנט אויף איינצוקאַסירן. ער האָט אַרויסגעשיקט מעלדונגען און איינגעלאַדן צו זיך אַלע פאַרצייכנטע אין דער הערכה־רשימה, יעדערער זאָל באַצאָלן זיין טייל. די וואָס האָבן זיך צוגעפּוילט זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַרעסט־הויז. איז געפאַלן ממילא אויף אַלעמען אַ פחד, און מען האָט זיך געאיילט איינצוצאָלן. אָבער גלייכצייטיק זיינען אַלע געלאָפן מיט טענות און תביעות צו די מנהיגים וועגן דער דאָזיקער אומגערעכטער פאַר־טיילונג פון דער הערכה און האָבן פאַרלאַנגט אַ נייע רשימה. אָבער דער קאָמענ־דאַנט האָט נוגש געווען און האָט צוגעאיילט, אַז אויב מען וועט ניט איינצאָלן צום באַשטימטן טערמין, וועט ער אַרויפלייגן אַ טאָפּלטע קאָנטריבוציע. האָבן די מנהיגים געאַרבעט אויף אַלע כלים וואָס גיכער צו ענדיקן מיטן איינצאָלן די

3. די דייטשן האָבן זיי אַרעסטירט אַפּנים לויטן אָנווייז פון ליטערערן.

קאָנטריבוציע, כדי עס זאָל ניט צוקומען אויך צו זיי. עס איז שוין אפילו געווען גערופן צום אַרעסט הרב ר׳ חיים הערץ ז״ל, האָט מען דעמאָלט איינגעצאָלט די ערשטע סומע, און ער איז תיכף באַפרייט געוואָרן. מ. מ. מאַניסעוויטש, דער הויפּט־פאָרשטייער, איז דעמאָלט איינגעגאַנגען מיט די רייכערע אויף פּשרות איינצו־צאָלן דערווייל אַ טייל, אַנדערע האָט ער צוגעזאָגט שפּעטער אַרויסצוצאָלן, נאָר דערווייל זאָלן זיי איינצאָלן אין גאַנצן בתורת גמילת חסד, אָבער נאָך דעם אַלע־מען האָט פּאָרט געפעלט צו דער סומע אַן ערך 30 טויזנט רובל, האָט מאַניסעוויטש דערווייל אויסגעליען פון דער קהילה־קאַסע אַן ערך 20 טויזנט רובל און אַן ערך 8,000 ביי יחידים, און מ׳האָט למזל איינגעצאָלט די גאַנצע קאָנטריבוציע.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט די יידישע באַפעלקערונג איינ־געצאָלט פאַרהעלטעניש־מעסיק מער ווי די קריסטלעכע. זי האָט געדאַרפט באַצאָלן לויט איר צאָל 70%, אַ סומע פון 126 טויזנט רובל, האָט זי איינגעצאָלט 170 טויזנט — מיט 44 טויזנט רובל מער, און די קריסטלעכע האָט איינגעצאָלט נאָר 11,000 רובל. ווייזט אויס, ווייל ליטערער האָט אָנגעגעבן, אַז די קריסטלעכע באַ־פעלקערונג איז אַ פיל אָרעמערע. דאָס איז געווען אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק, ווייל פון די רייכערע קריסטן איז קיין איינציקער ניט געבליבן.

שפּעטער האָבן אַלע צאָלערס פון דער קאָנטריבוציע געמאַכט אַן אסיפה גדולה און אויסגעקליבן פון אַלע בתי־מדרשים און גאַסן אַ קאָמיסיע פון אַכציק פּערזאָן, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ נייע רשימה פון דער הערכה, וואָס אַז זי וואָלט אויפגענומען געוואָרן, וואָלט געווען צו באַצאָלן דעם חוב דער קהילה־קאַסע און יחידים און אויך אַרויסצוצאָלן די וואָס האָבן איינגעצאָלט מער ווי די נייע הערכה האָט באַשטימט. אָבער ניט ווי מען רעדט מאַכט זיך עס. די זאַך האָט זיך דער־ווייל שטאַרק פאַרצויגן.

דער אַלטער קאָמענדאַנט וואָס האָט אַרויפגעלייגט די קאָנטריבוציע איז אַוועק, און אַז מען איז געקומען שפּעטער אין אַ פּאָר חדשים אַרום צום שטאָט־הויפּטמאַן און אים געבעטן אויפצונעמען די נייע הערכה האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט ניט מער דאָס יורידישע רעכט אויפצונעמען די קאָנטריבוציע מיט כוח. אויף אַזאַ אופן איז פאַרלאָרן געגאַנגען 20 טויזנט רובל פון דער קהילה־קאַסע, און מאַניסעוויטש איז געבליבן שולדיג גמילת־חסדים די 8,000 רובל און די התחייבות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען אויסצוצאָלן די אַלע באַעוולטע פון דער הערכה. ער האָט דערפון געהאַט גרויסע צרות און סכסוכים מיט די פּאַר־שטייערס פון דער שפּעטערדיקער קהילה־אָרגאַניזאַציע.

### דער שטאָט־הויפּטמאַן און דער ביירעט

די טעטיקייט פון בירגער־קאָמיטעט איז צייטווייליק געשטערט געוואָרן, אָבער אַז ער האָט געהאַלטן ביים באַנייען זיין טעטיקייט, איז אָנגעקומען אַ שטאָט־הויפּטמאַן, אַ באַשטימטער פון דער דייטשער מאַכט, אַ געוויסער דאָקטאָר יורי לעהמאַן, אייבערבירגערמייסטער פון באַד קאָלבערג, אויף צו פאַרוואַלטן מיט

די ציווילע אָנגעלעגנהייטן פון דער שטאָט ביאַליסטאָק און דער יידישער באַ־פעלקערונג. איז דעמאָלט אַרויס אַ קלאַנג, אַז ער איז אַ זון פון אָרטאָדאָקסישן ראַבינער לעהמאַן אין מיינץ, דאָס הייסט אַן אייגענער מענטש. אָבער באמת איז ער געווען אַ דייטש אַ גוי פון אבות אבותיו, ער האָט פון יידן גאָר קיין אַנונג ניט געהאַט.

באַלד נאָך זיין אָנקום האָט ער זיך געמאָלדן אין בירגער־קאָמיטעט און האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי שטאָט־הויפטמאַן, באַשטימטער פון קייזער, פאַר דער שטאָט ביאַליסטאָק. ער האָט פאָרגעלייגט, אַז עטלעכע מיטגלידער פון בירגער־קאָמיטעט, יידישע און קריסטלעכע, וואָס קענען זיך אויפריידן אין דייטש, זאָלן צו אים אַריינטרעטן ווי בייראַט־מיטגלידער. עס האָבן זיך פאַר אים באַלד פאָרגע־שטעלט פינף יידן און פינף קריסטן, וואָס האָבן פון דעמאָלט אָן געדינט ווי פאָרשטייערס פון דער גאַנצער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דער בירגער־קאָמיטעט איז תיכף פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן, און זיין טעטיקייט האָט זיך געענדיקט[4].

אָבער אויך די מיטגלידער פון בייראַט האָבן געשפילט אַ קנאַפּע ראָלע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. מען האָט נאָר געדינט ווי יאָר־עדות, ווי סטאַטיסטן ביים שטאָט־הויפטמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ געהילף אָדער אַ שטעל־פאַרטרעטער מיט אַ גאַנצער פאַרוואַלטונג, מיט פאַרשיידענע אָפּטיילן. דער האַנדל־אָפּטייל האָט אָנגעפירט מיט באַזאָרגן די שטאָט מיט אַלע לעבנס־מיטלען און אַנדערע נייטיקע פּראָדוקטן. דער אָפּטייל האָט געשפּילט די הויפּטראָלע אין לעבן פון ביאַליסטאָק. דער שטייער־אָפּטייל האָט פאַרוואַלט מיט אַלע מיני שטייערן, ווי: „געווערבע"־שטייער, האַנדל־שטייער, גרונדבאַזיץ־שטייער, קאָפּשטייער און אַנדערע. עס איז געווען אַ שול־אָפּטייל, אַ פילאַנטראָפּישער אָפּטייל און נאָך עטלעכע אָפּטיילן.

צוליב דעם גרויסן פאַרנעם איז די פאַרוואַלטונג אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון מאַגיסטראַט־לאָקאַל אין דעם הויז פון דער געוועזענער מלוכה־באַנק, שפּעטער „באַנק פּאָלסקי". דאָרט האָט עס שטענדיק געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

מען דאַרף באַמערקן, אַז ווען אפילו דער בייראַט האָט קיין גרויסע ראָלע ניט געשפּילט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָט ער דאָך ער אין געוויסע פאַלן געקענט האָבן אַן איינפלוס. און ווען דאָס איז ניט געווען קאַנטיק, איז דאָס געווען זיין שולד, ווייל אין אַלגעמיין האָט ער זיך צופעליק אויפגעשטעלט פון מענטשן אָן שטאַרקן ווילן און אָן אַנטוויקלטן געזעלשאַפטלעכן חוש. די מיטגלידער פון בייראַט האָבן צו גרינג געלאָזט זיך איינשרעקן. פון די פינף יידישע בייראַט־מיטגלידער איז נאָר געווען איינער (מאַקס באַראַש) אַ געזעלשאַפטלעכער טוער וואָס האָט גע־האַט דערפאַרונג אין קהלשע ענינים. אָבער אַזוי ווי ער פלעגט ניט פּינקטלעך קו־מען צו די זיצונגען פון בייראַט, האָט אים דער שטאָט־הויפטמאַן אויסגעשלאָסן ווי

4. דער בירגער־קאָמיטעט האָט געפירט אַ פּראָטאָקאָל־בוך וואָס איז געווען ביי אברהם טיקטין. ה' טיקטין האָט אָבער דעם אינטערעסאַנטן היסטאָרישן דאָקומענט איבערגעגעבן דעם גלח סאַנגיילא.

אַ בייראַט־מיטגליד. זיינען געבליבן נאָר פיר יידן *), וואָס זיינען ווייניק געווען גע־ניט אין שטאָטישע ענינים. די קריסטלעכע מיטגלידער האָבן דעריבער דאָ אויך פאַרכאַפּט אַ געוויסע ממשלה, למשל: זיי האָבן אויפן פאָרשלאַג פון שטאָט־הויפּט־מאַן זיך תיכף אָפּגערופן איבערצונעמען דעם קאָנטראָל און די רעגולירונג פון אַלע רעכענונגען פון דער שטאָט־פּטרוואַלטונג, און ממילא זיינען אַלע יידישע רעכענונגען שטרענגער קאָנטראָלירט און אויסגעקוועטשט געוואָרן ווי די קריסט־לעכע, און זיי האָבן דערצו געהאַט אַ באַזונדער ביוראָ. איינער פון זיי איז גע־וואָרן משגיח איבערן שעכטהויז מיט אַ געהאַלט. בכלל האָבן די עטלעכע פּוי־לישע מיטגלידער פון בייראַט געהאַט אַ געוויסן איינפלוס, ווען אפילו אַ גאַנץ קליינעם, אויף דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. זיי האָבן זיך אין איר געפילט ווי שטיק־לעך בעלי־בתים, אָבער די יידישע מיטגלידער פון בייראט האָבן אויסגעזען ווי איינגעבעטענע פרעמדע געסט.

חוץ די דייטשן, זיינען כמעט אַלע ציווילע־באַאַמטע און אָנגעשטעלטע, גע־ווען אין דער גאַנצער שטאָט־פאַרוואַלטונג — נאָר פּאָליאַקן, און איבערהויפּט די דייטשע אַסימילירטע פּאָליאַקן פון די אָרטיקע איינוואוינערס. אפילו האָטעל „ריץ“, וואָס איר גרינדער און פאַקטישער אייגנטימער איז געווען דער ייד מ. רובינשטיין, און זיין פאַרוואַלטער איז געווען בערנאַרד לעשגאָלד, איז איבער־געגעבן געוואָרן דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין די הענט פון צוויי פּאָליאַקן צו פאַרוואַלטן מיט אים, און לעשגאָלדן האָט מען אַרויסגעשטופּט. בלויז פינף יידן זיינען געווען סך־הכל צווישן אַלע אָנגעשטעלטע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין אַ שטאָט מיט איבער צוויי־דריטל יידן.

## ג. דער הונגער־רעזשים אונטער די דייטשן

באַלד ווי עס איז אָנגעקומען די ערשטע מאָביליזאַציע־ידיעה אין ביאַליסטאָק, איז אָנגעפאַלן אַ הונגער־פּחד אין שטאָט. אָבער שפּעטער, אַז די אָרדענונג האָט זיך צוריקגעשטעלט אין שטאָט, איז דער פּחד אַראָפּ דאָס גאַנצע ערשטע יאָר, ווען ביאַליסטאָק האָט זיך געפונען אויסער דעם מלחמה־פייער.

אָבער אַז ביאַליסטאָק איז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן, איז דער הונגער־פּחד געוואָרן סטאַבילער, אַ כסדרדיקער צושטאַנד. מען האָט זיך מיט אים געראַנגלט די גאַנצע דריי אָקופּאַציע־יאָרן, איבערהויפּט די יידישע באַפעלקערונג, וואָס איז ווייט פון דאָרף.

דעם דאָזיקן פּחד האָט נאָך פאַרשטאַרקט די אָרטיקע דייטשע מיליטערישע מאַכט, וואָס האָט אַלע שפּייז־פּראָדוקטן פון די אַרומיקע דערפער געהאַט נייטיק פאַר זיך און האָט זיי רעקווירירט. דעריבער האָט זי אָפּגעשלאָסן ביאַליסטאָק פון דער אַרומיקער סביבה, די שטאָט זאָל ניט קומען מיט איר אין באַרירונג וועגן שפּייז־פּראָדוקטן.

*) [אַפּטייקער ווילבושעוויטש, ג. לאַסקי, יעקב פּרילוקער און ד״ר באַקסט.] די אַרויסגעבער

דער דייטשער רעזשים אין ביאַליסטאָק איז געווען פון אָנהייב אָן זייער אַ שטרענגער. אין גאַנץ פוילן ביזן טייך נאַרעוו האָט די דייטשע מאַכט איינגעפירט אַ ציוויל־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט דער באַפעלקערונג ניט געלאָזט שפירן איר טיראַנישע קראַפט. אָבער פון נאַרעוו ביז קאָוונע איז די פאַרוואַלטונג געווען אַ שטרענג מיליטערישע. דאָס לאַנד איז געווען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע געביטן פון „אָבער אָסט" אָדער בקיצור „אָב־אָסט", ביאַליסטאָק, גראָדנע, סו־וואַלק מיט דער פעריפעריע האָבן זיך גערעכנט פאַר דרום־ליטע; ווילנע, קאָוונע און זייער סביבה — פאַר צפון־ליטע; די פאַרוואַלטונג פון „אָב־אָסט" האָט כסדר אַרויסגעגעבן שטרענגע פאַראָרדענונגען און געסטראַשעט מיט גרויסע געלט־שטראָפן און תפיסה. די שטרענגע פאַראָרדענונגען האָבן מטיל אימה געווען אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג.

עס זיינען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַלע אַריינגענג אין דער שטאָט, מען האָט זיך ניט געטאָרט רירן פון ביאַליסטאָק אין אירע נאָענטסטע שכנישע ערטער אָן „פּאַסיר־שיינען", מען האָט ניט געטאָרט אַריינפירן אין שטאָט דאָס מינדסטע אָן אַ באַזונדערן שיין. און אַז מען האָט אַריינגעפירט עפּעס אָן אַזאַ שיין, איז מען באַשטראָפט געוואָרן, און דאָס אַריינגעפירטע, איבערהויפּט שפּייזפּראָדוקטן, איז קאָנפיסקירט געוואָרן.

אַז דער קייזערלעכער פּרינץ אויגוסט־ווילהעלם פאָן האָהענצאָלערן, וואָס האָט דאָ געדינט אַלס אַ געהילף פון קרייזשעף, האָט אָנגעטראָפן אויפן וועג קיין ביאַ־ליסטאָק אַן אָרעמען יידן, וואָס האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס אַ זעקל מיט שפּייז־פּראָדוקטן (אַ ביסל קאַרטאָפל, בעבלעך און גריבס) פון אַ נאָענטן דאָרף פאַר זיין פאַמיליע, — האָט ער עס ביי אים צוגענומען אין זיין אויטאָ און קאָנפיס־קירט. איז דעריבער די גאַנצע צייט דער הונגער געווען זייער גרויס אין שטאָט. די באַפעלקערונג האָט געהאַט אַן אָרעמע בצמצומדיקע דיעטע.

דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג — געוועזענע סוחרים, פאַבריקאַנטן, בעל־מלאכות, לערערס, אָנגעשטעלטע, טאָג־אַרבעטער — זיינען פון אָנהייב פון דער אָקופּאַציע געבליבן ברויטלאָז, אָן דערנערונג־מיטלען, אויס־געזעצט פּשוט צום הונגער. איבערהויפּט האָבן געליטן די פרויען מיט די קינ־דער, וואָס זייערע פאַרזאָרגערס און דערנערערס זיינען אַוועק אין דער מלחמה, אָדער געשעפּטלעך אין רוסלאַנד, אָדער וואָס האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע און האָבן גערעכנט אַריבערצונעמען זייערע פאַמיליעס בקרוב צו זיך. דערווייל האָבן זייערע פאַמיליעס פּשוט געהונגערט[5], כאָטש זייערע דערנערערס האָבן געקענט דאָרטן אין רוסלאַנד און אין אַמעריקע רייך ווערן אין דער צייט.

דער וועד הקהל האָט געהאַט צוויי אָנגעשטעלטע (דער פאַרשטאָרבענער יהושע

5. דאָקטאר זימאַן, וואָס איז פאַרבליבן כמעט דער איינציקער יידישער הויפּט־דאָקטאָר אין שטאָט, פלעגט די אַלע פאַמיליעס קורירן אומזיסט, כלומרשט אויף באָרג. עס האָט מיך פאַרזיכערט זיינער אַ שטובמענטש, אַז ער גיט שטענדיק אָפּ אַ פערטל פון זיין פּראַקטיק צו היילן מייסטנטיילס יורדים, אָפּגעקומענע פאַמיליעס, אומזיסט.

הילל און אייזיק שטיין), וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צו קאָנטראָלירן און אויסצופאָרשן דעם אמתן מאַטעריעלן צושטאַנד פון די וואָס האָבן באַקומען וועכנט־לעכע אונטערשטיצונג אויף טאַלאָנען פון ועד הקהל. פלעגן זיי ברענגען ידיעות פון דעם שרעקלעכן צושטאַנד פון די אָפּגעקומענע פאַמיליעס (יורדים), וואָס די האָר האָט זיך געשטעלט קאַפּויער הערנדיק דאָס. אייזיק שטיין האָט דערציילט, אַז מען איז אָנגעוויזן אויף צוויי פיינע, גוט דערצויגענע פריילינס, וואָס דער פאָטער איז געבליבן אין רוסלאַנד און די מוטער איז דאָ געשטאָרבן, און זיי זיינען געבליבן איינזאַם און ברויטלאָז. האָבן זיי שוין אַלץ פאַרקויפט פון שטוב, און ביי זיי איז געבליבן צו שטאַרבן צוזאַמען און ניט אָנצוקומען צו לחם חסד. געוויינלעך האָט מען זיך משתדל געווען, אַז מען זאָל נעמען דערוויל אונטער־שטיצונג בתורת הלואה. אַזעלכע פאַלן זיינען געווען אַ סך.

דער ועד־הקהל (וואָס וועגן אים ווערט דערציילט בפרטיות אין ווייַ־טערדיקן קאַפּיטל) און דער פּרויען־קאָמיטעט וואָס ער האָט געשאַפן האָבן אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון העלפן די פאַרלאָזענע, די פאַראיינזאַמטע, די אומבאַהאָלפענע. באַזונדער פאַרשפּרייט איז געווען די אידעלע פאָרם פון הילף — מתן בסתר. עס זיינען אויך אויפגעקומען חברות און אינסטיטוציעס וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער פאַרטייערונג פון שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס האָבן איינגעאָרדנט ביליקע און אומזיסטע קיכן און געהאָלפן לינדערן די הונגער־נויט. אָבער זיי זיינען ניט געווען בכוח זי אָפּצושאַפן. און אויב מען איז ניט דירעקט געשטאָרבן פון הונגער, האָט מען געהאַלטן אין צוהונגערן, און ניט דערעסן. דאָס האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויף דעם געזונט־צושטאַנד פון דער יידישער באַפעל־קערונג.

דער ועד־הקהל פלעגט פון צייט צו צייט דורך ספּעציעלע דעלעגאַציעס צום דייטשן שטאָט־הויפּטמאַן שילדערן די קריטישע לאַגע פון גרויסע שיכטן אין דער באַפעלקערונג. עס פלעגט זיך צו מאָל איינגעבן אויסצופועלן עפּעס. אָבער דער שטאָט־הויפּטמאַן גופא האָט אויך ניט געקענט בייטן קיין סך. אַלץ איז געווען קאָנטראָלירט און פאַרמירט. מען האָט פשוט צוגעטיילט דער באַ־פעלקערונג ווינציקער ווי דעם מינימום.

יעדער מענטש פלעגט באַקומען פאַר זיין טעגלעכן געברויך אויף דער ברויט־ און גרינסן־קאַרטע: אַ האַלב פונט ברויט, אַ האַלב פונט קאַרטאָפל (נאָר אין גליקלעכע פאַלן) און 2 לויט גרינסן. אָבער טייל גרינסן זיינען געווען זייער טייער און ניט פאַר יעדערן זיינען זיי געווען צוגענגלעך, אַפשיטאָ פלייש, וואָס איז געווען ווייניק, און זעלטן און זייער טייער.

דער אַריינפיר פון לעבנס־פּראָדוקטן, אפילו וואָס זיינען ניט אַריינגערעכנט אין די קאַרטן, איז געווען פאַרבאָטן אפילו אין די קלענסטע פּאַרציעס. די לעצטע צייט פון דער אָקופּאַציע איז די וואַך פאַרשטאַרקט געוואָרן ביי די אַריינגענג פון שטאָט, און מע פלעגט אָפּנעמען וואָס מען האָט נאָר געפונען ביי די אָרעמעלייט, וואָס האָבן געטראָגן פאַר דער דערנערונג פון זייערע פאַמיליעס פון די נאָענטע

דערפּער און שטעטלעך צו עטלעכע פונט קאַרטאָפל, אַרבעס און אַנדערע לעבנס־מיטל.

ווי געזאָגט, איז די שטאָט געווען אָפּגעשניטן פון דער אַרומיקער סביבה. און אין שטאָט גופא זיינען אַלע פּראָדוקטן געוואָרן ווינציקער, ווייל די דייטשישע מיליטער־לייט פלעגן אויפקויפן וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט, כדי צו שיקן שפּייז־פּעקלעך צו זייערע משפחות אין דייטשלאַנד, וואָס האָט געליטן פון דער בלאָקאַדע פון די אַליאירטע און ניט געהאַט גענוג שפּייז. פלעגט ביאַליסטאָק כסדר אויסגעפּומפּט ווערן פון שפּייז.

האָט זיך באַקומען, אַז די שטאָט ביאַליסטאָק האָט געליטן מער ווי די גאַנצע אַרומיקע סביבה, וואו שפּייז איז געווען לפי־ערך ביליקער און צוגענגלעכער ווי אין שטאָט. חוץ דעם האָט כסדר געהאַלטן אין איין פאַרערגערן זיך די קוואַליטעט פון ברויט וואָס מען האָט באַקומען אויף די שפּייז־קאַרטן. מען האָט צוגעמישט אַלץ מער און מער ביליקערע און ערגערע פּראָדוקטן צו מעל. דער פּראָצענט קלייען אין ברויט איז אַלץ געשטיגן.

עס איז געווען אויך ברויט אָן קאַרטן. אָבער אַזאַ מין ברויט האָט געקאָסט ביז 1.40 מאַרק אַ פונט. האָבן אָרעמערע זיך ניט געקענט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס.

## ד. די שטאַרביקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אָקופּאַציע־צייט

ווי ווייט עס איז געווען קאַטאַסטראָפאַל דער עקאָנאָמישער צושטאַנד און די באַשפּייזונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק אין דער גאַנצער אָקופּאַציע־צייט, באַווייזט די סטאַטיסטיק פון דער שטאַרביקייט, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט אין דער צייט ביי יידן.

פאַר דער מלחמה, איז די דורכשניטלעכע יערלעכע צאָל טויטפאַלן ביי ביאַליסטאָקער יידן געווען 572, בעת עס זיינען געווען אַן ערך 63,000 יידן אין שטאָט. אָבער די שטאַרביקייט האָט אָנגעהויבן צו שטייגן גלייך מיט דעם אָנהייב פון דער אָקופּאַציע־צייט, דאָס הייסט פון האַרבסט 1915, און האָט דערגרייכט אַ געוואַלדיקע הייך אין 1917 און 1918. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַן ערך 38,000. אין 1915 זיינען געווען 818 טויטפאַלן; אין 1916 — 863, אין 1917 — 1263, אין 1918 — 965.

אַזוי אַרום איז די שטאַרביקייט כמעט פאַרדרייפאַכט געוואָרן. די אָפטע סיבה פון טויט איז געווען די שטענדיקע באַגלייטערין פון דלות — שווינדזוכט. שוידערלעך האָט זיך פאַרגרעסערט די שטאַרביקייט פון שווינדזוכט ביי די ביאַליסטאָקער יידן; אין 1915 — 46 געשטאָרבענע פון שווינדזוכט, ד״ה 5.6 פּראָצענט; אין 1916 — 81, ד״ה 9.4 פּראָצענט, אין 1917 — 174, ד״ה 13.8 פּראָצענט, אין 1918 — 213, ד״ה 22.1 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל געשטאָרבענע.

ווי מען זעט, האָט אין דעם לעצטן מלחמה־יאָר די צאָל געשטאָרבענע פון שווינדזוכט אויסגעמאַכט כמעט אַ פערטל פון אַלע טויטפאַלן. אין דער שלום־צייט

איז דער פּראָצענט פון גשטאָרבענע פון טובערקולאָז ביי דער יידישער באַפעל־קערונג פון ביאַליסטאָק געווען נאָר 6.4 פּראָצענט. די מלחמה האָט אים אַרויפ־געטריבן, ווי מיר זעען, כמעט אויף 4 מאָל אַזוי פיל.

איבער דעם עקאָנאָמישן קריזיס און דעם סיסטעמאַטישן ניט דערעסן האָט אין דער מלחמה־צייט גוואַלדיק געשטיגן אויך די שטאַרביקייט פון אויסצערונג ד״ה פון דער אַלגעמיינער אָפּשוואַכונג, מיט אַנדערע ווערטער די שטאַרביקייט פון האָלב הונגערן. דאָ זעען מיר פאַר זיך ממש אַ מוראדיק בילד. פון אויסצערונג זייַנען געשטאָרבן: אין 1914 — 87 נפשות, אין 1915 — 129, אין 1916 — 177, אין 1917 — 287 נפשות און אין 1918 — 124 נפשות.

אין דורכשניט איז די צאָל טויט־פאַלן פון אויסצערונג געווען 136 אַ יאָר (פון שווינדזוכט 122).

די אויספאָרשונג פון שטאַרביקייט לויט פאַרשיידענע עלטער־גרופּעס האָט באַוויזן, אַז אין דער מלחמה־צייט האָט זיך באַזונדער פאַרגרעסערט די שטאַר־ביקייט ביי צוויי עלטער־גרופּעס — פון 16 ביז 40 יאָר און פון 50 ביז 60.

די באַיאָרנטע ביאַליסטאָקער יידן (50—60) זיינען אין דער מלחמה־צייט אָפּגעשטאָרבן אין אַ טאָפּלטער צאָל אין פאַרגלייך מיט די שלום־יאָרן. די פאַר־גרעסערונג פון שטאַרביקייט ביי יונגע מענטשן (21—30 יאָר) איז אויך געווען שטאַרקער ווי די אַלגעמיינע פאַרגרעסערונג פון דער שטאַרביקייט. דאָס דער־קלערט זיך מיט דעם, וואָס די יוגנט איז מחמת שווערער אַרבעט, ביי אַ שלעכטער דערנערונג, זייער מסוגל געווען צו קראַנקייטן, וואָס האָבן געפירט צום טויט. אַזוי אַרום זיינען געשטאָרבן אין ביאַליסטאָק אין דער מלחמה־צייט הונדערטער פון יונגן יידישן דור. אויך אַ סך פון דעם עלטערן דור זיינען געשטאָרבן פאַר דער צייט. דער טויט האָט אַוועקגעריסן אויף אייביק גראָד די וואָס האָבן נאָך גע־קענט זיין נוצלעך דורך זייער לעבנסקראַפט און לעבנס־טעטיקייט[6].

דער נאַטירלעכער צוואוקס פון דער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג אין דער פאַר־מלחמה־צייט איז געווען קרוב 400 אַ יאָר, ד״ה עס זיינען געבוירן געוואָרן אין יעדער יאָר מיט 400 נפשות מער ווי עס זיינען געשטאָרבן. אָבער אין דער מלחמה־צייט איז די דורכשניטלעכע צאָל געבוירענע געווען נאָר 582 און פון געשטאָרבענע 895, ד״ה אויף 100 געבורט־פאַלן זיינען געווען 162 טויט־פאַלן. פאַר די 5 טרויעריקע יאָרן (1914—1918) איז ניט נאָר פאַרשוואונדן דער גאַנצער צוואוקס פון דער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג, נאָר עס האָט זיך פאַרקלענערט

6. אין זאַך האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן צום בעסערן: די שטאַרביקייט פון מאָגן־קראַנקייטן האָט זיך פאַרקלענערט אין דער מלחמה־צייט. בעת פאַר דער מלחמה איז געווען די צאָל געשטאָרבענע אויף פאַרשיידענע מאָגן־קראַנקייטן 9.8 פּראָצ. פון אַלע טויטפאַלן, איז דער פּראָ־צענט געפאַלן אויף 6%. דאָס אייגענע האָט באַוויזן די סטאַטיסטיק אין ווילנע, ווי מיר האָט גע־זאָגט דער היגער דאָקטאָר זימאַן, האָט די אָקופּאַציע־צייט, ווען עס איז געווען אַ דוחק אין שמאַלץ און פעטס, באַוויזן, אַז פעטס איז שעדלעך פאַר צוקער־קראַנקייטן: אין דער אָקופּאַציע־צייט, ווען עס האָט געפעלט שמאַלץ און פעטס, האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל צוקער־קראַנקע.

די צאָל יידן פון פריערדיקן באַשטאַנד צוליב דעם חורבן וואָס הונגער און נויט האָבן אָנגעמאַכט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג [7].

## ה. די שטרענגע פאַראָרדענונגען פון דער אָקופּאַציע־מאַכט

די אָקופּאַציע־מאַכט אין ביאַליסטאָק האָט צוגענומען די גאַנצע מיליטער־פעאיקע יוגנט, דערונטער שוין פאַמיליע־פאָטערס, און האָט זיי אַוועקגעשיקט אין געפאַנגענע־לאַגער אויף דער גאַנצער מלחמה־צייט.

אויך די איבעריקע יונגעלייט, וואָס זיינען געבליבן אין שטאָט, האָט די מאַכט, אין אָנהייב יעדן שבת און שפּעטער איין מאָל אין אַ חודש, קאָנטראָלירט און אונטערזוכט זייער קערפּערלעכן צושטאַנד אויף אַ ווילדן מיליטערישן אופן. עס איז רעכט געווען זיי צו לאָזן זיך אויסטאָן האַלב נאַקעט און אַזוי צו שטיין אויפן פּאָליציי־הויף אין אַ גרויסן פראָסט און דאָרט צו מאַכן דעם קאָנטראָל און די קערפּערלעכע אונטערזוכונג דורך אַ ווילדן אָפיציר. דאָס איז געווען אַ געוויסער אָבערלייטענאַנט פאָן פלאַטאָוו, וואָס האָט זיך ניט געפוילט צו דערלאַנגען אויך פּעטש די וואָס האָבן ניט גלייך געפאָלגט זיינע באַפעלן.

איך האָב זיך ווענן דעם געקלאָגט פאַרן שטאָט־הויפּטמאַן אין נאָמען פון ועד הקהל, ער זאָל זיך ווענדן ווענן דעם צו דער העכערער מיליטער־מאַכט, וואָס צו איר האָבן מיר קיין צוטריט ניט געהאַט, האָט ער מיר שפּעטער געגעבן אַ תשובה, אַז דער דאָזיקער אויבערלייטענאַנט איז פון די גרויסע מיוחסדיקע יונקערס, און ער קומט פון מלחמה־פייער, וואו ער איז נערוועז געוואָרן, מוז מען אים מוחל זיין פאַר זיינע בייזע און שלעכטע קאַפּריזן.

די דייטשע מאַכט האָט פאַרנומען אַלע טייערע מעבל, וואָס זיינען פאַרבליבן אין די דירות און די שפּייכלערס פון די רייכע אייַנוואוינערס, וואָס זיינען אָפּ־געפאָרן קיין רוסלאַנד. זיי האָבן עס פאַרטיילט אין אַלע זייערע ביוראָען און קוואַר־טירן פון זייערע באַאַמטע און מיליטער־לייט. דאָס בעסערע האָבן זיי נאָך אַרויס־געפירט צו זיך קיין דייטשלאַנד, וואו זיי האָבן עס פאַרקויפט.

עס איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז ביז אַ געוויסן טערמין זאָל מען אויסליפערן אַלע קופּערנע כלים, פון אַ טיר־קליאַמקע ביז אַ קופּערנער וואַנע, און מ'האָט אויפגערוימט דאָס גאַנצע קופּער, וואָס האָט זיך געפונען אין שטאָט. מען האָט באַקומען דערפאַר שיינען, וואָס מען האָט פאַר זיי שפּעטער אויסגעצאָלט גראָשנס. די סאָלדאַטן האָבן געמאַכט הויז־זוכונגען אין דער גאַנצער שטאָט, און אַז מען האָט געפונען קופּער, האָט מען קאָנפיסקירט.

די באַציאונג פון דער אונטערשטער מאַכט, וואָס איז געלעגן אין די הענט פון באַאַמטע־סאָלדאַטן, איז געווען גראָב און באַליידיקנדיק. פאַרן מינדסטן ניט־אויספאָלגן האָט מען געשלאָגן.

7. זען הערמאַן פראַנק, סטאַטיסטיק פון דער באַוועגונג פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר 10 יאָר, 1909—1918, ביאַליסטאָק 1920, און אַן אויסצוג דערפון אין ביאַליסטאָקער שטימע, ניו־יאָרק, נומער 6 : „דער קלאָגעדיקער סך הכל״. אָבער עס איז ביי אים ניט אָנגעגעבן געוואָרן די גרויסע צאָל יידן, וואָס זיינען געשטאָרבן דעמאָלט פון פלעקטיפוס.

אָבער ביסלעכווייז האָט די יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט אַדאַנק יידיש לייכט געקענט זיך פאַרשטענדיקן מיטן דייטש, מיט אים זיך איינגעלעבט. מען איז באַלד דערגאַנגען דעם סוד, אַז דער בייזער דייטשער סאָלדאַט אָדער אונטעראָפי־ציר, וואָס איז געווען דער פּאַקטישער פאַרוואַלטער פון אַלע דייטשע מיליטערישע ביוראָען און „שטעלעס", דער אויספירער פון אַלע פאַראָרדענונגען און קויפער און פאַרקויפער פון אַלע רוישטאָפן און פּראָדוקטן, — קען ווערן זייער מילד און נאָכגיביק דורך כאַבאַר. מען קען ביי אים מיט דעם מיטל אַלץ אויספועלן. איז שוין אַראָפּגעפאַלן די מורא פאַר אים, און צוקוקנדיק זיך ווי די מיליטער־מאַכט רויבט, גנבעט, גזלט און טרעט מיט די פיס דעם יושר און געזעץ, האָט יעדערער זיך גענומען ראַטעווען דורך געבן כאַבאַר.

אויך צו דער העכערער מאַכט האָט מען באַקומען אַן אויסגעטראָטענעם וועג דורך דער פאַרמיטלונג פון בעלי־בתישע מיידלעך, וואָס מע פלעגט זיי אָנרופן אין שטאָט „צוקער־פּושקעס". פאַר זיי זיינען געווען אָפן אַלע טירן און אַלע הערצער פון די ערנסטע, בייזע, שטאַלצע, גרויסע באַאַמטע. זיי האָבן לייכט באַ־קומען אַלע נייטיקע „פּאַסיר"־און איינפיר־שיינען און אויך אַלע נייטיקע שפּייז־פּראָדוקטן אויף צו פאַרקויפן דער יידישער באַפעלקערונג. זיי זיינען אויך געווען די הויפּט־שמוגלערינס. דורך זיי און דורך זייערע איבערגעגעבענע באַאַמטע איז דער שמוגל שטאַרק געווען פאַרשפּרייט אין שטאָט. אויך זיינען זיי געווען די לי־פעראַנטן פון אַלע נייטיקע זאַכן פאַר די ביוראָען פון דער מיליטערישער און אָר־טיקער ציווילער מאַכט.

אויף דער חתונה פון אַזאַ „צוקער־פּושקע", וואָס איז רייך געוואָרן און האָט חתונה גע־האַט מיט אַ היגן בעלי־בתישן סוחרישן בחור, האָט זיך משמח געווען דער שטאָטהויפּטמאַן מיט אַלע זיינע גרעסערע באַאַמטע.

די דאָזיקע „צוקער־פּושקעס", זיינען ניט אַלע געווען צעלאָזענע. עס האָבן זיך געפונען צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן נאָר אויסגענוצט די שוואַכקייט פון די מיליטער־לייט, וואָס דערווייטערט פון זייערע פאַמיליעס, האָבן זיי דאָ געזוכט געלעגנהייטן צו פאַרברענגען אין אַ פאַמיליע און אין פרויען־געזעלשאַפט. צו אַ טייל פיינע יידישע הייזער האָבן זיי קיין צוטריט ניט באַקומען, האָבן זיי דאָס געזוכט אין די קלענערע בעלי־בתישע הייזער. אפילו די יידיש־דייטשע מיליטער־לייט און באַאַמטע, צווישן זיי אָרטאָדאָקסן, האָבן זיך ניט אונטערשידן אין דעם פון די אי־בעריקע דייטשן. אפילו די אָרטאָדאָקסישע פעלדראַבינערס האָבן גיכער געוואָלט פאַרברענגען אין אַ דאַמען־געזעלשאַפט ווי מיט די מיטגלידער פון ועד הקהל.

די אָקופּאַציע־מאַכט האָט ניט בלויז צוגעטיילט דעם ביסן אין מויל, זי האָט ניט בלויז קאָנטראָלירט (אָדער ריכטיקער — געוואָלט קאָנטראָלירן) דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן. זי האָט אויך געהאַט אַן אויג אויפן גייסטיקן לעבן. דער עיקר האָט זי געזאָרגט וועגן דעם, אַז קיין שום ידיעות און נייסן זאָלן ניט דערגיין וואָס דער דייטשער מאַכט שמעקן זיי ניט. זי האָט אויך ניט דערלאָזן קיין שום פריי קאָמענטירן נייס. די גאַנצע צייט איז געווען פאַרווערט אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטונג.

אפילו אַריינפירן־ צייטונגען פון אַנדערע ערטער וואָס זיינען אויך געווען

אונטערן דייטש האָט מען אויך ניט געטאָרט. די גאַנצע צייט איז געווען פאַרווערט אַריינצופירן ציַיטונגען פון וואַרשע.

די איינציקע צייטונג איז געווען אַרויסגעגעבן פון דער דייטשער מאַכט גופא. זי איז געווען אויף דייטש, אָבער געהאַט אויך אַ יידישע איבערזעצונג. דער יידישער נוסח פון דער אָפיציעלער צייטונג האָט געהייסן ביאַליסטאָקער צייטונג[8]. אין אָט דער אָפיציעלער צייטונג זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַלע רעגירונגס־פאַראָרדענונגען, און עס איז געגעבן געוואָרן אַ צוגעפּאַסטער פּאָליטישער איבערזיכט. עס זיינען געווען אַ ביסל צוגעפּוצטע אָרטיקע ידיעות, און פון צייט צו צייט אויך אַ ביסל „אַרטסקונדע" צו דערוועקן דייטש־פּאַטריאָטיזם, צו באַווייזן, למשל, די דייטשע השפעה אויף ביאַליסטאָק און איר אינדוסטריע.

## ו. געשעפטן אין דער מלחמה-צייט

גלייכצייטיק מיט אירע דראַקאָנישע געזעצן און ווילדע פאַראָרדענונגען, האָט די דייטשע מאַכט זיך משתדל געווען צו פאַרשאַפן אַרבעט פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון נאַציע און רעליגיע: אַרבעט אויף די שאָסייען, אויסצובעסערן די אַלטע און צו בויען נייע; ביי די טאָרטאַקן און געהילץ־אויסאַרבעטונגען אין גיינאָווקע, וואו מען האָט באַאַרבעט דאָס געהילץ, וואָס מען האָט אויסגעהאַקט פון די ביעלאָוויעזשער וועלדער און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד, און אין אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען. יידישע אָרעמע־לייט האָט די מאַכט געשיקט אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

עס זיינען געווען יידן וואָס האָבן ניט בלויז זיך צוגעפּאַסט צו די מלחמה־באַדינגונגען, נאָר האָבן פאַרשטאַנען און האָבן געהאַט די געלעגנהייט זי אויסצונוצן. עס זיינען געווען געציילטע וואָס האָבן זיך באמת אַרויפגעאַרבעט.

פריער פון אַלץ זיינען עס געווען די וואָס האָבן געהאַט האַנדלס־באַציאונגען מיטן דייטש. אַ פּאָר יידן מילנערס זיינען נתעשר געוואָרן. דער דייטש האָט אין ביאַליסטאָק געגרינדעט אַ גרויסע מאַרמעלאַד־פאַבריק אויסצואַרבעטן פאַרשיידענע פרוכטן־מאַרמעלאַד פאַרן מיליטער. האָבן צוויי אָרעמע יידישע יונגעלייט

8. איך האָב אָבגעגעבן אַ ביטע מיר צו דערלויבן אַרויסגעבן מיין צייטונג ביאַליסטאָקער טאַגעבלאַט, וואָס איז פאַרמאַכט געוואָרן אַ חודש פאַר דער אָקופּאַציע פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן, גלייך מיט אַלע יידישע צייטונגען. איך האָב אפילו שוין געהאַט אַרויסגעגעבן איין נומער מיט אַ דערלויבעניש פון דער אָרטיקער מאַכט, דורך דער השתדלות פון פעלד־ראַבינער ד"ר ראָזענהאַק. אָבער דאָס איז תיכף פאַרווערט געוואָרן דורך דער העכערער מאַכט.

אײדער די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די ביאַליסטאָקער צייטונג, האָט מיך דער פּרעסע־שעף גערופן און האָט מיר פאָרגעלייגט צו ווערן איר איבערזעצער. האָב איך אים דערקלערט: אַזוי ווי איך בין באַקאַנט אויך ווי אַ העברעאישער גע־לערנטער, וועט מיין אָננעמען אַן אַמט ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט ניט פאַרבייגיין אומבאַקאַנט און ביי דער רוסישער רעגירונג וועל איך פאַררעכנט ווערן ווי אַ פּאָליטישער פאַרברעכער. האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער גייט אַריין אין מיין לאַגע און ער איז מיט מיר איינשטימיק.

צוגעשטעלט אַהין פון דער גאַנצער סביבה די נייטיקע פּרוכטן. זיינען זיי פון דעם גאַנץ רייך געוואָרן. עס זיינען געווען מערערע אַזעלכע פאַלן. די אַלע האָט מען אָנגערופן מלחמה־גבירים. עס זיינען געווען אַן ערך אַזעלכע 90 גבירים אין שטאָט, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען אין משך פון עטלעכע יאָר נאָך דער מלחמה אַראָפּ פון זייער גבירישקייט.

דער גרויס־האַנדל האָט אין דער צייט פון דער מלחמה זיך אָפּגעשטעלט אין גאַנצן, אויך אַלע באַנק־געשעפטן. אָבער דער יידישער קליינהאַנדל האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אין דער אָקופּאַציע־צייט. ניט געקוקט אויף אַלע שטרענגע פאַר־אָרדענונגען אָפּצושליסן ביאַליסטאָק פון איר גאַנצער סביבה, איז ביאַליסטאָקער קליינהאַנדל געשטאַנען מיט דער אַרומיקער סביבה אין שטענדיקן קאָנטאַקט דורכן משא ומתן פון קויפן און פאַרקויפן אַלע נייטיקע שפּייז־פּראָדוקטן, מאַ־נופאַקטור־סחורה, קאָנפעקציע, גאַלאַנטעריי און אַלע איבעריקע פּראָדוקטן. אפילו די מיליטער־לייט פלעגן קויפן ביי יידישע הענדלערס אַלע זייערע הצטרכותן, וואָס זיי פלעגן זיי ניט באַקומען אין זייערע קראָמען. מען פלעגט ברענגען פון וואַרשע אַלע סחורות מיט פורן; איבערן בוג האָט מען די סחורות געפירט מיט שיפלעך, ווייל די בריקן האָבן די רוסן אויפגעריסן פאַר זייער אָפּטרעטן. מען פלעגט שיקן סחורות פון דאַנען מיט פורן אפילו קיין ווילנע און שאַוול.

אמת, דער קליינהאַנדל איז אין זייער אַ גרויסער מאָס געווען אַ שמוגל־האַנדל. אָבער ווער האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּצוזאָגן פון אַזאַ האַנדל און זיין איבערקלייבעריש, ווען די נויט און די שטרענגע דייטשישע פאַראָרדענונגען האָבן געטריבן צום שמוגל! האָט מען געמוזט אָנקומען צו מאַכן שותפות מיט דייטשישע באַאַמטע, אונטערצוקויפן דייטשישע סאָלדאַטן, אויסנוצן די מיידלעך וואָס זיינען געווען באַפריינדעט מיט די דייטשן. דאָס לעבן האָט געצוואונגען צו גיין אויף אומוועגן, ווייל אויף אַלע גלייכע וועגן זיינען געשטאַנען אָקופּאַנטן מיט געווער אין די הענט.

אַ סך אַרטיקלען האָבן אויסגעפעלט ניט נאָר אין ביאַליסטאָק, נאָר אומעטום אונטער די דייטשן, און אויך אין דייטשלאַנד גופא. די מלחמה־יאָרן איז געווען די צייט, ווען די דייטשן האָבן גאַנץ קונציק אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע ערזאַץ־אַרטיקלען. אַלץ איז געווען ערזאַץ.

אָט די תורה איז אַריבער אויך צו ביאַליסטאָקער יידן. דאָ האָט מען אָנ־געהויבן אויסצואַרבעטן ערזאַץ־שטריק און ערזאַץ־שפּאַגאַטן און נאָך אַזעלכע זאַכן וואָס אַנשטאָט זיי צו מאַכן פון פלאַקס, האָט מען זיי געמאַכט גאָר פון פּאַפּיר.

## ז. די יידישע טעקסטיל־אינדוסטריע אין דער אָקופּאַציע־צייט

### רעקוויזיציעס

די מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם טייל טעקסטיל־אינדוסטריע וואָס איז געלעגן אין די הענט פון די דייטשע פאַבריקאַנטן. די באַרימטע, די רייכסטע און

גרעסטע פאַבריק פון דער גאַנצער געגנט, די מאָעסישע, איז פאַרברענט און צע־שטערט געוואָרן און זי איז מער צו קיין תקומה ניט געקומען. נאָך דער מלחמה האָט די פוילישע רעגירונג וואָס האָט אָפּגעקויפט די הויפן מיט די בנינים דאָ אויפ־געשטעלט אַ — משוגעים־הויז. געבליבן אומבאַרירט איז נאָר די פליוש־פאַבריק פון בעקער. דאָס איז פאַרבליבן פון דער גאַנצער אַמאָליקער טעקסטיל־אינ־דוסטריע וואָס איז געווען אין דייטשישע הענט. פריער האָבן זי יידן פאַרקאָנ־קורירט און דערנאָך האָט דעם אמתן טויטקלאַפּ געגעבן די מלחמה.

אָבער די יידישע טעקסטיל־אינדוסטריע איז ניט צעשטערט געוואָרן פון דער מלחמה. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פעאיק צו עקסיסטירן אפילו אין דער אָקופּאַציע־צייט. עס מוז גאָר פאַרצייכנט ווערן דער קוריאָז אַז אין געוויסע פּרטים האָט די אָקופּאַציע־מאַכט געהאָלפן דער יידישער טעקסטיל־אינדוסטריע.

דאָס אָבער האָט זיך אַרויסגעשטעלט שפּעטער. די ערשטע האַנדלונגען פון דער אָקופּאַציע־מאַכט זיינען ניט געווען קיין פריינדלעכע.

ווי נאָר די דייטשישע מיליטער־מאַכט איז אַריין קיין ביאַליסטאָק, האָט זי באַלד די ערשטע טעג אַרויסגעגעבן אַ מעלדונג, אַז אַלע פאַבריקאַנטן און סוחרים זאָלן אין פאַרלויף פון דריי טעג אָפּגעבן, לויט געוויסע פאָרמאַליטעטן דער דייטשער מאַכט, אַלע רויע און פאַרטיקע שטאָפן, וואָס געפינען זיך ביי זיי: וואָל, קונסטוואָל, גאַרן, רויע און פאַרטיקע סחורות. פאַרן ניט דורכפירן די פאַראָרדענונג קריגט מען גרויסע געלטשטראָפן און געפענגעניש. עס איז געפאַלן אַ מורא אויף אַלע, און מען האָט אַלץ אָפּגעגעבן.

די דייטשן האָבן צוגענומען אַלע רויע און פאַרטיקע שטאָפן און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד. פאַר פאַרטיקע סחורה קאַסטאָר, וואָס איז דער מאַכט געפעלן גע־וואָרן, האָט מען גלייך אויסגעצאָלט צו 3,30 אַ מעטער. פאַר דעקעס צו 8—10 מאַרק פאַר אַ דעקע פון אַן ערך 2 מעטער (1,95). פאַר אַלע צוגענומענע רוי־שטאָפן האָט מען באַקומען רעקוויזיר־שיינען, וואָס געצאָלט פאַר זיי האָט מען שפּעטער, אין יאָר 1918, לויט אַן אַנדער אָפּשאַצונג. אָבער די דייטשע מאַכט האָט אויף דעם חשבון געגעבן אַוואַנסן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען אַ דייטשער אָפיציר צום ערשטן אין טרילינגס פאַבריק און האָט אָפּגעשריבן דעם קעסל, וואָס איז גראַד געבליבן ניט אויפגעריסן פון דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער מאַכט, און אויך די מאַשינען און האָט אַרויסגענומען אַ פאַרפליכטונגס־שיין ביי דעם פאַבריק־פאַרוואַלטער יצחק באַצער (טרילינג איז געווען אָפּגעפאָרן אין רוסלאַנד) ניט צו רירן זי פון אָרט.

י. באַצער איז גלייך געגאַנגען צום הויפּטמאַן הילגער, דעם דייטשן פאַר־וואַלטער פון דער רוישטאָף־שטעלע, ביי אים צו בעטן, אַז ער זאָל דעם קעסל מיט די מאַשינען ניט צונעמען, ווייל די פאַבריק באַשעפטיקט 400 אַרבעטער. האָט דער הויפּטמאַן הילגער דערויף איינגעשטימט, אָבער מיטן באַדינג אַז די פאַבריק זאָל אַרבעטן נאָר פאַר דייטשער מיליטער־מאַכט לויט באַשטעלונג. אויף דעם איז י. באַצער איינגעגאַנגען, ניט מורא האָבנדיק פאַר דער גרויסער שטראָף, וואָס ער קען באַקומען שפּעטער פון די צוריקקומענדיקע רוסן.

הויפטמאַן הילגער האָט אים טאַקע באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַשטעלונג אויף אויסצואַרבעטן קאַסטאַר.

### די גאַנצע אינדוסטריע קריגט באַשטעלונגען

נאָך אים זיינען געקומען די איבעריקע יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס זיינען געבליבן אויפן אָרט, און אַלע האָבן באַקומען באַשטעלונגען. די וואָאַנסן אויף די צוגענומענע רויע פראָדוקטן און דאָס אויסגעצאָלטע געלט פאַר די פאַרטיקע סחורות זיינען געווען דער גרונט־קאַפּיטאַל אויף פאַרצוזעצן די אַרבעט אין די פאַבריקן. די דייטשע מיליטער־מאַכט האָט געגעבן באַשטעלונגען און גלייכצייטיק האָט זי געליפערט צו מעסיקע פרייזן אַלע נייטיקע רוישטאָפן, ווי אַלע מינים שמאַטעס, באַוול אויף קעטעס, אָלעאין, זייף, פאַראַקסאַל, סאָדע צו דער וועשערייַ און אפּרעטור און קראַצן צו די שפּינערייען.

די אויפגעריסענע קעסלען האָט די אָקופּאַציע־מאַכט דורך אירע און אָרטיקע מעכאַניקערס פאַרריכט. זי האָט צוגעבראַכט די אַרויסגענומענע טיילן פון די מאַשינען אָדער זיי צוגעאַרבעט אין אירע מעכאַנישע וואַרשטאַטן. זי האָט אויך געבראַכט דאַמף־מאַשינען און לאָקאָמאָבילן פון אַנדערע אָקופּירטע ערטער.

דער אויספירער פון די אַלע זאַכן איז געווען אויבערלייטענאַנט ליפקע, וואָס איז געווען דער פאַקטישער אָנפירער פון דער היגער פאַבריקאַציע. ער איז אַליין געווען אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריקאַנט אין דייטשלאַנד און אַ גרויסער פאַכמאַן. אין יאָר 1917 איז אים צוגעגעבן געוואָרן צו הילף אַ יידיש־דייטשער אינדוסטריע־לער — אָפיציר אַלטמאַן.

פון די גרעסערע יידישע פאַבריקן זיינען אַוועקגעגאַנגען אין באַטריב: צ. נאַוויק און זין, י. טרילינג און זון, דוד הובינסקי און זון, פאָרעצקי־גאַוועגסקי (וואַשליקאָווע), איסר שפּירא, ש. ציטראָן (סופּראַסלע), איטשע־מאיר סאָקאָל, סאָקאָל־זילבערפעניג, פיליפּ־זילבערבלאַט (ביז דער שרפה 1917), חיים גערץ (הערבסט), משה גאָטליב, שלאַכטער (וויעטשאָרעק), משה זילבערט (פלאָקערטס פאַבריקן), פרייסמאַן (אַפּרעטור), יחיאל לונסקי (אפּרעטור, וואַשליקאָווע), משה גאָטליב און לייב סעגאל (ביי ראָזענבערג), חוץ דעם 10—15 קלענערע לוין־וועבערייען. עס זיינען אַוועק אין באַטריב אַן ערך אַ דריטל פון דער יידישער ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע פון פאַר דער מלחמה.

די אַרבעט איז געגאַנגען נאָרמאַל, ווייל די אויסצאָלונגען זיינען געווען רעגו־לירט. אָבער די אַרבעטער זיינען געווען זייער געדריקט, די פרייזן פאַר אַרבעט זיינען געווען זייער ביליק, ווייל שטרייקן און פאָדערן העכערע פרייזן איז ביי דעם שטרענגן מיליטערישן רעזשים געווען אויסגעשלאָסן. אויך איז דער ווערט פון דער מטבע ניט געווען סטאַביל, ווייל איר קויפקראַפט איז געווען וואַקלדיק. צום ביישפּיל: פאַרקויפנדיק היינט סחורה פאַר פיר מאַרק אַ מעטער, האָט מען דער־ביי פאַרדינט גוט, און אויף מאָרגן האָט די זעלביקע סחורה זיך אַליין געקאָסט אַ גרעסערן פרייז, ווייל די קויפסקראַפט פון דער מטבע פלעגט דערווייל שטאַרק

פאַלן איבער דעם שטייגן פון דעם פרייז פון די פּראָדוקטן. און אַז די פאַבריקאַנטן האָבן פּאַראַלעל ניט געהעכערט יעדער מאָל דעם אַרבעטלוין פון אַרבעטער, איז דער אַרבעטלוין ממילא אַלע מאָל פאַרקלענערט געוואָרן.
אָבער די דעמאָלטדיקע געדריקטע לאַגע פון די פאַבריק־אַרבעטער צוליב דעם, וואָס די פאַבריקאַנטן, באַנוצנדיק זיך מיטן כוח פון דער מיליטערישער מאַכט, האָבן זיי געקענט פריי עקספּלואַטירן, בלייבט אַ גרויסער, אַן אומפאַרגעבלע־כער פאַרברעכן אויף די דעמאָלטדיקע יידישע פאַבריקאַנטן: אַליין זיינען זיי רייך געוואָרן פון זייערע אַרבעטער, און זייערע אַרבעטער האָבן זיי מוראדיק אונ־טערדריקט.

די הויפּט־סחורה — קאַסטאָר — פלעגט אויסגעאַרבעט ווערן פון די קעטעס פון צווערן־באַוול, אָבער שפּעטער, איבער דוחק אין באַוול, האָט ביאַליסטאָק אַליין אָנגעהויבן צו שפּינען קעטע פון באַוול־שמאַטעס, מיט אַ קליינעם צומיש פון פלאַקס, און שוס פון קונסטוואָל, 3/4 שטרייעניקע גאַרן, מעלאַנזשירטע — מאַרענגע מיט קרעפּע־בונד.

די דערמאָנטע אָנפירערס פון דער פאַבריקאַציע, וואָס די דייטשע מאַכט האָט באַשטימט, האָבן מיט זייער פאַך־קענטעניש צוגעהאָלפן צו דער פאַרביליקונג פון דער פּראָדוקציע. צום ביישפּיל, אַז עס האָט שפּעטער פאַרפעלט פּראָדוקטן, האָבן זיי אנשטאָט סטעאַרין, זייף און פאַרעקסאַל זיך באַנוצט מיט ליים. אָבער פון דער צווייטער זייט האָבן די דייטשע פאַכמענער באַוואונדערט, דאָס באַנוצן זיך אין ביאַ־ליסטאָק מיט דער האַמער־וואַלקע, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אַנדערע סחורות, גאָר אָן כעמיקאַליען.

דער דייטש פלעגט אַלץ צושטעלן. אפילו פון סאַאַר־געביט און פון בעלגיע פלעגט ער ברענגען פון די דאָרטיקע פאַבריקן וואַלקן מיט ניט־אויסגעוועבטע קעטעס, כדי זיי דאָ אויסצוועבן. ער האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין סחורה. האָט ער דעריבער צוגענומען וויפל מ׳האָט געליפערט. זיינען טאַקע די יידישע פאַבריקאַנטן רייך געוואָרן.

אַקעגן זשע אין לאָדזש און איר ראַיאָן זיינען אין דער גאַנצער אָקופּאַציע־צייט געשטאַנען אַלע פאַבריקן, איבער דער מורא פאַרן צוריקקומען פון רוס, וואָס האָט געקענט משפּט׳ן די פאַבריקאַנטן ווי פאַררעטער. ביאַליסטאָק האָט לכתחילה צוליב דער זעלביקער שטאַרקער מורא עס אויך ניט געוואָלט טאָן. נאָר ביאַליסטאָק האָט דאָ געהאַט מער מזל ווי שכל. וויבאַלד דער אָנגעשטעלטער פון טרילינגס פאַבריק איז איינגעגאַנגען צו אַרבעטן פאַר די אָקופּאַנטן, האָבן אים נאָכ־געטאָן אַלע איבעריקע פאַבריקאַנטן. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַ ברירה: 1) איינצושטימען צו אַרבעטן און דערמיט פאַרהיטן, אַז דער דייטש זאָל תיכף ניט צונעמען זייערע קעסלען און מאַשינען און ניט פאַרניכטן אויף אַ לענגערער צייט זייערע פאַבריקאַציע־מעגלעכקייטן, נאָר פאַרקערט — אָוועקצולאָזן זייערע פאַ־בריקן און צו זיכערן זייערע מאָמענטאַנע עקסיסטענצן, 2) אָדער ניט איינשטי־מען און דערמיט צו פאַרהיטן, אַז דער רוס, געווינענדיק די מלחמה און צוריק

באַקומענדיק די ממשלה אויף ביאַליסטאָק, זאָל זיי ניט קענען משפּטן פאַר אַ פּאָליטישן פאַרברעך. האָבן זיי באַשלאָסן וועגן דער צווייטער ברירה שפּעטער זאָרגן. און ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, האָבן זיי גוט געטאָן, און די לאָדזשער פאַבריקאַנטן ווידער האָבן פאַר זיך זייער שלעכט געהאַנדלט.

עס איז געווען צו באַמערקן פון דער אַלגעמיינער באַציאונג פון דער דייטשער מאַכט צו דער היגער באַפעלקערונג, אַז זי רעכנט די גאַנצע געגנט צו אַנעקסירן ווי אַמאָל, סוף 18טן יאָרהונדערט, בעת קאָנגרעס־פּוילן האָט זי גערעכנט אָפּצו־געבן פּוילן. עס קען זיין אַז זי וואָלט דעריבער גאָר ניט געוואָלט אַריינגיין מיט קאָנגרעס־פּוילן אין פאַבריקאַציע־פאַרבינדונגען ווי מיט ביאַליסטאָק. אויף געוויס קען מען דאָס ניט זאָגן. עס קען זיין, אַז ווען די לאָדזשער פאַבריקאַנטן וואָלטן אויך איינגעשטימט צו אַרבעטן לויט באַשטעלונג פאַר דער דייטשער מאַכט, וואָלט זי זיך באַצויגן צו זיי ווי צו די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן[9].

איינער פון די דעמאָלטדיקע ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן (משה גאָטליב) האָט באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט צו קויפן אין לאָדזש פריער באַהאַלטענע און דערנאָך קאָנפיסקירטע קראַצן. האָט ער ביי דער געלעגנהייט גע־לאָזן דאָרט אין גאַנג עטלעכע רייסערייען און שפּינערייען און האָט דאָרט דורך אגב אויסגעאַרבעט עטלעכע הונדערט שטיק סחורה, וואָס ער האָט שפּעטער אַפּרעטירט אין ביאַליסטאָק. האָבן די לאָדזשער באַוואונדערט זיין געוואַגטקייט. ער האָט אויך געבראַכט פון דאָרט אַ סך באַהאַלטענע גאַרן. די ביאַליסטאָקער יידישע פאַבריקאַנטן האָבן דעמאָלט איינגעקויפט אין לאָדזש שפּינעריי־זאַצן און מעכאַנישע שטולן פאַר שפּאָט ביליקע פּרייזן, ווייל זיי זיינען געשטאַנען אין לאָדזש אומבאַנוצט.

אַ סך פאַבריקאַנטן האָבן זיך באַנוצט מיט דער דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט צו מאַכן פאַר דער רעגירונג אויף ציווילע סחורה, ניט דווקא קאַסטאַר. האָבן זיי ביי דער געלעגנהייט אויסגעאַרבעט גרויסע סכומען סחורה און האָבן עס פאַרקויפט אויף שמוגל קיין וואַרשע און ווילנע פאַר גוטע פּרייזן. אָדער זיי האָבן די סחורה פאַרמויערט און באַהאַלטן פון דייטש, און שפּעטער נאָך דער מלחמה האָבן זיי די סחורה אַרויסגענומען און פאַרקויפט מיט גרויסן ריווח.

### אין 1918 בלייבן נאָר פּריווילעגירטע פאַבריקאַנטן

אָבער אָנהייב 1918 איז געוואָרן אין דייטשלאַנד אַ גרויסער דוחק אויף רויע פּראָדוקטן, דערהויפּט אויף שמאַטעס. חושד זייענדיק, אַז עס געפינען זיך צווישן די פאַבריקאַנטן אַזעלכע, וואָס פאַרקויפן פון די אויסגעאַרבעטע סחורה אומלעגאַל

9. די כוונה פון די דייטשן צו אַנעקסירן פאַר זיך די גאַנצע ביאַליסטאָקער געגנט איז קלאָר ניט נאָר פון דער באַציאונג צו דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָק, נאָר אויך פון פאַרשיידענע באַמערקונגען וואָס מען האָט געקענט הערן פון די מאַכט־האָבערס אין דער צייט פון דער מלחמה.

פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג, האָט די דייטשע רעגירונג באַגרענעצט די פאַבריקאַציע אין ביאַליסטאָק נאָר פאַר אַ באַשטימטער צאָל פאַרטרויטע פאַבריקאַנטן ווי: צ. נאָוויק און זין, דוד הובינסקי און זין, אָ. טרילינג, איטשע מאיר סאָקאָל, סאָקאָל־זילבערפעניג, ש. ציטראָן, איסר שפּירא, פּאָרעצקי־גאַוועצקי. משה גאָטליב און סילעצקי איז איבערגעגעבן געוואָרן די גאַנצע רייסעריי פאַר אַלע פאַבריקאַנטן, און יחיאל לונסקיס אפּרעטור — די אַפּרעטירעריי. פאַר די דאָזיקע פאַבריקאַנטן האָט דער דייטש געליפערט אַלע פאַבריק־הצטרכות.

די דאָזיקע באַגרענצונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרביטערונג און אויפרעגונג ביי אַלע איבעריקע פאַבריקאַנטן אויף די געציילטע פּריווילעגירטע. מע האָט געשריבן מעמאָראַנדומס און בקשות צו דער העכסטער מאַכט, דורך דער השתדלות פון ועד הקהל, וואָס איז געווען אָנגעזען ביי דער מאַכט. אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן — די פּריווילעגירטע פאַבריקאַנטן זיינען געבליבן אַליין ביז סוף אָקופּאַציע די ליפעראַנטן פון סחורה פאַר דער דייטשער מאַכט [10].

---

10. די ידיעות וועגן מצב פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין דער אָקופּאַציע־צייט האָב איך צו פאַרדאַנקען משה גאָטליבן.

## קאַפּיטל ניין

# יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין די מלחמה־יאָרן

### א. די קאָאָפּעראַטיוון אָדער קאָנסום־פּאַראייגען

מיר האָבן שוין דערמאָנט אז די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין ביאַליס־טאָק איז אָרעם געוואָרן אין מענטשן אין דער צייט פון מלחמה. אַ סך אינטעלי־גענטע כוחות זיינען זיך צעלאָפן. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט די נויט און די ספּעציעלע מלחמה־לאַגע געצוואונגען די יידישע געזעלשאַפט זיך צו נעמען צו אַזעלכע טעטיקייטן וואָס זיינען פריער ניט געווען, ווייל די נויטווענדיקייט אין זיי האָט זיך ניט געשפּירט אין אַזאַ גרויסער מאָס ווי אין די מלחמה־יאָרן.

מען האָט געמוזט זיך נעמען צו אַליין־הילף. דער פּשוטער לעבנס־אינסטינקט האָט געטריבן צו דעם. זיינען אויפגעקומען און עס האָבן זיך אַנטוויקלט אַ כך אינ־סטיטוציעס פון אַליין־הילף. אַ באַזונדער כאַראַקטעריסטישע אינסטיטוציע פון דער מלחמה־צייט איז דער יידישער געברויכער־ און צום טייל אויך פּראָ־דוציר־קאָאָפּעראַטיוו. די קאָאָפּעראַטיוון זיינען אויפגעקומען ניט איבער אַ קלאָרן עקאָנאָמישן חשבון, נאָר אין דער ערשטער ריי איבער דעם מוז גלייך צו העלפן נויטבאַדערפטיקע און טאָקע זיך אַליין אויך צו העלפן. די קאָאָפּעראַטיוון זיינען אויפגעקומען אויף גיך, אָפט אָן די געהעריקע צוגרייטונגען און ניט גענוג סאָליד. דעריבער האָבן זיי געקענט אויך גרינג אונטערגיין. אָבער עס איז ניט געווען קיין צייט צו בויען סאָליד.

די הויפּט־כוונה איז געווען צו באַקעמפן דעם שמוגל, צו באַקעמפן די אויפגע־שרויפטע פּרייזן, אויסצומיידן פאַרמיטלערס וואָס האָבן אויסגענוצט די סיטואַציע, אויך פּשוט צו באַזאָרגן פאַר די מיטגלידער די פּראָדוקטן וואָס זיי וואָלטן זיי ניט געקענט באַקומען אָן די קאָאָפּעראַטיוון. די גרינדונג פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון איז אַרויסגערופן געוואָרן, ווייל מען איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן פון דער אַרומי־קער סביבה, וואָס האָט געליפערט אַלע נייטיקע שפּייז־פּראָדוקטן. עס איז אַנט־שטאַנען אַ הונגער־געפאַר צוליב דעם אויספעלן פון די דאָזיקע פּראָדוקטן, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט איז צוגעקומען די שטאַרקע פאַרטייערונג דורך שפּעקולאַציע. האָבן זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט קליינע גרופּעס און געזעל־שאַפטן, אויך ביי דער שול און בתי־מדרשים, וואָס זייער צוועק איז געווען דער עיקר צו פאַרשאַפן פאַר זייערע מיטגלידער די נייטיקע פּראָדוקטן פון דער ערשטער האַנט — ניט דורך קרעמערס, איבערקויפערס. ממילא האָט מען דערמיט מלחמה געהאַלטן קעגן דער שפּעקולאַציע און קעגן דער פאַרטייערונג דורך פאַר־מיטלערס און שפּייז־סוחרים. עקאָנאָמישע קאָאָפּעראַטיוון אין אייגנטלעכן זינען

זיינען זיי ניט געווען און זיי האָבן נאָר געבראַכט אַ פאַרבייגייענדיקן מאָמענטאַנען נוצן. דעריבער זיינען זיי אַלע בטל געוואָרן, ווי עס איז נאָר אַריבער דער ערשטער פחד פאַר דעם אייגנטלעכן הונגער, ווי מען האָט זיך מיט אים איינגעלעבט און האַלב־הונגערן איז געוואָרן אַ נאַטירלעכער צושטאַנד. געבליבן איז נאָר דער „צענטראַל קאָנסום־פאַראיין", וואָס האָט געהאַט אַ פעסטערן יסוד. ער איז געבליבן עקסיסטירן נאָך עטלעכע יאָר, ביזן פּאָליאַק אין 1919.

דער צענטראַלער קאָנסום־פאַראיין

„דער צענטראַלער קאָנסום־פאַראיין" איז געגרינדעט געוואָרן אָנהייב אָקטאָבער 1915, דורך פאַרמעגלעכע מיטגלידער און פאַרשטייערס פון פרייע פּראָפעסיעס. לויט זיין סטאַטוט האָבן די מיטגלידער אַריינגעטראָגן 10 רובל אַ פּיי און נאָך 15 רובל ווי אַן אַוואַנס אויפן איינקויף פון פּראָדוקטן. זיין הויפּט־אויפגאַבע איז געווען איינצושטעלן ריכטיקע מקחים אויף שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן. די צאָל פון זיינע מיטגלידער איז געווען 600.

די איבעריקע קאָנסום־פאַראיינען

דער „שול־קאָנסום־פאַראיין" איז געגרינדעט געוואָרן דורך די מתפללים פון דער גרויסער שול. אין אים האָבן זיך איינגעשריבן בעלי־בתישע מיטגלידער פון די ראַיאָנען ניי־וועלט און גומיענער גאַס מיט אַ פּיי פון 10 רובל. די צאָל מיטגלידער איז געווען 450.

דער „פעלד־גאַס־פאַראיין" האָט געהאַט פאַר מיטגלידער בעלי־בתישע מענטשן פון דער פעלד־גאַס (מאַזורס גאַס) און פון די אַרומיקע געסלעך. אַ פּיי האָט געקאָסט 5 רובל; די צאָל מיטגלידער — 380.

דער צווייטער קאָנסום־פאַראיין, מיט אַ פּיי פון 5 רובל
די צאָל מיטגלידער .................................. 350
בית שמואל (בית מדרש), מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די צאָל מיטגלידער 260
לינת חולים, מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די צאָל מיטגלידער ........ 230
פאָסט־גאַס־פאַראיין, מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די צאָל מיטגלידער .... 220
בירגער־קאָנסום־פאַראיין מיט אַ פּיי פון 10 רובל, די צאָל מיטגלידער 210
לינת הצדק, מיט אַ פּיי פון 10 רובל, די צאָל מיטגלידער ........ 220
רבי'ס־גאַס־פאַראיין, מיט אַ פּיי פון 5 ר', די צאָל מיטגלידער .... 170
שוסטער־פאַראיין, מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די צאָל מיטגלידער .... 200
משניות־פאַראיין (בי"מ), מיט אַ פּיי פון 10 ר', די צאָל מיטגלידער .. 110
יחיאל נעכעס, מיט אַ פּיי פון 10 רובל, די צאָל מיטגלידער .... 100
עין יעקב, מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די צאָל מיטגלידער .......... 80
בית־מדרש ניימאַרק, מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די צאָל מיטגלידער .... 50
פאָרווערטס (סטאָלער־פאַראיין), מיט אַ פּיי פון 5 רובל, די
צאָל מיטגלידער .................................. 100

סך־הכל האָבן די אַלע קאָאָפּעראַטיוון אַרומגענומען 3730 מיטגלידער. רע־כענענדיק 5־6 פּערזאָן אויף אַ משפּחה, האָבן זיך אַזוי אַרום פּאַראייניקט אַן ערך 22 טויזנט איינוואוינערס, מער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעל־קערונג! — אין קאָנסום־פאַראיינען. אויך די קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע געמיינדעס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין קאָנסום־פאַראיינען. צוזאַמען איז דאָס געווען אַ גרויסע קראַפט אָפּצוהאַלטן די פאַרטייערונג פון די פּראָדוקטן, אויך צו פאַרשאַפן פּראָדוקטן פון דער ערשטער האַנט.

### די ביליקע קראָם פון יוגנט־פאַראיין

צו זיי קען מען אויך רעכענען די ביליקע קראָם אין הקדש־בנין פון „יוגנט־פאַראיין", וואָס האָט געמאַכט אין יאָר 1916 אַן אומזאַץ פון 141,463.80 מאַרק. די דאָזיקע קראָם, וואו די חברים האָבן געטאָן זייער אַרבעט אומזיסט, האָט באַ־דינט ניט בלויז די עטלעכע הונדערט חברים פון פאַראיין, וואָס דאָס רוב פון זיי איז אויך געווען וויניק אָדער גאָרניט באַמיטלט, נאָר אויך אַ גרויסע מאַסע אָרעמע און רעזערוויסטן־משפּחות. די קראָם האָט זיך געשטעלט זייער קליינע פאַרדינסטן, ווי עס איז צו זען פון באַריכט פון יאָר 1916. די פאַרוואַלטונג האָט זי געמוזט סובסידירן מיט אַ סומע פון 3,056.32 מאַרק. נאָר אַ טייל געלט איז געבליבן ביי דער קראָם, הן אין מזומנים און הן אין איינגעקויפטן אינווענטאַר [1].

אָבער ביסלעכוויז האָבן זיך אַלע קאָנסום־פאַראיינען פאַרמאַכט, די לעצטע צוויי זיינען געבליבן די צוויי וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט די ערשטע. אָבער אין אָנהייב 1918 האָט זיך דער שול־קאָנסום־פאַראיין אויך פאַרמאַכט, און עס איז געבליבן נאָר דער איינציקער „צענטראַלער קאָנסום־פאַראיין" [2].

### די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי

איינע פון די וויכטיקסטע טעטיקייטן פון „צענטראַלן קאָנסום־פאַראיין" איז געווען דאָס גרינדן אויף ברעסטער גאַס (אין דער „נאָווי") אַן אייגענע בעקעריי אויסצובאַקן פון מעל, וואָס דער פאַראיין האָט באַקומען פון דעם שטאָט־הויפּטמאַן, אַ ריין, געזונט ברויט, ניט געמישט מיט קלייען און אַנדערע סוראָגאַטן, ווי עס האָבן געטאָן די שטאָט־בעקערייען. די איניציאַטיוו איז אַרויס נאָך אין מאַי 1916. דאָס ברויט האָט דער פאַראיין פאַרקויפט דער גאַנצער שטאָט, פאַר מיטגלידער איז געווען מיט 1 פעניג ביליקער אויפן פונט. ער האָט געעפנט קראָמען אויף צו פאַר־

1. זען ביאַליסטאָקער זאַמלהעפט, זז' 67—68.

2. וועגן די טעטיקייטן פון די אַלע פאַראיינען און זייערע בודזשעטן זען אויספירלעך ביי ה. פראַנק, דריי יאָר פון ביאַליסטאָקער קאָנסום־קאָאָפּעראַציע (1915—1918), ביאַליסטאָק, 1918 ; אויך פסח קאַפּלאַן אין ביאַליסטאָקער זאַמלהעפט, זז' 70—76.

שפּעטער, אין 1919, זיינען געגרינדעט געוואָרן צוויי ציוניסטישע קאָאָפּעראַטיוון: אַ גרע־סערער — „אחדות", ראָג פּילסודסקי און ראָג סענקעוויטשאַ, און „עזראָ"", אויף סוראַזער גאַס. אָבער זיי האָבן אויך עקסיסטירט נאָר אַ פּאָר יאָר.

קויפן דאָס ברויט אומעטום. עס האָבן געקויפט דאָס ברויט אַ סך פאַראיינען, אויך דער ועד הקהל פאַר זיינע אַנשטאַלטן און אַ לאַנגע צייט אויך דער קריסטלעכער קאָנסום־פאַראיין. די בעקעריי האָט אָפּגעהאַלטן די פאַרטייערונג און פאַרערגערונג פון דער ברויט־קוואַליטעט פון אַלע שטאָטישע בעקערייען. עס איז גאָר ניט אָפּצו־שאַצן די וויכטיקייט פון דער טעטיקייט אין אַ צייט, ווען דאָס ברויט איז געווען די הויפּט־שפּייז פון דער באַפעלקערונג.

אויך האָט דער פאַראיין איינגעאָרדנט ביי זיך אַ מילך־פאַרם מיט די נייטיקע מאַשינעס צו ליפערן ריינע פּוטער און קעז. דאָס האָט זיך אים גוט איינגעגעבן, אָבער דער אַלגעמיינער פאַרבאָט אַריינצופירן מילך פון דער סביבה האָט אים געצוואונגען אָפּצושטעלן די אונטערנעמונג.

## ב. די ביליקע און אומזיסטע קיכן

די וויכטיקסטע אַנשטאַלטן צו באַקעמפן הונגער־נויט, אויפצוהאַלטן די נשמה ביי די אָרעמע יידישע שיכטן אין שטאָט, זיינען געווען די ביליקע און איבער־הויפּט די אומזיסטע קיכן, וואָס זיינען געווען אין ביאַליסטאָק אין דער אָקו־פּאַציע־צייט אין אַ גענוגיקער צאָל און האָבן אויסגעשפּרייט זייער שוץ קעגן הונגער־נויט איבער אַלע פאַראָרעמטע יידישע שיכטן.

### די פאָלקס־קיך

די פאָלקסקיך, דער אַלטער „תמחוי" פון דער יידישער קהילה פון די עלטסטע דורות, זי איז געווען אין דער אָקופּאַציע־צייט די גרעסטע און וויכטיקסטע. דאָס איז געווען אין גאַנצן אַן אומזיסטע קיך, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ביז 6,000 מיטאָגן אַ טאָג. זי איז געוואָרן אויסגעהאַלטן פון ועד הקהל און פון שטאָט־הויפּטמאַן.

### די שול־קיך

די שול־קיך איז געגרינדעט געוואָרן אויף ניי־וועלט 21, ערב פּסח, דעם 17טן אַפּריל 1916, דורכן שול־קאָנסום־פאַראיין פאַר געפאַלענע בעלי־בתים און יורדים, סוחרים, פאַבריקאַנטן, קאָמיסיאָנערן און בעלי־מלאכות מיט אייגענע וואַרשטאַטן. די ערשטע צייט האָט זי עקסיסטירט אויף די מיטלען פון שול־קאָנ־סום־פאַראיין.

ביים עפענען איז געווען די צאָל עסערס נאָר 135, אָבער אַרום דעם 31טן מאַי 1917 זיינען שוין טעגלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן איבער 700 מיטאָגן. ביזן 1טן יוני זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן בסך הכל 81,800 אומזיסטע מיטאָגן און 28,900 צו 10 פעניג, מייסטנס אָן ברויט.

פאַר פּסח תרע"ז האָט זיך די קיך אָפּגעריסן פון שול־קאָנסום־פאַראיין און איז געוואָרן זעלבשטענדיק. אירע הכנסות זיינען געווען פון אַפּריל 1916 ביז

1917 פון פאַרשיידענע סובסידיעס (שול־קאַנסום־פאַראיין, שטאַט־הויפּטמאַן און ועד הקהל), פון נדבות און אַליין־באַשטייערונג, בס״ה 18,294.93 מאַרק.

### די בירגער־קיך

די בירגער־קיך איז געעפנט געוואָרן דעם 3טן פעברואַר 1916 אין הויז פון בערמאַן, אויף פאַבריק־גאַס פאַר פאַבריקאַנטן, לוינקעטניקעס, קליינהענדלערס, הויז־באַזיצערס. ביזן 1טן יאַנואַר 1917 האָט זי אַרויסגעגעבן 80,834 מיטאָגן, דערפון 34,467 אומזיסטע. שפּעטער האָט זיך מער ווי פאַרטאָפּלט די צאָל מי־טאָגן — פון 7,348 מיטאָגן אַ חודש אין 1916 זיינען געווען אין 1917 — 15,809 מיטאָגן. אירע הכנסות זיינען געווען פון ועד הקהל, פון פּריוואַטע נדבות און פון פאַרוויילונגען.

### די לערער־קיך

אַן ערך 250 לערערס און מלמדים זיינען געבליבן אין דער אָקופּאַציע־צייט כמעט אָן אַרבעט. די דייטשע פאָלקשולן און די אַנדערע נייע טיפּן שולן האָבן געשאַפן נייע יונגע לערערס, וואָס האָבן אַרויסגעשטופּט די אַלטע פאַרמלחמה־לערערס. אויך די מלמדים, וואָס האָבן געלערנט מיט די פאַרמעגלעכע מיטל־קלאַס־קינדער, האָבן פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון זייערע תלמידים. איז אַזוי אַרום געווען גרויס די נויט ביי זיי. האָט דער לערער־פאַראיין געגרינדעט אַן אומזיסטע קיך, וואָס אין איר האָבן באַקומען מיטאָגן ביז 240 לערערס און מלמדים.

די קיך ביים לערער־פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן דעם 13טן יאַנואַר 1916. ביז אַפּריל 1917 זיינען אין דער קיך אַרויסגעגעבן געוואָרן 53,643 מיטאָגן. חוץ דעם האָט דער פאַראיין אָרגאַניזירט פאַר חברים דעם פאַרקויף פון שפּייז־פּראָ־דוקטן פאַר קאָסטפּרייז.

דער לערער־פאַראיין איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעאָרדנט נאָך אין ערשטן מלחמה־יאָר אַ קאַנסום־פאַראיין אויף אַ הלוואה פון 500 רובל, וואָס ער האָט באַקומען פון פּעטערבורג, און האָט געגרינדעט אַ קאַנסום־קראָם אויף גילדאָווע גאַס, הויז בראַדסקי. די קראָם האָט זיך געפירט מוסטערהאַפט, אָבער ביים אָפּטרעטן פון די רוסן זיינען אַוועק אויך די בעסטע עסקנים. זיינען די לערערס און מלמדים געבליבן אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע — דער לערער־קאַנסום־פאַראיין איז בטל געוואָרן.

### די אַרבעטער־קיך

די אַרבעטער־קיך איז געגרינדעט געוואָרן דעם 21טן נאָוועמבער 1915 אויף אַ הלוואה פון 60 רובל ביי אַרבעטערינס. ביז יוני 1917 זיינען אין איר אַרויס־געגעבן געוואָרן בסך־הכל איבער 450 טויזנט מיטאָגן. אין גאַנצן אומזיסטע מי־טאָגן איז ביי איר ניט געווען. די פּרייזן זיינען געווען: פון נאָוועמבער 1916 —

30 פעניג אַ מיטאָג (קאָסטפּרייז) און 4 פעניג פאַר אַרבעטער. די קיך איז געווען אָפן אַלע טאָג, ניט אויסגעשלאָסן אויך שבתים און יום־טובים.

אין פרילינג 1916, ווען די לאַגע פון די אַרבעטער איז געווען באַזונדער קריטיש, פלעגט די קיך אַרויסגעבן ביז 1,300 מיטאָגן טעגלעך. ניט קענענדיק עס דורכפירן אין איינציקן לאָקאַל (אין רבינס גאַס), האָט מען געעפנט אויף פעלד־גאַס אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט עקסיסטירט פון פעברואַר ביז מאַי 1916.

די אַרבעטער־קיך איז געוואָרן געשטיצט: א) דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (מיט פּראָדוקטן), ב) דורכן ועד הקהל, ג) פון אָפּגעצאָלטע מיטאָגן, אַן ערך 1,300—1,400 מאַרק אַ חודש, ד) דורך אונטערנעמונגען פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע. די אַרבעטער־קיך האָט אויך געהאַט אַן אייגן טיי־הויז מיט אַ לאָקאַל, וואו עס פלעגן דורכגעפירט ווערן פאַרוויילונגס־אָוונטן מיט געמישטע פּראָגראַמען.

### די אינטעליגענטן־קיך

פאַר פסח 1917 איז געעפנט געוואָרן די אינטעליגענטן־קיך דורך דעם קאָמיטעט פאַראיין. אויפגעקליבן אַ סומע פון 1,500 מאַרק, האָט דער פאַראיין ביי זיך געגרינדעט די קיך, וואו מען האָט געקראָגן אַ מיטאָג פאַר 1,25 מאַרק מיט פליש. דער עודף פון דער קיך איז געגאַנגען אויף צו שטיצן דורך אומזיסטע מיטאָגן די אָרעמע חברים.

### די קיך ביי דער תלמוד־תורה

די קיך ביי דער תלמוד־תורה האָט נאָך עקסיסטירט פאַר דער מלחמה און עקסיסטירט נאָך היינט [3] פאַר די אָרעמע קינדער פון דער תלמוד־תורה.

דער „יוגנט־פאַראיין", וואָס וועגן אים וועט די רייד זיין שפּעטער, האָט אויך געהאַט אַ קיך פאַר קינדער [4].

## ג. דער פרויען־קאָמיטעט

בראש פון די פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן איז געשטאַנען דער פרויען־קאָמיטעט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ווי אַן אָפּצווייג פון ועד הקהל. דער קאָמיטעט האָט זיך אָבער פון ועד הקהל אָפּגעריסן, לויט דער עצה פון זיינע קעגנער, און האָט זיך דערקלערט פאַר אַ זעלבשטענדיקער אינסטיטוציע מיט אַ פאַרצווייגטער טעטיקייט. דער פרויען־קאָמיטעט האָט געבראַכט פיל נוצן דער

3. [ד"ה אין 1935—36 — רעד'].

4. וועגן די קיכן זען: פּ. קאַפּלאַן „די געזעלשאַפטלעכקייט אין ביאַליסטאָק" אין ביאַליסטאָקער זאַמלהעפט, ביאַליסטאָק, 1917 (דרוק א. זבאר), זז' 78—87. דאָ איז אַלץ אויסגערעכנט נאָר ביז 1917, ווען פּ. קאַפּלאַן האָט געשריבן דעם דאָזיקן זייער וויכטיקן אַרטיקל, פון וואַנען איך האָב גענומען דעם מאַטעריאַל.

אָרעמער באַפעלקערונג. אויסער פון שטאָט־הויפּטמאַן, לויט דער השתדלות פון ועד הקהל, איז ער אונטערשטיצט געוואָרן אויך פון די דייטשע פעלד־ראַבינערס (ווי ד״ר ווינטער, ד״ר ראָזענהאַק און ד״ר לעווי) מיט עצות און מיט געלט פון באַזונדערע דייטש־יידישע מקורים.

### די הילף פאַר רעזערוויסטקעס און אָרעמע פאַמיליעס

דער ערשטער, דער אייגנטלעכער צוועק פון פּרויען־קאָמיטעט איז געווען צו פאַרטיילן הילף צווישן די רעזערוויסטקעס (פרויען פון סאָלדאַטן אין רעזערוו) און אַנדערע אָרעמע פאַמיליעס. דאָס געלט וואָס דער פּרויען־קאָמיטעט האָט באַקומען פאַר דעם צוועק פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איז געווען פון אָנהייב ביז מאַי 1916 אַ סומע פון 4,260 מאַרק וועכנטלעך, פאַר 1,400 משפחות. שפּעטער איז די סומע פאַרקלענערט געוואָרן, ווייל אַ סך פון די רעגיסטרירטע נויטבאַדערפטיקע זיינען פון דייטש צוגענומען געוואָרן אויף אַרבעט אין דער סביבה אָדער זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און האָבן אַזוי אָרום פאַרדינט אויף זייער דערנערונג. איז פאַרמינערט געוואָרן די צאָל פון די אונטערשטיצטע משפחות ביז 1239, מיט אַן ערך 6,000 נפשות, וואָס האָבן באַקומען וועכנטלעך אונטערשטיצונג 2,084.50 מאַרק.

### דאָס אַרבעטס־הויז

דאָס אַרבעטס־הויז איז געגרינדעט געוואָרן דעם 20טן אויגוסט 1916 אויף קופּיעצקי 1, מיטן צוועק אָפּצוהיטן די אָרעמע יידישע מיידלעך, אַז זיי זאָלן ניט צוליב הונגער־נויט אַריינפאַלן אין נעץ פון זינד. 60 אָרעמע מיידלעך האָבן אין איר געאַרבעט. יעדע אַרבעטערין האָט באַקומען 1 מאַרק אַ טאָג אַרבעטסלוין, אויך אומזיסט ברויט (אויף קאַרטן), זיסע טיי און אויך מיטאָג, וואָס מ'האָט געבראַכט פון דער אַרבעטער־קיך.

אויסגעהאַלטן האָט זיך דאָס אַרבעטס־הויז אויף אונטערשטיצונג, איבערהויפּט וואָס עס האָט באַקומען פון די פעלד־ראַבינערס, גרויסע סומעס פון דייטש־יידישע קוועלן, און אויך פון נדבות אויפן אָרט און פון באַשטעלונגען, הויפּטזעכלעך פון די פעלד־ראַבינערס. דאָס אַרבעטס־הויז האָט אויסגעאַרבעט שיך, מאַנטלען, קאָסטיומען, ווייבערשע קליידער, טוזשורקעס, זאָקן, טעפּעכער, הענטשקעס, היטלען און פישער־נעצן [5].

### דער מלביש ערומים

פריער איז די אינסטיטוציע „מלביש ערומים" געווען אַן אָפּטיילונג פון „לינת הצדק". אין דער אָקופּאַציע־צייט איז זי געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון פרויען־קאָמיטעט. איבערהויפּט האָט זיך דער „מלביש ערומים" באַשעפטיקט אין באַקליידן און באַשוכן די שול־קינדער פון תלמוד־תורה, פרץ־קינדער־היים, גן ילדים, אָבער אויך פאַר סתם אָרעמעלייט.

5. זען ביאַליסטאָקער זאמלהעפט פון 1917, זז' 88—90.

### דער פקוח נפש

דער „פקוח נפש" איז געווען אַ נייע אָרגאַניזאַציע. איר צוועק איז געווען צו שטיצן קראַנקע מיט זייער נייטיקער פלעגונג. קראַנקע משפחות האָבן באַקומען צו זעקס מאַרק אַ וואָך.

### דער עזרת יתומים[6]

דער וויכטיקסטער אויפטו פון פרויען־קאָמיטעט (דורך דער איניציאַטיוו פון איר פאָרזיצערין ראשעל ראַבינאָוויטש) איז די גרינדונג פון „עזרת יתומים" אין יאָר תרע״ז (דעם 15טן יולי 1917). „עזרת יתומים" איז געבליבן אַ סטאַבילע אינסטיטוציע פון דער יידישער קהילה אין ביאַליסטאָק און איז ווערט מען זאָל באריכות דערציילן וועגן איר.

די גרינדונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע אין דער מלחמה־צייט, פּאַראַלעל צו דער פאַרמלחמהדיקער יתומות־אינסטיטוציע אויף טשענסטאָכאָווסקע גאַס, איז געווען אַ דבר בעתו. די נייע יתומים פון די אומגעקומענע סאָלדאַטן האָבן פאַרגרעסערט די צאָל שוצלאָזע יתומים אויף דער יידישער גאַס. דאָס האָט אַרויסגערופן די נייטיקייט צו גרינדן אַזאַ אַנשטאַלט.

נאָך סוף 1916 זיינען פאַרזאָרגט געוואָרן דורכן פרויען־קאָמיטעט 25 יידישע מלחמה־יתומים אין פּריוואַטע הייזער, מיט דער אונטערשטיצונג פון שטאָט־הויפּטמאַן. אָבער אַז די צאָל יתומים האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן, איז דערוועקט געוואָרן די פראַגע פון אַ באַזונדערן לאָקאַל. האָט דעמאָלט דער שטאָט־הויפּטמאַן באַפוילן אָפּצורוימען די „מיליטער־רעוויר־שטובע" אויף פּאָסט־גאַס נומער 7 (דאָס הויז פון פאַרשטאָרבענעם גרויסן נדבן ר' גרשון העפּנער), וואָס באַשטייט פון צוויי גרויסע הייזער מיט אַ גרויסן גאָרטן, פאַר אַ הויז פאַר יידישע יתומים אין ביאַליסטאָק. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אויך געגעבן די נייטיקע סומע אויף זיין רעמאָנט און אינעווייניקסטן אויסשטאַטן און האָט באַשטימט אונטערשטיצונג פאַר זיין אויסהאַלטונג. דער פעלד־ראַבינער ד״ר ווינטער (ליבעקער רב) האָט אויסגעווירקט ביי דער „אגודת ישראל" אין האַלבערשטאַט אַ מאָנאַטלעכע אונטערשטיצונג פאַר זיין אויסהאַלטונג לויט דער צאָל יתומים. ווען די צאָל יתומים האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 100, האָבן זיך די דאָזיקע אונטערשטיצונגען אויך פאַרגרעסערט.

כדי שפּעטער מער זיך ניט אומצוקערן צו דער ווייטערדיקער געשיכטע פון יתומים־פאַרזאָרגונג, וועלן מיר דאָ ממשיך זיין וועגן דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דעם געביט אויך שפּעטער, אין די 20ער און אין אָנהייב 30ער יאָרן.

ווען די מאַכט איז אַריבער פון דייטש צום פּאָליאַק, האָט דער אַנשטאַלט זיך געפונען אין אַ קריטישן צושטאַנד. האָט די „אגודת ישראל" און דער בערלינער

6. זען ראַשעל ראַבינאָוויטש, „ווי אַזוי איך האָב געשאַפן דעם „עזרת יתומים"", ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, זז' 159—162.

„יידישער הילפספאַראיין", אויף דער פּערזענלעכער השתדלות פון ראַשעל ראַ־בינאָוויטש, געגעבן די נייטיקע הילף. אויך האָט ענדלעך דער ביאַליסטאָקער שטאָטראָט אָנגעהויבן אונטערצושטיצן דעם אַנשטאַלט מיט פּראָדוקטן.

אין 1920 איז געווען גרויס דער צושטראָם פון הילפס־מיטלען פאַר דעם אַנשטאַלט מצד די אַמעריקאַנער אונטערשטיצונגס־געזעלשאַפטן, אויך פון פריי־וואַטע נדבות און דורכן ועד הקהל. גלייכצייטיק איז געזאָרגט געוואָרן פאַר דער דערציאונג פון די יתומים: פאַר די קליינע דורך אַ פרעבל־אָפּטיילונג, פאַר די גרעסערע דורך אָרטיקע יידישע שולן און דורך אַן אייגענעם האַנטווערקער־אָפּטייל.

אין 1921 האָבן זיך דערצויגן אין אַנשטאַלט 122 יתומים אין עלטער פון 8 מאָנאַטן ביז 16 יאָר. אויסער דעם זיינען 52 יתומים אויסגעהאַלטן געוואָרן אין פריוואַטע הייזער.

סוף 1922 האָט דער אַמעריקאַנער דזשאָינט, וואָס פון אים איז ארייננגעפלאָסן די הויפּט־שטיצע פאַר אַלע יידישע יתומים־הייזער פון פוילן, געגרינדעט אין וואַרשע אַ פאַראייניקטן אָרגאַניזאַציע־פאַרבאַנד פאַר אַלע יתומים־הייזער. אין מאַרץ 1923 האָט ער אין ביאַליסטאָק געגרינדעט אַ צענטראַלע, וואָס פאַראייניקט ביידע יתומים־הייזער אונטער איין פאַרוואַלטונג, אונטערן פאָרזיץ פון ראַשעל ראבינאָוויטש, און הייסט פון איצט אָן „ביאַליסטאָקער געזעלשאַפט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג"; ביי 200 יתומים־קינדער ווערן פאַרזאָרגט מיט אַלץ. אויך די דער־ציאונג ווערט מאָדערניזירט. עס ווערט איינגעפירט אַ געהעריקע שפייז־נאָרמע, מעדיציניש אויפזיכט, אַ צענטראַלע קינדער־ביבליאָטעק (ביי 2,000 ביכער) אויך אַ פּופּציק־קעפּיקער קינדער־כאָר. די לערערס אָרגאַניזירן דאָס לעבן אין די אַנשטאַלטן אויף די יסודות פון אַליין־פאַרוואַלטונג.

אין 1926 עפנט דער אַנשטאַלט ביי זיך גופא אַ סטאָליער־וואַרשטאַט, אָבער דערווייל רעדוצירט דער דזשאָינט זיינע סובסידיעס. איז פאָרגעקומען אין שטאָט גופא אַ ווערבירונגס־אַקציע פון מיטגלידער, וואָס האָט פאַרגרעסערט די צאָל פון 800 אויף גאַנצע 1,400 מיט אַ מיטגליד־אָפּצאָל פון 1,800 זלאָטעס אַ חודש, אָבער דער בודזשעט פון דער געזעלשאַפט באַטרעפט 10,000 זלאָטעס.

אין דער זעלביקער צייט ווערט די אַרבעט אינעווייניק מער אַנטוויקלט און אויסגעבעסערט. די אַנשטאַלטן ווערן נאָרמאַליזירט בנוגע דעם עלטער פון די קינדער; אין זייגלינג־היים בלייבן די קינדער נאָר ביזן 3טן יאָר און גייען אַריבער אין „בית־יתומות", דאָרטן זיצן זיי ביזן 10טן יאָר און נאָך דעם קומען זיי אָן אין „עזרת יתומים" וואו זיי פאַרבלייבן ביז זעלבשטענדיקייט.

אויך די פריוואַטע פאַרזאָרגונג פון די האַלבע יתומים, וואָס געפינען זיך ביי קרובים און באַקומען נאָר סובסידיעס, ווערט גרונטיק רעאָרגאַניזירט. אין יאָר 1928 ווערט מיט דער איניציאַטיוו פון דער צענטראַלע געעפנט אַ האַלב־אינטער־נאַט פאַר 50 קינדער צו באַקומען באַשפּייזונג און דערציאונג אויסערן „עזרת

1928 ווערט מיט דער איניציאַטיוו פון דער צענטראַלע געעפנט אַ האַלב־אינטער־נאַט פאַר 50 קינדער צו באַקומען באַשפּייזונג און דערציאונג אויסערן „עזרת

יתומים". אין די זומערן עפנט די געזעלשאַפט האַלב־קאָלאָניעס אין ביאַליסטאָק, אויסער דעם שיקט זי אַ היפשע צאָל יתומים אין איגנאַטקע, טשעכאָטשינעק און אָטוואָצק.

אין יאָר 1929 לייגט פאַר דער מאַגיסטראַט איבערצונעמען דעם בית־יתומים אויפן פולן שטאָטישן אויסהאַלט. נאָך דעם ווי די געזעלשאַפט באַוואָרנט (דורך אַ קוראַטאָריום און דורך אַן אָפּמאַך אויף אַ פּאָר יאָר) דעם יידיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע, ווערט טאַקע דער בית־יתומים צום בודזשעט־יאָר 1931 אַ שטאָטיש יתומים־הויז פאַר יידישע קינדער, און בלייבט שוין אַזוי ביזן היינטיקן טאָג.

אָבער ניט געקוקט אויף דער פאַרלייכטערונג, געפינט זיך ווידער אַ מאָל די געזעלשאַפט אין אַ קאַטאַסטראָפאַלן מצב: דער אָנגעקליבענער דעפיציט (אַרי־בער 6,000 דאָלאַר) דריקט ווי אַ בלייענע משא, בפרט נאָך אַז דער דזשאָינט פאַר־קלענערט איצט זיין סובסידיע ביז אַ מינימום. פרוי ראַבינאָוויטש פאָרט קיין אַמע־ריקע צו די ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט און שאַפט אַ היפשע סומע, אָבער דאָס איז נאָר אַ דערווייליקע פאַרלייכטערונג פאַר דער געזעלשאַפט. דער קריזיס אין פוילן בכלל, און אין ביאַליסטאָק ווי אַן אינדוסטריע־שטאָט בפרט, ווי אויך די איינטרי־קעניש פון די אויסלענדישע מקורים לאָזן מער ניט רעאַליזירן אויך דעם פאַר־קלענערטן בודזשעט. אגב ווערט צו יענער צייט דורכגעפירט אַ דרינגענדיקער, אָבער טייערער רעמאָנט, הגם דער דזשאָינט דעקט דעם גרעסטן טייל פון דער הוצאה, ווערט אָבער פאָרט די לאַגע שווערער.

אין שייכות דערמיט נעמט אונטער אין יאָר 1932 די יידישע קאָלאָ ביים שטאָטראַט אַן אַקציע אַריבערצונעמען אויף שטאָטישן אויסהאַלט אויך דעם „עזרת יתומים". אָבער די געזעלשאַפט, אין דער פּערזאָן פון פרוי ראַבינאָוויטש, האָט געפאָדערט, אַז די שטאָט זאָל פריער דעקן דעם דעפיציט און אויך גאַראַנטירן דעם יידיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע, נעמענדיק אין אַכט, וואָס איצט מוז שוין די געזעלשאַפט אין גאַנצן ליקווידירט ווערן, און זי וועט מער ניט זיין פאַרפליכטעט לגבי דעם מאַגיסטראַט. דערווייל איז דער „עזרת יתומים" צו־ליב דער דינגעניש מיטן שטאָטראַט ניט איבערגענומען געוואָרן. און דער באַ־שטימטער קאָמיסאַר נאָוואַקאָווסקי פירט ניט אויס דעם באַשלוס פון שטאָטראַט איבערצונעמען דעם „עזרת־יתומים" צוליב פאַרמעלע סיבות, באַזונדער צוליב דעם וואָס עס איז ביז דעמאָלט ניט באַשטעטיקט געוואָרן דאָס אייגנטום־רעכט פון דער קהילה אויפן הויז פון „עזרת יתומים". די געזעלשאַפט בלייבט ווייטער עקסיסטירן.

## ד. פאַראיינען פון סוחרים און פון הויזבאַזיצער

### דער „קויפמאַן־פאַראיין"

אויף ווי ווייט דער מסחר איז געווען טעטיק און לעבעדיק אין דער צייט פון דער מלחמה, באַווייזט די גרינדונג און עקסיסטענץ פון „קויפמאַן־פאַראיין" וואָס

האָט פונקציאָנירט די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע און נאָך שפּעטער די ערשטע צייט נאָך דער מלחמה, ביז דער אינוואַזיע פון די באָלשעוויקעס.

דער „קויפמאַן־פאַראיין" איז געגרינדעט געוואָרן סוף 1915. דער פאַראיין האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט; ער האָט געהאַט ביז 500 מיטגלידער מיט אַ קלוב און אַ לייען־זאַל. פון אָנהייב איז ער געווען אין הויז פון סאָלאָווייטשיק, טשענסטאָכאָווסקע גאַס, נאָך דעם — נייוועלט 4, אין געוועזענעם הערשבערגס הויז, שפּעטער אין הויז באַצער, ליפּאָווע (היינט פּילסודסקי) און צום סוף אויף קילינסקע גאַס, הויז אָרמאַן.

מענדל קאַפּלאַן און יצחק אָרלאַנסקי האָבן ביים פאַראיין געשאַפן אַ בוררים־געריכט וואָס איז געווען לעגאַליזירט דורך דער מאַכט, און זיין באַשייד איז אָנערקענט געוואָרן דורך די ריכטער (אויך דער מיליציע־מייסטער ליטערער איז געווען צווישן די ריכטער). דער בוררים־געריכט האָט אויסגעגליכן אַלע סכסוכים צווישן די סוחרים און האָט דעמאָלט געהאַט אַ גרויסע השפעה אין שטאָט. דער ערשטער פאָרזיצער פון פאַראיין איז געווען דאָמבראַצקי און שפּעטער שמואל שטופּלער און וויצע־פאָרזיצער איז געווען מענדל קאַפּלאַן.

דער „קויפמאַן־פאַראיין" האָט געהאַט אַן אונטערשטיצונגס־פאָנד פאַר די סוחרים. דער ביאַליסטאָקער בית־דין האָט זיך באַקלאָגט פאַרן „קויפמאַן־פאַראיין", אַז ער נעמט צו ביי אים אַלע דין־תורות און פאַרקלענערט דערמיט זיין הכנסה. האָט מען גענומען ביי דעם בוררים־געריכט פּסק־געלט פאַרן בית־דין.

ווען די באָלשעוויקעס האָבן בעת דער אינוואַזיע פאַרנומען דעם לאָקאַל און דעם גאַנצן אינווענטאַר, האָט דער פאַראיין צייטווייליק אויפגעהערט צו עקסיסטירן.

### דער בעלי־בתים־פאַראיין

ווי נאָר עס איז דערקלערט געוואָרן די מאָביליזאַציע, האָבן די שכנים לחלוטין אויפגעהערט צאָלן דירה־געלט. דערצו האָבן אַ סך געווירקט די מאָראַטאָריומס (ווייל מייסטנס שכנים פלעגן צאָלן אויף וועקסלען) און אויך דער אָפּזאָג פון די געריכטן אַרויסצוזעצן שכנים מיט געוואַלד. נאָך דעם ווי די געשעפטן אין שטאָט האָבן זיך פאַרבעסערט, און די רייכערע האָבן שוין יאָ געצאָלט, האָבן אָבער טויזנטער אָרעמע ניט געקענט צאָלן זייער דירה־געלד רעגולער. די רייכע וואָס האָבן פאַרלאָזן די שטאָט האָבן דאָך אויך ניט געצאָלט קיין דירה־געלט, אַזוי אַז די בעלי־בתים פון די הייזער האָבן זיך געפונען אין אַ שלעכטן מצב. זייער פּרואוו זיך צו אָרגאַניזירן האָט ניט געהאַט קיין דערפאָלג, ווייל די רוסישע אַדמיניסטראַציע, פאַרלירנדיק דעם קאָפּ פון מלחמה־טומל און ניט האָבנדיק בכלל קיין צוטרוי צו געזעלשאַפטלעכע אויפטועניש, האָט ניט דערלויבט די גרינדונג פון אַ בעלי־בתים־פאַראיין.

מיט דער דייטשער אָקופּאַציע איז די לאַגע פון די הויז־באַזיצערס אין ערשטן מאָמענט געוואָרן אַ שרעקלעך קריטישע. דער גרעסטער טייל פאַרמעגלע־

כע שכנים האָבן פאַרלאָזן זייערע דירות אויף הפקר מיטן גאַנצן ביסל האָב און גוטס. די איבערגעבליבענע שכנים זיינען געווען אָן פאַרדינסטן און אָן פאַר־מעגנס. די דייטשע אַדמיניסטראַציע, איידער זי האָט זיך אָריענטירט, האָט זיך ניט געקענט פאַרנעמען מיט די אינטערעסן פון די בעלי־בתים, הגם פון דער אַנדערער זייט האָט זי געשטעלט זייער גרויסע פאָדערונגען וועגן ריינלעכקייט און אויך גלייך אַרויפגעלייגט אָפּצאָלן לטובת דער שטאָט־פירונג. דירה־געלט איז לחלוטין ניט איינגעמאָנט געוואָרן.

דער איינציקער מיטל פאַר די בעלי־בתים איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע, און אין דעם מיטל האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט.

נאָך פאַרשיידענע פאָרבאַראַטונגען און הכנות האָט דער בעלי־בתים־פאַראיין באַקומען די דערלויבעניש, און דער פאַראיין איז געעפנט געוואָרן דעם 2טן דע־צעמבער 1915. לויטן סטאַטוט איז דער צוועק פון פאַראיין: היטן די אינטע־רעסן פון די הויז־באַזיצערס. פאַרן פאָרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן ה׳ לאַסקי. די צאָל חברים האָט באַטראָפן צוויי הונדערט מיט אַ יערלעכן מיטגליד־אָפּצאָל פון 5 מאַרק (3 מאַרק איינטריט־געלט). דער פאַראיין האָט זיך פאַרנומען מיט אויסגלייכן סכסוכים צווישן די בעלי־בתים אָדער צווישן די שכנים, אָבער דערהויפּט מיטן סכסוך פון דירה־געלט. פאַרן דאָזיקן צוועק האָט עקסיסטירט ביים פאַראיין אַ געריכט דורך פרייע בוררים (ניט דוקא בעלי־בתים), וואָס האָט באַקומען דורכן שטאָט־הויפּטמאַן און דורכן דייטשן געריכט אַ געזעצלעכן כאַ־ראַקטער.

פאַר די שכנים, וואָס פאַרלאָזן די דירות לויטן אורטייל און קענען פאָרט ניט צאָלן קיין דירה־געלט, האָט דער פאַראיין געפונען אומזיסטע דירות אין פאַר־לאָזענע הייזער, וואָס ווערן איבערגעגעבן אָט די שכנים אויף השגחה און פאַר־וואַלטונג. אויף אַזאַ אופן, האָט דער פאַראיין איינגעאָרדנט אין יענער שטיקל צייט אין אומזיסטע דירות 300 משפחות. אָפטמאָל זיינען אַרויסגעקומען פון אַזעלכע אומגעוואונטשענע שכנים אַ סך שטרייטיקייטן און סכסוכים מיט די דאָרטיקע פריערדיקע שכנים, אָבער אַדאַנק דעם אַקטיוון אינטערעסירן זיך מיט דעם ענין מצד דעם אויבער־בירגערמייסטער לאָס און לויט דער השתדלות פון פאַראיין, זיינען אַזעלכע ענינים כמעט שטענדיק אַנטשיידט געוואָרן לטובת די אָרעמע שכנים [7].

## ה. ציוניסטישע טעטיקייטן

### דער ציוניסטישער „מרכז"

באַלד נאָכן איבערנעמען די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט דער דייטשישער שטאָט־הויפּטמאַן פאַרעפנטלעכט אַ מעלדונג, אַז אַלע פאָרשטייערס פון די אינ־

7. זען ביאַליסטאָקער זאַמלהעפט פון 1917, זז׳ 88—90.

סטיטוציעס, פאַראיינען און די געזעלשאַפטן, וואָס עקסיסטירן אין ביאַליסטאָק, זאָלן קומען אין דער שטאָט פאַרוואַלטונג זיך צו רעגיסטרירן.

האָט דער גאַנצער עולם יידישע כלל־טוערס זיך דערפרייט. מען איז געלאָפן רעגיסטרירן אַלע פאַראיינען און אינסטיטוציעס, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זיי־נען צו גרינדן, אָדער זיי האָבן עקסיסטירט קאָנספיראַטיוו, ווייל די רוסישע רעגירונג האָט זיי ניט דערלויבט אָדער גאָר פאַרבאָטן.

איינע פון זיי איז געווען די ציוניסטישע געזעלשאַפט. אמת, זי האָט אפילו עקסיסטירט פון פריער, אָבער אונטער דעם נאָמען — „אָדעסער קאָמיטעט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע אין פאַלעסטינע" און מיטן ציל צו קלייבן מיטגלידער פאַר אים. הכלל, פאַרמעל איז עס געווען אַ באַגרענעצטע און באַשיידענע טעטי־קייט. מיט איר צוזאַמען האָט אויך פונקציאָנירט די חברה „חובבי שפת עבר", וואָס איז געווען די איינציקע נאַציאָנאַלע קולטור־חברה, וואָס איז געווען באַ־שטעטיקט אויך פון דער רוסישער רעגירונג, אָבער וואָס איר לאָקאַל איז גע־שלאָסן געוואָרן נאָך דער מלחמה־מאָביליזאַציע.

נאָך דער רעגיסטראַציע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די איבערגעבליבענע אַלטע ציוניסטן מיט די יונגע צעירי־ציון און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, מע זאָל דינגען אַ לאָקאַל, וואָס זאָל אַרייננעמען אַלע ציוניסטישע אגודות, פאַראייניקט אונטערן נאָמען „מרכז", ווי דאָס האָט שוין עקסיסטירט ביי די וואַרשעווער ציוניסטן.

דעם ערשטן לאָקאַל פון „מרכז" האָט מען געדונגען אין הויז פון פאַלק קעמפּנער, קילינסקי גאַס. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין צענטער, כ"ג אדר תרע"ז, זיינען בייגעווען אַן ערך 300 חברים, אַלטע ציוניסטן און צעירי־ציון. דער לאַנגיאָריקער ציוניסטישער עסקן, דער אַדוואָקאַט לעאָן טרייוויש האָט, עפענענדיק די פאַרזאַמלונג, געמאַכט בכסוי ראש די ברכה „שהחיינו" אויף דעם וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו ווערן אָן אָפּענע, אָפיציעל דערלויבטע און באַשטעטיקטע חברה, מיט אַ באַזונדערן לאָקאַל. נאָך הייסע וויכוחים זיינען אָנגענומען געוואָרן דריי פּראָגראַם־רעזאָלוציעס וועגן דער „געגענוואַרט־אַר־בעט", און עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון צוועלף חברים מיט אַ רעווידיר־קאָמיסיע.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרנומען די גאַנצע צייט דערהויפּט מיט פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט און מיט געלט־זאַמלונגען פאַר קרן קימת א. אנד. אָבער די הויפּטאַרבעטער אויפן געביט פון פּראָפּאַגאַנדע דאָ און אין די אַרומיקע שטעטלעך זיינען געווען די צעירי־ציון, וואָס זיינען דעמאָלט געווען פאַראייניקט מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן. פון זייערע רייען זיינען אויפגעקומען גרויסע עסקנים און טיכטיקע רעדנערס. דער בעסטער רעדנער איז צווישן זיי געווען דער איצט באַקאַנטער געלערנטער, דעמאָלט אַ 20־יאָריקער בחור פון די גולי גראַיעווע, ד"ר שמעון ראַווידאָוויטש. ער האָט אָפּט געהאַלטן העברעאישע און יידישע רעדעס

אין „מרכז" און אויך פאַר גרעסערע אוידיטאָריעס אין „פּאַלאַס"־טעאַטער. ער האָט אויך געלערנט העברעאיש מיט מערערע גרופּעס.

עס זיינען דעמאָלט געווען אין ביאַליסטאָק עטלעכע וויכטיקע ציוניסטן פון בערלין: האַנס גאָסלאַר, מיניסטעריאַל־ראַט און פּרעסע־שעף; הערמאַן שטרוק, דער באַקאַנטער קינסטלער, ד"ר גראָנעמאַן, דער באַקאַנטער קאָנגרעס־ר־כטער, און ד"ר ווילהעלם לעווי, אַ בערלינער ראַבינער. זיי האָבן אונטערגעשטיצט, ווי ווייט זיי האָבן געקענט, די היגע ציוניסטישע טעטיקייט.

### באַנייאונג פון חובבי שפת עבר

אין „מרכז" איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַזונדערער אָרט פאַר דער חברה חובבי שפת עבר, וואָס האָט באַנייט איר אַלטע טעטיקייט. מען האָט ווידער איינגעאָרדנט העברעאישע לעקציעס, רעפעראַטן, רעדעס און שיחות פון די חברים אויף היסטאָרישע און ליטעראַרישע טעמעס. עס פלעגט אויך געלייענט ווערן אַ צוויי־וואָכיקער זשורנאַל מיט דער באַטייליקונג פון עטלעכע באַדייטנדיקע ליטעראַרישע כוחות. עס האָט גוט פונקציאָנירט די ביבליאָטעק, וואָס אירע לייענערס האָבן זיך פון מאָל צו מאָל פאַרגרעסערט. מען האָט אויפגעפּפנט אַ קליינע, נאָר זייער שיינע בינע מיטן נאָמען „הבמה העברית", וואָס אויף איר פלעגן אויפגעפירט ווערן העברעאישע איינאַקטערס און גרעסערע פּיעסעס. דריי מאָל האָט מען אפילו איינגעאָרדנט גרויסע עפנטלעכע העברעאישע אויפפירונגען אין „פּאַלאַס"־טעאַטער („צעזייט און צעשפּרייט", „שמע ישראל" און „דער אומבאַקאַנטער"). אין לאָקאַל פון „מרכז" האָט מען זייער אָפט דורכגעפירט פאַרשיידענע פאַרוויילונגס־אָוונטן, מיט אַ נאַציאָנאַלער באַפאַרבונג, מיט העברעאישע און יידישע פּראָגראַמען [8].

דאָך קען מען ניט פאַרגלייכן די טעטיקייט פון דער חברה „חובבי שפת עבר" אין דער צייט פון אָקופּאַציע צו די „חובבי שפת עבר" פאַר דער מלחמה, ניט מיט דער צאָל מיטגלידער און ניט מיט די פיל גרעסערע, געבילדעטערע און אַנטוויקלטערע אוידיטאָריעס. שפּעטער איז די חברה אין ביאַליסטאָק אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען, ווי אין אַלע אַנדערע ערטער, ווייל אין משך פון דער צייט איז, פון איין זייט, דאָס העברעאיש רעדן געוואָרן שטאַרק פאַרשפּרייט דורך די תרבות־שולן און גלייכצייטיק שטאַרק פאַרפלאַכט; פון דער צווייטער זייט אָבער האָט די מלחמה מיט אירע קאַטאַסטראָפאַלע פּועל־יוצאס פאַרן יידישן עקאָנאָמישן צושטאַנד דערוויטערט דעם נייעם דור פון אַלע ערנסטע, וויסנשאַפטלעכע, היסטאָרישע און ליטעראַרישע פאָרשונגען. מען האָט זיך אויפגעהערט מיט זיי צו אינטערעסירן און צו האָבן פאַר זיי פאַרשטענדעניש. עס האָבן גענומען די אייבערהאַנט די פּאַרטייאישע אַגיטאַציע־רעדעס, האָט מען דעריבער אויפגעהערט לייענען און לערנען ערנסטע ספרים.

אין פרילינג 1917 האָט די דייטשע אַדמיניסטראַציע פאַרנומען דעם „מרכז" פאַר אַ נייער יידיש־דייטשער פאָלקשול. פון דעמאָלט אָן האָט די ציוניסטישע אָר־

8. זען פּסח קאַפּלאַן, „די געזעלשאַפטלעכקייט אין ביאַליסטאָק", ביאַליסטאָקער זאַמל־העפט, זז' 55—60. די אַרבעט האָט אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט, ווייל פון דער אָקופּאַציע־צייט געפינט זיך געדרוקט נאָר די איינציקע אָביעקטיווע שילדערונג.

גאַניזאַציע געמוזט באַגרענעצן איר טעטיקייט, ווייל זי האָט מער ניט באַקומען אַזאַ גרויסן לאָקאַל [9]. דער לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע איז נאָך דעם געווען אין דעם שכנישן הויז (געוו. פּ. איין) אין 3 צימערן, שפּעטער איז ער אַריבערגעצויגן אין רינקאָווסקיס הויז אויף טשענסטאָכאָווסקי גאַס, נאָך דעם אין ליפּשיצעס הויז אויף מאַרק־גאַס און שפּעטער אין ראָג, אין מאַגיסטראַט הויז. אָבער די אָנקומענדיקע פּולישע מאַכט האָט ניט דערלויבט, אַז עס זאָל דאָרטן בלייבן דער „מרכז". מיט אַ העברעאישן גרויסן שילד אָנטקעגן דעם קאָשטשאָל. האָבן די ציוניסטן געדונגען דעם ליידיק געוואָרענעם (נאָך דעם ווי די דייטשע מאַכט האָט פאַרלאָזן) גרויסן לאָקאַל אין הויז פון יאַקאָב ראָזענטאַל, מאַרק גאַס 13, דעם גאַנצן ערשטן שטאָק, 9 צימערן, פאַר 600 מאַרק מאָנאַטלעך. אַהין איז דער „מרכז" אַריין דעם 1טן אַפּריל 1919. דער לאָקאַל האָט באַקומען אַ נייעם נאָמען „בית עם", מיט אַ גרויסן שרייענדיקן שילד אויפן באַלקאָן אין מיטן שטאָט. דער „בית־עם" האָט זיך דאָרט געפונען ביז 1930, ווען ער איז אַריבער אין וואַרנהאָלצס פּאַסאַזש, וואו ער געפינט זיך איצט [1933].

פאַרשיידענע העברעאישע קורסן

די צעירי־ציון האָבן פאַרשפּרייט אַ גאַנצע נעץ העברעאישע קורסן צו לערנען מיט דערוואַקסענע יינגלעך און מיידלעך די העברעאישע שפּראַך. העברעאיש און דאָרטן ניט בלויז געלערנט, נאָר אויך קולטיווירט געוואָרן אַזוי, אַז עס איז ניט זעלטן געווען צו טרעפן יונגעלייט, וואָס האָבן גערעדט אין גאַס העברעאיש [10]. דערהויפּט איז געווען באַקאַנט אין שטאָט מיט זיינע העברעאישע קורסן שמעון ראַווידאָוויטש.

די העברעאישע פרעבל־שול „ילדות" און אַנדערע קינדער־גאָרטנס

דער אויפגעוועקטער אינטערעס צו העברעאיש האָט זיך אָבער דער עיקר אויסגעדריקט אין פאַרלייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ שול־סיסטעם אויף דער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך. אַ וויכטיקער טריט דערצו איז געווען דאָס שאַפן די העברעאישע פרעבל־שול „ילדות", באַלד ווי דער דייטש איז אַריין אין ביאַליסטאָק, אין לערן־יאָר 1915—1916. די רוסישע מאַכט האָט אויף אַזאַ שול קיין דערלויבע־

9. אין דעם האָט געווים געהאַט אַ יד דער דעמאָלטדיקער אַנטיסעמיטישער מיליציע־מייסטער ליטערער, וואָס דער „מרכז" איז אים געווען אַ דאָרן אין אויג. איין מאָל האָט מיך געשיקט רופן דער שטאָט־הויפּטמאַן ד"ר לעהמאַן און פרעגט מיך: צי איז עס ריכטיק, וואָס עס האָט איבערגעגעבן ליטערער, אַז אין „מרכז" קומען פאַר אומאָנשטענדיקע צונויפקומענישן פון דער יוגנט פון ביידע געשלעכטער? האָב איך אים געענטפערט, אַז דאָס זאָגט ער לויט זיינע באַגריפן פון אַזעלכע צוזאַמענקומען אין זיינע קרייזן, ווייל ער קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ יוגנט זאָל זיך צוזאַמענקומען צום הערן און צו האַלטן פאָרלעזונגען, רעפעראַטן וועגן געשיכטלעכע, פילאָזאָפישע און ליטעראַרישע טעמעס, ווי אין „מרכז". האָט ליטערער דעמאָלט גאָרניט געפועלט, האָט ער זיך אַן עצה געגעבן אויף אַן אַנדער אויפן.

10. פּסח קאַפּלאַן, „די געזעלשאַפטלעכקייט אין ביאַליסטאָק", דאָרטן.

ניש ניט געגעבן. די שול איז געגרינדעט געוואָרן פון אָנפאַנג מיט אַ פּרעבליסטקע (איצט [1933—34] מאַדאַם חזן) אויף ליפּאָווע גאַס (פּילסודסקי 34), און נאָך דעם איז זי איבערגעגאַנגען אין נעמצאָוויטשעס הויז (סווענטאָ ראָך גאַס). און אַז עס איז פריי געוואָרן דאָס הויז פון וויסאָצקיס ת״ת, איז די העברעאישע פּרעבל־שול אַריין אין אונטערשטן עטאַזש. זי האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ גרויסער שול מיט 3 פּרעבליסטקעס. זי עקסיסטירט ביז היינט און גרייט צו — איבערהויפּט אָרעמע קינדער — צו די העברעאישע תרבות־שולן. דאָרט פלעגן די קינדער באַקומען אויך עסן.

נאָך איר איז געגרינדעט געוואָרן אויף יוראָווצער גאַס דער „גן יחיאל״ אויפן נאָמען פון ד״ר יחיאל טשלענאָוו. אין די יאָרן 1919—1920 האָט אויך עקסיסטירט דער „גן הרצליה״.

### די העברעאישע נאָכמיטאָג־שול

יידישע קינדער האָבן פאַרמיטאָג זיך געלערנט אין די דייטשע צוואַנגשולן. די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע שטרעמונג האָט זיכער ניט געקענט באַטראַכטן אַזאַ דערציאונג פאַר גענוג יידיש־נאַציאָנאַל. איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו דער־גאַנצן די אַרויפגעצוואונגענע דייטשע שול דורך אַ פרייוויליקער נאָכמיטאָג־שול. דאָס איז געווען אַ נייער עקספּערימענט.

די נאָכמיטאָג־שול, דער „בית ספר עברי של אחר הצהרים״, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1916, אויף שלאַכצקי 3, אין בנין פון לומדי ש״ס. אין אָט דער שול האָבן געלערנט 175 קינדער. זיי האָבן געלערנט העברעאיש און יידישע לימודים. דער שכר־לימוד איז געווען זייער אַ קליינער, סך־הכל 1 מאַרק אַ חודש. 60 קינדער האָבן געלערנט אינגאַנצן אומזיסט. דער ועד הקהל האָט דער שול געגעבן אין יוני 1917 — 300 מאַרק און אין אַפּריל 1918 — ווידער 300 מאַרק. אַ געוויסע צייט, ווען דער בנין פון „לומדי ש״ס״ איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט פאַר אירע צוואַנגשולן, איז די שול געווען אויף סענקעוויטשאַ 174, הויז סעגאַל, אָבער נאָך דעם ווי דאָס הויז פון „לומדי־ש״ס״ איז אויף דער השתדלות פון ליפּע פּאַט באַפרייט געוואָרן פון די דייטשע צוואַנגשולן, איז די העברעאישע נאָכ־מיטאָג־שול ווידער אַריין דאָ, שוין אויף דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע.

### פּעדאַגאָגישע קורסן

אין 1918 האָבן די צעירי־ציון געגרינדעט פּעדאַגאָגישע קורסן צוצוגרייטן העבראישע לערערס און לערערינס. אין אָנהייב זיינען געווען אויף די קורסן אַ פּאָר צענדליק יונגע לומדים פון שטאָטישן קיבוץ, צווישן זיי עטלעכע מוסמכים. אָבער איבער די תרעומות פון די פרומע יידן אויף דעם, וואָס זיי לערנען צוזאַמען מיט שילערינס, האָבן זיי פאַרלאָזן די קורסן. געלערנט האָט מען דאָרט תנ״ך, יידישע וויסנשאַפט און ארץ־ישראל־געאָגראַפיע (א. ש. הערשבערג), העברעאישע אַלטע און נייע ליטעראַטור און יידישע געשיכטע (ש. ראַווידאָוויטש), פּסיכאָלאָגיע

(ברוך ראָזענטאַל), פעדאַגאָגיק (הערמאַן פראַנק), פרעבעליסטיק (פר׳ אַנאַ האַל־פערן). עס זיינען געווען נאָך עטלעכע לערערס אויף די איבעריקע לימודים און גימנאַסטיק. אין אָנהייב, ביי די דייטשן, האָט מען געלערנט אין לאָקאַל פון „לומדי ש״ס״, און אַז דער דייטש איז אָפּגעטרעטן, — אין וויסאָצקיס ת״ת.

די באַוועגונג צו גרינדן העברעאישע שולן

גלייך ווי די דייטשן זיינען אָפּגעטרעטן און איידער ביאַליסטאָק איז פאַר־נומען געוואָרן פון די פּאָליאַקן, אָט אין יענער בין השמשות־צייט, איז צייטיק גע־וואָרן ביי די צעירי־ציון די באַוועגונג צו גרינדן פולקומע העברעאישע פאָלקשולן מיט דער העברעאישער לימודים־שפּראַך. ראשית כל האָט מען די נאָכמיטאָג־שול פאַרוואַנדלט אין אַ נאָרמאַלער, פולער שול אונטערן נאָמען „בית ספר עברי ראשון״. פּרטים וועגן דער שול און איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג גיבן מיר איבער שפּעטער, ווען מיר דערציילן בכלל וועגן שולן פון אַלע ריכטונגען.

אָנהייב פרילינג 1919 האָט מען שוין געעפנט אַ צווייטע העברעאישע שול, אין לאָקאַל פון דער געוועזענער וויסאָצקיס ת״ת (ליפּאָווע, פּילסודסקי 41). אָבער אין גיכן איז אין אָט דער שול פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און די שול איז איבער־געבויט געוואָרן אין אַ יידיש־העברעאישער שול אונטערן נאָמען „גנעסין־שול״. די לערנשפּראַך איז געווען יידיש, אָבער מען האָט געלערנט העברעאיש און יידישע לימודים אין אַ גרויסער מאָס און דער גייסט פון דער שול איז געווען אַ נאַ־ציאָנאַלער. די שול האָט עקסיסטירט ביז די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזן ביאַ־ליסטאָק (דעם 22סטן אויגוסט 1920). אַז די שול איז צייטווייליק בטל געוואָרן האָט דעמאָלט פאַרנומען איר לאָקאַל, איבער גוואַלד, דער „בית ספר עברי ראשון״. די שול איז אַריבער אין „בית עם״. זי האָט זיך געפונען אונטער דער הנהלה פון ל. חזן. זי האָט עקסיסטירט ביזן סוף פון לערניאָר 1921—22. אין זומער 1922 האָט די „גנעסין־שול״ זיך געמוזט שליסן אויף שטענדיק, וואָרעם זי האָט פאַרלאָרן איר דירה: די פּוילישע מאַכט האָט ניט דערלויבט צו האָבן אַ שול אין דעם „בית־עם״. אויף אַזאַ אופן האָט זיך פאַרענדיקט דער פּרוּוו צו שאַפן אַ שול וואָס זאָל זיין אַ פּשרה צווישן דער ריין העברעאיסטישער און דער ריין יידישיסטישער ריכטונג.

אין זומער 1920 האָבן די ציוניסטן געעפנט אַ דריטע העברעאישע שול, אויף סענקעוויטשאַ 74, אין הויז סעגאַל.

## ו. אין די לינקע קרייזן

ווי נאָר דער עולם האָט זיך צוגעוואוינט צום הונגערן, ווי נאָר מען האָט זיך ווי ביט איז איינגעלעבט מיטן דייטש און מען האָט אויפגעהערט אַזוי שטאַרק צו ציטערן פאַר אים, — האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן דער יוגנט וואָס איז געווען ראַדיקאַל געשטימט. די באַוועגונג האָט אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען.

פון איין זייט האָט זי זיך אויסגעדריקט אין אַריינטאָן זיך אין דער אַליין־הילף, אין שאַפן די אַרבעטער־קיך און אין טעטיקייטן ארום איר, אין זאָרגן וועגן איר, אין קעמפן פאַר איר אאז״וו. פון דער צווייטער זייט איז געוואָרן לעבעדיק די אַרבעט אויפן קולטורעלן געביט. מען האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר אליין־בילדונג און מען האָט אין די מלחמה־יאָרן געלייגט דעם יסוד פאַר דער ידישיסטישער שול (וועגן דעם שפּעטער, אין קאַפּיטל צוועלף). עס איז אויך געוואָרן לעבעדיקער אין דער פאַרטייאישער אַרבעט.

עס זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים דער „בונד״, און די פּועלי־ציון, און די ס״ס. עס איז געווען פאַר זיי אַ מעגלעכקייט צו טאָן זייער אַרבעט האַלב אָפן. מען האָט אונטערן דייטש געקענט אַ סך גרינגער ווי אונטערן רוס קומען צום וואָרט, ווייל מען האָט געקענט איינאָרדענען אָפטע רעפעראַטן און דיסקוסיעס וועגן געזעלשאַפטלעכע און אוודאי וועגן קולטורעלע פּראָגעס.

די יאָרן פון מלחמה זיינען געווען יאָרן ווען עס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן די לינקע פאַרטייאישקייט. זי האָט זיך אויף אַזאַ אופן געקענט צוגרייטן צו דער ראָלע וואָס זי האָט געשפּילט, ווי נאָר עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. אין די מלחמה־יאָרן האָבן די שפּעטערדיקע פירערס פון די לינקע גרופּירונגען זיך געלערנט זיין די רעדנערס, די פּראָפּאַגאַנדיסטן און די פאַרזאָר־גערס פון זייערע מאַסן. און מע מוז גלייך מוסיף זיין: די לינקע פאַרטייען האָבן באמת געזאָרגט וועגן זייערע מיטגלידער, הן וועגן זייער עקאָנאָמישער לאַגע הן וועגן זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג. אין דעם פּרט זיינען זיי געווען אַנדערש ווי די ציוניסטישע פאַרטייען וואָס האָבן געדאַרפט פריער פון אַלץ האָבן אין זי־נען די אַלגעמיינע יידישע צילן און דעם ציוניסטישן אידעאַל.

דער אָנפאַל אויפן ועד־הקהל

דער ועד־הקהל, וואָס וועגן זיין טעטיקייט ווערט דערציילט באריכות אין ווייטערדיקן קאַפּיטל, האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשיידן אין צעטיילן הילפסמיטלען צווישן די רעכטע און לינקע פאַרטייען. אדרבה, אין דער צייט, וואָס דער ועד הקהל האָט ניט אויסגעשלאָסן די לינקע פאַרטייען פון זיך צו באַנוצן מיט אַלע אַלגעמיינע פילאַנטראָפּישע הילפסמיטלען פון דער קהילה, גלייך מיט אַלע נויט־באַדערפטיקע, — האָט ער זיי אויסער דעם געשטיצט ביי דער גרינדונג און אויס־האַלטונג פון אַ באַזונדערער אַרבעטער־קיך. אויסער פון זיין קאַסע, האָט דער ועד הקהל אויך אויסגעפּועלט אַן אונטערשטיצונג פון שטאָט־הויפּטמאַן. אויך האָט ער געגעבן די גאַנצע צייט שטיצע דעם פרץ־קינדערהיים, דעם יוגנט־פאַראיין.

אָבער איצט ווען דער ועד־הקהל האָט זיך אַליין געפונען אין אַ קריזיס, האָט ער געמוזט אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן אונטערשטיצונגען אַ ל ע אַנ־שטאַלטן און בתוכם דער אַרבעטער־קיך די 700 מאַרק מאָנאַטלעך. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אויך אָפּגעשטעלט זיינע 1,900 מאַרק.

האָבן די פאָרשטייערס פון אַרבעטער־קיך דעם 5טן אָקטאָבער 1917 אין דער

פרי געשיקט אַ גרופּע אַרבעטער פון אַן ערך 100 פּערזאָן מענער און פרויען פון פאַרשיידענעם עלטער און פאַך. זיי זיינען אָנגעפאַלן אויפן ועד הקהל מיט זידלע־רייען און סטראַשונקעס. זיי האָבן געפאָדערט תיכף אויסצוצאָלן די 4,000 מאַרק חובות און די מאָנאַטלעכע אויסהאַלטונג פון עטלעכע טויזנט מאַרק פאַר דער אַר־בעטער־קיך. זיי האָבן געטענהט אַז די אַרבעטער שטייען העכער פאַר די זקנים און קאַליקעס פון מושב־זקנים און הקדש און די איבעריקע אָרעמע פון שטאָט, ווייל די אַרבעטער זיינען דער וויכטיקסטער און חשובסטער טייל פון דער באַפעלקערונג.

אין דער קאָמענדאַנטור האָט מען זיך דערוואוסט וועגן דער אַרבעטער־דעמאָנ־סטראַציע. אָבער אַז עס זיינען אָנגעקומען אירע זשאַנדאַרמען, איז שוין קיינער ניט געווען. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט געשיקט רופן פריער א. טיקטינען און נאָך דעם מיך נאָכצופרעגן זיך, ווער זיינען געווען די דעמאָנסטראַנטן. האָבן מיר ביידע געענטפערט, ווי דער אמת איז געווען, אַז דאָס זיינען געווען אַ המון פּראָלע־טאַריער, וואָס מיר קענען זיי ניט.

אויף דער זיצונג וואָס א. טיקטין האָט זיי צוגעזאָגט צו רופן אויף מאָרגן, דעם 6טן אָקטאָבער 1917, איז באַשלאָסן געוואָרן מיט 12 קעגן 6 שטימען צו געבן דער אַרבעטער־קיך 300 מאַרק און דער לערער־קיך 100 מאַרק מאָנאַטלעך.

### די פּראָקלאַמאַציע קעגן דער דייטשער מאַכט

באַלד נאָך דעם האָט דער „בונד" פאַרשפּרייט אַ פּראָקלאַמאַציע אין שטאָט קעגן דער שלעכטער טעטיקייט פון דער דייטשער מאַכט אין ביאַליסטאָק. דאָס איז על־כל־פּנים געווען אַ געפערלעכע האַנדלונג אין מלחמה־צייט אין אַן אָקופּירטער שטאָט. די שטרענגע און אכזריותדיקע מאַכט פון דער דייטשישער מיליטערישער אָקופּאַציע האָט גלייך רעאַגירט. די גאַנצע יידישע קהילה איז איצט געווען אין אַ סכנה.

דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט תיכף אין דער פרי געשיקט רופן פריער א. טיקטינען און נאָך דעם מיך און האָט אונדז געמאָלדן, אַז די מיליטער־מאַכט וויל אַרויפלייגן אויף דער יידישער קהילה אַ קאָנטריבוציע פון 300,000 מאַרק. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז דערמיט וועט ער דערפילן די כוונה פון די, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די פּראָקלאַמאַציע און וואָס ווילן דערוועקן אַן אומצופרידנקייט אין שטאָט מיט דער דייטשער מאַכט.

מיר האָבן געמערקט פון אונדזערע ביזאיצטיקע אונטערהאַנדלונגען מיט דער דייטשישער מאַכט אַז די גאַנצע צייט וויל זי דאָס ניט, ווייל זי האָט גערעכנט מיט אַן אמת צו אַנעקסירן די גאַנצע געגנט. האָט מען די קאָנטריבוציע ניט אַרויפגעלייגט.

אַז איך האָב געפרעגט דעם שטאָט־הויפּטמאַן, פאַרוואָס איז דער כעס נאָר אויף יידן, עס זיינען דאָך גלייכצייטיק פאַרשפּרייט געוואָרן אויך פּוילישע פּראָקלאַמאַציעס, האָט ער געענטפערט, אַז די פּאָליאַקן האָבן אָנגעוויזן, אַז זייער שלעכט געשריבענער פּויליש באַווייזט, אַז אויך די פּוילישע פּראָקלאַמאַציעס זיינען אַ יידיש שטיקל אַרבעט. האָב איך אים געענטפערט, אַז דאָס באַווייזט

גראַד פאַרקערט: די היגע יידן קענען קיין וואָרט פויליש ניט שרייבן, און די היגע פּאָליאַקן פון המון האָבן אויך פאַרגעסן פויליש און שרייבן אַ פאַרגרייזטן שלעכטן פויליש.

מען האָט געוואָלט ביי אונדז דערגיין, ווער די מחברים זיינען. האָבן מיר גע־זאָגט, אַז ביי די לינקע איז אַלץ קאָנספּיראַטיוו, און מיר קענען דאָס בשום אופן ניט וויסן. במשך פון שמועס האָט דער שטאָט־הויפּטמאַן געזאָגט, אַז די מאַכט האָט סיי ווי שפּיאָנען צווישן די לינקע אַליין. ער וועט שוין דאָס דערגיין. און באמת האָט ער תיכף איינגעזעצט דריי פאַרשטייערס פון „בונד": י. וואַקס,* י. עקשטיין און א. קלאַטשקאָ, דעם זון פון אויבער־שמש פון בית־מדרש הגבוה.** מ'האָט זיי פאַרשיקט אין געפאַנגען־לאַגער האַרעלבערג, פון וואַנען זיי זיינען באַפרייט גע־וואָרן נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע דעם 14טן נאָוועמבער 1918.

די שטימונג קעגן ועד הקהל

אויך פריער האָט מען אין די לינקע קרייזן געהאַט זייער אַ שלעכטע באַציאונג צום ועד הקהל. איצט אָבער, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרשיקט די דריי בונ־דישע פאַרשטייערס איז די שטימונג קעגן ועד הקהל געוואָרן גאָר אַ פאַרביטערטע. מען האָט געהעצט קעגן אים, פונקט ווי ער וואָלט געווען שולדיק אין דעם וואָס די אָקופּאַציע־מאַכט נעמט אָן דראַקאָנישע מיטלען קעגן די וואָס טרעטן אַרויס קעגן איר, אָדער וואָס זי איז זיי חושד אין אַרויסטרעטן קעגן איר.

דער ועד הקהל איז געוואָרן אַ „צילברעט פון שפּאָט און דערנידערונג". די טוערס פון ועד הקהל האָבן אַוועקגעגעבן זייערע כוחות און זייער געזונט גראַד פאַר די שיכטן, וואָס זייערע פאַרשטייערס האָבן געהאַט אַ טבע צו קומען מיט שטענדיקע טענות און וואָס האָבן ניט געוואָלט זען די פּאָזיטיווע אַרבעט לטובת די אָרעמע שיכטן פון דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג (וועגן דער אַרבעט זייער גע־נוי אין קאַפּיטל צען).

## ז. דער אויפגעוועקטער דראַנג צו קונסט

די אָקופּאַציע־צייט איז אין אַ סך פּרטים געווען זייער אַ שווערע תקופה, באַ־זונדערס פאַר דער יוגנט. אָבער גראַד אין אָט דער צייט איז די גאַנצע אינטעליגענ־טע און האַלב־אינטעליגענטע יוגנט געווען זייער ענערגיש און לעבעדיק. באַלד פון אָנהייב אָקופּאַציע און ביזן סוף פון די אָקופּאַציע־טעג איז די יידישע יוגנט אַרומ־געכאַפּט געוואָרן פון אַ נייעם דראַנג, פון אַ דראַנג צו פאַרשיידענע פאָרמען פון

*) [יעקב וואַקס איז היינט אין מעלבורן (אויסטראַליע). גענויער וועגן אים זען: ד ו ד ק ל ע מ ע נ ט י נ אָ ו ו ס ק י „די משפּחה סוראַזסקי" אין ביאַליסטאָקער שטימע, 1950. פּסח־נומער 257.

**) אַלטער קליאַטשקאָ איז היינט אין ניו יאָרק. זיין פאָטער ר' ישעיה קליאַטשקאָ, געבוירן אין בריסק איז געקומען קיין ביאַליסטאָק 1884 און איז געוואָרן רבי פון פּולקאָ־וואיען ביהמ"ד. ער איז געשטאָרבן דעם 10טן יאַנואַר 1941 אין עלטער פון 80 יאָר. זיין פּרוי עטל איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָק פון די נאַציס. — די אַרויסגעבער]

קונסט (חוץ אפשר דער פּלאַסטישער קונסט, מאָלעריי און סקולפּטור). עס איז גע־וואַקסן דאָס געפיל פאַר קונסט כמעט אין אַלע אירע צווייגן.

דאָס זעלביקע זאָל האָבן זיך אַרויסגעוויזן אויך אין אַנדערע ערטער, אָבער די ביאַליסטאָקער יוגנט איז באמת געווען אַרומגעכאַפּט פון אַ באַגער זיך אויסצולעבן דורך עפּעס אַ שאַטירונג פון דער קונסט.

די יידישע יוגנט איז געווען לעבעדיק־פרייליך. זי האָט געהאַלטן אין איין זינגען, אין איין טאַנצן, אין איין שפּילן טעאַטער, פּונקט ווי עס וואָלטן געווען מי יודע וואָסערע זאַטע, רואיקע, גליקלעכע יאָרן.

דאָס איז געווען אַן אויסטערלישע דערשיינונג. עס האָט אויסגעזען ענלעך, ווען אפילו אין ווייטסטן זינען, צו דער שילדערונג פון תלמוד צום חורבן פון טור מלכא: „וקטלו בה תלתא יומי ותלתא לילותא ובהך גיסא הלולו וחגגו ולא הוי ידעי הני בהני" (ג י ט י ן, נ"ז, ע"א) — „און מ'האָט אין איר געהרגעט 3 טעג און 3 נעכט, אין דער צווייטער זייט, זיינען געווען הוליאַנקעס און טענץ, און זיי האָבן ניט געוואוסט איינע פון די אַנדערע". אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעל־קערונג האָט געהונגערט, געקרענקט און זיך שטאַרק געפּלאָגט, און אַ טייל פון איר, דערהויפּט די יוגנט, האָט געמאַכט הוליאַנקעס, טענץ און געשפּילט טעאַטער.

די דאָזיקע אויפפאַלנדיקע דערשיינונג דערקלערט זיך מיט פאַרשיידענע סיבות. ערשטנס האָט די גאַנצע איבערגעבליבענע אינטעליגענציע פון דער יידישער באַ־פעלקערונג ניט געהאַט קיין שום אַנדערע גייסטיקע באַשעפטיקונגען. די רוסישע ליטעראַטור, וואָס אויף איר איז זי דערצויגן געוואָרן, איז פון איר אָפּגעריסן גע־וואָרן, אויך האָט זי אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיט איר. אין שטאָט האָט זיך געפונען נאָר איין דייטשישע בוכהאַנדלונג, נאָך אַ גאַנץ פרעמדע פאַר איר. קיין אייראָפּעאישע און יידישע צייטונגען, אויסער אַ קליינער יידיש־דייטשער צייטונג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, איז ניט געווען. די גאַנצע לערנענדיקע יוגנט, וואָס איז איבערגעבליבן אין שטאָט, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין מיטן איר ניט־פאַרענדיק־טער דערציאונג. מען האָט ניט געקענט ווייטער שטודירן.

אויך די אַלע יונגע אינטעליגענטע אָנגעשטעלטע פון אַלע גרעסערע און מיטע־לערע פירמעס, וואָס זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד, זיינען געבליבן אָן אַרבעט און באַ־שעפטיקונג. עס זיינען געבליבן בלויז עטלעכע פון די געלערנטע יידישע אינטעלי־גענטן אויף צו האַלטן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן. עכט פּאָליטישע אַר־בעטן פון סאָציאַליסטישע פאַרטייען זיינען אויך געווען אָפּגעשטעלט.

צווייטנס, האָט די דייטשע מאַכט געעפנט טיר און טויער אָן שום באַגרענעצונ־גען, פאַר אַלע גייסטיקע באַשעפטיקונגען און בתוכם פאַר דער יידישער קונסט. אויף יידיש איז געווען דערלויבט צו האַלטן רעפעראַטן און צו שפּילן טעאַטער, די יוגנט איז געווען אין גאַנצן נאַציאָנאַליסטיש־פּאָלקסטימלעך געשטימט. זי האָט זיך געפונען דעמאָלט אויפן שיידוועג, אָן אַ שום פרעמדער השפעה. ביי איר איז די יידישע מוטערשפּראַך, און ביי אַ קליינעם טייל ביי ציוניסטן אויך די העברעאישע שפּראַך, זייער באַליבט און היימיש געוואָרן. אין גאַס, אין געזעלשאַפט האָט מען גערעדט נאָר יידיש. האָט זיך די יוגנט גענומען צו האַלטן פאַרלעזונגען אויף יידיש,

אַ ביסל אויך אויף העברעאיש, און צו עפּענען שולן מייסטנס אויף יידיש און אויך אויף העברעאיש.

און דער עיקר האָט זיך די יוגנט גענומען צו שפּילן טעאַטער אויף יידיש. דאָס האָט זיך שטאַרק איינגעגעבן, ווייל קיין קאָנקורענץ פון אַנדערע שפּראַכן האָבן זיי ניט געהאָט.

עס זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן ליבהאָבער־גרופּעס פון דער סצענישער קונסט, און עס האָבן זיך געפונען אָרטיקע פּראָוויזאָרישע פּאַרפאָסערס פון יידישע קאָמעדיעס און פּאַרסן. עס האָבן זיך אפילו געפונען צווישן די אַרטיסטן־ליבהאָבערס אויך איינצלנע ערנסטע קרעפטן, וואָס האָבן זיך געקענט אַנטוויקלען שפּעטער אין גוטע אַרטיסטן. אָבער פון דער גאַנצער סטיכישער קונסט־באַוועגונג איז גאָר ניט געוואָרן, ווי נאָר דאָס לעבן איז אַריין צוריק, תיכף נאָך דער מלחמה, אין נאָרמאַ־לן צושטאַנד.

אָבער דעמאָלט, בשעת די קונסט־באַוועגונג האָט עקסיסטירט, האָט זי אירע אַלע עסקנים אַזוי באַרוישט, אַז זיי האָבן גערעכנט, אַז זיי טוען אַן ערנסטע, סטאַבילע אַרבעט און זיי וועלן פּאַרשפּרייטן קונסט אין ביאַליסטאָק, און זיי וועלן זוכה זיין מגדל צו זיין אַ דור פון טעאַטער־מענטשן און אַרטיסטן מכל המינים אַנשטאָט פּאַבריקאַנטן, וועבערס, שפּינערס אד״גל.

### דער פּאַראיין „יידישע קונסט" *)

אין דער גאַנצער באַוועגונג האָט זיך אויסגעצייכנט: דער פּאַראיין „יידישע קונסט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין האַרבסט 1915. ער האָט אייגנטלעך נאָר פּאַרגעזעצט זיין טעטיגקייט נאָך פון פּאַר דער רוסישער מאַכט. אָבער דעמאָלט איז אים פּאַרבאָטן געוואָרן צו שפּילן אויף יידיש. איצט האָט ער אין גאַנצן אויפגעלעבט. ער האָט זיך צעטיילט אין פּאַרשיידענע סעקציעס: א) אַ וואָקאַליש־מוזיקאַלישע סעקציע, מיט אַ כאָר פון 60 פּערזאָן, וואָס איז זיך אָבער צעפּאַלן אין 1917; ב) אַ דראַמאַטישע סעקציע, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט שטודירן און אויפפירן אויף דער אייגענער בינע פּאַרשיידענע ליטעראַרישע פּיעסעס. מען האָט אויך אויפגעפירט אין „פּאַלאַס־טעאַטער" פּאַרשיידענע יידישע גרויסע און באַקאַנטע דראַמעס, אָבער די סעקציע איז אויך אין פרילינג צעפּאַלן געוואָרן.

דער פּאַראיין האָט אויך געפירט אַ ליטעראַריש־קולטורעלע טעטיקייט. אַלע שבת־צו־נאַכטס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן פּאַמיליע־אָוונטן. עס פלעגן אַרויס־טרעטן פּאָרלייענערס פון די פּאַרשיידנסטע יידישע שריפטשטעלערס. עס איז גע־וועזן ביים פּאַראיין אַ לעבעדיקע ציַיטונג און נאָך אַזעלכע טעטיקייטן.

### דער „הזמיר"

דער „הזמיר" איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין האַרבסט 1915. אים האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן אַן אָרקעסטער פון 40 מאַן וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קינסט־לערישער הייך און פלעגט אויפטרעטן מיט קלאַסישע ווערק. אָבער סוף זומער 1916 איז דער אָרקעסטער זיך צעפּאַלן.

*) זען פּנקס ביאַליסטאָק, ב. I זז' 402, 403.

## קאַפּיטל צען

# דער ועד הקהל און זיין טעטיקייט

### א. דער ועד הקהל ווערט אָרגאַניזירט

#### די איבערגאַנג־צייט

די הנהגה פון דער ביאַליסטאָקער קהילה איז אַריבערגעגאַנגען פון זיך אַליין — נאָך דעם ווי די פריערדיקע אַלע מנהיגים זיינען ארויס פון שטאָט — אין די הענט פון עטלעכע מיטגלידער פון דעם ליקווידירטן קאָמיטעט פאַר היימלאָזע. די פאַקטישע מנהיגים פון זיי זיינען געווען די ה"ה: מ. מ. מאַניסעוויטש און מאַקס באַראַש; א. טיקטין האָט זיך אין די ענינים וויניק געמישט.

ביי מ. מ. מאַניסעוויטשן זיינען געווען כסדר אסיפות פון אַנגעלאָפענע מענטשן, פון באַקאַנטע, פון מקורבים און סתם יידן, וואָס האָבן געוואָלט וויסן, וואָס הערט זיך און וואָס טוט זיך. דער געפילדער ביי אים אין הויז איז געווען גרויס. יעדערער האָט געזאָגט אַ דעה און יעדערער האָט געוואָלט דורכפירן זיין מיינונג. איינער האָט מבטל געמאַכט דעם צווייטן, כאָטש געהערט האָט מען זיי אַלע ווי אין טראַק. די אמתע רעדלפירערס זיינען געווען עטלעכע מקורבים, אין דער שפּיץ פון חיים גערץ, וואָס שפּעטער אין פּעריאָד פון פּוילישן ועד הקהל, איז ער געוואָרן אַ גרויסער ביאַליסטאָקער כלל־טוער.

צו משה־מרדכי מאַניסעוויטשן זיינען געלאָפן אַלע אָרעמעלייט און געדריקטע מענטשן פון שטאָט, אַלע היימלאָזע און „רעזערוויסטקעס" נאָך שטיצע. ער האָט אַלעמען געענטפערט און זיך אויסגעדונגען מיט זיי ווי וויט ער האָט געקענט.

שבת י"ח אלול, נאָך דעם ווי דער דייטש איז אַריין, איז ביים רב רבי חיים הערץ געווען אַן אסיפה. מען האָט געדאַרפט זיך מיישב זיין וועגן דער קאָראָבקע, וואָס דאַרף אויסהאַלטן איבערהויפּט דיינים מיט שוחטים. אויף דער אסיפה איז געבליבן, אַז די קאָראָבקע זאָל ווייטער פירן די קהילה אַליין, און ווי קאַסירער איז אויסגעקליבן געוואָרן א. טיקטין. אָבער ער האָט עס ניט אָנגענומען. האָט מען עס איבערגעגעבן מ. מ. מאַניסעוויטשן, וואָס האָט איבערגעגעבן די קאָראָבקע זיין פאַרטרויטן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט איר און מיט איר קאַסע. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ שפּייכלער מיט שפּייז און לעבנסמיטל, וואָס פון אים האָט מען פאַרטיילט פּראָדוקטן פאַר דער ביליקער קיך און אין די איבעריקע אַנ־שטאַלטן. די אָנפירונג מיטן שפּייכלער איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן דעם זעל־ביקן פאַרטרויטן.

אַלע קהלשע אינסטיטוציעס זיינען געבליבן אָן אַ שום השגחה און זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך די אָנגעשטעלטע אַליין. קיין רעגולערע קאַסע־פירונג, אפילו ווי אין יעדער קליינעם געשעפטל, איז ניט געווען. מ'האָט גענומען און מ'האָט געגעבן אָן קיין שום קאָנטראָל און חשבון. עס זיינען נאָר פאַרצייכנט גע־וואָרן אַלגעמיינע סומעס. געלט איז דערווייל געווען גענוג אין קאַסע — די באַקו־

מענע 26 טויזנט רובל פון פאָנד, דאָס איבעריקע געלט פון די צוזאַמענגעקליבענע 13 טויזנט רובל און אויך די הכנסה פון דער קאַראָבקע.

די ערשטע אויפטוען פון די דעמאָלטדיקע קהילה־מנהיגים איז געווען מוסיף צו זיין שכירות פאַר די רבנים 25% און באַשטימען אַ געהאַלט 56 רובל מאָנאַט־לעך דעם מגיד ראַפּאַפּאָרט און אים אויפנעמען פון היינט אָן ווי שטאָט־מגיד אויף שכירות, וואָס די פריערדיקע קהילה האָט די גאַנצע צייט אויף דעם ניט מסכים געווען.

דער דאָזיקער תהו־ובהו־צושטאַנד האָט געקענט פאַרבלייבן נאָך אַ געוויסע צייט, כל־זמן די קאַסע וואָלט זיך ניט אויסגעשעפּט. אָבער פּלוצלונג איז אָנגע־שפּרונגען די קאָנטריבוציע, מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש ביי די עטלעכע פּראָוויזאָרישע מנהיגים פון דער קהילה. מ׳האָט זיך געהאַלטן אין איין טומלען און מ׳האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און פאַרדרייט אין גרויס איילעניש איבער די אויערן. נאָך דעם ווי מ׳האָט איינגעצאָלט די קאָנ־טריבוציע און מען האָט זיך גענומען איינצואָרדענען די אינעווייניקסטע קהילה־ענינים, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען שטייט פאַר אַ ליידיקער קאַרעטע. פון דער קאַסע האָט מען פאַרניצט די לעצטע 20 טויזנט רובל איינצוצאָלן די קאָנטרי־בוציע, וואָס איז אייגנטלעך געווען חל נאָר אויף די רייכערע און פאַרמעגלעכערע פון שטאָט. די קאַראָבקע האָט געטראָגן זייער ווייניק, און מען האָט זיך קיין עצה ניט געקענט געבן. די אַלגעמיינע הצטרכות אויף צו ענטפערן אַלע נויטליידנדיקע ווערט אַלע טאָג גרעסער. עס איז אויך ניטאָ מיט וואָס אויסצוהאַלטן אַלע קהלשע אַנשטאַלטן.

איצט האָט זיך באמת אַרויסגעוויזן, ווי ווייט שעדלעך עס איז געווען פאַר אַלע רוסישע קהילות זייער אומאָרגאַניזירטקייט און צעשפּליטערטקייט. פון אָט דעם מצב האָט זיך אויך גענומען די גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט פון דער ביאַליסטאָ־קער יידישער פּראָוויזאָרישער קהילה־הנהגה, הן ביי דער גרינדונג פון בירגער־קאָמיטעט און פון בייראַט און הן ביים איינצאָלן די קאָנטריבוציע. די אַלע מנהיגים זיינען ניט געווען דערצויגן פאַר רעגולערער פּאַראייניקטער קהילה־אָרגאַניזאַציע. דאָס האָט זיך בולטער אַרויסגעוויזן, בשעת די יידישע קהילה איז געקומען צו אַ קריטישן מאָמענט.

### דער געדאַנק וועגן אַ קהילה־אָרגאַניזאַציע

נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, האָט דער שרייבער פון די שורות, זייענ־דיק אַ מיטגליד פון בירגער־קאָמיטעט און צוקוקנדיק זיך צו דער אומבאַהאָלפנ־קייט פון די עטלעכע יידישע מנהיגים, פאַרגעלייגט אויף אַן אסיפה פון יידישן בירגער־קאָמיטעט ביי א. טיקטין, אַז מען זאָל תיכף אָרגאַניזירן אַ נאָרמאַלע קהילה־פאַרוואַלטונג ווי אין אַלע קהילות אין פּוילן און אין מערב־איראָפּע, לויט אַן אויסגעבעסערטער פּראָגראַם פון אַ רעליגיעזער קולטורעל־אויטאָנאָמער קהילה־אָרגאַניזאַציע. אַלע האָבן מיט אים מסכים געווען. עס איז געבליבן ביי אַלע

וואס זיינען בייגעוועזן צו דרוקן מודעות אין נאמען פון יידישן בירגער־קאמיטעט און צעקלעפן אויף שבת כ״ה אלול אין אלע בתי־מדרשים און מנינים, אז מען זאל אויסקלייבן פון זיי נבחרים, ביז פיר פון א בית־מדרש און ביז צוויי פון א מנין; די רשימות פון די נבחרים זאל מען אריינשיקן צו הרב ר׳ חיים הערץ, נאך דעם וועט ווערן באשטימט דאס ארט און די צייט פון דער בחירה פון ראשי־ און מנהיגי־הקהל אין ביאליסטאק. דעם נוסח פון דער מודעה, האב איך איבערגעגבן צו הרב ר׳ חיים הערץ אויף אפצודרוקן און לאזן צעקלעפן דורכן בית־דין־שמש אין די בתי־מדרשים און מנינים. האט מען אבער פון דארט געשיקט אנפרעגן דעם הסכם פון מאקס באראש. האט ער, וואס איז ביי יענער אסיפה ניט געווען, זיין הסכמה ניט געגעבן, ווייל ער האט געפונען, אז די גרינדונג פון א קהילה־ארגאניזאציע איז גאנץ איבעריק און ממילא איז דערווייל די גאנצע זאך בטל געווארן.

אבער אז עס איז געקומען דער קריטישער מאמענט, האט מיך מ. מ. מאניסע־וויטש באפולמעכטיקט, שוין מיט דער הסכמה פון מ. באראש, אויפצורופן די אל־געמיינע אסיפה אויף צו גרינדן א קהילה־ארגאניזאציע. עס זיינען דעמאלט אפ־געדרוקט און אויסגעקלעפט געווארן די מודעות אין אויבן דערמאנטן נוסח, און עס איז באשטימט געווארן די וואל־אסיפה אויפן 11טן אקטאבער 1915 (יום ב׳ ג׳ מרחשוון) אין לאקאל פון „לינת הצדק״. פאר דער וואל־אסיפה האבן אויך די יידישע פאליטישע און נאציאנאלע פאראיינען פון די ארבעטער־ און ציוניסטישע פארטייען געפאדערט, אז מען זאל זיי אויך איינטיילן א געוויסע צאל שטימען אין דער קהילה־ארגאניזאציע. א. טיקטין און איך האבן דערויף מסכים געווען, אבער דער רוב דעות אין דער וואל־קאמיסיע איז געווען קעגן דעם, כדי ניט אריינצו־ברענגען אין א מלחמה־צייט אין אן אקופירטער שטאט פאליטישע שטרעמונגען און טענדענצן אין אן ארגאניזאציע, וואס איר צוועק איז נאר רעליגיע, פילאנטראָ־פיע און קולטור.

די פארזאמלונג פון די אויסגעווילטע פון אלע שולן, בתי־מדרשים און מנינים אויסצוקלייבן מיטגלידער אין דעם ערשטן ועד הקהל [1] איז פארגעקומען אין לאָ־קאל פון „לינת הצדק״ אין ג׳ ד׳ ה׳ ביז ו׳ מרחשוון תרע״ו (11טן, 12טן ביז 14טן אקטאבער 1915) מיט דער דערלויבעניש פון שטאט־הויפטמאן, ביי וועמען מען האט געבעטן א הסכמה אויף צו וויילן א נייע יידישע קהילה־פארשטייערשאפט. א. ש. הערשבערג האט פארגעלייענט פאר די פארזאמלטע זיין פראגראם פון א „ועד הקהל״ אין ביאליסטאק, וואס באשטייט פון וויטערדיקע פונקטן [2]:

### די אויפגאבעס פון ועד הקהל

א) דער ועד הקהל איז אן ארגאניזאציע פון אלע ארטיקע יידישע, רעלי־גיעזע, פילאנטראפישע, קולטורעלע, דערציאונגס־אנשטאלטן און חברות מיט איין אויבערשטער אנפירונג אדער העכסטער הנהגה. דער ועד הקהל איז דער צענטער

1. אין אנדערע שטעט הייסט עס ועד הקהילה.
2. דאס וייטערדיקע ווערט ארויסגענומען פון פראטאקאל־בוך פון ועד הקהל.

פון אַלע יידישע קהלשע אָנגעלעגנהייטן. אַלע טעטיקייטן גייען אַרויס פון אים און דורך זיין איניציאַטיוו. אַלע הכנסות גייען אַריין אין זיין קאַסע און אַלע הוצאות ווערן דורך אים קאָנטראָלירט.

חוץ דער צענטראַלער קאַסע, געפינט זיך אין ועד הקהל די צענטראַלע בוכ־האַלטונג און דער צענטראַלער קאָנטראָל פון אַלע חברות און אינסטיטוציעס.

דער ועד הקהל באַשעפטיקט זיך מיט אַלע פאַרשיידענע הצטרכותן פון דער גאַנצער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי און קלאַס. דער ועד הקהל איז דער פאַרטרעטער פון דער יידישער געמיינדע פאַר דער רע־גירונגס־מאַכט.

ב) די הכנסות פון ועד הקהל זיינען: 1) די הערכות, וואָס דער ועד הקהל וועט מאַכן אויף אַלע מיטגלידער פון דער יידישער באַפעלקערונג לויט זייער פאַרמעגן־צושטאַנד; 2) הכנסות פון געמיינדע־גיטער און פּריוואַטע נדבות; 3) דער פליש־אָפּצאָל אויף כשר פליש (קאָראָבקע), ביז ער וועט אָפּגעשאַפט ווערן; 4) פון דער אַלגעמיינער שטאָט־הכנסה דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אויף צו שטיצן די וואוילטעטיקע און דערציאונגס־אַנשטאַלטן.

די אינעווייניקסטע אָרדענונג פון ועד הקהל

דער ועד הקהל באַשטייט פון 40 מיטגלידער, וואָס ווערן דאָס ערשטע מאָל געוויילט דורך די נבחרים פון בתי־מדרשים, שולן, מנינים און חברות איבער דער צייט פון דער מלחמה. שפּעטער וועלן זיי געוויילט ווערן דורך די עטאַט־צאָלערס לויט דעם צענז, וואָס וועט באַשטימט ווערן אויף אַ משך פון דריי יאָר.

פון די 40 מיטגלידער ווערן 35 באַשטימט פאַר דער פאַרוואַלטונג און 5 פאַר דער רעווידיר־קאָמיסיע. די פאַרוואַלטונג קלייבט פון זיך אויס דעם „פאַרשטאַנד", (פּרעזידיום) וואָס באַשטייט פון 7 פּערזאָן, אָדער שבעה טובי העיר: איין פאָרזיצער, צוויי געהילפן, צוויי יועצים, איין קאַסירער און איין סעקרעטאַר.

דער דאָזיקער „פאַרשטאַנד" שטייט אין דער שפּיץ פון דער גאַנצער הנהגה. אַלע וויכטיקע דאָקומענטן מוזן ווערן דורכגעזען און באַשטעטיקט דורכן „פאַר־שטאַנד", אַלע לויפנדיקע פראַגעס ווערן דורך אים באַשלאָסן, אַלע אָרדערס פון דער הכנסה און הוצאה אין קאַסע מוזן ווערן אונטערגעשריבן פון פאָרזיצער אָדער איינעם פון זיינע געהילפן מיט אַ צווייטן מיטגליד פון „פאַרשטאַנד". צוויי מיט־גלידער פון „פאַרשטאַנד" מוזן זיך געפינען טעגלעך עטלעכע שעה אין ביוראָ פון ועד הקהל, דער סעקרעטאַר — דעם גאַנצן טאָג. דער „פאַרשטאַנד" באַשטימט די זיצונגען און די פראַגעס, וואָס דאַרפן אויף זיי באַהאַנדלט ווערן.

די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען די פּאַקטישע אָנפירערס פון אַלע קהילה־ענינים. פון זיי ווערן אויסגעקליבן און באַשטימט די קאָמיסיעס:

א) אַ ר ע ל י ג י ע־קאָמיסיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט אַלע רעלי־גיעזע אָנגעלעגנהייטן אַזוי ווי: רבנות, שחיטה, כשרות פון פליש, מקוואות, שמירת שבת אד"גל, אויך מיט דער חברה קדישא אד"גל;

ב) א יורידישע - קאָמיסיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט די יורידישע אַנגעלעגנהייטן פון דער קהילה, פאַרטיידיקט און היט אָפּ אירע רעכט און איז די פאַרמיטלערין צווישן דער קהילה און דער רעגירונג;

ג) אַ פינאַנץ-קאָמיסיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיטן אַלגעמיינעם בודזשעט פון דער קהילה. די קאָמיסיע רעגולירט אויס אַלע הוצאות, אַז זיי זאָלן שטימען מיט הכנסות; זי טיילט פון זיך אויס: א) אַ הערכה־ אָדער באַשטייערונג־סעקציע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיטן אויפשטעלן די הערכות אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג דורך קוואַרטאַלן און בראַנזשע־סעקציעס, ב) אַווירט־שאַפטלעכע סעקציע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט קהלשן אייגנטום פון הייזער, קראָמען, שולן אד"גל;

ד) צדקה־גדולה־קאָמיסיע, וואָס ווערט צעטיילט אין סעקציעס: 1) שפייז־און הייץ־מאַטעריאַלן־סעקציע; 2) א תמחוי־אָדער ביליקע קיך־סעקציע; 3) אַ מתן בסתר־סעקציע, צו שטיצן יורדים און פאַראָרעמטע בעלי־בתים; 4) צדקה־סעקציע פאַר סתם אָרעמעלייט; 5) בקור־חולים־־סעקציע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיטן שפיטאָל און מיט חברות, וואָס זיינען עוסק אין דעם ענין פון בקור־חולים; 6) מושב־זקנים, הקדש, קינדער־היימען און בתי־יתומים־סעקציעס.

ה) דערציאונג - קאָמיסיע, וואָס ווערט צעטיילט אויף: 1) א תלמוד־תורה־סעקציע, 2) שולן־סעקציע — אַלע שולן און אַנשטאַלטן, וואָס ווערן אונ־טערגעשטיצט פון ועד הקהל, זייערע אויסגעוויילטע גבאים מוזן דורכן ועד הקהל באַשטעטיקט ווערן, אַלע מאַנאַטלעכע בודזשעטן און באַלאַנסן פון אַלע חברות און צדקה־אַנשטאַלטן קומען אַריין אין דער רעווידיר־קאָמיסיע פון ועד הקהל, וואו זיי ווערן רעווידירט, קאָנטראָלירט און געבוכט.

יעדער מיטגליד פון ועד הקהל, וואָס וועט ניט דערפילן זיינע פליכטן אָן אַ שום גרונד אין זיין קאָמיסיע אָדער סעקציע און וועט ניט אָנטייל נעמען אין די אַל־געמיינע זיצונגען אין אַ משך פון א חודש, ווערט דורך דער אַלגעמיינער זיצונג אויסגעשלאָסן פון ועד הקהל, און אויף זיין אָרט ווערט אויפגענומען על פי רוב דעות אַ צווייטער פאַסיקערער, און בכלל האָט די אַלגעמיינע זיצונג פון ועד הקהל דאָס רעכט אין באַזונדערע נייטיקע פאַלן אויפצונעמען נייע מיטגלידער, וואָס אין זיי נייטיקן זיך די קאָמיסיעס אָדער סעקציעס, אָבער אָן שטימרעכט.

אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויפגערופן דורך דעם „פאַרשטאַנד" אָדער דורך אַ דריטל וויילערס, ווערט געעפנט און געפירט דורכן פאַרזיצער פון ועד הקהל אָדער דורך זיין פאַרטרעטער.

די פאַרגעלייגטע פּראָגראַם איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג. נאָך פאַרשיידענע דעבאַטן זיינען נאָך אָנגענומען געוואָרן די ווייטערדיקע צוגאָב־תקנות:

א) קיינער פון די אויסגעקליבענע דאַרף ניט פאַרנעמען קיין שטעל אין וועלכער עס איז סעקציע פאַר שכירות, סיידן ער זאָגט זיך פריער אָפּ פון זיין

שטימרעכט; ב) אין 6 וואָכן אַרום האָבן דאָס רעכט אַ דריטל פון די וויילערס צו פאָדערן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

### דער באַשטאַנד פון ועד הקהל

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוטרעטן צו די וואַלן פון 40 מיטגלידער, פון זיי 35 ווי אַקטיווע עסקנים, וואָס קלייבן אויס פון זיך אַ „פאַרשטאַנד" פון 7 מיט־גלידער און די איבעריקע רעכענען זיך פאַר פאַרוואַלטונג־מיטגלידער און 5 ווי מיטגלידער אין דער רעווידיר־קאָמיסיע. פון די קאַנדידאַטן, וואָס זיינען אַרויס־געשטעלט געוואָרן דורך פאַרשיידענע ליסטעס, זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער גרעסטער צאָל באַלן די וויטערדיקע פערזאָנען[3]:

מ. מ. מאַניסעוויטש, אברהם טיקטין, משה גאָטליב, מאַקס באַראַש, באַקסט, זלמן ראַפּאַפּאָרט, משה סאַלמאַן, שמואל ריווקינד, א. מ. קוקליאַנסקי, חנא לוקסנ־בערג, נחום העלערשטיין, גוסטאַוו לאַסקי, מ. זילבערדיק, א. ש. הערשבערג, אָשר טאָפּאָלסקי, לייב ווילענסקי, י. מ. ראַקאָווסקי, גדליה טיקאָטשינסקי, משה זעל־מאַנס, יצחק באַרג, לייב אייזענשטאַט, ג. ווילבושעוויטש, אהרן־לייב שמיד, משה צימערינסקי, אליהו לעוו, מאָטל יאַנאָווסקי, משה באָטקאָווסקי, אייזיק באַרש־טשעווסקי, משה גוימער, שמואל ראָזענטאַל, א. פעסעלעוויטש, בערל דאָמעראַצקי, לייב מאַקאָווסקי, חיים לאַזאָווסקי און אברהם לאַפּידוס.

ווי מיטגלידער פון דער רעווידיר־קאָמיסיע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג, ניט מיט באַלן, די ה"ה: מרדכי האַלאַי, א. ראַכיטעס, אברהם־צבי פאָראָזאָווסקי, עזרא סאָראָקי און ב. זעליקאָוויטש.

אויף דעם רעזולטאַט פון די וואַלן האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה די שאַרפע רעדעס, וואָס עטלעכע האָבן געהאַלטן אויף דער פאַרזאַמלונג, וועגן דעם פאַר־שטייענדיקן הונגער, וועגן דער גרויסער נויט איבערן דוחק אין לעבנסמיטלען. עטלעכע רעדנערס האָבן זיך פונאַנדערגעשריען ביז הייזעריק. עס זיינען געווען פאַרשטענדלעך אַזעלכע רייד, אָבער זיי האָבן פאַרטונקלט דעם ציל צוליב וועלכן מע קלייבט דעם ועד הקהל. עס האָט זיך באַקומען, אַז דער גאַנצער ועד הקהל דאַרף זיך אַרויסלאָזן נאָך שפּייז און הייץ־מאַטעריאַלן. דער עולם וואָלט דערצו זיכער מסכים געווען. דעריבער טאַקע האָט מען אויסגעקליבן אויך פון די וואָס מען האָט אָנגעמערקט, אַז זיי זיינען ספּעציאַליסטן אויף אויפצוקויפן לעבנסמיטלען און הייץ־מאַטעריאַלן. מען האָט אויך אויסגעקליבן כמעט אַלע מיטגלידער פון בייראַט ביים שטאָט־הויפּטמאַן כדי צו שטיין דורך זיי אין נאָענטער באַציאונג צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

די נבחרים פון די דאַוונערס פון די בתי־מדרשים און מנינים האָבן געקליבן כמעט נאָר אַזעלכע וואָס זיינען זיי געווען באַקאַנט ווי פרומע און סטאַטעטשנע יידן. מיט גרויסע שוועריקייטן איז אויסגעקומען אויסצוקלייבן עטלעכע, וואָס

3. זיי זיינען דאָ אויסגעשטעלט לויט דער צאָל שטימען וואָס זיי האָבן באַקומען.

די אָנפירערס פון די וואַלן האָבן געפונען, אַז זיי זיינען נייטיק אין דער הנהגה צוליב זייערע פעאיקייטן, ראַיעלקייט און פראַקטישן חוש, אָבער די ווילערס האָבן זיי ניט געקענט. די וואַלן זיינען זייער שווער אויך צוליב דעם, וואָס אויסער עטלעכע געציילטע זיינען אין שטאָט כמעט קיינער ניט געבליבן פון די ביזאַהעריקע באַקאַנטע עסקנים און כלל־טוערס, און מען האָט איצט געמוזט קריגן צו דעם צוועק גאַנץ נייע מענטשן, וואָס האָבן זיך אין כלל־זאַכן קיינמאָל ניט גע־מישט. צוליב דעם האָט מען געמוזט ביי די איצטיקע וואַלן 3—4 מאָל איבערגיין די וואַל־אורנעס, ביז מ׳האָט אַרויסבאַקומען מיט אַ קליינעם רוב דעות די נייטיקע מענטשן, ווי צום ביישפּיל אברהם לאַפּידוס, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט גרויס שוועריקייט דער לעצטער, כאָטש ער איז שפּעטער געווען איינער פון די וויכ־טיקסטע מיטגלידער פון „פאַרשטאַנד״. די ווילערס האָבן דעמאָלט נאָך קיין באַ־גריף ניט געהאַט פון דער וויכטיקייט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע און פון דער ראָלע, וואָס זי וועט שפּעטער שפּילן אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ביאַליסטאָק, ווייל אַזאַ קהילה־אָרגאַניזאַציע איז ביי דער רוסישער רעגירונג ניט געווען.

פון די אויסגעקליבענע האָבן זיך עטלעכע באַלד אָפּגעזאָגט (ווילבושעוויטש, לאַסקי, גוימער), עטלעכע זיינען שפּעטער צוליב פּריוואַטע סיבות און זייטיקע אינטערעסן ארויסגעטראָטן; איינער (לייב ווילענסקי) איז באַלד געשטאָרבן, אַזוי אַז באמת אַקטיווע מיטגלידער זיינען נאָר געבליבן 30.

## ב. די ערשטע טריט און דער ערשטער קריזיס

איידער דער ועד הקהל האָט זיך נאָך געהאַט אָרגאַניזירט, איז געווען זיין ערשטע אַרבעט, אויף דער ערשטער זיצונג פון 16טן אָקטאָבער, אין דעם צייטווייליקן לאָקאַל פון „לינת הצדק״ — צו גרינדן צוויי סעקציעס: אַ שפּייז־און אַ האַלץ־סעקציע, כדי צו דערפּילן תיכף דעם אַלגעמיינעם פאַרלאַנג פון דער וואַל־פאַרזאַמלונג. אין דער שפּייז־סעקציע זיינען אַריין: נחום העלערשטיין, לייב ווי־לענסקי, אָשר טאָפּאָלסקי און משה באַטקאָווסקי. אין דער האָלץ־סעקציע: בערל דאָמעראַצקי, לייב מאַקאָווסקי, אַ. פּעסעלעוויטש און י. מ. ראַקאָווסקי.

### דער „פאַרשטאַנד״ ווערט אויסגעקליבן

אויף דער צווייטער זיצונג, דעם 17טן אָקטאָבער, איז מען צוגעטרעטן אויס־צווויילן דעם „פאַרשטאַנד״. דאָ איז געווען די הויפּטפראַגע און די וויכטיקסטע, דאָס ווילן אַ פאָרזיצער. עס איז ביי קיינעם קיין ספק ניט געווען, אַז דער פּאַסיק־סטער פאַר אָט דעם אַמט ביי דעם איצטיקן מאָמענט, איז געווען א. טיקטין. דעריבער איז טאַקע ביי די וואַלן א. טיקטין אויסגעוויילט געוואָרן איינשטימיק. מ. מ. מאַניסעוויטש און מאַקס באַראַש זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ווי גע־הילפן, אברהם לאַפּידוס, לייב אייזנשטאַט ווי יועצים. שפּעטער, אַז מ״מ מאַניסע־וויטש און מאַקס באַראַש זיינען אַרויסגעטראָטן, זיינען אויף זייער אָרט אַריין

משה זעלמאַנס און בערל (בערנאַרד) דאָמעראַצקי. משה גאָטליב איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי קאַסיר און א. ש. הערשבערג ווי סעקרעטאַר. שפּעטער איז די קאַסע איבערגעגאַנגען אויף אַ קורצער צייט צו אברהם לאַפּידוס און נאָך דעם צו אברהם יצחק קוקליאַנסקי, וואָס איז געבליבן די גאַנצע צייט דער הויפּט־קאַסיר פון ועד הקהל און איינער פון די מוסטערהאַפּטסטע טוערס אין אים. ער האָט געפירט ניט נאָר די קאַסע נאָר אויך די הערכה און אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע געווען ציפערן און געלט, וואָס ער האָט זיך אין זיי שטענדיק געגריבלט. ער איז געקומען שטענדיק דער ערשטער און אַוועקגעגאַנגען דער לעצטער.

נאָך דעם ווי דער „פאָרשטאַנד" האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט, האָט מען אַריינגעשיקט אַ מעלדונג דעם שטאָט־הויפּטמאַן מיט די נעמען פון די געוויילטע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. דער ועד הקהל האָט געשריבן, אַז פון היינט אָן איז דער געוויילטער „פאָרשטאַנד" דער איינציקער פאָרשטייער פון דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג, וואָס נעמט אויף זיך צו דערפילן אַלע זיינע התחייבותן. ער בעט די נייטיקע מיטהילף פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אַזוי אַרום האָבן מיר באַקומען אין ביאַליסטאָק די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע אַ ועד הקהל, וואָס איז געווען דער איינציקער אין גאַנצן אָבער־אָסט אַ באַשטעטיקטער פון דער מאַכט.

אַ צייט נאָך די וואַלן, איידער דער שטאָט־הויפּטמאַן לעהמאַן איז אַוועקגעגאַנגען פון ביאַליסטאָק, האָט ער ביי אונדז אָנגעהויבן צו פאָדערן, אַז מיר זאָלן אויף אונדזער שילד און בלאַנקען שרייבן „פאָרשטאַנד פון דער יידישער קולטוס־געמיינדע", ד"ה אַ רעליגיעזע געמיינדע, אָבער מיר האָבן זיין פאָדערונג ניט דערפילט.

### דער ועד הקהל נעמט איבער די קהלשע אַנשטאַלטן

דער ועד הקהל האָט גלייך נאָך דעם פאַר זיך צוגענומען דעם לאָקאַל פון געוועזענער פייען־באַנק, וואו עס איז היינט די ביורא פון פ. פ. ס., לעצטנס די „שלום עליכם־ביבליאָטעק", (אויף סענקעוויטשאַ גאַס) און האָט דאָרט די גאַנצע צייט געהאַט זיין לאָקאַל.

דער ועד הקהל האָט באַלד אַריינגענומען אין זיינע הענט די פאַרוואַלטונג פון אַלע קהלשע אַנשטאַלטן: דעם קאָמיטעט, ד"ה אַלע צדקה־ענינים, דעם שפּיטאָל, די פאָלקסקיך, דעם מושב־זקנים, דעם הקדש, די תלמוד־תורה, שחיטה, בית־דין, בית־יתומות, גן ילדים, די חברה־קדישא מיטן בית־עולם. דער ועד הקהל האָט אומעטום באַשטימט גבאים, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון דער פאַרוואַלטונג און האָבן געאַרבעט אין נאָמען פון ועד הקהל און לויט זיינע אָנווייזונגען און אינסטרוקציעס.

דער „פאָרשטאַנד" האָט געאַרבעט די גאַנצע צייט ענערגיש. דער פאָרזיצער האָט אין דעם גאַנצן משך צייט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ענערגישער אויסדויערנדיקער אַרבעט. ער האָט זיך באַשעפטיקט טעגלעך מיט דער אַרבעט פון ועד הקהל. די ערשטע צייט — כמעט דעם גאַנצן טאָג, און שפּעטער דעם גאַנצן פאַרמיטאָג, און ווען עס איז נייטיק געווען, אויך דעם נאָכמיטאָג. מיט זיין טאָ־

לערנטער באַציאונג צו אַלע פּאַרטייען, מיט זיין ערלעכן כאַראַקטער און וויר־דיקער האַנדלונג קעגן דער רעגירונגס־מאַכט, האָט ער געוואונען די סימפּאַטיע פון זיינע חברים אין דעם „פאַרשטאַנד" און אין דער פּאַרוואַלטונג, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס דרך־ארץ. ער האָט שטענדיק געווירקט מיט זיין אויטאָריטעט צו דערשטיקן אינעווייניקסטע רייבונגען. אים האָט מיטגעהאָלפן אברהם לאַפּידוס מיט זיין לאָגישן שכל און שטרענגער ערלעכקייט.

עס איז באַלד פון אָנהייב איינגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע אָרדענונג און קאָנטראָל אויפן גאַנצן געלט־אומזאַץ. אַ רעווידיר־קאָמיסיע האָט אויסער דעם שטענדיק קאָנטראָלירט די חשבונות אין די ביכער און אויך די טעטיקייט אין די אַנשטאַלטן.

די פּעריאָדישע אסיפות פון „פאַרשטאַנד", צוזאַמען מיט דער פּאַרוואַלטונג זיינען פון אָנהייב געווען כמעט טעגלעך און שפּעטער ביז צוויי מאָל מאָנאַט־לעך. אויסער א. טיקטינען און א. לאַפּידוסן, האָט זיך אויסגעצייכנט לייב אייזנ־שטאַט מיט זיין דערפינדערישקייט ביי פּאַרוויקלטע ענינים. עס האָבן מיטגע־האָלפן אויך די איבעריקע מיטגלידער פון „פאַרשטאַנד" און פון דער פּאַרוואַל־טונג, וואָס זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו די פּאַרמיטאָגדיקע „פאַרשטאַנד"־באַראַ־טונגען. דער סעקרעטאַר האָט זיך שטענדיק געפונען אין ועד הקהל צו ענטפערן אַלע, וואָס האָבן זיך געווענדט אין ועד הקהל.

### באַציאונגען מיט דער מאַכט

דער „פאַרשטאַנד" איז שטענדיק געווען אין נאָענטע באַציאונגען מיט דער אָרטיקער רעגירונגס־מאַכט, מינדלעך און איבערהויפּט שריפטלעך [4].

אין אַלע רעגירונגס־אָפּטיילונגען איז אָנערקענט געוואָרן דער ועד הקהל ווי דער איינציקער אָפיציעלער פאַרשטייער פון דער יידישער געמיינדע. מיט זיין מיינונג האָט מען זיך גערעכנט. על כל צרה שלא תבא, הן אין עניני פרט הן אין עניני כלל, האָט מען זיך געווענדט הן פון דער שטאָט און הן פון דער גאַנצער סביבה צום ועד הקהל אין ביאַליסטאָק, און ער האָט געענטפערט און געהאָלפן ווי ווייט ער האָט געקענט.

דער ועד הקהל האָט געאַרבעט ווי אַ שטרענג פּאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע פאַר קאָנטראָל און צענטראַליזאַציע פון אַלע אַנשטאַלטן. זיין טעטיקייט איז גע־ווען אַ מיושבדיקע מיט אַ ווערדיקער באַוואוסטזיניקער האַלטונג כלפי פנים און כלפי חוץ. נאָר שטיצנדיק זיך אויף די דאָזיקע יסודות, האָט זיך אים איינ־געגעבן דורכצופירן די ביאַליסטאָקער קהילה דורך דער שטורמישער צייט, דורך אַלערליי אינעווייניקסטע שוועריקייטן און דרויסנדיקע גזרות, בעת הונגער, נויט און טויט־שרעק. דעם ועד הקהל האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוהיטן די גאַנצקייט פון

4. קאָפּיעס פון אַלע בריוו צו דער אָקופּאַציע־מאַכט און אַלע שריפטלעכע ווענדונגען פון דער מאַכט צום ועד הקהל זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע.

דער קהילה, צו פאַרטיידיקן אירע אינטערעסן, צו באַשיצן איר כבוד, צו באַוואָ־רענען דעם אָרעמען טייל פון הונגער, נויט און אירע אַנשטאַלטן פון אונטער־גאַנג. דער ועד הקהל האָט זיך באַנוצט נאָר מיט גערעכטע, ערלעכע, געזעצלעכע מיטלען. דעריבער האָט די רעגירונג־מאַכט געהאַט צוטרוי צו אים. ער האָט קיינעם ניט נושא פּנים געווען און ניט געחנפעט און איז ניט געגאַנגען מיט הינ־טערוועגן.

### די ערשטע אָפּאָזיציע קעגן ועד הקהל

דעם פאַרשטאָרבענעם מ. מ. מאַניסעוויטש קען מען בשום אופן ניט חושד זיין אין נאָכיאָגן זיך נאָך כבוד און אין זייטיקע פניות. ער איז געווען אַ ייד אַ תמים, אַן עוסק בצרכי צבור באמונה. אָבער זיינע מקורבים און יועצים האָבן אים אָפּט שטאַרק פאַרפלאָנטערט און פאַרוויקלט אין חובות צוליב דער קאָנטרי־בוציע, וואָס האָט אים פאַרשאַפט גרויס עגמת נפש און צרות. האָט ער געהאַפט זיך אַרויסצוהעלפן דורכן ועד הקהל. לסוף אַז ער איז ניט געוואָרן דער פאַרזי־צער און זיינע מקורבים זיינען ניט אַריין אין דער פאַרוואַלטונג, איז די האָ־פענונג צעשטערט געוואָרן. דער ועד הקהל, צו וועמען זיי האָבן זיך געווענדט אויסצוצאָלן די קאָנטריבוציע־חובות, האָט צוליב כמה טעמים ניט געקענט דער־פילן זייער פאָדערונג. האָבן די מקורבים דעריבער די גאַנצע צייט אינטריגירט אין שטאָט און ביי דער מאַכט קעגן ועד הקהל אים אומצוואַרפן, ביז זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים אויספירן זייער זאַך. מאַקס באַראַש וואָס האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט עטלעכע דייטשע באַאַמטע, איבערהויפּט די פעלד־ראַבי־נערס, האָט דערלאַנגט צום שטאָט־הויפּטמאַן אַ פּאַפּיר, אונטערגעשריבן דורך זיינע און מאַניסעוויטשעס מקורבים, אַז מען פאַרלאַנגט אויפצורופן אַן אַלגע־מיינע אסיפה פון די ווילערס פון ועד הקהל, זי זאָל אַרויסזאָגן איר מיינונג, צי מען זאָל מבטל מאַכן דעם ועד הקהל און גרינדן אַ נייעם. דורך השתדלות האָט זיך אים איינגעגעבן צו קריגן דערויף די צושטימונג פון שטאָט־הויפּטמאַן.

די אסיפה איז פאָרגעקומען דעם 21טן פעברואַר 1916, 5 אַזייגער אין אָוונט. די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט מאַקס באַראַש. פרילוקער איז באַשטימט געוואָרן ווי סעקרעטאַר. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אונטער דער אויפזיכט פון שטאָט־סעקרעטאַר לייטענאַנט עהלערט. דער פאַרזיצער א. טיקטין האָט אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון ועד הקהל. נאָך אים האָבן גע־רעדט: דאָמעראַצקי און משה זעלמאַנס, דער צווייטער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שאַרפע און הייסע רייד. ציין־דאָקטאָר ציטרין האָט געשטעלט די פראַגע פון צוטרוי צום ועד הקהל צו אָפּשטימונג. האָט די גאַנצע פאַרזאַמלונג אויסגעדריקט צוטרוי צום ועד הקהל.

האָט זיך אויפגעהויבן לייטענאַנט עהלערט און האָט געזאָגט, אַז נאָך דער דאָזיקער איינשטימיקער צוטרוי־דערקלערונג איז די פאַרזאַמלונג איבעריק, און האָט זי געשלאָסן.

## ג. די פראַגע וועגן צוואַנגשטייער

דער ועד הקהל האָט איבערגענומען די הנהגת הקהלה מיט אַ ליידיקער קאַסע. לויטן פּראָטאָקאָל פון דער דריטער זיצונג פון 18טן אָקטאָבער 1915, זיינען באַ־פולמעכטיקייט געוואָרן די ה"ה: א. לאַפּידוס, ל. אייזנשטאַט, מרדכי האַלאַי, ב. זעליקאָוויטש און מ. גאָטליב איבערצונעמען די קאַסע ביי מ. מ. מאַניסעוויטש. זיי האָבן געפונען די רעכענונג פון דער קאַסע און איר צושטאַנד, אויסגעדריקט אין די ווייטערדיקע ציפערן: 26,049 רובל האָט איבערגעלאָזן אַסוואַלד טרילינג אין אַנווייזונגען און אין מזומן פון דעם 34,000 רובלדיקן פאָנד; 1,500 איז דער־האַלטן געוואָרן פון גאַוויענסקי, 500 רובל פון מאַקס באַראַש (אַ רעשט פון דער־האַלטענע 1,200 רובל), 13,065 רובל אויפגעקליבענע נדבות אין די מהומה־טעג, 7,360 קאָראָבקע־געלט אין משך פון דער לעצטער צייט, אין סך הכל 48,474 רובל הכנסה.

די הוצאה איז געווען: 7,685 פאַר דעם קאָמיטעט פון די היימלאָזע, 798 הוצאות אויף היימלאָזע, 9,000 רובל הוצאות דורך מ. באַראַש, 9,596 אויף דעם שפּיכלער פון לעבנסמיטל פאַר דער ביליקער קיך און אַנדערע אַנשטאַלטן אונטער דער לייטונג פון חיים גערץ, 1,300 רובל דעם קאָמיטעט פון יוגנט־פאַראיין, 349 רובל רעזערוויסטקעס, 482 רובל רבנים, 725 רובל פאַרשיידענע הוצאות, 1,795 רובל הוצאות קאָראָבקע, 16,748 רובל אַ גמילות חסד פאַר דער קאָנטרי־בוציע, בס"ה הוצאה: 48,474 רובל[5]. אַזוי אַרום איז אויסגעגליכן געוואָרן די הוצאה מיט דער הכנסה, און אין קאַסע איז קיין איין קאָפּיקע ניט געבליבן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גמ"ח פאַר דער קאָנטריבוציע איז געווען בעצם גרעסער און האָט דערגרייכט אַ סומע פון אַן ערך 20—21 טויזנט רובל. קיין רעגולערע בוכפירונג, קאָנטראָל און דאָקומענטירטע באַווייזן אויף דער הכנסה מיט דער הוצאה האָט מען ניט געפונען.

### די פרייוויליקע באַשטייערונג

איינע פון די ערשטע אויפגאַבעס פון ניי־געגרינדעטן ועד הקהל איז געווען צו געפינען געלט־מיטלען אויף צו דעקן אַלע הוצאות פון דער קהילה און אירע אינסטיטוציעס, ווייל די איינציקע הכנסה פון דער קאָראָבקע איז געווען צו קליין אויף צו דעקן אַלע הוצאות. א. לאַפּידוס פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע האָט פאָרגע־לייגט באַלד, אויף דער 4טער זיצונג דעם 21טן אָקטאָבער 1915, איינצואָרדענען אַ פרייוויליקע אַליין־באַשטייערונג וואָס זאָל איינברענגען ביז 10,000 מאַרק מאָ־נאַטלעך, צו דעם צוועק זאָל מען אַרויסלאָזן אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעל־קערונג. די דאָזיקע פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף נאָך עטלעכע זיצונגען, דעם 25טן אָקטאָבער, דעם 30טן אָקטאָבער, דעם 3טן נאָוועמבער; אויף איינער פון

5. [עס באַקומט זיך די סומע פון 48,478 רובל. מסתמא איז פאַראַן אַ קליינער טעות אין איינער פון די צאָלן אין דעם חשבון פון דער הוצאה. — רעד']

די זיצונגען (דער 13טער), פון 3טן נאָוועמבער, איז געבליבן, אַז כדי צו מאַכן אַ גרויסע אַגיטאַציע לטובת דער אַליין־באַשטייערונג זאָל מען אויפרופן אַלע אָרטיקע און היימלאָזע רבנים און זיי איינלאַדן, אַז זיי זאָלן דרשנען אין אַלע בתי־מדרשים און שולן וועגן דער וויכטיקייט אין איצטיקן מאָמענט פון אַ פרייוויליקער באַשטייערונג, און אויך עטלעכע מיטגלידער פון ועד הקהל מיט דעם פּאָרזיצער בראש זאָלן אַנטייל נעמען אין דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע.

שבת פ׳ וירא תרע״ו האָבן אין אַלע בתי־מדרשים געדרשנט רבנים און מיט־גלידער פון ועד הקהל פאַר דעם צוועק. מען האָט אויך דורכגעפירט אַ רעגיסטראַ־ציע פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. יעדערער איז אָפּגעשאַצט געוואָרן לויט זיין פאַרמעגן, און מען האָט זיך נאָך די אַלע גרויסע הכנות אַרויסגעלאָזט פאַרוויין איבער דער גאַנצער שטאָט אויפצונעמען די אַליין־באַשטייערטע סומעס.

אָבער מען האָט זיך באַלד איבערגעצייגט, אַז אָט די אַליין־באַשטייערונג וועט ניט ברענגען די פאַרהאָפטע סומעס. שוין אויף דער 21טער זיצונג, פון 13טן נאָ־וועמבער, האָבן אַ טייל אויפמאַנערס פון דער אַליין־באַשטייערונג איבערגעגעבן, אַז מען באַציט זיך אין שטאָט צו אַזאַ באַשטייערונג קאַלט און אינדיפערענט. און באמת האָט זי איינגעבראַכט נאָך אַלע אַגיטאַציעס נאָר 1,141.91 רובל — לויט דער רעכענונג פון נאָוועמבער 1915.

### דער ערשטער „צוואַנגשטייער"

איז דעריבער אויף דער זיצונג פון 14טן נאָוועמבער געבליבן צוצוטרעטן צו אַ צוואַנגשטייער. אָבער דערצו האָט מען נייטיק געהאַט די צושטימונג פון דער רעגירונג־מאַכט. דער ועד הקהל האָט זיך דעריבער תיכף געווענדט מיט אַ בקשה צום שטאָט־הויפטמאַן, וואָס האָט תיכף געגעבן די דערלויבעניש צו דרוקן אַן אויפרוף וועגן אַ צוואַנגשטייער אויף אַלע פאַרמעגלעכע מיטגלידער פון דער יידישער קהילה לטובת די אַנשטאַלטן פון דער קהילה, און ווער עס וועט ניט צאָלן וועט באַשטראָפט ווערן מיט 1,000 מאַרק לטובת דער פאָלקסקיך.

מען האָט תיכף פאַרעפנטלעכט דעם אויפרוף, און עס זיינען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן מעלדונגען מיט דער וואָרנונג פון שטאָט־הויפטמאַן, און דאָס האָט טאַקע באַלד געהאָלפן: דער צוואַנגשטייער האָט איינגעטראָגן אין יאַנואַר — 5,049 רוב, אין פעברואַר — 3,421 רובל, אין מאַרץ — 5,366, אין אַפּריל — 4,945.10, אין מאַי — 3,796, אין יוני — 3,610.15, אין יולי — 2,819, אין אויגוסט — 2.596.70 רובל. (דאָ רעדט זיך וועגן די ערשטע 8 חדשים פון 1916).

ווי עס איז אַרויסצוזען פון די דאָזיקע ציפערן, איז די הכנסה פון צוואַנג־שטייער געוואָרן מיט יעדן חודש אַלץ קלענער. און דאָס איז געווען פשוט ווייל דער עולם האָט דערשפירט, אַז באמת איז דאָס גאָרניט קיין צוואַנגשטייער, און עס איז רעכט אויך ניט צו צאָלן, און מען ווערט ניט באַשטראָפט.

אויף דער 74טער זיצונג, פון 20טן אַפּריל, איז דעריבער באַהאַנדלט געוואָרן די דאָזיקע פראַגע, ווייל די קאַסע פון ועד הקהל האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ

גרויסן דעפיציט — סוף מאַנאַט האָט ער דערגרייכט די סומע פון 7,931.91 רובל. עס איז פאַרגעלייגט געוואָרן שוין דעם 22טן אַפּריל, אויפצורופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די בוחרים און זיי פאַרצולייגן דעם קריטישן צושטאַנד און זוכן מיטלען ווי אים אָפּצוהעלפן. דער „פאַרשטאַנד״ פון ועד הקהל האָט בתוך כך ניט געררוט, וויסנדיק אַז באמת וועט קיין שום אסיפה ניט קענען אויסגעפינען נייע געלט־הכנסות אויסער דעם צוואַנגשטייער, און האָט זיך משתדל געווען צו באַקו־מען אַ דערלויבעניש אויף אַן אמתן צוואַנגשטייער, וואָס זאָל ווערן אויפגעמאָנט דורך דייטשע זשאַנדאַרמען.

דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט עס אָפּגעזאָגט איבער אַ השתדלות מצד די קעגנער פון ועד הקהל. זיי האָבן אים דערקלערט, אַז געבנדיק אונדז דעם צוואַנגשטייער, האָט ער געהאַנדלט אומגעזעצלעך, ווייל ביאַליסטאָק האָט ביי דער רוסישער רעגירונג ניט געהאַט קיין קהילה־אָרגאַניזאַציע, און ממילא האָט זי ניט געהאַט דאָס רעכט צו מאַכן אַן עטאַט דורך צוואַנג אויף אירע מיטגלידער, און די אָקופּאַציע האָט דאָך בכלל קיין רעכט ניט אַרויסצוגעבן נייע געזעצן אין אָקופּירטן לאַנד. זיי זיינען מיט זייער טענה געווען יורידיש גערעכט. דעריבער האָט זיך דער שטאָטהויפּטמאַן צוריקגעצויגן פון פריערדיקן באַשלוס מכוח צוואַנגשטייער.

דער פאַרשטאַנד״ האָט דעריבער דערלאַנגט צו דער העכסטער אינסטאַנץ, דעם „אָבעראָסט״ אַ מעמאָראַנדום, וואָס אין אים ווערט דערקלערט, אַז די יידישע קהילות האָבן געהאַט אין רוסלאַנד 2 מינים מקורים פון הכנסה אויף אויסצוהאַלטן זייערע אינסטיטוציעס: א) אַ צוואַנגשטייער (עטאַט) אַזוי ווי אין גאַנץ רוסיש פוילן, ב) אָ קאָראָבקע אין די איבעריקע רוסישע פּראָווינצן, בתוכם אויך ביאַ־ליסטאָק. אָבער אַזוי ווי דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט מבטל געמאַכט די קאָראָבקע, קומט אונדז ממילא צו געבן אַ צוואַנגשטייער. גענעראַל לודענדאָרף האָט באַשטע־טיקט דעם צוואַנגשטייער, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ כעס פון הויפּטמאַן אויף אונדז, ווייל מיר האָבן זיך דערלויבט צו גיין דירעקט צו דער העכערער מאַכט.

אויף דער 78טער זיצונג פון 4טן מאַי 1916 האָט דער פאָרזיצער מודיע גע־ווען, אַז מיר האָבן באַקומען דאָס רעכט פון אַ צוואַנגשטייער, דאָס רעכט דעם עטאַט אויפצומאָנען דורך דייטשע זשאַנדאַרמען. עס איז דעמאָלט געגרינדעט גע־וואָרן אַ נייע הערכה־קאָמיסיע אָפּצושאַצן פונדאָסנײַ די צאָלונג־פעאיקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז באַשטימט געוואָרן אַן אַלגעמיינע אסיפה פון די בוחרים אויפן 16טן מאַי, וואָס איז שפּעטער אָפּגעלייגט געוואָרן אויפן 23טן מאַי.

דערווייל האָבן די אַלטע קעגנערס פון ועד הקהל זיך באַנוצט מיט דער גע־לעגנהייט אויפצורייצן דעם עולם, איינרעדנדיק אַז דער צוואַנגשטייער וועט אומ־גליקלעך מאַכן די קהילה, ווייל די רשימה פון די שטייער־צאָלערס, לויט פעסט־געשטעלטע פאַרמעגנס־קלאַסן, וועט קלאָר מאַכן דער דייטשער מאַכט דעם פאַר־מעגן־צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג. די זעלביקע פערזאָנען האָבן פריִער אויך אַגיטירט, אַז מען זאָל ניט צאָלן די אַליין־באַשטייערונג, וואָס האָט געבראַכט צו אַ צוואַנגשטייער. אָבער זיי האָבן געווירקט מיט זייער אַגיטאַציע אין די בתי־מדרשים און אין די פאַראיינען אויפצוהייבן אין שטאָט אַ גאַנצן שטורעם קעגן צוואַנגשטייער. אפילו אין ועד הקהל גופא האָבן זיך געפונען מיטגלידער,

וואָס אויף זיי האָט געמאַכט אַן איינדרוק דער דאָזיקער טומל, און זיי האָבן פּאָרגע־לייגט אויף דער 80טער זיצונג פון 18טן מאַי, אַז מען זאָל ניט דערלאַנגען דער מאַכט די רשימה פון די שטייער־צאָלערס, ביז וואַנען די בוחרים פון די בתי־מדרשים וועלן ניט אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן צוואַנגשטייער.

אויף דער אַלגעמיינער אסיפה, דעם 13טן מאַי 1916, זיינען צוזאַמענגעקומען אַלע איינגעלאַדענע בוחרים פון די בתי־מדרשים. דער פּאָרזיצער פון ועד הקהל האָט איבערגעגעבן דער פאַרזאַמלונג די סיבות, וואָס האָבן געצוואונגען דעם ועד הקהל זיך משתדל צו זיין פאַר דער מאַכט צו באַשטימען אַ צוואַנגשטייער פאַר די הוצאות פון דער יידישער קהילה. די קעגנערס האָבן מיך באַשולדיקט ווי דעם מחבר פון צוואַנגשטייער [6], האָב איך באַוויזן היסטאָריש די נייטיקייט פון צוואַנג־שטייער פאַר דעם עצם קיום פון יעדער יידישער קהילה.

דער דין אין רמב״ם [7] און אין יורה דעה [8] זאָגט אַז מען צווינגט אויף צדקה, און דער וואָס וויל ניט געבן קיין צדקה, אָדער ער גיט ווייניקער וויפל ער דאַרף געבן, צווינגט אים דער בית דין, און מען שלאָגט אים מכות מרדות, ביז ער גיט וויפל מען האָט אים אָפּגעשאַצט צום געבן, און מען גייט אַריין אין זיין פאַרמעגן (נכסים) און מען נעמט פאַר אים אין די אויגן וויפל ער דאַרף געבן, און מען נעמט משכנות אויף צדקה אפילו אין ערבי שבתות. דער דאָזיקער שטרענגער דין איז געווען דער הויפּט־יסוד, וואָס אויף אים האָבן זיך געשטיצט אַלע יידישע קהילות אין דער גאַנצער וועלט אין משך פון יידישן גלות, אויך איצט אין גאַנץ מערב־אייראָפּע און אין גאַנץ רוסיש פּוילן. רבן יוחנן בן זכאי, האָט געגעבן אַ תשובה זיינע תלמידים, וואָס האָבן אים געפרעגט: „ווי אַזוי קענען מיר פון היינט אָן עקסיסטירן ווי אַ פאָלק, אַז דער צענטער פון דער יידישער נאַציע איז חרוב געוואָרן?" — „מיר האָבן אַ צווייטן צענטער, וואָס איז אַזוי וויכטיק ווי דער וואָס איז חרוב געוואָרן, און דאָס איז דער יסוד פון צדקה" [9]. עס איז אַ טעות, וואָס מען פאַרטייטשט „צדקה" ווי אַ נדבה. דער טייטש פון צדקה איז „גערעכ־טיקייט". אין גאַנץ כתבי־הקודש שטייט „צדקה" צוזאַמען מיט „משפּט", ווייל דער באַגריף איז דער זעלביקער, נאָר משפּט לייגט זיך אויף געריכטלעכע ענינים און צדקה אויף סאָציאַ־לע ד״ה געזעלשאַפטלעכע זאַכן. דער אָפּצאָל פון קאָראָבקע פון דער רוסישער רעגירונג, וואָס האָט צעשטערט די קהילה־אָרגאַניזאַציע, און אויף הייוון און זאַלץ אדג״ל אין קלענערע קהילות דורך די געמיינדעס אַליין זיינען אויך פאָרמען פון צוואַנגשטייער, נאָר אומדירעקטע און דע־ריבער אויך אומגערעכטע, ווייל ביי זיי צאָלט דער אָרעמער און מיטעלער פאַרהעלטעניש־מעסיק פיל מער ווי דער רייכערער, און דער רייכער אוכל טרפות צאָלט גאָרניט, בשעת ביי אַ דירעקטן צוואַנגשטייער צאָלט דער אָרעמער גאָרניט, דער מיטעלער ווייניק און דער הויפּט־אָפּצאָל פאַלט אויף די רייכערע.

עס קומט פאָר אויך אין די יידישע געמיינדעס אין מערב־אייראָפּע, אַז רייכע יחידים, קאַרגע מענטשן, טרעטן אַרויס פון דער יידישער געמיינדע, ווערן רעליגיאָנסלאָז און שמדן זיך אפילו כדי ניט צום צאָלן דעם צוואַנשטייער. פונדעסטוועגן באַוועגט עס ניט די אָרטיקע ראשי הקהילה נאָכצוגעבן די דאָזיקע יחידים, ווייל זיי וויסן אז דער צוואַנג־שטייער איז דער הויפּט־יסוד פון דער עקסיסטענץ פון דער יידישער קהילה.

---

6. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מתנגדים פון ועד הקהל האָבן געהאלטן דרשות אין די בתי־מדרשים קעגן מיר ווי דעם מחבר פון צוואַנגשטייער.
7. יד החזקה, הלכות מתנות עניים, פ״ז, ח״י.
8. יורה דעה, ח״ב, רמ״ח; זען אויך כתובות, מ״ח, ע״ב.
9. אבות דרבי נתן, פרק ד׳.

עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אַז ביי אונדז אין ביאַליסטאָק האָט דער צוואַנגשטייער אַרויסגערופן אַזאַ אָפּאָזיציע פון עטלעכע אויפגעקומענע גבירים. אוודאי איז פאַר זייער בייטל פיל צוועקמעסיקער אַן אַליין־באַשטייערונג און נאָך בעסער איז פאַר זיי אַ קאָראָבקע אויף עסנוואַרג, — און די אָרעמעלייט צאָלן, און די גבירים האָבן די דעה.

נאָך אַ לענגערער דעבאַטע איז געבליבן כמעט איינשטימיק דעם צוואַנגשטייער יאָ דורכצופירן, נאָר אים צו באַגרענעצן בלויז אויף די ספּעציעלע הוצאות פון ועד הקהל, אויף רעליגיעזע און קולטורעלע באַדערפענישן, און ווי ווייט עס וועט דערגרייכן די הכנסה צו געבן אויף אונטערשטיצן אָרעמע. דער יערלעכער בודזשעט זאָל אויף אַזאַ אופן אָנטרעפן אַן ערך 60—70 טויזנט רובל, ד״ה 5־6 טויזנט רובל מאָנאַטלעך אַנשטאָט די 10,000, וואָס איז פריער באַשטימט געוואָרן.

פאַר די אַנשטאַלטן זאָל מען זוכן אַנדערע מקורים, פון דער שטאָט־פּאַרוואַל־טונג אָדער פון אַמעריקאַנער געלטן, אָבער דער ועד הקהל זאָל האָבן זיין השגחה און קאָנטראָל אויף זיי. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אויסצוקלייבן צו צוויי נבחרים פון יעדן בית־מדרש צו קאָנטראָלירן און באַשטעטיקן די הערכה.

פאַר דעם צוועק זיינען אויפגערופן געוואָרן פון 28טן מאַי (זונטיק פּ׳ נשא) ביזן 30טן מאַי (דינסטיק פּ׳ נשא) גרופּנווייז בתי־מדרשים פון דער גאַנצער שטאָט לויט זייערע קוואַרטאַלן, וואָס האָבן דורכגעזען, קאָנטראָלירט און באַשטעטיקט די הערכה־רשימות, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטאָט־הויפּטמאַן.

### נייער קריזיס אין ועד הקהל

אָבער בני קורח לא מתו — די קעגנערס פון ועד הקהל און פון צוואַנגשטייער האָבן ניט געשוויגן. זיי האָבן אויפגערודערט דעם סוחרים־פאַראיין, וואָס אין אים זיינען געווען פאַרטראָטן די פאַרמעגלעכערע און רייכערע שיכטן פון שטאָט, אַז די שטייער־ליסטעס וועלן אויף זיי ברענגען אַן אומגליק. דער דאָזיקער פאַראיין האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל נאָך אַ מאָל באַטראַכטן די פראַגע פון צוואַנגשטייער. עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון זיי דעלעגירטע אויף דער 82טער זיצונג, דעם 11טן יוני. אויף דער דאָזיקער זיצונג האָבן זיי געטענהט, אַז די שטייער־ליסטעס וועלן געבן אַ פאַלשן באַגריף וועגן דעם פאַרמעגן־צושטאַנד פון דער יידישער קהילה. דעריבער זאָל מען זיי צוריקרופן. דער פאָרזיצער האָט באַוויזן, אַז עס איז אַן אומזיסטער פחד. עס איז אָבער געבליבן, אַז די פראַגע זאָל מען שטעלן צו אָפּשטימונג.

אין דער דאָזיקער זיצונג האָבן אָנטייל גענומען נאָר 17 מיטגלידער פון ועד הקהל, און פון זיי האָבן זיך 11 שטימען אַרויסגעזאָגט דערפאַר און 6 קעגן. נאָך דער דאָזיקער אָפּשטימונג האָט זיך א. טיקטין אָפּגעזאָגט צו זיין אַ פאָרזיצער פון ועד הקהל און א. לאַפּידוס, לייב אייזנשטאָט ווי געהילפן.

צום אייבער־בירגערמייסטער איז צוגעשטעלט געוואָרן אַ פאָדערונג אָפּצושיקן

צוריק די הערכה־ליסטע, און א. טיקטין האָט אים אַריינגעשיקט זיין דעמיסיע.

דער ועד הקהל האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ זייער קריטישער לאַגע. דער־ווייל האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז פאַרשיידענע קלאַנגען, וואָס די קעגנערס האָבן פאַרשפּרייט כדי בולטער פאַרצושטעלן די געפאַר פון שטייער־ליסטעס און וואָס האָבן געווירקט אויף דער אָפּשטימונג, האָבן זיך אויסגעלאָזן פאַר פאַלשע. האָבן דעריבער די מיטגלידער פון ועד הקהל, וואָס האָבן אָפּגעשטימט צוריקצו־פאָדערן די שטייער־ליסטעס זיך געפילט שולדיק. און אויף דער 83טער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן איינשטימיק, אַז צוליב ערלעכער און טאַקטפולער הנהגה פון ועד הקהל דורך דעם פאָרזיצער א. טיקטין און צוליב דעם, וואָס עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל קענען פאַרנעמען זיין אַמט אים תיכף צו שרייבן אַ דאַנקבריוו פאַר זיין פרוכטבאַרער און נוצלעכער טעטיקייט און אים גלייכצייטיק צו בעטן צוריקנעמען זיין אַמט פון פאָרזיצער אין ועד הקהל.

עס זיינען דעלעגירט געוואָרן פון ועד הקהל די מיטגלידער: שמואל ראָזענ־טאַל, משה זעלמאַנס, בערל דאָמעראַצקי, משה גאָטליב איבערצוגעבן א. טיקטינען אַ בריוו, געשריבן אין העברעאיש. באַלד נאָך דעם איז אויפגערופן געוואָרן אַ זיצונג, וואו א. ש. הערשבערג און באַקסט האָבן איבערגעגעבן די תשובה פון שטאָט־הויפּטמאַן אויף דער דעמיסיע פון פאָרזיצער מיט זיינע געהילפן: 1) זיי האָבן דאָס רעכט ניט געהאַט צוליב דער וויכטיקייט פון זייער אַמט זיך אָפּצוזאָגן, כל־זמן עס זיינען פריער ניט געוויילט געוואָרן מיט דער זעלביקער אָרדענונג אַנדערע אויף זייערע ערטער; דעריבער מוזן דער פאָרזיצער און זיינע געהילפן בלייבן אויף זייערע ערטער לויטן רעגירונג־באַפעל, און דער פאָרזיצער איז פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דער הנהגה פון דער קהלה; 2) דער צוואַנגשטייער איז באַ־שטעטיקט געוואָרן, און דעריבער וועט ער די אַריינגעשיקטע שטייער־ליסטעס ניט צוריקגעבן צוליב עטלעכע אומצופרידענע מיטגלידער און וועט פון היינט אָן איינמאָנען דעם געמיינדע־שטייער מיט דער גרעסטער שטרענגקייט; 3) די שטייער־ליסטעס האָבן קיין שום ווירקונג ניט אויפן אויפשטעלן די באַשטייערונג מצד דער מאַכט, וואָס די ליסטעס פאַר דעם זיינען שוין פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ פאָר וואָכן פריער, איידער עס זיינען דערלאַנגט געוואָרן די שטייער־ליסטעס פון דער יידישער געמיינדע.

דער פאָרזיצער מיט זיינע געהילפן האָבן תיכף פאַרנומען זייערע ערטער. און פון דעמאָלט איז דער צוואַנגשטייער אַריינגעגאַנגען אין לעבן. די אויפמאָנונג פון דעם קהילה־שטייער ביי די ניט־צאָלערס צווישן זיי ביי די הויפּט־קעגנערס, איז געמאַכט געוואָרן דורך דייטשע זשאַנדאַרמען, מיט צוואַנג.

דער שטייער, וואָס איז פאַרקלענערט געוואָרן ביז 10,000 מאַרק מאָנאַטלעך, איז אין פאַרלויף פון 6 מאָנאַטן, צוליב דער אַלץ ערגערער לאַגע פון דער באַפעל־קערונג, ווידער פאַרקלענערט געוואָרן אויף עטלעכע טויזנט מאַרק מאָנאַטלעך, אַזוי אַרום אַז די צאָלערס זיינען געבליבן נאָר די פאַרמעגלעכערע און רייכערע.

מיר ברענגען דאָ די הכנסה פון צוואַנגשטייער לויט חדשים נאָך.

| | |
|---|---|
| סוף נאָוועמבער און | |
| דעצעמבער 1915 | 7,622.45 רובל |
| יאַנואַר 1916 | 5,049.00 |
| פעברואַר | 3,421.00 |
| מאַרץ | 5,366.00 |
| אַפּריל | 4,945.10 |
| מאַי | 3,796.35 מאַרק |
| יוני | 3,610.65 |
| יולי | 2,819.05 |
| אויגוסט | 2,596.70 |
| סעפּטעמבער | 5,311.49 |
| אָקטאָבער | 8,364.90 |
| נאָוועמבער | 3,194.40 |
| דעצעמבער | 4,632.65 |
| יאַנואַר 1917 | 5,797.85 |
| פעברואַר | 5,463.55 |
| מאַרץ | 6,354.20 |
| אַפּריל | 4,550.60 |

דורכשניטלעך האָט דער צוואַנגשטייער אַריינגעטראָגן 5,458 מאַרק מאָנאַטלעך, רעכענענדיק פון סעפּטעמבער 1916, וואָס פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבן אויפצומאָנען דעם שטייער מיט צוואַנג. דאָס איז פאַרהעלטניש־מעסיק אַ גאַנץ קליינע סומע פון אַ יידישער באַפעלקערונג פון 38,500 נפשות, ווי זי האָט זיך גערעכנט אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע, לויט דער צאָל ברויט־קאַרטעס.

דער דאָזיקער שטייער האָט כמעט באַפרייט פון צו צאָלן אַנדערע מאָנאַטלעכע און יערלעכע צאָלונגען אין די חברות אין ביאַליסטאָק, וואָס האָבן אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע כמעט אָפּגעשטעלט זייער טעטיקייט, און זייערע הכנסות האָבן ניט געדעקט זייער הוצאות אויף די איינקאַסירערס.

די הכנסה פון צוואַנגשטייער האָט נאָר געקענט דעקן די קליינע הוצאות פון דער אַזוי גערופענער „קולטוס־געמיינדע", אויף אויסצוהאַלטן רבנים, שוחטים און דעם פּערסאָנאַל און הוצאות פון ועד הקהל גופא. אָבער דער ועד הקהל האָט זיך משתדל געווען אויסצואַרבעטן נאָך אַנדערע הכנסות פאַר די באַדערפענישן פון זיינע אנשטאַלטן און אויף אונטערשטיצן די אָרעמע באַפעלקערונג.

## ד. די פאַרשיידענע הכנסות פון ועד הקהל

### דער פלייש־פאַרקויף

אויסער דעם צוואַנגשטייער איז געווען די צווייטע ספּעציעלע הכנסה פון דער קהילה — דער פלייש־פאַרקויף. די הכנסה פון דער קאַראָבקע איז שוין אין

דעם ערשטן מלחמה־יאָר שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן. דעם 27טן אָקטאָבער 1915 האָט דער ועד הקהל איבערגענומען די הנהגה פון דער קאַראָבקע, און שוין אין דעצעמבער האָט דער שטאָט־הויפּטמאַן מבטל געמאַכט די קאַראָבקע. אַנשטאָט דעם האָט דער ועד הקהל באַקומען ווי אַ פאַרגיטיקונג דאָס רעכט פון דעם אַליינינקן פלייש־פאַרקויף פאַר דער גאַנצער שטאָט. דער ועד הקהל פון זיין זייט האָט עס איבערגעגעבן די קרעמערס.

אָבער אַזוי לייכט האָט זיך אים דאָס ניט איינגעגעבן, ווייל די גרויסע יידי־שע קצבים־שפּעקולאַנטן האָבן זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט ווי קאָנקורענטן און האָבן געוואָלט דעם פלייש־פאַרקויף באַקומען פאַר זיך אַליין. זיי האָבן מערערע מאָל זיך אונטערגעגראָבן אונטערן ועד הקהל דורך בעסערע באַדינגונגען, וואָס זיי האָבן פאַרגעלייגט, און גרעסערע פרייזן פאַרן פלייש. אָבער יעדער מאָל האָט זיך איינגעגעבן דעם ועד הקהל זיי מנצח צו זיין, דאָס האָט אָבער פאַרשאַפט דעם ועד הקהל פיל אַרבעט. און די פראַגע פון פלייש איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף 12 זיצונגען.

איין מאָל איז דער ועד הקהל איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה מיט די קצבים, אַז זיי זאָלן באַקומען אַ העלפט פלייש אַזוי ווי די קרעמערס. אָבער עס האָט זיך תיכף אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן ניט געמיינט אַזוי דעם קליינעם פאַרדינסט פון איינצל־פאַרקויף ווי צו פאַרדעקן דערמיט זייער האַנדל מיט „בשר חוץ" און אַראָפּצו־שטופּן פון פלאַץ די געפערלעכע קאָנקורענץ פון ועד הקהל, אָדער „קאָמענדאַנטן־פלייש". זיי פלעגן פיל מער שעכטן ווי דער ועד הקהל, וואָס האָט באַקומען פון דער רעגירונג נאָר אַ באַשטימטע געוויכט פלייש יעדע וואָך. זיי פלעגן שעכטן זייערע בהמות געהיים, דורך זייטיקע שוחטים, אויסער דער השגחה פון דעם בית־דין און דער קהלה. אָבער די בהמות, וואָס זיי פלעגן אַליין אויפקויפן איז געווען קאָנטראַבאַנד, ווייל די אָקופּאַציע־מאַכט האָט פאַרבאָטן דאָס קויפן און שעכטן בהמות אויסער די וואָס זי גיט, האָבן די קצבים געדאַרפט האָבן דעם פאַרקויף פון ועד הקהל־פלייש כדי צו קענען פאַרקויפן אָפן זייער פלייש.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ. זיי פלעגן זייער שטאַרק אויסנוצן דעם פלייש־פאַרקויף, בעת דער פרייז פון דעם ועד־פלייש, וואָס איז געווען שווער צו באַקומען — צוליב דער גרויסער ריי איז געווען 1.85 מאַרק אַ פונט, פלעגן זיי פאַרקויפן פלייש צו 2.50 מאַרק אַ פונט. ווי נאָר זיי זיינען אַריין אין שותפות, האָבן זיי זיך נאָך אַ פאַרלויף פון אַ קורצער צייט אָפּגעזאָגט צוזאַמען מיט די קרעמערס פון דעם ועד פלייש־פאַרקויף, אויפווייזנדיק אַז זיי האָבן דער־לייגט פיל געלט. דער ועד האָט זיך צוליב דעם אָפּגעזאָגט פון צו נעמען פלייש ביים שטאָט־הויפּטמאַן פאַרן פרייז פון 98.51 מאַרק אַ צענטער לעבעדיק פלייש, און דער ועד האָט קיין פלייש ניט געהאַט פון 31טן יאַנואַר ביזן 13טן מאַרץ.

דעם 29טן אויגוסט 1916 האָט דער ועד דאָס לעצטע מאָל ווידער אָפּגעגעבן אַ העלפט פלייש די קצבים, אָבער מיטן תנאי, אַז זיי זאָלן פאַרקויפן זייער פלייש פאַר דעם זעלביקן פרייז ווי דעם ועד־פלייש. אַזוי ווי זיי האָבן דעם תנאי

ניט געהאַלטן, האָט מען ביי זיי דעם פאַרקויף ווידער אָפּגענומען און נאָך דעם האָט שוין דער ועד ניט געוואָלט איינגיין אויף קיין שום קאָמבינאַציעס מיט די גרויסע קצבים און האָט געהאַלטן דעם פלייש־פאַרקויף נאָר ביי די העקער־קצבים. די קצבים־שפּעקולאַנטן האָבן נאָך איין מאָל געפּרוווט מאַכן לפּנים שותפות מיט די קריסטלעכע פלייש־פאַרקויפערס כדי דורך זיי אַרויסצונעמען דעם פלייש־פאַרקויף פון דעם ועד׳ס הענט, אָבער דאָס האָט זיך ניט איינגע־געבן.

לויט ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון די חשבונות, האָט דער פלייש־פאַרקויף איינ־געבראַכט:

אין נאָוועמבער 1915 — קאַראָבקע 3,360.40 רובל; אין דעצעמבער — אָן קאַראָבקע 2,532.15 רובל; אין יאַנואַר 1916 — 3,402.03; מאַי — 1,610.40 רובל; יוני — 6,866.50 מאַרק; יולי — 1,050.58 מאַרק; אויגוסט — 2,305.61 מאַרק; סעפּטעמבער — 2,466.60 מאַרק; אָקטאָבער — 1,772.71 מאַרק; נאָוועמבער — 3,196.30 מאַרק; דעצעמבער — 2,461.90 מאַרק; יאַנואַר 1917 — 3,803.49 מאַרק; פעברואַר — 3,143.15 מאַרק; מאַרץ — 2,772.77 מאַרק; אַפּריל — 1,704.85 מאַרק.

אויסער דעם פלייש־פאַרקויף האָט דער ועד הקהל אַ געוויסע צייט געהאַט אַ זייטיקע הכנסה פון פלייש־אָפּפאַל (פּאָדראָבן).

באַלד אין אָנהייב אָקופּאַציע, ווי די דייטשע מאַכט האָט אָנגעהויבן צו שעכטן בהמות פאַרן מיליטער, האָבן צוויי לאָדזשער יידישע פּאָדריאַטשיקעס אָפּגענומען ביי איר דעם גאַנצן פּאָדריאַד פון די געשאָכטענע בהמות פאַר אַ קליינעם פּרייז, און כדי זיי זאָלן קענען דערגרייכן אַ גרעסערן פּרייז, האָבן זיי אויסגעפּועלט, אַז די בהמות פאַר מיליטער זאָלן אויך געשאָכטן ווערן אויף כשר. זיי זיינען וועגן שחיטה־געלט דורכגעקומען מיט די פּראָוויזאָרישע מנהיגים פאַר אַ קלייניקייט — צו אַ רובל פון בהמה, אָבער דער ועד הקהל האָט זיך אַרומגעזען, אַז די פּאָדריאַדן זיינען אַ גרויסע הכנסה אויף כשר, האָט ער גע־שטעלט גאַנץ אַנדערע פאָדערונגען צו די פּאָדריאַטשיקעס, וואָס האָבן געמוזט אויף זיי איינגיין, און צום לעצטן זיינען זיי מרוצה געוואָרן אָפּצולאָזן פאַר אַ געוויסן פּרייז דעם גאַנצן פאַרקויף פון די פּאָדראָבן דעם ועד הקהל, וואָס האָט פון זיין זייט אָפּגעלאָזן אַ טייל פּאָדראָבן די יידישע קאָנסום־פאַראיינען און האָט אָוועקגעשטעלט לטובת דער יידישער באַפעלקערונג נידעריקערע פּרייזן אויף זיי. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט. שפּעטער האָבן די קריסטלעכע פליי־שערס געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי אָפּגעבן די פּאָדראָבן און פון דעמאָלט אָן האָט מען אויפגעהערט צו שעכטן בהמות פאַר מיליטער אויף כשר, און ממילא איז בטל געוואָרן דאָס געשעפט פון די פּאָדראָבן.

### האַנדל מיט פּראָדוקטן

כדי צו געפינען קוואַלן פון הכנסה, האָט דער ועד הקהל געהאַנדלט אויך מיט לעבנסמיטל־פּראָדוקטן, למשל: אין קאַסע־רעכענונג פון נאָוועמבער 1915 איז פאַרצייכנט אַ הכנסה פון 3,942.99 רובל פון קאָרן־האַנדל, 456.23 פון אַ וואַגאָן

קאַרטאָפל־מעל, אין רעכענונג פון דעצעמבער — 450 רובל פון אַ וואַגאָן זאַלץ, 33.20 רובל פון פיש און פון ענלעכע געשעפטן.

דער וועד הקהל האָט אויסגעשריבן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג דורכן שטאָט־הויפטמאַן פראָדוקטן: וואַגאָנעס צוקער, הערינג, מאַנטשקע (מעל־צוקער) און פאַרשיידענע גרינסן.

דער וועד הקהל האָט זיך משתדל געווען צו באַקומען פון דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג דעם אליינינקן פאַרקויף פון אַלע דרויסנדיקע לעבנס־מיטל־פראָדוקטן אויף צו פאַרקויפן ווייטער ווי ווייט מעגלעך דירעקט קעגן אַ קליינעם פראָצענט קאָמיסיע. די כוונה איז געווען אַ צווייאיקע: צו באַקומען אַ געוויסע הכנסה און גלייכצייטיק צו רעגולירן די פרייזן אויף אַלע לעבנסמיטל־פראָדוקטן. אָבער דאָס האָט זיך דעם וועד הקהל ניט איינגעגעבן, ניט צוליב זיין שולד. און דעריבער טאַקע האָט זיך איינגעגעבן די שפּעקולאַנטן צו פאַרטייערן די פרייזן אויף אַלע פראָדוקטן, איבערהויפּט אויף צוקער, מאַנטשקע, גאַזע אד״גל.

אָבער נאָך דעם אַלעם האָט נאָך אַלץ דער וועד הקהל ניט געהאַט קיין מיט־לען צו דעקן אַלע נייטיקע הצטרכותן, איבערהויפּט צו שטילן דעם הונגער פון דער אָרעמער באַפעלקערונג. די רעזערוויסטקעס, פרויען פון די יידישע סאָל־דאַטן פון דער רוסישער אַרמיי און פון מיליטער־פליכטיקע יונגע־לייט, אָפּ־געשיקטע דורך דער דייטשער רעגירונג אין געפאַנגען־לאַגער (די דייטשע רע־גירונג האָט דערמיט צעבראָכן יונגע פאַמיליע־לעבנס; עס איז געווען אַן אויסטערלישע גזרה!) האָבן שטענדיק באַלאַגערט דעם וועד הקהל און האָבן אים פּשוט געשטורעמט מיט זייערע געשרייען און פאָדערונגען. די פראַגע פון די רעזערוויסטקעס איז באַטראַכט געוואָרן אויף 4 זיצונגען.

די אַרבעטער האָבן געשטעלט אַ פאָדערונג צו גרינדן אַ באַזונדערע קיך פאַר אַרבעטלאָזע, וואָס איז שפּעטער דערפילט געוואָרן, און עס איז זיי אָפּגעגעבן גע־וואָרן פראָוויזאָריש דאָס הויז פון דוד סוכאָוואָלסקי (אָפּגעקויפט אויף עולמות פון העלענע טרילינג). דער וועד האָט געגעבן אַ געוויסע אונטערשטיצונג אָט דער קיך. אויסער דעם האָט דער וועד הקהל געמוזט אויסהאַלטן אַלע קהלשע אַנשטאַלטן: דעם שפּיטאָל, מושב־זקנים, תלמוד־תורה, בית־יתומות, גן־ילדים, וואָס דאָס אַלץ האָט געפאָדערט גרויסע הוצאות, און די הכנסה־קוואַלן פון וועד הקהל זיינען געווען קליין.

דער וועד הקהל האָט געהאַלטן אין איין זוכן נייע מקורים פאַר הכנסה. עס איז ביי אים געבליבן פאַר דעם צוועק צו גרינדן אַ לאָטעריי נאָך אַ באַשטימטן פּלאַן, און ער האָט זיך דעריבער געווענדט דעם 14טן דעצעמבער 1915 מיט אַ בקשה צום שטאָט־הויפטמאַן, יענער האָט אָבער אָפּגעזאָגט. עס האָט געהאַלטן עטלעכע מאָל, אַז דער וועד הקהל זאָל זיך אַריינלאָזן אין גרויסע געוואַגטע אונ־טערנעמונגען, נאָר אברהם לאַפּידוס מיט זיין פּראַקטישן קריטישן בליק האָט עס יעדער מאָל אָפּגעהאַלטן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ער געווען גערעכט.

### אונטערשטיצונגען פון אויסלאַנד

דער ועד הקהל האָט זיך געהאַט געווענדט וועגן אונטערשטיצונג קיין אויס־לאַנד. לויטן פאָרשלאַג פון א. ש. הערשבערג, האָט זיך דער ועד הקהל גע־ווענדט מיט אַ טעלעגראַם דעם 3טן דעצעמבער 1915 קיין ניו יאָרק (אויפן אַדרעס פון יאַקאָב שיף און אַ קאָפּיע צום ביאַליסטאָקער רעליף) צו שיקן אונטערשטי־צונגען דער הונגעריקער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג. די טעלעגראַם איז באַזאָרגט געוואָרן דורכן שטאַט־הויפּטמאַן צום אויסלענדישן מיניסטעריום אין בערלין, און פון דאָרט איז זי אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ניו־יאָרק. אויף דער דאָזיקער טעלעגראַם האָט דער ועד הקהל באַקומען צום ערשטן מאָל, דורכן בערלינער הילפספאַראיין, דעם 18טן יאַנואַר 1916 — 5,000 מאַרק דורך זיינעם אַ מיטגליד, וואָס האָט דאָ געדינט ווי אַ ציין־דאָקטאָר. דאָס איז געווען אַ געוויסער דאָקטער פרענקל [10].

דאָס צווייטע מאָל איז שוין דאָס געלט געקומען דירעקט אין מאַרץ 1916, — 50,000 מאַרק. פון ביאַליסטאָקער רעליף אין ניו־יאָרק איז אין פעברואַר 1916 אָנגעקומען 2,000 מאַרק. דער ועד הקהל האָט זיך געווענדט וועגן הילף צו דער אַמעריקאַנישער סעקציע ביי דער וואַרשעווער געמיינדע, האָט ער באַקומען 1,000 מאַרק אין מאַרץ פאַר היימלאָזע. חוץ דעם איז אָנגעקומען דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קאָפּענהאַגן, אויפן אַדרעס פון א. ש. הערש־בערג, 2,000 מאַרק. דורך דער זעלביקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז אין נאָוועמבער 1916 אָנגעקומען 2,300 אויף הלבשה. פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָ־מיטעט דורך ש. ראָזענבוים, אין מערץ 1917 איז אָנגעקומען 2,000 מאַרק.

אָבער די גרעסטע רעגולערע מאָנאַטלעכע אונטערשטיצונג האָבן מיר באַ־קומען פון אַמעריקע דורכן הילפס־פאַראיין פון דייטשע יידן אין בערלין. מיר האָבן זיך צו אים געווענדט וועגן אונטערשטיצונג. האָבן ווי אַן ענטפער אונדז באַזוכט פערזענלעך ד״ר פּאול נאַטאַן, דער פאָרזיצער, מיטן הויפּט־סעקרע־טאַר ד״ר בערנאַרד כהן, און האָבן אָנטייל גענומען אין דער 39טער עקסטראַ־זיצונג פון ועד הקהל, דעם 29טן דעצעמבער 1915.

אויף דער דאָזיקער זיצונג — האָט דער פאָרזיצער פון ועד הקהל אָפּגע־געבן די געסט אַ גענויעם באַריכט וועגן דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק און וועגן בודזשעט פון איר יידישער קהילה און אירע נייטיקע הצטרכותן. צו מאָרגנס האָט ד״ר בערנאַרד כהן באַזוכט אַלע קהלשע אַנשטאַלטן. די דאָזיקע דעלעגירטע פון הילפספאַראיין, וואָס איז געוואָרן דער באַזאָרגער פון דעם גאַנצן הילפסגעלט פון אַמעריקע פאַר אַלע אָקופּירטע שטעט, האָבן דעמאָלט צוגעזאָגט פאַר ביאַליסטאָק 20,000 מאַרק מאָ־

---

10. מאַקס באַראַש וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ קעגנער פון דעם ועד האָט געוואָלט אויסנוצן זיין באַקאַנטשאַפט מיט ד״ר פרענקל, כדי דאָס געלט זאָל ניט אַריינקומען צום ועד. אָבער קעגן דעם ווילן פון מ. באַראַש האָט דער ועד באַקומען דאָס געלט.

נאָטלעכע אונטערשטיצונג, זיי האָבן זייער הבטחה מקיים געווען, און פון מאַרץ 1916 האָט ביאַליסטאָקער ועד הקהל באַקומען מאָנאַטלעך רעגולער 20,000 מאַרק.

דאָס געלט איז לויט אַ באַשלוס פון ועד הקהל אָפּגעגעבן געוואָרן נאָר אויף אונטערשטיצן די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג, וואָס איר נויט איז געווען שרעקלעך, איבערהויפּט אין בעלי־בתישע בכבודיקע, אַראָפּגעקומענע פאַמיליעס, וואָס די מלחמה האָט אונטערגעריסן די חיונה־מעגלעכקייטן פאַר זיי.

### אונטערשטיצונגען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג

אָבער די הילף פון אויסלאַנד איז אַלץ געווען וויניק אויף צו דעקן די אַלע נייטיקע הוצאות פון ועד הקהל, אויף צו שטיצן די אָרעמעלייט, וואָס זייער צאָל איז מיט יעדן טאָג געוואַקסן אַלץ מער און גרעסער.

אין פאָלקסקיך האָט מען אין נאָוועמבער 1915 אַרויסגעגעבן סך־הכל 70,485 מיטאָגן, אין דעצעמבער 1915 — 110,882 מיטאָגן, אין אַפּריל 1916 — 123,580 מיטאָגן. אין תלמוד־תורה־קיך 14,306 מיטאָגן במשך פון אַ חודש. אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1917 האָט די צאָל טעגלעכע מיטאָגן דערגרייכט ביז 6,000 אין דער פאָלקסקיך און 300 אין דער תלמוד־תורה־קיך. אין דעם זעל־ביקן מאָסשטאָב זיינען געשטיגן די אונטערשטיצונגען פאַר אָרעמע פאַמיליעס מיט לעבנס־פּראָדוקטן און געלט.

האָט דער ועד הקהל פון אָנהייב אָן זיך משתדל געווען ביים שטאָט־הויפּטמאַן, ער זאָל אַרויסגעבן דער יידישער קהילה אַ מאָנאַטלעכע אונטערשטי־צונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די ערשטע צייט האָט דער ועד הקהל גע־פאָדערט, לויט זיין בקשה פון 2טן נאָוועמבער 1915, צו גרינדן אַ שטאָטישע הילף־אָרגאַניזאַציע פאַר די רעזערוויסטקעס.

### עס ווערט געשאַפן דער פרויען־קאָמיטעט

ענדלעך האָט מען ביים שטאָט־הויפּטמאַן אויסגעווירקט די געפאָדערטע אונטערשטיצונג. דאָס איז געשען אַזוי: אויף אַ זיצונג אין ועד הקהל האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אַ גרויסע צאָל רעזערוויסטקעס מיט אַ געשריי, אַז מען גיט זיי פאַרפוילטע קאַרטאָפל; איינע האָט געוואָרפן אַ פאַרפוילטע קאַרטאָפל דעם פאַר־זיצער אין פּנים אַריין. אויף מאָרגן בין איך מיט לייב אייזענשטאָט געגאַנגען צום שטאָט־הויפּטמאַן און האָבן עס אים איבערגעגעבן. איך האָב אים געפרעגט, פאַר וואָס שטייען מיר ערגער פאַר לאָדזש און וואַרשע, וואָס דאָרט באַקומען די רעזערוויסטקעס אונטערשטיצונג. האָט ער מיר געענטפערט, אַז ספּעציעל רעזער־וויסטקעס וועט ער ניט אונטערשטיצן, אָבער ער וועט אַרויסגעבן געלט־אונטער־שטיצונג פאַר אַ גרויסער צאָל אָרעמע — מעגן זיין צווישן זיי רעזערוויסטקעס, — אָבער מיט דעם באַדינג, אַז די אויספאָרשונג איבער דעם ריכטיקן צושטאַנד פון די מקבלים זאָל געמאַכט ווערן ניט דורך אונדזערע אָנגעשטעלטע, נאָר

דורך אַ דאַמען־קאָמיטעט, ווי עס פירט זיך אין דייטשלאַנד, ווייל די פרויען זיי־נען נאָך זיין מיינונג פּאַסיקער אַריינצודרינגען אין די פאַרהעלטענישן פון די אָרעמע פאַמיליעס.

די ידיעה איז אויפגענומען געוואָרן פון ועד הקהל מיט גרויס צופרידנקייט, און ער האָט תיכף איינגעלאַדן עטלעכע בעלי־ביתישע פרויען, טוערינס אין דער פאָלקסקיך און אין דעם היימלאָזן קאָמיטעט, אַזוי ווי ראַשעל ראַבינאָוויטש, דאָרע און שרה זאַבלודאָווסקי — אויף אַן אסיפה (דעם 2טן דעצעמבער 1915). יענע פרויען האָבן אויפגעשטעלט אַ רשימה פון אַ פרויען־קאָמיטעט.

אויף דער ערשטער זיצונג פון פרויען־קאָמיטעט וואָס איז אַנגעפירט געוואָרן דורכן פאָרזיצער פון ועד הקהל, איז געווען אויך דער שטאָט־הויפטמאַן. עס איז פאָרגעלייענט געוואָרן פאַר די פאַרזאַמלטע פרויען, אַז זייער אויפגאַבע איז צו מאַכן אין דער גאַנצער שטאָט, לויט אַן איינטיילונג אין קוואַרטאַלן און גאַסן, אַ גענויע אויספאָרשונג וועגן די באמתדיקע נויטבאַדערפטיקע און איבערגעבן די רשימה דעם ועד הקהל, וואָס וועט צעטיילן צווישן זיי די סומע, וואָס ער וועט באַקומען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אָבער נאָך דעם ווי דער דאָזיקער פרויען־קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן, דורך דער השתדלות פון ועד הקהל, האָבן עטלעכע פון די אָנפירנדיקע עסקניות זיך געלאָזט איינרעדן פון די קעגנערס פון ועד הקהל צו ווערן זעלבשטענדיק, און זיי זאָלן אַליין באַקומען די אונטער־שטיצונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און עס אַליין צעטיילן. און זיי האָבן עס לייכט אויס־געפועלט ביים שטאָט־הויפטמאַן[11]. דאָס האָט זייער פיל געשאַט דער אַלגעמיינער פּאָפּולער־ניקנדיקער טעטיקייט פון ועד הקהל, און עס איז אויך ניט געווען קיין קאָנטראָל איבער דער פאַרטיילונג פון דעם געלט.

## ה. דער ועד הקהל ווי דער פאַרזאָרגער פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דער ועד הקהל האָט געזאָרגט פאַר אַלע אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע פאַ־מיליעס זיי צו אונטערשטיצן מיט שפייז־פּראָדוקטן, איבערהויפּט מיט ברויט און געלט־אונטערשטיצונג. ער האָט אויך געהאָלפן מיט שטיינקוילן און האָלץ, וואָס ער האָט באַקומען דעם ערשטן ווינטער, נאָך גרויס השתדלות, דורכן שטאָט־הויפטמאַן, ביי דער דייטשישער פאָרסטעריי און קאָמענדאַטור. שטיינקוילן און האָלץ האָט מען צעטיילט אומזיסט, לפי חשבון פון דעצעמבער 1915, קוילן צווישן 2,050 פאַמיליעס און האָלץ — 387 מעטער. חוץ דעם האָט דער ועד הקהל געהאָט פאַרקויף־שטעלן פון פודאָווע האָלץ צו קאָסטפּרייז. דאָס האָט געבראַכט גרויסן נוצן דער יידישער באַפעלקערונג, ווייל עס האָט פאַרמידן די

11. מען האָט עס אויסגעפועלט מיט דער הילף און רעקאָמענדאַציע פון די פעלד־ראַ־בינערס, ווי ד״ר ווינטער, ד״ר ראָזענהאַק און זייער פריינט מאַקס באַראַש.

שפּעקולאַציע מיט האָלץ. דער ועד הקהל איז געווען דער ערשטער וואָס האָט באַלד דעם 2טן נאָוועמבער 1915 אויסגעשריבן דורכן שטאָט־הויפּטמאַן וואַגאָנעס צוקער און לעבנסמיטל־פּראָדוקטן פון דייטשלאַנד. דורך זיין אונטערשטיצונג איז געגרינדעט געוואָרן די אַרבעטער־קיך, און דער ועד הקהל האָט זיך משתדל געווען דעם 10טן נאָוועמבער 1915 וועגן אַן אונטערשטיצונג פאַר איר פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס זי האָט באַקומען די גאַנצע צייט 650 רובל וועכנטלעך.

זייער פיל האָט זיך משתדל געווען דער ועד הקהל צו רעגולירן דעם פאַרקויף פון קאַרטאָפל, וואָס איז געווען דער הויפּט שפּייז־פּראָדוקט אין דער גאַנצער מלחמה־צייט. דאָס ערשטע יאָר איז קאַרטאָפל פאַרקויפט געוואָרן דורך דער רעגירונג פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג אָן קאַרטן און מאַנגאַל, איז ממילא דאָרט געווען אַ גרויסע ריי און געדראַנג. צו פאַרטרייבן דעם עולם פלעגן די דייטשע באַאַמטע — די פאַרטיילערס — באַנוצן דאָס באַשפּריצן דעם עולם דורך פאַזשאַרנע קישקעס. דורך דער השתדלות פון ועד הקהל איז דער קאַרטאָפל־פאַרקויף איבערגעגעבן געוואָרן פון ועד צו פאַרשיידענע ערטער אין די קאָנסום־פאַראיינען.

אין 1916 האָט דער ועד הקהל אָפּגעקויפט אויף ווינטער ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג 30 וואַגאָן קאַרטאָפל און שפּעטער, בשעת דער דוחק אין קאַרטאָפל איז געווען גרויס אין שטאָט, האָט ער זיי פאַרקויפט אין פאַרשיידענע פאַרקויף־שטעלן דורך די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער.

דעם ועד הקהל איז אויך אויסגעקומען צו זאָרגן וועגן פיש פאַר דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג.

דעם ועד הקהל איז איבערגעגעבן געוואָרן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג דער פאַרקויף פון סאַכאַרין פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. האָט ער פאַרטיילט סאַכאַרין־קאַרטן מיטן שטעמפּל פון ועד הקהל און ער האָט באַשטימט פאַרקויפשטעלן: עטלעכע בתי־מדרשים, דעם צענטראַל־קאָנסום־פאַראיין און דעם לאָקאַל פון ועד הקהל. דעמאָלט איז קיין צוקער ניט געווען אין שטאָט, און סאַכאַרין איז געווען פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג דער „ערזאַץ" פון צוקער, וואָס אָן אים האָט מען זיך ניט געקענט באַגיין.

מחמת דעם גרויסן יקרות אויף שוכוואַרג, ביז 60—80 מאַרק אַ פּאָר שיך, האָט דער ועד הקהל געגרינדעט אַ שוסטעריי־וואַרשטאַט, ווייל ער האָט אויסגעפועלט אין דייטשישן אַמט פאַר רוי־מאַטעריאַלן זוילן־לעדער פאַר ביליקע פּרייזן (אין סעפּטעמבער 1916). די שוסטעריי איז געווען אויפן הויף פון מאיר פיש אויף גומיענער גאַס. דאָרטן האָט מען אויסגעאַרבעט אַלע סאָרטן שוכוואַרג: מענערשע, ווייבערשע און קינדערשע, פאַר ביליקע פּרייזן: פון 7.50 מאַרק קינדערשע ביז 20 מאַרק ווייבערשע. אין דעם דאָזיקן שוסטעריי־וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט ביז עטלעכע און דרייסיק אַרבעטער. אָבער אַזוי ווי מען האָט שפּעטער קיין זוילן־לעדער פאַר ביליק מער ניט געקענט באַקומען, האָט מען געמוזט די שוסטעריי אָפּשטעלן.

דער ועד הקהל האָט באַקומען 2 מאָל פון קעניגסבערגער הילפספאַראיין (דעצעמבער 1915 און מאַרץ 1916) צו וואַגאָן באַקלײדונג־זאַכן און באַשוכונג צו 300 פוד, וואָס ער האָט צעטיילט צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג.

דעם 9טן אָקטאָבער 1916 האָט דער ועד הקהל באַקומען פון קאָפּענהאַגענער ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט 50 קאַסטן קאָנדענסירטע מילך צו פאַרטיילן פאַר זויגקינדער און קראַנקע פון דער יידישער באַפעלקערונג. דערפון האָט די מאַכט אָפּגענומען 30 קאַסטן פאַר די קהילות פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך און 20 קאַסטן, צו 48 פושקעס מילך, איז פאַרטיילט געוואָרן אין ביאַליסטאָק. נאָך דעם האָט מען ווידער באַקומען פון דאָרטן (דעם 10טן יאַנואַר 1917) 40 קאַסטן מיט 1,878 פושקעס, וואָס זיינען פאַרטיילט געוואָרן צווישן 704 קראַנקע און זויגקינדער אין 1,822 מאָל.

דער ועד הקהל האָט איבערגענומען אויף זיך צו באַזאָרגן אויף יעדן פסח די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג מיט מעל אויף מצה און אויך צו באַקן מצה אויף צו פאַרקויפן צו קאָסטפּרייז כדי ניט צו דערלאָזן די פאַרטייערונג פון מצה. ער האָט אויך געטיילט מצה פאַר אָרעמע אומזיסט: אויף פסח 1916 איז צעטיילט געוואָרן פאַר 678 פאַמיליעס מצה מיט 2 וואַגאָן ברוקווע און מערן; אויף פסח 1917 איז פאַרטיילט געוואָרן פאַר 9,030 נפשות מצות אומזיסט — 733 פוד מיט 28 פונט. פסח איז געמאַכט געוואָרן פאַר אַלע אַרעסטירטע, געפאַנגענע און קראַנקע אין די שפּיטעלער. און אַזוי האָט מען זיי פאַרזאָרגט אין די איבעריקע יום־טובים — ראש השנה און יום־כפור. אין אַפּריל 1916 איז אויפגעעפנט געוואָרן אַ שפּייזקראָם צום פאַרקויפן די שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס דער ועד הקהל באַקומט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

פריער האָט דער ועד הקהל אונטערגעשטיצט דעם „מתן בסתר" אויסער דעם ועד. שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן אַ „מתן בסתר"ביים ועד הקהל. זיינע פאַרוואַלטערס זיינען געווען: משה זעלמאַנס, מיכאל זילבערדיק, זלמן ראַפּאַפּאָרט.

דער ועד הקהל האָט איבערגענומען די אויסהאַלטונג פון תלמוד תורה מיט 18 מלמדים (3/9, 1916), ער האָט אונטערשטיצט די לערער־קיך (28/3 1916), די חברה יולדות מיט 50 רובל אַ חודש (4/4 1916), די היימלאָזע מיט 350 רובל (דאָרט).

דער ועד הקהל האָט געגעבן אַזעלכע הוספות: דער אַרבעטער־קיך אַ הוספה 700 מאַרק מאָנאַטלעך, דער לערער־קיך — 350, דער בירגער־קיך — 250 (28/6 1916). דער ועד הקהל האָט אויך אריינגענומען די תלמוד־תורה־קיך אין בודזשעט (11/2 1916), געגעבן אונטערשטיצונג דער שול־קיך 300 מאַרק, דעם פרץ־קינדערהיים 200 מאַרק מאָנאַטלעך מיטן באַדינג צו לערנען די קינדער דאַוונען (24/7 1916), דעם קינדערהיים פון יוגנט־פאַראיין 400 מאַרק מאָנאַטלעך, דער נייוועלט־קיך און דעם שול־קאָנסום־פאַראיין 300 מאַרק מאָ־

נאַטלעך. דער ועד הקהל האָט אויך געגעבן דער יוגנט־היים און דער פרץ־קינ־דערהיים פאַר באַקליידונג און באַשוכונג פון זייערע שילערס (14/11 1916).

אויף דער 27טער זיצונג, דעם 2טן דעצעמבער 1915, איז באַהאַנדלט גע־וואָרן די פראַגע וועגן די הימלאָזע רבנים. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ „קופה להחזקת תלמידי־חכמים", היימישע און פרעמדע תלמידי־חכמים. עס איז פאַר דער קאַסע באַשטימט געוואָרן 70 רובל וועכנטלעך. פאַר די אָנפירערס מיט דער דאָזיקער קאַסע האָט מען אויסגעקליבן: שמואל ריווקינד, גדליה טיקאָ־טשינסקי און זלמן ראַפּאָפּאָרט.

## ו. דער ועד הקהל ווי אַ צענטראַלע אינסטיטוציע און דער קאַמף קעגן אים.

אין גרויסן און גאַנצן זיינען די באַציאונגען מיט די צוויי שטאָט־הויפּטמע־נער, פריער מיט ד"ר לעהמאַן, וואָס איז דאָ געווען פון סעפּטעמבער 1915 ביזן 1טן יוני 1917, און דערנאָך מיט ראַשערן — געווען צופרידנשטעלנדיקע. ווען ד"ר לעהמאַן האָט פאַרן אָפּפאָרן זיך געזעגנט מיט דעם ועד הקהל האָט ער געזאָגט, אַז אָן דעם ועד הקהל וואָלט אים געווען שווער זיך צו אָריענטירן און ער וואָלט ניט געקאָנט קיין סך טאָן פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. ראַשער איז אפילו געווען ווייכער און צוגעלאָזטער ווי ד"ר לעהמאַן, אָבער דערפאַר איז זיין געהילף ד"ר לאָאָז געווען אַ שטרענגערער.

ווען מען האָט באַקומען געלט פאַר די קהלשע אַנשטאַלטן, איז אויסגעקומען אַז אַ טייל פון דער השגחה איז פאַקטיש געלעגן אין די הענט פון שטאָט־הויפּט־מאַן. ביסלעכווייז האָט דער שטאָט־הויפּטמאַן איבערגענומען די באַשפייזונג און די באַזאָרגונג פון אַ סך קהלשע אַנשטאַלטן. דער אָנהייב איז געווען דער יידישער שפּיטאָל.

דעם ערשטן ווינטער פון דער אָקופּאַציע האָט אויסגעבראָכן אין שטאָט דער פלעקטיפוס. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט ניט געהאַט קיין שפּיטאָל פאַר די ציווילע מענטשן, וואָס זיינען געווען ביי דער דייטשער רעגירונג אויף אַרבעט. האָט זי געמוזט אָנקומען צום יידישן שפּיטאָל, וואָס זי האָט געוואָלט צונעמען אין גאַנצן פאַר דער שטאָט. האָט דער ועד הקהל עס ניט געלאָזן, אָבער צום סוף האָט ער מסכים געווען צום פאַרשלאָג איבערצוגעבן דער שטאָט די פאַר־וואַלטונג און באַשפּייזונג מיט די גאַנצע הוצאות, און דער שפּיטאָל זאָל ווערן פאַר אַלע שטאָטישע קראַנקע, — אָבער בלייבנדיק דערביי אַ ספּעציעל יידישער שפּיטאָל מיט זיין פריערדיקן יידישן פּערסאָנאַל און כשרער קיך. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געעפנט אין שפּיטאָל נייע אָפּטיילונגען פאַר הויט־קראַנקייטן און כירורגיע מיט באַזונדערע דייטשע דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן, אָבער אויף אינערלעכע קראַנקייטן איז געבליבן ד"ר זימאַן ווי פריער, ווייל זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גוטן מאָדערנעם דאָקטאָר.

ווייטער האָט דער שטאָט־הויפטמאַן אַריינגענומען אונטער זיין אויפזיכט און זיין פאַרפלעגונג דעם מושב זקנים און דעם הקדש. ער האָט אין יוני 1916 אַהין אַריינגעזעצט דייטשע שוועסטער, זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף דער ריינ־לעכקייט, אויף די היגיענישע באַדינגונגען. און כאָטש דער בית היתומות האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מוסטערגילטיקער ריינלעכקייט, האָט ער אויך דעם אַנשטאַלט גענומען אונטער זיין השגחה. דער „גן ילדים" פון דער פרוי מיילאך איז געקומען אונטער זיין השגחה, ווייל אַזוי האָט געוואָלט די אָנפירערין.

אָבער פון דער צווייטער זייט איז דעם ועד הקהל כסדר אויסגעקומען צו בעטן און אויך צו קריגן פאַרשיידענע פאָרמען פון הילף פון דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג. אַזוי למשל האָט מען נאָך אין דעצעמבער 1915 אויסגעפועלט אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָל אויסהאַלטן דעם אייזקעלער פון „לינת חולים".

דאָס געלט פאַר ביאַליסטאָקער אַנשטאַלטן וואָס מען האָט באַקומען פון הילפס־פאַראיין, 205,000 מאַרק, איז געקומען דורכן שטאָט־הויפטמאַן. אַזאַ סומע האָט ער באַקומען פון מאַרץ ביזן 11טן אָקטאָבער 1916. פון דער סומע האָט דער שטאָט־הויפטמאַן אויסגעצאָלט 194,474 מאַרק, אין דעם 45,775 מאַרק פאַר די געמיינדע־אַנשטאַלטן: 15,281.21 מאַרק פאַרן הקדש, 7,666,47 מאַרק פאַרן מושב זקנים, 11,637.42 מאַרק פאַר מיילאכס קינדערהיים, 9,869.47 מאַרק פאַרן בית יתומות, פאַר דורכפאָרערס 155 מאַרק, שפּיטאָל פון פריער 145 מאַרק. האָט זיך באַקומען, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט פאַר די לעצטע הדשים, זינט זי האָט איבערגענומען די אויסהאַלטונג פון די קהלשע אַנשטאַלטן, אויס־געגעבן אויף זיי מער, ווי עס וואָלט געקאָסט דעם ועד הקהל אַליין — 25,487.41 מאַרק.

עס איז געבליבן פעסטצושטעלן דעם בודזשעט פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן און מער ניט איבערצוצאָלן. פאַר דעם צוועק זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ב. העלערשטיין, ז. ראַפּאָפּאָרט, לאַזאָווסקי, א. לאַפּידוס צוזאַמען מיט די פאַר־שטייערס פון די אַנשטאַלטן.

### נייע גבאים אין די קהלשע אינסטיטוציעס

דער ועד הקהל האָט געהאַט אַן אויג אויף אַלע קהלשע אינסטיטוציעס און זיך געזאָרגט וועגן אָרדענונג אין זיי. דעריבער האָט דער ועד הקהל באַוואויגן איבערצוקלייבן די גבאים אין די קהלשע אינסטיטוציעס, ווייל די פריערדיקע טוען ניט זייער אַרבעט בשלימות. עס זיינען תיכף דורכגעפירט געוואָרן נייע וואַלן און עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן על פי רוב דעות פון 22 שטימען אין תלמוד־תורה: משה גאָטליב, שמואל ריווקינד, חנא לוקסענבערג; אין דער פאָלקסקיך: נחום העלערשטיין, ב. דאָמעראַצקי, משה באַטקאָווסקי, מיכאל זיל־בערדיק; אין מושב זקנים: ב. דאָמעראַצקי און י. מ. ראַקאָווסקי; אין הקדש מ. האַלאַי, אברהם לאַפּידוס; אין בית־היתומות: א. פּאַראַזאָווסקי און זעלי־קאָוויטש; אין הכנסת אורחים: אשר טאָפּאָלסקי, אליהו לעוו; ת"ת־קיך: משה

זעלמאַנס און צו אים קאָאָפּטירט מייסנער. מייסנער האָט זיך אָפּגעזאָגט, זייענדיק באַשטימט געוואָרן משה באַטקאָווסקי און סאַפּירשטיין פון דער האַלץ־פאַרקויף־שטעלע (דעם 21טן אויגוסט). מען האָט געמוזט בייטן דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעווידיר־קאָמיסיע, ווייל די פריערדיקע מיטגלידער זיינען אַליין געוואָרן פאַרוואַלטערס פון אַנשטאַלטן, אויסער פאַראַזאָווסקין. עס איז געבליבן צו פאַרבעטן פראַקטיציר ענדיקע בוכהאַלטערס פון שטאָט: רושטשוק און באַיאַרסקי אָדער שמעון הענקאָוויטש און סענדאַק.

דורך דעם איז דערגרייכט געוואָרן מער צענטראַליזאַציע. פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט אַרויסגערופן אויך אומצופרידנקייט מצד די פריערדיקע גבאים.

קאָנפליקטן

די שול־גבאים האָבן געפאָדערט ביים שטאָט־הויפּטמאַן, מען זאָל זיי צוריק אָפּגעבן די הכנסה פון בית־עולם, וואָס האָט געהערט צו דער שול לויטן רוסישן געזעץ. און עס איז אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן, אַז דער בית־עולם געהערט צום ועד הקהל.

טעאָרעטיש איז אַלע מאָל געווען אַז דער ועד הקהל איז איבער אַלע אַנשטאַלטן. אָבער פאַקטיש איז עס ניט שטענדיק געווען אַזוי:

מען האָט געקענט זיך אָפּרייסן פון קאָנטראָל פון ועד הקהל, אויב מען האָט נאָר געהאַט אַ צד אין טיש ביים שטאָט־הויפּטמאַן. מיר האָבן שוין דערציילט, אַז דער דאַמען־קאָמיטעט האָט ניט געקענט פאַרטראָגן דעם קאָנטראָל פון ועד הקהל און האָט זיך אָפּגעריסן פון אים.

אויך דער לינת הצדק האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפן דעם אויטאָריטעט פון ועד הקהל.

אַזוי ווי דער ועד הקהל האָט שטענדיק געדאַרפט פאַרטיידיקן יידישע רעכט, האָט דער ניט־פולקומער אויטאָריטעט פון אינעווייניק אים אָפּגעשוואַכט אויך כלפּי חוץ.

אין יוני 1917 איז קיין ביאַליסטאָק אָנגעקומען 48,000 מאַרק פון פּעטערבורגער יידישן קאָמיטעט פאַר מלחמה־געליטענע. דאָס געלט איז געקומען אויפן אַדרעס פון מאַקס באַראַש, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דעם ערב מלחמה־דיקן ביאַליסטאָקער קאָמיטעט פאַר היימלאָזע, ווייל אין פּעטערבורג האָט מען ניט געוואוסט פון דער עקסיסטענץ פון אַ ביאַליסטאָקער קהילה־אָרגאַניזאַציע.

דער שטאָט־הויפּטמאַן ראַשער האָט אויפגערופן אַ זיצונג פון ועד הקהל, לינת הצדק, פרויען־קאָמיטעט, הרב ר׳ חיים הערץ, פעלדראַבינער ד״ר ראָזענהאק צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אופן פון פאַרטיילן דאָס געלט. דער פאַרזיצער פון ועד הקהל האָט געפאָדערט אָפּצוגעבן דאָס געלט דעם ועד הקהל, לויט זיין באַשטימונג צו העלפן דער יידישער באַפעלקערונג. מאַקס באַראַש האָט געוואָלט, אַז מען זאָל דאָס פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע יחידים, בתוכם פאַמיליעס וואָס עמיגרירן קיין אַמעריקע. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן

אַ קאָמיטעט פון א. טיקטין, מ. באַראַש, ר. ראַבינאָוויטש, אונטערן פאָרזיץ פון בירגערמייסטער ד״ר לאָאַז, צו פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע יחידים, אָבער אין קאַסע פון ועד הקהל איז דאָס געלט ניט אַריינגעגאַנגען.

דער בריוו־פאַרקער דורכן ועד הקהל

ניט נאָר ווי אַ צענטראַלע יידישע אינסטיטוציע, נאָר אפילו ווי אַ פּאָסט־צענטראַלע האָט פונקציאָנירט דער ועד הקהל. ביז עס איז פאַרווערט געוואָרן פון דער מאַכט, האָט דער ועד הקהל באַזאָרגט דעם בריוו־פאַרקער צווישן דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג און די קרובים אין אַמעריקע. די בריוו זיינען געגאַנגען דורכן בערלינער הילפספאַראיין. אַזאַ פאַרבינדונג דורך בריוו איז געווען אין מלחמה־יאָרן זייער וויכטיק.

## ז. דער ועד הקהל ווי דער פאַרטיידיקער פון יידישע אינטערעסן און רעכט.

ווי שוין אַ פּאָר מאָל אונטערגעשטראָכן, איז אַ הויפּטצוויג פון דער טעטיקייט פון ועד הקהל געווען דאָס וואַכזאַמע פאַרטיידיקן יידישע רעכט. עס איז אויסגעקומען כסדר צו זיין דער שתדלן ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט. עס איז אויך אויסגעקומען צו פּראָטעסטירן קעגן די האנדלונגען פון דער מאַכט. צום טייל האָט זיך — ביי די באַדינגונגען פון מלחמה און אָקופּאַציע — איינגעגעבן דורכצופירן נוצלעכס פאַר יידן אָדער אָפּצושרייען גזירות קעגן יידן ווי אויך קעגן דער גאַנצער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג. מיר ברענגען אַ צאָל פאַקטן:

דעם 4טן יאַנואַר 1916 האָט דער ועד הקהל זיך משתדל געווען אַז אַלע באַפעלן און מודעות פון דער רעגירונג זאָלן ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער יידישער שפּראַך צוגלייך מיט דייטש און פויליש.

דער ועד הקהל האָט זייער שטאַרק זיך געמיט, האָט אָוועקגעלייגט פיל השתדלות אויף צו באַפרייען פון די לאַגערן פון קריגס־געפאַנגענע די אַלע יונגע־לייט וואָס זיינען דורך דער דייטשער מיליטער־מאַכט אַוועקגעשיקט געוואָרן פון ביאַליסטאָק. עס איז אָפיציעל פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז אָט די וויכטיקע השתדלות האָט זיך איינגעגעבן און אַ סך יונגע־לייט זיינען באַפרייט געוואָרן.

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז דער מיליציע־מייסטער ליטערער האָט געהאַלטן אין איין אַרויסשטופּן יידן פון דער שטאָטישער מיליציע. דער ועד הקהל האָט אינטערווענירט אין דעם ענין. אים האָט זיך נאָר טיילוויז איינגעגעבן צו קעמפן קעגן ליטערערס אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק.

די דייטשע מאַכט האָט געפירט אַ גרויסע מלחמה קעגן פלעקטיפוס, וואָס האָט אין אָנהייב אָקופּאַציע צוגענומען אַ סך קרבנות אין ביאַליסטאָק. אַזוי ווי דער שליח פון אָט דער קראַנקייט איז די לויז, וואָס איר בילד, אין דער גע־

שטאַלט פון אַ שרעקלעכער חיה, איז געהאַנגען אין אַלע רעגירונג־ביוראָען, זיי־נען סאַניטאַרן אַרומגעגאַנגען איבער די אָרעמע הייזער כדי צו באַקוקן דאָס בעטגעוואַנט, די בגדים און די קעפּ. וואו מען האָט געפונען אַ לויז, האָט מען די גאַנצע איינוואוינערשאַפט געשלעפּט אין די „אַנטלויזונג״־בעדער. דאָרטן פלעגט מען דיזענפעקצירן זייערע קליידער און זיי אַליין אַרומוואַשן און אָפּ־שערן ביי די מענער די קאָלטענעוואַטע בערד און ביי די פרויען די האָר.

פלעגן בעדערקעס, אפילו יידישע, פון רשעות און קנאה אָפּשערן די שענסטע קעפּ האָר. האָט מען באַשטורעמט דעם ועד הקהל מיט געוויינען און געשרייען. איז דער פאָרזיצער פון ועד הקהל מיטן סעקרעטאַר אַוועק צו די הויפּט־דאָקטוי־רים, וואָס האָבן מיט שרעק גערעדט וועגן דעם שמוץ אין די אָרעמע יידישע הייזער. דאָך האָט מען געפועלט ביי זיי, און מ׳האָט אויפגעהערט צו שערן ביי פרויען די קעפּ און מ׳האָט אַנשטאָט דעם זיי אָנגעטאָן אויף די קעפּ ביים באָדן טיכלעך, דורכגעזאַפּטע מיט אַ דיזענפעקצירנדיקער פליסיקייט.

אין אויגוסט 1916 איז געקומען צו אַ סכסוך צווישן ועד הקהל און דעם שטאָט־הויפּטמאַן וועגן דער טייערקייט פון ברויט און קאַרטאָפל, וואָס קאָסט אין ביאַליסטאָק מער ווי אין אַנדערע ערטער אין „אָבער־אָסט״. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט זיך פאַררופן אויף דער עטאַפּן־עקספּעדיציע, ווייל זי נעמט ביי אים גרויסע פרייזן פאַר ברויט און קאַרטאָפל.

דער ועד הקהל האָט זיך געווענדט צו דער העכסטער אָקופּאַציע־מאַכט און האָט פאָרגעלייגט אַ טאַבעלע, וואָס באַווייזט, אַז דער אונטערשייד פון פרייז פאַר ברויט טראָגט אַריין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון אַ מיליאָן ביז אַנדערטהאַלבן מיליאָן מאַרק יערלעך און פון קאַרטאָפל 5 מיליאָן.

דער שטאָט־הויפּטמאַן איז געווען שרעקלעך אין כעס, ווי קומט דער ועד הקהל צו ווענדן זיך גלייך צו דער העכסטער מאַכט ?! ער האָט דערקלערט, אַז ער קען ניט אויסגעפינען אַן אַנדער מיטל צו דעקן די הוצאות ווי נאָר די דירעקטע באַשטייערונג אויף די לעבנסמיטל. אויף דעם האָט אים געענטפערט דער ועד הקהל און אים דערקלערט די שעדלעכקייט פון פאַרטייערן גראָד די נייטיקסטע לעבנסמיטלען, וואָס נאָר מיט זיי דערנערט זיך די אָרעמסטע באַפעלקערונג. דורך דעם קומט אַרויס, אַז די גאַנצע לאַסט פון די שטאָט־הוצאות טראָגט נאָר די אָרעמסטע באַפעלקערונג. חוץ דעם זיינען — צוליב דער דאָזיקער אָפּיציע־לער פאַרטייערונג פון ברויט און קאַרטאָפל — געשטיגן די פרייזן אויף אַלע לעבנסמיטלען, און דערמיט באַנוצן זיך אַלע שפּעקולאַנטן און די פויערים פון אַרום, וואָס באַרייכערן זיך. די אונטערשטיצונג, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג גיט דער אָרעמער באַפעלקערונג, איז באמת נאָר פיקטיוו, ווייל זי נעמט אין דער זעלביקער צייט אָפּ פיל מער דורך דער ברויט־ און קאַרטאָפעל־פאַרטייערונג.

**אין יאַנואַר 1917 האָט דער** ועד הקהל אָנגענומען שריט גרינגער צו מאַכן דעם שווערן דרוק אויף אָרעמלייט ביים אויפצומאָנען ביי זיי דעם קאָפּ־שטייער. לויטן אַ מ ט ס ב ל אַ ט, נומער 22, פון 15טן מאַי 1916, דאַרפן אַלע אר־

בעטס־פעאיקע מענער פון 15 ביז 60 יאָר, וואָס האָבן אַ וואוינונג־רעכט אין אָבער־אָסט, צאָלן צו 6 מאַרק יערלעך פאַר 1916 און שפּעטער צו 8 מאַרק.

ביים איינמאָנען דעם שטייער, וואַרפט די זשאַנדאַרמעריע אַרויף אַן אימה אויף די אָרעמע שיכטן דורך שלאָגן, אַרויסשיקן פון הויז דאָס גאַנצע הויזגעזינד און פאַרשליסן די וואוינונג און ענלעכע צוואַנגמיטלען.

אָבער אַלע השתדלותן, וואָס דער ועד הקהל האָט דאָ אָנגענומען האָבן גאָר־ניט געהאָלפן. דער פאָרזיצער פון ועד הקהל איז געווען וועגן דעם ביים פאַר־וואַלטונגס־שעף אַליין. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט געענטפערט, אַז איר זשאַנ־דאַרמעריע אַליין איז קאָמפּעטענט צו אורטיילן, ווער איז אין שטאַנד צו צאָלן און ווער ניט.

דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט דאָ גראַד זיך אָנגענומען פאַרן ועד הקהל און שאַרף רעאַגירט קעגן דעם זשאַנדאַרם קראַפּענפּול, דער איינמאָנער פון יידישן צוואַנגשטייער, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט באַליידיגנדיק אויפן חשבון פון ועד הקהל. יענער איז איבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט.

עס איז אָבער געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן ועד הקהל און שטאָט־הויפּטמאַן וועגן דער שטעל פון אַ מעטריקאַציע־פירער. נאָך דעם ווי דער גאָ־ניאָנדזער רב הרב וואָלף, וואָס האָט געהאַט אַ באַפולמעכטיקונג דערויף פון פריערדיקן ראַבינער ד״ר מאָהיליווער, איז צוריקגעפאָרן אין זיין שטאָט, האָט דער ועד הקהל פאָרגעלייגט אַ פּאַסיקן מענטשן דערצו. האָט אָבער אַ געוויסער אברהם וויגדאָרטשיק פאָרגעשטעלט אַ רוסישן צענז דערויף. אויך האָט ער געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע דערצו צום בירגערמייסטער ד״ר לאַאַז פון פּאַסטאָר ווילדע. איז ער קעגן דעם ווילן פון ועד הקהל באַשטימט געוואָרן אויף דעם פּאָסטן.

אין פעברואַר 1917 איז די פינאַנציעלע לאַגע פון ועד הקהל געווען אַ שווערע. עס איז בכלל געווען אַ שווערע לאַגע אויך אין די פינאַנצן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. איז אָנגעקומען אַ פאָרשלאָג פון שטאָט־הויפּטמאַן אַרויס־צוהעלפן דעם שטאָט־קאַסע.דערצו זאָל מען א) פאַרטייערן די ברויטקאַרטע פון 14 אויף 25 פעניג אַ פונט, ב) געבן דעם שטאָט־הויפּטמאַן אַ הלואה אָדער אַרויפ־לייגן אויף דער באַפעלקערונג קאָנטריבוציע פון 200,000 מאַרק, ג) זיך אָפּזאָגן פון דער אונטערשטיצונג מצד דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. עס איז צו דעם צוועק אויפגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע אסיפה פון בתי־מדרשים, פאַראיינען און קיכן, און עס איז געבליבן אים אָפּצוזאָגן אין די ערשטע צוויי פונקטן און בלית ברירה, אַז עס וועט נייטיק זיין, זאָל מען זיך באַדאַי אָפּזאָגן פון זיין אונטערשטי־צונג.

### דער קאַמף קעגן שפּעקולאַציע

דעם ועד הקהל פלעגט אויסקומען זיך אָנצונעמען פאַר די אינטערעסן און רעכט פון דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג ניט בלויז איבער עוולות

מצד דער מאַכט. מען האָט געמוזט כסדר קעמפן קעגן די וואָס נוצן אויס די מלחמה־סיטואַציע כדי אליין זיך אָנצושטאָפּן די בייטלען אויפן חשבון פון די וואָס קענען זיך אַליין ניט פאַרטיידיקן.

פאַרשיידענע מיטלען האָט דער ועד הקהל אָנגענומען כדי די פרייזן אויף עסנ־וואַרג זאָלן ניט שטייגן סתם אין דער וועלט אַריין און כדי צו באַקעמפן די שפּע־קולאַציע מיט לעבנסמיטל. מיר האָבן וועגן דעם שוין דערציילט. לאָמיר נאָך צוגעבן איין עפּיזאָד.

מען האָט באַשלאָסן, אַז דער בית־דין זאָל אויסרופן אַ חרם, אַז מען טאָר ניט פאַרקויפן און קויפן פלייש טייערער ווי 1.70 מאַרק אַ פונט. אויסרופן דעם נוסח און צעקלעפּן אים אין אַלע בתי־מדרשים. אָבער שפּעטער איז געבליבן דערוויל אָפּצושטעלן דעם חרם, ווייל עס וועט זיך אין גאַנצן אָפּשטעלן דער פלייש־פאַרקויף (92טע זיצונג, דעם 14טן אויגוסט 1917).

דעם גאַנצן זומער 1918 האָט דער ועד הקהל געהאַט אַ גרויסע מלחמה מיט די שפּעקולאַנטן, וואָס האָבן פאַרטייערט אַלע שפּייז־פּראָדוקטן. זיי פלעגן אַרויס־פירן די שפּייזן אין אַנדערע ערטער, און מען האָט זיך מיט זיי קיין עצה ניט גע־קענט געבן. ביז וואַנען עס איז געבליבן אויף אַ זיצונג, מען זאָל אויסרופן אין שטאָטשול דעם גרויסן חרם אויף די אַלע שפּעקולאַנטן. מען האָט דערויף באַקומען אַ דערלויבעניש פון שטאָט־הויפּטמאַן. פאַר יום־כפּור איז צוזאַמענגערופן גע־וואָרן אין שול אַ גרויסע אסיפה מיט די מיטגלידער פון ועד הקהל און דעם גאַנצן בית־דין בראש. פאַר דער גרויסער שטאָטשול איז געשטאַנען די עגלה פון חברה קדישא מיטן אָרון אין שוואַרצן איינגעהילט. דער בית־דין מיט די פאָרשטייערס פון ועד הקהל זיינען געשטאַנען אויף דער במה. איינער פון בית־דין האָט אויס־גערופן דעם גרויסן חרם מיט אַלע קללות פון דער תוכחה אויף אַלע שפּעקולאַנטן מיט שפּייז־פּראָדוקטן, און האָט נאָך דעם געבלאָזן שופר.

עס איז געפאַלן אַ גרויסע אימה אויפן גאַנצן עולם. און אַזוי ווי גלייך נאָך דעם האָבן געטראָפן עטלעכע שטערבלעכע צופאַלן ביי עטלעכע פון די שפּעקו־לאַנטן וואָס פרומע יידן האָבן זיי אָנגערופן מפקיעי שער, האָט דער המון שטאַרק געגלייבט, אַז זיי זיינען געשען איבערן חרם. האָט זיך די שפּעקולאַציע אויף אַ געוויסער צייט אָפּגעשטעלט. אָבער עטלעכע חדשים שפּעטער איז דאָך דער ערשטער ועד הקהל אויפגעלייזט געוואָרן, איז די קראַפט פון זיין חרם ממילא אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

## ח. דער ועד הקהל פאַר דער העברעאישער לערנשפּראַך

די דייטשע מאַכט האָט שטרענג דורכגעפירט איר אייגענע דערציאונגס־פּראָ־גראַם, זי האָט איינגעפירט אירע פאָלקשולן מיט דער דייטשישער לערנשפּראַך. אין אָט די פאָלקשולן האָבן געלערנט איבער 2,000 יידישע יינגלעך און מיידלעך. די אַלגעמיינע לימודים זיינען געווען אונטער דער השגחה פון אַ דייטשישן איג־

ספעקטאָר און איבער העברעאיש און בכלל איבער די יידישע לימודים האָט דער אינספעקטאָר איבערגעגעבן די השגחה דעם סעקרעטאַר פון דעם ועד הקהל א. ש. הערשבערגן.

אין דער תלמוד־תורה האָט דער שול־אינספעקטאָר אַריינגעשיקט ניין דייטשי־שע לערערס אויף צו לערנען דייטש און אַלע לימודים פון אַ פאָלקשול. פון נאָך פסח 1917 האָט מען יעדן טאָג געמוזט אָפּגעבן דריי שעה אויף לימודי חול און פינף שעה זיינען געבליבן פאַר לימודי קודש, אָן קאָנטראָל מצד די דייטשן. די זעלביקע אָרדענונג איז איינגעפירט געוואָרן אויך אין די חדרים, וואָס האָבן זיך געדאַרפט פאַראייניקן עטלעכע אינאיינעם.

סוף 1916 (דעם 12טן דעצעמבער) האָבן די לערער אילאָוויצקי און טויב גע־בעטן דעם ועד הקהל מע זאָל אַסיגנירן פאַר די שילערס און שילערינס פון די שולן, וואָס זיינען אַלע אָרעמע און קענען ניט קויפן די נייטיקע העברעאישע לערן־ספרים אַזוי ווי חומשים, תנכים א״א אַ סומע פון 1,200 מאַרק. מ׳האָט זיי אַסיג־נירט 400 מאַרק.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן ביים אָננעמען די יידישע יינגלעך, אַז עס האָבן זיך געפונען מערערע 10—12־יאָריקע, וואָס האָבן דעם אלף־בית ניט געוואוסט. האָט מען באַשטימט אַ באַזונדערן לערער פאַר די עלטערע יינגלעך וואָס קענען ניט קיין עברי.

די יידישיסטן האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף לערנען די יידישע למודים אויף יידיש, ניט עברית בעברית. איז געווען דעריבער אַ זיצונג ביים שטאָט־הויפּט־מאַן. פון ועד הקהל זיינען איינגעלאַדן געוואָרן: א. טיקטין, ד״ר ש. גוטמאַן, אליהו זאַבלודאָווסקי און איך. עס זיינען געווען עטלעכע יידישיסטן. דער פאַרשטאַרבע־נער ליפּע פּאָט, א מזרחי, און דער אינזשינער מייזל פון דער עלעקטרישער סטאַנציע, אַן אסימילירטער ייד, זיינען אויך געווען פאַר יידיש, נאָר די פיר פאַרשטייערס פון ועד הקהל זיינען געווען פאַר העברעאיש. נאָך אַ קורצן וויכוח איז געבליבן מע זאָל לערנען עברית בעברית, ווייל דער שול־אינספעקטאָר רינ־קאָווסקי און דער שטאָט־הויפּטמאַן האָבן מכריע געווען פאַר דעם, לויט אונדזערע מאָטיוון.

## ט. דאָס אַרבעטסהויז פאַר פרויען

דער ועד הקהל האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ גרויסן פּלאַן צו גרינדן אַ גרויס אַרבעטסהויז צו באַשעפטיקן אַרבעטסלאָזע פון אַלע שיכטן, ניט דווקא פאַר פרויען, און אוודאי ניט בלויז פאַר פרויען פון איין געוויסן מין. פאַר דעם צוועק האָט דער ועד הקהל גערופן דעם 2טן יולי 1916 אַ זיצונג מיט דעלעגירטע פון דער אַרבעטער־קיך, פון בירגער־קיך, שולקיך און פון דאַמען־קאָמיטעט.

ווען די פאַרזאַמלונג איז זיך צוזאַמענגעקומען איז שוין געווען קלאָר אַז דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אַ סך אַן ערגערן פּלאַן צו גרינדן אַרבעטס־הייזער פאַר

געפּאַלענע פּרויען, ווי דאָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג ביים שטאָט־הויפּטמאַן מיט דער באַטייליקונג פון דעלעגירטע פון אַנדערע רעליגיעזע גרופּעס. אמת, די אַרבעטסהייזער דאַרפן בכלל באַשעפטיקן אָרעמע פרויען, כדי זיי צו געבן אַן ערלעכן מקור חיונה און כדי זיי זאָלן אויסמיידן די נעץ פון זינד.

דער אָפיציעלער דאָקטער פון שטאָב ד״ר ערנסט און דער דאָקטער איבער די „דירנע־הייזער״ האָט אין זיין באַריכט אָנגעוויזן אַז די צאָל רעגיסטרירטע יידישע פּראָסטיטוטקעס איז אין ביאַליסטאָק קלענער ווי די צאָל קריסטלעכע, הגם ביאַליסטאָק האָט 70 פּראָצענט יידן צווישן איר באַפעלקערונג. אָבער דאָך איז עס געווען אַ נייער און אַ טרויעריקער מלחמה־פאַקט אַז צווישן די פּראָסטיטוטקעס איז געווען אַ קאָנטיקע צאָל יידישע פרויען. דאָס דערקלערט זיך מיט דער גוואַלדיקער אָרעמקייט אין שטאָט.

די ערשטע אסיפה איז געווען כדי זיך בכלל צו אָריענטירן אין דער פראַגע. מען האָט גערופן אַ צווייטע אסיפה, אָבער צו איר זיינען שוין די דעלעגירטע פון די אַרבעטער מערניט געקומען, דערקלערנדיק שריפטלעך אַז אַזוי ווי דאָס איז אַ פראַגע פון פאַרזאָרגן מיט אַרבעט, געהערט אַזאַ פראַגע נאָר און אויסשליסלעך צו די אַרבעטער און זיי קענען זיך ניט באַטייליקן מיט פאָרשטייערס פון בורזשואַזע עלעמענטן אין באַטראַכטן אַזאַ ענין. אַזאַ שרייבן האָבן זיי אַריינגעשיקט אויך דעם שטאָט־הויפּטמאַן, וואָס איז געווען אויף דעם גוואַלדיק אויפגעבראַכט, ווייל מע פירט אריין פּאָליטישע טענדענצן אין אַ ריין פילאַנטראָפּישער אַנגעלעגנהייט.

דעריבער איז גאָרניט געוואָרן פון דעם וויכטיקן פּלאַן אויפצושטעלן איין אַרבעטסהויז אין אַ גרויסן פאַרנעם. עס האָט זיך געענדיקט מיט דעם וואָס דער דאַמען־קאָמיטעט האָט געגרינדעט פאַר זיך אַן אַרבעטסהויז און דער ועד הקהל פאַר זיך.

שפּעטער האָט דער ועד הקהל באַקומען פון קעניגסבערגער הילפס־פאַראיין אַ באַשטעלונג אויסצואַרבעטן פאַר צען טויזנט מאַרק פון ביאַליסטאָקער סחורה אָנצוגן, קינדערשע און גרעסערע, פאַר פאַרשיידענע קהילות אין אָקופּירטן געביט. אַ העלפט דערפון איז איבערגעגעבן געוואָרן אויסצואַרבעטן דעם אַרבעטהויז פון פרויען־קאָמיטעט און אַ העלפט די אָרטיקע שניידערס.

וועגן דער דעמאָראַליזאַציע פון יידישע פרויען דורך די דייטשן אין דער אָקופּאַציע־צייט האָט מען אַ סך גערעדט. האָב איך איינמאָל געהאַט אַ שמועס מיט דעם שטאָט־הויפּטמאַן לעהמאַן, וואָס האָט מיר געשטעלט אַ פראַגע: „וואָס זאָגט מען אויף אונדז אין שטאָט?״ האָב איך אים געענטפערט, אַז מיט אַן אָפיציעלער פּערזענלעכקייט ווי ער קען מען אָפן און פריי ניט רעדן. האָט ער מיך פאַרזיכערט, אַז אין דעם שמועס וויל ער מיט מיר זיין אַ פּריוואַטע פּערזאָן, און איך מעג אַלץ אַרויסזאָגן פריי און אָפן. האָב איך אים אויסגערעכנט אַ גאַנצן צעטל באַשולדיקונגען.

צום סוף האָב איך אים געזאָגט, אַז מיר באַשולדיקן דערהויפּט די דייטשע באַאַמטע, אַז זיי דעמאָראַליזירן די יידישע פרויען, וואָס זיינען געוואָרן די פאַרמיטלערס ביי זיי אין אַלע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען און אַפילו ביי דער ליפערונג פון שפּייז־פּראָדוקטן. ביי שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס געהערט צו זיין רעסאָרט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פרעגט מיך: „ווי אַזוי?״ האָב איך אים איבערגעגעבן, אַז זיין לייטענאַנט, דער ממונה פון שפּייז־פּראָדוקטן,

האָט געהייסן זיינע יידישע מיידלעך אויסקויפן פּאַטענטן און האָט זיי איבערגעגעבן דעם שפּייז־פּאַרקויף; דער גאַנצער צוקער־פּאַרקויף גייט אויסשליסלעך דורך די דאָזיקע פּרויען, זיינע באַקאַנטע. אויך נעמט ער ביי זיי נאָר גאָלדענע מטבעות.

ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, האָט דער שמועס געמאַכט אויף אים אַ גרויסן איינדרוק. קומנדיק שפּעטער אין ביוראָ, האָט ער אויף אַלע באַאַמטע געשריגן „צוקער־פּושקעס" און האָט געוואָרפן שטולן פון כעס. דער לייטענאַנט איז באַלד אַראָפּגעזעצט גע־וואָרן פון זיין פּאָסטן און געוואָרן אויס קאַסיר. און אַז מען האָט רעווידירט זיין קאַסע, האָט מען געפונען, אַז די גאָלדענע מטבעות האָט ער פאַרבאַהאַלטן פאַר זיך, און איז דערפאַר אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בערלין, וואו ער איז פאַרמשפּט געוואָרן.

## י. אַראָפּ און אַרויף אין די פינאַנצן פון די יאָרן 1917—1918

### דער געלט־קריזיס אָנהייב 1917

אָנהייב 1917 איז געקומען אַ גרויסער געלט־קריזיס אין ועד הקהל, ווייל שוין עטלעכע חדשים זינט אַמעריקע איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מלחמה. האָט דער ועד הקהל אויפגעהערט פון פעברואַר 1917 צו באַקומען די 20 טויזנט מאַרק מאָנאַטלעך דורכן הילפס־פאַראיין. דער ועד הקהל האָט אויס־געוווירקט דערווייל צו באַקומען ביים שטאָט־הויפּטמאַן אַן אַוואַנס אויף זיינע ניי־טיקע הצטרכותן אויסצוהאַלטן זיין בודזשעט. אָבער דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט דערפון זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט אפילו זיך אָפּגעזאָגט אויסצובאָרגן 12 טויזנט מאַרק אויף די נייטיקע אויסצאָלונגען פאַר די אָרעמע אויף יום־טוב. אויך האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַ דערלויבעניש אויפצורופן די ב ו ח ר י ם זיי פאָרצושטעלן די שלעכטע לאַגע און די נייטיקייט צו פאַרגרעסערן די הערכה. ער האָט געהייסן דעם ועד הקהל צו נעמען די פעלנדיקע סומע ביי די רייך גע־וואָרענע יידישע פאַבריקאַנטן און אינדוסטריעלע, און אַז זיי וועלן ניט געבן מיט גוטן, וועט ער ביי זיי נעמען מיט צוואַנג.

האָט דער ועד הקהל אויפגערופן אַן אסיפה מיט דער באַטייליקונג פון די רייכערע פאַבריקאַנטן וועגן פאַרגרעסערן די הערכה און תיכף אויפצוברענגען די מאָמענטאַן נייטיקע 12 טויזנט מאַרק. אויף דער אויפגערופענער אסיפה פון די פאַבריקאַנטן זיינען באַשטימט געוואָרן פינף פון זיי אויף אויפצוזאַמלען לויט אַ רשימה פון די שוין נייטיקע 12 טויזנט מאַרק, און עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון זיי 27 פּערזאָן אויף אויפצושטעלן די נייע הערכה.

### דער פּראָיעקט פון אַ נייער הערכה

אויף אַלע זיצונגען פון ועד הקהל, דעם גאַנצן זומער 1917, האָט מען באַ־טראַכט פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע פראַגעס, וועגן אָפּשאַצן די מלחמה־שאָדנס ווי אין פוילן; וועגן שלעכטער קוואַליטעט פון ברויט, וואָס ווערט געבאַקן פון מעל געמישט מיט קלייען; וועגן מאַכן אַ גרויסע האָלץ־קניה אויף ווינטער, וועגן

פאַרגרעסערן די צאָל מיטאָגן אין די קיכן, וועגן דער קינדער־קאָלאָניע, וועגן דערלייכטערן אריינפירן שפייז־פּראָדוקטן אין שטאָט, וועגן גרינדן מערק פון שפייז־פּראָדוקטן 2 מאָל וועכנטלעך (וואָס איז שפּעטער דערפילט געוואָרן), און וועגן פאַרגרעסערן די הכנסה פון ועד הקהל.

פון אַלע פאָרשלאָגן האָט זיך אויסגעצייכנט דער פאָרשלאָג פון משה גאָט־ליב וועגן אַ נייער הערכה. ער האָט אויפגעשטעלט אַ רשימה פון אַן ערך 90 יידי־שע פירמעס, וואָס האָבן געמאכט פאַרמעגנס אין דער מלחמה־צייט, אין דער צייט וואָס אַנדערע סוחרים אין שטאָט זיינען פאַראָרעמט געוואָרן. ער האָט פאָר־געלייגט, מע זאָל איינטיילן די דאָזיקע 90 פּערזאָן אין 5 קאַטעגאָריעס. די ערשטע קאַטעגאָריע דאַרף צאָלן צו 600 מאַרק מאָנאַטלעך, די צווייטע צו 400 מאַרק, די דריטע צו 200 מאַרק, די פערטע צו 100 מאַרק און די 5טע צו 40 מאַרק. צוזאַמען וועט די דאָזיקע רשימה אריינברענגען מאָנאַטלעך אַ סומע פון 30,000 מאַרק, אויסער דער געוויינלעכער בעל־הביתישער הערכה. דערמיט וועט מען קענען פיל אויפטאָן פאַר דער יידישער אָרעמער באַפעלקערונג.

ווען אַן אַנדערער וואָלט פאָרגעשלאָגן אַזאַ הערכה, וואָלטן די עטלעכע מלחמה־גבירים אין ועד הקהל אים אויסגעלאַכט און אויסגעזידלט פאַר אַזאַ חוצפּה. אָבער פאַר אים האָט מען געמוזט דרך־ארץ האָבן, ווייל ער איז געווען ניט נאָר אַ נאה דורש, נאָר אויך א נאה מקיים. ער איז געווען דער פענאָמענאַלער נדבן פון דער אָקופּאַציע־צייט אין ביאַליסטאָק און אויך איינער פון די טעטיקסטע און בעסטע מיטגלידער פון ועד הקהל. ער האָט פאַרדינט זייער פיל געלט פון זיין פאַבריקאַציע, האָט ער דעם גרעסטן טייל אָפּגעגעבן פאַר אָרעמע. ער האָט אין דער תלמוד־תורה געגעבן אין משך פון דריי מלחמה־יאָר 900 מאַנטעלעך און 900 פּאָר שיך פאַר די אָפּגעריסענע תלמוד תורה־קינדער, אויסער וואָס ער פלעגט דעקן די לויפנדיקע דע־פיציטן אין תלמוד־תורה דורך געלט־נתינות. אויך פלעגט ער געוויסע שעהן טעגלעך ענטפערן אַלע נויטבאַדערפטיקע אין שטאָט. פון צייט צו צייט פלעגט ער מאַכן איבערראַשונגען מיט זיינע אויסטערלישע נדבות, למשל: אין אַ שווערן ווינטער אַריינשיקן אַלע רבנים און כלי־קודש האָלץ אויף צו באַהייצן, אָדער אַריינשיקן שלח־מנות פּורים אַלע מלמדים און אָרעמע תלמידי חכמים אַ סומע געלט. און דאָס האָט ער געטאָן ניט דירעקט, נאָר בסתר.

פאַר אים האָט מען שוין געמוזט דרך ארץ האָבן. ער פלעגט ביי אַלע זיצונגען האַלטן שטראָפּרעדעס קעגן די רייכערע מיטגלידער, פאַרוואָס זיי גיבן גאָרניט פון זייערע פאַרדינסטן. פלעגן זיי אים דערפאַר רופן „סאָציאַליסט", ווייל ער וויל צונעמען ביי די רייכערע און אָפּ־געבן די אָרעמע.

דער פאָרזיצער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּלאַן מחמת מורא, אַז די דאָזיקע הערכה זאָל ניט געבן דער רעגירונג אַ פאַלשן באַגריף וועגן דעם גרויסן פאַר־מעגן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס דאָס קען ברענגען צו גרויסע שטייערן — די אַלטע טענה קעגן צוואַנג־שטייער. האָט ער דעריבער פאָרגעלייגט זיך צו באַראָטן דעריבער אין שטאָט און הערן די אַלגעמיינע מיינונג.

אויף דער זיצונג, דעם 11טן יוני, איז ווידער באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן משה גאָטליבס פּראָיעקט פון אַ נייער הערכה. ער האָט ווידער באַגרינדעט זיין פאָרשלאָג מיט פאַר־שיידענע טעמים און מיט וואַרעמע ווערטער. מיין מיינונג איז געווען אַז זיין פאָרשלאָג האָט פיל אָנהענגערס אין שטאָט. להיפּוך באַהויפּטן אַנדערע, אַז די אָנהענגערס זיינען נאָר פון דעם אָרעמען קלאַס, אָבער קיין איינציקער פון דעם רייכן. משה באָטקאָווסקי זאָגט, אַז אַזאַ הערכה וואָלט געהייסן אַנאַרכיזם. ב. דאָמבראַצקי — אַז דאָס הייסט סאָציאַליזם, און דער פאָרשלאָג איז אַן אוטאָפּיע. די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן צו אָפּשטימונג, און גאָטליבס פאָרשלאָג איז

אָפּגעשלאָגן געוואָרן מיט 13 קעגן 3 שטימען. עס איז געבליבן צו פאַרגרעסערן די הערכה ביז 10,000 מאַרק מאָנאַטלעך, און דער מאַקסימום פון דער הערכה זאָל זיין 200 מאַרק מאָנאַטלעך. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 3 צוזאַמען מיט משה גאָטליב אויפצושטעלן די פשרה־הערכה.

דערווייל זיינען אַוועק אַ סדרה זיצונגען צו באַהאַנדלען די לויפנדיקע פראַגעס: וועגן דער אויסגעפּועלטער דערלויבעניש ביי דעם נייעם שטאָט־הויפּטמאַן ראַשער צו מאַכן מערק זונטיק און דאָנערשטיק אויף אַריינצופירן שפּייז־פּראָדוקטן פון די דערפער; וועגן די דערלאַנגטע בקשות פון שולן און פון קיכן זיי צו געבן די נייטיקע אונטערשטיצונגען; וועגן די 500 אַכטל האָלץ, וואָס זיינען געקויפט געוואָרן ביי זאַלקינד־שמוש, און וואָס זיינען דערווייל נאָך ניט אָנגעקומען; וועגן 100 אַכטל האָלץ, וואָס די דייטשישע וועלדער־פאַרוואַלטונג האָט איינגעוויליקט אָפּצוגעבן דעם ועד הקהל פאַר 10 מאַרק אַ מעטער אויף אַליין אויסצוהאַקן אין וואַלד.

משה גאָטליב האָט פאַרגעלייגט מוסיף צו זיין צו 10 מאַרק וועכנטליך 16 מלמדים אין תלמוד־תורה, אויך צוצונעמען 2 מלמדים אויף התחלת עברי, אויך אויף דינערינס צו רייניקן די חדרים און אויך אַ סטרוזש — צוזאַמען אַ הוצאה פון 500—600 רובל יערלעך.

עס איז געבליבן אָפּצוואַרטן דעם רעזולטאַט פון דער הערכה. עס זיינען פאַרגעלייגט געוואָרן פאַרשיידענע בקשות פון שול און און אנשטאַלטן וועגן אונטערשטיצונג. עס איז דערוועקט געוואָרן די שאלה פון די שוחטים, וואָס פאָדערן פון ועד הקהל 6 מאַרק פאַר אַ גסה (אַן אָקס, אַ קו), וואָס וועט אויסמאַכן כמעט זייער פריערדיקע שכירות פון 250 מאַרק וועכנטלעך (דאָס איז זיי אָפּגעזאָגט געוואָרן, ווייל זיי פאַרנעמען זיך מיט „לינקער" שחיטה). עס איז אָבער פאַרגעלייגט געוואָרן, אַז אויך די „לינקע" שחיטה זאָל דורכגיין דורכן ועד הקהל, און אַזוי אַרום צו רעגולירן די שאלת השוחטים (לויט די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען 121—128).

ערשט אין דעצעמבער, ווען עס איז שוין קיין שום ברירה ניט געבליבן, איז מען ווידער געקומען צו באַטראַכטן משה גאָטליבס פּראָיעקט וועגן דער נייער הערכה. עס איז געווען קלאָר אַז דער ועד הקהל דאַרף ווייניקסטנס 15,000 מאַרק מאָנאַטלעך אויסצוהאַלטן זיינע אַנשטאַלטן, אַז פאַר אונטערשטיצונג לויט טאַלאָנען פאַר 3,650 מקבלים און פאַר די איבעריקע שטאָטישע אַנשטאַלטן דאַרף מען נאָך 20,000 מאַרק. אַזוי ווי אויף מחוציקע אונטערשטיצונגען קען מען דערווייל זיך ניט ריכטן, ווערט איינשטימיק אָנגענומען צו פאַרגרעסערן די הערכה ביז 36,000 מאַרק מאָנאַטלעך. וועגן דעם ווערט אָפּגעשיקט אַ בריוו צו דער שטייער־קאָמיסיע, זי זאָל זען דעם באַשלוס דורכצופירן, אויב מעגלעך.

אַזוי ווי מיר האַלטן ביי געלט־ענינים, לאָמיר דאָ איבערגעבן אַ טרויעריקן פאַקט אַז עס איז געווען אַ פאַל, ווען איינער וואָס איז קאָאָפּטירט געוואָרן צו דער רעווידיר־קאָמיסיע ווי אַ גבאי פון אַן אַנשטאַלט האָט זיך פאַרשטאַכן די הענט. ווען דאָס איז דערוויזן געוואָרן, האָבן טייל געמיינט, אַז מען דאַרף אים איבערגעבן אין געריכט, טייל אַז מע דאַרף אים קנסענען מיט 10,000 מאַרק. דער שטאָט־הויפּטמאַן, ועמען מען האָט דערציילט וועגן דעם, האָט געפּסקנט אַז יענער זאָל באַצאָלן כפל, און אַזוי האָט מען געטאָן.

### עס ווערט גרינגער די לאַגע אין 1918

אין 1918 איז די פינאַנציעלע לאַגע פון ועד הקהל געוואָרן אַ סך אַ גרינגערע. די נייע הערכה וואָס טייל מיטגלידער פון ועד הקהל האָבן זיך אַזוי

שטאַרק געשראָקן פאַר איר האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ געוואַגטער אַקט וואָס האָט זיך איינגעגעבן.

אין די ערשטע פיר חדשים פון יאָר 1918 איז אַריינגעקומען פון איר הכנסה 77,192.48 מאַרק.

עס האָט זיך דעמאָלט אויך באַנייט די אַמעריקאַנער אונטערשטיצונג, וואָס איז געגאַנגען דורך האָלאַנד, — ניט דורך דייטשלאַנד אין הילפס־פאַראיין און ניט דירעקט אין ועד הקהל, נאָר אין אַ באַזונדערן קאָמיטעט, וואָס האָט געהייסן אונטערשטיצונגס־קאָמיטעט. אין די פיר חדשים האָט ער באַקומען פון אַמעריקאַנער אונטערשטיצונגס־געלט 53,870 מאַרק, פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג — 22,313.90 מאַרק, פון דער פלייש־קאָנטע — 11,584.10 מאַרק (דער פאַרקויף פון פלייש דורך אַדלערשטיין־האָכמאַן, די ועד הקהל־קצבים, אין די פיר חדשים האָט באַטראָפן 122,564.40 מאַרק), פון מצה־קאָנטע (מעות חיטין) — 42,987.40 מאַרק, פון תבואה־קאָנטע — 20,504.25 מאַרק, פאַרשיידענע נדבות — 1,875.40 מאַרק ; צוזאַמען הכנסה 230,327.73 מאַרק.

די הוצאה פון ועד הקהל אין די פיר חדשים איז געווען וויניקער ווי די הכנסה מיט 39,064.35 מאַרק, די לויפיקע הוצאות זיינען געווען אויף די קהלשע אינסטיטוציעס, אויף א ל ע קיכן, שולן, תלמוד־תורה אד״גל.

פון 1טן מאַי ביז 30טן יוני 1918 איז די הכנסה פון צוואַנגשטייער לויט דער נייער הערכה געווען 35,957.44 מאַרק, פון די אַמעריקאַנער אונטערשטיצונגס־געלט — 19,584.45 מאַרק, פלייש־קאָנטע — 4,388.30 (דער פלייש־פאַרקויף דורך אַדלערשטיין־האָכמאַן איז געווען 48,064.90 מאַרק); נדבות — 1,133.50 מאַרק. פון די צווי חדשים איז געווען אַ דעפיציט פון 7,046.85 מאַרק. די הוצאה אויף די קהילה־אינסטיטוציעס און אַלע שטאָטישע אינסטיטוציעס, חברות און קיכן האָט באַטראָפן צוזאַמען 68,315.04 מאַרק.

לויטן חשבון פון 1טן יולי ביז 30טן סעפּטעמבער איז די הכנסה פון צוואַנגשטייער געווען 35,832.81 מאַרק, פלייש־קאָנטע — 9,930.98 מאַרק, נדבות — 673.29 מאַרק, פאָלקסקיך — 2,668.38 מאַרק. עס איז ווידער געווען אַ דעפיציט — 13,976.65 מאַרק.

### דער באַשטאַנד פון אונטערשטיצונגס־קאָמיטעט

דאָס געלט פון אַמעריקע איז איצט אַריינגעקומען אין זעלבשטענדיקע אונטערשטיצונג־קאָמיטעטן פאַר גאַנץ אָב־אָסט. אין ווילנע איז געווען דער הויפּט־קאָמיטעט. פאַר דער פּראָווינץ זיינען געווען באַצירק־קאָמיטעטן. אין ביאַליסטאָק איז געווען אַ ביוראָ פון באַצירק־אונטערשטיצונגס־קאָמיטעט.

לויט אַ באַריכט פון מיליטער־פאַרוואַלטונג, האָט פון 5טן מאַרץ 1918 פונקציאָנירט אין ביאַליסטאָק אַזאַ קאָמיטעט מיט 7 מיטגלידער : א) פאַבריקאַנט משה גאָטליב פון ביאַליסטאָק, ב) צייִנדאָקטאָר מ. אנצעלעוויטש פון גראָדנע, ג) ראַבינער ראַבינאָוויטש פון לידע, ד) דוד גלוזמאַן פון טרעסטינע, ה) וואַיט פאַלק

בלום פון נאָווא־בערעזאָווא (קרייז ביעלסק), ו) פאָלקס־אַדוואָקאַט מאַנעס כמעל־ניצקי, וואָלקאָוויסק, ז) ראַבינער יהושע שוסטער, סאָקאָלקע.

דער אונטערשטיצונג־קאָמיטעט איז איינגעטיילט געוואָרן אין קאָמיסיעס, צו 3 מיטגלידער אַ קאָמיסיע מיט אַ פאָרזיצער און סעקרעטאַר. חוץ דעם זיינען געווען אָרטיקע קאָמיטעטן.

אין אָרטיקן ביאַליסטאָקער קאָמיטעט איז פאָרזיצער געווען משה גאָטליב און די מיטגלידער זיינען געווען: א. טיקטין, מאַקס באַראַש, ראַשעל ראַבינאָוויטש, ב. דאָמבראָצקי. צו זיי פלעגט מען זיך ווענדן מיט בקשות נאָך אונטערשטיצונגען, און זיי פלעגן באַשטימען די דאָזיקע אונטערשטיצונגען. זייער סעקרעטאַר איז געווען דער פאַבריקאַנט פּאָלאַק.

די פאַרטיילונגס־רשימה פון אַמעריקאַנער געלט

עס פלעגן אין 1918 אָנקומען גרויסע סומעס געלט. לויט אַ רעכענונג פון צענטראַלן אונטערשטיצונגס־קאָמיטעט פון 15טן מאַי 1918 איז אָנגעקומען פון איין שיקונג 1,740,877.35 מאַרק. [? — רעד׳]

די אונטערשטיצונג פאַר די איינצלנע שטעט איז געווען איינגעטיילט לויט דער צאָל איינוואוינערס. די דייטשע מאַכט האָט גאַנץ גענוי געוואוסט אָט די צאָל, לויט די ברויט־קאַרטן. איך גיב דאָ לזכרון אַ קאָפּיע פון אַזאַ צעטיילונג פון ביאַליסטאָקער באַצירק־קאָמיטעט [12]:

פאַר ביאַליסטאָק, מיט דער באַפעלקערונג פון 38,992 יידן, איז אָנגעקומען 53,970. חוץ דעם פאַר דריי רבנים 310 מאַרק און פאַר 25 ישיבה־בחורים 545 מאַרק [13]. אינאיינעם פאַר ביאַליסטאָק 54,826 מאַרק.

פאַר ביאַליסטאָקער קרייז, מיט 10,818 יידן, — 49,170 [14] מאַרק, פאַר 10 רבנים 1,020 מאַרק, און פאַר צען ישיבה־בחורים 200 מאַרק, אינאיינעם 15,990.

פאַר גראָדנע, מיט 15,183 יידן, — 21,500 מאַרק. פאַר 3 רבנים 310 מאַרק, פאַר 87 ישיבה־בחורים 1,940 מאַרק, אינאיינעם 23,770 מאַרק [15].

---

12. [צום גרויסן באַדויערן איז די רשימה אין דער קאָפּיע פון מאַנוסקריפּט וואָס מיר האָבן אַזוי פאַרקריפּלט דורך גרייזן אַז עס איז שווער זיך פונאַנדערצוקלייבן אין איר. ברענגען מיר דאָ מיט אַ סך באַוואָרענישן בלויז די צאָלן פאַר אַ טייל פונקטן, אָבער אויך בנוגע די צאָלן קענען זיין ספקות. — רעד׳]

13. לויט אַן אינסטרוקציע פון אַמעריקע, האָט מען געדאַרפט געבן אַ באַזונדערע אונ־טערשטיצונג רבנים, צו 103 מאַרק אַ רב און ישיבה־בחורים (ראַבינער־שילער) צו 20 מאַרק יעדערן.

14. [פאַרשטייט זיך אַז די סומע איז דאָ פאַרגרייזט, דער סך־הכל איז קלענער פון איר. אויב מיר זאָלן אָננעמען אַז דער סך־הכל איז דאָ ריכטיק אָנגעגעבן, דאַרף דאָ זיין די צאָל 14,770 — רעד׳].

15. [דאָ איז ווידער פאַראַן אַ טעות אין איינער פון די צאָלן, וואָרעם דער סך־הכל שטימט דאָ ניט. — רעד׳]

פאַר גראָדנער קרייז מיט 5,393 יידן — 7,470 מאַרק, פאַר 3 רבנים 310 מאַרק, אינאיינעם 7,780 מאַרק.

פאַר סאָקאָלקע מיט 9,951 יידן — 13,780 מאַרק, פאַר 9 רבנים 910 מאַרק, אינאיינעם 14,690 מאַרק.

פאַר שישלאָוויץ מיט 5,791 יידן — 8,020 מאַרק, פאַר 4 רבנים 410 מאַרק, אינאיינעם 8,430 מאַרק.

פאַר ביעלסק מיט 17,064 יידן — 23,610 מאַרק, פאַר 9 רבנים 910 מאַרק, פאַר 20 ישיבה־בחורים 440 מאַרק, אינאיינעם 24,960 מאַרק.

פאַר וואָלקאָוויסק מיט 9,426 יידן — 13,040 מאַרק, פאַר 5 רבנים 510 מאַרק, אינאיינעם 13,550 מאַרק.

הכלל, די פינאַנציעלע לאַגע פון ועד הקהל האָט אין 1918 זיך שטאַרק אויסגעבעסערט. קיין דוחק אין געלט האָט ער שוין ניט געפילט.

בשעת דער ועד הקהל איז אויפגעלייזט געוואָרן, האָט ער איבערגעגעבן דער תלמוד־תורה 15 טויזנט און דער ריגער באַנק פאַר דעם קומענדיקן ועד הקהל 20 טויזנט מאַרק. חוץ דעם האָט ער איבערגעלאָזן 90 טויזט מאַרק חובות פון צוואַנגשטייער, וואָס זיינען שפּעטער אויפגעמאָנט געוואָרן.

## יא. דער סוף פון ערשטן ועד הקהל

### „קולטוס־געמיינדעס"

אויף די לעצטע זיצונגען אין ועד הקהל, אין מאָנאַט אָקטאָבער 1918, איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן דער פאַראָרדענונג פון שטאָט־הויפּטמאַן צו באַשטימען וואַלן צו אַ יידישן פאַרשטאַנד פון אַ „קולטוס־געמיינדע", לויט אַ באַפעל פון אָב־אָסט צו אַלע יידישע קהילות אין דעם געביט.

דערוויל האָבן אַלע יידישע קהילות אין אָב־אָסט געבעטן ביי דער מאַכט, מען זאָל זיי געבן די זעלביקע רעכט ווי דעם ביאַליסטאָקער ועד הקהל. איז ענדלעך אַרויס די אַלגעמיינע פאַראָרדענונג פון דער הויפּט־אַנפירונג אין אָב־אָסט צו וויילן אין אַלע יידישע קהילות „קולטוס־געמיינדעס", דורך בוחרים פון בתי־מדרשים, לויט ביאַליסטאָקער פּראָגראַם, וואָס אַ קאָפּיע פון איר האָבן מיר פריער איבערגעגעבן דעם שטאָט־הויפּטמאַן.

די פאָרשטייערס פון די בתי־מדרשים דאַרפן דערנאָך פון זיך אויסקלייבן אַ ועד הקהל פון 21 פּערזאָן מיט 3 רואי חשבונות (רעוויזאָרן). די ווילערס דאַרפן ניט זיין יונגער פון 21 יאָר און די אויסגעקליבענע — פון 25 יאָר. די וואַלן קומען פאָר אין די בתי־מדרשים, און נאָך דעם האָט דער שטאָט־הויפּטמאַן דאָס רעכט צו פסלען אויסגעקליבענע, וואָס וועלן ביי אים ניט נושא חן זיין.

דער ועד הקהל איז געווען קעגן דעם מאָדוס פון די בחירות און קעגן פאַרוואַנדלען דעם ועד הקהל אין אַ „קולטוס־געמיינדע". דערהויפּט האָט דער מאָדוס פון אַזעלכע וואַלן אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט ביי אַלע פּאָליטישע

פאַרטייען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פילן שטאַרקער, ווייל אין יענער צייט איז שוין געווען צו מערקן אַז אין לאַנד קומען פאָר זייער וויכטיקע געשעענישן. מען האָט שוין גערעדט וועגן רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. עס זיינען אַרויס קלאַנגען, אַז אין וואַרשע גיבן די דייטשן איבער די מאַכט צו פּאָליאַקן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די מלחמה האַלט שוין ביים סוף.

דעם 25טן אָקטאָבער איז, לויט דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויפגערופן געוואָרן אַן אינטערפּאַרטייאישע זיצונג אין לאָקאַל פון „מרכז" וועגן די קהילה־וואַלן. אין דער זיצונג האָבן אָנטייל גענומען 10 מיט־גלידער פון אַלע רעכטע און לינקע פּאַרטייען צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט צו דער מאַכט קעגן וואַל־מאָדוס. די לינקע פּאַר־טייען האָבן באַשלאָסן צו באָיקאָטירן אין גאַנצן די קהילה מיט אַזעלכע וואַלן און האָבן זיך געווענדט מיט אַ ספּעציעלן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג.

### רעוואָלוציע און סאָלדאַטן־ראַט

דערווייל האָבן זיך אַלץ מער געביטן די אומשטאַנדן פון דער מאַכט. עס ווערט געמאָלדן אַז די פּראָיעקטירטע וואַלן אין „קולטוס־געמיינדעס" ווערן אָפּגעלייגט. אין בערלין איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע.

דעם 11טן נאָוועמבער 1918 האָט דער ביאַליסטאָקער גאַרניזאָן זיך אָפּגע־זאָגט צו פאָלגן די אָפיצירן און האָט אויסגעקליבן אַ סלדאַטן־ראַט, וואָס האָט באַשטימט פאַרן שטאָט־קאָמענדאַנט אַ געוויסן פּאָליאַק לעוואַנדאָווסקי. גלייכ־צייטיק איז אין שטאָט געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיטעט וואָס האָט פאַר־בונדן אַ קאָנטאַקט מיטן סאָלדאַטן־ראַט. אין שטאָט האָבן אויך אַ געוויסע צייט זיך אויפגעהאַלטן בסוד עטלעכע צענדליק אָפיצירן און זעלנער פון גענעראַל דאָווּבאָר־מאָשניצקי, וואָס האָבן געשאַפן דעם אַזוי גערופענעם זעלבשוץ. איצט האָבן זיי זיך פאַרשטענדיקט מיט לעוואַנדאָווסקין און באַקומען פון אים אַ ביסל געווער.

דער ועד הקהל האָט דערווייל באַקומען פון גרויסן סאָלדאַטן־ראַט ברעסט־ליטאָווסק אַן אויפרוף צום יידישן פאָלק, וואָס אין אים איז מען אונדז מודיע, אַז די אַלטע אימפּעריאַליסטישע דייטשע רעגירונג עקסיסטירט מערניט, אַז אין דייטשלאַנד האָט זיך געשאַפן אַ נייע רעגירונג פון אַ פרייען סאָציאַליסטישן פאָלקס־שטאַט, וואָס האָט איר פאַרטרעטונג אין די אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַטן. זיי ווענדן זיך צום יידישן פאָלק און זאָגן:

„יידן! מיר ווענדן זיך צו אייך ווי ברידער אייך צו באַגריסן. גלייבט אונדז, אַז מיר האָבן ניט קיין שום כוונה צו טאָן עפּעס קעגן די אינטערעסן פון אייער נאַציע. מיר ווילן אין אַלע שותּפישע ענינים צו קומען מיט אייך אין אַ פרידלע־כער פאַרשטענדיקונג, דורך פרייע אָפענע פאַרהאַנדלונגען. דער גרויסער סאָל־דאַטן־ראַט „ברעסט" וואָס איז די העכסטע דייטשע מאַכט אין קרייז ברעסט־ליטאָווסק, ריכט זיך פון אייך, אַז איר וועט ענטפערן אויף אונדזער צוטרוי

צו אייך מיט אַנטקעגנקומען. ער דערוואַרט באַזונדער אַז איר וועט ניט אָננעמען אַנטקעגן די דייטשע סאָלדאַטן קיין שלעכטע מאַסמיטלען. ער דערוואַרט אַז איר וועט ניט מאַכן קיין שוועריקייטן אייערע דייטשע ברידער, בשעת זייער אָפּ־טראַנספּאָרטירן אין זייער היימלאַנד. מיר ווילן שלום מיט אייך און זיך שיידן פון אייך אין פרידן.

לעבן זאָל דאָס יידישע פאָלק!

דער גרויסער סאָלדאַטן־ראַט ברעסט־ליטאָווסק, דעם 15טן נאָוועמבער 1918".

#### די נייע צייטווייליקע דעמאָקראַטישע קהילה

אין שייכות מיט די אַלע וויכטיקע געשעענישן איז צייטיק געוואָרן דער געדאַנק וועגן גרינדן אַ נייעם, צייטווייליקן ועד הקהל. אויף דער באַראַטונג פון 10טן נאָוועמבער 1918, מיטן אָנטייל פון 19 מיטגלידער, איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן, אַז וועגן זיין צוזאַמענשטעל און זיינע קאָמפּעטענצן זאָל מען זיך צוזאַמענקומען אויף אַ באַראַטונג דעם 12טן נאָוועמבער.

אין דעם באַשטימטן טאָג האָט א. טיקטין צוזאַמענגערופן אַ באַראַטונג אין ועד הקהל מיט דער באַטייליקונג פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען וועגן דער פּאָליטישער סיטואַציע אין דעם איצטיקן מאָמענט.

נאָכן אויסהערן דעם באַריכט פון פּאַרזיצער, פאָדערט אויף די באַראַטונג אַז דער אַלטער ועד הקהל זאָל זיך אָפּזאָגן און זאָל איבערגעבן אַלע ענינים פון דער קהילה אין די הענט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען. דאָס ווערט אָנגענומען איינשטימיק.

נאָך דעם ווי דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, האָט א. טיקטין רואיק אָנגעטאָן דעם מאַנטל און איז אַוועקגעגאַנגען.

וועגן דעם אָפּזאָגן זיך פון אַלטן ועד הקהל און דאָס איבערגעבן זיינע פונקציעס ביז אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע וואַלן אין די הענט פון דעם פּראָוויזאָרישן ועד הקהל איז געוואָרן צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל.

דעם 12טן נאָוועמבער 1918, 12 אַ זייגער בייטאָג איז שוין דער קהילה־לאָקאַל געווען באַזעצט מיט 25 פּערזאָן, פאָרשטייערס פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. מען איז אין דער געהויבענער שטימונג לייכט דורכגעקומען וועגן דער צעטיילונג פון די שטימען צווישן די פּאַרטייען. דער צוזאַמענשטעל פון דער צייטווייליקער קהילה איז פעסטגעשטעלט אויף 47 מיטגלידער. מען האָט זיך תיכף באַנוצט מיט דעם מוסטערהאַפט איינגעאָרדנטן קהילה־אַפּאַראַט, מיט איר אויטאָריטעטער פירמע און מיטן געלט וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פאַר דער קומענדיקער קהילה־פאַרוואַלטונג.

אזוי האָט פאַרענדיקט דער ועד הקהל זיין שטרענגע, אַבסאָלוט ערלעכע, מוסטערהאַפטע הנהגה אין די שווערע יאָרן פון אָקופּאַציע. די טוערס זיינען אוועק מיטן טיפן געפיל אַז זיי האָבן מיט זייער אַרבעט געבראַכט נוצן דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפעלקערונג.

## קאַפּיטל עלף

# פון 1919 ביזן מיטן 30ער יאָרן

### א. די תקופה פון דער דעמאָקראַטישער קהילה

והעיר ביאַליסטאָק צהלה ושמחה. די גאַנצע שטאָט איז געווען אַרומגעכאַפּט פון דער אויפרעגנדיקער שטימונג פון רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. די אָרטיקע דייטשע מאַכט איז דערווייל שוין אַריבער צו די מיטגלידער פון סאָלדאַטן־און אַרבעטער־ראַט. די אָרטיקע סאָציאַליסטישע ידישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיך תיכף אין זיי אַנגעשלאָסן.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען זייער אַן אומזיכערע. די אָרעמערע שיכטן האָבן שטאַרק געליטן. אָבער דער עולם איז געווען גליקלעך וואָס די מלחמה האָט זיך געענדיקט. עס זיינען פון אַלע זייטן געקומען ידיעות וועגן רעוואָלוציע. טייל זיינען געווען גרויס ביי זיך, טייל נערוועז. אין אַט אַזאַ אַטמאָספער האָט מען זיך געגרייט צו די וואַלן אין אַ באמת דעמאָקראַטישער קהילה, געקליבן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אויף אַ געהיימען, דירעקטן, גלייכן און פּראָפּאָרציאָנעלן אופן.

#### די וואַלן און די רעזולטאַטן פון די וואַלן [1]

אַ וואַל־קאָמיסיע, צונויפגעשטעלט פון איין פאָרשטייער פון יעטוועדער וואַל־ליסטע, האָט אָנגעפירט די וואַלן. די פּאַרטייען האָבן דערווייל זיך פאַרנומען מיטן אויפשטעלן זייערע ספּעציעלע פּראָגראַמען פאַר דער קהילה צו דער פייער־לעכער מאַניפעסטאַציע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויפן 25טן נאָוועמבער 1918, אין לאָקאַל פון „פּאַלאַס"־טעאַטער.

אויף דער מאַניפעסטאַציע האָבן די פאָרשטייערס פון אַלע פּאָליטישע פּאַר־טייען עפנטלעך דעקלאַרירט זייערע פּראָגראַמען און אויפגאַבעס אין דער קהילה.

דער וואַלקאַמף צו דער דעמאָקראַטישער קהילה איז געווען, ווי מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, זייער אַ העפטיקער און שטורמישער. די וואַלן זיינען געווען באַשטימט אויפן 15טן דעצעמבער 1918. עס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן דער קהילה ביזן 6טן דעצעמבער 14 רשימות פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, און די וואַל־קאָמ־

1. וועגן דער געשיכטע ווי אַזוי דער ערשטער ועד הקהל האָט זיך פונאַנדערגעלאָזן, וועגן די וואַלן און די רעזולטאַטן פון די וואַלן צו דער דעמאָקראַטישער קהילה און בכלל וועגן דער טעטיקייט פון דער דעמאָקראַטישער קהילה — זען רפאל ליפשיצעס אַרטיקלען אין דאָס נייע לעבן, 1922, נומ׳ 231—292, און 1925 נומ׳ 2—44 כאָטש רפאל ליפשיץ איז געווען אַ נוגע בדבר ווי איינער פון די געצאָלטע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, איז דאָך זיין באַריכט אַן אָביעקטיווער. איך האָב אין אַ גרויסער מאָס זיך באַנוצט מיט זיין אַרבעט.

פּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אפילו ארויסגע־געבן אויף דער צייט אַ טעגלעכע צייטונג די פרייהייט, וואָס האָט אגיטירט פאַר איר ליסטע נומער 6. אַלע דרוקערייען זיינען געווען פאַרנומען מיט אַרבעט. יעדער ביאַליסטאָקער ייד איז באַשאָטן געוואָרן מיט דרוקזאַכן. די מגידים אין די בתי־מדרשים האָבן אַגיטירט פאַר דער ליסטע פון די אָרטאָ־דאָקסן נומער 3. אויך די רבנים האָבן אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו שטימען פאַר דער אָרטאָדאָקסישער ליסטע, אָבער זייער אַגיטאַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיט דער טענה, אַז זיי זיינען אָנגעשטעלטע פון דער קהילה פון אַלע פּאַרטייען. די שטאָט איז איינגעטיילט געוואָרן אין 10 וואַל־ביוראָען, אין יעדער ביוראָ זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע פּאַרטייען.

די צאָל מיטגלידער פון דער קהילה איז געווען באַשטימט 71, אַזוי ווי אין סנהדרין. עס האָבן געשטימט סך־הכל 13,093 וואַל־באַרעכטיקטע (פון 20 יאָר אָן,ביידע געשלעכטער). איין פאַרשטייער איז אויסגעקומען אַן ערך אויף 184 שטימען.

די רעזולטאַטן זיינען געווען אַזעלכע: די גרעסטע צאָל שטימען צווישן די פּאַרטייען האָט באַקומען „דער בונד״. זיין ליסטע האָט אים געגעבן 15 ראַטמענער אָדער פּרנסים. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי „די פאַראייניקטע״ האָט באַקומען 10 ראַטמענער. אויף אַזאַ אופן איז דער לינקער פליגל באַשטאַנען פון 25 מאַן (צווישן 70, ווייל מען האָט פּאַקטיש אויסגעוויילט נאָר 70 פּרנסים, ווארעם אויפן 71סטן אָרט זיינען געווען צוויי גלייכע פּרעטענדענטן). דער אַלגעמיינער אָרטאָדאָקסישער צעטל פון בית־מדרש־יידן האָט אויסגעקליבן 10 פּרנסים, חסידים — 5. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען נאָך 3 פון קליינע ליסטעס. אַזוי אַרום האָט דער רעכטער פליגל געהאַט 18 פּרנסים און איז געווען שוואַכער פון דעם לינקן. די אַלגעמיינע ציוניסטישע ליסטע האָט געהאַט 12 פּרנסים, די צעירי־ציון 5, די פּועלי־ציון 2. זיינען אַזוי אַרום אין דעם ציוניסטישן טייל פון דער קהילה געווען 19 פּרנסים. די איבעריקע אַכט זיינען אויך געווען אין צענטער הגם אפשר מער גענייגט, בנוגע געוויסע זאַכן צו לינקס. צווישן זיי זיינען געווען 2 פאָלקיסטן, 2 דעמאָקראַטן, 2 האַנטווערקער און 2 אומפּאַרטייאישע.

קלאָר אַז קיין איין פליגל האָט ניט געהאַט קיין מערהייט.

### די ערשטע טריט פון דער דעמאָקראַטישער קהילה

די גאַנצע פּראָצעדור פון די וואַלן און איר גרויסער טומל און טאַראַראַם איז דורכגעגאַנגען פריי אין דער דאָזיקער צייט בין מלכות למלכות. פון איין זייט, האָט די דייטשע סאָלדאַטן־און אַרבעטער־מאַכט דורכגעפירט אַלע פאָדערונגען פון דער ציטווייליקער קהלה, וואָס איז איר פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ האַלב־סאָציאַ־ליסטישע, למשל: צו באַפרייען די דריי בונדיסטן וואָס זיינען געווען אין געפאַנגען־לאַגער: י. וואַקס, אַ. קלאַטשקאָ, י. עקשטיין; אַראָפּצונעמען די רעקוויזיציע אויף איינגעפירטע לעבנס־פּראָדוקטן; אומצוקערן די מאַשינען פון דער האַנטווערקער־

שול. פון דער צווייטער זייט, האָט די קהילה רעאַגירט קעגן די אומגערעכטע מע־שים לגבי יידן מצד דער טיילוויז שוין אויפגעקומענער פוילישער מאַכט, למשל, קעגן די פוילישע מעשים אויף דער נאָענטער סטאַציע לאַפּי. קעגן דעם האָט אויך דער פוילישער פאָלקס־קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק מיטגעהאָלפן צו פּראָטעסטירן. דעם 28טן נאָוועמבער האָט נאָך די פּראָוויזאָרישע קהילה געמאַכט אַ גרויסן מיטינג אין שטאָטשול און אַ גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציע קעגן די שחיטות אויף יידן אין לעמבערג.

די דעמאָקראַטישע קהילה איז ענדגילטיק קאָנסטרואירט געוואָרן דעם 21טן דעצעמבער 1918. לויטן אינהאַלט פון די פאַרהאַנדלונגען, וואָס זיינען פאָרגעקו־מען אויף דער ערשטער זיצונג, איז צו זען אַז דער פּאַרטיי־קאַמף וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צייט פון די וואַלן האָט זיך נאָך די וואַלן ניט פאַרענדיקט, און ער האָט זיך פאַרצויגן אַ לענגערע צייט. ביזן 31טן מאַרץ 1919 איז די מלחמה געווען פאַר פּרינציפּן, שפּעטער איז די גאַנצע צייט ביז דעם פונאַנדערפאַל פון דער קהילה אַ גרויסער טייל פון דער ענערגיע פאַרוועגדט געוואָרן אויף צווישן־פּאַרטייאישע קאַמפן.

באַלד אויף דער ערשטער זיצונג איז אויפגעקומען די פראַגע וועגן דער קאָמפּעטענץ פון דער קהילה. די ערשטע פראַגע איז געווען די רעליגיעזע הצטרכותן. ביי די לינקע סאָציאַליסטישע פראַקציעס איז עס געווען אַ פּרינצי־פּיעלער ענין, ווייל לויט זייער באַנעם דאַרף די קהילה זיין אַ ריין וועלטלעכע און דאַרף אויסשליסן די רעליגיעזע הצטרכותן פון דער קאָמפּעטענץ פון דער קהילה. אַקעגן זשע די גאָר רעכטע באַטראַכטן די קהילה ווי אַ „קולטוס־געמיינדע" און פאָדערן דער עיקר די פאַרזאָרגונג פון די רעליגיעזע באַדערפעניש. די מע־סיקע פּאַרטייען ווי די ציוניסטן, די פאָלקספּאַרטיי און האַנטווערקער אָנערקענען פאַר דער קהילה אויך אַנדערע קאָמפּעטענצן, אָבער שליסן ניט אויס די רעליגיעזע הצטרכותן פון איר גבול.

דער צווייטער פאַרביסענער קאַמף איז געווען ביי דער שולפראַגע, צי די דערציאונג דאַרף זיין אַ וועלטלעכע אָדער אַ רעליגיעזע, אַ יידישיסטישע אָדער אַ העברעאישע. דער סוף פון די דעבאַטן האָט געמוזט געווינלעך זיין אַ פּשרה. מ'האָט געמוזט קומען צום באַשלוס, אַז די קהילה האַלט אויס  אַ ל ע  טיפּן שולן. אַזוי אַרום האָט די קהילה געמוזט אויסהאַלטן 139 שולקלאַסן, וואָס אין זיי האָבן זיך געלערנט 3,853 קינדער. אויסער דעם האָט די קהילה געדאַרפט אויסהאַלטן אירע אַלטע אינסטיטוציעס: 4 קיכן (די פאָלקסקיך, די אַרבעטער־קיך, די לערער־קיך און די קיך ביי דער ת"ת) און אויך די אינטערנאַטן פון „מושב זקנים", „הקדש", „בית יתומים" און דעם שפּיטאָל. אמת, אויף זייער אויסהאַלטונג האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג געגעבן, אָבער נאָר פּראָדוקטן.

אַזוי ווי די קהילה איז געווען אָנגעוויזן נאָר אויפן שטייער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון ערשטן ועד הקהל, וואָס האָט געבראַכט אין יאַנואַר 1919 נאָר אַ הכנסה פון 10,427 מאַרק, האָבן די אַלע אינסטיטוציעס ניט געקענט פולשטענדיק פאַר־

זאָרגט ווערן. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געפאָדערט צו שטעלן די גאַנצע פאַר־וואַלטונג פון די יידישע אינסטיטוציעס אונטער איר רשות. נאָר אַזוי ווי אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זיינען געווען פאַרטראָטן אויך יידישע ראַטמענער, האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן אַ געמישטע קאָמיסיע פון קהילה־פאָרשטייערס און פאַר־שטייערס פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און די קיכן זיינען אַריבער צו זיי. אָבער צו באַקומען די גאַנצע הצטרכותן פון דער קהילה האָט זיך לעת־עתה ניט איינ־געגעבן. עס איז נאָך קיין פעסטע מאַכט אין ביאַליסטאָק ניט געווען. די שטאָט איז נאָך געווען באַזעצט פון די אָקופּאַנטן. אין דער שטאָט האָט זיך אויך געפונען אַ פּוילישער רעגירונג־קאָמיסאַר, אָבער די פאַרוואַלטונג איז נאָך געווען אַ דייטשע, וואָס האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין. אַזוי אַרום האָט די קהילה ניט געהאַט ביי וועמען צו פאָדערן איר אויסהאַלטונג.

דעריבער איז געבליבן צו פאַרגרעסערן דעם יידישן שטייער און צו שאַפן אַן איינמאָליקן שטייער פון אַ מיליאָן מאַרק, וואָס זאָל פונאַנדערגעטיילט ווערן ספּעציעל אויף דער רייכערער יידישער באַפעלקערונג.

דאָס איז געווען ניט קיין פּראַקטישער באַשלוס. ווייל דער גאַנצער עקאָנאָמי־שער מצב אין ביאַליסטאָק איז געווען אַ וואַקלדיקער, ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלער, ווייל אין דער אָקופּאַציע־צייט איז מען געווען אין גאַנצן אָפּהענגיק פון דער דייטשער מאַכט, וואָס האָט באַשטעלט און אָפּגעקויפט ביי די פאַבריקאַנטן זייער גאַנצע פּראָדוקציע, און אויך האָט זי געוויסע פּראָדוקטן אָפּגעקויפט ביי די הענדלערס. מיטן אָפּטרעטן פון די דייטשן האָט עס אַלץ אויפגעהערט. דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט האָבן די רייכערע ביאַליסטאָקער יידן געהאַלטן אויף די נאָענטסטע אומקלאָרע טעג. זיי האָבן אגב ניט געקענט האָבן קיין צוטרוי צו דער דעמאָקראַטישער קהילה, וואָס אין איר שפּיץ זיינען געשטאַנען פאָרשטייערס פון דער אָרעמער יידישער געזעלשאַפט.

אַ גרויסן טייל הכנסה פון דער דעמאָקראַטישער קהילה האָט איינגעשלונגען דער גרויסער אַפּאַראַט פון דער קהילה־פירונג אַליין. דאָס אַרויפוואַרפן אַ גאַנצן מיליאָן מאַרק אויף דער רייכערער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ הפקרות. איז דעריבער גאָר ניט צו באַוואונדערן, פאַרוואָס פון די רייכערע שיכטן האָט מען אַריינגעשיקט צו דער פּוילישער מאַכט, וואָס האָט בתוך כך דעם 20טן פעברואַר 1919 פאַרנומען ביאַליסטאָק אָן אַ קאַמף, אַ מעמאָראַנדום מיט 52 אונ־טערשריפטן צו פּראָטעסטירן קעגן דער אייגנמעכטיקייט פון דער דעמאָקראַטי־שער קהילה. די רעזולטאַטן פון דעם מעמאָראַנדום וואָלטן געווען צעשטערנ־דיקע פאַר דער דעמאָקראַטישער קהילה, ווען ניט די יידישע פאָרשטייערס פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

### דער טרויעריקער אָנהייב פון דער פּוילישער הערשאַפט

די צייט פון 21טן דעצעמבער 1918 ביזן 31טן מאַרץ 1919 איז אויך רייך געווען מיט פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פון דער קהילה.

שוין באַלד דעם ע ר ש ט ן טאָג נאָך דעם איבערנעמען ביאַליסטאָק דורך דער פּוילישער מאַכט, האָבן זיך אָנגעהויבן הויז־זוכונגען ביי יידן. מען האָט געזוכט געווער. כאָטש מען האָט גאָרניט געפונען, האָבן זיך די רעוויזיעס געצויגן בייטאָג און ביינאַכט.

דאָנערשטיק, דעם 20טן פעברואַר 1919, 2 אַ זייגער ביינאַכט, איז געמאַכט געוואָרן במשך פון אַ פּאָר שעה אַ גרויסע רעוויזיע אין דער גרויסער שול און דערבייאיקע בתי־מדרשים, וואָס זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן דורך מיליטער. עס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן די רבנים, ביי וועמען מען האָט געפאָדערט אַ פאַר־זיכערונג, אַז אין די הייזער געפינט זיך ניט קיין געווער. ניט געקוקט אויף זייערע פאַרזיכערונגען, האָט מען פונדעסטוועגן דורכגעזוכט די שולן אין אַלע ווינ־קעלעך, ניט שאַנעוועענדיק אפילו די ארונות קדושים.

אין איין בית־מדרש האָט מען געפונען אַ שטיקל לייוונט איינצובינדן גמרות. האָט מען חושד געווען אַז דאָס איז מיליטערישער פאַרמעגן, נאָך פון דער דייטשער מאַכט. מ׳האָט דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט דעם אַלטן שוואַכן שמש הענעך און מ׳האָט אים תיכף געמאַלדן, אַז ער איז פאַרמשפּט צום טויט. מ׳האָט אים געשטעלט צום פאַרקאַן אויפן הויף און אויפן באַפעל פון אָפי־ציר אָנגעשטעלט אויף אים די ביקסן. נאָך דעם האָט מען אים אָפּגעלאָזן און געשענקט דאָס לעבן. דעם אַלטן 80־יאָריקן ראב״ד רבי חיים הערץ הייל‌פּערין האָט מען אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק דריי מאָל געוועקט און ביי אים געמאַכט הויז־זוכונגען.

די קהילה האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט די שטאָטישע פּרעסע געבראַכט די ידיעה, אַז אין שייכות מיט די געשעענישן האָט דער פּולקאָווניק דזשעווילסקי באַזוכט דעם רב ר׳ חיים הערץ הייל‌פּערין, ער האָט אים איבערגעבעטן און זיך פאַרענטפערט, אַז די אַלע זוכונגען זיינען אַרויסגעקומען איבער אַ פּראָוואָקאַציע, און זיי זיינען געמאַכט געוואָרן אָן זיין וויסן.

### אַ נייע תקופה פון פּראָדוקטיווער טעטיקייט

מיט די געשעענישן ווערט פאַרענדיקט די ערשטע תקופה פון דער דע־מאָקראַטישער קהילה, אַ צייט פון פינאַנציעלע קריזיסן, פּאַרטיי־רייסענישן און פון אינעווייניקסטע אומאָרדענונגען. פאַר דער צייט זיינען געשאַפן געוואָרן: דער פּרעזידיום וואָס האָט געהאַט נאָר איין פונקציע — אָנצופירן מיט די פּלע־נאַרע־זיצונגען; דער ראַט, דער אויספיר־אָרגאַן, דער ועד הקהל, וואָס האָט געהאַט אויסצופירן די באַשלוסן פון קהילה־ראַט און פון די קאָמיסיעס, און די זיבן הויפּט־קאָמיסיעס: פינאַנץ, קולטור, רעליגיע, סאָציאַלע הילף, ווירטשאַפט,

רעגולאַמין, רעווידיר־ און קאָנטראָל־קאָמיסיע, מיט פינף באַצאָלטע סעקרעטאַרן — צוויי לינקע, איין ציוניסט, איין צעירי ציון און איין מזרחיסט.*

פון 1טן אַפּריל 1919 הייבט זיך אָן פאַר דער דעמאָקראַטישער קהילה אַ נייע תקופה, אַ תקופה פון פּראָדוקטיווער טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

די נייע תקופה איז געקומען אַדאַנק די גרויסע געלט־און פּראָדוקטן־אונ־טערשטיצונגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַריינצופליסן אין אַ גרויסער שפע פון יידן אין אַמעריקע. אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער האָבן גלייך ווי די מלחמה איז פאַרענדיקט געוואָרן איינגעזען די חורבנות וואָס זי האָט אָנגעמאַכט, און האָבן געגרינדעט אַ פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט, דעם „דזשאָינט דיסטריביו־שאָן קאָמיטי״, וואָס איז אומעטום באַוואוסט געוועזן ווי דער „דזשאָינט״. דער קאָ־מיטעט האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע קומען צו הילף די מלחמה־פאַראומ־גליקטע יידן אין איראָפּע. דער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט אין אַלע לענדער אָפּטיילונגען. אויף פּוילן, וואו עס געפינט זיך דער גרעסטער יידישער ישוב, האָט דער דזשאָינט געלייגט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. דעם 1טן אַפּריל 1919 האָט די פּרעסע געבראַכט די ערשטע ידיעה, אַז עס איז אָנגעקומען קיין וואַרשע אַ גרופּע פון דעם קאָמיטעט זיך צו באַקענען מיט דער לאַגע אויף די ערטער און אָנצוהייבן אַ ברייטע הילפס־אַקציע.

דעם 2טן אַפּריל האָט שוין די ביאַליסטאָקער קהילה אַרויסגעשיקט אירע שלוחים צו בעטן ביי איר די נייטיקע הילף. דער פאָרזיצער פון דער דזשאָינט־מיסיע ד״ר באָגען האָט די דעלעגאַציע אויפגענומען און האָט איר צוגעזאָגט צו געבן די געפאָדערטע הילף. און באמת, פון 6טן מאַי 1919 אָן האָבן אָנגעהויבן אַריינצופליסן אין דער קהילה־קאַסע רעגלמעסיקע, חודשלעכע סובסידיעס פאַר ביאַליסטאָק און אויך פאַר איר קרייז. וואָס אַ חודש ווייטער האָט זיך די הילף פון דזשאָינט אַלץ מער פאַרברייטערט און אויך פּראָפּאָרציאָנעל פאַר ביאַליסטאָק און איר ראַיאָן. ביאַליסטאָקער קהילה איז געוואָרן די פאַרמיטלערין פון דזשאָינט פאַר גאַנץ גראָדנער גובערניע, ווי זי איז דאָס געוועזן אין דער אָקופּאַציע־צייט ביים הילפס־פאַראיין.

אין דער זעלביקער צייט איז אין ביאַליסטאָק געשאַפן געוואָרן אַ פאַר־זאָרגונג־קאָמיטעט — ״ראַדאַ אָפּיעקונטשאַ״, וואָס האָט איינגעלאַדן די קהילה אָנטייל צו נעמען אין אים. דער פאַרזאָרגונג־קאָמיטעט האָט געגעבן פון אַמערי־

*) [דער פּרעזידיום פון דער קהילה איז באַשטאַנען פון: ש. פּוניאַנסקי (פּרומער בלאָק), נאָטע יאַקאָבסאָן (ציוניסט), פּסח קאַפּלאַן (פאָלקס־פּאַרטיי), בישקע גדאַנסקי (פאַראייניקטע סאָציאַ־ליסטן), און נחום סאָקאָלסקי (בונד).

די עקזעקוטיוו־באַאַמטע (סעקרעטאַריאַט) זיינען געווען: ב. סובאָטניק (פּרומער בלאָק), רפאל ליפשיץ (ציוניסט), ברוך ראָזענטאַל (צעירי ציון), יעקב פּאַט (פאַראייניקטע־סאָציאַליסטן) און יעקב וואַקס (בונד).

געוועזענער וועגן דער קהילה־טעטיקייט זען: ד״ר הערמאַן פראַנק: געזעלשאַפטלעכע אויפ־לעבונג פון דער יידישער ביאַליסטאָק מיט 30 יאָר צוריק אין ביאַליסטאָקער לעבן סעפּטעמבער 1949, ברוקלין. — די אַרויסגעבער].

קאָנער פּראָדוקטן מתנות פאַר קינדער. פון זיי זיינען 30 פּראָצענט געווען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, לויט איר צאָל־פאַרהעלטעניש אין ביאַליסטאָקער קרייז.

די ערשטע טעג פון מאַי האָט די „ראַדאַ אָפּיעקונטשאַ" אויסגעטיילט דער קהילה 2,700 פּאָרציעס פאַר קינדער. אַ טעגלעכע פּאָרציע איז באַשטאַנען פון 75 גראַם ווייצנמעל, 50 גראַם קאָנדענסירטע מילך, 30 גראַם בעבלעך, 30 גראַם רייז, 20 גראַם פעטס, 10 גראַם צוקער, 10 גראַם קאַקאַאָ, 2 גראַם זאַלץ — אויף 30 טעג. דאָס האָט אויסגעמאַכט 30% פון אַלגעמיינעם קוואַנטום — 9000 פּאָרציעס. מיט אַ חודש שפּעטער איז אין ביאַליסטאָק געעפנט געוואָרן אַ ספּעציעלער אַמט פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג, וואָס האָט מיט דער „ראַדאַ" קיין געמיינזאַמס ניט געהאַט.

נאָכן באַקומען אַזאַ שפע געלט, האָט די קהילה אויסגעגליכן אַלע פריערדיקע דעפיציטן און פאַרזאָרגט אַלע עקסיסטירנדיקע אינסטיטוציעס. זי איז צוגע־טרעטן צו שאַפן נייע געביטן פון טעטיקייט. ראשית, האָט זי אויסגענוצט די פּראָדוקטן ספּעציעל פאַר די קינדער, איינאָרדנענדיק אין יעדער שול אַ קינ־דער־קיך, און האָט אויך געעפנט קינדער־קיכן אין דריי טיילן פון שטאָט צו באַ־זאָרגן די קינדער, וואָס באַזוכן ניט קיין שול, מיט פרישטיק און מיטאָג. זי האָט אויך אונטערגענומען אַן אַקציע אויפן געביט פון געזונט־פאַרהיטונג. זי האָט גע־גרינדעט אַ געזונט־קאָמיסיע, וואָס האָט באַזאָרגט אַלע שולן מיט אַפּטייקן און קראַנקן־שוועסטערס, זי האָט געעפנט אַן אַמבולאַטאָריע־קאָנסולטאַציע און „טראָפּן מילך", אויך האָט זי איינגעאָרדנט זומער־וואוינונגען פאַר קראַנקע און לונגען־ליידנדיקע, אַ ספּעציעלע קינדער־קאָלאָניע אין איגנאַטקע.

די קהילה האָט פאַרטיידיקט אירע פּאָליטישע רעכט כלפּי חוץ. זי האָט רעאַגירט קעגן די עוולות, וואָס זיינען איר געטאָן געוואָרן פון דער „ראַדאַ אָפּ־יעקונטשאַ", פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס אין איר זיינען אַפילו געזעסן אויך יידישע ראַטמענער, אָבער ניט קיין געקליבענע פון דער קהילה. דעם 24טן יוני איז אויסגעקליבן געוואָרן די פּראָקציע צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט באַשטימטע דירעקטיוון. די קהילה האָט אויך פון צייט צו צייט אינטערווענירט ביי דער מאַכט קעגן אַלע שיקאַנעס, וואָס פלעגן דעמאָלט אָפּגעטאָן ווערן לגבי יידן. די נייע פוילישע מאַכט האָט געוואָלט זיך ריינוואַשן פאַר דער דרויסנדיקער וועלט אַז זי איז כלומרשט ניט שולדיק אין די אַלע שיקאַנעס, האָט זי איינ־געלאַדן ספּעציעלע קאָמיסיעס, מיטן אַנטייל פון אויסלענדישע מיטגלידער, אויס־צופאָרשן די אַלע שיקאַנעס אויפן אָרט. די ערשטע קאָמיסיע איז אָראָפּגעקומען דעם 27טן יולי 1919 מיטן יידישן אַמעריקאַנער פירער מאָרגענטוי בראש אין דער באַגלייטונג פון ד״ר באָגען, דעם פאָרשטייער פון דזשאָינט. זי איז אויפ־גענומען געוואָרן דורך אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין דער קהילה, וואו מען האָט פאַר איר פאָרגעשטעלט דעם ריכטיקן מצב פון יידן אין פוילן.

כלפּי חוץ האָט די דעמאָקראַטישע קהילה געהאַנדלט זייער ריכטיק און

שטאָלץ. אָבער כלפי פנים, ביים פירן די געשעפטן, האָט זי אַרויסגעוויזן אומ־פּראַקטישקייט.

אַ צו גרויסן חלק פון דעם געלט וואָס די קהילה האָט באַקומען האָט איינ־געשלונגען דער פאַרצווייגטער אַפּאַראַט פון דער קהילה גופא, וואָס איז אויפ־געשטעלט געוואָרן דורך די פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס זיינען כמעט אַלע באַצאָלט געוואָרן בעין יפה און מיט אַ ברייטער האַנט. אין ערשטן ועד הקהל האָבן כמעט אַלע עסקנים, חוץ עטלעכע געציילטע, געאַרבעט אומזיסט. יעדע פּאַרטיי האָט זיך איצט געשאַפן אַנשטאַלטן, אינסטיטוציעס נייטיקע און ניט־נייטיקע, כדי ארויסצובאַקומען וואָס מער געלט. דער קאָנטראָל איבער דער גאַנצער טעטיקייט איז געווען אַ גאַנץ שוואַכער. ביי אַ שטרענג געפירטער פאַרוואַלטונג וואָלטן איצט געקענט געשאַפן ווערן בלייבנדיקע ווערטן אין דער קהילה. אָבער עס זיינען קיין נייע אַנשטאַלטן כמעט ניט צוגעקומען, און די אַלטע זיינען אויך ניט אויסגעבעסערט געוואָרן. קיין איין ציגל איז אין זיי ניט צוגעקומען. און ווי נאָר עס האָט אויפגעהערט דער געלטשטראָם פון אַמעריקע, זיינען אַלע ניי־געשאַ־פענע אינסטיטוציעס חרוב געוואָרן און צעפאַלן ווי קאָרטן־הייזלעך.

מיר ציטירן פון אַ באַריכט פון דער קהילה גופא[2]: „די אַנגעשטעלטע אין דער קהילה זיינען געווען אין אַ גאַנץ באַדייטנדיקער צאָל, די ביוראָ און די קאַסע האָבן געהאַט אַ גרויסן שטאַט, דער צוגעקומענער צווייג — די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, וועלכע האָט פאַרוואַלט מיט די קינדער־פּראָדוקטן פון די אַמעריקאַנער מתנות און מיט דער ווירטשאַפט, האָט נאָך געמוזט האָבן כמעט אַ גרע־סערן שטאַט ווי די הויפּט־ביוראָ: פאַרוואַלטערס איבער די שפּייכלערס, שטענ־דיקע שומרים, אַ בוכהאַלטער מיט אַ קלענערן פּערסאָנאַל, מיט אַן אָנפירער מיטן גאַנצן אַמט. די ניי־געעפנטע סטאַטיסטיש־יורידישע אָפּטיילונג האָט אויך געמוזט האָבן איר פּערסאָנאַל פון יוריסטן און פאַכמענער אין דער סטאַטיסטיק. איצט די פּערסאָנאַלן פון די קהלשע אינסטיטוציעס: שפּיטאָל, הקדש, מושב־זקנים, בית־יתומים, בית־עולם, פון דער קינדער־קאָלאָניע, אַמבולאַטאָריע, קאָנסול־טאַציע, „טראָפּן מילך" און אַפּטייק, 129 לערערס פון די שולן, די שכירות פון אָפיציעלן ראַבינאַט, די היימלאָזע רבנים, וואָס זיינען ביסלעכוויז דערגאַנגען ביז עטלעכע און דרייסיק. די רעליגיעזע קאָמיסיע האָט ניט געזשאַלעוועט ביי יעדער זיצונג צו באַשטעטיקן נייע רבנים[3].

פאַרשטייט זיך, אַז ביי יעדער פראַגע וועגן הוספות האָבן זיך געמוזט צע־פלאַקערן די געמיטער. די וואָס זיינען פּרינציפּיעל געווען נאָר פאַר אַ קולטורע־לער אויטאָנאָמיע, האָבן שטענדיק געפאָדערט אַז די ערשטע הוספה דאַרף גע־געבן ווערן די שולן און דאָס נאָר די יידישע וועלטלעכע, אַקעגן זשע די רעכטע

2. דאָס נייע לעבן, 1924, נומ' 286.

3. טיילווייז עקסיסטירט אַזאַ מצב נאָך היינט [1935] אין דער קהילה, וואָס האַלט אויס 13 רבנים. אין דער גלאַנץ־עפּאָכע פון פרומקייט און עשירות אין ביאַליסטאָק זיינען געווען אין דער קהילה העכסטנס נאָר 5 רבנים.

האָבן געפאָדערט הוספות פאַרן ראַבינאַט און דער ת״ת. די מעסיקע, דער צענטער, האָבן געזוכט דעם אויסוועג ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון דער לאַגע דורך אַנדערע מיטלען: רעדוקציע פון פערסאָנאַל, וואָס וואָלט זיך אפשר געלאָזט דורכפירן, ווען ניט דער פאַרטיי־פאַטריאָטיזם.

איטלעכע פאַרטיי האָט געוואָלט אָפּהיטן, אַז אירע חברים זאָלן ניט באַזיי־טיקט ווערן, הגם עס זיינען געווען פאַלן, ווען די פערזאָנען זיינען צו זייערע אַמטן ניט געווען צוגעפּאַסט. ביים באַהאַנדלען די הוספות־פאָדערונגען האָט גאַנץ אָפט געטראָפן, אַז עס זיינען פאַר דער קהילה אַנטדעקט געוואָרן אַזוינע אומגעלומפּערטע ווירטשאַפטן, וואָס ביי אַן אַנדער צוגיפשטעל וואָלט עס גאָר ניט געקענט געמאָלט זיין. עס איז למשל אַנטדעקט געוואָרן, אַז אַ געוויסע ריכטונג נעמט סובסידיעס פאַר אַ שולקלאַס וואָס עקסיסטירט גאַרניט; אַז אַ באַשטימטע אָפּטיילונג נעמט סובסידיעס פאַר אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָס איז גאָר ניט אַנגאַ־זשירט געוואָרן. אין אַלע יידישע וועלטלעכע שולן איז די צאָל קינדער אין די קלאַסן און די באַשעפטיקונג־שעהן געווען אַ קלענערע ווי אין די העברעאישע און רעליגיעזע שולן, סובסידיעס פונדעסטוועגן האָבן זיי גענומען גלייך מיט די איבעריקע שולן אד״גל.

### יידן באַיקאַטירן די שטאָט־פאַרוואַלטונג

כדי צו רעאַגירן קעגן די שיקאַנעס און עוולות וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געטאָן דער יידישער באַפעלקערונג, דערהויפּט וואָס זי האָט געשאַפן אַ קינסטלעכע מערהייט פון דער פויליש־קריסטלעכער באַפעלקערונג, צורעכע־נענדיק צו דער שטאָט ביאַליסטאָק אַרומיקע 21 דערפער, האָט מען באַשלאָסן זי צו באַיקאַטירן. דעם 20טן אויגוסט איז די יידישע פראַקציע אַרויסגעטראָטן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און האָט אויך די וואַלן צו איר באַיקאַטירט.

איז די שטאָט־פאַרוואַלטונג במשך פון יאָרן געבליבן אַ ריין קריסטלעך־פוילישע. דאָס איז געוואָרן פאַר ביאַליסטאָקער יידן אַ בכיה לדורות, ווייל די קריסטלעכע שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט זיך באַפעסטיקט מיט אַן אייגענעם פער־סאָנאַל, און אַז יידן האָבן שפּעטער זיך שוין באַטייליקט אין די ווייטערדיקע וואַלן, זיינען זיי אין איר אַריינגעקומען שוין ווי פרעמדע אורחים. די ביאַ־ליסטאָקער יידישע פאַרטייען האָבן מיטן באַיקאָט קעגן דער שטאָט־פאַרוואַל־טונג פאַרשאַפט א גרויסן נחת רוח דער פוילישער באַפעלקערונג און דערפילט דעם רצון פון דער פוילישער רעגירונג, אַז אין די יידישע שטעט זאָל ווערן אַן איבערוועגנדיקע מערהייט פאָליאַקן אין די מאַגיסטראַטן.

### די „דזשאָינט״־אָפּטיילונג און די ערשטע געלט פון „ביאַליסטאָקער רעליעף קאָמיטעט״

די קהילה האָט ביסלעכוויז אַרונטערגענומען אונטער אירע פליגלען אַלע אינסטיטוציעס אפילו אַזעלכע, וואָס זיינען געשטאַנען ביז היינט ווייט פון דער קהילה, אַזוי ווי „לינת הצדק״, „לינת חולים״ און די „עזרת יתומים״, וואָס

האָבן באַקומען פון איר פאַרשיידענע סובסידיעס. די קהילה האָט אויך פאַר־מיטלט צווישן דעם דזשאָינט און דער ביאַליסטאָקער אומגעגנט.

אָבער מיטאַמאָל איז אַראָפּגעקומען פון אַמעריקע סאַוויצקי, אַ פאַרשטייער פון דזשאָינט, און האָט געעפנט אין ביאַליסטאָק אַן אָפּטיילונג. האָט ער צוגענו־מען ביי דער קהילה די פאַרמיטלונג מיט דער אומגעגנט, און ביסלעכוויז האָט ער אָנגעהויבן צו קומען אין באַרירונג מיט די ביאַליסטאָקער אינסטיטוציעס דירעקט.

אין אָנהייב האָט זיך געווענדט צו אים דירעקט די ליי־און שפּאָר־קאַסע, אָבער שפּעטער האָבן אָנגעהויבן זיך ווענדן צו אים די תלמוד־תורה און פאַר־שיידענע קולטורעלע אינסטיטוציעס, ווייל די סובסידיעס פון דער קהילה האָבן אָנגעהויבן קנאַפּער ווערן. עס איז געווען אַ צייט פון געלט־אָנטווערטינג, פון אינפלאַציע, און דער דזשאָינט האָט די סובסידיע ניט פאַרגרעסערט. ער האָט שוין גאָר אָנגעהויבן צו קלערן וועגן ליקווידירן די אונטערשטיצונגען און צו טראַכטן וועגן אַן אויפבוי־טעטיקייט. די נויטן פון דער קהילה האָבן אים שוין אַזוי פיל ניט געקימערט. און ווען עס וואָלט זיך דעמאָלט ניט באַוויזן אַ הילף מן הצד, איז די קהילה געשטאַנען פאַר זייער אַ קריטישן מאָמענט.

דעם 13טן אַפּריל 1919 איז אַראָפּגעקומען לייבל קאָהען, אַ דעלעגאַט פון „ביאַליסטאָקער רעליף־קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק און געבראַכט פאַר דער קהילה אַ מיליאָן מאַרק, לויט דער דעמאָלטיקער וואַלוטע איבער 6,000 דאָלאַר. דער דע־לעגאַט האָט געמאָלדן אַז ער גיט איבער דאָס געלט אין רשות פון דער קהילה. דאָס האָט ווידער באַפעסטיקט די קהילה, און זי האָט ווידער געהאַלטן אַרום זיך קאָנצענטרירט די אינסטיטוציעס און ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן קומען אין די־רעקטע באַציאונגען מיטן דזשאָינט. יעדן חודש האָט די קהילה באַקומען סיסטע־מאַטיש סובסידיעס פון רעליף צוזאַמען מיט די סובסידיעס פון דזשאָינט. חוץ דעם האָט זי באַקומען פּראָדוקטן. האָט די קהילה געהאַט גרויסע מעגלעכקייטן און זי האָט שוין געטראַכט אויפצובויען נייע אינסטיטוציעס. אָבער אַז עס וועט אויפהערן פלוצלונג די אָקופּאַציע, וואָס איז געווען די גרעסטע שטיצע פאַר דער קהילה, האָט זיך קיינער ניט גערעכנט.

### אַ רעוויזיע פון דער רעגירונג

דעם 21טן אַפּריל 1920 איז אַראָפּגעקומען אַ רעגירונג־רעוויזאָר צו מאַכן אַ רעוויזיע אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג פון דער קהילה. דער שעף פון דער קהילה־אָפּטיילונג האָט מיט אים באַזוכט אַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט די פּראָדוקטן פון פּע־קאַ־פּע־דע („פּאָלסקי קאָמיטעט פּאָמאָצי דזשעטשיאָם"). די רעוויזיע איז אויסגעפאַלן ניט גוט.

עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַלע פינף מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג. מ'האָט באַשולדיקט די קהילה, ראשית, אין פאַרשווענדן רעגירונג־פאַרמעגנס, ווייל לויטן רעוויזיע־פּראָטאָקאָל זאָל זיך כלומרשט האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרוי־

סער דעפיציט אין פּראָדוקטן, וואָס ווערן אָנערקענט ווי אַ רעגירונגס־אייגנטום; צווייטנס, אין עובר זיין אויף די פאָרשריפטן, וואָס פאָדערן אַרויסצוגעבן פּראָ־דוקטן אין רויען צושטאַנד און פאַרבייטן פּראָדוקטן, און דריטנס אַז זי האָט די פּראָדוקטן צעטיילט דעם פּערסאָנאַל, בעת עס איז באַשטימט פאַר קינדער בלויז ביז 15 יאָר.

די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער האָבן אַלע באַשולדיקונגען אָפּגעוואָרפן. אויך האָבן זיי אָפּגעלייקנט דעם דעפיציט און זיי האָבן באַוויזן, אַז זיי האָבן אַלץ גע־טאָן לויט די פאָרשריפטן, און אַז די אַלע זאַכן זיינען געטאָן געוואָרן לויט די באַשלוסן פון דער קהילה, וואָס איז דער פאַקטישער בעל־הבית איבער די פּראָ־דוקטן וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון אַמעריקע. די אויספאָרשונג־מאַכט האָט זיך ביי אַ צווייטער רעוויזיע איבערגעצייגט אין דער ריכטיקייט פון די דער־קלערונגען, און נאָך אַ פּירטאָגיקן אַרעסט זיינען אַלע דעם 29טן אַפּריל באַ־פרייט געוואָרן. דעם 20טן מאַי 1920 האָט די קהילה באַהאַנדלט די פראַגע און האָט באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון איר פאַרמיטלונג אין די קינדער־באַשפּייזונגען. פון 15טן יוני אָן האָט די קהילה קיין פּראָדוקטן שוין ניט גענומען און האָט מער ניט געקענט ציען קיין יניקה פון די שפּייז־פּראָדוקטן.

אמת, אין די קריסטלעכע אָפּטיילונגען איז די אָרדענונג געווען אין אַ סך אַן ערגערן צושטאַנד.

אַז דאָרטן האָט מען אַלץ געטאָן לויטן אייגענעם ווילדן ווילן, ניט נעמענדיק אין אַכט קיין שום פאָרשריפט, באַווייזט אַ הימל־שרייענדיקע עוולה לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס עס האָט אָפּגעטאָן דער ביאַליסטאָקער מאַגיסטראַט.

יידן ווערן באַעוולט פון מאַגיסטראַט

אין די ערשטע חדשים פון 1920 האָט די אָפּטיילונג פון אַמעריקאַנער רויטן קרייץ אין ביאַליסטאָק באַקומען 35,000 שטיק מלבושים פונאַנדערצוטיילן דער אָרעמער באַפעלקערונג. דער רויטער קרייץ האָט עס איבערגעגעבן דעם מאַ־גיסטראַט, וואָס האָט דעם גאַנצן טראַנספּאָרט מלבושים פונאַנדערגעטיילט נאָר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס האָט דעמאָלט ניט געציילט אפילו קיין 15,000 נפשות.

אויף דעם גוואַלד וואָס האָבן קעגן דעם אויפגעהויבן די אַמעריקאַנער יידן האָט דעמאָלט דער קאַפּיטאַן רייס, דער פאָרשטייער פון רויטן קרייץ, געפונען פאַר נייטיק צו רופן די פאָרשטייערס פון דער קהילה און זיי דערקלערן, אַז ער איז פון מאַגיסטראַט אינפאָרמירט געוואָרן, אַז די יידישע באַפעלקערונג ניי־טיקט זיך גאָרניט אין קיין מלבושים.

אַקעגן דעם איז געווען אַ פאַל, ווען די קהילה האָט באַקומען אַ וואַגאָן זאַכן מיט מעדיקאַמענטן, זייף און קליידער־שטאָפן, האָט די קהילה פּראָפּאָרציאָנעל איינגעטיילט אויך דער קריסטלעכער באַפעלקערונג לויטן וואונטש פון דזשאָינט.

אומצופרידנקייט מיט דער קהילה

נאָך דעם, ווי די פּאַרוואַלטונג־מיטגלידער זיינען באַפּרייט געוואָרן, האָבן זיי ערשט אונטערגעצויגן דעם סך־הכל פון די אַלע געשעענישן, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז פאַראַן פון פאַרשיידענע זייטן אַן אָפּאָזיציע צו דער קהילה. דערפון נעמען זיך די גרויסע מחנה מוסרים מיט זייערע פּעטיציעס צום מאַגיסטראַט. דער דזשאַינט האָט ווידער גענומען פירן אַן איגנאָרירונג־פּאָליטיק לגבי דער דעמאָקראַטישער קהילה. דער מאַגיסטראַט, דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ און ועל כולם די מאַכט, — זיינען אַלץ געווען פיינדלעכע כוחות צו דער קהילה. דער חשבון הנפש האָט געפירט דערצו, אַז די גאַנצע אינעווייניקסטע פּאָליטיק פון דער קהילה האָט געמוזט זיך בייטן.

אין שטאָט האָט מען געטענהט אַז דער פּערסאָנאַל איז צו גרויס און נעמט צו גרויסע שכירות. און אַז די קהילה האָט קאָנצענטרירט אַזוי פיל אינסטיטוציעס ניט האָבנדיק קיין אייגענע געלט־מקורים, אין גאַנצן בלויז געשטיצט אויף די נדבות פון אַמעריקע.

די פאַרוואַלטונג פון דער דעמאָקראַטישער קהילה האָט פאַרויסגעזען, אַז עס מוז קומען אַ פינאַנציעלער קריזיס אין דער קהילה, ווייל די הכנסה פון די פּראָדוקטן מוז אויפהערן, און אויך אויף דער אַמעריקאַנער אונטערשטיצונג קען מען ניט שטעלן. די קהילה האָט איצט איינגעזען, ווי וואַקלדיק עס זיינען געווען די יסודות, אויף וועלכע זי האָט געבויט. מען האָט גענומען איינזען די אייגענע פעלערן. מען האָט געוואָלט זיי אויסבעסערן.

צו דעם צוועק איז אויפגערופן געוואָרן אויפן 27טן מאַי 1920 אַ פּלענאַר־זיצונג פון אַלע ראַטמענער, צו זוכן פּלענער דערצו. אָבער וועגן דעם איז שוין געווען פריער אַ גרויסע פּאַרטיי־רייסעניש. און מ׳האָט אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען די בודזשעט־פראַגע און עס איז מיט אַ מערהייט שטימען באַשלאָסן געוואָרן דעם בודזשעט צו בראָנירן. האָט די בונדישע פראַקציע דעמאָלט אָפּגעגעבן אַ מעלדונג, אַז זי טרעט אַרויס פון דער קהילה.

אויך די פּועלי־ציוניסטישע פראַקציע, וואָס איז באַשטאַנען נאָר פון צוויי ראַטמענער, איז אַרויסגעטרעטן. די קהילה איז פאַרקלענערט געוואָרן מיט 17 ראַטמענער.

די פּאָליאַקן פאַרלאָזן ביאַליסטאָק

די קהילה האָט זיך רעאָרגאַניזירט לויט די נייע כוחות־פאַרהעלטענישן. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון צוויי מיטגלידער, איינער פון רעכטס און איינער פון לינקס. נאָך די רעפאָרמעס וואָלט זיך שוין אָנגעהויבן אַ נאָרמאַלע אַרבעט אין דער קהילה. האָט זיך אָבער די פּאָליטישע סיטואַציע אַזוי פאַרוויקלט, אַז די קהילה־ענינים האָבן געמוזט אַוועקגערוקט ווערן אויפן הינטערגרונט. ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע. די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט געמוזט אויף אַ צייט זיך אָפּשטעלן.

מיט דער גיכער עוואַקואַציע פון דער פוילישער מאַכט איז אויך אַנטלאָפן אַ גרויסער טייל פון דער בירגערלעכער באַפעלקערונג, אויך אַ סך יידן. עס האָבן זיך עוואַקואירט עטלעכע אינסטיטוציעס. די אָפּטיילונג פון דזשאָינט מיטן די־רעקטאָר סאַוויצקי איז אַוועק אין די לעצטע פּאָר טעג. דער דעלעגאַט פון ביאַ־ליסטאָקער רעליף נייטן אַלעקסאַנדער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן, מיט־נעמענדיק מיט זיך אַ טייל געלט, וואָס ער האָט ניט באַוויזן צו צעטיילן (שפּעטער איז דאָס געלט אָפּגעשיקט געוואָרן). מיטן לעצטן צוג איז אָפּגעפאָרן ראַבינער ד״ר ראָזענמאַן.

די קהילה איז געבליבן מיט אַ ביסל געלט. אַ טייל האָט זי צעטיילט צווישן די אינסטיטוציעס און דאָס איבעריקע האָט זי איבערגעלאָזט לויט אַ פּראָטאָקאָל ביי דריי פּרעזידיום־מיטגלידער. נאָך דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע זיינען די דאָזיקע סומעס שטאַרק צוניץ געקומען אויף צו ראַטעווען הונגעריקע און קראַנקע. די שפּייז־זאַפּאַסן האָט מען אויף גיך צעטיילט צווישן די אינסטיטו־ציעס. אָבער אין דער מהומה איז אַ סך שפּייז צעראַבירט געוואָרן.

## ב. אַ חודש אונטער די באָלשעוויקעס

די באָלשעוויסטישע אָקופּאַציע האָט זיך אָנגעהויבן דעם 28טן יולי 1920 און האָט געדויערט ביזן 22טן אויגוסט — אין גאַנצן 25 טעג. אָבער אין דעם קורצן משך צייט האָט זי אָנגעמאַכט אַ טיילווייזן חורבן אין ביאַליסטאָק.

זיי האָבן תיכף אָנגעהויבן צו רעקווירירן אַלע זאַפּאַסן פון עסנוואַרג און טיילווייז סחורות פון די קראָמען, וואָס מען האָט פריער ניט אַרויסגעפירט. דאָס האָבן אַלץ געטאָן רעגירונגס־אַגענטן מיט אויסגעשריבענע באַפעלן. אָבער די סאָלדאַטן זיינען געווען מוסטערהאַפט דיסציפּלינירט, האָבן פאַר אַלץ באַצאָלט מיט געלט און זיך באַגאַנגען מיט דער באַפעלקערונג זייער העפלעך.

דער הונגער האָט זיך תיכף פאַרשטאַרקט. אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין די דערפער צו באַקומען אַ ביסל קאַרטאָפל און אַנדערע שפּייזן. עס האָט זיך פאַרשפּרייט דיזענטעריע און אַנדערע עפּידעמישע קראַנקייטן, וואָס האָבן שטאַרק פאַרגרעסערט די שטאַרביקייט. די פונקציע פון דער קהילה איז באַשטאַנען אין רעגיסטרירן די גרויסע צאָל טויט־פאַלן. עס האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די צאָל חתונות, ווייל דורך דעם פלעגט מען ראַטעווען דירות מיט מעבל פון רעקווי־זיציע, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן דורכצופירן. די חברה קדישא ביי דער קהילה האָט אויך געהאַט אַ שווערע אַרבעט צונויפצוקלייבן די סך מתים פון די וועגן און פעסטצושטעלן ווער זיי זיינען דורך די דאָקומענטן.

אַ פּאָר טעג נאָך דער אָקופּאַציע האָט דער רעווקאָם (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט), געמאָלדן, אַז די יידישע קהילה ווערט אויפגעלייזט. די פאָרשטייערס פון דער קהילה האָבן עס פאַרויסגעזען און האָבן קודם כל געאיילט צו באַהאַלטן די געשעפט־ביכער, איבערלאָזנדיק למראות עין אַ פּאָר ניט־וויכטיקע ביכער,

און אַ קליינע געלט־סומע האָט מען איבערגעלאָזן אין קאַסע. דעם 17טן אויגוסט האָט די אָפּטיילונג פאַר פאָלקס־בילדונג צוגעשיקט דורך אַ באַפולמעכטיקן אַזאַ פאַראָרדענונג:

„דער פאַרוואַלטונג פון דער געוועזענער יידישער קהילה! מיר בעטן תיכף אַרויסגעבן אונדזער פאַרשטייער די פאַרבליבענע מזומנים און די געשעפט־בי־כער, אין קעגנפאַל וועט איר צוגעצויגן ווערן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט. די באַגרינדונג פאַר דעם איז דער באַפעל פון ביאַליסטאָקער מילי־טערישן רעווקאָם".

מיטן באַפולמעכטיקטן זיינען געקומען אויך קריסטלעכע פאַרשוינען. מ'האָט תיכף געעפנט די קאַסע און אַרויסגענומען פון דאָרט 25 טויזנט מאַרק. דערביי האָט מען אויך צוגענומען די עטלעכע איבערגעלאָזענע אומוויכטיקע ביכער. מ'האָט אויך פאַרנומען אַלע פולטן, שרייבטישן, שטולן, דעם גאַנצן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל. צום גליק איז דער מעטריקאַציע־אַרכיוו פאַרבליבן גאַנץ.

אַזוי איז די קהילה אָפיציעל געשלאָסן געוואָרן. אָבער אומאָפיציעל האָט זי ווייטער פונקציאָנירט. אַלע טאָג פלעגט דער סעקרעטאַר מיטן קאַסיר קומען אין פוסטן לאָקאַל, וואו זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט דער רעגיסטראַציע פון טויט־פאַלן, געבורטן און חתונות.

שפּעטער, בעת די באָלשעוויקעס זיינען אַרויס פון שטאָט, איז די קהילה אַלץ געבליבן אין מצב פון חורבן. די אַרומיקע טומלענישן און בהלות האָבן אַ פאַר וואָכן אָפּגעהאַלטן די ראַטמענער פון קומען אין דער קהילה. און ווען אָרדענונג האָט זיך שוין איינגעשטעלט, האָט מען אין פוסטן לאָקאַל אָן געלט גאָרניט געקענט אויפטאָן. מיט דער באַהאַלטענער סומע האָט מען בלויז אונ־טערשטיצט עטלעכע משפחות.

די באָלשעוויקעס האָבן ביאַליסטאָק געמאַכט פאַר אַ צייטווייליקער הויפּט־שטאָט פון פוילן און פאַרן זיץ פון דעם צייטווייליקן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט פון פוילן. אין דעם קאָמיטעט זיינען אַריינגעגאַנגען יוליאַן מאַרכלעווסקי (פאָר־זיצער), פעליקס דיערזשינסקי, פעליקס קאָהן, עדוואַרד פּרוכניאַק און יוזעף אונשליכט. ביאַליסטאָק איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן צייטווייליקן זיץ־אָרט פון דער מאַכט, ווייל זי איז געווען די ערשטע שטאָט, וואָס ליגט צום ווייטסטן אין מערב. לויטן אָפּמאַך פון 11טן יולי 1920 צווישן דער סאָוועטן־מאַכט און די ליטווינער, וואָס האָבן פּרעטענדירט אויף אַ טייל גראָדנער גוברעניע, איז ביאַ־ליסטאָק געווען די ערשטע פּוילישע שטאָט.

אַריינקומענדיק אין שטאָט, האָבן די באָלשעוויקעס אָרגאַניזירט אַ גרויסע פאַרוואַלטונג מיט אַלע נייטיקע אָפּטיילונגען. די פּאָסטנס פון די באַאַמטע זיינען צעטיילט געוואָרן צווישן פּאָליאַקן און יידן אָן אַ שום פּלאַן און סיסטעם, נאָר צו באַווייזן דער באַפעלקערונג, אַז זיי גייען איבערפאַרמירן די גאַנצע סאָציאַלע אָר־דענונג, אַזוי ווי צום בלייבן דאָ שוין אויף שטענדיק.

דער ביאַליסטאָקער קרייז־קאָמיטעט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער

פּאַרטיי, מיטן פּרעזעס יחזקאל בערנאַצקי בראש, האָט אַליין באַשטעטיקט די פונאַנדערלאָזונג פון דער פּאַרטיי און דאָס אַריינטרעטן פון אַלע מיטגלידער אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער הייסער אויפרוף פון דער פּאַרטיי מיטצואַר־בעטן מיט די באָלשעוויקעס איז געווען אויסגעהאַנגען און אויך אָפּגעדרוקט אין דער באָלשעוויסטישער ביאַליסטאָקער אויסגאַבע „טשערוואָני גאָניעץ", נומער 4, פון 11טן יולי, 1920.

די „טשרעזוויטשייקע" (די קאָמיסיע וואָס קעמפט קעגן „קאָנטער־רעוואָ־לוציע"), האָבן די באָלשעוויקעס איינגעפירט אין ביאַליסטאָק שוין אין די ערשטע טעג.

בשעת די באָלשעוויקעס האָבן געהאַלטן אין אָפּטרעטן פון ביאַליסטאָק, האָט מען אויפן שאָסיי הינטער דער שטאָט דערשאָסן 16 מענער. דאָס בלוט פון פּוילישן שליאַכטשיץ פּירשט פּאָדאָלסקי האָט זיך אויפגעמישט מיטן בלוט פון דעם יידן איציק פּירער.

די ביאַליסטאָקער קהילה האָט נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן ווידער פאַרנו־מען די שטאָט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג אין פּויליש און אין יידיש מיט אַזאַ נוסח:

„מען גיט צו וויסן דער יידישער באַפעלקערונג, אַז די באַערדיקונג פון די יידישע הרוגים, וועלכע זיינען אַרעסטירט און דערשאָסן געוואָרן פון די באָל־שעוויקעס ביי זייער אָפּטרעטן פון שטאָט, וועט פאַרקומען היינט, דעם 25טן אויגוסט, 5 אַ זייגער ביינטאָג, אויפן יידישן בית־עולם פון אָרט, וואו די הריגה איז פאָרגעקומען, ביים באַן־בריק אויפן שאָסיי פון זשעלאַני צו קנישין".

יעקב שאַפּיראָ⁴ דערציילט וועגן אָפּטרעטן פון די באָלשעוויקעס אַזעלכע פּרטים:

„פרייטיק, דעם 20טן אויגוסט 1920, נאָך דער איובס בשורה, וואָס איז אָנ־געקומען פון פראָנט הינטער וואַרשע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַנישע עוואַקואַציע ביי די באָלשעוויקעס אין ביאַליסטאָק, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אַר־בעט אין אַלע באָלשעוויסטישע ביוראָען. די מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווי אויך די קאַנדידאַטן אויף מיטגלידער האָבן באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן די שטאָט. און טאַקע דעם זעלביקן טאָג נאָך מיטאָג האָבן די איינוואוי־נערס פון שטאָט געקענט זען, ווי די קאָמוניסטן און די אַלע וואָס האָבן געוואָלט בעסער זיך געפינען אין סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן צוזאַמען מיט זייער באַגאַזש אַרויסגעמאַרשירט פון שטאָט צו דער זייט פון גראָדנע. פרייטיק און שבת זיינען דורכגעגאַנגען אַ סך סאָוועטישע מיליטער. זונטיק, דעם 22טן, 7 פאַרטאָג האָבן פאַרנומען ביאַליסטאָק פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונגען פון דער ערשטער לעגיאָ־

---

4. יעקב שאַפּיראָ האָט מיט זיין דערציילן געהאַט די כוונה אָפּצולייקענען די פאַלשע באַשולדיקונג אין קאָמוניקאַט פון גענעראַל־שטאַב (זען ווייטער). דער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין Na Przelomie 1935, N 1. N 2-3.

נען־דיוויזיע. די פריערדיקע נאַכט האָבן די באָלשעוויקעס אין גאַנצן פאַרלאָזן די שטאָט".

## ג. דער בלבול אויף ביאַליסטאָקער יידן

מיר דערציילן ווייטער לויט יעקב שאַפּיראָס באַריכט:

גלייך נאָכן פאַרנעמען די שטאָט דורך פּוילישן מיליטער האָט אין מאַגיסטראַט אויף וואַרשעווער (פּיעראַצקי) גאַס זיך פאַרזאַמלט דער צייטווייליקער בירגער־קאָמיטעט אויף אַ זיצונג, מיטצואַרבעטן מיט דער מיליטער־מאַכט און צו העלפן די איינוואוינערס זיך אומצוקערן צו זייער נאָרמאַלער באַשעפטיקונג.

דער קאָמיטעט איז אַנטשטאַנען דעם 25טן יולי, אין דער צייט פון דער עוואַקואַציע פון דער פּוילישער מאַכט, פאַרן קומען פון די באָלשעוויקעס. דער קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט די בירגערלעכע מיליץ, כדי צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן און אייגנטום פון די בירגער. נאָכן פאַרנעמען די שטאָט דורך די באָלשעוויקעס האָבן זיי אָבער דעם קאָמיטעט פונאַנדערגעלאָזן און זיי האָבן די גאַנצע מאַכט אַליין איבערגענומען (לויט אַ באַפעל נומער 1 פון סאָוועטישן נאַטשאַלניק פון גאַרניזאָן מ. שיפּאָוו פון 28טן יולי און אַ באַפעל פון רעוו. וואָיענני סאָוועט פון דער 15טער אַרמיי פון 31טן יולי 1920).

ווען די ערשטע פּוילישע אָפּטיילונגען האָבן דעם 22טן אויגוסט פאַרנומען די שטאָט, זיינען די מיטגלידער פון קאָמיטעט זיך אַליין צוזאַמענגעקומען אין מאַגיסטראַט, וויסנדיק אַז מען טאָר ניט די שטאָט איבערלאָזן אַליין אָן אויפזיכט. זיי האָבן אויף זיך ווייטער גענומען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געפירט פון געזונטן בירגער־אינסטינקט. אין קאָמיטעט זיינען געווען באַטייליקט סיי יידן, סיי קריסטן. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די יידן, באַטייליקנדיק זיך אין דער אַרבעט פון בירגער־קאָמיטעט, האָבן פאָרויסגעזען, אַז ווען די שווערע צייט וועט אַריבער און עס וועט ווערן נאָרמאַל, וועלן זיי ווייטער מוזן אָפּטרעטן זייער אָרט די מיטגלידער פון שטאָטראַט, ווי דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: „דער מאָר האָט זיינס געטאָן, דער מאָר קען גיין" — ווייל מן הסתם וועלן זיי ווייטער ניט האָבן קיין שטים אין דער שטאָט־ווירטשאַפט, אפילו זייענדיק די מאַיאָריטעט פון שטאָט.

די ערשטע זיצונג פון קאָמיטעט איז פאָרגעקומען שוין דעם 23טן אויגוסט, אונטערן פאָרזיץ פון דאָקטאָר ז. שימאַנסקי. עס זיינען געווען אַ סך דרינגענדיקע אַרבעטן. מען האָט גענדאַרפט וואָס צום גיכסטן אָרגאַניזירן פונדאַסניי די בירגער־מיליציע וואָס איר קאָמענדאַנט ליטערער האָבן די באָלשעוויקעס אַרעסטירט און מיט זיך מיטגענומען. די אָרגאַניזירונג פון דער מיליציע איז געווען אַ גרויסע נויטווענדיקייט, ווייל אַ סך פאַרברעכערס און גלאַט שלעכטע מענטשן האָבן געוואָלט אויסניצן דאָס פעלן פון יעטווידער מאַכט און טרייבן זייערע „גוטע"

מעשים [5]. דעם 25טן אויגוסט האָט דער קאָמיטעט אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף אין יידיש און פויליש צו דער באַפעלקערונג, זי זאָל זיך צוריקקערן צו דער נאָר־מאַלער באַשעפטיקונג, ווייל ער מיט דעם אָנטייל פון דער מיליטער־מאַכט האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען עס זאָל זיין רו און אָרדענונג. די זיצונג פון 26טן אוי־גוסט האָט זיך באַשעפטיקט מיטן קאָמוניקאַט פון גענעראַל־שטאַב, וואָס באַ־שולדיקט די ביאַליסטאָקער יידן, אַז זיי האָבן זיך באַטייליקט מיט די באָלשעווי־קעס אין די גאַסן־קאַמפן פון 22/8. דער טרוקענער פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג פון קאָמיטעט איז אַזאַ:

„עס זיינען געקומען 2 אָפיצירן, דעלעגירטע פון דער אָנפירנדיקער מילי־טערישער הויפּטמאַכט, צוזאַמען מיט אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט העררי רייט, און זיי האָבן געבעטן אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע אין שטאָט. די פאַר־וואַלטונג און דער פאָרזיצער ס. סעמאַשקאָ האָט געגעבן די געפאָדערטע אינפאָר־מאַציעס און די הערן גינץ, און וויטשאָרעק האָבן איבערגעגעבן אין דער פראַנ־צויזישער שפּראַך דעם הער העררי ווייט וועגן די געשעענישן אין די לעצטע דריי וואָכן. דער קאָמיטעט נעמט אין אַכט די באַריכטן פון די אָפיצירן, אַז די אַד־מיניסטראַטיווע מאַכט וועט זיך סוף־כל־סוף אומקערן אין ביאַליסטאָק.

„דער הער שאַטיאַ מעלדעט דעם קאָמיטעט, אַז דער קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון 24טן אויגוסט גיט איבער אַז ביאַליסטאָק איז פאַרנומען געוואָרן נאָך 20שעהיקע שלאַכטן, וואָס אין זיי האָבן אָנטייל גענומען אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס די אָ ר ט י ק ע י י ד י ש ע באַפעלקערונג. דער רעדנער בעט דעם פאָרזיצער און די קריסטלעכע מיטגלידער פון קאָמיטעט, אַז זיי זאָלן מברר זיין די דאָזיקע אינפאָרמאַציע ביים בייזיין פון די אָפיצירן. דער פאָרזיצער ד״ר ס. סעמאַשקאָ אין נאָמען פון קאָמיטעט שטעלט פעסט, אַז דער קאָמיטעט באַזיצט ניט קיין שום פאַקטן וועגן דעם, אַז יידן האָבן אָנטייל גענומען אין די דאָזיקע שלאַכטן.

„ווען די דעלעגאַטן פון דער הויפּט־מיליטער־מאַכט זיינען אַרויס, האָט דער קאָמיטעט געענוי אַרומגערעדט דעם דערמאָנטן קאָמוניקאַט. אַלע רעדנערס שטעלן פעסט, אַז דער אינהאַלט פון קאָמוניקאַט שטימט ניט מיט דער ווירקלעכקייט, ווייל די יידישע באַפעלקערונג האָט קיין אָנטייל ניט גענומען. אַפילו אויב עס איז טעאָרעטיש מעגלעך, אַז איינצלנע פּערזאָנען, סיי יידן, סיי קריסטן, האָבן יאָ אָנ־טייל גענומען אין די שלאַכטן, כאָטש קיין מיטגליד פון קאָמיטעט האָט ניט

5. יעקב שאַפּיראָ דריקט זיך דאָ אויס דיפּלאָמאַטיש, ווייל ער היט זיך צו באַליידיקן די מיליטערמאַכט אין דער פּערזאָן פון אַ געוויסן פּולקאָווניק מירסקי, וואָס האָט דער ערשטער אַריינגעמאַרשירט מיט זיין פּולק אין שטאָט נאָכן אָפּטרעטן פון די באָלשעוויקעס, און האָט גלייך געגעבן אַ דערלויבעניש דעם מיליטער אויסצוראַבירן די יידישע באַפעלקערונג. מיר האָבן איבערגעלעבט אין משך פון 2 טעג שרעקלעכס, ווי איך האָב דערמאָנט, אין דעם אַריינ־פיר צום פּנקס ביאַליסטאָק זען ב׳ ו, ז׳ 7. ערשט אויפן 3טן טאָג איז אָנגעקומען פּולקאָווניק ווּרובלעווסקי מיט זיין יידישן געהילף ה. היימאַן, האָט ער תיכף דאָס אָפּגעשטעלט, און די יידישע באַפעלקערונג האָט אָפּגעאָטעמט פרייער.

דערפון קיין קאָנקרעטע באַווייזן, האָט דער קאָמיטעט אין גרונד באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אויפקלערונג וועגן דעם און אָפּצולייגן ביז דער נאָענטסטער זיצונג איר אינפאָרמירונג״.

אַזוי האָט דער בירגער־קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייערס פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, צווישן זיי אויך דער פראַבאַשטש קסיאָנדז דיעקאַן אַלעקסאַנדער כאָדיקאָ, קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט די פאַלשע ווערסיע. צווישן די מיטגלידער פון קאָמיטעט, ניט געקוקט אויף זייערע פאַר־שיידענע פּאָליטישע אַנשויאונגען, האָט זיך ניט געפונען קיין איינער וואָס זאָל אונטערהאַלטן די דאָזיקע גרויזאַמע באַשולדיקונג. אויף וויפל דאָס איז געווען פאַר אַלעמען קלאָר, אויף אַזוי פיל איז געווען שווערער צו פאָרמולירן אַ פאַסי־קערע הכחשה.

אויף וויפל דאָס איז געווען שווער, האָט מען געקענט זען פון די אָפנהערציקע ווערטער פון אַ מיטגליד פון קאָמיטעט, פון דעמאָלטדיקן מיטגליד פון שטאָטראַט און שפּעטערדיקן פּרעזידענט, ווינצענטי הערמאַנאָווסקי, אַ כלל־טוער פון דער קריסטלעכער דעמאָקראַטיע. אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט דעם 28טן אויגוסט האָט ער געזאָגט:

„איך, הערמאַנאָווסקי, אַן איינוואוינער פון ביאַליסטאָק, מוז מודה זיין, אַז דער יידישער באַפעלקערונג איז געטאָן געוואָרן אַן עוולה, אָבער פון דער אַנדערער זייט, ווי אַ בירגער פון דער רעפּובליק מוז איך זאָגן, אַז אויב מיר וואָלטן אַרויסגעגעבן אַ הכחשה, וואָלטן מיר דערנידעריקט דעם כבוד פון דער הויפּט־מיליטער־מאַכט״. (ציטירט לויטן אָפיציעלן פּראָטאָקאָל).

אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ באַהאַנדלען דעם גאַנצן ענין האָבן די יידן צו־ריקגעצויגן זייער פאָרשלאָג, וואָס איז שוין קאָנקרעט פאָרמולירט געוואָרן דורך דעם שול־דירעקטאָר יוזעף זעליגמאַן. די יידן האָבן אַרויסגעוויזן זייער לאָיאַליטעט, איינשטימענדיק מיטן שטאַנדפּונקט פון הערמאַנאָווסקי, אַז אין קריגסצייט טאָר מען ניט אָפּשוואַכן דעם צוטרוי פון דער באַפעלקערונג צום מיליטער און הויפּט מיליטער־מאַכט. מען האָט זיך באַנוגנט מיט אַ באַשלוס זיך צו ווענדן צום אינערן־מיניסטעריום, עס זאָל באַשטימען אַ קאָמיסיע דעם ענין אויסצופאָרשן.

דער ענין האָט געפונען אויך אַן אָפּקלאַנג אין די סיים־קרייזן. אויף דער אינטערפּעלאַציע פון דער יידישער קאָלאָ האָט דער דעמאָלטדיקער מיליטער־מיניסטער געענטפערט, אַז דער בירגער־קאָמיטעט קען דעם קאָמוניקאַט אין גאַנצן ניט אָפּלייקענען, ווייל נאָר די אָפּטיילונגען, וואָס קעמפן אויפן פראָנט, ווייסן מיט וועלכע קעגנערס זיי האָבן צו טאָן, און נאָר זייערע ראַפּאָרטן זיינען גלויבן־ווערדיקע.

די אַלע וואָס האָבן געשריבן וועגן דער מלחמה צווישן פּוילן און סאָוועט־רוסלאַנד האָבן אין זייערע ערנסטע ביכער ניט דערמאָנט אַזאַ אומגעלומפּערטן ליגן אַז יידן האָבן מיט וואָפן אין די הענט געהאָלפן דער באָלשעוויסטישער אַרמיי. וועגן דעם איז ניטאָ קיין איין וואָרט אין יוזעף פּילסודסקיס בוך דאָס יאָר 1920. ע. נ. סערגעיעוו, אין זיין רוסישן בוך פון דווינע ביז ווייסל ווייזט בפירוש אָן אַז די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט ניט געהאָלפן דער רויטער אַרמיי (ז׳ 82 א״אַ). אין דער גרויסער 1,121־זייטיקער פּוילישער אַרבעט די געשיכטע פון ערשטן לעגי־אָנען־פּולק פון פּעכאָטע, 1929, ווערט זייער געניו דערציילט אויף ז׳ 790 און ווייטער וועגן די קאַמפן אַרום ביאַליסטאָק און אין די גאַסן פון שטאָט. דער טעקסט ווערט אילוסטרירט מיט מאַ־

פעס אָבער מע געפינט דאָרטן ניט קיין איין וואָרט אַז יידן האָבן געהאָלפן די באָלשעוויקעס. ווי אַ סתירה צום גאַנצן דערציילן ווערט דאָרטן געבראַכט דער אָפיציעלער קאָמוניקאַט נומ׳ 19 פון גענעראַל־שטאַב מיטן בלבול אויף יידן. אָבער דאָס ווערק פון היסטאָרישן מיליטערישן ביוראָ דערוועגט זיך ניט אָפּצולייקענען דעם בלבול!

מעגלעך אַז אין אָט דער מהומה־צייט האָבן ענדעקעס אַריינגעגנבעט דעם פאַלשן קאָמוניקאַט. די ענדעקעס האָבן די גאַנצע צייט פון דער אינוואַזיע געהאַט פאַרבאָרגענע כוונות צו פאַרשוואַרצן יידן ווי די אָנפירערס און גרינדערס פון דעם צייטווייליקן פוילישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. בעת זיי אַליין האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט אַן אייגענע מלוכה אין פויזן, האָבן זיי אָנגעפירט זייער אַנטיסעמיטישע פראָפּאַגאַנדע אויף צו באַשולדיקן יידן אין פאַרראַט און מיטאַרבעט מיט די באָלשעוויקעס. אָבער די זעלביקע באַשולדיקונג האָבן זיי דאָך געוואָרפן קעגן פילסודסקין, אָנרופנדיק אים פאַררעטער.

דער זעלביקער מיליטער־מיניסטער סאָסנקאָווסקי, וואָס האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָפּלייקענען דעם קאָמוניקאַט, האָט פאַרשיקט אין יאַבלאָנע עטלעכע טויזנט יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן געוואָלט באַווייזן זייער פּאַטריאָטיזם פאַר פוילן און האָבן זיך אָנגעגעבן ווי פרייוויליקע צו פאַרגיסן זייער בלוט פאַר זייער לאַנד. אַ פּולקאָווניק פון דעם מיניסטעריום האָט דערשאָסן עטלעכע און דרייסיק אומשולדיקע ציוניסטן אין פינסק אויף דער פאַלשער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש, און אַ צווייטער פּולקאָווניק האָט געגעבן אַ באַפעל צום דערשיסן דעם רבין און צדיק אין פלאָצק,וואָס איז געשטאַנען און געדאַווענט אין טלית און תפילין, ווייל ער האָט געמאַכט פאַרשיידענע התלהבות־זשעסטן און מען האָט זיי „אויסגעטייטשט" ווי סיגנאַלן דעם שונא. די אַלע אכזריותדיקע הימל־שרייענדיקע מעשים זיינען פיל ווייטאָגדיקער געווען ווי די פאַלשע באַשולדיקונג, וואָס צו דעם זיינען מיר געוואוינט אין משך פון גאַנצן גלות.

## ד. די קהילה אין די 20ער יאָרן

די דעמאָקראַטישע קהילה האָט עקסיסטירט פון 21טן דעצעמבער 1918 ביזן 28טן יולי 1920, נאָר אַנדערהאַלבן יאָר. זי איז אונטערגעגאַנגען צוליב צוויי סיבות: 1) אַ נאַטירלעכע — עס זיינען איר אויסגעגאַנגען די כוחות, און 2) אַ גוואַלדמעסיקע — דורך די באָלשעוויקעס.

נאָכן אָפּטרעטן פון די באָלשעוויקעס האָט דער שטאַרק אָפּגעשוואַכטער ועד הקהל מער צום פריערדיקן צושטאַנד ניט געקענט קומען. די לינקע פּאַרטייען זיינען פון אים אַרויסגעטראָטן. עס זיינען אַרויס אויך די „פּאַראייניקטע", די „צעירי ציון", די „פאָלקס־פּאַרטיי". עס זיינען פאַרבליבן נאָך די פאַרשיידענע אָרטאָדאָקסישע פּאַרטייען און די ציוניסטן — 42 ראַטמענער.

די פאָרשטייערס פון דזשאָינט האָבן מער ניט געטרויט דער קהילה, נאָך דער ניו־יאָרקער ביאַליסטאָקער רעליף האָט איר געגעבן זיין גאַנצן צוטרוי. נאָך די באָלשעוויקעס האָט איר געבראַכט זיין סעקרעטאַר דוד סאָהן 20,000 דאָלאַר (אויף 150,000 דאָלאַר פּריוואַטע קרובים־געלט). נאָך אים זיינען געקומען אהרן ראַפּאַלאָווסקי און אַנדערע דעלעגאַטן מיט גרויסע סומעס געלט פאַר דער קהילה. ביסלעכווייז האָט מען פאַרלאָרן דעם פריערדיקן צוטרוי צו דער קהילה. אָבער די רעליף־דעלעגאַטן פלעגן דער קהילה דיקטירן און אָנווייזן, ווי זי זאָל זיך באַגיין ביי דער געלט־פּאַרטיילונג.

די דירעקטאָרן פון דזשאָינט האָבן אין גאַנצן פאַרלאָזן די קהילה און האָבן איינגעאָרדנט ביי זיך אַן אייגענעם קאָמיטעט מיט אָנגעזעענע שטאָטישע פאַר־שטייערס בראש, מיט די ה״ה א. טיקטין, אָ. טרילינג און י. פינעס, צוזאַמען מיט עטלעכע פאָרשטייערס פון דער קהילה און פון די לינקע פאַרטייען.

אין משך פון ווינטער 1920—1921 איז די קהילה אַלץ מער אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין אירע כוחות, ביז זי איז געוואָרן געניטיקט פּסח־צייט זיך אָפּצוזאָגן אויסצוהאַלטן די קהלשע אינסטיטוציעס און זיי איבערצוגעבן אין זייער אייגע־נעם רשות ווי פאַר דער מלחמה, ד״ה אַז יעדע אינסטיטוציע זאָל זיך אַליין אויסהאַלטן. עס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט אַ „צדקה גדולה״, לויט ווילנער מוסטער, און אַנשטאָט שטייער אין דער קהילה זאָל מען צאָלן פאַר דער „צדקה גדולה״, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אויסצוהאַלטן אָדער אונטערצושטיצן די אינסטיטוציעס. די קהילה איז דעמאָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן כמעט אין אַ „קול־טוס־געמיינדע״. זי האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די מעטריקאַציע, דעם בית־עולם, דעם מרחץ מיט דער מקווה און די אומזיסטע קיך.

אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע יאָר, ביזן יאָר 1925. דעמאָלט האָט זיך אויפגע־הויבן אַ באַוועגונג אין די בתי־מדרשים, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען מרדכי זילבערבלאַט, אָפּצופרישן די קהילה. מען האָט איצט אָנערקענט די גרויסע און ערלעכע טעטיקייט פון ערשטן ועד הקהל און מען האָט אויסגע־קליבן זיין פאָרזיצער א. טיקטין פאַר זיין ראש הקהל און מ. זילבערבלאַט פאַרן פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע. א. טיקטין האָט צוריק איינגעפירט אַ שטרענגע פירונג און אַ בעסערע אָרדענונג אין מרחץ און שחיטת עופות. ער האָט פאָרגענו־מען אַ מלחמה מיט די שוחטים, וואָס האָבן מחזיק געווען פאַר זיך די שחיטה פון גסות. דער קאָנפליקט האָט זיך געענדיקט מיט אַ נצחון שוין אין דער לעצטער קהילה. ער האָט געוואָלט באַפרייען די קהילה פון איר דעפיציט דורך אַן אינע־ווייניקסטער דאָלאַר־הלואה אויפן חשבון פון קומענדיקן שטייער. אָבער ער האָט ניט אויסגעפירט: אָן אַ קאָראָבקע און אָן אַ צוואַנג־שטייער האָט מען גאָרניט געקענט מאַכן [6].

דערווייל איז געגאַנגען די גאַנצע צייט אַ השתדלות אויסצופועלן ביי דער פוילישער מאַכט צו באַקומען אַ לעגאַליזאַציע אויף אַ יידישער קהילה מיט אווי־טאָנאָמישע רעליגיעזע און צום טייל קולטורעלע רעכט. אויסגעפועלט האָט מען פאַקטיש אַ מין „קולטוס־געמיינדע״ וואָס מעג זיך באַשעפטיקן נאָר מיט רעליגיעזע ענינים פון דער קהילה און האָט רעכט אָרויפצולייגן אויף די מיט־גלידער פון דער קהילה אַ צוואַנגשטייער פאַר אירע רעליגיעזע הצטרכותן. אין יאָר 1928 האָט די פוילישע רעגירונג באַשטימט נייע וואַלן פאַר דער רעליגיעזער קהילה. אַזאַ קהילה איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין ביאַליסטאָק און זי עק־סיסטירט ביזן היינטיקן טאָג [1936].

---

6. זען מ. פוקסמאַן, „קהילה־וועזן אין ביאַליסטאָק״, ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, זז׳ 37—38.

## ה. יידישער אָנטייל אין אינדוסטריע אין די יאָרן 1919—1921

דעם 19טן פעברואַר 1919 איז אַריינגעגאַנגען אין ביאַליסטאָק דאָס פּוילישע מיליטער, אָן אַ שלאַכט, און האָט פאַרנומען ביאַליסטאָק. פון דעמאָלט אָן איז ביאַליסטאָק געוואָרן אַ שטאָט פון דער פּוילישער מלוכה.

אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1919 האָט ביאַליסטאָקער יידישע אינ־דוסטריע זיך געשטעלט צו דינסט דער פּוילישער מאַכט ווי אַ צושטעלערין פון סחורה פאַר דעם געברויך פון מיליטער, באַן־אַרבעטער, פּאָסט־באַאַמטע און אַנדערע. די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן האָט ניט אָנגעשראָקן די פּאָ־ליטיש ניט־זיכערע באַציאונגען אויך די ניט סטאַביליזירטע וואַלוטע. אין דעם זיינען זיי פאָרויס געגאַנגען דער לאָדזשער אינדוסטריע. אין דער ערשטער צייט פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, אין די יאָרן 1919—1921, האָט ביאַלי־סטאָק אַליין באַזאָרגט די פּוילישע אַרמיי און די באַן־און פּאָסט־באַאַמטע.

צוליב דער גרויסער באַדערפעניש פון די פּוילישע מאַכט־אינסטיטוציעס, האָט ביאַליסטאָקער אינדוסטריע געהאַט אין די אויבן דערמאָנטע יאָרן אַ גרויסע אונטערשטיצונג פאַר זייער באַטריב. אָבער דערהויפּט האָט ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע געקראָגן פּראָוויזאָריש און טיילוויז צוריק איר גרויסן אָפּזאַץ־מאַרק אין רוסלאַנד, ווען אפילו דורך האַלב־שמוגל, ווייל די רוסישע גרע־נעצן זיינען נאָך ניט געווען שטרענג געשלאָסן פאַר דער פּוילישער פאַבריקאַציע, ווען רוסלאַנד האָט דעמאָלט געהאַט אַ גרויסן דוחק אין טעקסטיל־סחורות.

בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, אין יאָר 1920, פון 28טן יולי ביז 22טן אויגוסט, האָט ביאַליסטאָקער אינדוסטריע ניט געהאַט קיין גרויסן היזק חוצן אָפּשטעלן איר טעטיקייט. פון דער צייט דאַרף מען נאָר דערמאָנען די די פּרוּוון פון דער צייטווייליקן רעוואָלוציע־קאָמיטעט דורכצופירן אַ רעאָרגאַ־ניזירונג אין דער אָרטיקער אינדוסטריע מיט דער הילף פון נאַציאָנאַליזירן די פאַבריקן.

אָבער שפּעטער האָט רוסלאַנד שטרענג פאַרשלאָסן אירע גרענעצן פאַר דער פּוילישער פּראָדוקציע. זינט אָנהייב 1921 זיינען אויך פאַרקלענערט געוואָרן די אָפיציעלע פּוילישע באַשטעלונגען. האָט די ביאַליסטאָקער אינדוסטריע זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן וועגן אַנדערע אָפּזאַץ־מערק, אין דער ערשטער ריי קליינפּוילן, גרויספּוילן, וואָס זיינען פריער געווען אונטער פרעמדער ממשלה און זיינען ניט געווען באַקאַנט מיט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען. אַדאַנק דער אויסערגעוויינלעכער ביליקייט פון די אויסאַרבעטונגען זיינען זיי גלייך געוואָרן גאַנגבאַר אין די דערמאָנטע געגנטן. די אויסאַרבעטונג־מעגלעכ־קייט פון דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע האָט אויסגעמאַכט אין יאָר 1921 — 70% פון דער פאַרמלחמהדיקער פּראָדוקציע.

אַ דאַנק דער עקאָנאָמישער אַנקעטע וואָס דער דזשאָינט האָט דורכגעפירט

פאַר די יאָרן 1921—1922, קענען מיר געבן אַ גענוי בילד וועגן דעם מצב פון דער יידישער אינדוסטריע און דעם יידישן אַרבעטער אַנהייב 20ער יאָרן [7].

אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע זיינען 371 אונטערנעמונגען געווען אין יידישע הענט. פון אָט צווישן זיי זיינען געווען 99 (26.7 פראָצענט) וואָס האָבן ניט געהאַט קיין לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן באַשעפטיקט 4,375 אַרבעטער, צווישן זיי 1,401 יידן (32 פראָצענט).

אין פאַרשיידענע באַקליידונג־בראַנזשעס זיינען געווען 684 יידישע אונטערנעמונגען. צווישן זיי זיינען געווען 298 וואָס האָבן ניט געהאַט קייו לוין־אַרבעטער (43..57 פראָצענט) אין די איבעריקע האָבן געאַרבעט 723 אַרבעטער, צווישן זיי 675 יידן (93.4 פראָצענט).

אין פאַרשיידענע דערנערונג־בראַנזשעס זיינען געווען 136 יידישע אונטערנעמונגען. און צווישען זיי 39 אָן לוין־אַרבעטער. אין די איבעריקע האָבן געאַרבעט 391 אַרבעטער, צווישן זיי 230 יידן (58.8 פראָצענט).

ביי מעטאַל־באַאַרבעטונגען זיינען געווען פאַרנומען 101 יידישע אונטערנעמונגען, וואָס 44 צווישן זיי האָבן ניט געהאַט קיין לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן געהאַט 99 אַרבעטער, צווישן זיי 89 יידן (89.9 פראָצענט).

עס זיינען געווען 109 אונטערנעמונגען וואָס האָבן צו טאָן מיט בויאַר־בעט און צווישן זיי 80 אָן לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן באַשעפטיקט 82 אַרבעטער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען 55 יידן (67.1 פראָצענט).

ביי האָלץ־באַאַרבעטונג זיינען געווען 49 אונטערנעמונגען אין יידישע הענט, צווישן זיי 19 וואָס האָבן ניט געהאַט קיין לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן באַשעפטיקט 86 אַרבעטער, צווישן זיי 74 יידן (86 פראָצענט).

ביים פּראָדוצירן מאַשינען און אַפּאַראַטן זיינען געווען פאַרנומען 46 יידישע אונטערנעמונגען, צווישן זיי האָבן אַ העלפט ניט געהאַט קיין לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן געהאַט 142 אַרבעטער, צווישן זיי נאָר 45 יידן (31.7 פראָצענט).

אין דער לעדער־אינדוסטריע זיינען געווען 51 יידישע אונטערנעמונגען, וואָס 12 האָבן ניט באַשעפטיקט קיין לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן געהאַט 224 אַרבעטער, צווישן זיי 166 יידן (74.1 פראָצענט).

די כעמישע אינדוסטריע איז געווען פאַרטראָטן דורך 20 יידישע אונטערנעמונגען, וואָס 4 צווישן זיי האָבן ניט געהאַט קיין לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן באַשעפטיקט 79 אַרבעטער, צווישן זיי 68 יידן (86.1 פראָצענט).

אויפן געביט פון גראַפיק זיינען געווען 19 יידישע אונטערנעמונגען, און 4 צווישן זיי אָן לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן באַשעפטיקט 36 אַרבעטער, צווישן זיי 33 יידן (91.7 פראָצענט).

עס זיינען געווען 46 ריינִיקונג־אונטערנעמונגען, 13 צווישן זיי

7. איך ניץ אויס די מאַטעריאַלן וואָס יעקב לעשטשינסקי ברענגט אין ענציקלאָפּעדיאַ יודאאיקאַ, ב׳ VI, זז׳ 475—478.

אַן לוין־אַרבעטער. די איבעריקע האָבן באַשעפטיקט 69 אַרבעטער, צווישן זיי 44 יידן (68.8 פּראָצענט).

עס זיינען געווען 2 פּ אַ ר ו ו י י ל ו נ ג־ערטער מיט 36 אַרבעטער, צווישן זיי 29 יידן. (80.6 פּראָצענט).

איין אונטערנעמונג פון גומי־פּראָדוקציע־צווייג האָט באַשעפטיקט 7 יידישע אַרבעטער.

ביים באַאַרבעטן ש ט י י ן, ל י י ם און ג ל אַ ז זיינען געווען פאַרנומען 5 יידישע אונטערנעמונגען. 3 צווישן זיי האָבן געהאַט צו איין יידישן אַרבעטער.

עס זיינען געווען 14 יידישע אונטערנעמונגען פון פּ אַ פּ י ר־פּראָדוקציע־צווייג, אין אַ העלפט פון זיי, וואָס האָבן געהאַט אַרבעטער, זיינען געווען פאַרנומען 11 יידן.

הכלל אין יאָר 1921 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק בסך הכל 1654 יידישע אונטערנעמונגען; פון זיי האָבן 39% געאַרבעט אָן לוין־אַרבעטער, אין אַלע יידישע אונטערנעמונגען מיט לוין־אַרבעטער זיינען בסך־הכל געווען 6,363 אַרבעטער, פון זיי זיינען געווען 2,930 אָדער 46% יידן, אין די איינצלנע אינדוסטריע־צווייגן איז דער צושטאַנד געווען זייער פאַרשיידן; אין עטלעכע אינדוסטרעס זיינען געווען די יידישע אַרבעטער פולע 100%, אָבער אין דעם גרעסטן אידנוסטריע־צווייג זיינען זיי געווען פונדעסטוועגן נאָר 32%. די אַנקעטע איז געמאַכט געוואָרן קורץ נאָך דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, וואָס האָט דערוועקט אַ שטאַרקע אויסוואַנדערונג פון אונטערנעמערס און אַרבעטער קיין אויסלאַנד.

די יידישע אַרבעטער זיינען געווען דערהויפּט באַשעפטיקט אין קליינע וואַרשטאַטן, ווי עס באַווייזט די ווייטערדיקע טאַבעלע.

| טיפּן פון די אונטערנעמונגען | אַלגעמיינע צאָל אַרבעטער | דערפון צאָל | יידישע אַרבעטער פּראָצענט |
|---|---|---|---|
| 1 אַרבעטער | 404 | 387 | 95.8 |
| 2 ־3 " | 773 | 723 | 93.5 |
| 4 ־5 " | 380 | 326 | 83.8 |
| 6 ־10 " | 573 | 428 | 74.7 |
| 11־15 " | 331 | 165 | 50 |
| 16־20 " | 304 | 64 | 21.1 |
| 21־30 " | 524 | 126 | 24.2 |
| 31־50 " | 598 | 125 | 21.1 |
| 51 און מער אַרבעטער | 2,476 | 586 | 23.7 |

אין די גאַנץ קליינע פאַבריקן אָדער וואַרשטאַטן מיט העכסטנס 5 אַרבעטער זיינען געווען די יידישע אַרבעטער מער פון 80% און אַנדערע מער פון 90% פון

אַלע אַרבעטער, אין די גרויסע אונטערנעמונגען מיט מער פון 16 אַרבעטער זיי־נען זיי פונדעסטוועגן נאָך ווייניקער ווי אַ פערטל פון אַלע אַרבעטער[8].

## ו. זיגזאַגן אין ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אין די 20ער און אָנהייב 30ער יאָרן

אַז עס זיינען פאַרשלאָסן געוואָרן די רוסישע גרענעצן פאַר דער ביאַ־ליסטאָקער פּראָדוקציע, און די רעגירונג האָט פאַרקלענערט אירע באַשטע־לונגען ביי איר אויך אויף דעם אינלענדישן אַפּזאַץ־מאַרק, האָט זי באַקומען פאַר אַ קאָנקורענט דעם פון איצט אָן היימישן בעליצער טעקסטיל־פאַבריקאַט אויף בעסערע טוך און פאַלטע־שטאָף. דער צושטאַנד פון ביאַליסטאָקער פאַבריקאַ־ציע איז געוואָרן זייער אַ קריטישער. דעריבער האָבן די ביאַליסטאָקער יידישע פאַבריקאַנטן, פאַרשטייענדיק אַז אָן עקספּאָרט וועט זייער פאַבריקאַציע פריער אָדער שפּעטער מוזן אונטערגיין, געווענדט זייער גאַנצע ענערגיע אויף צו גע־פינען נייע אויסלענדישע אַפּזאַץ־מערק.

דער עקספּאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אויף די מערק, וואָס זיינען שוין גע־ווען זיי באַקאַנט פון פאַר דער מלחמה — דער עיקר דער כינעזישער מאַרק און דער רומענישער (וואָס האָט געהאַט די אַמאָליקע בעסאַראַביע). און ביסלעכוויז האָט זיך דער עקספּאָרט פאַרשפּרייט אויף די באַלקאַנישע און באַלטישע לענ־דער, דעם נאָענטן מזרח און אויך ענגלאַנד און עסטרייך. אין די יאָרן 1921 ביז 1924 אַנטוויקלט זיך דער עקספּאָרט זייער גינסטיק און האָט איינגעשלונגען ביז די יאָרן 1925 — 30% פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע.

### דער קריזיס אין די יאָרן 1924—1926

דער אַלגעמיינער פּוילישער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1924, האָט געהאַט פאַר ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע פאַטאַלע פּועל־יוצאס. דאָס איז געווען די צייט פון דער סטאַביליזאַציע פון דער פּוי־לישער וואַלוטע, די תקופה פון איבערגאַנג פון מאַרק אויף זלאָטע. די אופּטרייס־לונג, וואָס איז אַנטשטאַנען איבער דער פאַרקלענערונג פון געלט־אומלויף, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרקלענערונג פון דעם סחורה־פאַרברויך און גלייכ־צייטיק אַ מאַסן־באַנקראָט פון סוחרים.

אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן די פינאַנציעל־שוואַכערע פירמעס אָנגע־הויבן אונטערצוגיין, ווי למשל: עס האָבן זיך ליקווידירט אַלטע, אַמאָל סאָלידע און גרויסע פירמעס ווי דוד הובינסקי, פּאָרעצקי־גאַוועניסקי, הייל־פערן־קריקון, צ. נאָוויק און זין. טייל פאַבריקאַנטן האָבן אָנגעהויבן אויסצופאַרקויפן זייערע

---

8. זען אין ביאַליסטאָקער שטימע, ניו־יאָרק 1924, 7, 9, וואו הערמאַן פראַנק אַנאַלי־זירט די רעזולטאַטן פון דער דזשאָינט־אַנקעטע.

מאַשינען אין לאָדזש און אין אויסלאַנד. אַנדערע אַקעגן, מער ענערגישע האָבן איבערגעטראָגן זייערע פאַבריקן אין גאַנצן אין פרעמדע לענדער, מייִנסטנס אין רומעניע, יוגאָסלאַוויע און אונגאַרן. אין די לענדער זייִנען זיי געוואָרן פּיאָנערן פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע, און איבער דעם האָט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אָנגעוואָרן די דאָזיקע מערק.

צום פאַרלוסט פון די מערק האָבן אַ סך צוגעהאָלפן די הויכע גרענעץ־צאָלן, וואָס די אויבן דערמאָנטע לענדער האָבן ארויפגעלייגט כדי צו באַשיצן זייער נייע טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ביי זיי דורך די ביאַלסטאָקער.

דער קריזיס האָט געדויערט ביזן מיטן פון 1926טן יאָר. זייִנע שלעכטע רעזולטאַטן פאַר דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין אַן אָנוואָר פון נאָענט 35 קאָמפּלעטן פון טעקסטיל־מאַשינען און איבער 500 וועבשטולן.

די פוילישע רעגירונג האָט ניט געשטיצט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אפילו נישט מיט ביליקע קרעדיטן, ווי זי האָט געשטיצט די אַלע שווינדלערישע ראַזוואָי־געשעפטן. זי האָט זי נאָך אונטערגעדריקט מיט גרויסע שטייערן.

אַ כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג פון יענער צייט: אַ דעלעגאַציע פון ביאַליסטאָקער עקאָנאָמישע קרייזן, מיטן שטאָט־פּרעזידענט באָלעסלאַוו שימאַנסקי בראש האָט זיך געווענדט מיט אַ בקשה צום דעמאָלטדיקן ענדעקישן פּרעמיער און פינאַנץ־מיניסטער, דעם באַקאַנטן אַנטיסעמיט וולאַדיסלאַוו גראַבסקי, אַז ער זאָל באַהילפיק זיין דער באַדראָטער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע. די דעלעגאַציע האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם מיניסטער צווישן אַנדערע זאַכן, אַז די מלוכה גיט די אַרבעטלאָזע גרויסע סובסידיעס, וואָס זי האָט געקענט מיט מער נוצן פאַרברויכן אויף צו ראַטעווען די אינדוסטריע און דורך דעם אויפצוהאַלטן די שטייער־קוועלן. גראַבסקיס תשובה צו דער דעלעגאַציע איז געווען, אַז ער זעט ניט קיין זינען אין אונטערשטיצן די ביאַליסטאָקער אינדוסטריע, וואָס איז נאָך זיין מיינונג פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. העכסטנס, האָט ער געזאָגט, קענען בלייבן אין ביאַליסטאָק ביז אַ 5 פאַבריקן פאַרן אינלענדישן געברויך.

גראַבסקי האָט זיין תשובה געגעבן אין איינקלאַנג מיט דער דעמאָלטדיקער ענדעקישער רעגירונגס־פּאָליטיק ניט נאָר ניט אונטערצושטיצן יידישע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען, נאָר פאַרקערט: זיי מיט אַלע מעגלעכקייטן דורך גרויסע באַשטייערונגען און דראַקאָנישע אויסנאַם־געזעצן אונטערצודריקן, און פון דער צווייטער זייט — אונטערצושטיצן מיט גרויסע געלט־סובסידיעס און גינסטיקע געזעצן אַלע ענדעקישע ראַזוואָי־אונטערנעמונגען, וואָס זייער ציל איז געווען אַרויסצושטויסן יידן פון האַנדל און אינדוסטריע. און ווייל די ביאַליסטאָקער אינדוסטריע איז ספּעציעל אַ יידישע, און מען קען די יידן פון איר ניט אַרויסשטויסן, האָט דעריבער גראַבסקי, דער פאַרביסענער ענדעקישער אַנטיסעמיט,

אויף איר אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל. זאָל די פוילישע אינדוסטריע אָנווערן איין אויג, אַבי זיינע פאַרהאַסטע יידן — צוויי אויגן.

כדי צוצוגעבן דעם דאָזיקן אורטייל אַ כלומרשט עקאָנאָמיש־וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג, האָבן די דעמאָלטדיקע ראָזוואַ־עקאָנאָמיסטן און נומערוס־קלאוזוס־פּראָפעסאָרן אַרויסגעגעבן אַ באַשלוס אין זייערע בעסטע פינף קאָנקורס־אַרבעטן אויף דער טעמע וועגן דער ווירטשאַפטלעכער פּראָגראַם אין פוילן (וואָס האָט פאָרגעלייגט אין יאָר 1926 די באַנק פאַר היימישער ווירטשאַפט), אַז שטיצן דאַרף די רעגירונג נאָר די לאַנדווירטשאַפט און די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען נאָענט מיט איר פאַרבונדן. דאָך האָבן זיי מיט זייער גרויסער פריי־געביקייט און חכמה צוגעגעבן, אַז די רעגירונג קען שטיצן מיט קרעדיט, אָבער מיטן סאַמע קלענסטן, אויך די לאָדזשער און בעליצער טעקסטיל־אינדוסטריע, ווייל זיי שטייען זייער הויך אין זייער טעכנישער אַנטוויקלונג (ניט ווייל זיי העלפן אַנטוויקלען דאָס לאַנד עקאָנאָמיש און באַשעפטיקן צענדליקער טויזנטער אַר־בעטער). אָבער בשום אופן דאַרף די פוילישע רעגירונג ניט אונטערשטיצן די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פאַבריקאַציע, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צו געווי־נען דעם רוסישן פויער, און זי האָט דעריבער ניט קיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג און קיין האָפענונג, וואָרעם אַפילו אויב פוילן וועט אויך שליסן אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד, וועט דער ביאַליסטאָקער פּראָדוקט זיין דאָרט אַן אויסלענדישער.

די דאָזיקע כלומרשט וויסנשאַפטלעכע אַרגומענטן זיינען טענדענציעז און פון גרונד אויס פאַלש. ערשטנס, איז פאַלש זייער הנחה, אַז אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער מדינה ווי פוילן דאַרף מען דער עיקר אונטערשטיצן און אַנטוויקלען נאָר די לאַנדווירטשאַפט. מיט לאַנדווירט־שאַפט אליין קען, ביי אונדזערע מאָדערנע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, קיין לאַנד זיך ניט גוט אַנטוויקלען עקאָנאָמיש און קען ניט ווייטער וואַקסן, ווען עס גייען ניט אין איר האַנט ביי האַנט לאַנדווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג מיט אינדוסטריעלער. דאָס איז אמת פאַר אַזאַ אינ־דוסטריעלן ריז ווי אַמעריקע, און אפילו פאַר רוסלאַנד, וואָס איז די גרעסטע לאַנדווירטשאַפט־לעכע מדינה. אפילו די צאַרישע מלוכה האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, מיט גרויסע אונטערשטי־צונגען, צו פאַרברייטערן אין איר די אינדוסטריע. און אפילו די ביאַליסטאָקער אינדוסטריע איז געגרינדעט געוואָרן, ווי מיר האָבן געזען אויבן, מיט דער הילף פון דער צאַרישער מאַכט, און זי האָט זי די גאַנצע צייט אונטערגעשטיצט. מכל־שכן די היינטיקע סאָוועטישע רעגירונג האָט דאָך געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרגרעסערן אין איר די אינדוסטריע אין דעם גרעסטן מאָסשטאַב.

צווייטנס, איז געווען פאַלש דער טויט־אורטייל אויף דער ביאַליסטאָקער יידישער טעק־סטיל־פאַבריקאַציע. אַזאַ אורטייל באַווייזט נאָר די אַנטיסעמיטישע קורצזיכטיקייט און אומ־וויסנקייט פון די ענדעקישע עקאָנאָמיסטן. ביאַליסטאָק האָט די זעלביקע עקסיסטענץ־רעכט ווי אַלע אַנדערע אינדוסטריעלע צענטערס, בפרט נאָך ווען מען נעמט אין באַטראַכט ביאַלי־סטאָקער ספּעציעלע פאַבריקן פון ביליקע פּראָלעטאַרישע און פויערישע טוכן און פאַלטע־שטאָפן, ביליקע און טייערע וואָלענע דעקעס. זיי האָבן דאָך געהאַט אָפּזאַץ־מערק נאָך פאַר דער מלחמה אויפן ווייטן מזרח, אין כאַרבין, שאַנכאַי און אויך מוקדען און אַנדערע גרויסע שטעט. אַהין פלעגן געשיקט ווערן פון ביאַליסטאָק גרויסע טראַנספּאָרטן פון שאַגאַט־דעקעס, וואָס פלעגן גיין דורך סיביר נאָר צוויי וואָכן צייט. נאָך דער [ערשטער וועלט־]מלחמה איז דער טראַנספּאָרט געגאַנגען דורך האַמבורג גאַנצע דריי חדשים, ווייל די סאָוועטישע מאַכט האָט ניט

דערלויבט קיין טראַנזיט דורך רוסלאַנד. און פונדעסטוועגן האָט עס ניט געשטערט דעם עקספּאָרט אויפן ווייטן מזרח!

דער אמתער טעם פון דעם באַשלוס פון די פוילישע ראַזוואַי־עקאָנאָמיקער און נומערוס קלאַוזוס־פּראָפּעסאָרן צו שטיצן נאָר די לאַנדווירטשאַפט און גאַנץ ווייניק די לאָדזשער און ביעליצער טעקסטיל־אינדוסטריע און גאָרניט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פאַבריקאַציע איז אַ גאַנץ פּשוטער. די פוילישע לאַנדווירטשאַפט און די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען וואָס זיינען נאָענט צו איר זיינען כמעט נאָר אין ריין קריסטלעך־פוילישע הענט; די טעקסטיל־אינדוסטריע פון ביעליץ און לאָדזש איז טאַקע ריין פון פּאָליאַקן, זי איז אַ דייטש־יידישע, אָבער דאָך איז די אינדוסטריע דאָרטן ווייניקסטנס אויף אַ העלפט אַ קריסטלעכע. לכל הפחות די אַרבעטער זיינען אין גרעסטן טייל פּאָליאַקן. אָבער די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע איז דאָך כמעט נאָר אַ יידישע, און ווי אַזעלכע דאַרף מען זי ניט נאָר ניט שטיצן, נאָר מען דאַרף זי נאָך דערשטיקן, כדי אַזוי אַרום לויז צו ווערן גלייכצייטיק אי פון יידישע פאַבריקאַנטן אי פון יידישע אַרבעטער.

### אַ פּאָר גוטע יאָרן און דערנאָך ווידער אַ קריזיס[*]

אין יאָר *1926*, נאָך דער מאַי־איבערקערעניש, איז געקומען אין דער ביאַ־ליסטאָקער פאַבריקאַציע אַ פאַרבעסערונג. צו איר האָט פיל צוגעהאָלפן דער קוילן־שטרייק אין ענגלאַנד, וואָס האָט פילפאַך פאַרגרעסערט דעם פוילישן קוילן־עקספּאָרט. אין דער זעלביקער צייט האָט די בריטישע אינדיע אָנגעהויבן אַ באָיקאָט אויף ענגלישע אויסאַרבעטונגען, וואָס דאָס האָט געעפנט פאַר דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע אַ גרויסן, אַ מעכטיקן מאַרק. עס האָט זיך פאַר־גרעסערט דער עקספּאָרט און אויך דער אינלענדישער פאַרקויף. די גינסטיקע קאָניוקטור האָט זיך געצויגן ביז *1929*, פון ווען אָן עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלט־קריזיס. דעמאָלט האָבן כמעט אַלע מלוכות אָנגעהויבן צו פאַרשליסן זייערע גרענעצן פאַר אימפּאָרט פון אויסלענדישע אויסאַרבעטונגען מיט דער הילף פון צאָל־פאַרגרעסערונגען אָדער דורך דירעקטע פאַרבאָטן אויף אימפּאָרט און באַגרע־נעצונגען פון אויסלענדישער וואַלוטע.

די פוילישע מאַכט, זעענדיק אַז די טעקסטיל־אינדוסטריע איז אין אַ סכנה צו פאַרלירן דעם עקספּאָרט, וואָס דאָס וואָלט זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויפן *האַנדלס־באַלאַנס, האָט איינגעפירט אין 1928 פּרעמיעס פאַרן עקספּאָרט פון* געוועבן, פאַרטיקע קליידער און געשפּינס. אַדאַנק דעם וויטזיכטיקן טריט פון דער פוילישער מאַכט האָט דער טעקסטיל־עקספּאָרט געהאַט די מעגלעכקייט ווייטער צו עקסיסטירן אין דער *צייט פון קריזיס, כאָטש אין אַ קלענערן מאָס־*שטאַב. אומאָפּהענגיק פון די עקספּאָרט־פּרעמיעס איז די מאַכט באַהילפיק גע־ווען דעם עקספּאָרט אין דער פאָרם פון דעם אַזוי גערופענעם קאָמפּענסאַציע־

9. איך נוץ דאָ ווייטער אויס דעם מאַטעריאַל פון מיין אַרבעט „ביאַליסטאָקער אינ־דוסטריע אַמאָל און היינט״, אין ביאַליסטאָקער יאָרבוך, *1932—33*. איך דערגאַנץ אויך מיט מאַ־טעריאַלן וואָס איך האָב זיי שפּעטער אַריינבאַקומען.

לעאָן זשעבין, דער פירער פון ביאַליסטאָקער אינדוסטריע־פאַראיין, האָט מיר צוגעשטעלט פיל דאַטעס.

האַנדל, וואָס זי האָט זיך מיט אים באַנוצט אין אָנהייב (פעברואַר 1931) ביים עקספּאָרט פון קליידער און נאָך דעם פאַרן עקספּאָרט פון געוועבן. די פאַראַר־דענונגען פון דעם קאָמפּענסאַציע־האַנדל באַציען זיך אויסשליסלעך אויף דעם מעבר־לימיקן עקספּאָרט. דער הויפּטצוועק פון די פאַראָרדענונגען איז געווען צו שטיצן דעם גדיניער פּאַרט.

אין די יאָרן פון עקאָנאָמישן קריזיס כמעט איבער דער גאַנצער וועלט האָט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע, פאַרשטייט זיך, שטאַרק געליטן, הגם זי האָט געהאַלטן אין איין ראַנגלען זיך קעגן שווערע באַדינגונגען. די ווייטער־דיקע טאַבעלע ווייזט די אַלגעמיינע פּראָדוקציע און דעם עקספּאָרט אין די קריזיס־יאָרן:

| יאָר | אַלגעמיינע פּראָדוקציע | | עקספּאָרט | |
|---|---|---|---|---|
| | וואָג אין טויזנטער | ווערט | וואָג אין טאָן | ווערט |
| 1929 | 5,000 טאָן | 30 מיליאָן זל. | 1,200,674 | 7 מיליאָן זל. |
| 1930 | 4,000 טאָן | 22 מיליאָן זל. | 946,113 | 5 מיליאָן זל. |
| 1931 | 4,500 טאָן | 20 מיליאָן זל. | 1,675,721 | 7 מיליאָן זל. |
| 1932 | 3,250 טאָן | 16 מיליאָן זל. | 733,627 | 4 מיליאָן זל. |

ווי די דאָזיקע טאַבעלע קלערט אויף, איז די וואָג און דער ווערט פון דער ביאַליסטאָקער פּראָדוקציע אין משך פון די יאָרן 1929 ביז 1932 געוואָרן כסדר קלענער, און אויך איז געפאַלן דער עקספּאָרט. די פאַרגרעסערונג פון עקספּאָרט אין 1931 דאַרף מען דערקלערן דורכן אַרויסשיקן גרויסע סחורה־טראַנספּאָרטן פון טעקסטיל־פאַבריקאַציע קיין ענגלאַנד פאַר די וואַלן אין פּאַרלאַמענט, און אויך ווייל מען האָט זיך געריכט צום סוף 1931 אויף אַ גרויסער אימפּאָרט־צאָל־העכע־רונג אין ענגלאַנד, האָט מען אַריינגעשיקט אין די ענגלישע סקלאַדן אַ סך סחורה. דעריבער האָט זיך אין 1932 שטאַרק פאַרקלענערט דער עקספּאָרט קיין ענגלאַנד.

די שווערע באַדינגונגען פון 1931 האָבן געבראַכט דערצו, אַז די גרויסע פירמע „אָסוואַלד טרילינג און זון" (זינט 1924 — פריער איז געווען "י. טרילינג און זון") זאָל באַשליסן פולשטענדיק אָפּצושטעלן די פאַבריקאַציע אין ביאַליסטאָק.

דערצו האָט אויך גורם געווען וואָס דער עקספּאָרט קיין כינע האָט זיך אָפּ־געשטעלט מחמת דעם אומרואיקן מצב אויפן ווייטן מזרח. די פאַבריקן זיינען גע־שלאָסן געוואָרן און די אייגנטימער זיינען אַרויסגעפאָרן קיין דרום־פראַנקרייך (ניצע).

די וויטאַליטעט און קאָנקורענץ־פעאיקייט פון ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע

אָבער גראָד די פירמע „אָסוואַלד טרילינג און זון" איז אַ גוטער ביישפּיל פון גוואַלדיקן כוח זיך צוצופּאַסן און אויסנוצן סיטואַציעס, וואָס די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע האָט כסדר אַרויסגעוויזן. דאָס איז די פירמע וואָס איז געבליבן גאַנץ אין דער מלחמה, ווען דער בעל־הבית אירער האָט אָרגאַניזירט אין

רוסלאַנד אַ פאַבריק ביי דער סטאַנציע ביקאָווע און דאָרטן געאַרבעט, ביז ער האָט זי פאַרקויפט צו די באַלשעוויקעס, געקומען אַהער, באַנייט, פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט זיין אַלטע פאַבריק. מיט אירע בעסטע שאַגאַט־דעקעס האָט די פירמע געעפנט אין כאַרבין און שאַנכאַי אירע אייגענע לאַגערן. איר האָבן נאָכגעטאָן נאָך עטלעכע דעקעס־פאַבריקאַנטן. פאַרקוקנדיק זיך דערויף, האָבן דעמאָלט ענגלענדער פון כינע אויך געבויט אין כאַרבין אַ דעקעס־פאַבריק, נאָכצומאַכן די ביאַליסטאָקער שאַגאַט־דעקעס. זיי האָבן אפילו אַראָפּגעבראַכט פון ביאַליסטאָק מייסטערס. די פאַבריק האָט אַ קורצע צייט געאַרבעט, אָבער נאָכמאַכן ביאַליסטאָקער דעקעס איז זיי ניט געלונגען!

צום באַדויערן האָט אָבער אין יאָר 1930 דער עקספּאָרט אויפן וייטן מזרח זיך אָנגעהויבן צו פאַרקלענערן. גורם געווען דערצו האָבן פאַרשיידענע סיבות: זילבער־וואַלוטע, פאַראַרעמונג פון דער באַפעלקערונג, די אומרועןן אין ווייטן מזרח. אַ געוויסע צייט איז דער עקספּאָרט אויפן ווייטן מזרח שוין געווען אין גאַנצן אָפּגעהאַקט. אָבער פון 1933 יאָר אָן האָט ער זיך באַנייט מיט אַ גרעסערער קראַפט — אויף כינע, אינדיע און אַנדערע לענדער.

אין יולי 1931 האָט זיך אויסגעדוכט אַז עס קומט אויף שטענדיק אַ נייער מין עקספּאָרט קיין ענגלאַנד. די ביאַליסטאָקער יידישע פאַבריקאַנטן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קאָנפעקציאָנערן (טאַנדעטניקעס). ניט זייענדיק אַליין קיין פאַכמענער, האָבן די פאַבריקאַנטן געמוזט אָנקומען צו אמתע טאַנדעטניקעס, און עס האָבן באַקומען אַרבעט אַלע שניידער־טאַנדעטניקעס פון שטאָט און פון דער נאָענטער סביבה. די אַרבעט פון די פאַבריקן איז דעמאָלט אַוועק אין פולן גאַנג. די קוימענס פון די ביאַליסטאָקער יידישע פאַבריקן האָבן שטאַרק געריכערט.

פון ענגלאַנד זיינען אפילו אַראָפּגעקומען עטלעכע גרויסע עקספּאָרטערן און אויפן אָרט געגעבן באַשטעלונגען. גלייכצייטיק איז אַוועק אַ קליינער טראַנספּאָרט קיין דענעמאַרק, אויך פון פאַרטיקע זאַכן. עס איז געווען אַ האָפענונג, אַז די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע זאָל אויפלעבן ווי אַמאָל.

אָבער די ענגלישע גרויסע קאָנפעקציאָנערן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער ביאַליסטאָקער קאָנקורענץ און האָבן אויסגעפועלט ביי זייער רעגירונג אַרויפצולייגן אַ 100% צאָל אויף ביאַליסטאָקער קאָנפעקציע. בכן איז דער ביאַליסטאָקער עקספּאָרט קיין ענגלאַנד פלוצלונג אָפּגעהאַקט געוואָרן. האָבן די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן נאָך צוגעלייגט צום עסק עטלעכע צענדליק טויזנט דאָלאַרן[10].

מיט אירע ספּעציעלע ביליקע פאַלטע־שטאָפן קען ביאַליסטאָק קאָנקורירן און קאָנקורירט אפילו מיט לאָדזש; עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז לאָדזשער פאַבריקאַנטן פאַרקויפן ביאַליסטאָקער פאַלטע־שטאָפן פאַר זייערע[11].

10. זען יצחק באַצער „ביאַליסטאָקער עקספּאָרט", ביאַליסטאָקער יאָרבוך, 1932—1933, ז' 20.

11. דאָס ווערט געזאָגט אויפן סמך פון פאַקטן, פעסטגעשטעלט פון מערערע היגע פאַבריקאַנטן.

די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע פון ביליקע פּאַלטע־שטאָפן האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט און איז אויסגעבעסערט געוואָרן לגבי פאַר דער מלחמה. בנוגע דער קונסט פון מאַניפּולירן אין ביליקייט פון די פּרייזן, האָבן ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן אין דעם פּרט פיל געלערנט, ווי מיר האָבן געזען פריער, אויך פון די דייטשע פאַכמענער און פון דער אייגענער פּראַקטיק.

דער עיקר פאַרביליקונג איז געקומען דורכן פאַרבייטן וואָל אויף קונסט־וואָל, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין ביאַליסטאָק גופא פון פאַרשיידענע מינים אַלטע און נייע שמאַטעס. דערמיט ווערט אָבער ניט פאַרערגערט די קוואַליטעט פון די סחורות. אדרבה, ביאַליסטאָק האָט פּראָדוצירט נאָך דער מלחמה אַ סך בעסערע און שענערע סחורות ווי פאַר דער מלחמה. און די מינים, וואָס ביאַליסטאָק האָט פריער ניט געקענט אויסאַרבעטן אפילו פון ריינער וואָל, און זיי פלעגן פאַבריצירט ווערן נאָר אין לאָדזש, זגערזש און טאָמאַשאָוו, — ווערן איצט אין ביאַליסטאָק אויסגעאַרבעט אַ סך ביליקער.

פאַר דער מלחמה האָט ביאַליסטאָק פאַבריצירט ביליקע פּאַלטע־שטאָף, אָנהייבנדיק פון 90 קאָפּיקעס אַן אַרשין, און בעסערע פון 3 רובל אַן אַרשין (אויסער דעם טייער געוועזענעם מאָעסישן פאַבריקאַט), און נאָך דער מלחמה האָט מען גענומען מאַכן אין ביאַליסטאָק פּאַלטע־שטאָף אין אַ בעסערער אויסאַרבעטונג ווי פאַר דער מלחמה, אָנהייבנדיק פון 40 סענט אַ מעטער און די בעסערע פון 80 סענט אַ מעטער.

דאָס קומט אויס אין דורכשניט מיט 50% ביליקער ווי פריער, ניט געקוקט דערויף, וואָס אַרבעט־לוין איז ביי אונדז אין פאַרגלייך קעגן דעמאָלט כמעט ווי צווייפאַך געשטיגן, און דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די שטייער־לאַסטן פאַר סאָציאַלע פאַרזיכערונגען (ווי קראַנקן־קאַסע־פאָנד, הילף פאַר אַרבעטלאָזע, אַר־בעטער־אַסעקוראַציע), וואָס פאַרטייערן די פּראָדוקציע.

דער בעסטער באַווייז ווי ווייט ביאַליסטאָקער אינדוסטריע האָט פּראָגרע־סירט נאָך דער מלחמה, איז דאָס וואָס פריער האָבן די היגע אינדוסטריעלער אפילו ניט געקענט חלומען וועגן שיקן זייערע אויסאַרבעטונגען איבער די גרענעצן פון רוסלאַנד, ווייל זיי האָבן ניט געקענט קאָנקורירן אין אויסלאַנד ניט מיט די פּרייזן און ניט אין קוואַליטעט. די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן וואָלטן אין אויסלאַנד ניט געפונען קיין בעלנים. ביאַליסטאָקער סחורות זיינען שוין צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון די אויסלענדישע קונים.

די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע איז איצט אויך ניט אָרעמער אין מאַשינען ווי פאַר דער מלחמה, אַדרבה — די שפּינערייען און אַפּרעטורן זיינען אַ סך פאַרגרעסערט געוואָרן. באַלד נאָך דער מלחמה האָט מען צוגעקויפט אַ סך נייע מאַשינען און אויך געבראַכט אַ סך געניצטע פון לאָדזש, וואָס זיינען געקויפט געוואָרן אין גאַנץ גוטן צושטאַנד.

## ז. ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אין 1936

זינט 1928 פירט די פוילישע רעגירונג איין עקספּאָרט־פּרעמיעס. זייער פאָרם איז ניט די גאַנצע צייט די זעלביקע. פון 31טן אָקטאָבער 1932 אָן האָבן זיי דעם ציל צו ראַציאָנאַליזירן דעם טעקסטיל־עקספּאָרט. די הייך פון דער פּרעמיע איז אָפּהענגיק פון קוואַליטעט און פון פּרייז. דאָס איז אַ מין אויסגלייך־צוצאָלונג.

אויף דער ראַציאָנאַליזאַציע פון עקספּאָרט גיבן אַכטונג ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס, אַזוי למשל איז פאַר קליידער־עקספּאָרט אין לאָדזש אַנטשטאַנען אַ סינדיקאַט פון קליידער־עקספּאָרט, וואָס איז טעטיק אויף גאַנץ פוילן און וואָס צו אים איז צוגעטרעטן די ביאַליסטאָקער אינדוסטריע מיט אַן אַנטייל פון 8% ביז 10%. איבער דעם עקספּאָרט פון געוועבן גיט אַכטונג אַן עקספּאָרטאָווע סעקציע ביים סוחרים־פאַרבאַנד פון ביאַליסטאָק.

ניט אַזוי ווי די ענדעקישע רעגירונג פון גראַבסקין, באַציט זיך די סאַנאַציע־רעגירונג צו דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע. בכל אופן ווייזט זי אַרויס מער פאַרשטענדעניש פאַרן נוצן וואָס דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־פאַבריקאַט ברענגט דער עקאָנאָמיק פון גאַנצן לאַנד.

דעם 13טן אַפּריל 1934 האָט דער האַנדלס־מיניסטער פּ. זאַזשיצקי, ביי אַ באַזוך אין ביאַליסטאָק, געהאַלטן אַ רעדע פאַרן פאַבריקאַנטן־פאַראיין וועגן דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד און וועגן ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע. ער האָט געזאָגט, אַז ביאַליסטאָק קריכט אַרויס פון קריזיס; איר פּראָדוקציע איז לעצטנס שטאַרק געשטיגן, און ניט נאָר שטייט זי ניט אָפּ פון אַנדערע אינדוסטריעלע פּונקטן, נאָר פאַרקערט — זי יאָגט זיי איבער. דער מיניסטער האָט בכלל געלויבט די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז אים ראשית כל געפעלן געוואָרן, וואָס אין ביאַליסטאָק זיינען ניטאָ קיין פּאַלאַצן ווי אין לאָדזש און ביעליץ, וואָס שטייען דאָרט לעבן יעדער פאַבריק פאַר די בעלי־בתים־דירעקטאָרן. דאָ האָט ער געטראָפן די בעלי־בתים אַליין מיט פאַרקאַשערטע אָרבל. שנית, העלפט ביאַליסטאָק מיט צו פאַרבעסערן דעם האַנדלס־באַלאַנס פון דער מלוכה, ווייל 50% פון אירע פאַבריקאַטן גייט אויף עקספּאָרט. דער אימפּאָרט פון רווישטאָף איז ביי איר קלענער ווי איר עקספּאָרט פון פאַרטיקע סחורות. ביאַליסטאָק איז אויך ניט פאַרשולדיקט אין אויסלאַנד ווי לאָדזש און ביעליץ. די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן זיינען אויך ניט שולדיק קיין שטייערן דער רעגירונג. די רעגירונג פאַררעכנט ביאַליסטאָק ווי אַ וויכטיקן און געזונטן טעקסטיל־צענטער [12].

די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע פאַרמאָגט אין 1936:

102 שפּינערריי־זאַצן, אַן ערך 80,000 שפּינדלען, פון זיי 60 פּראָצענט ביי 22 פאַבריקאַנטן; 1,474 מעכאַנישע שטולן, ביי פאַבריקאַנטן 500 און ביי לוינקעטניקעס 974.

---

12. אונזער לעבן, 1935, נומ׳ 188 (פון 15טן מאַרץ 1935).

קאָמפּלעטע פאַבריקן זיינען פאַראַן נאָר פינף: סאָקאָל־זילבערפעניג, ש. ציטראָן, א. ד. שפּירא, ב. פּאָלאַק, י. מאַרקוס (טיילוויז פאַרדונגען). אַן ערך 18 פאַבריקאַנטן באַזיצן אייגענע שפּינעריי־זאַצן, רייסערייען, וועבערייען — אָן אַפּרעטורן. 15 פאַבריקאַנטן באַזיצן נאָר שטול־וועבערייען און אויך אָן שטולן.

סאָקאָל און זילבערפעניג *)

איטשע מאיר סאָקאָל האָט אין 1909 געגרינדעט אַ וועבעריי אונטער דער פירמע „יצחק מאיר סאָקאָל און זון". זיין זון אברהם סאָקאָל האָט אין 1913 אי־בערגענומען די פאַבריק און אין 1914, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט ביאַליסטאָק איז צוגעקומען ווי אַ שותף יהודה זילבערפעניג. די שפּינעריי־וועבעריי איז געוואָרן קאָמפּלעטירט. אין 1922—1923 האָט די פירמע סאָקאָל און זילבערפעניג אָפּגע־קויפט יאַקאָב לעוויס קונסט וואָל־פאַבריק און האָט שטאַרק פאַרגרעסערט איר פּראָדוקציע. זיי זיינען געווען אין דער נאָך־מלחמה צייט ביז 1939 די באַקאַנטסטע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אין ביאַליסטאָק. אין 1936 האָבן זיי באַשעפטיקט איבער 800 אַרבעטער.

איטשע מאיר סאָקאָל איז אין 1936 געשטאָרבן און אברהם סאָקאָל האָט אין 1941 פאַרלאָזן ביאַליסטאָק און אויסגעוואַנדערט קיין אויסטראַליע, וואו ער פירט אָן מיט אַ פאַרצווייגטן עקספּאָרט און אימפּאָרט פון טעקסטיל.

ביידע, אברהם סאָקאָל און יהודה זילבערפעניג, זיינען געווען באַקאַנט אין ביאַליסטאָק ווי גרויסע מנדבים און פילאַנטראָפּן. אברהם סאָקאָל איז געווען וויצע־פאָרזיצער און זייט 1938 פאָרזיצער פון לינת הצדק. אין מעלבורן (אויסטראַליע) איז ער וויצע־פאָרזיצער פון דאָרטיקן ביאַליסטאָקער צענטער און האָט אַקטיוו מיטגע־האָלפן אין דער עמיגראַציע־הילפס־אַרבעט פאַר ביאַליסטאָקער קיין אויסטראַליע.

שמואל ציטראָן **)

שמואל ציטראָן איז פאַרבליבן פון פאַר דער מלחמה אַ גרויסער יידישער פאַבריקאַנט פון פאַרשיידענע פּאַלטע־שטאָפן. ער שטאַמט אַליין פון מיכאַלאָווע. [זיין פאָטער, שניאור זלמן ציטראָן האָט געגרינדעט אַ וועבעריי מיט האַנטשטולן אין מיכאַלאָווע אין 1884.

1897 האָט שמואל הירש ציטראָן געגרינדעט אַ מעכאַנישע וועבעריי מיט אַ שפּינעריי אין ביאַליסטאָק.

1903 האָט ער אָפּגעקויפט די פאַבריק פון בוכהאָלץ אין סופּראַסלע

1919 האָט ער ליקווידירט די פאַבריק אין ביאַליסטאָק, אָפּגעקויפט די פאַבריק פון אוינערט אין סופּראַסלע און זי שטאַרק פאַרגרעסערט.

1924 איז די פירמע געוואָרן אַן אַקציע־געזעלשאַפט אונטערן נאָמען: „סופּ־

---

*) [די אינפאָרמאַציע וועגן סאָקאָל־זילבערפעניג איז צוגעגעבן פון די אַרויסגעבער].

**) די ידיעות זיינען אויפגענומען געוואָרן דורך אונדז פון די זין שמעון און חיים ציטראָן, אין ניו יאָרק אין 1949. — די אַרויסגעבער].

ראסלער טוך־מאַנופאַקטור ש. ה. ציטראָן אָקציען־געזעלשאַפט". דאָרט זיינען געווען באַטייליקט אַלע 4 זין: בנימין, אבא, שמעון און חיים. די פאַבריקן האָבן געארבעט ביז 1939.

בנימין און אבא ציטראָן זיינען פארשיקט געוואָרן קיין סאָוו.־רוסלאַנד, און ס'זיינען ניטאָ פון זיי קיין ידיעות. שמעון און חיים ציטראָן האָבן זיך געראַטעוועט קיין שוועדן. זינט 1948 זיינען זיי אין ניו יאָרק.

זייער פאָטער שמואל הירש ציטראָן איז געשטאָרבן 1935 אין ביאַליסטאָק.

אין 1936 האָט זייער מוטער חוה אויסגעבויט אויף פּאָלנע 24 אַ בית־מדרש „משכן שמואל וחוה" לזכרון פון איר מאַן שמואל ציטראָן. דער בית־מדרש איז דער איינציקער וואָס איז געבליבן פון אַלע בתי מדרשים אין ביאַליסטאָק נאָכן חורבן].

איסר שפּיראָ

איסר שפּיראָ שטאַמט פון ראַדזשילאָווע, לאָמזשער גוב׳. זיין פאָטער דוד שפּיראָ, אַ ייד אַ בן־תורה, איז אַ פעטער פון די היגע גרויסע קאָמיסיאָנערן אהרן־יהושע, מיכאל־דוד און מענדל שפּיראָ. מיט זייער הילף זיינען דוד שפּיראָ און זיינע זין געוואָרן טוכפאַבריקאַנטן. צווישן די זין האָט זיך אויסגעצייכנט איסר שפּיראָ, אַמאָל אַ פעאיקער ישיבה־בחור און שפּעטער, זינט 1905, אַ פעאיקער פאַבריקאַנט. אין 1914 האָט ער אויסגעבויט אַ קאָמפּלעטע פאַבריק וואָס עקסיסטירט ביז היינט. זי האָט אָפּגעברענט 1933 און איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן ווי אַ קאָמפּלעטע פאַבריק אין 1935. זי באַשעפטיקט איצט [1936] ביז 400 אַרבעטער.

ווייטערדיקע אַנטוויקלונג

דעם יערלעכן באַטרעף פון ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע קען מען איצט באַרעכענען אַן ערך לויט דעם יערלעכן באַטרעף פון דער שפּינערייַ־פּראָדוקציע: יעדער שפּינערייַ־זאַץ אַרבעט אויס 220 קילאָ גאַרן אַ טאָג, 100 שפּינערייען אַרבעטן אויס אין אַן אַרבעטסטאָג פון 8 שעה 22 טויזנט קילאָ, אין אַ טאָג מיט אַנדערהאַלבן שיכטן אַרבעטן זיי אויס 33 טויזנט קילאָ, אין 260 אַרבעטסטעג אַרבעטן זיי אויס 8,588,000 קילאָ. אַראָפּרעכענענדיק 25% פאַרלוסט פון גאַרן ביז סחורה, בלייבט אַריבער זעקס מיליאָן קילאָגראַם אַ יאָר, דורכשניטלעך צום פּרייז פון 3,50 גילדן אַ קילאָ — באַטרעפט די פּראָדוקציע אַן ערך צוואַנציק מיליאָן גילדן אַ יאָר.

די ביאַליסטאָקער סחורה, וואָס איז באַשטימט פאַר דער אָרעמער מאַסע אויף ווינטער־פּאַלטעס, ווערט אויך פאַרקויפט אין פאָרם פון פאַרטיקע קליידער. די הויפּט־צענטערס פאַר דעם אויפנייען די קליידער געפינען זיך אין בזשעזשין ביי לאָדזש און אין טאַרנע (טאַרנאָוו).

אַ חוץ די פּאַלטעשטאָף־פאַבריקן, וואָס זיינען אַלע יידישע, געפינען זיך אויך פינף וואַטע־און וואַטעלין־פאַבריקן און אויך אַ פּליוש־פאַבריק פון בעקער און

קאָמפּ׳. דאָס איז די איינציקע דייטשע פאַבריק, וואָס איז איבערגעבליבן פון דער גאַנצער דייטשער פאַבריקאַציע אין ביאַליסטאָק.

רויע שטאָפן, דערהויפּט שמאַטעס מכל המינים, האָט ביאַליסטאָק באַצויגן ביז אַהער 90% פון דייטשלאַנד, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער הורט־האַנדל מיט שמאַטעס. נאָך דעם, ווי עס איז דערקלערט געוואָרן אַ באָיקאָט אויף היטלער־דייטשלאַנד, קויפט מען אויף די שמאַטעס דירעקט פון ענגלאַנד, בעלגיע, פראַנק־רייך, האָלאַנד, שווייצאַריע, לאַטוויע. וואָל קויפט מען אין לאַנד, אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך. אָלעאין קויפט מען אין לאַנד און אין האָלאַנד; שמיר־אייל און ברען־מאַטעריאַל — אין לאַנד גופא. פאַרבן — פריער פון דייטשלאַנד, איצט — דערהויפּט פון פוילן גופא; באַשלאַג — בעלגישע און שווייצארישע, פריער — אויך נאָר דייטשע; קראַצן — פראַנצויזישע.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ביאַליסטאָק נאָר איין מין סחורה — ווינטער־סחורה. דעריבער האָט דער ביאַליסטאָקער פאַבריקאַט סחורות פאַרן אינלענדישן מאַרק בלויז אין פאַרלויף פון 6—7 חדשים אין יאָר, פון מאַרץ—יוני ביז נאָ־ווּעמבער—דעצעמבער. אין די איבעריקע חדשים זיינען טעטיק דערהויפּט די גרעסערע פאַבריקן, וואָס אַרבעטן פאַר עקספּאָרט און פאַר מלוכה־באַשטעלונגען. דעריבער ווערט געאַרבעט אין ביאַליסטאָק אין סעזאָן־צייט אין שיכטן, ד״ה אַ טייל אַרבעטער אַרבעטן ביינאַכט און אַ טייל בייטאָג.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר דער ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע איז נאָך היינט, ווי פאַר דער מלחמה, דאָס פעלן פון האַרמאָניע און פולקומענקייט פון דער אויסשטאַטונג. אפילו אין די גרעסטע פאַבריקן איז אָדער צו ווייניק שפּינע־רייען, אָדער צו ווייניק שטולן אָדער אַנדערע מאַשינען, אַזוי אַז טייל שטאָפן פון די אויסאַרבעטונגען פון דער פּראָדוקציע ווערן אויסגעאַרבעט פון די לוין־פאַבריקן.

אין ביאַליסטאָק געפינט זיך אַ גרויסער פּראָצענט „לוין־פאַבריקן״, וואָס אַרבעטן דערהויפּט פאַר דעם אַזוי גערופענעם אַנאָנימען פאַבריקאַנט, וואָס פאַר־מאָגט ניט קיין שום אייגענע מאַשינען און וואָס איז מיט גאָרניט צוגעבונדן צו דער פאַבריקאַציע, אַזוי אַז ביים קלענסטן קריזיס אין דער אינדוסטריע טרעט ער פון אים אַרויס און גייט אַריין אין אַנדערע אונטערנעמונגען. אויך פאַר די גרויסע פאַבריקאַנטן איז דער סיסטעם מיט לוינקעטניקעס זייער באַקוועם, ווייל זיי קענען פאַרגרעסערן אָדער פאַרקלענערן זייער פּראָדוקציע, ניט אָראָפּנידע־ריקנדיק דעם מעמד פון זייערע אייגענע פאַבריקן. דעריבער שפּילט דער „לוין־פאַבריקאַט״ אַ גרויסע ראָלע אין ביאַליסטאָק. עס זיינען פאַראַן לוין־שטולן ביי זיי טאָפּלט ווי ביי די פאַבריקאַנטן, אַפּרעטורן געפינען זיך נאָר פינף ביי די פאַבריקאַנטן, און די איבעריקע זיינען לוין־אַפּרעטורן, וואָס געפינען זיך אין שטאָט און אין דער גאַנצער אומגעגנט: וואַשליקאָווע, האָראָדאָק, פּיסטשאַניקי, סופּראַסלע, ניעזבודקע־מיכאַלאָווע. אָבער שפּינערייען, וואָס זיינען דער יסוד פון דער פאַבריקאַציע (און אויך איז דאָ שווער צו קאָנטראָלירן דעם ריכטיקן אויסגאַב פון רויען פּראָדוקט ביז גאָרן) זיינען שוין פאַראַן 60% ביים פאַבריקאַנט. היינטיקן

טאָג איז פֿאַראַן אין ביאַליסטאָק און איר נאָענטער פּראָווינץ 22 לוינשפּינערס און 12 לוינאַפּרעטורן.

ניט געקוקט אויף אַ סך שוואַכע זייטן אין דער ביאַליסטאָקער פֿאַבריקאַציע און אויף פֿאַרשיידענע מניעות און שטערונגען, איז דאָך די ביאַליסטאָקער יידישע טעקסטיל־אינדוסטריע ארויס אַ זיגערין פון די שווערע יאָרן און זי אַנטוויקלט זיך ווידער מיט ענערגיע און וויטאַלטעט.

מע זוכט און מע געפינט אַלץ נייע אָפּזאַץ־מערק. די ביאַליסטאָקער יידישע טעקסטיל־פֿאַבריקאַציע האָט גוטע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט. [דאָס איז געשריבן אין 1936. — די רעד.]

## ח. דער יידישער לוינקעטניק נאָך דער מלחמה

אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמען אין ביאַליסטאָק די לוין־וועבערס, וואָס געפינען זיך אין אַ טאָפּלטער צאָל ווי פֿאַבריק־וועבערס; דאָס זיינען האַנטווערקער־יידן, וואָס האָבן אייגענע שטולן און אַרבעטן אויף זיי צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמיליעס און געדונגענע אַרבעטער, וואָס באַקומען אַ קלענערן אַרבעטס־לוין ווי אין די פֿאַבריקן. זיי שטעלן פֿאַר אַ קאָנקורענץ פֿאַר די פֿאַבריק־וועבערס, און עס אַנט־שטייען צווישן זיי נאָך היינט סכסוכים, וואָס געווייינטלעך ענדיקן זיי זיך אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן.

ווען די טעקסטיל־פֿאַבריקאַציע לעבט דורך שווערע צייטן, איז דעם לוינ־קעטניק באַזונדער שווער. ניט אַלע מאָל איז אים גוט, ווען עס איז גוט דעם פֿאַבריקאַנט.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן די לוינקעטניקעס געהונגערט. אַ גרוי־סער טייל פון זיי האָט ניט געקענט אויסהאַלטן. דער מצב בעסערט זיך באַלד נאָך דער מלחמה אין די ערשטע יאָרן, בשעת ביאַליסטאָקער פֿאַבריקאַציע האָט זיך געפונען אין אַ גוטן צושטאַנד. אמת, עס איז געווען אַ קורצער קריזיס בשעת דער אינוואַזיע פון די באָלשעוויקעס. אָבער נאָך זייער אָפּטרעטן קומט ווידער אַן אויפלעבונג, וואָס בלייבט ביז גראַבסקין.

צוגלייך מיט דער פֿאַבריקאַציע האָט זיך געבעסערט ממילא אויך דער צושטאַנד פון די לוין־וועבערס. אָבער אין יאָר 1925 הייבן אָן די לוינקעטניקעס צו פירן צווישן זיך אַליין אַ קאָנקורענץ־קאַמף, וואָס גראָבט אונטער זייער עק־סיסטענץ־מעגלעכקייט, ביז עס איז ביי זיי געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1926 אַ שטאַרק דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציע.

צווישן די ערשטע דערגרייכונגען פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען צו פֿאַררעכענען דעם ראַבאַט פון עלעקטרישער קראַפֿט אין דער הייך פון 25%, די נאָרמירונג פון דער אַרבעטצייט, די פעסטשטעלונג פון אַן אַלגעמיינעם פּרייז, דעם פֿאַנד פֿאַר זעלבסטהילף (מע צאָלט אויס אַרבעטלאָזע מיטגלידער 40—50 טויזנט גילדן אַ יאָר), די קעגנזייטיקע פֿאַרזיכערונג. חוץ דעם האַלטן זיך אַלע

לוינקעטניקעס סאָלידאַר אין פאַל, ווען אַ פאַבריקאַנט צאָלט ניט אָפּ זייערן אַ מיטגליד פאַר דער קעטע, און דערפאַר פאַרהאַלטן זיי זיינע שטיקער. צולעצט דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן אַזאַ רעפאָרם, דהיינו: דאָס איינקאַסירן דאָס געלט פאַרן וועבן דורך אינקאַסענטן. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז די לוינען זיינען באמת איינהייטלעכע און זיכערע [13].

די שטים פון לוינקעטניקעס גיט אָן אַזעלכע דאַטעס פאַרן יאָר 1936:

אין דעם יאָר זיינען געווען רעגיסטרירט אין ביאַליסטאָק קרוב 400 לוינ־קעטניקעס מיט אַ צאָל פון 628 מעכאַנישע וועבשטולן, אין וואַשליקאָווע 73 שטולן, אין מיכאַלאָווע 170 שטולן, אין האַראַדאָק 92 וועבשטולן. די אַלגעמיינע צאָל וועבשטולן ביי לוינקעטניקעס פאַר ביאַליסטאָק און פּראָווינץ איז אַזוי אַרום 963 [14].

אויף יעדן וועבשטול אַרבעט איין פּערזאָן. דער חשבון גייט ווייטער לויט דעם זעלביקן מקור: קליינע פאַבריקאַנטן פאַרמאָגן 180 שטולן, קאָנצענטרירטע פאַבריקן און קאָאָפּעראַטיוון 200 שטולן, חוץ דעם „געפינען זיך איבערן שטאָט" 325 שטולן — סך הכל 705 וועבשטולן. צווישן די אייגנטימער פון די וועבשטולן זיינען פאַראַן נאָר 3 קריסטן; חוצדעם אַרבעטן קריסטן אויף 34 געדונגענע וועבשטולן, סך־הכל ביי 37 צווישן 705. — ביז אַט וואָסער מאָס דאָס איז אַ יידישע מלאכה.

---

13. פסח מעלניצקי, „די אַנשטייאונג פון לוין־וועבער־פאַך אין ביאַליסטאָק", ביאַ־ליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, זז' 265—268.

14. [אַן ערך די זעלביקע צאָל — 974 — ווערט אָנגעגעבן לויט אַן אַנדער מקור — זען פריער, ביים חשבון וואָס ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע פאַרמאָגט אין 1936. — רעד'].

### קאַפּיטל צוועלף

## יידישע דערציאונגס-אַנשטאַלטן זינט דער אָקופּאַציע

### א. דאָס אַלגעמיינע בילד בעת דער אָקופּאַציע

מיטן אָפּטרעטן פון די רוסן זיינען ממילא געשלאָסן געוואָרן אַלע רוסישע פאָלקשולן, גימנאַזיעס, מיטלשולן. זייערע לערערס, רוסישע און יידישע, זיינען מיט זיי אויך אָפּגעפאָרן. עס זיינען געבליבן נאָר די חדרים מתוקנים ווי: באַיאַרסקי, פּאַבעלינסקי, גוטמאַן, ליבערמאַן, זאַקהיים — פאַר יינגלעך, און באָגדאַנאָווסקי, פיינזילבער — פאַר מיידלעך. עס זיינען אויך פאַרבליבן חדרים פון פּאַרצייטיקע מלמדים אין אַ קליינער צאָל.

דער גרעסטער טייל יידישע קינדער זיינען געבליבן אָן שולן, אָבער די דייטשע מאַכט האָט באַלד געזאָרגט דערפאַר און האָט פאַרשפּרייט אין שטאָט אַ נעץ פון אירע דייטשע צוואַנגשולן צו לערנען מיט אַלע קינדער די דייטשע שפּראַך און די פאָלקשול־לימודים. עס האָבן געלערנט אין די דאָזיקע צוואַנגשולן איבער 2,000 קינדער, יינגלעך און מיידלעך. גלייכצייטיק האָט דער אינספּעק־טאָר איבערגעגעבן דעם סעקרעטאַר פון ועד הקהל, ער זאָל באַזאָרגן די נייטיקע צאָל העברעאישע לערערס פאַר אַלע שולן צו לערנען העברעאיש, חומש און תנך.

עס איז מערקווירדיק: דער דייטש האָט דעמאָלט אויסגעפונען, אַז כאָטש פאַר דער מלחמה זיינען געווען אַזוי פיל יידישע שולן און חדרים אין ביאַ־ליסטאָק, געפינען זיך ביי יידן אַ צאָל קינדער־אַנאַלפאַבעטן, און ער האָט באַ־שטימט פאַר זיי אַ באַזונדערע שול [1]. עס קען זיין, אַז מען וואָלט עס היינט [1936] אויך געפונען אין ביאַליסטאָק.

אין אַלע חדרים און חדרים מתוקנים זיינען איינגעפירט געוואָרן די לימודים פון דער דייטשער פאָלקשול, נאָר עס איז דערלויבט געוואָרן, אַז עטלעכע קלענערע חדרים מעגן זיך פאַראייניקן צוזאַמען. אַלע, אפילו די פאַרוואָרפנסטע חדרים, זיינען געשטאַנען אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון דייטשן אינספּעקטאָר. מערערע מאָל האָט דער ועד הקהל באַקומען פון אים מעלדונגען, אַז די און די חדרים וועלן געשלאָסן ווערן, אויב זיי וועלן ניט דערפילן זיינע פאַראָרדע־נונגען. לערערס פאַר די אַלע שולן זיינען גענומען געוואָרן אויך פון דער יידי־שער יוגנט, וואָס האָבן געענדיקט שולן.

---

1. אין וואַרשע זאָל זיך האָבן געפונען 40%—50 אַנאַלפאַבעטן צווישן דער יונגער אַרבעטער־יוגנט נאָך דער מלחמה (זען שול און לעבן, נומ׳ 15, וואַרשע, 22טן דעצעמבער 1922). ביי אונדז אין ביאַליסטאָק איז דאָס פאַרהיט געוואָרן.

## ב. אויסבעסערונג און מאָדערניזירונג פון דער תלמוד־תורה

קיין ביטול תורה האָט די מלחמה אין דער תלמוד־תורה ניט געבראַכט. דער ועד הקהל האָט געצאָלט די מלמדים פון זיין קאַסע אַ מינימום פענסיע, צו 6 מאַרק אַ וואָך. אירע איבעריקע הצטרכותן זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון פריוואַטע נדבות, אַזוי ווי פון די 3,600 רובל, אַן עזבון פאַר ת״ת פון ישראל טרילינג (געשטאָרבן ב׳ אדר תרע״ד), און פון די איבעריקע עזבונות, דערהויפּט פון די אונטערשטיצונגען פון דעם נדבן משה גאָטליב.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געשטיצט די ת״ת־קיך מיט פּראָדוקטן. אין דער פּראָגראַם פון אירע לערן־לימודים האָט זיך די אָקופּאַציע־מאַכט ניט אַריינגעמישט. זי האָט זיך נאָר געמישט אין איר היגיענישן צושטאַנד, זי האָט צום ביישפּיל געדראָט צום שליסן די ת״ת איבערן שלעכטן צושטאַנד פון די בתי־כסאות.

ווי דער סעקרעטאַר פון ועד הקהל, האָב איך אונטערגענומען זיך אויס־צונוצן די געלעגנהייט און אריינצופירן אין דער ת״ת וועלטלעכע לימודים, די לימודים פון אַ נאָרמאַלער פאָלקשול.

עטלעכע פון פּרעזידיום מיטן פאָרזיצער האָבן מיט מיר מסכים געווען, אָבער איינשטעלן זיך אָפן האָבן זיי ניט געוואָלט, כדי ניט אַרויסצורופן אַ מחלוקה מיט די פרומע קנאים. ווען איך האָב מיין פּלאַן וועגן דער תלמוד־תורה פאָרגעלייגט אויף אַ זיצונג פון ועד הקהל, האָבן זיך די מיטגלידער מיר אַנט־קעגנגעשטעלט. איינער האָט געזאָגט, אַז ער וועט ניט צולאָזן בדלות שטעלן דעם ועד הקהל מיט אַן איבעריקער הוצאה פון 40 טויזנט מאַרק יערלעך. אַ ייד אַ למדן האָט מיך געפרעגט: „וואו שטייט עס אין תורת משה, אַז מען דאַרף לערנען יידישע קינדער שרייבן און שול־לימודים?" הכלל, מען האָט מיין פּראָיעקט אָפּגעשלאָגן.

איך האָב זיך דעמאָלט מיישב געווען מיטן יידישן באַאַמטן פון דער שול־אָפּטיילונג דאָקטאָר ווילהעלם לעווי, וואָס איז געווען אַן אָרטאָדאָקסישער בער־לינער ראַבינער און פירער פון דער בערלינער אָרטאָדאָקסישער ת״ת. ער איז געווען אַ פיינער, פרומער, וואַרעמער ייד, אַ בן־תורה און אַ מזרחי. ער איז גע־ווען אויסער זיך, הערנדיק פון מיר, אַז פרומע יידן לאָזן ניט אַריינפירן אין דער ת״ת וועלטלעכע לימודים. עס איז געבליבן ביי אונדז, אַז ער זאָל קומען אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון ועד הקהל און ער זאָל האַלטן פאַר זיי אַ דרשה, באַווייזנדיק די וויכטיקייט פון וועלטלעכע לימודים אין אַ ת״ת, און ער זאָל מודיע זיין קאַטעגאָריש, אַז אויב זיי וועלן ניט איינשטימען אַריינצופירן אין דער ת״ת די וועלטלעכע לימודים מיט דער דייטשער שפּראַך, וועט די דייטשע מאַכט שליסן די ת״ת. ער האָט ריכטיק אויסגעפירט, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. דער־הערנדיק פון אַ דייטשן אוניפאָרמירטן באַאַמטן, אַז עס איז אַ גזרת המלכות — און מען האָט גוט געוואוסט די שטרענגקייט פון די דייטשע באַפעלן, — האָבן

אַלע תּיכף איינגעשטימט. די שול־אינספּעקציע איז געווען דערפון צופרידן און זי האָט תּיכף נאָך פּסח תּרע״ז (1917) אַריינגעשיקט אין דער ת״ת 12 טיכ־טיקע דייטשע פאָלקסלערערס מיט די נייטיקע שולביכער און שרייב־מאַטעריאַלן (אַלץ אומזיסט). און ביז דער דייטש איז אָפּגעטרעטן פון ביאַליסטאָק, האָט מען געלערנט מיט די קינדער פון ת״ת 3 שעה אין טאָג די דייטשע שפּראַך, רעכענען, גימנאַסטיק און זינגען, און 5 שעה לימודי קודש אָן קאָנטראָל.

די ת״ת איז אָפּגעפרישט געוואָרן און האָט אויפגעלעבט און איז געקומען צו איר ריכטיקן תּיקון, ווייל עס איז גלייכצייטיק איינגעפירט געוואָרן אין איר דאָס לערנען העברעאיש און תּנך דורך מאָדערנע לערערס. שפּעטער איז עס נאָך פאַרברייטערט געוואָרן.

אַז ביאַליסטאָק איז אַריבער צו די פּאָליאַקן, איז ממילא פאַרביטן געוואָרן די דייטשע לערנשפּראַך אויף דער פּוילישער לערנשפּראַך, מיט פּוילישע יידישע פאָלקסלערערס, און איז געוואָרן אַ מוסטער־ת״ת, וואָס פאַראייניקט די רעליגיע־זע מיט די וועלטלעכע לימודים, און אין איר לערנען היינט קינדער פון די פּרימסטע און פאַנאַטישסטע פאַמיליעס.

די ת״ת געפינט זיך אין די זעלביקע בנינים אויף די ברייטע פּיאַסקעס (פּיענקנע, נומער 11). אָט די בנינים זיינען לכתחילה ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ פאָלקשול אין מאָדערנעם זינען. אין די לעצטע שלעכטע צייטן זיינען די גע־ביידעס נאָך מער אָפּגעלאָזן געוואָרן; דער בנין פון דער ישיבה האָט געהאַלטן ביים איינפאַלן. האָט זיך אָפּגערופן אַ ביאַליסטאָקער יידישער פאַבריקאַנט איסר שפּירא, וואָס האָט אויף זיין רעמאָנט מנדב געווען אַ סומע פון אַן ערך 11,000 זלאָטעס און האָט אים צוריק אויפגעשטעלט (תּרפ״ט).

די צאָל תּלמידים אין דער ת״ת איז 600, אין דער ישיבה — 100, אָבער אין איר איז נאָר אַ דריטל ביאַליסטאָקער. מלמדים און העברעאישע לערערס זיינען פאַראַן — 11, ראשי ישיבות — 3, לערערס פאַר פּויליש און וועלטלעכע לימודים — 6.

די פּראָגראַם איז אַזאַ:

אין 1טן קלאַס לערנט מען: לייענען, שרייבן, ברכות, העברעאיש, פּויליש, חשבון. אין אַ פּאַראַלעלן ערשטן קלאַס, מיט תּלמידים וואָס קומען אָן מיט אַ ביסל קענען לייענען: ברכות, דאַווענען, לייענען אין סידור, העברעאיש, שיין שרייבן, אָנפאַנג חומש, פּויליש, חשבון אין פּויליש.

אין 2טן קלאַס לערנט מען: דאַווענען, לייענען. חומש פּ׳ בראשית ביז וישלח, העברעאיש לויטן ספר „גני״, ערשטער טייל, שרייבן, נטיות פון שמות און פּעלים, פּויליש, חשבון; אין צווייטן קלאַס פאַר די מער פאָרגעשריטענע לערנט מען: לייענען, דאַווענען, ברכות, בראשית פון וישלח ביז סוף חומש בראשית, העברעאיש, שרייבן, דקדוק, פּויליש, חשבון.

אין 3טן קלאַס לערנט מען: תּפילה און איר פּירוש; פון חומש — שמות, פון נביאים ראשונים — יהושע, העברעאיש, שרייבן, פּויליש, חשבון, געאָמעטריע, נאַטור־וויסן, פּויליש־שע געאָגראַפיע, געשיכטע. פאַר די פאָרגעשריטענע איז פאַראַן אַזאַ פּראָגראַם: תּפילה און איר פּירוש, במדבר מיט אָנפאַנג רש״י, שופטים, שמואל א; העברעאיש, שרייבן, פּויליש, חשבון, געאָמעטריע, נאַטור־לימודים, פּוילישע געאָגראַפיע, געשיכטע.

אין 4טן קלאַס לערנט מען: תפילה און פרקי אָבות, דברים מיט רש״י, העברעאיש, פויליש, חשבון, געאָמעטריע, לימודי הטבע, געאָגראַפיע פון פוילן, געשיכטע. פאַר די פאַר־געשריטענע: תפילה און פרקי אָבות, דברים, ויקרא מיט רשי, מלכים א׳ און ב׳, משנה בבא קמא, קצור שולחן ערוך; פויליש, העברעאיש, די נגינה פון טראָפּ, חשבון, געאָמעטריע, לימודים פון נאַטור, פוילישע געאָגראַפיע, געשיכטע.

אין 5טן קלאַס לערנט מען: די וואָך־סדרה מיט רשי, ישעיה, ירמיהו, משנה בבא מציעא; העברעאיש, נגינת הטראָפּ, קצור שולחן ערוך; פויליש, פוילישע געאָגראַפיע, אַלגעמיינע געאָגראַפיע, אַלגעמיינע געשיכטע, פוילישע געשיכטע, יידישע געשיכטע.

אין 6טן קלאַס לערנט מען: תורה, די וואָך־סדרה מיט רשי, יחזקאל, תרי עשר, אָנפאַנג גמרא (אַ פּופצן דפים אַ זמן), העברעאישע שפּראַך, קצור שולחן ערוך; פויליש, חשבון און געאָמעטריע, אַלגעמיינע געאָגראַפיע, פוילישע געאָגראַפיע, אַלגעמיינע געשיכטע, פוילישע געשיכטע, יידישע געשיכטע.

אין דער ישיבה לערנט מען אין מחלקה א: גמרא מיט פירוש רשי און מיט תוספות 5 שעה; העברעאיש, תהילים, פויליש, חשבון, נאַטור־לימודים, געשיכטע, געאָגראַפיע און די איבעריקע פּראָגראַם פון פאָלקשול. אין מחלקה ב: גמרא מיט רשי און תוספות; אַלע אַלגעמיינע לימודים, פויליש, העברעאיש; משלי, איוב. אין מחלקה ג: גמרא מיט פירוש רשי, תוספות און מפרשים, אַלגעמיינע לימודים לויט דער פּראָגראַם פון פאָלקשולן. אין מחלקה ד לערנט מען: גמרא מיט מפרשים; די אַלגעמיינע לימודים.

באַזוכנדיק די ת״ת און ישיבה און קאָנטראָלירנדיק די לימודים, האָב איך זיי געפונען אין אַ באַפרידיקנדיקן מצב.

דער בודזשעט פון דער ת״ת און ישיבה פאַרן יאָר פון 1טן יאַנואַר ביזן 31טן דעצעמבער 1932 (תרצ״ב—תרצ״ג) איז געווען אַזאַ:

די הכנסה: פון שכר־למוד 8,143.80 זלאָטעס; פון קינדער־אויפנאַמע 1,182.62; תעודות פאַר תלמידים 166.50 זל׳, פון מאַגיסטראַט 10,905.32 זל׳; פון ת״ת־פּושקעס 5,358.71 זל׳; פון חודש־איינצאָלונגען 3,286.47 זל׳; פון בתי־מדרשים און בתי־תפילה 9,247.59 זל׳; פון ועד הקהל 1,000 זל׳; פון פאַרשיידענע זאַמלונגען און פּריוואַטע נדבות 3,722.86 זל׳; פון שחיטת עופות 1,720.87 זל׳; פון דירה־געלט און קראַמען 5,340.20 זל׳. די הכנסה האָט באַטראָפן סך־הכל 64,906.24 זלאָטעס. איז געבליבן אַ דעפיציט אויף 16,337.65 זלאָטעס.

די הוצאה: שכירות פאַר מלמדים לערער־פּערסאָנאַל — 53,266 זלאָטעס; מעדיצינישע הילף — 1,599; עלעקטרע, האָלץ, קוילן, וואַסער, אַסעקוראַנץ — 1,823.43 זל׳; הוצאות אינקאַסענט — 1,736 זל׳; רעמאָנטן 559.61, פאַרשיידענע הוצאות 79, 1,231 זל׳, צינזן — 1,337.30, בסך הכל — 81,243.89 זלאָטעס[2]. דער דעפיציט פון 1/1 1932 איז 18,926.33 זלאָטעס.

ווי מיר זעען, קומט אַריין מער ווי 10% פון דער הכנסה — 9,492.32 זלאָ־טעס — פון פּריוואַטע נדבות; פון פּושקעס, חודש־איינצאָלונגען און זאַמלונגען פון די בתי־מדרשים און בתי־תפילה קומט אַריין מער ווי אַ פערטל הכנסה — 21,616.63 זל׳. דער מאַגיסטראַט, וואָס האָט געדאַרפט אויסהאַלטן די תלמוד־תורה ווי ער האַלט אויס אַלע איבעריקע פאָלקשולן, גיט סך־הכל עפּעס מער ווי

2. [די חשבונות שטימען ניט, אַפנים אַז די ציפערן זיינען דורכן קאָפּיסט פון מאַנו־סקריפּט פאַרדרייט געוואָרן. פון דער הכנסה איז משמעות ארויסגעפאַלן אַ פּאָר פונקטן. רעד.]

10%, און דער ועד הקהל, וואָס האָט געדאַרפט ווי אַ רעליגיעזע געמיינדע דעקן די אַלע הוצאות אויף רעליגיעזע לימודים — גיט כמעט גאָרניט (1,000 זל׳). שטייט אויף אַזאַ אופן די גאַנצע ת״ת אויף הינערשע פיסלעך. איז טאָקע די ת״ת און ישיבה שולדיק ביי היינטיקן טאָג אַ האַלב יאָר שכירות פאַר די מלמדים און לערערס.

## ג. די העברעאישע פאָלקשולן

### דער „בית ספר עברי ראשון״

די ערשטע העברעאישע שול איז געגרינדעט געוואָרן כ״ד כסלו תרע״ט (דעם 20טן יאַנואַר 1919). פאַר אַ מנהל איז איינגעלאַדן געוואָרן משה לעווין, דער מנהל פון גאַניאָנדזער העברעאישער שול. די שול האָט באַלד פון אָנהייב געהאַט איבער 300 תלמידים און תלמידות. דער מנהל האָט נאָך די ערשטע 3 חדשים אָנהייב 1919 די שול פאַרברייטערט, פאַראייניקנדיק זי מיט דער דעמאָלט געגרינדעטער „תחכמוני״־שול, וואָס האָט זיך געפונען אויפן אונטערשטן שטאָק (און די ערשטע העברעאישע שול איז געווען אויפן 2טן שטאָק). פון אַ זעקס־יאָריקע פאָלקשול איז די שול געוואָרן אַ 16 זמנימדיקע, אַכט־יאָריקע פאָלקשול. דאָס רוב קינדער זיינען געווען פון די אָרעמע שיכטן.

אָבער דעם 28טן יולי 1920 איז אָנגעקומען די באָלשעוויסטישע מאַכט. די באָלשעוויקעס האָבן געפאָדערט, מען זאָל זיי איבערגעבן די שליסלען פון דער שול, וואָס מען האָט געמוזט תיכף דערפילן. אין אַ חודש אַרום דעם (22טן אויגוסט 1920), אַז זיי זיינען אָפּגעטראָטן, איז דער לאָקאַל פון די „לומדי ש״ס״ דערווייל פאַרנומען געוואָרן דורך די „תחכמוני״־שולן, און גלייכצייטיק האָט געפעלט אַ גרויסער טייל פון די לערן־מכשירים. אָבער אַדאַנק דער השתדלות פון די ציוניסטישע פּרנסים פון דעם נייעם ועד הקהל, האָט דער לעצטער איבערגעגעבן אין רשות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (י״ב תשרי תרפ״א) אַ טייל פון דער האַנטווערקער־שול. מען האָט דעם לאָקאַל איבערגעגעבן צייטווייליק, כל זמן ער פוסטעוועט. אָבער אַזוי ווי די צאָל צימערן זיינען געווען צו ווייניק (אין די איבעריקע טיילן האָבן זיך אַריינגעקליבן די העכערע קלאַסן פון דער פרומער ת״ת און אויך פון די יידישיסטישע שולן), האָט מען געמוזט לערנען אין צוויי אָפּבייטן.

צו יענער צייט האָט זיך געהאַלטן ביים פאַרמאַכן די גנעסין־שול, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה וועגן איבערנעמען די ירושה־דירה פון דער געוועזענער האַנטווערקער־שול — צווישן די ווייטערדיקע צדדים: פון דער פרומער ת״ת, דער בונד און די צעירי־ציון. די מלחמה האָט געדויערט דעם גאַנצן זומער 1921 און האָט זיך לסוף פאַרענדיקט מיט אַ נצחון פון די צעירי־ציון, און צום שוליאָר 22—1921 איז שוין די שול אַריבער צו זיי אין דעם נייעם לאָקאַל פון וויסאָצקיס ת״ת, פילסודסקי 41, אונטער דער פאַרוואַלטונג פון צעירי־ציון.

אַזאַ מצב האָט געדויערט דריי יאָר בערך. במשך פון דער צייט האָט די פאַר־וואַלטונג פאַרלאָזן די שול אַזוי, אַז פאַקטיש איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו.

ערשט אין נאָוועמבער 1926 האָט דער ועד פון „תרבות", וואָס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן, איבערגענומען די שול, לויט דער איניציאַטיוו פון משה לעווין. פון דעמאָלט אָן שטייט די שול אין רשות פון „תרבות".

די שול געפינט זיך אויף פּילסודסקי גאַס 41 אין גרויסן קהילה־בנין פון געוועזענער וויסאָצקיס ת"ת ביי דער האַנטווערקער־שול. עס איז דער שענסטער און באַקוועמסטער בנין אין שטאָט פאַר אַ שול. די שול פאַרמאָגט אַכט קלאַסן פאָלקשול און אַ פּרעבלשול מיטן נאָמען „ילדות". עס לערנען היינט [לערן־יאָר 1933—34] אין דער שול 366 קינדער (צווישן זיי 42 יתומים פון ביידע יתומים־אנשטאַלטן), 147 ייִנגלעך מיט 219 מיידלעך. די שול האָט 12 לערערס. די שול האָט שוין געהאַט 12 אַרויסלאָזן. סך־הכל האָבן געענדיקט 385 קינדער. אַ טייל פון די פאַרענדיקטע לערנען ווייטער אין דער העברעאישער גימנאַזיע, אַ טייל אין דער האַנטווערקער־שול פאַר ייִנגלעך און אין די „אָרט" קורסן פאַר מיידלעך, אין די העברעאישע לערער־סעמינאַרן, עטלעכע אין דער אַגראַר־שול אין ארץ־ישראל.

אַ גרויסער טייל פון די אַביטוריענטן עמיגרירן קיין ארץ־ישראל, נאָך דעם ווי זיי מאַכן דורך די הכשרה אין די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס. לעצטנס האָבן די אַביטוריענטן אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן אַרום דער שול און געגרינדעט אַ קרייז פאַר אַליין־בילדונג און העלפן שאַפן מיטלען צו פאַרברייטערן די שול.

די שול פאַרמאָגט אַ גוט איינגעאָרדנטן זאַל פאַר גימנאַסטיק, אַ קינדער־קאָאָפּעראַטיוו. אַ וויכטיקן אָרט אין דער דערציאונג און אין די לימודים פאַרנעמט ארץ־ישראל, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער פאַרצווייגטער פּראַקטישער אַרבעט פאַרן קרן קימת לישראל.

די קינדער רעקרוטירן זיך פון קרעמער־און אַרבעטער־עלטערן. שכר־לימוד איז פון 6 ביז 12 זלאָטעס אַ חודש. דער בודזשעט פון דער שול ווערט געדעקט פון שכר־לימוד, פון שטיצע מצד דעם מאַגיסטראַט, פון דער קהילה און פון אָרטיקן סניף פון „תרבות".

די שול שטייט אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דער שולמאַכט און פון דעם צענטער פון „תרבות" אין וואַרשע.

די שול האָט אַ קינדער־ביבליאָטעק פון העברעאישע און פּוילישע ביכער, אַ פּעדאַגאָגישע ביבליאָטעק פאַר לערערס, אַ פיזישן קאַבינעט, אַ גרויסן שפּיל־פּלאַץ, אַ גרינסגאָרטן און צוויי סעדער.

די ווייטערדיקע טאַבעלע גיט אַ פאָרשטעלונג וועגן לערנפּלאַן [3].

---

3. [צום באַדויערן האָט מען פון דער סכעמע ניט קיין גענוג קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם לערנפּלאַן. — רעד'].

| | | |
|---|---|---|
| יהדות | 85 | שעה וועכנטלעך |
| מאַטעמאַטיק פיזיק | 59 ״ | ״ |
| פּאַלאַניסטיק | 50 ״ | ״ |
| קונסט | 38 ״ | ״ |
| פיזישע דערציאונג | 12 ״ | ״ |
| פרעמדע שפּראַכן | 6 ״ | ״ |

„בית ספר עברי שני״

די צווייטע העברעאישע שול איז געגרינדעט געוואָרן מרחשוון תרפ״ו (1925) דורך ועד פון „תרבות״, ווייל דער צושטראָם פון תלמידים איז געווען גרויס אין „בית ספר עברי ראשון״ און ער האָט מערניט געקענט אַלעמען אויפנעמען. האָט טאַקע דער „בית ספר עברי שני״ די ערשטע צוויי יאָר זיך גערעכנט אָפיציעל פאַר פּאַראַלעלע קלאַסן צום „בית ספר עברי ראשון״, נאָר שוין זעקס יאָר, ווי ער האָט באַקומען אַ קאָנצעסיע פון אַ באַזונדערער שול.

זיין לערן־פּראָגראַם איז בנוגע העברעאיש ווי אַ „תרבות״־שול און בנוגע אַנדערע לימודים ווי פון אַ פּוילישער „פּאָווסעכנע שול״, — אַזוי ווי דער „בית ספר עברי ראשון״.

זיין ערשטע דירה איז געווען אויף קופּיעצקא גאַס 34. דאָרטן האָט די שול געקענט אויפנעמען נאָר 100 תלמידים. שפּעטער איז דער בית־ספר אַריבערגע־גאַנגען אויף פּאַלנע 13, איז די צאָל תלמידים אין אים פאַרגרעסערט כמעט טאָפּל. די צאָל האָט געקענט דערגרייכן ביז דריי מאָל אַזוי פיל, ווען דער בית־ספר וואָלט באַקומען אַ גרעסערע דירה אין די שולהויף־קוואַרטאַלן. די צאָל קינדער איז היינט, אין לערן־יאָר תרצ״ג—תרצ״ד [1933—34] — 182, 60% יינגלעך און 40% מיידלעך. פון די עלטערן זיינען 70% אַרבעטער.

דער שכר־למוד איז אין „בית־ספר עברי שני״ קלענער ווי אין „בית ספר עברי ראשון״; ער איז פון 4 ביז 12 זלאָטעס אַ חודש. 50 תלמידים לערנען אין גאַנצן אומזיסט.

לערערס זיינען אין אים פאַראַן — שטענדיקע, פולע 5 און ניט־פולע 3. דער מנהל איז יצחק זעלדין.

דער בודזשעט איז 1,000 זלאָטעס אַ חודש. הכנסה פון שכר־למוד קומט נאָר אַ דריטל, דאָס איבעריקע באַקומט די שול פון מאַגיסטראַט און פון „תרבות״, פון דער קהילה און פון אַ פאָנד פון ד״ר לעאָן פינעס (600 זלאָטעס יערלעך). אַזוי ווי דער מאַגיסטראַט צאָלט ניט, איז דער מאַטעריעלער מצב פון דער שול אַ שלעכטער.

## ד. די העברעאישע גימנאַזיע.

די העברעאישע גימנאַזיע איז, לפי דעתי, די קרוין פון אַלע יידישע פאָלק־און מיטל־שולן פון ביאַליסטאָק. די העברעאישע גימנאַזיע האָט געשאַפן דעם לאַנג־געגאַרטן סינטעז אין יידישער דערציאונג. די שול שטרעבט אויפצוהאָדעווען אַ

געבילדעטן, מאָדערנעם מענטשן און אַ עכטן, גאַנצן, באַוואוסטזיניקן, שטאָלצן, איבערצייגטן יידן.

די נייטיקייט צום גרינדן העברעאישע שולן האָט זיך דערוועקט גלייכצייטיק ביי אַלע ציוניסטן און נאַציאָנאַלע יידן אין יענער בין השמשות־צייט, בשעת די רוסישע מאַכט איז אָפּגעטראָטן און אַ צייטווייליקע, פרעמדע, דייטשע מאַכט האָט אָקופּירט ביאַליסטאָק. די ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַ־ליטעטן איז געבליבן אָן איר געוועזענער מלוכהשער פאַראייניקנדיקער שפּראַך. דעמאָלט האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן די נייטיקייט, אַז יידן דאַרפן גרינדן שולן אין זייער אייגענער שפּראַך. די ציוניסטן, וואָס האַלטן אַז העברעאיש איז זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך, האָבן געגרינדעט, אין דער אָקופּאַציע־צייט די ערשטע העברע־אישע נאַכמיטאָג־שול, ווייל די דייטשע מאַכט האָט קיין גאַנצע העברעאישע שול ניט געלאָזט גרינדן. די לינקע פּאַרטייען, וואָס האַלטן, אַז יידיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק, האָבן געגרינדעט יידישע שולן.

איידער די נייע פּוילישע מאַכט האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרשפּרייטן איר נעץ פון פּוילישע שולן אין ביאַליסטאָק, — אין דעם בין־הזמנים, האָבן יידן באַקומען פרייע הענט צו גרינדן שולן אין זייער אייגענער שפּראַך. נאָך דעם ווי די ציוניסטן האָבן פאַרוואַנדלט זייער נאַכמיטאָג־שול אין אַ פולקומע העברעאישע שול און האָבן צו איר געגרינדעט נאָך צוויי פאָלקשולן, האָבן זיי דאָך געמוזט בויען ווײ־טער — די העברעאישע גימנאַזיע. אָבער דאָס האָט ניט געטאָן די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע, נאָר אַ קליינע גרופּע ציוניסטן־יחידים, מיט זייער אייגענער איניציאַ־טיוו, אויף זייער אייגענער אחריות.

בראש פון דער קליינער גרופּע האָט זיך געשטעלט מענדל קאַפּלאַן, זייער אַן ענערגישער מענטש, וואָס האָט געהאַט מערערע זין צו דערציען, און ד״ר מ. קאַצע־נעלענסאָן, אויך אַ פּעאיקער מענטש, צוזאַמען מיט ליפּע פּאַט. זיי האָבן דאָס גע־גרינדעט די העברעאישע קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע (ט״ז מרחשוון תר״פ). סוף 1919, דעם 9טן נאָוועמבער, האָבן זיי אין „בית עם״ געעפנט די גימנאַזיע. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט די פּוילישע מאַכט פאַרווערט צו האַלטן אַ שול אין אַ לאָקאַל פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. האָבן זיי געדונגען די ערשטע דירה אויף סענקעוויטשאַ 74, וואו עס איז פריער געווען אַ ציוניסטישע העברעאישע שול, און אין איר אַריינגע־צויגן דעם 12טן דעצעמבער 1919.

דאָס ערשטע יאָר האָט די גימנאַזיע געהאַט נאָר 79 קינדער. מכינה א׳, ערשטער, צווייטער און דריטער קלאַס. אָבער באַלד נאָך דעם איז דער צושטראָם פון תלמידים אַלע מאָל געוואָרן גרעסער, ביז די גימנאַזיע איז היינט געקומען צו אַ צאָל פון 630 שילער און שילערינס.

אין לערניאָר 1921—22 האָט די פּוילישע מאַכט געגעבן די קאָנצעסיע אויף אַ גימנאַזיע פון אַכט קלאַסן מיט דער העברעאישער לימודים־שפּראַך. די קאָנ־צעסיע איז געווען אויף די נעמען פון ד״ר מ. קאַצענעלסאָן, מענדל קאַפּלאַן, ליפּע פּאַט און ל. כהנא. אַז עס איז שפּעטער געוואָרן אַ דוחק אין געלטמיטלען, האָבן

די ערשטע 2 מיט ד״ר זימאַן, וואָס איז צוגעטראָטן צו דער קאָנצעסיע, אויסגע־ליען דאָס נייטיקע געלט. אַזוי אַרום איז די גימנאַזיע באַפּעסטיקט געוואָרן פינאַנציעל.

שוין אין דריטן לערניאָר איז ענג געוואָרן דער בנין אויף סענקעוויטשאַ 74. האָט מען געדונגען פאַר די העכערע קלאַסן אַ לאָקאַל אויף ברוקאָווע. ערשט אין לערניאָר 1927—1928 איז די גימנאַזיע אַריבער אין נייעם, פּרעכטיקן דריי־שטאָקיקן בנין אויף סענקעוויטשאַ 79, צוגעפּאַסט פאַר אַ מאָדערנעם לערן־אַנשטאַלט, לויט אַלע פאָדערונגען פון דער פּעדאַגאָגיע און היגיענע. דער לאָקאַל פאַרמאָגט 24 גרויסע, זוניקע צימערן, וואו עס געפינען זיך, חוץ די קלאַסן, ספּעציעלע צימערן פאַר די לערערס, דירעקטאָר, שול־דאָקטאָר, לאַבאָראַטאָריע פאַר נאַטור־וויסנשאַפט, פיזיק און כעמיע מיט אַ רייכער אוצר פון די נייסטע מכשירים, קינאָ, ראַדיאָ אאז״וו.

אויפן הויף פון שול געפינען זיך נאָך צוויי בנינים פאַר דער קאַנצעלאַריע און קיך פון קעגנזייטיקער הילף פאַר די שילערס. אָבער איצט איז שוין דער לאָקאַל אויך ענג. עס זיינען פאַראַן קלאַסן, וואו עס לערנען 60 תלמידים. ביי אַ גרעסערן לאָקאַל וואָלטן צוגעקומען אַ סך תלמידים.

די צאָל תלמידים אין דער גימנאַזיע די לעצטע יאָרן איז איבער 600. זיי קומען פון אַלע פאַלקשיכטן, פון זיי זיינען 60% פון סוחרים און הענדלערס, 11% בעל־מלאכות, 13% אָנגעשטעלטע, 10% פרייע פּראָפעסיעס און 6% אומ־באַשטימטע. 62% זיינען יינגלעך און 38% מיידלעך.

דער שכר־למוד איז פון 25 ביז 80 זלאָטעס אַ מאָנאַט, אָבער פאַקטיש באַ־טרעפט דער שכר־למוד אין דורכשניט נאָר 34 זל׳, ווייל 40% תלמידים קריגן הנחות.

דער בודזשעט פון דער גימנאַזיע באַטרעפט אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס אַ יאָר. דער בודזשעט ווערט אין גאַנצן געדעקט פון שכר־למוד. די ביבליאָטעק פון דער גימנאַזיע פאַרמאָגט 6,000 כרכים, דערפון 3,000 העברעאישע, די איבעריקע זיינען פוילישע, דייטשע און ענגלישע. אויך זיינען פאַראַן פיזישע און כעמישע קאַבינעטן, זייער רייך איינגעאָרדנט, אַן אייגענער אָרקעסטער, קינאָ און אַנד׳, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט ביז 150,000 זלאָטעס.

ביי דער שול עקסיסטירט אַ קלוב, וואו די שילערס פאַרברענגען די פרייע צייט אויף שפּילן און פאַרוויילונגען. פון צייט צו צייט גיבן די תלמידים אַרויס אַן אייגענע צייטונג, וואַנטצייטונג וכדומה. אָפט ווערן אין גימנאַזיע איינגעאָרדנט ליטעראַרישע משפטים, דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן מיט דער באַטייליקונג פון 24־קעפּיקן אָרקעסטער, אונטער דער לייטונג פון מוזיק־לערער ה׳ שקאָלניקאָוו.

די לערערס טרעפן זיך מיט די תלמידים, חוץ די למוד־שעהן, ביי פאַרשיי־דענע אַרבעטן אויפן געביט פון אַליין־בילדונג און שילער־קרייזלעך (חוגים) פאַר פאַרשיידענע געביטן פון ליטעראַטור, קונסט, ספּאָרט אאז״וו און אויך פאַר גע־

זעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין די קלאַסן־פאַרוואַלטונגען, פאַר קעגנזייטיקער הילף א״א. אַזוי באַקומען די תלמידים אַ צוגרייטונג אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט.

זיי ווערן דערצויגן פאַר נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער אַרבעט. פאַרן קרן קימת לישראל האָבן די תלמידים געזאַמלט דורך פאַרשיידענע אַקציעס 12,000 זלאָטעס. די שילערס זיינען אויך פאַרטראָטן אין די מלוכהשע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

די פּראָגראַם פון די אַלגעמיינע לימודים איז גענוי די זעלביקע ווי אין די רעגירונג־גימנאַזיעס פון הומאַניסטישן טיפּ. די יידישע למודים פאַרמאָגן זייער אַ רייכע פּראָגראַם. אין שוליאָר 1923—24 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די פּראָגראַם פון גימנאַזיע, באַאַרבעט דורך די לערערס און דעמאָלטדיקן דירעקטאָר ח׳ בראַווער. לויט דער פּראָגראַם באַקומען די שילערס אַ גרונטיקע און אַלזייטיקע בילדונג אויף אַלע געביטן פון דער העברעאישער אַלטער און נייער ליטעראַטור, קולטור און יידישער געשיכטע.

אַכט מאָל האָבן זיך שוין געעפנט די טויערן פון דער העברעאישער גימנאַזיע אויף אַרויסצולאָזן אין דער ברייטער וועלט אירע גראַדואירטע, אין דער צאָל פון 240 ביז היינט [1933—1934]. די גראַדואירטע זיינען צעזייט און צעשפרייט אין א״י און אין אַנדערע לענדער. זיי שטודירן, אַרבעטן ווי חלוצים, ווי לערערס, אַדוואָקאַטן, דערהויפּט אינזשינערן, מעדיצינערס. עטלעכע לערנען אויך ספּעציעל פילאָלאָגיע און יידישע וויסנשאַפט אין בערלינער און וואַרשעווער אינסטיטוט. די גימנאַזיע באַקומט בריוו פון פאַרשיידענע אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן, וואָס רימען די גוטע צוגרייטונג פון דער שול.

דער לערער־פּערסאָנאַל באַשטייט פון 21 קוואַליפיצירטע, פון דעם קוראַטאָריום באַשטעטיקטע לערערס: דירעקטאָר ה׳ ד״ר זעמעל, אַדלער (פּויליש), אַראָנאָוויטש (לאַטיין, נאַטור־געשיכטע), אורינאָווסקי (יודאַאיסטישע למודים), גוטמאַן־גריפעל (קאָנצענטראַציע, מכינה ג׳), גאָלדמאַן (נאַטור־וויסנשאַפט און געאָגראַפיע), גאָלדשטיין (מאַטעמאַטיק), ד״ר דאַטנער (זינגען און גימנאַסטיק), ד״ר העלפּער (דייטש און ענגליש), ד״ר האַראָוויטש (פּויליש), ווילענסקאַ־קאַנטאָר (קאָנצענטראַציע, מכינה א׳), ד״ר וועלגער (געשיכטע), זאַבלודאָווסקי, חזן, חזנאָוויטש (יודאַאיסטישע למודים), יאַקובאָווסקי (צייכענען און האַנטאַרבעט), פּאָלאַטשעק (פּויליש), רובין־סאָלמאָן (קאָנצענטראַציע, מכינה ב׳), ראַקאָוויצקי (מאַטעמאַטיק, פיזיק), שעפער (פּויליש און פּוילישע געשיכטע), שקאָלניקאָוו (מוזיק), ד״ר פינקעלשטיין (שול־דאָקטאָר). עטלעכע לערערס האָבן זיך געביטן נאָך דעם לערניאָר 1933—34.

דער פּעדאַגאָגישער ראַט באַשעפטיקט זיך זייער אַ סך מיט די פאַרשיידנאַרטיקסטע פּראָבלעמען אין דערציאונג. אויף די אָפטע זיצונגען הערט מען אויס רעפעראַטן און מען פירט דיסקוסיעס צו באַהאַנדלען די מאָדערנסטע פאָדערונגען פון פּעדאַגאָגיק און דערציאונג.

די גימנאַזיע איז פּאַקטיש אַ געזעלשאַפטלעכע, כאָטש די קאָנצעסיע איז אויף פּריוואַטע נעמען. די הנהלה אַרבעט שלא על מנת לקבל פרס [4].

אויסער די צוויי לימודים — פּויליש און געשיכטע פון פּוילן — ווערן אַלע אַנדערע לימודים געלערנט אויף העברעאיש. דער עצם פאַקט פון לערנען אַלץ אין העברעאיש איז אַ דערציערישער מיטל פון דער גרעסטער וויכטיקייט. דורך דעם וואָס דער תלמיד באַקומט דעם גאַנצן מאַטעריאַל פון אַל־געמיין־מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער קולטור אויף העברעאיש, ווערט ביי אים געשאַפן דער סינטעז פון דעם יידישן און אַלגעמיינעם עלעמענט אין זיין פּער־זענלעכקייט.

דער תנ״ך איז אַ הויפּט־לימוד אין אַלע קלאַסן. ער ווערט גרינדלעך געלערנט, אָן ביבל־קריטישע באַמערקונגען. ער ווערט ניט געלערנט ווי אַ שפּראַכמיטל, ווי אין דער השכלה־עפּאָכע, נאָר ווי דער אורמקור פון יידישן גייסט, רעליגיע און מאָראַל. דאָס לערנען תנך דערוועקט דעם גרעסטן אינטערעס ביי די תלמידים אין אַלע קלאַסן און איז דער לעבעדיקסטער לימוד.

אויך דער לימוד פון די אגדות ישראל לויטן „ספר האגדה״ פון ביאַליק און ראַווניצקי אין אַלע קלאַסן און לויטן מדרש רבה אין די העכערע קלאַסן, צוזאַמען מיטן לימוד פון די מיטל־עלטערלעכע און די נייע העברעאישע שירים, און מיט בעסערע שאַפונגען פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור — באַ־רייכערן די פאַנטאַזיע פון תלמיד און לייגן אויף איר אַרויף דעם יידישן נאַציאָ־נאַלן שטעמפּל. דער לימוד משנה און תלמוד גיט דעם יידישן תלמיד די העכערע יידישע רעליגיעזע און יורידישע באַגריפן.

## ה. די תחכמוני־פאָלקשול

די געוועזענע גרינדערס פון די חדרים פון לומדי ש״ס האָבן באַנייט אין 1919 יאָר, באַלד נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער פּוילישער מלוכה, זייער דער־ציערישע טעטיקייט, וואָס איז געווען אָפּגעשטעלט אויף דער גאַנצער אָקו־פּאַציע־צייט. זייער לאָקאַל אויף שלאַכטעצקע 3 האָבן זיי אָפּגעגעבן פאַר דער ציוניסטישער און צעירי־ציוניסטישער דערציערישער אַרבעט.

אין דער שפּיץ פון זייער באַנייטער טעטיקייט האָט זיך ווידער געשטעלט דער זייער ענערגישער אידעאַליסטישער ליפּע פּאָט. ער האָט באַנייט דעם חדר פון לומדי ש״ס. דערנאָך איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך ליפּע פּאָט אין אַ העברעאישער קאָעדוקאַציע־שול אונטערן נאָמען „תחכמוני״.

דער נאָמען איז שוין געווען אַ פּראָגראַם פאַר זיך. אין ארץ־ישראל האָבן שוין פון לענגער עקסיסטירט מזרחי־שולן מיטן דאָזיקן תנכישן נאָמען. אָט די מזרחי־שולן האָבן שוין געהאַט אַן אויסגעקריסטאַליזירטן און פּרעציזן כאַ־

4. זען ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, זז׳ 197—200 ; ביאַליסטאָקער יאָרבוך, 1932—33, זז׳ 53—54

ראַקטער. זיי האָבן עס טאַקע געדינט ווי אַ מוסטער פאַר ליפע פאָט און זיינע חברים, וואָס זיינען געווען מיטבאַטייליקט אין דעם דאָזיקן ווערק. ביאַליסטאָקער „תחכמוני" טראָגט אַ בולטן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. עס ווערן אין אים אַריינגעפירט אַ היפשע מאָס רעליגיעזע לימודים און אַלגעמיינע לימודים, לויט דער פּראָגראַם פון אַ פאַלקשול.

דער „תחכמוני" איז געווען אַ נאַטירלעכער און דירעקטער עטאַפּ פון פריער־דיקע לומדי ש"ס־חדרים.

פון אָנהייב האָט זיך די דאָזיקע שול „תחכמוני נמוך" געמוזט פאַראייניקן אין איר אייגענעם לאָקאַל מיט דעם בית ספר עברי ראשון, וואָס האָט דאָ געהאָט זיין לאָקאַל פון פריער. עס זיינען אָבער אַרויסגעקומען רייבונגען, ביז מען איז דורכגעקומען, אַז דער בית־ספרי עברי ראשון איז געווען אין דעם אייבערשטן, צווייטן שטאָק און די שול „תחכמוני נמוך" אין אונטערשטן שטאָק. משה לעווין איז געווען דער מנהל פון ביידע שולן. אָבער נאָך דער באַלשעוויסטישער אָקופּאַציע האָט שוין די חברה „תחכמוני" פאַרנומען דעם גאַנצן לאָקאַל.

תנך לערנט מען פון ערשטן קלאַס אָן, אין אַלע קלאַסן צו דריי שעה. תלמוד און משנה לערנט מען אָנהייבנדיק פון פערטן קלאַס; אין פערטן און אין זיבעטן לערנט מען צו פיר שעה און אין פינפטן און אין זעקסטן צו דריי שעה. העברע־איש ווערט געלערנט, פאַרשטייט זיך, פון ערשטן קלאַס אָן; אין די ערשטע צוויי קלאַסן לערנט מען אַכט שעה אַ וואָך; אין דריטן קלאַס זעקס שעה אַ וואָך; אין פערטן, פינפטן און זעקסטן — פינף שעה אַ וואָך און אין לעצטן קלאַס פיר שעה אַ וואָך. יידישע געשיכטע ווערט געלערנט, אָנהייבנדיק פון פערטן קלאַס אָן; אין פערטן קלאַס איז נאָר איין מאָל אַ וואָך און די עלטערע דריי קלאַסן צו דריי מאָל אַ וואָך.

פויליש ווערט געלערנט אין אַלע קלאַסן. אין די אונטערשטע צוויי — זיבן מאָל אַ וואָך. אין דריטן קלאַס — זעקס מאָל אַ וואָך; אין פערטן, פינפטן און זעקסטן — פינף מאָל אַ וואָך; און אין לעצטן קלאַס — פיר מאָל אַ וואָך. פוי־לישע געשיכטע לערנט מען אָנהייבנדיק פון דריטן קלאַס און פאַרענדיקנדיק מיטן זעקסטן צו צוויי מאָל אַ וואָך.

רעכענען ווערט געלערנט אין אַלע קלאַסן צו פיר מאָל אַ וואָך. נאַטור־וויסן לערנט מען אָנהייבנדיק פון דריטן קלאַס צו צוויי מאָל אַ וואָך; נאָר אין פינפטן און זעקסטן קלאַס איז עס דריי מאָל אַ וואָך. די זעלביקע צאָל שעהן ווערט אויך אין די אַלע קלאַסן אָפּגעגעבן פאַר געאָגראַפיע. פיזיק לערנט מען אין די לעצטע צוויי קלאַסן; אין זעקסטן — דריי מאָל, אין זיבעטן — פיר מאָל אַ וואָך.

אין די לעצטע צוויי קלאַסן לערנט מען אויך דייטש צו דריי מאָל אַ וואָך. צייכענען לערנט מען אין אַלע קלאַסן, חוץ דעם לעצטן; דאָס ווערט געלערנט צוויי מאָל אַ וואָך. אַרבעט ווערט געלערנט איין שעה אַ וואָך, דערביי ווערן די קינדער איינגעטיילט באַזונדער אין מיידלעך און יינגלעך, אָנהייבנדיק פון דריטן קלאַס. גימנאַסטיק איז אין אַלע קלאַסן צו צוויי שעה אַ וואָך. אין די יינגערע

פיר קלאַסן ווערט אויך געלערנט געזאַנג איין מאָל אַ וואָך, נאָר אין צווייטן קלאַס איז עס צוויי מאָל אַ וואָך.

חוץ די זיבן קלאַסן איז פאַראַן אַ מכינה וואו מען לערנט דרייסיק שעה אַ וואָך. אין מכינה איז דאָס גאַנצע לערנען אין די הענט פון איין לערערין און עס איז נישטאָ קיין באַזונדערע איינטיילונג פון דער צייט לויט לימודים. די הויפּט־צייט גייט אַוועק אויף לערנען העברעאיש.

אין דער פאָלקשול „תחכמוני" זיינען אין דעם לערניאָר 1933—1934 געווען 258 קינדער, צווישן זיי 90 מיידלעך.

דער בודזשעט פון דעם יאָר איז געווען 35,000 זלאָטעס. הן פון מאַגיסטראַט, הן פון דער קהילה האָט מען באַקומען זייער קליינע אונטערשטיצונגען און דער מצב פון דער שול איז געווען זייער אַ שווערער. די לערערס האָבן דעריבער באַקומען נאָר 35—40 פּראָצענט פון זייערע גרונט־שכירות.

## ו. דער „תחכמוני גבוה"

די העברעאישע גימנאַזיע תחכמוני, אָדער ווי מען האָט זי גערופן — דער „תחכמוני גבוה", איז געשאַפן געוואָרן מיטן ציל אַז די תלמידים וואָס ענדיקן די תחכמוני־פאָלקשול זאָלן האָבן וואו ממשיך צו זיין זייער יידישע און אַלגעמיינע דערציאונג וואָס שטעלט דעם הויפּט־טראָפּ אויף רעליגיעזע לימודים.

דער זעלביקער ליפּע פּאַט, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דער תרבות־גימנאַזיע, איז געווען נאָך דעם דער גרינדער פון דער תחכמוני־גימנאַזיע. די תרבות־גימנאַזיע האָט אים געדינט ווי אַ פאָרבילד פאַר דער צווייטער. ער האָט זיך באַנוצט מיט דער זעלביקער לערן־פּראָגראַם און מיט דעם זעלביקן מין לערערס, נאָר ער האָט שטאַרק פאַרגרעסערט אין איר די לימודים פון תלמוד און רעליגיע, וואָס זיינען דאָ געוואָרן דער עיקר[5].

אָנהייב ווינטער תרפ"א [סוף 1920], עטלעכע חדשים נאָך דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע, איז געגרינדעט געוואָרן דער תחכמוני גבוה. עס ווערט פאַר אים רעזערווירט דער גאַנצער אונטערשטער שטאָק פון דעם בנין פון דער געזעלשאַפט מיטן לאָקאַל פון בית־מדרש אויף שלאַכטצקאַ גאַס (פּראַגעס געסל). עס ווערט איינגעלאַדן אַן ערשטקלאַסיקער לערער פערסאָנאַל מיט אַקאַדעמישער בילדונג. עס ווערן אויך פאַרבעטן שכנישע רבנים: דער פאַרשטאָרבענער כאָראָשטשער רב ר' יעקב בליצשטיין און דער האָראָדאָקער רב ר' אברהם־זעליג ציוני, צו געבן שעורים אין תלמוד. דער ביאַליסטאָקער רב הר' ר' גדליה ראָזענמאַן איז געוואָרן צוגעצויגן צו געבן שיעורים אין תנך און געשיכטע. שפּע־

5. אַזאַ גימנאַזיע (רעאַלשול) האָט געגרינדעט נאָך מיט 50 יאָר צוריק אין פראַנקפורט־מאַין רבי שמשון־רפאל הירש, דער הויפּט־פירער פון דער אָרטאָדאָקסיע אין דייטשלאַנד. די גימנאַזיע האָט נאָך עקסיסטירט ביז דער לעצטער צייט. תחכמוני גבוה איז געגרינדעט געוואָרן דורך די מזרחים אין וואַרשע, אָבער נאָר מיטן ציל צו דערציען געבילדעטע מזרחיסטישע רבנים.

טער זיינען אַנגאַזשירט געוואָרן באַרימטע ראשי־ישיבות מיטן מייטשער עילוי רבי שלמה פּאָלאַטשיק בראש. איינער פון די טיכטיקסטע חברים און מיטגרינ־דער שלום מייזל איז באַשטימט געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר אין פּעדאַגאָגישן ראַט אָנצופירן דעם אַנשטאַלט ווירטשאַפטלעך און פּעדאַגאָגיש.

אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט ווערט דער מוסד דערבראַכט דערצו, ער זאָל קענען אַרויסווייזן זיין אייגנטלעכן מהות און ער קומט צו אַ פיינער פּעדאַ־גאָגישער מדרגה.

די צאָל תלמידים באַטרעפט דורכשניטלעך אַ יאָר ביז 200. ביים אָננעמען תלמידים ווערט שטרענג אָפּגעהיט דער כלל „והזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה״; דער שכר־למוד איז דעריבער געווען אַ באַגרענעצטער, ניט געקוקט אויף די גרויסע הוצאות מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן אַזאַ אַנשטאַלט. אַ גרויסע צאָל אָרעמע תלמידים האָבן געלערנט אין גאַנצן אומזיסט. דערצו האָט מען געעפנט אַ קיך ביי דער שול, וואָס האָט אַרויסגעגעבן גוטע שפּייזן צו ביליקע פרייזן, און טיילווייז אין גאַנצן אומזיסט.

ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך די אַבסאָלווענטן פון תחכמוני גבוה אין פאַרשיידענע וועלטטיילן, וואו זיי פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער יידי־שער געזעלשאַפט ווי לערערס, עסקנים, רבנים, אַקאַדעמיקערס, זשורנאַליסטן אאז״וו.

איך האַלט אַז דיביידע טיפּן גימנאַזיעס — תרבות און תחכמוני — זיינען די געוואונטשנסטע, ווייל זיי שאַפן ב י י ד ע דעם געפאָדערטן סינטעז פון אַ גאַנצן, מאָדערנעם, געבילדעטן און יידישלעך גוט דערצויגענעם יידן. עס איז אָבער פאַראַן אַ גרויסער חילוק אין זייער מאַטעריעלן באַזיס, און ממילא אין דער עקסיסטענץ־מעגלעכקייט. בעת די תלמידים פון דער תרבות־גימנאַזיע רע־קרוטירן זיך דאָס רוב פון פאַרמעגלעכערע און בעלי־בתישע שיכטן, וואָס מיט זייער שכר־למוד קען די תרבות־גימנאַזיע גרינג אויסגעהאַלטן ווערן, קומען די תלמידים פון דער תחכמוני־גימנאַזיע פון די פּרימסטע און גלייכצייטיק אָרעמע פאָלקשיכטן, דערהויפּט פון אַלע מיני כלי־קודש און אויך נאָר פון איין פּאַרטיי, פון מזרחיסטן און זייערע סימפּאַטיקער (ווייל די קינדער פון די אגודהניקעס, אפילו פון זייערע רבנים, גייען בעסער אין די פּויליש־יידישע אַסימילירטע גימנאַזיעס איידער אין אַ תרבות־ און תחכמוני־גימנאַזיע).

דעריבער האָט די ביאַליסטאָקער תחכמוני־גימנאַזיע געפילט באַלד פון אָנ־הייב אַ דוחק אין געלטמיטלען, אָבער איר הויפּטצוועק — צו פאַרשפּרייטן תורה און די עיקרים און ידיעות פון יידישן דת — האָט זי אױוקגעשטעלט אין דער שורה פון תלמוד־תורות און ישיבות, וואָס האָבן דאָס רעכט צו פאָדערן געלט־אונטערשטיצונגען פון כלל ישראל אויך פון אַנדערע שטעט און לענדער און דערצו האָט זיי פיל צוגעהאָלפן דער היגער ראב״ד רבי דוד פאַיאַנס, וואָס ווי אַ רבֿ און אַ מזרחי, האָט ער זיך פיל אינטערעסירט מיט דעם תחכמוני גבוה און

האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצע השפּעה אים צו פאַרשאַפן פון אויסלענדישע פאָנדן נייטיקע געלט־אונטערשטיצונגען.

דער דזשאָינט האָט צוגעטיילט דעם אַנשטאַלט אין משך פון אַ סך יאָרן זייער באַדייטיקע אונטערשטיצונגען פון די פאָנדן, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר קולטורעלע צוועקן. דער תחכמוני גבוה האָט אויך געשיקט משולחים אין דער וועלט פאַר דעם צוועק. דער האַראַדאָקער רב איז געפאָרן קיין אַמעריקע, דער יאַלאָווקער רב קיין לאָנדאָן און אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט אַזש קיין דרום־אַפריקע אד״גל.

אָבער אַז די לעצטע יאָרן זיינען די אַלע מקורים פאַרשטאָפּט געוואָרן, ראַנגלט זיך דער אַנשטאַלט פאַר זיין עקסיסטענץ. דעריבער האָט ער ביז היינט געקענט האַבן נאָר איין אַרויסלאָז. די לעצטע יאָרן ענדיקן די תלמידים אין אים נאָר ביזן 6—7טן קלאַס, מערערע גייען פון אים אַריין אין דער העברעאישער גימנאַזיע כדי דאָרטן צו ענדיקן און צו באַקומען זייער מאַטורע.

די פּראָגראַם פון תחכמוני גבוה איז אין גרונד פאַרשיידן פון דער פּראָגראַם פון דער העברעאישער גימנאַזיע דערמיט, וואָס אין איר וועגן איבער די לימודי הדת; וואָס אין איר שפּילט די גרעסטע ראָלע דער לימוד פון חומש מיט רשי, וואָס ווערט געלערנט אין אַלע קלאַסן ביזן סוף, בעת אין דער פּראָגראַם פון דער העברעאישער גימנאַזיע ווערט חומש געלערנט נאָר מיט קטעים פון פּירוש רשי די ערשטע 3 קלאַסן.

תלמוד ווערט געלערנט אין תחכמוני גבוה באַלד פון ערשטן קלאַס אין אַ גרויסן פאַרנעם, ווי אין אַ גמרא־חדר און ישיבה, און דאָס לערנען תלמוד ווערט קלאַסנווייז פאַרגרעסערט אַזוי, אַז דער וואָס ענדיקט די שול, קען זעלב־שטענדיק לערנען אַ בלאַט גמרא מיט מפרשים. עס ווערט אויך געלערנט שולחן־ערוך (אורח חיים) ביזן לעצטן קלאַס, בעת אין דער פּראָגראַם פון דער תרבות־גימנאַזיע ווערט דער לימוד גאָרניט דערמאָנט.

## ז. די יידישע שולן פון דער ציש״א

די לינקע פּאַרטייען האָבן אין אָנהייב אַרויסגעוויזן מער אינטערעס איידער די ציוניסטישע ביים בויען קינדער־שולן. זיי האָבן בכלל זיך מער אָפּגעגעבן מיט די פּראַקטישע, הן מאַטעריעלע הן גייסטיקע אינטערעסן פון זייערע מיטגלי־דער איידער די ציוניסטישע פּאַרטייען.

מיט זעלטענער איבערגעגעבנקייט און מסירות נפש, האָבן זיי געהאַט שטענ־דיקע שטרייטן מיטן ועד הקהל אויף אַרויסצובאַקומען פון אים וואָס מער געלט־מיטלען פאַר זייערע אַנשטאַלטן. און זיי האָבן פון אים באמת אַרויסבאַקומען דעם מאַקסימום, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען אין יענער גערדיקטער צייט, דער־הויפּט אויף זייערע שולן, וואָס זיינען געווען אָוועקגעשטעלט מוסטערהאַפט און האָבן געבראַכט אין יענער צייט גרויסן נוצן פאַר דער קולטורעלער און אין אַ

געוויסער מאָס נאַציאָנאַלער דערציאונג פון די יידישע קינדער פון די אָרעמסטע פאָלקמאַסן, בעת די ציוניסטן האָבן די גאַנצע אָקופּאַציע־צייט כמעט גאָרניט אויפגעטאָן פאַר זייער פּאַרטיי און איר אידייע.

דאָס דערקלערט זיך מיט פאַרשיידענע סיבות: ערשטנס, זיינען די אַלע גרויסע עסקנים פון די ציוניסטן וואָס האָבן געהערט צו די פאַרמעגלעכע קרייזן, אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד; עס זיינען געבליבן פון זיי נאָר איינציקע פערזאָנען, וואָס האָבן גאָרניט געקענט אויפטאָן. צווייטנס, זיינען דאָך די ציוניסטן אָנהענגערס פון דער כלל־ישראל־אידייע, און בכן האָבן זיי זיך געדאַרפט פאַרלאָזן אויפן ועד הקהל, וואָס האָט אויסגעפירט אַלע נאַציאָנאַלע אַרבעטן; דריטנס, איז דאָך דער מקור פון באַגייסטערונג פאַר דער ציוניסטישער אַרבעט — ארץ ישראל, וואָס איז געווען די גאַנצע צייט פון דער מלחמה אָפּגעשלאָסן, בעת די סאָציאַליסטישע יידישע פּאַרטייען זיינען איצט געקומען צום לעבן.

דער שטרענגער צאַריסטישער רעזשים איז אַראָפּ. רדיפות קעגן סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען כמעט ניט געווען. האָבן די לינקע פּאַרטייען פריי אָפּגעאָטעמט. און אַזוי ווי קיין עקאָנאָמישע טעטיקייט האָט מען ניט געקענט פירן אין דעם פולן פאַרנעם, ווייל שטרייקן אין די פאַבריקן האָט מען ניט געקענט דורכפירן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, האָבן זיך די לינקע פּאַרטייען דעמאָלט אין גאַנצן אָפּגעגעבן דער קולטורעלער און דערציערישער אַרבעט און דער אַליינהילף־טעטיקייט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער אַרבעטער־קיך. אין די ביידע בין השמשות־און בין הזמנים־צייטן (דייטשע אָקופּאַציע, באָלשעוויסטישע אָקופּאַציע), האָבן זיי אַנטוויקלט זייערע ניי געגרינדעטע דערציאונג־אַנשטאַלטן [6].

**די יוגנט־פאַראיין־שול**

דער ערשטער וויכטיקער ניימאָדישער דערציאונג־אַנשטאַלט איז אפילו ניט געשאַפן געוואָרן דורך די לינקע פּאַרטייען, נאָר דורך פון אָנהייב אַ נייטראַלער געזעלשאַפט, פון אַזוי גערופענעם „יוגנט־פאַראיין", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ גרופּע אינטעליגענטע יידישע יונגע־לייט אין ערשטן מלחמה־יאָר ווי אַ פילאַנטראָפּישע געהילף־געזעלשאַפט ביים קאָמיטעט פאַר היימלאָזע. דער יוגנט־פאַראיין האָט געהאָלפן דעם קאָמיטעט ביי אַלע זיינע אַרבעטן, ווי ביי דער פאָלקסקיך, צו שאַפן היימען פאַר די היימלאָזע. דער פאַראיין האָט אויך געגרינדעט די ביליקע קראָם אין בנין פון הקדש.

דער זעלביקער „יוגנט־פאַראיין" האָט אָנהייב אָקופּאַציע־צייט געגרינדעט די 7־קלאַסיקע פאָלקשול ווי אַ יידיש־וועלטלעכע שול, וואָס אין איר ווערן אַלע לימודים שטרענג געפירט אין דער יידישער שפּראַך. די דאָזיקע שול איז גע־

6. לויט ב. טאַבאַטשינסקי אין ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך, 1931, און לויט זיינעם אַ שריפטלעכן באַריכט, 1933, די צענטראַלע יידישע שול אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק.

גרינדעט געוואָרן דעם 27טן פעברואַר 1916 אין דעם געוועזענעם לאָקאַל פון יפהס שול, אין ישעיה וויסאָצקיס הויז, אויף בראַניצקי גאַס 13. אין דער שול האָבן זיך דערצויגן ביז 200 קינדער. אַ סך מיטגלידער פון „יוגנט־פאַראיין" האָבן געלערנט אין איר גאַנץ אומזיסט. די דאָזיקע שול איז נאָך דער מלחמה ביסלעכווייז אַריבערגעגאַנגען צום „בונד" און איז פאַררעכנט צווישן די צישאָ־שולן. עס ווערט אין איר געלערנט לויט דער פּראָגראַם און דעם גייסט פון צישאָ. די תלמידים איז ביז היינט [1933—34] אַרום 200. זי האָט פאַר דער צייט פון איר עקסיסטענץ געהאַט 14 אַרויסלאָזן פון אַביטוריענטן פון דער שול. ביי דער שול פונקציאָנירט אַ קלוב פאַר עלטערע קינדער און אַ גרויסע ביבליאָטעק.

### די פּרץ־קינדערהיים

די פּרץ־קינדערהיים איז געווען אַ מוסטערהאַפטע קינדערהיים און קינדער־שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין אַפּריל 1916 דורך די „פאַראייניקטע" און „פועלי ציון". דאָרט איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פּרואוו אַריינצופירן דעם אַרבעט־מעטאָד אין דער שול: דורך דער קינדערשער מלאכה איז אין די שול־ווענט געשאַפן געוואָרן דער ריטעם פון האַמער און קאָוואַדלע, זעג און הובל, פרימיטיווער מאַשין און יונגע הילכיקע אַרבעטלידער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קינדערשער אָרקעסטער אין איר.

עס איז געווען אַן אמתער פאַרגעניגן צו באַזוכן די קינדערהיים צוליב איר לעבעדיקייט, פרייזעכקייט און קינדערשער אַרבעטס־טעטיקייט. געווײנלעך איז זי גלייכצייטיק געווען אַ דערציערין פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. דער אַנשטאַלט האָט זיך פאַרמאַכט אין 1929 ווייל עס איז ניט געווען קיין פאַסיקע דירה און עס האָבן געפעלט מיטלען.

### די גראָסער־שול

די גראָסער־שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917 אויפן נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם אַרבעטער־טוער בראָניסלאַוו גראָסער. די שול איז געשאַפן געוואָרן ביי דער אַרבעטער־קיך.

די שול פאַרמאָגט 8 קלאַסן (די אונטערשטע קלאַסן זיינען פּאַראַלעלע). ביי דער שול עקסיסטירט אַ קינדער־קלוב, אַ גרויסע פּעדאַגאָגישע ביבליאָטעק. (די שול געהערט צו איינער פון די פונדאַמענטאַלסטע שולן פון „בונד"). עס לערנען דאָרט היינט אַן ערך 300 קינדער.

### די מענדעלע־שול

די מענדעלע־שול האָט זיך געגרינדעט אין אָנהייב אָקופּאַציע־צייט מיט זייער אַ שיינער און דערהויבענער אידיי — אַריינצוציען בעטלערס און גאַסן־קינדער פון די נידעריקסטע שיכטן אין דער קינדער־קיך און דערציאונגס־היים. אַזוי האָט

די אינסטיטוציע געהייסן, אָבער די דאָזיקע גרויסע אונטערנעמונג האָט זיך ניט איינגעגעבן. דער קינדער־עלעמענט איז געווען צו נידעריק געפּאַלן, עס איז אוממעגלעך געווען אויפצוהייבן אים און דער „יוגנט־פאַראיין" איז געווען גע־צוואונגען די אַרבעט אויפצוגעבן און צו גרינדן אויף דעם אָרט אַ נאָרמאַלע שול מיט אַ נייעם צונויפשטעל קינדער, וואָס מ'האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך מענדעלע מוכר־ספרימס טויט — מיטן נאָמען „מענדעלע", (קאָסטשעלנאַ 6).

איצט לערנען אין איר 180 קינדער און אויך 25 קינדער אין אַ קינדערהיים, צוזאַמען 205 קינדער. די שול איז אַ 7־קלאַסיקע. ביי דער שול איז דאָ אַ קינדער־קלוב, אַ קינדער־קינאָ.

### דער גן־ילדים

אויסער דער „יוגנט־פאַראיין"־שול, וואָס איז געוואָרן אַ צישאָ־שול, האָט דער „בונד" באַקומען די אויבערהאַנט אין דעם קינדערהיים „גן ילדים" פון דער קהילה און האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ צישאָ־שול. מחמת דוחק אין אָרט, ווייל אַ העלפט פון בנין איז צוריקגעגעבן געוואָרן פאַר אַ ישיבה, זיינען איצט דאָרטן פאַראַן נאָר 5 קלאַסן מיט 150 קינדער.

### די יידישע גימנאַזיע

דעם 13טן נאָוועמבער 1926 האָט זיך געעפנט אין ביאַליסטאָק די 8־קלאַסיקע הומאַניסטישע גימנאַזיע (פאַבריטשנע, 23), וואָס אין איר ווערן אַלע לימודים פון דער מלוכהשער גימנאַזיע געלערנט אין יידיש. חוץ דעם לערנט מען אין דער גימנאַזיע די ספּעציעלע יידישע לימודים: יידיש, יידישע געשיכטע און העברעאיש. די גימנאַזיע פירט איר דערציערישע אַרבעט לויט די אידעאַלן פון דער צישאָ־שול.

### די צאָל תלמידים פון די צישא־שולן

די צאָל קינדער פון די צישאָ־שולן אין ביאַליסטאָק אין שוליאָר 1933—1934 איז אַזאַ:

יוגנט־פאַראיין — 180, גראַסער־שול — 250, מענדעלע־שול — 180, קינ־דערהיים ביי דער מענדעלע־שול — 25, „גן ילדים" — 150, גימנאַזיע — 94 קינדער, צוזאַמען 879 קינדער. 65% זיינען מיידלעך, 35% יינגלעך.

לויט דער סאָציאַלער לאַגע טיילן זיך די קינדער איין אויף אַזאַ אויפן: לוין־אַרבעטער 35.4%, האַנטווערקער 29.3%, פרייע פּראָפעסיעס 1.7%, האַלב־פּראָלעטאַריער (מאַלערס, מולערס, קלעפּערס, פורמאַנעס, עלעקטראָטעכניקערס, ברוקירערס א"א) 8.7%, קליינבירגער (קאָמיסיאָנערן, מעקלערס, הענדלערס, קרעמערס און סוחרים) 9.%, פאַרשיידענע און אומבאַשטימטע 15.6%.

### וועכנטלעכער שעהן־פּלאַן פון אַ זיבן־קלאַסיקער צישאַ־שול אין ביאַליסטאָק

דער הויפּט־לימוד פון דער שול איז יידיש, און מען לערנט יידיש אין די ייִנגערע צוויי קלאַסן צו זיבן מאָל אַ וואָך, אין דריטן, פערטן און פינפטן קלאַס — פינף מאָל אַ וואָך און אין זעקסטן און זיבעטן — צו פיר מאָל אַ וואָך. העברעאיש לערנט מען נאָר פון פערטן קלאַס אָן, צו דריי מאָל אַ וואָך. יידישע געשיכטע ווערט געלערנט אינאיינעם מיט אַלגעמיינער געשיכטע. מען הייבט עס אָן אין דריטן לערניאָר. אין דריטן, פערטן און פינפטן קלאַס — לערנט מען צוויי מאָל אַ וואָך און אין זעקסטן, און זיבעטן — דריי מאָל אַ וואָך.

פּויליש ווערט געלערנט פון דעם צווייטן לערניאָר אָן. אין צווייטן און דריטן קלאַס לערנט מען זיבן מאָל אַ וואָך; אין פערטן קלאַס — 6 מאָל אַ וואָך, און אין די עלטערע דריי קלאַסן — פינף מאָל אַ וואָך. געשיכטע פון פּוילן ווערט אויך געלערנט אויף פּויליש; מען הייבט עס אָן אין פערטן לערניאָר צו איין שעה אַ וואָך און אין לעצטן קלאַס — צוויי שעה. געאָגראַפיע פון פּוילן לערנט מען אין די עלטערע דריי קלאַסן, צו איין מאָל א וואָך.

מאַטעמאַטיק (רעכענען און עלעמענטן פון געאָמעטריע אין די עלטערע קלאַסן) לערנט מען אין ערשטן קלאַס זעקס מאָל אַ וואָך, אין צווייטן קלאַס — פינף מאָל אַ וואָך, אין דריטן קלאַס — 4 מאָל אַ וואָך, אין פערטן, פינפטן און זעקסטן — פינף מאָל אַ וואָך, אין זיבעטן — 4 מאָל אַ וואָך. אַלגעמיינע געאָגראַ־פיע מיט עלעמענטן פון פיזיק און כעמיע לערנט מען אין אַלע קלאַסן, אָנהייבנ־דיק פון דריטן לערניאָר, צוויי מאָל אַ וואָך. נאַטור־וויסן מיט היגיענע לערנט מען אָנהייבנדיק פון דריטן קלאַס; אין דריטן און אין פערטן — לערנט מען עס צו צוויי מאָל אַ וואָך, און אין די עלטערע דריי קלאַסן — דריי מאָל אַ וואָך.

צייכענען לערנט מען אין די ייִנגערע דריי קלאַסן צוויי מאָל אַ וואָך און אין פערטן און פינפטן קלאַס — איין מאָל אַ וואָך. אין זעקסטן און זיבעטן איז קיין צייכענען ניטאָ. האַנט־אַרבעט לערנט מען אין די ייִנגערע דריי קלאַסן צו צוויי מאָל אַ וואָך, אין פערטן און פינפטן קלאַס איין מאָל אַ וואָך. אין די עלטע־רע צוויי קלאַסן איז קיין האַנט־אַרבעט ניטאָ. געזאַנג ווערט געלערנט אין אַלע קלאַסן. אין די ייִנגערע דריי קלאַסן — צו צוויי מאָל אַ וואָך, אין די עלטערע פיר — צו איין מאָל אַ וואָך. די זעלביקע צאָל לעקציעס ווי פאַר געזאַנג ווערט אָפּגעגעבן פאַר גימנאַסטיק אָדער קערפּערלעכע איבונגען.

אין דער יידישער גימנאַזיע לערנט מען העברעאיש נאָר צוויי מאָל אַ וואָך.

### די פּראָגראַם אין אַלגעמיינע שטריכן

דער רעזולטאַט פון יידישן לימוד אין די 7 לערניאָר פון פאָלקשול דאַרף זיין: באַהערשן פולשטענדיק די יידישע אָרטאָגראַפיע און אַלע אָפּשטעל־צייכנס, זעלבשטענדיקע אויפזאַצן פון פאַרשיידענע פּראַקטישע און ליטעראַרישע מינים, עטימאָלאָגישער און סינטאַקטישער אַנאַליז פון אַ גרעסערן ליטעראַרישן

זאַך, באַקאַנטשאַפט מיט די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבערס און זייערע ווערק, ליבשאַפט און אינטערעס צו דער יידישער ליטעראַטור. עס ווערט אויך גע־שטרעבט צו אַלגעמיינער באַקאַנטשאַפט מיט די אָנגעזעענסטע ווערק פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, זייערע טיפּן און עפּאָכע. דער עיקר ווי אַ רע־זולטאַט פון יידיש־לימוד דאַרף אויך קומען די דערציערישע דערגרייכונג, וואָס צו איר שטרעבט די יידיש־וועלטלעכע שול: שפּירעוודיקייט פון קינד צו דער־שיינונגען פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און הומאַניזם.

אין דער געדרוקטער פּראָגראַם פון ציש״אָ גייט דער לימוד העברעאיש ניט אַריין, ווייל ער איז באמת נאָר אַ ביי־למוד — כדי בעסער צו פאַרשטיין די אויסדרוקן און ווערטער אין די יידישע ליטעראַרישע ווערק.

די דאָזיקע שולן האָבן שוין געפּייערט 32 אַרויסלאָזן. דאָס רוב קינדער איז אַוועק צו אַרבעט, אַ קליינער טייל צום ווייטערדיקן שטודיום. אַ סך פון די גראַ־דואירטע פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין פּראָפעסיאָנעלן, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן.

ביי יעדער שול באַזונדער עקסיסטירט אַ קינדער־קלוב, וואו עס ווערט געפירט אַ דערציערישע טעטיקייט אונטער דער אויפזיכט פון לערערס. עס זיי־נען טעטיק פאַרשיידענע קרייזן: פאַר נאַטור־וויסן, געאָגראַפיע, געשיכטע און געזעלשאַפט־קענטעניש, שול־קאָאָפּעראַטיוו, קינדער־ביבליאָטעקן, אויספלוג־קאַסעס און פאַרשיידענע אַנדערע אונטערנעמונגען, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך די קינדער.

### די אָנפירונג פון די שולן

ביי דער אָנפירונג פון די שולן זיינען טעטיק: אַ ראַט פון 25 פּערזאָן, וואָס ווערט אויסגעקליבן יעדער יאָר דורך פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, אַ פאַרוואַלטונג פון 7 פּערזאָן, וואָס ווערט געקליבן אויף דעם זעלביקן אופן, און אַ רעוויזיר־קאָמיסיע.

ביי דער פּעדאַגאָגישער אָנפירונג שטייט אַ צענטראַלע פּעדאַגאָגישע קאָ־לעגיע, וואָס ווערט געקליבן דורך אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער לערער־שאַפט. אויך ביי דער אָנפירונג אין דער אַרבעט צווישן די עלטערן שטייט אַ צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט, וואָס ווערט אויך געקליבן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע עלטערן־קאָמיטעטן פון די שולן. די עלטערן־קאָמיטעטן ווערן אויסגעקליבן אַ חודש נאָך דעם אָנהייב פון נייעם שוליאָר און האָבן פאַר אַ צוועק מיטצוהעלפן דער שול אין איר פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן קאַמף.

אין יעדער שול באַזונדער איז טעטיק אַן עלטערן־אוידיטאָריע, וואו די לע־רערס און טוערס רעפערירן וועגן פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פראַגעס. ביי דעם צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט איז אויך טע־טיק אַ צענטראַלע עלטערן־אוידיטאָריע, וואו די באַרירטע פראַגעס טראָגן אַן אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכן, דערציערישן אָדער פּאָליטישן כאַראַקטער.

ביי די שולן ווערט אויך געפירט מעדיצינישע אַרבעט. דאָס איז אַ ברייטע

סאַניטאַר־היגיעניִשע, פּראָפילאַקטישע אַרבעט צווישן די קינדער און די על־טערן פון דער שול, די דאָזיקע אַרבעט ווערט געפירט אין אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער געזעלשאַפט „טאָז״.

### די ביאַליסטאָקער אָפּטיילונג פון ציש״אָ

י. ל. פּרץ האָט דער ערשטער אָנגעהויבן צו גרינדן יידישע קינדערהיימען. נאָך דעם האָבן זיך געגרינדעט יידישע שולן. אין אָנהייב אָקופּאַציע איז אין וואַרשע געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון פּרץ־דינעזאָן־מעדעם צו אונטערשטיצן יידישע שולן מיטן געלט, וואָס ער האָט באַקומען פון אַמעריקע. עס האָבן זיך געגרינדעט 4 קוראַטאָריומס פאַר 4 שול־טיפּן: אַ בונדישער, אַ פּועלי־ציוניסטישער, אַ פאָלקיסטישער און אַן אומאָפּהענגיקער. עס האָט זיך געשאַפן אין יידישן שולוועזן אַ תהו־ובהו־צושטאַנד.

ערשט אין יאָר 1921, שוין אונטער דער פּוילישער מאַכט, איז אויפגערופן געוואָרן אַ גרויסע קאָנפערענץ אין וואַרשע פון אַלע קוראַטאָריומס און קולטור־אָרגאַניזאַציעס אויך פון פּראָווינץ, און עס איז געגרינדעט געוואָרן די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע (ציש״אָ) מיט אַ פאַראייניקטער פּראָגראַם פון יידישן לימוד.

ביאַליסטאָקער יידישע וועלטלעכע שולן, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין דער אָקופּאַציע־צייט, זיינען אויך אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע, אָבער ניט לויט דער ראַדיקאַלער אָריענטאַציע פון וואַרשעווער בונד, נאָר לויט דער ווילנער געמעסיקטער אָריענטאַציע. אין די ווילנער און ביאַליסטאָקער ציש״אָ־שולן ווערט געלערנט אויך העברעאיש.

די יידישע שולן האָבן זיך פאַרשפּרייט אין דער צייט ווען זיי האָבן באַקומען פון דזשאָינט אַ גרעסערע שטיצע איידער די העברעאישע שולן. האָבן זיי גע־קענט מאַכן ביליקער דעם שכר־לימוד, בפרט אין דער צייט ווען זיי אַליין האָבן באַקומען אַ גרויסע שטיצע פון „פּיפּלס רעליף״ אויף צו געבן אומזיסטע מיטאָגן זייערע תלמידים. אָבער היינט, אַז די אונטערשטיצונגען האָבן אויפגעהערט, קאָנקורירט מיט זיי שטאַרק די תלמוד־תורה, וואו עס לערנען די אָרעמסטע קינדער אינגאַנצן אומזיסט, און זיי באַקומען נאָך דערצו אויך עסן אומזיסט, און אויך די איבעריקע צאָלן אַ קליינעם שכר־למוד. דעם גרויסן פּראָצענט מיידלעך האָבן די ציש״אָ־שולן, נאָר ווייל אין דער תלמוד־תורה לערנט מען ניט מיט זיי.

עס האָבן זיך פאַר מיר געקלאָגט די לערערס, אַז דאָס לעצטע יאָר קאָנ־קורירט מיט זיי שטאַרק דער בית ספר עברי שני, וואָס האָט שטאַרק אַראָפּ־געלאָזן דעם שכר־למוד. לעצטנס איז צוגעקומען ווי אַ געפערלעכער קאָנקו־רענט צו די ציש״אָ־שולן די „בית יעקב״־שולן פאַר מיידלעך, וואָס פאַרשפּרייטן זיך שטאַרק.

די צאָל מיטגלידער אין דער שול־אָרגאַניזאַציע איז 875. ביי דער שול־אָר־גאַניזאַציע איז טעטיק אַ פינאַנץ־קאָמיטעט, וואָס דאַרף זאָרגן פאַר די פינאַנציעלע מיטלען פון די שולן. די שול־אָרגאַניזאַציע באַקומט ניט פון דער מלוכה קיין שום אונטערשטיצונג, נאָר פון מאַגיסטראַט האָט זי אָנגעהויבן צו באַקומען הילף

אין יאָר 1928—29. די דאָזיקע הילף האָט אין יאָר 1931 דערגרייכט די סומע פון איבער 32,000 זלאָטעס און האַלט איצט, אין יאָר 1933, ביי דער פּרעלימי־נירטער סומע פון 10,000 זלאָטעס. די גרעסטע הכנסה פון די שולן איז דער שכר־למוד פון די קינדער און באַטרעפט 35 פּראָצענט פון הכנסה־בודזשעט. די שול־אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט אירע הילף־קאָמיטעטן אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, פּעטערסאָן, דעטראָיט, לאָס אַנדזשעלעס — אין די פאַראייניקטע שטאַטן און מעקסיקע, אַרגענטינע, דרום־אַפריקע און אין פּאַריז. דער בודזשעט פון דער שול־אָרגאַניזאַציע איז קרוב 100,000 זלאָטעס אַ יאָר.

ווי מיר האָבן דאָ געזען, איז די אָרגאַניזאַציע פון די צישאָ־שולן מוסטער־האַפט אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין ביאַליסטאָק דערהויפּט דערמיט, וואָס זי האָט צוגעצויגן אויך די עלטערן, אַז זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע. גלייכצייטיק מיט זייערע קינדער ווערן זיי אויך דערצויגן און אַנטוויקלט דורך פאָרלעזונגען, רעפעראַטן און מיטינגען אין דעם סאָציאַליסטישן גייסט. די עלטערן מיט זייערע קינדער מיט די אידעאַליסטיש־באַגייסטערטע, מסירת־נפשדיקע לערערס און אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער ווערן צוזאַמענגע־שמאָלצן אין איין קאָמפּאַקטע מאַסע צו אַרבעטן פאַרן אַלגעמיינעם סאָציאַ־ליסטישן אידעאַל. ניט אומזיסט בארימט זיך אַ מיטגליד פון דער ביאַליסטאָקער צישאָ־אָרגאַניזאַציע און זאָגט: „צו אונדזער שטאָלץ געהערט ביאַליסטאָק צו די געציילטע שטעט אין פּוילן, וואָס פאַרמאָגט אַ ברייט פאַרצווייגט שולוועזן"[7].

דער תוך און די גרונט־פּרינציפּן פון דער יידישער שול

וואָס איז אָבער אייגנטלעך דער מהות און צוועק פון דער דאָזיקער סאָציאַ־ליסטישער וועלטלעכער שול? אַ קלאָרע תשובה אויף דער שאלה באַקומען מיר פון די גרינדערס אַליין, זיי זאָגן: „די נייע יידישע שול איז אַ קינד פון די פּאָ־ליטיש־אויפגעקלערטע און סאָציאַל־באַוואוסטזיניקע אָרגאַניזירטע מאַסן, און אָט די דאָזיקע מאַסן שטרעבן צו צערייסן מיט די פאַרשימלטע טראַדיציעס פון יידישן געטאָ, ווילן זיך באַפרייען פון די פּענטעס פון רעליגיע און רעאַקציאָנערן קלער; בפרט דאַרף אונדזער נייע שול באַטראַכט ווערן ווי אַ רעוואָלוציאָנערע דערשיינונג אין יידישן לעבן, וואו עס הערשט אין משך פון יאָרהונדערטער דער חדר, אַ מיטלאַלטערלעכער רעליגיעזער דערציאונגס־אַנשטאַלט; פאַר־בלייבנדיק אין תוך נאַציאָנאַל און פאָלקסטימלעך, געבויט אויף דער מוטער־שפּראַך פון די מאַסן, וויל אָבער אונדזער שול זיין וועלטלעך אָן שום שפּור פון רעליגיעזער דערציאונג, און אַזאַ איז די שול פון צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. אירע לערן־ און דערציאונגס־אַנשטאַלטן זיינען ניט נאָר יידיש, נאָר אויך וועלטלעך. עס איז אַ יידיש־וועלטלעך שולוועזן. דער דאָזיקער לאָזונג באַ־גייסטערט צענדליקער טויזנטער פאָלקסמענטשן אין לאַנד. מיר ווילן פריע

7. זען ביאַליסטאָקער יאָרבוך, 1932—33, ז' 45.

באַוואוסטזיניקע מענטשן דערציען מיט אַ ווידערשטאַנד־פעאיקייט קעגן יעדער מין אויטאָריטאַטיזם מיט אָפענע אויגן אויפן גאַנצן אַרומיקן לעבן און נאַטור.

„די יידיש,־וועלטלעכע שול איז דעריבער די שול פון קינדערשער אַקטיווי־טעט, פון דערציאונג צו זעלבשטענדיקייט, צו זעלב־פאַרוואַלטונג. די יידישע שול־אָרגאַניזאַציע איז, ווי געזאָגט, געשאַפן געוואָרן דורך די אָרגאַניזירטע, דורך די פּראָדוקטיווע און אַקטיווע עלעמענטן. מיר ווילן דערציען אַ דור מיטן באַ־וואוסטזיין, אַז אַרבעט איז דער יסוד פון לעבן; אונדזער שול שטרעבט צו זיין אַן אַרבעטשול, ווי: אַנטוויקלען אין קינד פּאָליטעכנישע פעאיקייטן און צופּאַ־סונג. אויך אין גייסט און דערציאונג — וויל זי זיין אַ שול פון אַרבעט, אַ שול פון סאָציאַלער דערציאונג, זי וויל אויפוועקן אין קינד דאָס געפיל פון סאָציאַ־לער גערעכטיקייט, די אַכטונג צו די, וואָס קעמפן פאַר סאָציאַלער און נאַציאָ־נאַלער באַפרייאונג“.

לויט דעם גרונדגעדאַנק פון דער דאָזיקער פּראָגראַם איז די נייע יידישע וועלטלעכע סאָציאַליסטישע שול געגרינדעט אויף די ווייטערדיקע פּאָזיטיווע הויפּט־פּרינציפּן: א) וועלטלעכקייט, ד״ה אַלע לימודים אין שול דאַרפן זיין גע־צילט צו דערציען אַ יידיש־וועלטלעכן מענטש, אָן אַ שפּור פון רעליגיעזער דער־ציאונג, פאַרבלייבנדיק אין תוך נאַציאָנאַל און פּאָלקסטימלעך; ב) אַרבעט, ד״ה איינצופלאַנצן אין קינד ליבשאַפט צו אַרבעט און צו די אידעאַלן פון דער אַר־בעטנדיקער מענטשהייט און אַ געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט; ג) די לערן־שפּראַך דאַרף זיין נאָר די מוטער־שפּראַך.

די שול האָט אָבער לויט מיין מיינונג נעגאַטיווע פּרינציפּן: א) פּאַקטישע קעגנערשאַפט צו רעליגיע; ב) קעגנערשאַפט צו העברעאיש; ג) קעגנערשאַפט צו אַלע בורזשואַזע קלאַסן.

די פּאָזיטיווע פּרינציפּן קענען ניט דערוועקן קיין קעגנערשאַפט, וויל מיט דער וועלט־לעכקייט זיינען דאָך ממילא מסכים אַלע יידן, וואָס גיבן אָפּ זייערע קינדער אין די מלוכה־שולן, וואו עס ווערט מייסטנס גאָרניט געלערנט יידישע רעליגיע — און אויב געלערנט, האָט זי לויטן אינהאַלט און פאָרם גאָר קיין ווערט ניט. אויך אַלע העברעאישע תרבות־שולן זיינען דאָך לויט זייער פּראָגראַם נאָר וועלטלעכע. דער צווייטער פּרינציפּ (ליבשאַפט צו אַרבעט) שטימט אין גאַנצן, מיטן לערן־פּרינציפּ פון משנה און תלמוד, דאָס געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט ווערט דאָך דערוועקט דורך תורת משה און די נביאים אין אַ פיל גרעסערער מאָס [8]. דער דריטער פּרינציפּ איז דאָך אין גאַנצן אַ טראַדיציאָנעל אָרטאָדאָקסישער. עס ווערט דאָך שוין פון פיל דורות ביז היינט געלערנט אין אַלע פרומע חדרים, תלמוד־תורות און ישיבות נאָר אין דער מאַמע־שפּראַך און אויך מיט אַ קעגנערשאַפט צו העברעאיש ווי אַ לימוד־שפּראַך.

אָבער מיט זייערע נעגאַטיווע פּרינציפּן האָבן זיי זיך געשאַפן אַ סך שונאים.

---

8. דער גרויסער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסט העגרי דזשאָרדזש האָט געהאַלטן, אַז משה איז געווען דער ערשטער און גרעסטער סאָציאַלער רעפאָרמער אין דער וועלט. אויף די נביאים האָט געזאָגט אַ גרויסער קריסטלעכער ביבל־פאָרשער, אַז לויט די קאַפּיטאַליסטישע געזעצן האָבן די נביאים געדאַרפט באַשטראָפט ווערן מיט לעבנסלענגלעכער תפיסה פאַר זייערע סאָציאַ־ליסטישע און קאָמוניסטישע טענדענצן.

די ניט עם־הארצישע חברים האָבן געוואָרנט קעגן דער סכנה פון אַ נעגאַטיוון באַציען זיך צו יידישע ווערטן. ח. ש. קאַזדאַן זאָגט:[9]

„באַפרייען די שול פאַר יעדן פרייז פון אַלע שפּורן פון אונדזער אַלטער קולטור הייסט פאַרפלאַכן דעם צושטאַנד פון אונדזער קולטור, דערפירן יידיש צו דער מדרגה פון אַ וואָכע־דיקער געברויך־שפּראַך, אָפּשניידן אַלע וועגן צום אויסבילדן אַ נייע זעלבשטענדיקע קולטור. אַזאַ פּעדאַגאָגיק איז אַ פולשטענדיקער פאַראַט בנוגע דער נאַציע און איר צוקונפט. אַזאַ שול וועט מאַכן אָרעם און קולטורלאָז גראָד די קלאַסן פון אונדזער פאָלק, וואָס דאַרפן אַם מערסטן פאַרמאָגן ווידערשטאַנד־פעאיקייט אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קול־טורעלן קאַמפספעלד, וואָרום אַזאַ שול וויל אָפּנעמען ביים פאָלק זיין שטאַרקסטן געווער אין לעבן, זיין אייגענעם סטיל, זעלבשטענדיקן כאַראַקטער און אייגנאַרטיקן וועלט־באַנעם.

„און דאָס זעלבע וואָס מיט העבראַאיש איז אויך מיט יידישער געשיכטע, מיט דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור. די דאָזיקע אַלע לימודים דאַרפן פריער פאַר אַלץ פון אונדז געשאַצט ווערן ניט פאַר זיך, ניט פון תורה־און קענטעניש־שטאַנדפּונקט, נאָר ווי אַ נאַציאָנאַל־דערציערישער פאַקטאָר. און ניט נאָר די אויסגערעכנטע לימודים דאַרפן עס ווערן: אויך האַנטאַרבעט און צייכענען, געזאַנג און באַוועגלעכע שפּילן מוזן אויף זיך טראָגן דעם חותם פון נאַציאָנאַלער קולטור־שאַפונג. אומעטום דאַרף אַריינגעטראָגן ווערן אייגענער סטיל און ריטעם, אייגנטימלעכע פאַרב און באַוועגונג. מיר האָבן דאָס, מיר פאַרמאָגן דאָס, — און די שול דאַרף עס קולטיווירן. נאָר דאַן וועט די שול ווערן אַ יידישע און זי וועט פאַרדינען צוטרוי פון גאַנצן פאָלק אויף לאַנגע דורות".

די דאָזיקע שטעלונג פון ח. ש. קאַזדאַן האָט אַרויסגערופן אַ סך קריטיק. עס האָבן זיך גענומען אים ענטפערן, ל. לאַזאָווסקי[10] און א. ווילנער[11]. ח. ש. קאַזדאַנען צו הילף איז גע־קומען אַ. גאָלאָמב[12]. ער ברענגט ווילנערס טענה: „די אַלטע נאַציע שטאַרבט אָפּ, מיר שאַפן אַ נייע נאַציע" און זאָגט: „שוין אויפן שול־צוזאַמענפאָר האָט זיך אַ חבר באַרימט, אַז אונדזער שול האָט ניט קיין עבר. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אין גאַנצן פאַלש, די גע־שיכטע ווי די נאַטור ווייס ניט פון קיין פלוצלונגע שפּרונגען פון אַלט צו ניי. טעאָריעס פון קאַטאַסטראָפאַלע איבערקערענישן זיינען שוין פון לאַנג אָפּגעלייקנט געוואָרן, און אַלץ גייט אין דער געשיכטע בהדרגה. דאָס נייע קען זיך אַנטפּלעקן נאָר דאַן, ווען עס ווערט צייטיק, ווען עס וואַקסט אויס פון דעם אַלטן און אויף דעם אַלטן... וואַרפט אָפּ כלומרשט (כלומרשט, ווייל עס ווענדט זיך ניט פון אונדז) דאָס אַלטע, איז דאָך ניטאָ אויף וואָס און צוליב וואָס צו בויען דאָס נייע.

„קיין איין רעוואָלוציע האָט נאָך ניט געשאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ניט זיין פון פריער אויסגעטראָגן און צייטיק אין טראַכט פון דעם אַלטן. דאָס איז פון די א"ב־זאַכן פאַר יעדן מאַרקסיסט, און אין קולטור, אויף וויפל עס איז קולטור, איז בכלל ניטאָ קיין פאַר־עלטערטע סחורה. האָט מען ערגעץ אין אַ לאַנד געפּרואווט שאַפן נייע ריין־פּראָלעטאַרישע קולטור, האָט זיך עס אויך מיט גאָרניט אויסגעלאָזן".

ש. מענדלסאָן האָט פאַרטיידיקט אויך דעם רעליגיעזן עלעמענט אין דערציאונג. ער זאָגט[13]:

„אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז רעליגיאָזיטעט, דער הייליקער ציטער פאַר די גע־היימע כוחות פון דער נאַטור, דאָס עמפּפינדן די גרענעץ צווישן אונדזער שכל און דער איראַציאָנעלער וועלט, די דייטשע סאָציאַליסטן אין זשורנאַל נייע פּאַנען באַהאַנדלען

9. שול און לעבן, נומ' 5, זז' 8—12.
10. דאָרטן, נומ' 7.
11. דאָרטן, נומ' 8.
12. דאָרטן, 1922, נומ' 3—4.
13. דאָרטן, ז' 12.

שוין די פּראַגע, ווי אַזוי צו פלעגן דאָס שעפּערישע הייליקע געפּיל, אָבער ביי אונדז (ד״ה די גרינדערס פון דער נייער שול) — אַ טויטע שטילקייט״.

עס איז קיין סוד נישט, אַז דער גרעסטער טייל שילערס פון די צישאָ־שולן זיינען מיידלעך, ווייל מיידלעך מוזן דאָך ניט לערנען תורה, מוזן ניט דאַווענען, לייגן תפילין, זאָגן קדיש. זיינען עלטערן זיי מפקיר, אָבער ניט די יינגלעך, וואָס די זעלביקע עלטערן שיקן זיי אין אַנדערע שולן.

די גרעסטע שוועריקייט האָבן די פירער פון דער צישאָ־שול מיטן לימוד תנך, וואָס האָט געהאַט פּאַרטיידיקערס דערהויפּט צוליב דעם וואָס אָן ידיעות פון תנך קען מען ניט פאַרשטיין די יידישע ליטעראַטור. אָבער דער תנך איז דאָך גלייכצייטיק אויך אַ רעליגיע־בוך, און אַז ער ווערט געלערנט אין די וועלט־לעכע שולן, קענען זיך נאָך חלילה ביי די תלמידים אַריינגנבענען געפילן פאַר רעליגיע[14]. דער תנך איז צום סוף פון אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ אָפּגעראַטע־וועט געוואָרן נאָר אַדאַנק עטלעכע פּאַרטיידיקערס, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַרן תנך און האָבן געטענהט אַז העברעאיש איז אַ נייטיקער לימוד אין דער יידישער שול אָן זייטיקע טעמים, דאָך איז ניט אַזוי וויכטיק די שפּראַך־קענ־טעניש ווי די גרויסע דערציערישע, עסטעטישע און עטישע באַדייטונג פון תנך.

אָבער דער עיקר האָבן מכריע געווען ביים אַריינגעמען העברעאיש און אויסצוגן פון תנך אין די לימודים פון די יידישע צישאָ־שולן די פאָדערונגען פון די טאַטעס. ביז היינט ווערט געלערנט העברעאיש און אויסצוגן פון תנך אין כמעט אַלע צישאָשולן (חוץ אין די 4 וואַרשאווער בונדישע שולן), אָבער אין אַ קליינער מאָס, 2—3 שעה וועכנטלעך, און דאָס נאָר פון 4טן קלאַס אָן. דערהויפּט ווערט העברעאיש געלערנט ווי אַ הילפסמיטל, צו פאַרשטיין די העברעאישע אויסדרוקן ביי די יידישע שרייבערס. מען לערנט לויט דער כרעסטאָמאַטיע הספר פון פ. היילפּערן. — העברעאיש איז אויף אַזאַ אופן געוואָרן די דינסטמויד פאַר דער האַרינטע — יידיש.

מען באַהאַנדלט אין די שולן די רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט נייטראַל, קען זיין ווייל אַ טייל לערערס זיינען פּועלי־ציוניסטן און אומפּאַרטייאישע, און אויך ווייל אַ טייל לערן־און לייען־שטאָף פון דער יידישער ליטעראַטור איז דורכגע־דרונגען מיט רעליגיעז־נאַציאָנאַלע געפילן. למשל: לייענענדיק אַשס „קדוש השם״, „די כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליע״, פּרצעס חסידישע מעשיות, און „פּאַלקסטימלעכע געשיכטן״, ביאַליקס „מתמיד״ אד״גל, מוז דאָך דער לערער זיי אַנאַליזירן און אַריינדרינגען טיף אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם געלייענטן מאַטעריאַל. דערוועקט דאָס ביי די קינדער ניט ווילנדיק רעליגיעזע און נאַ־ציאָנאַלע געפילן. און אפילו ווען אַ לערער באַמיט זיך אָפּצושוואַכן דעם רושם, געלינגט עס אים אויך ניט.

---

14. יעקב פּאַט איז בעת דער מלחמה געווען דער לערער און פאַרוואַלטער פון פּרץ־קינדערהיים. האָט ער פאָרגעלייגט זיין שול־פאַרוואַלטונג מע זאָל אָנהייבן לערנען תנך אין שול. אָבער די פאַרוואַלטונג האָט עס אָפּגעזאָגט, ווייל זי האָט באַשלאָסן אויף אַ זיצונג על פי רוב דעות, אַ 3 קעגן 2, אַז תנך איז רעליגיע, און די שול איז דאָך קעגן רעליגיע, טאָר מען תנך ניט לערנען ; האָט דעמאָלט יעקב פּאַט פאַרשטרייקט און געפירט אַ קאַמף אין וועלכן ער איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פון די עלטערן.

בשעת איך האָב באַזוכט אַ צישאָ־שול, בין איך געווען ביי די לעקציעס פון זייערן אַ פעאיקן לערער. האָב איך געהערט זיינע אַ לעקציע געשיכטע גראַד פון דער חשמונאים־באַוועגונג, דערקלערט אין אַ שטאַרקער נאַציאָנאַליסטישער שטימונג. נאָך דעם בין איך בייגעווען ביי אַ לעקציע יידישע ליטעראַטור. מען האָט גראַד געלערנט „קידוש השם" פון שלום אַש, מיט אַ שטאַרקער רעליגיעזער שטימונג. אָבער צום סוף האָט דער לערער געמאַכט פאַר די תלמידים אַזאַ באַמערקונג: „אַזוי, קינדער, ווי אונדזערע זיידעס האָבן זיך מקריב געווען אויף קידוש השם פאַר זייער רעליגיע, דאַרפן מיר זיך מקריב זיין פאַר אונדזערע נייע אידעאַלן, ד"ה פאַר די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אידעאַלן".

מאַכנדיק אַן אינספּעקציע איבער אַלע היגע צישאָ־שולן, בין איך געקומען צו די רעזולטאַטן: א) די דאָזיקע שולן הייבן שטאַרק דעם כבוד און דעם ווערט פון דער יידישער שפּראַך, וואָס דאַרף זיין ביי אונדז אַלע זייער טייער, ווייל זי איז דאָך אונדזער אומגאַנג־און מוטער־שפּראַך, פון דעם רוב יידן אין גלות, דורך דעם וואָס זיי לערנען אין איר אַלע שול־לימודים, אויך וועקן זיי אין די קינדער יידישע נאַציאָנאַלע געפילן דורך דעם לימוד פון דער נייער יידישער ליטעראַטור; ב) זיי גיבן זייערע תלמידים וואָס זיינען פון די אָרעמסטע קלאַסן פון פאָלק אַ גוטע מאָראַלישע דערציאונג און מאַכן זיי פאַר גוטע קולטור־מענטשן און שטאָלצע יידן; ג) אָבער זיי גיבן גאַנץ ווייניק פון דעם לימוד העברעאיש — נאָר אויף אזוי פיל, וויפל עס איז נייטיק פאַר דער קענטעניש פון דער יידישער שפּראַך און פון דער יידישער ליטעראַטור; ד) זיי גיבן גאָרניט קיין רעליגיעזע לימודים.

## ח. די חדרים מתוקנים פון נאָך דער מלחמה

אין דער רוסישער עפּאָכע האָט דער חדר מתוקן זיך געראַנגלט מיט די ווילדע צאַרישע געזעצן, וואָס האָבן געמאַכט גרויסע שוועריקייטן און האָבן ניט צוגעלאָזן, אַז דער חדר מתוקן זאָל זיך פריי אַנטוויקלען. נאָך דער מלחמה, שוין אונטער דער פּוילישער רעגירונג, האָבן יידן באַקומען טיילווייזע פרייהייט זיך אַליין איינצואָרדענען זייערע שולן, פאָלקשולן און גימנאַזיעס. די פּוילישע מאַכט האָט זיי אַריינגענומען אין דער נעץ פון אירע אַלגעמיינע שולן. זיי זיינען געווען אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע שול־פאַראָרדענונגען, און די לערן־פּראָגראַמען פון די אַלגעמיינע לימודים זיינען געווען אונטער דער השגחה פון דער רעגירונג. אָבער די פּראָגראַמען פון די ספּעציעל יידישע לימודים האָט זי איבערגעלאָזן אין רשות פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן די שולן געבויט. יעדע יידישע פּאַרטיי האָט געוואָלט דורך דער קינדער־דערציאונג פאַרגרעסערן איר איינפלוס־ספערע אין יידישן פאָלק. דעריבער איז זייער גרויס געווען די קאָנקורענץ ביי זיי, דערהויפּט צווישן די אָרעמע פאָלקסמאַסן.

אָבער חוץ די אָפיציעלע פּאַרטיי־שולן זיינען געווען פּריוואַטע שולן, וואָס זיינען אַ פאָרזעצונג פון די פאַר־מלחמהדיקע חדרים מתוקנים. זיי זיינען געווען באַשטימט דאָס רוב פאַר די קינדער פון די פאַרמעגלעכערע שיכטן, און אַזעלכע

וואָס זיינען געשטימט רעליגיעז און נאַציאָנאַל, וואָס ווילן געבן זייערע קינדער אַ יידישע דערציאונג צווישן בעסער דערצויגענע קינדער, און אויך זיי גוט צוגרייטן צו די גימנאַזיעס, וואו זיי דאַרפן אויפגענומען ווערן. און ווייל דאָרט (חוץ אין דער העברעאישער גימנאַזיע) ווערן די יידישע לימודים געלערנט ניט אין דער געהעריקער מאָס, — מוזן זיי דאָ באַקומען דעם מעגלעך־גרעסטן חלק יידישע לימודים, אַזוי ווי תנך, העברעאישע שפּראַך, אגדה, משנה און תלמוד.

די פּאַרצייטיקע חדרים האָבן נאָר באַקומען אַן אַנדער פאָרעם. אין די אַלטע חדרים זיינען געווען קליינע גרופּעס קינדער, צו 6—10 קינדער אין אַ חדר. אין די פּריוואַטע נאָך־מלחמהדיקע חדרים מתוקנים זיינען געווען צווישן 50 ביז 150 קינדער. אין די אַלטע חדרים האָט דער מלמד אַליין אין זיין וואוינונג געלערנט מיט זיינע עטלעכע תלמידים נאָר למודי קודש, דערהויפּט גמרא, אפילו מיט גרויסע חתן־בחורים. אָבער היינט מוז יעדע קלענסטע שול לערנען אַלע שול־לימודים, דורך באַזונדערע קוואַליפיצירטע לערערס, אין אַ צוגעפּאַסטן לאָקאַל, און שטייט אונטער דער השגחה פון דער רעגירונג. דאָס אַלץ פּאָדערט אַזוינס, וואָס מען קען נאָר דערגרייכן ביי אַ גרעסערער צאָל קינדער. איז טאַקע די צאָל חדרים מתוקנים און פּאַלקשולן אַ סך קלענער ווי די צאָל אַמאָליקע חדרים, אָבער לויט דער צאָל תלמידים שטייגן זיי אַ סך אַריבער.

### די צווייספּראַכיקע ז־קלאַסיקע שול פון אליעזר עקשטיין

די קאָעדוקאַציע־שול פון אליעזר עקשטיין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1929. א. עקשטיין איז דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער „תחכמוני״־שול. די שול געפינט זיך אין מיטן שטאָט (קופּיעצקע 49, הויז טרילינג) אין זייער אַ באַקוועמען און פּאַסיקן לאָקאַל.

די פּראָגראַם פון די יידישע לימודים איז פון דער תרבות־שול. מען גייט אין איר דורך גאַנץ תנך, סדר השבוע מיט רשי (קיצורים), אָנהייב משניות און גמרא, יידישע געשיכטע, העברעאיש (עברית בעברית), אָבער די אַלגעמיינע לימודים ווערן געלערנט אין פּויליש.

די שול האָט 14 לערערס. זי פאַרמאָגט אַלע נייטיקע שול־מכשירים, זי האָט אויך אַ שול־קינאָ, אַ קינדער־ביבליאָטעק, אַ שפּיל־און טורן־זאַל. היינט (1933—34) לערנען דאָרט 210 תלמידים. יינגלעך 70% און מיידלעך 30%. דער שכר־למוד איז פון 10 ביז 25 זלאָטעס אַ חודש. די שול האָט אויך אַ קינדערגאָרטן פון 40 קינדער. דער בודזשעט איז 2,500—3,000 זלאָטעס מאָנאַטלעך. איך בין בייגע־ווען ביי לעקציעס פון העברעאיש, משנה און גמרא. די תלמידים זיינען געווען גוט אַנטוויקלט אין אַט די לימודים.

### בית ספר עלסאָן

אַ צווייטע קאָעדוקאַציע־שול איז דער בית־ספר עלסאָן אויף מאַזאָוויעצקע 16. די שול איז געגרינדעט געוואָרן 1926 לויט דער פּראָגראַם פון אַ תרבות־

שול. די יידישע לימודים ווערן געלערנט 15—18 שעה וועכנטלעך: חמשה חומשי תורה, נביאים ראשונים. פון אחרונים: ישעיה, ירמיה. מען לענט יידי־שע געשיכטע אויף העברעאיש. אין 6טן־7טן קלאַס לערנט מען אויך משניות. די שול האָט איצט 250 תלמידים, 160 יינגלעך און 90 מיידלעך. די יידישע לימודים ווערן געפירט עברית בעברית. שכר־לימוד איז פון 8—12 זלאָטעס. די שול האָט אַ גן־ילדים מיט 20 קינדער.

דער אייגנטימער און פירער פון דער שול איז אַ אינטעליגענטער יונגער־מאַן וואָס האָט אַבסאָלווירט אַ וואַרשעווער גימנאַזיע. די שול איז ניט שלעכט אַוועקגעשטעלט, אָבער לויט איר קאָנטיגענט שילערס (פון פיאַסקאָווער און כאַנאַיקער געגנט) פעלט דאָרט אַ ביסל דיסציפּלין. די דירה מיט די שול־מכשירים זיינען אויך ניט צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ גרויסער צאָל קינדער.

### בית דביר פון מרדכי באַיאַרסקי

די עלטסטע שול פאַר אָנפאַנגערס פון די אַמאָליקע חדרים מתוקנים, איז דער בית דביר פון מרדכי באַיאַרסקי. די שול איז געגרינעט געוואָרן פון ציוניסטן אויף צו לערנען עברית בעברית און איז שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן דעם היינטיקן באַזיצער. זי איז געווען פאַר דער מלחמה אַ פּאָפּולערע אָנפאַנג־שול פאַר בעלי־בתישע קינדער, וואו מען לערנט לימודי קודש, ווי חומש, חומש מיט רשי, נביאים, כתובים אויך משניות — נאָר אויף יידיש. די צאָל תלמידים איז היינט 80, שכר־לימוד איז פון 8 ביז 15 זלאָטעס אַ חודש. די שול געפינט זיך אויף קופּיעצקע 27.

### „דגל ישראל" פון אברהם גאָלדבערג

די שול „דגל ישראל" איז געגרינדעט געוואָרן ווי אַ רעליגיעזע שול אין 1915. שפּעטער איז זי אַריבער צו די שלומי אמוני ישראל. זי איז צוריק באַנייט געוואָרן 1926. היינט [1933—34] געפינט זי זיך אויף קופּיעצקע 11 און פאַר־מאָגט פיר אָפּטיילונגען. דער ערשטער קלאַס איז אַ פאַרשול. די פּראָגראַם איז רעליגיעז־נאַציאָנאַל. די לימודים זיינען עברית בעברית. די שול האָט 90 תלמידים, אַלע יינגלעך. איך בין געווען ביי עטלעכע לעקציעס, אויסגעהערט די קינדער, זייערע העברעאישע אָנפאַנג־לימודים קענען זיי גאַנץ גוט. דער באַ־זיצער פון דער שול איז אַ גוטער פּעדאַגאָג. דער שכר־למוד איז פון 6 ביז 10 זלאָטעס מאָנאַטלעך.

### יסוד התורה

די שול „יסוד התורה" איז געגרינדעט געוואָרן אין תרע"ח (1918) דורך דער אגודה, וואָס פאַר איר איז די תלמוד תורה־פּראָגראַם שוין אויך פאַרגעשריטן. אין דער שול ווערט געלערנט גוט תנך, בשלמות חומש מיט רשי, אויך בשלמות

מיט דקדוק. עס ווערט געלערנט פריער משניות און נאָך דעם גמרא — אַלץ לערנט מען אויף יידיש. דער לימוד פון העברעאיש ווי אַ שפּראַך ווערט ניט געלערנט. אָבער די לימודים פון תנך מיט גמרא שטייען אויף אַ הויכער מדרגה. די תלמידים צייכענען זיך אויס דערהויפּט אין לימוד התלמוד. עס ווערט גע־דאַוונט אין שול טעגלעך בציבור, אינדערפרי און מנחה, ווינטער אויך מעריב. עס לערנען אין דער שול 104 תלמידים, געוויינלעך נאָר יינגלעך. איר מנהל און הויפּטלערער איז יצחק לובעלסקי, אַ פּאָפּולערער גוטער לערער. שכר־למוד איז פון 5 ביז 8 זלאָטעס מאָנאַטלעך.

### די אָרטאָדאָקסישע שול פון ישראל־מאיר רובינשטיין

ישראל־מאיר רובינשטיין, דער גרינדער און באַזיצער פון דער שול, איז אַ באַקאַנטער גוטער העברעאישער לערער, דער געוועזענער מנהל פון דער תלמוד תורה. ער לערנט אין זיין שול, אויף נייוועלט 6, לויט דער זעלביקער פּראָגראַם וואָס די שול „יסוד התורה", אָבער מיט אַ צוגאָב פון לימוד העברע־איש ווי אַ שפּראַך. אָבער אַלץ ווערט געלערנט אין יידיש. אין די קינדער ווערן איינגעפּלאַנצט רעליגיעזע געפילן און קיום התורה. די שול איז פּעדאַגאָגיש גוט אָוועקגעשטעלט. עס אַרבעטן אין איר 6 לערערס און לערערינס. דער הויפּט־לערער פון די לימודי קודש איז דער באַזיצער אַליין. אין די לימודי חול העלפן אים זיינע טעכטער, איינע איז אַ מאַגיסטער־מאַטעמאַטיק. שכר־למוד איז פון 10 ביז 25 זלאָטעס מאָנאַטלעך. עס לערנען אין דער שול 50 תלמידים, נאָר יינגלעך.

## ט. די ביאַליסטאָקער ישיבות זינט דער אָקופּאַציע־צייט

### דער ביאַליסטאָקער קיבוץ

די ביאַליסטאָקער העכערע ישיבה (אויסער דער ת"ת־ישיבה), וואָס האָט זיך געפונען אין ר' אלי מיילאכס ישיבה־בנין אויף זשאַלטע גאַס, איז מחמת פאַרשיידענע סיבות פאַרמאַכט נאָך פון יאָר תרס"ו (1906), און אין יאָר תרע"ב (1912) איז אין דעם בנין געגרינדעט געוואָרן דער „גן ילדים"[15].

אויפן אָרט פון דער ישיבה וואָס האָט זיך פאַרמאַכט איז געגרינדעט געוואָרן אַ העכערע ישיבה אין דער אָקופּאַציע־צייט. עס האָבן זיך דעמאָלט אויפגעקליבן אין ביאַליסטאָק ישיבה־בחורים פון פאַרשיידענע ישיבות, וואָס זיינען אין יע־נער צייט געווען געשלאָסן. האָבן עטלעכע היגע פרומע עסקנים געגרינדעט פאַר זיי אַ פּראָוויזאָרישע ישיבה מיטן נאָמען „דער ביאַליסטאָקער קיבוץ". דער דאָזיקער שטאָטישער קיבוץ האָט אָבער ניט געהאַט קיין דירה קבועה און ער האָט זיך געוואַלגערט פון איין בית־מדרש אין צווייטן — פון „אורח חיים" בי"מ

15. זען פּנקס ביאַליסטאָק, ב' ו, ז' 381.

אין „אַלטן בית־מדרש" און פון דאָרט אין „חברה ש"ס"־בי"מ. ביז עס איז דערוועקט געוואָרן די פראַגע זיך צו באַזעצן אין דער אייגענער, אייגנטלעך פאַר אַ ישיבה באַשטימטער דירה — אין דעם בנין פון ר' אלי מייזלאַך. אָבער דאָ האָט די ישיבה געפונען די טויערן פאַרשלאָסן, ווייל דער „גן ילדים" האָט פאַר־נומען דעם אָרט פון דער ישיבה, און דער „בונד" האָט געוואָלט צואייגענען פאַר זיך דעם גאַנצן בנין, מיט דער חזקה פון 10 יאָר באַזיץ.

מאַדאַם בערטאַ מייזלאַך, אַ יורשטע פון אלי מייזלאַך, האָט דעמאָלט מיט דער הילף פון די גבאי הישיבה אַנגעגעבן אויף זיי אין געריכט. זי האָט דעם פּראָ־צעס געוואונען אין דער ערשטער און אין דער צווייטער אינסטאַנץ, און דאָס געריכט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דער ציש״אָ־אָרגאַניזאַציע צו באַפרייען דעם בנין פאַר דער ישיבה. מען איז דערווייל דורכגעקומען אין יאָר 1931 אָפּצו־געבן אויף 3 יאָר דער צישאָ פאַרן „גן ילדים" אַ האַלבן בנין, און דעם צווייטן האַלבן בנין מיטן בית־מדרש האָט פאַרנומען די ישיבה פון סטאַטישן קיבוץ.

ווען איך האָב באַזוכט דעם קיבוץ האָט ער אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ העכערן קלאַס פון דער היגער תלמוד־תורה, וואָס רופט זיך אויך אַן ישיבה. אין אים זאָגט אויך שאַרף שיעור אַ ייד אַ למדן. אין קיבוץ לערנען איצט [1933—34] אין גאַנצן 40 בחורים, דאָס רוב וואָס האָבן געענדיקט די היגע תלמוד־תורה־ישיבה. דער ראש־ישיבה איז דער היגער באַקאַנטער למדן ר' יעקב מתמיד. ער זאָגט צוויי מאָל אין וואָך, מאַנטיק און דאָנערשטיק, אַ שיעור. ווי ער האָט מיר דערציילט, זיינען אַלע בחורים לומדים צווישן זיי אויך מוסמכים. די פרעמדע בחורים באַקומען אויך צום עסן טעגלעך אין „הכנסת אורחים"־הויז. די ישיבה באַגרענעצט זיך נאָר אויף 40 תלמידים מחמת דוחק אין געלט.

איך האָב אַמאָל געפרעגט ר' הערש־לייב וואָלאָזשינער (נצי"ב) (בשעת ער איז געווען אַמאָל אין ביאַליסטאָק אויפצוקלייבן געלט פאַר דער וואָלאָזשינער ישיבה, וואָס האָט זיך דע־מאָלט געפונען אין אַ קריטישער לאַגע), פאַרוואָס ער איז אַ קעגנער צו לערנען די לאַנדשפּראַך און לימודי חול אין דער ישיבה. די אַלטע גאונים, ווי ר' סעדיה גאון און דער רמב"ם, האָבן דאָך געשריבן זייערע לומדישע ספרים פאַר זייערע תלמידים אין אַראַביש. דאָס באַווייזט אַז ניט נאָר זיי אַליין נאָר אויך זייערע תלמידים האָבן געקענט גוט אַראַביש. האָט ער מיר געענטפערט אויסווייכנדיק: — „איך בין ניט קעגן דער רוסישער שפּראַך נאָר איך זאָג, אַז די תלמידים וואָס קומען קיין וואָלאָזשין לערנען די יידישע תורה, דאַרפן שוין קענען רוסיש פון פריער; פאַר דעם לימוד איז וואָלאָזשין קיין אָרט ניט".

אָבער באמת האָט אויך די וואָלאָזשינער ישיבה ניט געקענט אָפּגעשלאָסן ווערן פאַר דער דעמאָלטדיקער השכלה־שטרעמונג, ווי עס איז מעיד איינער פון אירע געוועזענע תלמידים [16], האָבן זיך אין איר געפונען תלמידים, וואָס האָבן זיך דאָרטן אויסגעלערנט שפּראַכן און וויסנשאַפטן אַזוי ווי סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן, און עס זיינען געווען אַזעלכע תלמידים, וואָס לערנענדיק אין דער ישיבה 2—3 יאָר, האָבן זיי זיך פאַרפולקומט אין שפּראַכן און וויסנשאַפטן, און אַרויסגייענדיק פון דער ישיבה זיינען זיי גלייך אַריין אין 5—6טן קלאַס גימנאַזיע. עס האָבן זיך אויך געפונען צווישן זיי אַ סך בקיאים אין דער העברעאישער אַלטער און נייער ליטעראַטור, פיל פאַרשערס, שרייבערס און משוררים. נאָר זיי האָבן די ידיעות באַקומען

16. מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי (יב"ם) אין א. אַטלאַסעס בכרם, 67.

באיסור, באַהאַלטענערהייט. האָבן זיי דערפאַר געהאַלטן די לימודי קודש פאַר אַן אַנשיקעניש פון פינצטערן פאַנאַטיזם. דעריבער זיינען אַ סך פון זיי אַרויס לתרבות רעה און געוואָרן שונאים פון יידנטום.

אָבער אַז די דייטש־יידישע אָרטאָדאָקסן האָבן איינגעפירט אין זייערע ישיבות רבנים־סעמינאַרן צו לערנען צוזאַמען למודי קודש מיט לימודי חול, און זייערע תלמידים באַקומען גלייך מיט סמיכות אויף רבנות דעם טיטל דאָקטער אויף אַקאַדעמישע לימודים, שאַפט מען אַזוי אַרום אַ סינטעז צווישן יידישקייט און וועלטלעכקייט. האָבן אַט די סעמינאַרן דערצויגן פרומע אויסגעבילדעטע ראַבינערס, צווישן זיי אַפילו גרויסע קנאים. און אַזוי פירט זיך אויך די גרויסע „ישיבה רבי יצחק אלחנן" אין ניו־יאָרק, וואָס דערציט פרומע רבנים. אָבער אין די היינטיקע פוילישע ישיבות האָט מען פאַרקלאַפּט טיר און פענצטער און אָנגעשטעלט שומרים, אַז עס זאָל חלילה ניט אַריינדרינגען אין זיי אַ שטראַל פון בילדונג און וויסנשאַפט־ליכט, הן פרעמדע, הן יידישע.

די נאָוואַרעדאָקער מוסר־ישיבה אָדער „בית יוסף"

א י ר ג ע ש י כ ט ע. דער אייגנטלעכער מייסד פון מוסר־קרייזלעך און מוסר־ישיבות איז געווען דער באַקאַנטער גאון רבי ישראל סאַלאַנטער. ער און זיינע תלמידים האָבן איינגעפירט דעם לימוד מוסר ווי אַ הויפּט־לימוד לעבן תלמוד. אין יעדער ישיבה האָבן זיי געשאַפן אַ גרופּע פרימערע תלמידים, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן לימוד המוסר און מידות טובות.

דער גרינדער פון דער ישיבה אין נאָוואַרעדאָק, געבויט אויף די דאָזיקע יסודות, איז געווען אַ ליטווישער פּרוש ר' יוסף יוזל הורוויץ, באַקאַנט אונטערן נאָמען „בעל החורים". דער נאָמען נעמט זיך פון אַ פאָלקס־מעשה, וואָס דער־ציילט אַז אין זיין יוגנט, איז ער געזעסן און געלערנט בפרישות און התבודדות מערערע יאָרן אין אַ באַזונדער שטיבל, אָפּגעשלאָסן פאַר זיך, האָט ער געהאַט צוויי לעכער אין דער טיר פון זיין שטיבל, — איינע פאַר פליישיקס און די צווייטע פאַר מילכיקס, — וואָס דורך זיי האָבן פרומע לייט אים דערלאַנגט צו דערנערן זיך.

ר' יוסף־יוזל אַליין איז אַפילו ניט געווען אַ דירעקטער תלמיד פון ר' ישראל סאַלאַנטער. ער איז געווען נאָר זיינער אַ נאָכפאָלגער. ר' יוסף־יוזל האָט אין זיין ישיבה, וואָס ער האָט געגרינדעט אין נאָוואַרעדאָק, איינגעפירט אַ פיל ברייטערע מוסר־פּראָגראַם ווי אין אַלע איבעריקע מוסר־ישיבות, אַזוי ווייט אַז די ישיבות אין ליטע האָבן געהאַלטן זיין סיסטעם פאַר צו פיל עקסטרעם און האָבן זיך דעריבער באַצויגן צו זיין ישיבה נעגאַטיוו. כמעט אַלע גרויסע רבנים און גאונים פון פריערדיקן דור זיינען געווען קעגנערס צו זיין ישיבה. אין אָנהייב פון דער [ערשטער וועלט־] מלחמה האָט ער זיין ישיבה איבערגעטראָגן קיין האָמעל (ווייס־רוסלאַנד), און דאָ האָט הרב ר' יוסף־יוזל הורוויץ פאַרטראַכט אַ פּלאַן: יידן פון די אָקופּירטע גובערניעס זיינען אַנטלאָפן ווי פּליטים אין די צענטראַלע גובערניעס, און אין שעת חירום ווערן זייערע קינדער פאַרוואָרלאָזט אין רעליגיעזער דערציאונג. האָט ער משפיע געווען אויף זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלן אין אַלע שטעט, וואו עס איז נאָר מעגלעך, עפענען ישיבות קטנות פאַר

די קינדער פון די פליטים, מען זאָל די קינדער דערציען אין שטרענגן רעליגיעזן גייסט. די דאָזיקע אונטערנעמונג זיינע האָט נושא פירות געווען. צום סוף קריג זיינען געווען אין אַ סך רוסישע שטעט און שטעטלעך זיינע ישיבות קטנות (אייגנטלעך חדרים אין גרעסערן מאַסשטאַב). מאַטעריעל האָט זי טיילווייז מיטגעהאָלפן הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי פון ווילנע, וואָס איז געווען דער ממונה אויף די הילפס־פאָנדן פאַר די פליטים טיף אין רוסלאַנד.

אויך אונטער דער באַלשעוויסטישער מאַכט האָבן זיי נאָך אַ קורצע צייט עקסיסטירט, ביז די יעווסעקציע איז אויף זיי אויפמערקזאַם געוואָרן און האָט זיי סיסטעמאַטיש פאַרמאַכט און זייערע עסקנים טיילווייז אַרעסטירט.

ביני לביני איז אויך הרב יוסף־יוזל הורוויץ געשטאָרבן אין קיעוו פון אַ לונגען־אָנצינדונג. זיינע תלמידים האָבן דעמאָלט באַשלאָסן צו פאָרן צוריק קיין פוילן. פון קריג , רעוואָלוציע און אַלע זייערע באַגלייט־צרות און סכנות — זיינען זיי צוריקגעקומען קיין פוילן, מערסטן טיילס אומלעגאַל, ווייל דאָס רוב תלמידים זיינען שוין געווען געבירטיקע אין רוסלאַנד. די פוילישע מאַכט האָט זיי צוגעטיילט וואוין־און אַזיל־רעכט ווי פאַר פאָליטישע עמיגראַנטן, אַדאַנק דער השתדלות פון רעליגיעזע כלל־טוערס אין פוילן.

קיין ביאַליסטאָק זיינען זיי געקומען אין יאָר 1921. אין דער שפּיץ פון די תלמידים איז געשטאַנען זייער ראש־ישיבה ביז היינטיקן טאָג הרב רבי אברהם יאָפין (אַן איידעם פון הרב רבי יוסף יוזל הורוויץ). די שטאָט האָט זיך צוערשט באַצויגן צו זיי מיט אומצוטרוי צוליב זייער עקסטרעם־רעליגיעזער אויפפירונג און זייער אויסערלעך אויסטערלישן דערשיינען. אָבער לסוף האָבן זיי געוואונען די סימפּאַטיע ביי דער אָרטאָדאָקסישער באַפעלקערונג אַדאַנק זייער אויפריכ־טיקייט, תמימות און ערנסטקייט, און אויך צוליב דעם וואָס זיי האָבן אַליין אויך מיט דער צייט זיך אַביסל צוגעפּאַסט צום פוילישן באָדן. ספּעציעל געניסן זיי די סימפּאַטיע ביי דער אגודה, ווייל די ישיבה, פון איר זייט, שטיצט זי מאָראַליש און אפילו ביי פּאָליטישע אונטערנעמונגען. ביי די לעצטע קהילה־וואַלן אין ביאַליסטאָק האָט אפילו די ישיבה פון אירע רייען אַרויסגעגעבן אַ פרנס פון דער שומרי־שבת־ליסטע (פאַקטיש פון די אגודהניקעס און מוסרניקעס).

די ישיבה האָט היינט ביז 200 תלמידים, וואָס ניט געקוקט אויף דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אַנטוויקלען זיי אַ לעבהאַפטע טעטיקייט און האָבן שוין מיט הילף פון אויסלאַנד אָנגעהויבן צו בויען אַן אייגענעם גרויסן בנין.

חוץ דעם געוויינלעכן גמרא־לערנען ווערט אויף יעדן תלמיד אָבליגאַטאָריש אַרויפגעלייגט מינימום צוויי שעה יעדן טאָג דאָס לערנען מוסר: איין האַלבע שעה פאַר מנחה און אַ האַלבע שעה פאַר מעריב, און נאָך מעריב אַ האַלבע שעה אַ „חברים־מוסר־שמועסן" צווישן זיך. חוץ לזה איז פאַראַן אַ בית־מוסר אין אַ באַזונדערן בית־מדרש, וואו מען לערנט נאָך פרישטיק אַ געוויסע צייט מוסר, לויט יעדערנס וואונטש.

מוסר־ספרים ווערן געלערנט פון אַלע טיפן, סיי מיטאַלטערלעכע און סיי

פון אַנדערע תקופות. באַזונדער פלייסיק לערנט מען (און מיט אַ ספּעציעלן דבקותדיקן ניגון) „חובת הלבבות" פון רבינו בחיי, „מסלת ישרים" פון רמח"ל, „שערי תשובה" פון רבינו יונה און נאָך ענלעכע מוסר־ספרים, און „מדרגת האדם" אין צוועלף קליינע טיילן פון דעם מיסד ר' יוסף־יוזל.

ווייטער איז פון דער הנהלה באַשטימט אַ גרופּע עלטערע תלמידים, וואָס יעדערער פון זיי האָט אונטער זיין השגחה אַ געוויסע צאָל תלמידים (אַן ערך אַ 10 יעדערער).

יעדע וואָך האָט אַזאַ גרופּע ענגע באַראַטונגען פאַר רעליגיעזער פאַרשטאַר־קונג און אויספיינערונג פון מידות. באַזונדער אַכט ווערט געלייגט אויף דער אַנטוויקלונג פון די מידות פון בטחון אין גאָט, רעליגיעזער פעסטקייט און מסירות־נפשדיקע אַרבעט פאַר חברים אין גייסטיקן און עקאָנאָמישן זינען. עס ווערט אויך געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צו זיין דער עיקר אַ רעליגיעזער דער־ציער אויך נאָך דער חתונה. דער פועל־יוצא דערפון איז, אַז אויך אין פּוילן זיינען געגרינדעט געוואָרן אַ סך ישיבות קטנות דורך די עלטער געוואָרענע און חתונה־געהאַטע תלמידים.

גמרא לערנען אַלע אין מסכתא. דער ראש־ישיבה זאָגט צוויי מאָל וועכנטלעך, מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַ פּלפּול אין אַ סוגיא, לויטן סדר פון דער מסכתא וואָס מען לערנט. אין דעם אונטערשיידט זיך ניט די ישיבה פון אַנדערע ליטווישע ישיבות. חוץ דעם אָבער זאָגט דער ראש־ישיבה 2 מאָל אין דער וואָך אַ מין מוסר־דרשה, ווינטער פרייטיק צו נאַכטס און שבת צו נאַכטס, זומער זאָגט ער מיטוואָך ביינאַכט און שבת פרי, אַן ערך אַ שעה. די דרשה איז פאַרשטענדלעך אין גאַנצן נאָר פאַר זיינע תלמידים איבער דער ספּעציפישער מוסר־טערמינאָ־לאָגיע.

י"ז כסלו ווערט אָפּגעהיט דער יאָרצייט פון מייסד הרב רבי יוסף יוזל ז"ל דורך לערנען משניות, מוסר זאָגן און דערציילן זיינע מעשים טובים, וואָס דינט ווי דער עיקר פון זיין שיטה.

אין די 4 מוצאי שבתות פון ר"ח אלול ווערט געזאָגט דורכן ראש־ישיבה פאַר די תלמידים אַ באַזונדערער מין התעוררות־מוסר. אין דער סליחות־וואָך און אין עשרת ימי תשובה זיינען די חברים און די ועדים מקבל אויף זיך בתקיעת־כף געוויסע הנהגות און מדות טובות אויף געוויסע צייטן, למשל, ניט צום ריידן יעדן טאָג געוויסע שעהן קיין דברים בטלים, חוץ דברי תורה און מוסר, ניט אין כעס ווערן, דערווייטערן זיך פון כבוד און מכבד זיין את הבריות, מטיב זיין מיט חברים, דאַווענען מיט כוונות לויט געוויסע עיקרים פון תפילות.

לויט זייערע מוסר־פּרינציפּן פלעגן זיך די תלמידים לערנען צו באַפרייען זיך פון אָנגענומענע פירונגען, מבטל היש זיין, למשל, זיך צו פאַראייניקן מיט שנאָרערס — און מיטגיין מיט זיי בעטלען איבער די הייזער און לעבן אַ געוויסע צייט זייער לעבן, טראָגן לאַנגע ציצית וואָס באַמבלען זיך ארויס פון זייער קור־צער קליידונג, הגם געקליידט גייען זיי דווקא אייראָפּעאיש, געוויינלעך מערסטנ־

טיילס אין אָפּגעריסענע אָרעמע בגדים. מיט ריינלעכקייט צייכענען זיי זיך גאָר־ניט אויס, כאָטש נקיות, ריינלעכקייט אין קערפּער און אין גייסט — איז דער ערשטער פּרינציפּ פון יידישן מוסר. מיר האָט דערציילט דער דאָקטאָר, וואָס באַהאַנדלט זיי גאַנץ שרעקלעכס פון זייער שמוץ. זיי לייגן אויך ניט קיין אַכט אויף זייער געזונט־צושטאַנד. זיי ווערן דעריבער מערסטנטיילס באַפרייט פון מיליטער־דינסט, ווי עס האָט דערקלערט דער זעלביקער דאָקטאָר.

אויסער מוסר און מידות ווערט געלייגט פיל אַכט אויפן דאַווענען. עס ווערט געדאַוונט מיט גרויס התלהבות כמעט מיט התפשטות הגשמיות, מיט קולות וברקים, וואָס זיינען בוקע רקיעים. מען פּאַטשט, מען קלאַפּט מיט די הענט און די פיס און מען מאַכט דערביי פאַרשיידענע העוויות, איבערהויפּט אין די ימי התעוררות פון די ימים נוראים [17].

די נאָוואַרעדאָקער ישיבה איז אייגנטלעך אַ רעאַקציע, אַ קעגנווירקונג קעגן די איבעריקע ליטווישע ישיבות, וואָס ביי זיי איז דער הויפּטצוועק דער טרוקענער לימוד פון תלמוד און שולחן־ערוך מיט דער כוונה צו אַנטוויקלען ביי די תלמידים נאָר די חריפות פון שכל, אָבער ניט צו דערוועקן ביי זיי די געפילן פון האַרצן און צו אַנטוויקלען ביי זיי די מחשבה שבלב וועגן מוסר און מידות — די עטיק, וואָס דאָס איז אייגנטלעך דער הויפּט־צוועק פון לימוד התורה ביי יידן.

צוליב איר קעגנערשאַפט צום איינגעשטעלטן דרך אין די ליטווישע ישיבות האָבן די גרויסע רבנים פון פאַר דער מלחמה זי געררודפט. אפילו ר' חיים בריסקער, דער פּרימסטער צווישן זיי, האָט פאַרבאָטן איר משולח צו דרשענען אין די בריסקער בתי־מדרשים און צו קלייבן געלט פאַר דער ישיבה. אויך נאָך דער מלחמה האָט מען — ווי מען האָט מיר איבער־געגעבן — זיי ניט אַריינגעלאָזן אין די גרויסע קהילות, ווי אין ווילנע. ביאַליסטאָק אָבער האָט שוין ניט געהאַט און האָט איצט ניט קיין גרויסע תלמודישע אויטאָריטעטן זיך אַנט־קעגנשטעלן אָט די מוסרניקעס. האָט דער בית־יוסף דאָ זיך באַזעצט און געשאַפן דאָ פאַר זיך אַ צענטער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אויסצוהאַלטן אַזאַ אויסטערלישע ישיבה אין דער היינטיקער פּראַקטישער און שווערער צייט קומט אָן זייער שווער, אפילו ביי דער גרויסער ענערגישער אַרבעט פון איר ראש־ישיבה, וואס איז גלייכצייטיק איר מנהל און באַזאָרגער פון אַלע אירע מאַטעריעלע מיטלען. ער פירט געלט־זאַמלונגען אין דער גאַנצער יידישער וועלט און אויך אין ביאַליסטאָק, וואו מע קריגט פּראָדוקטן [18] פאַר די תלמידים. דער מאַטעריעלער צושטאַנד

---

17. ד״ר אהרן קאַמינקאָ פון ווין איז אַמאָל דאָ אַראָפּגעקומען אויף אַ שליחות פון הילפס־פאַראיין צו אונטערזוכן די ישיבה, וואָס האָט ביי אים געפאָדערט אונטערשטיצונג. האָט ער געזאָגט, אַז אַזוינס האָט ער בייגעוואוינט נאָר ביי די דערווישן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, כאָטש ביי אונדז רופן זיך די הויפּט־תפילות פון שמונה עשרה „תפלה בלחש״, און די גמרא זאָגט: רחמנא ליבא בעי (סנהדרין, קו, ע״ב) יכול ישמיע קולו בתפלתו כבר מפורש על ידי חנה שנאמר (שמו״א א׳) וקולה לא ישמע (ברכות, ל״א ע״א), זען אין של״ה, מסכת תמיד, עניני תפילה, וואו ער באַווייזט אויך פון זהר, אַז מען טאָר ניט משמיע קול זיין און מאַכן באַוועגונגען אין דאַוונען.

18. דער ראש ישיבה איז אפילו זייער אַ פּעאיקער און אַן ענערגישער מענטש, דאָך באַקלאָגט מען זיך אויף אים, היות ווי ער איז טרוד אין די געזעלשאַפטלעכע און מאַטער־יעלע ענינים פון דער ישיבה, קען ער זיך דאָך שוין ניט אָפּגעבן מיט לערנען.

אין דער ישיבה איז זייער אַ שלעכטער. דעריבער האָט טאַקע דער דאָקטאָר פון ישיבה איבער־געגעבן אַ שרעקלעך בילד פון דעם היגיענישן און פיזישן צושטאַנד פון די תלמידים.

## י. די בית־יעקב שולן

די פרומע יידן פון „אגודה" אָדער „שלומי אמוני ישראל" האָבן זיך ענדלעך אַרומגעזען, אַז זיי האָבן זיך שטאַרק פאַרזינדיקט געגן יידישן דת מיט דער דערציאונג פון זייערע טעכטער. אָפּגעבנדיק זיי לערנען אין די קריסטלעכע שולן און גימנאַזיעס, דערציענדיק זיי אויף די אייראָפּעאישע אַנדערש־גלויביקע ליטעראַטורן און גלייכצייטיק פאַרשליסנדיק פאַר זיי די דערציאונג־קוואַלן פון יידיש, תנך און תלמוד, האָבן זיי זייערע טעכטער דערצויגן צו אַסימילאַציע און שמד. האָבן זיי דעריבער אָנגעהויבן גרינדן פון יאָר תרפ"א (1921) אַ נעץ רע־ליגיעזע מיידל־שולן אונטערן נאָמען „בית יעקב". זיי האָבן אויך געגרינדעט אַ סעמינאַר צו דערציען לערערקעס פאַר די בית־יעקב־שולן. זיי באַמיען זיך צו שאַפן די נייטיקע פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור.

אין ביאַליסטאָק איז געגרינדעט געוואָרן אַזאַ „בית יעקב"־שול חשוון תר"ץ, (1929). די שול געפינט זיך היינט אויף ניי־וועלט 6. זי האָט 150 שילרערינס, מיט 6 לערערינס און אַ פאַרוואַלטער. איר יערלעכער בודזשעט איז 9,000 זלאָטעס. איר הכנסה איז פון שכר־לימוד, פון 4 ביז 10 זלאָטעס מאָנאַטלעך. די שול קריגט אונטערשטיצונג פון מאַגיסטראַט (1,800 זלאָטעס) און פון ועד הקהל.

די שול נעמט אַרום 7 קלאַסן און דויערט 7 שוליאָרן. אין יעדן קלאַס זיינען פאַראַן צוויי לעקציעס פון יידישע לימודים טעגלעך ד"ה 10 לעקציעס וועכנט־לעך, אַ לעקציע דויערט 45 מינוט. שילערינס ווערן אָנגענומען פון 6 ביז 7 יאָר און זיי ענדיקן די שול אין 13טן אָדער 14טן לעבנסיאָר. דערנאָך קומען זיי אָן אין די בנות־גרופּעס. די אַלגעמיינע לימודים ווערן געלערנט ווי אין די פּאָוו־שעכנע שולן.

די שילערינס ווערן דערצויגן לויטן רעגולאַמין שטרענג רעליגיעז, צניעותדיק און מאָראַליש. עס זיינען דאָ באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס אַרום די שולן. אין שולן מיט לימודי חול הייבט זיך אָן דער שוליאָר דעם ערשטן סעפּטעמבער, ווי אין דער רעגירונגס־שול, אין שולן מיט בלויז לימודי קודש הייבט זיך דער לערנ־יאָר אָן ראש חודש חשוון.

אין רעגולאַמין פאַר די לערערינס איז פאַראַן אַ פּונקט: מיט די שילערינס רעדן נאָר יידיש. נאָך פּונקטן פון דעם רעגולאַמין: שטרענג אַכטונג געבן אויף זייער צניעותדיקער קליידונג; זיי זאָלן זיך ניט חברן מיט חברות וואָס געהערן ניט צו רעליגיעזע פאַראיינען; זיי זאָלן ניט אָנטייל נעמען, אָן דער הסכמה פון דער לערערין, אין אַ בלימל־פאַרקויף; יעדער שבת ראש־חודש־בענטשן גיין מיט די שילערינס דאַוונען אין שול; איינפירן בנות־גרופּעס פאַר דער יוגנט; פאַר די לימודים און נאָך די לימודים זאָגן מיט די שילערינס פון יעדער קלאַס אַלע צוזאַמען צוגעפּאַסטע נוסחאות פון תפילות.

די הויפּט־לימודים און לעקציעס פון „בית יעקב" שולן זיינען א) תפילה מיט פּירוש, ב) דינים און שמועסן, ג) חומש, ד) נביאים וכתובים, ה) יידישע שפּראַך, ו) כללי הדקדוק פון לשון הקדש, צוזאַמען פון חומש מיט נ"כ, ז) יידישע געשיכטע.

פאַר יידישע לימודים גיט מען אָפּ אין די בית־יעקב־שולן צו צען שעה אַ וואָך. תפילה לערנט מען אין ערשטן קלאַס — פיר שעה; אין צווייטן קלאַס — פינף שעה; אין דריטן קלאַס און אין פערטן — דריי שעה; אין פינפטן — צוויי שעה, און אין זעקסטן און זיבעטן — צו איין שעה. דת (דינים און מנהגים און אַלגעמיינע רעליגיעזע אָנווייזונגען) ווערט געלערנט אין ערשטן קלאַס דריי שעה; אין צווייטן און דריטן — צוויי שעה; אין פערטן און פינפטן — צו איין שעה. חומש מיט עלעמענטן פון דקדוק הייבט מען אָן צו לערנען פון דריטן קלאַס אָן צוויי שעה אַ וואָך; אין פערטן קלאַס — דריי שעה; אין די עלטערע דריי קלאַסן: אין פינפטן קלאַס איין שעה און אין די לעצטע צוויי צו דריי שעה. געשיכטע הייבט מען אָן לערנען פון צווייטן קלאַס אָן, צו איין שעה אַ וואָך, אין די לעצטע צוויי קלאַסן — צו צוויי שעה אַ וואָך.

יידיש לערנט מען פון ערשטן קלאַס אָן; אין ערשטן קלאַס — דריי שעה; אין צווייטן, דריטן און פערטן — צוויי שעה, און אין פינפטן — איין שעה.

## יא. פּריוואַטע אָנפאַנגשולן פאַר מיידלעך [19]

### די פּריוואַטע מיידל־שול פון ש. פיינזילבער

די שול פון ש. פיינזילבער איז געגרינדעט געוואָרן נאָך ביי דער רוסישער מאַכט, אין יאָר 1907 און איז געווען זייער פּאָפּולער אין שטאָט. די שול געפינט זיך אויף זאַמענהאָף 14. נאָך דער מלחמה איז זי איבערגעגאַנגען פון רוסיש אויף פּויליש. זי פאַרמאָגט גוטע קוואַליפיצירטע לערערס. עס זיינען געווען צייטן, ווען זי האָט געהאַט ביז 160 שילערינס, היינט צוליב דער קאָנקורענץ האָט זי צוזאַמען מיט אַ פּרעבלשול נאָר אַ 70 שילערינס. עס ווערט אין איר געלערנט פּויליש, העברעאיש, פראַנצויזיש, צייכענען, געזאַנג, גימנאַסטיק. די לערנשפּראַך איז פּויליש. ענדיקנדיק די שול, קומען די שילערינס אַריין אין 3טן קלאַס גימנאַזיע. די שול געפינט זיך אין אַ זייער באַקוועמען, צוגעפּאַסטן לאָקאַל. די שילערינס ווערן דערצויגן אין ציוניסטיש־נאַציאָנאַלן גייסט. די העברעאישע לימודים זיינען אין איר גוט אָנגעשטעלט.

באַזונדיק די שול בין איך געווען ביי אַ לעקציע פון העברעאיש אין 5—6טן

19. [דער מחבר האָט דורכגעלאָזן די פּריוואַטע מיידל־שול פון ל. גרינהויז וועלכע האָט עקזיסטירט זינט 1895 ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער לערער גרינהויז געפינט זיך זינט 1917 אין ניו יאָרק. — די אַרויסגעבער].

קלאַס. זיינען די העברעאישע ידיעות פון די שילערינס אין ריידן, דערציילן און רעפערירן די העברעאישע לימודים געווען אויסגעצייכנט, ניט ערגער ווי אין אַ תרבות־שול אין אַן אַנאַלאָגישן קלאַס. זיך אונטערהאַלטנדיק מיט די שילע־רינס האָב איך אויסגעפונען אַז זיי זיינען ציוניסטיש געשטימט און העברעערינס.

די פּריוואַטע מיידל־שול פון ל. ח. באָגדאַנאָווסקי

אין דעם זעלביקן יאָר 1907 איז געגרינדעט די 2טע פּריוואַטע שול פאַר מייד־לעך מיט דער זעלביקער פּראָגראַם. די שול פון ח. באָגדאַנאָווסקי איז אויך גע־ווען פּאָפּולער אין דער יידישער געזעלשאַפט פאַר דער מלחמה, אָבער די לעצטע יאָרן האָט זי זיך נאָך מער אַנטוויקלט. דער באַזיצער, וואָס איז אַ יינגערער ענער־גישער מענטש, דערצו קינדערלאָז, האָט זיין גאַנצע ענערגיע אָפּגעגעבן דער שול זי אויסצובעסערן און צו פאַרפולקומען. צו איר 25־יאָריקן יובילײ, אַפּריל 1932, איז די שול אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין איר איצטיקער נייער באַקווע־מער, צוגעפּאַסטער דירה פון 10 צימערן אויף סענקעוויטשע גאַס, ראָג יידן־גאַס. עס איז פאַרברייטערט געוואָרן די לערן־פּראָגראַם פון דער שול צו דער מדרגה פון אַ פּראָגימנאַזיע. עס ווערט אין איר געלערנט העברעאיש אין אַ גענוגיקער מאָס דורכן באַזיצער אַליין און דורך אַ געשולטער העברעאישער לערערין. די שילערינס רעדן געלויפיק העברעאיש; זיי דערציילן, רעפערירן גוט אויף העב־רעאיש פון תנך און פון כרעסטאָמאַטיעס, זיי זיינען ציוניסטקעס און העברעאיסט־קעס. איך האָב זייער הנאה געהאַט, אונטערהאַלטנדיק זיך מיט זיי אין העברע־איש און הערנדיק פון זיי זייער איבערגעגעבנקייט צו העברעאיש און צום יידנטום.

## יב. די יידיש־פּוילישע פּריוואַטע גימנאַזיעס [20]

די דייטש־יידישע און שפּעטער די פּויליש־יידישע גימנאַזיע פון ד״ר ש. גוטמאַן

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט ביאַליסטאָק, האָבן זיך פאַרמאַכט אַלע רו־סישע מיטלשולן. די דייטשישע מאַכט האָט ניט געזאָרגט פאַר דער בילדונג פאַר דער מער אונטערגעוואַקסענער יוגנט פון די מיטלשולן. דאָס האָבן גע־טאָן צוויי פּריוואַטע פּערזאָנען. אַ טעטיקער מיטגליד פון חובבי שפת עבר, ד״ר ש. גוטמאַן, האָט געגרינדעט דעם 25טן אָקטאָבער, 1915, אַ יידיש־דייטשע מיטלשול מיט דער דייטשער אונטערריכט־שפּראַך און מיט אַ פּראָגראַם פון העב־רעאיש, יידישע געשיכטע און ליטעראַטור. די גימנאַזיע איז געווען אין דעם בנין פון דער געוועזענער מיידל־גימנאַזיע פון כוואָלעס. גלייכצייטיק האָט זיך

20. וועגן די יידיש־פּוילישע גימנאַזיעס זען אויספירלעך אין ביאַליסטאָקער יאָרבוך, 1932—1933.

געעפנט אַ קריסטלעך־דייטשע מיטלשול אונטערן אָנפיר פון פּאַסטאָר ווילדע (געוועזענער דייטשער לערער אין קאָמערץ־שול). פון אָנהייב האָבן זיך יידן אַ לאָז געטאָן צו אים ווי צו אַן עכטן דייטש און געוועזענעם דייטשן לערער פון אַ ביאַ־ליסטאָקער מיטלשול. אָבער ביסלעכווייז האָט אים די גימנאַזיע פון ד״ר גוטמאַן פאַרקאָנקורירט מיט אירע בעסערע לערער־קרעפטן, אַזוי אַז די גימנאַזיע פון ד״ר ש. גוטמאַן, וואָס האָט אָנגעהויבן דאָס ערשטע יאָר פון דער אָקופּאַציע מיט 240 תלמידים־ות, האָט געהאַט אין לעצטן יאָר פון דער אָקופּאַציע (1918) אַן ערך 640 תלמידים און תלמידות.

די דייטשע מאַכט האָט זיך באַצויגן צו דער פּריוואַטער גימנאַזיע גאַנץ סימפּאַטיש, אפשר ווייל די שול האָט געהאַט אַזעלכע יידיש־דייטשע פאַך־לע־רערס ווי ד״ר ווילהעלם לעווי, ד״ר דייטשלענדער, ד״ר בעזינג און אַנדערע. די מאַכט האָט איר געגעבן די זעלביקע רעכט וואָס דער קריסטלעך־דייטשער גימנאַזיע. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די דייטשע מאַכט האָט זיך באַמיט אויסצובילדן די אָרטיקע לערערס, איינאָרדענען פאַר זיי ספּעציעלע קורסן, פאַר־טראָגן, רעפעראַטן אד״גל.

די לערן־מעטאָדן אין דער גימנאַזיע זיינען געווען די זעלביקע ווי אין די דייטשע מיטלשולן אין פּרייסן. די גימנאַזיע האָט אויך איבערגענומען דעם פּרייסישן רעגולאַמין — מיט שטרענגער דיסציפּלין — ביז פיזישער שטראָף. דאָס לערנען אַליין פלעגט פאָרקומען נאָר פון בוך, אָן מיטהילף פון אָנשוילעכע מיטלען און עקספּערימענטאַלע אַרבעטן.

צו אַלע שול־פייערונגען פלעגן קומען ניט נאָר די ציווילע דייטשע מאַכט ווי דער שטאָט־הויפּטמאַן נאָר אויך פאָרשטייערס פון זייער העכסטער מיליטע־רישער מאַכט, פון דער אָבער־אָסט־קוואַרטיר אין ביאַליסטאָק. אַן אָנגענעמען איינדרוק פלעגן אויף זיי מאַכן די כאָראַלע געזאַנגען און די פאָרשטעלונגען אונ־טערן אָנפיר פון פאַרשטאָרבענעם דיריגענט יעקב בערמאַן.

מיטן אַרויסמאַרש פון דער דייטשער און אַריינטריט פון דער פּוילישער מאַכט האָט זיך דער צושטאַנד געביטן. עס ווערט גלייך איינגעפירט דאָס לער־נען פּויליש. ווי העברעאישע לערערס פון שפּראַך, ליטעראַטור און יידישער געשיכטע ווערן איינגעלאַדן די ה״ה בערך און שקאָלניק. די גימנאַזיע באַקומט אַ מער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. עס ווערט געלייגט אַכט אויפן למוד פון העברעאיש און מנהגי ישראל. אָבער די לערן־שעהן פאַר העברעאיש זיינען ניט גענוג. ביסלעכווייז איז די גימנאַזיע געוואָרן פון דעם טיפּ פּויליש־יידישע גימנאַזיעס.

ווען פּרוי כוואָלעס, די אינהאַבערין פון גימנאַזיע־לאָקאַל איז צוריקגעקומען, טראָגט זיך די גימנאַזיע אַריבער אין דעם בנין פון געוו. אַלעקסאַנדראָווס גימנאַ־זיע (פּאַלאַצאָווע 2).

די שול באַזיצט איצט רעגירונגס־רעכט, און זי האָט שוין באַוויזן צו האָבן 9 אַרויסלאָזן פון מאַטוריסטן מיט אַן אַלגעמיינער צאָל פון 133 אַבסאָלווענטן תלמידים־ות. אַ סך פון זיי האָבן שוין פאַרענדיקט זייער הויכשול־בילדונג אין

לאַנד און אין אויסלאַנד און זיינען געוואָרן מעדיצינער, יוריסטן, לערערס אאז״ו. פון דער גימנאַזיע זיינען אַרויסגעקומען עטלעכע יונגע געלערנטע.

די גימנאַזיע צייכנט זיך אויס מיט איר נאַציאָנאַלן ציוניסטישן גייסט. מען לערנט אין איר העברעאיש אין אַ גרעסערער מאָס ווי אין אַנדערע יידיש־פּוילישע גימנאַזיעס. זי איז שטאַרק פּאָפּולער ביי דעם יידישן מיטלקלאַס. אין איר געפינען זיך אַלע נייטיקע מכשירים. זי האָט אַ גוטן לערער־פּערסאָנאַל. אין לערניאָר 1935—36 לערנען אין איר 225 תלמידים, — 125 שילערס און 100 שילערינס. העברעאיש ווערט אין איר געלערנט פון 3 ביז 6 שעה וועכנטלעך. מע לערנט אויך תנך אין העברעאיש (דאָס זיינען די אָפיציעלע רעליגיע־שעהן) און אויך יידישע געשיכטע צו 2 שעה אַ וואָך.

### גימנאַזיע פון ד. דרוסקין

די 8־קלאַסיקע קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע אויף שליאַכעצקע 4 איז געגרינדעט געוואָרן פון דעם געוועזענעם אינסטיטוטשיק ד. דרוסקין. ער האָט נאָך אונטער דער רוסישער מאַכט געהאַט אַ פּראָגימנאַזיע.

אין די אָקופּאַציע־צייטן איז די שול ניט געווען טעטיק. דעם בנין האָט פאַר־נומען דאָס אָקופּאַציע־מיליטער. ביים איבערנעמען די שטאָט דורך דער פּוילי־שער מאַכט אָרגאַניזירט ד. דרוסקין אַ יידיש־פּוילישע גימנאַזיע. זי איז פון אָנהייב אָן אָנערקענט געוואָרן פון דער פּוילישער מאַכט ווי אַ פולבאַרעכטיקטע, אין 1931—1932 האָט זי באַקומען פולע רעכט פון אַ רעגירונגס־שול, קאַטעגאָריע איינס. מיט דעם איז די גימנאַזיע די ערשטע אויפן גאַנצן שטח פון ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט. די דאָזיקע רעגירונג־אויסצייכענונג האָט איר פאַרשאַפט די גרעסטע צאָל יידישע שילערס, דערהויפּט פון דעם גאַנצן רייכערן און באַ־מיטלטן קלאַס. אויך דער שכר־למוד איז ביי איר דער גרעסטער. זי האָט שוין געמאַכט מערערע אַרויסלאָזן. עס איז ביי איר אַלץ רייך אָוועקגעשטעלט מיט אַ 20־קעפּיקן גוטן לערער־פּערסאָנאַל. אויפן רעליגיע־לימוד און אויף העברעאיש ווערט געלייגט ווייניק אַכט. אין די קלענערע קלאַסן לערנט מען עטלעכע שעה וועכנטלעך העברעאיש. דער דירעקטאָר טילעמאַן האָט מיר גע־זאָגט, אַז עס ווערט געפּלאַנט צו פאַרגרעסערן העברעאיש און אָנשטעלן אַ גע־שולטן לערער. אין לערניאָר 1935—36 זיינען געווען 320 תלמידים, — 220 מיידלעך, 100 ייגלעך. די פיל קלענערע צאָל שילערס ווי שילערינס קומט פון דעם ניט באַאַכטן די יידישע רעליגיע און העברעאיש.

### גימנאַזיע פון זעליגמאַן, לעבענהאַפּט און דערעטשינסקי

די גימנאַזיע איז אייגנטלעך ניט קיין יידיש־פּוילישע נאָר אַ פולקום פּוילישע גימנאַזיע, וואָס אין איר לערנען נאָר 25% יידן, אָבער אירע באַזיצערס זיינען יידן. די גימנאַזיע איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919 דורך אַ גע־

מישטער קאָמיסיע פון יידן און קריסטן, און האָט זיך געפונען אין בנין פון אַמאָ־ליקער קאָמערץ־שול מיט 2 אָפּטיילן, אַ הומאַניסטישן און פון האַנדלס־טיפּ. צוזאַמען זיינען געווען 16 קלאַסן. כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט צו ענדיקן דעם שטודיום דעם טייל יוגנט וואָס האָט זיך דעמאָלט צוריקגעקערט פון רוסלאַנד איז אין די העכערע קלאַסן דעריבער רוסיש געווען די לימודים־שפּראַך. אין משך פון די ערשטע צוויי יאָר זיינען אַלע קלאַסן אַריבער אויף פּויליש, און שוין אין יאָר 1921—22 זיינען די אַביטוריענטן פון דער גימנאַזיע געשטאַנען פאַר דער מלוכהשער עקזאַמינירקאָמיסיע און באַקומען מאַטורעס. דאָס איז געווען די ערשטע מאַטורע אין ביאַליסטאָקער פּריוואַטער גימנאַזיע. זינט יענעם יאָר געפינט זיך די גימנאַזיע אין גרויסן בנין אויף סענקעוויטשאַ 4. אין די ערשטע צוויי יאָרן האָט די גימנאַזיע אַרויסגעלאָזן איבער 150 אַביטוריענטן. אין שול־יאָר 1921—1922 האָבן געקריגן מאַטורעס 207 אַביטוריענטן. די גימנאַזיע האָט זיך טאַקע גערעכנט פאַר אַן אַביטוריענטן־גימנאַזיע.

נאָך היינט איז די גרונט־אידיי פון דער גימנאַזיע צו דערציען די יוגנט אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט אין גייסט פון קעגנזייטיקער פריינד־שאַפט און צוטרוי.

איצט האָט די גימנאַזיע 8 קלאַסן און 2 צוגרייטונגס־קלאַסן מיט 252 שי־לערס, דערפון יידישע נאָר 75. יידישע רעליגיע און יידישע געשיכטע ווערן געלערנט — 6 שעה וועכנטלעך.

די געזעלשאַפטלעכע קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע

די גימנאַזיע איז געגרינדעט געוואָרן פון דער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1925. זי געפינט זיך אויף קו־פּיעצקע 41. רעגירונגס־רעכט האָט זי באַקומען אין 1930. אין איר לערנען 200 שילערס, 100 יינגלעך און 100 מיידלעך. העברעאיש ווערט אין איר געלערנט 4 שעה אַ וואָך, מען לערנט אויך אַ געקירצטן חומש, נביאים ראשונים און אָפּ־שניטן פון אַחרונים.

## יג. די פּוילישע מלוכהשע פאָלקשולן אין ביאַליסטאָק

לויט אַ באַריכט פון שול־אינספּעקטאָר אין קאַבינעט פון שטאָט־פּרעזי־דענט אויף דער ערשטער זיצונג פון שטאָטישן שולראַט פאַרן יאָר 1934—1935, געפינען זיך אין שטאָט פופצן געוויינלעכע פאָלקשולן און איין שול פאַר דעפעק־טיווע קינדער. אין אַלע שולן לערנען 7,980 שילערס, דערפון 5,934 קריסט־לעכע קינדער, 832 יידישע, 743 פּראַוואָסלאַוונע, 284 עוואַנגעלישע, 187 פון אַנדערע אמונות. אין אַלע שולן געפינען זיך 115 צימערן, דערין 50 אין אייגע־נע בנינים. 18 זיינען ניט צוגעפּאַסט צוליב איינגשאַפט. אין אַנדערע געפינען זיך צו 70 שילערס אין אַ קלאַס.

אין קומענדיקן שטאַטישן בודזשעט פאַר 1935—36 ווערט פּרעלימינירט פאַר די פאָלקשולן 221,230 זל׳ (זע אונזער לעבן, 21טער אָקטאָבער 1934 נומער 240).

אין די 2 פּוילישע מענער־גימנאַזיעס האָבן זיך געלערנט אין דעם זעלביקן יאָר 70 יידישע שילערס.

אין דער מיידל־גימנאַזיע האָבן זיך געלערנט אַן ערך 50 יידישע שילערינס.

אויף אַזאַ אופן האָבן 952 יידישע קינדער זיך געלערנט אין פּוילישע שולן, אין אַ פרעמדער סביבה און אָן יידישע לימודים.

## יד. די ביאַליסטאָקער יידישע ביבליאָטעקן

### די שלום עליכם־ביבליאָטעק

איינע פון די ניצלעכסטע קולטורעלע און דערציערישע אינסטיטוציעס אין ביאַליסטאָק איז די אַזוי גערופענע שלום עליכם־ביבליאָטעק. די דאָזיקע ביב־ליאָטעק האָט געזאָלט געגרינדעט ווערן אין אָנהייב פון דער ביאַליסטאָקער קהילה נאָך דער אָקופּאַציע. מען האָט שוין געהאַט באַשטימט פאַר איר אַן אָרט אין לאָקאַל פון דער האַנטווערקער־שול. אויסער די ביכער פון דער געוועזענער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק איז דער יסוד געווען אַ ביכער־זאַמלונג פון אַ היגן יונגענמאַן גלאַגאָווסקי (שפּינמייסטער), אַ בעל־הבתישער משכיל. ער האָט געהאַט אַ ביבליאָמאַניע און זיינע לעצטע גראָשנס האָט ער אָפּגעגעבן אויף צו קויפן ביכער אין אַלע דריי גאַנגבאַרע שפּראַכן (רוסיש, דייטש, העברעאיש). ער האָט געקויפט ביכער אָן שום אויסוואַל פון אַ רוסישן שונד־ראָמאַן ביז אַן ערנסט פילאָזאָפיש בוך. אַזוי האָט ער צונויפגעקליבן ביז 4,000 ביכער. ענדלעך איז אים ענג געוואָרן דער פּלאַץ פאַר אַזאַ גרויסן קוואַנטום ביכער. פילנדיק אויך אַ דוחק אין געלט, האָט ער פאָרגעלייגט דער קהילה אָפּצוקויפן זיינע ביכער, און אַז זי האָט נישט איינגעשטימט, האָט ער איר פאָרגעלייגט איר אויסצולייען זיין ביכער־זאַמלונג פאַר איר געפּלאַנטער ביבליאָטעק קעגן חודשדיקע ניצגעלט, אויף וואָס די קהילה האָט איינגעשטימט.

איך בין דעמאָלט מיט דעם פאַרשטאָרבענעם קאָטיק אויסגעקליבן געוואָרן איינצואָרדענען די דאָזיקע ביבליאָטעק. אָבער איינזעענדיק דעם דאָזיקן מיש־מאַש ביכער און ניט באַקומענדיק פון דער קהילה די נייטיקע געלט־מיטלען אויף איינצוקויפן די נייטיקע ביכער און אויסצוהאַלטן אַזאַ ביבליאָטעק, האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט אָנטייל צו נעמען אין דער ווייטערדיקער אַרבעט. איז ממילא דער פּלאַן צו שאַפן אַ קהילה־ביבליאָטעק בטל געוואָרן.

דעמאָלט האָט גלאַגאָווסקי געזוכט און געפונען, אַז דער „יוגנט־פאַראיין", וואָס האָט שוין געגרינדעט אין דער אָקופּאַציע־צייט אַ קליינע ביבליאָטעק מיט 1000 ביכער אין מאַי 1916, איז איינשטימיק ביי אים צו נעמען 2,000 ביכער געגן חודשדיקע ניצגעלט און צו גרינדן אַן אייגענע ביבליאָטעק. און זיי האָבן זייער

פלאַן אויסגעפירט און האָבן געגרינדעט דעם 30טן מאַי 1918 די איצטיקע ביב־ליאָטעק אונטערן נאָמען „שלום עליכם־ביבליאָטעק".

מיט גרויס ענערגיע האָבן זיי אין זייער ביבליאָטעק אַריינגענומען די בי־כער פון אַלע פאַראיינען־ביבליאָטעקן, פון דער געוועזענער געזעלשאַפטלע־כער ביבליאָטעק אין דער קהילה, און אין יאָר 1923 האָבן זיי אָפּגעקויפט די גאַנצע ביכער־זאַמלונג פון גלאַגאָווסקי, 4,000 עקזעמפּלאַרן. זיי האָבן אויך באַ־קומען פון אַמעריקע ביכער־זאַמלונגען, ביז עס איז געוואָרן אַ גרויסע ביבליאָ־טעק מיט אַ גרויסער צאָל אַבאָנענטן. צום סוף 1919 האָט זיך די ביבליאָטעק אַריבערגעצויגן פון בראַניצקי 3 אין איר איצטיקן לאָקאַל, סענקעוויטשאַ 36 — אַ שיינער און צוגעפּאַסטער לאָקאַל. די אָנפירערס פון ביבליאָטעק זיינען צוויי זייער טיכטיקע אָנגעשטעלטע — דער פאַרוואַלטער חיים לעווינסקי און ביבליאָ־טעקאַר אפרים אַלכאַ.

די צאָל בענד אין ביבליאָטעק ביזן 1טן יאַנואַר 1935 איז 41,834. דערפון יידישע — 13,930, פוילישע — 12,223, רוסישע — 10,462, דייטשע — 2,290, העברעאישע — 2,209, ענגלישע — 327, פראַנצויזישע — 260, עספעראַנטאָ — 64, פאַרשיידן־שפּראַכיקע — 69.

די צאָל אַבאָנענטן צום ערשטן יאַנואַר 1935 איז 1861, פון זיי ניט־יידן — 8.8%, אַרויסגעגעבן צום לייענען זיינען געווען אין משך פון 1934 — 130,158 ביכער.

לויטן געשלעכט טיילן זיך די לייענערס בערך העלפט אויף העלפט, לויט דער באַשעפטיקונג — 45% שילערס און סטודענטן, 40% אַרבעטער, אָנגע־שטעלטע און פרייע פּראָפעסיעס, 15% האַנטווערקער און סוחרים און אָן באַ־שעפטיקונגען.

די שלום־עליכם־ביבליאָטעק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורכן אַמאָליקן „יוגנט־פאַראיין", עקסיסטירט היינט ביי דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַר־שפּרייטן קולטור און בילדונג.

### די שטודיר־ביבליאָטעק ביי דער ביאַליסטאָקער קהילה

אברהם (עבער) וואָלקאָוויסקי, דער איינציקער זון פון יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי, איז גע־ווען אַן ערלעכער כלל־טוער און אַן איידעלער געבילדעטער ייד. אַ חשוך בנים, איז ער אַרום־געגאַנגען פאַר דער מלחמה מיט דער אידיי צו פאַראייביקן זיין נאָמען דורכן גרינדן אַ קהלשע שטודיר־ביבליאָטעק, וואָס איז איינע פון די נייטיקסטע און וויכטיקסטע אינסטיטוציעס אין אונדזער צייט.

אַמאָל איז געווען דאָס קויפן ספרים זייער פאַרשפּרייט ביי יידן, ביי די פאַרמעגלעכערע און רייכערע פלעגן זיך געפינען גרויסע ספרים־זאַמלונגען, וואָס לאַחר מותם פלעגן זיי אַרי־בערגיין אין די בתי־מדרשים. דעריבער געפינען זיך נאָך היינט אין די היגע בתי־מדרשים טייערע אוצרות פון ספרים (וואָס ווערן ביסלעכווייז צעגנבעט), אָבער נאָר פון ספרי קודש, פון דער תנכישער און תלמודישער ליטעראַטור, אָבער ניט פון ספרי חכמה און השכלה, וואָס פלעגן זיך געפינען נאָר ביי יחידים משכילים, ליבהאָבערס פון ספרים. היינט האָט עס אויך אויפגעהערט, מען קויפט ניט און מען זאַמלט ניט קיין ספרים. דער אומפאַרמעגלעכער שטו־

דירנדיקער ייד האָט ניט וואו צו באַקומען אַ ספר. מיר ווערן אויס „עם הספר״ ! אין צוויי גרוי־סע קהילות אין פּוילן, אין וואַרשע און אין ווילנע, זיינען דעריבער געגרינדעט געוואָרן ביי די קהילות גופא גרויסע ווערטפולע יידישע ביבליאָטעקן. אָבער וואָס זאָל טאָן דער פּראָ־ווינצער שטודירנדיקער און תלמיד־חכם ? וואָס זאָל טאָן די יוגנט, די בית מדרש־און ישיבה־בחורים, וואָס שטרעבן זיך צו פאַרפולקומען אין יידישער וויסנשאַפט ? צו דעם צוועק דאַרפן געגרינדעט ווערן אין אַלע פּראָווינץ־שטעט קלענערע יידישע שטודיר־ביבליאָטעקן פאַר ערנסטע לייענערס און שטודירנדיקע.

עבער וואַלקאָוויסקי האָט שוין געהאַט פאַר דעם צוועק אויפגעקליבן אַ ווערטפולע ביבליאָטעקל, אויסער די ירושה־ספרים פון זיין פאָטער, וואָס צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ בנבניסטער ש״ס מיט אלפסן, וואָס איז אַ גרויסער יקר המציאות.

ער האָט צוגעקליבן און צוגעקויפט פיל יידיש־וויסנשאַפטלעכע ספרים אין דייטש און העברעאיש פון אַלע געביטן. אָבער די מלחמה האָט צעשטערט דעם פּלאַן : אַפּפאָרנדיק דע־מאָלט קיין רוסלאַנד, האָט עבער וואַלקאָוויסקי מיך געבעטן אַכטונג צו געבן אויף זיין ביב־ליאָטעקל, און איך זאָל זי אָפּגעבן — אין פאַל פון זיין טויט — דער היגער יידישער קהילה, וואָס וועט געגרינדעט ווערן, אויב ניט — זאָל איך זי אָפּגעבן דער וואַרשעווער אָדער ווילנער ביבליאָטעק. ווען זיין פרוי איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, נאָך זיין טויט, האָט זי דעמאָלט געזאָרגט מקיים צו זיין די צוואה. אָבער לסוף, אַז זי האָט פאַרקויפט איר גרויס הויז (ראָג סענקעוויטשאַ און וואַרשאַווסקי), און פון דעם געלט איז אין דער אינפלאַציע־צייט גאָרניט געוואָרן, האָט זי פאַרקויפט די גאַנצע ביבליאָטעק אין בערלין. זי איז גלייך נאָך דעם אַליין אויך גע־שטאָרבן, און אַזוי אַרום האָט זיך פון עבערס אידיי און צוואה גאָרניט אויסגעלאָזן.

אָבער דער געדאַנק צו גרינדן ביי דער ביאַליסטאָקער קהילה אַ שטודיר־ביבליאָטעק האָט דערוועקט די לעצטע יאָרן פסח קאַפּלאַן, דער רעדאַקטאָר פון אונזער לעבן. ער האָט דורכגעפירט, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אָנ־גענומען אַ באַשלוס צו גרינדן אַ שטודיר־ביבליאָטעק ביי דער קהילה און האָט אָפּגעגעבן, פעברואַר 1933, דעם אייבערשטן גאָרן איבער דער פאַלקסקיך פאַר איר לאָקאַל.

פסח קאַפּלאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער פאָרזיצער פון ביבליאָטעק־קאָמיטעט, און ער האָט דורך זיין צייטונג געמאַכט אַ גרויסע אַגיטאַציע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג לטובת דער שטודיר - ביבליאָטעק. דער עולם האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן. מען האָט געבראַכט גאַנצע שאַפעס פון ירושה־ספרים און נדבות פון פיל יחידים, וואָס האָבן ביי זיך אויפגערוימט אַלע פאַרלעגענע און אַלטע ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן, ביז עס האָבן זיך לערך אין אַ קורצער צייט אויפגעקליבן אַ סך ספרים און ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן און אויך כתב־ידן.

היינטיקן טאָג (אדר תרצ״ו) איז דער באַשטאַנד פון דער שטודיר־ביבליאָ־טעק ביי דער קהילה אויף ד״ר יוסף כאַזאַנאָוויטשעס נאָמען אַזאַ :

דער ביכער־אוצר פון ספרים, זשורנאַלן און דאָקומענטן באַשטייט פון 11,735 עקזעמפּלאַרן ; העברעאישע — 3,195, יידישע — 1,686, דייטשע — 592, פּוילישע — 263, רוסישע — 1,162, אַנדערע שפּראַכן — 191.

צווישן די ביכער געפינען זיך אויך יקר־המציאותן און פון אַלטע דרוקן,

חוץ די צוזויפגעקליבענע 10,738 עקזעמפּלאַרן, האָט די קהילה געקויפט פאַרן געלט פון דער באַשטימטער סובסידיע, די איבעריקע ביכער.

די לעצטע 9 חדשים האָבן זיך באַנוצט מיט דער ביבליאָטעק 362 פּערזאָן; אין עלטער פון 13 ביז 20 יאָר — 122 פּערזאָן, פון 20 ביז 40 יאָר — 165 פּערזאָן, פון 40 ביז 60 — 75 פּערזאָן.

לויט דער באַשעפטיקונג זיינען די לייענערס: לערערס — 12%, אַרבעטער און האַנטווערקער — 28%, סוחרים און קליינהענדלערס — 15%, שריפטשטעלערס — 12%, אַנגעשטעלטע, באַאַמטע 12%, אָן באַשעפטיקונג — 21%; חוץ זיי אַריבער 90 מיטגלידער פון הכשרה־קבוצים און תלמידים, דערהויפּט פון דער העברעאישער גימנאַזיע.

פאַר אַן אָנהייב איז די דאָזיקע שטודיר־ביבליאָטעק אַ גרויסער און נוצלעכער אויפטו און ברענגט שוין היינט אַ גרויסן נוצן דער לערנענדיקער יוגנט, דערהויפּט די בעלי־בתישע און בית מדרש־בחורים אין ביאַליסטאָק, וואָס קענען אין איר באַקומען די יסודות פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור, אָבער עס פעלט נאָך אין איר לעת עתה כמעט אין גאַנצן די יודאַאיסטישע וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור אין העברעאיש און דייטש פאַר געלערנטע אָדער פאַר דער יוגנט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט ערנסטן שטודירן. אויך איז איר רוים צו קליין און ניט־צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ בכבודיקן אַנשטאַלט — אויף דער דאַכשטוב פון ועד הקהל.

### העברעאישע גימנאַזיע־ביבליאָטעק

אַ שיין ביבליאָטעקל פון 6,000 עקזעמפּלאַרן געפינט זיך אין דער העברעאישער גימנאַזיע פאַר אירע תלמידים. דאָרטן געפינט זיך שוין די גאַנצע נייע העברעאישע ליטעראַטור, וואָס ווערט דערהויפּט געשאַפן אין ארץ־ישראל.

### דוד סוכאָוואָלסקיס העברעאישע קינדער־ביבליאָטעק

דער גרויסער ציוניסטישער עסקן דוד סוכאָוואָלסקי האָט געגרינדעט אַ העברעאישע קינדער־ביבליאָטעק מיט 4,000 ביכער. די ביבליאָטעק עקסיסטירט אין ביאַליסטאָק אַן ערך פון 40 יאָר.

זי האָט זיך געפונען ביי די „חובבי שפת עבר“. אין דער מלחמה־צייט איז זי אַריבער אין „בית עם“ פון די ציוניסטן. בשעת דער „בית עם“ האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין לאָקאַל וואַרנעהאַלץ איז די ביבליאָטעק געשלאָסן געוואָרן, און אירע ספרים האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט. איך האָב אין אונזער לעבן 1935, נומער 179, באַשולדיקט די פאַרוואַלטונג פון די היינטיקע ציוניסטן, פאַר וואָס זיי האָבן לייכטזיניק צעשטערט אַזאַ וויכטיקן אַנשטאַלט, שפּעטער האָט די פאַרוואַלטונג פון די ציוניסטן ענדלעך צעטיילט די איבערגעבליבענע ביכער צווישן די צוויי תרבות־שולן און איבער 1,000 ביכער איבערגעגעבן דער שטודיר־ביבליאָטעק.

## קאַפּיטל דרייצן

# צוריקבליק און איבערבליק

### א. אַלגעמיינער איינדרוק פון ביאַליסטאָק אין 1880

עס פּאַסט זיך צום סוף פון אונדזער פּנקס ביאַליסטאָק זיך צוריקצו־קערן צו אַ ביסל זכרונות. דורך דעם ווערט קלאָרער דער וועג וואָס ביאַליסטאָק האָט דורכגעמאַכט פאַר מיינע אויגן. איך בין ניט קיין געבאָרע־נער ביאַליסטאָקער. אָבער דאָ איז אַדורך מיין גאַנץ דערוואַקסן לעבן. איך האָב הינטער זיך איבער 55 יאָר ביאַליסטאָק [דאָס איז געשריבן אין 1935—36 — רעד׳]. עס איז מער ווי אַ האַלבער יאָרהונדערט. דער בליק אויף צוריק העלפט שאַפן אַן איבערבליק איבער די גרויסע שינויים אין דער שטאָט.

בעת איך בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק אין 1880, אין אָדר תר״מ, איז עס געווען נאָכן טערקישן קריג. די טעקסטיל־פאַבריקאַציע האָט געהאַלטן אין אָנהייב פון איר גרויסן אויפשוואונג. די דייטשע פאַבריקאַציע איז שוין דעמאָלט געווען אין אַ בליענדיקן צושטאַנד. דער יידישער אָנטייל אין דער אינדוסטריע האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט. אין ביאַליסטאָק האָבן זיך שוין געפונען גרויסע יידישע גבירים. דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ באַפרידיקנדיקער. עס איז געווען די צייט פון אַן עקאָנאָמישן באַרג־אַרויף.

אָבער דאָך האָט נאָך ביאַליסטאָק געהאַט דעם פּרצוף־פּנים פון אַ קליין שטעטל. דער אויסער־שולהויף איז נאָך אויך געווען האַלב־קליינשטעטלדיק. גרויסע געמויערטע הייזער זיינען געווען נאָר געציילטע. אויף גאַנץ ניקאָלאַיע־ווער (שפּעטער סענקעוויטשא), וואָס איז די גרעסטע גאַס אין ביאַליסטאָק, האָבן זיך געפונען נאָר דריי גרויסע מויערן: דוד זאַבלודאָווסקיס, אין ראָג גאַס מיטן גרויסן זאַל פאַרן אָפיצירן־קלוב; דאָס הויז אַנטקעגן — יאנקל קרינקערס פון פריערדיקן „גראַנד האָטעל״, און אליעזר האַלבערשטאַמס גרויסער מויער. אויף ליפּאָווע גאַס (שפּעטער פּילסודסקעגאָ) האָבן זיך געפונען אויך ניט מער ווי עטלעכע געציילטע גרויסע מויערן. אָנהייב דייטשער גאַס (שפּעטער קי־לינסקי) איז געשטאַנען איינס פון די עלטסטע גרויסע פּריוואַטע הייזער — פון ר׳ דוד־אברהם קעמפּנער (שפּעטער — זיסל גאָלדבערגס); זיין שווער, קאָפּל היילפּערין, האָט דאָס הויז אָפּגעקויפט אין 1808 פון אַ ליציטאַציע, ווען עס איז נאָך ניט געווען פאַרענדיקט, און האָט דאָרטן איינגעאָרדנט אַ בית־מדרשל. אין דעם פאָדערשטן מויער איז געווען פון אָנהייב איינגעאָרדנט אַ גרויסער זאַל, אַ טעאַטער, וואָס זיינע פענצטער האָבן זיך אַרויסגעזען אין דער לינקער זייט מויער.

מען דערציילט אַז דאָס האָבן איינגעאָרדנט די דעמאָלטדיקע פריי־מאָסאָנען, וואָס זיינען געווען פאַרבאָטן פון דער צאַרישער מאַכט און האָבן אַזוי אַרום זיך געשאַפן אַן אָרט זיך צונויפצוקומען. דער עלטסטער פריוואַטער מויער איז געווען דער מויער פון "פאַלאַס־טעאַטער", אויפגעשטעלט נאָך אין 1740.

די גאַנצע שטאָט איז באַשטאַנען פון קליינע הילצערנע אָדער געמויערטע הייזלעך. די גאַסן זיינען געווען פול מיט פאַרקאַנעס וואָס האָבן זיך געצויגן צווישן די הייזער. עטלעכע איצטיקע פאַראַדנע גאַסן זיינען נאָך אין גאַנצן ניט געווען. די נייוועלט־גאַס איז געגרינדעט געוואָרן פאַר מיין קומען דורך לייב וויינרייך, אָבער די פאַלעוואַיע (פאָלנע) — ערשט אין מיין צייט דורך מאַזור, און מע האָט טאַקע די גאַס גערופן פון אָנהייב — מאַזורס גאַס. אויפן אָרט פון ווערסאַלסקאַ (אַנגערס גאַס) מיט אַלע זייטיקע געסלעך זיינען געווען פעלדער און אַזאַ בלאָטע, אַז מען האָט דורך איר אין וואַלד ניט געקענט צוקומען.

עס איז נאָך ניט געווען קיין וואַסער־לייטונג. מען איז געווען אָנגעוויזן אויף יידישע וואַסער־פירערס. קיין עלעקטרישע באַלייכטונג איז אַוודאי ניט געווען. קיין טעאַטער־הויז איז ניט געווען. עס איז אפילו ניט געווען קיין איינציקער גרויסער זאַל אויף חתונות, קאָנצערטן, רעפעראַטן. דער איינציקער אַרטיסט וואָס האָט פריילעך געמאַכט דעם עולם אויף חתונות איז געווען סאָניע דער בדחן, [סאָניע זאַדרונסקי].

אויף דער פאַרשוואונדענער בראַניצקישער תקופה האָט אָנגעוויזן דער הויכער קאַלאַנטשאַ־טורעם מיטן ציגנוואָלף, די ריי קראָמען אַרום אים און דער באַרימטער פאַלאַץ, וואו עס איז געווען אַ שול פאַר אַדעליקע מיידלעך. און אַנטקעגן דעם פאַלאַץ — דער סטאַוו, די אויסשפרייטונג פון דער זומפיקער ביאַלע.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען כמעט אין גאַנצן פאַרבונדן מיטן רעליגיעזן. עס האָט זיך קאָנצענטרירט אין די בתי־מדרשים. די גרעסערע צווישן די פילצאָליקע בתי־מדרשים האָבן געשפילט די הויפּטראָלע: דער בית־המדרש הגבוה (פולקאַוואַיער), יחיאל נעכעס, די צוויי „גרינע" בתי־מדרשים און נאָך עטלעכע. דאָרטן האָט מען פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל צייט: דאָרטן האָט מען געדאַוונט, געלערנט, געשמועסט וועגן שטאָטישע ענינים און סתם אויך געבטלט די צייט. אין די בתי־מדרשים האָט געשפילט די ראָלע דער עיקר דער למדן, אויך דער באמת פרומער ייד און דער גביר דער נדבן.

די השכלה האָט פון לאַנג שוין געהאַט זיך אַריינגעכאַפּט קיין ביאַליסטאָק. אָבער דאָך האָבן משכילים קיין גרויסע ראָלע ניט געשפילט. זיי זיינען פאַקטיש געווען אַ פאַרשטויסענע מינדערהייט. דעריבער האָבן זיי געגרינדעט פאַר זיך אַ באַזונדערע כאָרשול. ביסלעכווייז, ביסלעכוויז האָט גענומען אַריינדרינגען די הצפירה, ביז זי האָט זיך דערשלאָגן צו אַן ערך 400 אַבאָנענטן. קיין צייטונגס־פאַרקויפערס זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען אין ביאַליסטאָק. דער עלטערער דור האָט נאָך קיין רוסיש ניט געקענט. האָט מען זיך באַנוגנט מיט די

נייסן וואָס עס האָבן דערציילט די יונגעלייט, די לייענערס פון די רוסישע צייטונגען.

דער עם־הארץ האָט גאָר קיין ווערט ניט געהאַט. נאָר אַזאַ בעל־מלאכה וואָס האָט אויך געקענט לערנען האָט געהאַט אַן אָנזען. פשוטע יידן האָרעפּאַשניקעס האָבן געלערנט ע י ן י ע ק ב, געהערט אַ מגיד אָדער געזאָגט תהילים. אויך פאַר זיי איז דער געזעלשאַפטלעכער צענטער געווען דער בית־המדרש.

יעדער איינער האָט געוואוסט וואָס עס קאָכט זיך ביים צווייטן אין טעפּל. פּליאָטקעס האָבן קיין מאָל ניט געפעלט. אָבער די הויפּט־שמועסן זיינען געווען געזעלשאַפטלעכע. די צענטראַלע געשטאַלט וואָס האָט אַרויסגערופן מער פון אַלץ רייד איז געווען יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי, דער הויפּט־אָנפירער פון די שטאָטישע און די יידישע אָנגעלעגנהייטן. איבער שטאָטישע און קהלשע ענינים פלעגן אַרויסקומען מחלוקתן אין די בתי־מדרשים. די פּאַסיקסטע צייט פאַר זיי זיינען געווען די יום־טובים, ווען יידן האָבן ניט די טעגלעכע דאגות פּרנסה. יעטווידער בית־המדרש האָט זיך געהאַט זיינע ראשי־המדברים און זיינע עזות־פּנימער.

יום־טובים איז געווען דער גרעסטער פאַרגעניגן צו גיין הערן אין דער שטאָטשול דאַווענען דעם חזן מ ש ה ב אָ ס מיט זיין קאַפּעליע. אוודאי האָט ביאַליסטאָק געהאַט אַ סך אַנדערע חזנים. איך דערמאָן דאָ נאָר דעם חזן וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער, ווען איך בין אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק*.

דער גאַנצער באַנעם איז דאָך געווען אַ קליינשטעטלדיקער. עס דערמאָנט זיך מיר אַ קליינער עפּיזאָד, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אויף מיין ערשטן שפּאַציר אין שטאָט. איך בין געגאַנגען מיט מיין שווער, ר' מרדכי־שלמה ווענדל. עס איז געווען דער צווייטער טאָג פּסח פאַרנאַכטלעך. צוקומענדיק צום ראָג ליפּאָווע־ניקאָלאַיעווסקע (פּילסודסקעגאָ־סענקעוויטשאַ), האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ כמאַרע מענטשן, מענער און פרויען. מיט אַ געפּילדער און געלעכטער איז מען נאָכגעלאָפן נאָך אַ פּאַרפּאָלק, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון עולם אין מויער פון געווי׳ „גראַנד האָטעל״, און פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר. מיר האָבן זיך נאָכגעפרעגט, וואָס עס איז געשען. האָט מען אונדז דערציילט אַ „מעשה נורא״: שרה־פייגע [1], די פרוי פון רייכן אברהם ניעמצאָוויטש, איז אַרויס לכבוד יום־טוב

*. [אין אונדזערע ווייטערע אויסגאַבעס וועלן מיר זיך נאָך גענויער אָפּשטעלן אויף דעם קאַפּיטל חזנים אין ביאַליסטאָק, באַזונדערס אויף די חזנים פון דער שטאָט־שול דוד קאַצמאַן (איצט אין דעטראָיט) און זיין נאָכפאָלגער מאיר פּאָדראַבינעק (איצט אין ניו־יאָרק), די חזנים פון כאָר־שול נחום ווילקאָמירסקי (איצט אין בערקלי, קאַליפאָרניע) און אליהו זאַלודקאָווסקי (געשטאָרבן אין אַמעריקע) און אַנדערע. — די אַרויסגעבער].

1. די שרה־פייגע איז געווען פון גרויסן ביאַליסטאָקער יחוס, אַ שוועסטערן־טאָכטער פון באַקאַנטן בריסקער רב ר' יהושע־לייב דיסקין. זי איז געווען זייער אַ פּעאיקע פרוי. מען האָט אויף איר געשריבן: „הגאון שרה־פייגע״. זי האָט גוט געשריבן העברעאיש און געקענט תנך און תלמוד. זי האָט אַמאָל געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט פּרץ סמאָלענסקין, ווען ער איז געקומען קיין ביאַליסטאָק און אַריינגעגאַנגען צו איר. ווען דער שרייבער האָט

אין גאַס אין אַ ניי קלייד מיט גלעקלעך. האָט אַזאַ געשעעניש אַרויסגערופן אַ צונויפלויף און אַ טומל. די מאָדנע מעשה האָב איך לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן, ווייל זי האָט קלאָר געוויזן די קליינשטעטלדיקייט פון מיין נייער היים.

די גרויסע פאַבריקאַנטן זיינען געווען די דייטשן. יידן זיינען געווען די קליינע פאַבריקאַנטלעך. ביאַליסטאָק האָט יעמאָלט געהאַט אַ גרויסע צאָל יידן־שענקערס, דאָס רוב מיט מאָגערע פרנסות. עס זיינען נאָך געווען געניג יידן וואָס די פרנסה זייערע איז געווען אָפּהענגיק פון דעם אַרומיקן דאָרפישן פויער. אָט די יידן זיינען דורכגעקומען נאָר מיט מי און מאַטערניש און זיינען שטענדיק געווען פאַריאָגט און פאַרצאָגט. אין אַזאַ צושטאַנד האָפט מען שטענדיק אויפגע־ריכט צו ווערן דורך אַ נס, אַ גליקלעכן צופאַל. איז דעריבער ניט קיין חידוש וואָס דעמאָלט האָט אין שטאָט זיך שטאַרק פאַרברייטערט דער מסחר מיט לאָטעריי־צעטלען, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן יידן פון ליטע און פוילן. אָבער ביאַליסטאָק איז גאָר געווען פאַרכאַפּט פון אָט דעם יצר־הרע. יידן האָבן גע־ליען געלט אויף משכנות כדי צו קויפן די צעטלען. אַנדערע זיינען בדיל־דל געוואָרן דערפון. כאָטש אויסלענדישע לאָטעריי־צעטלען זיינען פאַרבאָטן גע־ווען פון דער צאַרישער רעגירונג, האָט מען דאָך געקויפט אין ביאַליסטאָק די בערלינער, האַמבורגער, זאַקסישע, ברוינשווייגישע און אַנדערע לאָטעריי־צעטלען. עס האָבן געאַרבעט קאָלעקטאָרן מכל המינים: גרויסע, מיטעלע און קליינע. מען האָט פאַרקויפט גאַנצע בילעטן, העלפטלעך, פערטלעך, אַכטלעך און אַפילו גאַנץ קליינע טיילן „לאָסן". אויך אַלע רוסישע באַאַמטע האָבן גע־קויפט אויסלענדישע צעטלען. אָרעמע מענטשן פלעגן דאָס רוב נעמען צעטלען אויף אויסצאָלן. אויך אויף שותפות.

אַ לאַנגע צייט האָט ביאַליסטאָק קיין גליקן פון די לאָטערייען ניט געהאַט. עס פלעגן אַריינפאַלן נאָר קליינע געווינסן. אָבער פון דער צווייטער זייט קענען מיר זען פון דער תקנה פון ביקור־חולים — צו נעמען פון יעטווידן געווינס אין פּראָצענט פאַרן ביקור־חולים, אַז די הכנסה פון די געווינסן האָט זיך גערעכנט ווי אַ סטאַבילע זאַך. איין מאָל, אין 1870, האָט ביאַליסטאָק געוואונען אַ גרויסע סומע. ערב שבת תשובה תר"ל איז צום קאָלעקטאָר יוסף־משה ישעיהס אָנגע־קומען אַ טעלעגראַפישע ידיעה אַז אַ זאַקסישער צעטל האָט ביי אים געוואונען דאָס גרויסע געווינס פון 450,000 מאַרק. דאָס איז יעמאָלט געווען 150,000 רובל. דאָס דאָזיקע גרויסע געווינס, וואָס איז אַריין צו אַ צאָל אָרעמע פאַמיליעס, האָט אָנגעמאַכט אַן אמתע מהומה אין שטאָט. עס זיינען אַנטשטאַנען אַ סך סכסוכים. מען האָט פאַרפירט דין־תורות. די אויפגעקומענע גבירים האָבן געטאָן מיוחס־דיקע שידוכים. לאַנגע יאָרן נאָך דער געשעעניש האָט די שטאָט געהאַט צו ריידן

---

איר אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט זי אים געענטפערט אַז זי איז ניט קיין „נותן יד לפושעים". אויף דעם זאָל פרץ סמאָלענסקין האָבן זיך אומגעקערט צו איר מיטן רוקן און געענטפערט: „אָבער איך בין יאָ אַ נותן מחילה לחטאים". אַזאַ ענטפער איז אוודאי ניט איידל לגבי אַ דאַמע, אָבער די ביאַליסטאָקער משכילים איז דער ענטפער זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן.

וועגן גרויסן געווינס. ווען איך בין געקומען קיין ביאַליסטאָק צען יאָר נאָך דער פּאַסירונג, האָט מען נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו ריידן וועגן דעם גרויסן גליק.

דאָס איז געווען אַ געשעעניש וואָס האָט אויפגערודערט. אַזעלכע געשעענישן האָבן זיך געטראָפן זעלטן. דאָס לעבן איז זיך רואיק געפלאָסן. יידן האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט אָן מורא פאַר מלכות. קיין באַזונדערן עול פון פּאָליציי האָט מען ניט געשפּירט. עס איז יעמאָלט געווען אַ צייט, ווען דער פּאָליצמייסטער מיט זיינע פּריסטאַוועס און אָקאָלאָדאָטשניקעס זיינען פּאַקטיש געווען אין ידישן דינסט: זיי האָבן אַלע רעגלמעסיק באַקומען אין יד אַריין. מען האָט זיך מער געשראָקן פאַר יידישע מוסרים ווי פאַר דער פּאָליציי. אַ ייד איז געווען דער גובערנסקי מאַקלער און נאָטאַריוס. אין די 40ער יאָרן איז עס געווען זלמן גראַוועע[2]. נאָך אים איז געווען מאקלער און נאָטאַריוס קאָפּל היילפּערין, דער פאָטער פון אליהו־הערש היילפּערין (מען האָט אים גערופן קאָפּל לייבקעס). בעת איך בין אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק, איז געווען דער לעצטער יידישער גובערנסקער מאקלער און נאָטאַריוס זייער אַ חשובער ייד און אַ משכיל, אַן איידעם פון מלכה־רייזל — ר׳ מרדכי־חיים היילפּערין.

איידער די שפּעטער פונאַנדערגעוואַקסענע אינדוסטריע האָט געביטן דעם שטייגער לעבן, איז דער לעבנסוועג פון אַ דורכשניטלעכן יידן פון מיטלשטאַנד געווען אַן איינגעשטעלטער. ביז צו דער חתונה האָט אַ בחור געלערנט: ביי מלמדים, אין בתי־מדרשים, העברעאיש און רוסיש ביי לערערס; נאָך דער חתונה האָט מען געגעסן קעסט, געווייינטלעך פּריער ביי איין צד, דערנאָך ביים צווייטן צד; ערשט ווען דאָס נדן־געלט פלעגט אויסרינען אָדער פאַרטאַכלעוועט ווערן, איז מען אַראָפּ פון קעסט. דער יונגער, צום לעבן ניט צוגעגרייטער פאַמיליענפאָטער, וואָס האָט שוין באַוויזן צו ווערן אַ מטופּל מיט עטלעכע קינדער, האָט זיך געמוזט נעמען צו אַ געשעפט. ער האָט אָפט געטראָפן ווי אַ בלינדער אין אַ גרוב אַריין. טייל פלעגן דאָך אַרויסקומען טיכטיקע סוחרים און אונטערנעמערס אויף פאַרשידענע געביטן. דער גרעסטער טייל אָבער זיינען געווען לופטסוחרים און דאָס גאַנצע לעבן געטאַפּט אַ וואַנט, געפירט אַ שווער, אַ געפלאָגט און געדריקט לעבן.

## ב. דער שלעכטער מצב פון די קהלשע אַנשטאַלטן אין 1880

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, האָב איך געפונען אַלע רעליגיעזע, פילאַנטראָפּישע און דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון דער קהילה אין זייער אַ נידעריקן, אָפּגעשטאַנענעם, קליינשטעטלדיקן צושטאַנד. אַלץ איז אַזוי ווי

2. איך האָב געפונען זיין חתימה אויף אַ קאָנטראַקט וואָס עס האָט געשלאָסן אַ געוויסער מאַרקוס רובינשטיין מיט דוד אברהם קעמפּנער וועגן אַ שותפותדיקער טוך־פאַבריק, דעם 15טן אָקטאָבער 1844. זלמן גראַוועע איז אַפּנים געווען דער זון פון מענדל גראַוועע, וואָס האָט אין תקפ״ז געגרינדעט דעם בית־מדרש אויף זיין נאָמען (זען ב׳ I, ז׳ 280).

פאַרגליווערט געווען נאָך פון די צייטן פון די בראַניצקיס. די אַלע אַנשטאַלטן פון דער קהילה זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צו אַ שטאָט, וואו עס הייבט זיך אָן צו פילן אַ אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג. זיי אַלע זיינען, חוץ דעם יידישן שפּיטאָל, געווען קאָנצענטרירט אין קוואַרטאַל פון שולהויף, אין דעם אַמאָליקן געטאָ. און דער שולהויף־קוואַרטאַל איז געווען דער שמוציקסטער אין דער גאַנצער שטאָט.

די הויפּטשול, אין צענטער פון שולהויף־קוואַרטאַל, איז געווען אַ פאַרהעלטעניש־מעסיק קליינער בנין, אויפגעשטעלט פאַר אַ קליינער צאָל איינוואוינערס. אינעווייניק איז די שול געווען אָפּגעלאָזן און שמוציק. דאָס „היילִיקע" שפּינוועבס האָט מען ניט געטאָרט אַראָפּנעמען פון די ווענט. ווען דער דרייסטער כלל־טוער אברהם־פייוול בלומענפעלד איז געוואָרן דער גבאי פון דער שול, האָט ער געלאָזן אָפּרוימען דאָס שפּינוועבס. האָבן אַלטע פרומע לייט אויף אים שטאַרק מתרעם געווען, שיער ניט ווי אויף אַ מחלל קודש. אַרום דער שול האָבן זיך געפונען עטלעכע בתי־מדרשים מיטן אַלטן בית־המדרש בראָש, אַ קליין הילצערן הייזל — בית הרב, מיט אַ קליין שמוציק בית־דין־שטיבל (וואָס עקסיסטירט נאָך היינט).

די תלמוד־תורה און די ישיבה האָבן זיך געפונען אין פיר הילצערנע הייזער וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרן נאָך אין אָנהייב פון דער רוסישער ממשלה און זיינען געווען שטאַרק אָפּגעלאָזן און שמוציק. דאָרטן האָבן צונויפגעדריקטערהייט געלערנט 450 תלמידים, 275 שטאָטישע און 175 פון דער סביבה[3]. די גבאים זיינען דאָרטן געווען: הרב ר' שמואל ליפשיץ, ברוך פריידנבערג, לייב פּערלמאַן, יוסף רענדל, שמואל ראָזנטאַל, אייזיק מעדאָווניק און יעקב שמואל זאַבלודאָווסקי[4].

---

3. די יערלעכע הכנסה איז געווען 3,880 רובל: 1,500 פון קאָראָבקע, 750 — נדבות, 100 — פון קערות ערב יום־כיפּור, 200 — פון נדבות פּורים, 195 — פון עזבונות, 135 — שכר־דירה פון פישמאַרק, 500 — פון חלה און פּושקעס, 500 — שכר־למוד פון קינדער. די יערלעכע הוצאה איז געווען 4,030 רובל, 150 רובל מער פון דער הכנסה. 2,500 רובל איז געווען שכירות פאַר 15 מלמדים און 3 לערערס אויף שיינשרייבן און רוסיש (די שכירות איז געווען פון 50 ביז 70 רובל אַ זמן); 800 רובל איז געווען פאַר משגיחים, שמש און סטראָזש, 200 — פאַר ברענהאָלץ, 300 — אויף ספרים און תיקון ספרים, 200 — אויף בדק הבית. ליכט האָבן געגעבן מנדבים.

4. מיט דער ישיבה פלעגן זיך די גבאים אַרויסשטעלן, ווי עס דערציילט א. ב. ליבערמאַן אין הכרמל, תרכ"ג, נומ' 25: „דעמאָלט יום ה' כד טבת האָט מען געפייערט אין דער ישיבה אַ סיום אין 2 מחלקות אויף חולין און כתובות. זיינען זיך אויפגעקומען דער רב און אַלע דיינים, דער ראָש־ישיבה ר' מענדל, די גבאים און נכבדים, אַרום 70 פּערזאָן. מען האָט געמאַכט א סעודה פאַר די תלמידים און שפּעטער אַ סעודה פאַר אַלע פאַרבעטענע". ווייטער דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט גוזמאות אַז די שטאָט גיט אויס אויף דער תלמוד־תורה 50 טויזנט רובל און אַז די צאָל תלמידים איז יעמאָלט (אין 1863 !) געווען 500.

זען אויך וועגן דער תלמוד־תורה און די גבאים אין „משא ביאַליסטאָק", כנסת ישראל. וואַרשע תרמ"ו, ז' 722.

אין הקדש זיינען געלעגן אומהיילבאַרע קראַנקע, בעלי־מומים, קריפּלס, אַלערליי אידיאָטן און פּסיכאָפּאַטן. ווען מען פלעגט אַריינקומען אַהין, האָט מען געזען עפּעס אָפּשטויסנדיקס, שרעקלעכס, עקלדיקס. די חולאים זיינען ממש פאַרפוילט געוואָרן אין זייער שמוץ און זיך געשטיקט אין ענגשאַפט. עס כאַפּט מיך נאָך איצטער אָן אַ שוידער, ווען איך דערמאָן זיך דאָס שרעקלעכע בילד, וואָס איך האָב דאָרטן דערזען ביי מיין ערשטן באַזוך.

די מקוה האָט זיך געפונען אין איינעם פון די שמוציקסטע און ענגסטע געסלעך, וואָס רופן זיך נאָך היינט אָן אויף איר נאָמען — די באָד־געסלעך. שוין דאָס צוקומען צו דער מקוה איז געווען דורך שמוץ. מיט איר דרויסנדיקן אָפּגעלאָזענעם אויסזען און דעם אינעווייניקסטן שמוץ האָט די מקוה געקענט וועקן בלויז איין געפיל — עקל. אפילו די פּרימסטע פרויען, וואָס האָבן חודשלעך געדאַרפט קומען אַהין „זיך רייניקן״, האָבן ביים גיין אין דער מקוה געהאַט אַן אָפּשטויסנדיק געפיל. דעריבער האָבן די ווייניקער פרומע פרויען פון די רייכערע און אינטעליגענטערע פאַמיליעס זיך דערווייטערט פון איר.

פאַרוואָס איז געווען אַזאַ שרעקלעכער צושטאַנד אין די וויכטיקסטע קהלשע אינסטיטוציעס? ווייל עס איז ניט געווען קיין אָרגאַניזירטע קהילה און ווייל דער אומאָפּיציעלער ראָש־הקהל האָט געהאַט, ווי מיר האָבן דערציילט [זען ב׳ ו, זז׳ 249—268], אַ דיקטאַטאָרישע מאַכט. חוץ דעם האָט ביאַליסטאָק ניט פאַרמאָגט יענע טראַדיציע פון כלל־טועריי וואָס האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אין די אַנדערע, אין עלטערע, אין געשיכטלעך מער איינגעפונדעוועטע קהילות.

ווען איך פאַרגלייך דעם צושטאַנד פון די קהלשע אַנשטאַלטן אין 1880 מיט דעם גאַנצן פונאַנדערוואַקסן זיך פון פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווערט מיר בולט דער גוזעלשאַפטלעכער אויפטו פון דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט און דער גיכער וואוקס פון ביאַליסטאָק. עס איז שוין אויסגעקומען געענוי זיך אָפּצושטעלן אויף די פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן [אין דעם ב׳ו, זז׳ 315—345 און אויך אין פאַרשיידענע שטעלן פון דעם באַנד]. וועגן דעם גאַנצן פונאַנדערוואוקס פון די דערציאונגס־אַנשטאַלטן איז געווען דערציילט מיט מער פּרטים ווי וועגן אַלע אַנדערע מוסדות [זע ב׳ ו, זז׳ 346—388 און דעם קאַפּיטל צוועלף פון דעם באַנד]. נאָך דעם ווי מיר ווייסן דעם מצב פיל שפּעטער און אויך אין דער איצטיקער צייט, באַקומען מיר דאָס ריכטיקע געפיל פון דעם אויפטו פאַר אונדזערע אויגן.

## ג. ביאַליסטאָק בויט זיך פונאַנדער

אַדאַנק דער איניציאַטיוו און דער אונטערנעמערישקייט פון איר יידישער באַפעלקערונג איז ביאַליסטאָק גיך זיך פונאַנדערגעוואַקסן נאָך 1880 און געוואָרן מאָדערנער. דער דאָזיקער גיכער פּראָצעס פון וואַקסן איז געווען באַזונדער קאַנטיק אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

יידן־סוחרים און יידן־פאַבריקאַנטן זיינען געקומען אין באַרירונג מיט דער גרויסער וועלט. האָט מען שוין ניט געקענט זיך איינלעבן אין די קליינשטעטל־דיקע ראַמען. מען האָט שוין ניט געקענט זיך באַנוגענען מיט די קליינע און אומבאַקוועמע דירות אין הילצערנע און פאַרצייטיק־געמויערטע הייזלעך. זוי נאָר עס האָבן זיך געשאַפן די ערשטע מעגלעכקייטן, און אַמאָל אפילו אָן אַ פעסטן מאַטעריעלן יסוד, האָט מען מיט אימפעט זיך אַ נעם געטאָן צו מויערן דריי־און פיר־שטאָקיקע הייזער מיט אַלע נייטיקע באַקוועמלעכקייטן.

מאָדערנע הייזער האָבן אגב געבראַכט גוטע און זיכערע הכנסה, הגם דער פראָצענט פון קאַפּיטאַל וואָס מען האָט אַריינגעלייגט אין בויען הייזער איז אַלע מאָל געווען קלענער פון דעם פאַרדינסט וואָס מען האָט פון געשעפט־אונטערנע־מונגען. דעריבער האָבן נאָר גרעסערע קאַפּיטאַליסטן פון אָנהייב זיך געקענט דערלויבן אויפצושטעלן מויערן מיט אַ צאָל דירות צו פאַרדינגען. די גאַנצע סי־טואַציע האָט זיך געביטן, ווען די טולער און די ווילנער „זעמעלני" באַנק האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן הלוואות אויף ניי־געמויערטע הייזער. די בענק האָבן זיך געשטיצט אויפן אַלגעמיינעם גוטן עקאָנאָמישן מצב פון דער שטאָט, אויף די אויסזיכטן אַז די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע וועט כסדר וואַקסן. האָבן זיי אויף הייזער געגעבן הלוואות ביז 60—70 פראָצענט פון זייער ווערט. דער צינזפוס איז געווען אַ נידעריקער — 5 פראָצענט צוזאַמען מיט דער אַמאָרטיזאַציע. מען האָט געגעבן הלוואות אויף 38 יאָר. אַזאַ גינסטיקע סיטואַציע אויף צו בויען איז געווען אַ גרויס געווינס פאַר ביאַליסטאָק.

האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבן זיך צו פאַרגרעסערן די צאָל נייע געמויערטע הייזער. מען האָט געבויט אי פאַר זיך אי אויף צו פאַרדינגען[5]. שפּעטער האָט מען פון די בענק געקאָנט קריגן הלוואות אויף הייזער אין זייער פולן ווערט, און אויב מען האָט צוגעפּוצט די ציפערן — אפילו איבער זייער ווערט, די בוי־אונטערנעמערס האָבן געקענט קריגן טיילווייזע הלוואות נאָך איידער די מויערן ווערן פאַרענדיקט. אַזעלכע באַדינגונגען האָב ממש געטריבן צו אַ נייער ספּעקולאַציע: אָפּקויפן ליידיקע פּלעצער, אויפשטעלן אויף זיי גרויסע געמויערטע הייזער און אָפּנעמען אין די בענק די אַלע הוצאות וואָס מען האָט דערביי גע־האַט, און קען זיין אפילו מיט אַן עודף.

אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר האָט די שטאָט זיך אויסגעפילט אינע־ווייניק, ניט איבערלאָזנדיק קיין ליידיקע פּלעצער. עס האָבן זיך שוין מער ניט געצויגן קיין פאַרקאַנעס צווישן איין הויז און אַ צווייטס. די שטאָט האָט זיך צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט. מען האָט געעפנט נייע גאַסן. עס זיינען אויפגעקומען נייע קוואַרטאַלן, ווי אַרגענטינע א״א. הכלל, די שטאָט האָט אין איילעניש, ממש אין פיבער, זיך אויסגעבויט און איז גיך דערגאַנגען צו

5. איך האָב אויך דעמאָלט אויפגעמויערט אויף ניי־וועלט 4 פאַר מיין געברויך אַ וווּ־בעריי, אַ דירה פאַר זיך, לאַגערן און עטלעכע דירות אויף צו פאַרדינגען. אין דעם שפּע־טערדיקן קריזיס האָב איך עס פאַרלאָרן.

איר איצטיקן פאַרנעם. אין דער גאַנצער בוי־טעטיקייט האָבן זיך באַטייליקט אויסשליסלעך יידן. יידן האָבן אַזוי אַרום אויסגעבויט ביאַליסטאָק. יידן האָבן זי פון אַ דערפל געמאַכט אַ שטעטל און פון אַ שטעטל זי דערפירט צו דער מדרגה פון אַ שטאָט, און דערנאָך — צו אַ האַלב־גרויסער שטאָט. זאָל דאָ ווערן אונטערגעשטראָכן: די בוי־אונטערנעמערס, די בוימייסטערס, די ליפעראַנטן, די האַלב־ליפעראַנטן, די מוליאַרעס, די טשעסליאַרעס, די בלעכערס און די שלאָסערס — דאָס זיינען אַלץ געווען יידן. יידישע ענערגיע, יידישע אונטערנעמעריסקייט און יידישע אַרבעט האָבן זיך צונויפגענומען אינאיינעם כדי אויפצושטעלן ביאַליסטאָק.

ווען דער דאָזיקער פיבערדיקער צושטאַנד פון בויען וואָלט לענגער אָנגעהאַלטן, וואָלט ביאַליסטאָק דורך יידישער איניציאַטיוו און אַרבעט אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ באמת גרויסער שטאָט. אָבער דער פּראָצעס פון בויען האָט זיך איבערגעריסן. עס איז געקומען דער גרויסער אינדוסטריעלער קריזיס פון 1900. די בוי־טעטיקייט האָט זיך געשטיצט אויף גרינגן און ביליקן קרעדיט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער פאַלשער הנחה פון אַ כסדרדיקן וואוילזיין אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, פון אַ שטענדיקן באַרג־אַרויף. דאָס אַלץ האָט זיך מיט איין מאָל געביטן.

אַ גרויסער טייל הייזער זיינען געבליבן ביי די בענק, וואָרעם די באַזיצערס האָבן ניט געקאָנט צאָלן זייערע ראַטעס. מען האָט אָט די הייזער פאַרקויפט צו קלענערע פּרייזן, זיי זיינען אַריבער אין אַנדערע הענט. דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט געשאַפן אַן עמיגראַציע־שטימונג, הן אין ביאַליסטאָק גופא, הן אין דער גאַנצער סביבה. די הייזער האָבן מערניט געגעבן די פריערדיקע הכנסות, ווייל דירה־געלט איז שטאַרק געפאַלן. די „זעמעלני" בענק האָבן זיך גוט אָפּגעבריט און האָבן אין גאַנצן אויפגעהערט צו געבן הלוואות אויף הייזער. ממילא האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס בויען נייע הייזער. אין דער זעלביקער צייט האָבן אַ סך הייזער, דערהויפּט אונטערן שטאָט אויף דער אַרגענטינע, אָפּגעברענט, ווער ווייס, אפשר צו באַקומען אַסעקוראַנץ.

פון דעמאָלט אָן האָט די שטאָט זיך מער ניט פאַרגרעסערט. זי איז געבליבן מער־ווייניק אין די ראַמען פון 1900, אפילו ווען דער עקאָנאָמישער קריזיס איז פאַרביי און ווען די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרמערט. עס זיינען ניט געווען מער קיין ליידיקע הייזער, פאַרקערט — עס איז געווען אַ דוחק אין דירות, עס איז געשטיגן דירה־געלט. אָבער דאָך האָט מען קיין סך נייע הייזער ניט אויפגעמויערט. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז צו דער [ערשטער] וועלט־מלחמה.

נאָך 1918, ווען אַ גרויסער טייל פון די אַנטלאָפענע זיינען צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק, איז געוואָרן אַ גרויסער נאָכפרעג אויף דירות. מען האָט געצאָלט גרויסע פּרייזן אויף פאַר ניט־באַקוועמע דירות. מען האָט געגעבן די בעלי־בתים פּרעמיעס, אבי זיי זאָלן אַריינלאָזן אין אַ דירה. אַזאַ צושטאַנד וואָלט אייגנטלעך געזאָלט פירן צו אַ נייעם אויפשוואונג אין בויען הייזער. אָבער ווי

פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט זיין — קיין נייע הייזער האָט מען ניט געבויט. עס זיינען געווען שווערע איבערגאַנגס־יאָרן, ווי מען וויס עס פון דעם פריער דערציילטן. מען האָט נאָר אַ צאָל חרוב געוואָרענע פאַבריקן איבערגעבויט אין וואוינהייזער. מען האָט אויך אַ היפּשע צאָל גרעסערע דירות געטיילט אויף קלענערע.

ערשט אונטער דער פּוילישער הערשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אַ בוי־טעטיקייט אין דעם קריסטלעכן טייל ביאַליסטאָק, אונטערן שטאָט. אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן האָט מען אויפגעשטעלט נייע הייזער, אויסגעלייגט נייע גאַסן אויף באַיאַרע, סקאַרופּ, ניי־ביאַליסטאָק. די קריסטלעכע אונטערנעמערס האָבן יאָ געקענט קריגן קרעדיטן, וואָרעם דאָס איז געגאַנגען אין הסכם מיט דער פּאָליטיק וואָס מער צו פאַרשטאַרקן דעם ניט־יידישן טייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אויך אין דעם יידישן טייל ביאַליסטאָק געפינען זיך שוין אין די דרייסיקער יאָרן עטלעכע הייזער וואָס זיינען אַריבער צו קריסטלעכע באַזיצערס. די יידישע בעלי־בתים געפינען זיך אין אַ פּראָצעס פון פאַראָרעמט ווערן, ווייל זייערע יידישע שכנים זיינען ניט אין שטאַנד צו צאָלן דירה־געלט. קומט אויס זיך צו זיין עוסק מיט קריגן עקסמיסיעס אויף אַזעלכע שכנים. דאָס איז שטענדיק געווען אַ שלעכט געשעפט. דער צושטאַנד פון יידישן הויז־באַזיצער איז איצט [אין 1935] זייער אַ שווערער. עס זיינען אויך ניטאָ קיין אויסזיכטן אויף בעסערס. הייזער זיינען אין די יידישע קוואַרטאַלן געפאַלן ביז צוויי־דריטל פון זייער פריערדיקן ווערט. איצט זעט זיך ניט אַז יידן זאָלן בויען נייע הייזער.

זעען מיר ווי נאָכן גיכן באַרג־אַרויף איז דאָ געקומען אַ רואיקע צייט פון שטיין אויף אַן אָרט און דערנאָך איז געקומען אַ פּאַמעלעכער באַרג־אַראָפּ.

## ד. אַלגעמיינע אייגנשאַפטן פון דער ביאַליסטאָקער קהילה

ביי יעדער איינציקער קהילה בילדן זיך אויס אין משך פון יאָרן באַזונדערע פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן, געזעלשאַפטלעכע פירונגען, גייסטיקע כאַראַקטערשטריכן. דער אָנהייב אין דער אַנטוויקלונג פון אַ שטאָט לייגט אַרויף דעם שטעמפּל אויף אַל דעם שפּעטערדיקן. יאָרן לאַנג, ביז 1777, איז אונדזער קהילה ניט געווען קיין זעלבשטענדיקע, נאָר איז געווען אָפּהענגיק פון טיקטינער גליל־קהילה. פאַר זיך, א באמת זעלבשטענדיקע קהילה־אָרגאַניזאַציע האָט ביאַליסטאָק געהאַט נאָר פון 1777 ביז 1795, דאָס הייסט ניט מער ווי 18 יאָר. דאָס איז ניט גענוג צייט כדי עס זאָלן זיך איינשטעלן טראַדיציעס אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאָך 1795 האָט פריער די פּרייסישע און דערנאָך די רוסישע רעגירונג צוגענומען דאָס רעכט פון אַ זעלבשטענדיק קהילה־לעבן. עס איז געבליבן ניט מער ווי אַ רעליגיעזע קהילה, און אויך ניט גענוג קלאָר אָרגאַניזירט. מיט דעם דערקלערט זיך די אָפּגעשטאַנענקייט פון די קהלשע

מוסדות. דערנאָך איז נאָך צוגעקומען די אַליינהערשאַפט פון דעם לאַנגיאָריקן דעה־זאָגער איבער גאַנץ ביאַליסטאָק, יחיאל־בער וואָלקאָוויסקיס ממשלה. דאָס האָט צוגענומען איניציאַטיוו און מעגלעכקייטן ביי אַנדערע צו זאָרגן וועגן קהלשע אינסטיטוציעס.

אין ניינצנטן יאָרהונדערט האָט ביאַליסטאָק געהאַט אַ צאָל גרויסע, וויכ־טיקע, שטראַלנדיקע פּערזענלעכקייטן. מיר האָבן געהאַט די גרויסע רבנים, אַ ר׳ וועלעוועלע, אַ ר׳ ליפּעלע, ר׳ שמואל מאָהילעווער. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אין ביאַליסטאָק די אויסטערלישע פּערזענלעכקייט פון ד״ר יוסף כאַזאַנאָוויטש. נאָך זיי האָט ביאַליסטאָק מערניט אַזעלכע גרויסע פּערזענ־לעכקייטן, וואָס זייער השפּעה זאָל זיך פילן אויף דער טעטיקייט ניט נאָר פון איין אינסטיטוציע, נאָר אויף אַ סך אַנשטאַלטן, וואָס זייער אייגנאַרטיקייט זאָל צוגעבן אַ באַזונדערן חן דער גאַנצער שטאָט. פון צווישן די אויפגעקומענע גבירים איז ניט אַנטשטאַנען קיין איין גרויסע פירנדיקע פּערזענלעכקייט. די לינקע עלעמענטן זיינען געווען צעריסן אויף באַזונדערע פּאַרטייען און גרופּעס, און אַ גדול אין איין קרייז איז ניט געווען פאַררעכנט ווי אַ בר־סמכא ביי די אַנדערע. די ביאַליסטאָקער רבנות האָט אויך דורכגעמאַכט אַ ירידה אין פאַר־לויף פון די לעצטע עטלעכע צענדליקער יאָרן. אויף אַזאַ אופן האָט קיין איין שיכט ניט אַרויסגעגעבן דעם גרויסן יחיד וואָס זאָל באַווירקן אַ ברייטן און פאַרשיידנ־אַרטיקן קרייז.

דער פּרעסטיזש פון דער ביאַליסטאָקער קהילה איז געווען גרויס אין ניינצנטן יאָרהונדערט. ביי כלל־ענינים איז זי גלייך מיט אַלע גרויסע קהילות צוגעצויגן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין וויכטיקע אסיפות, אָבער שפּעטער — ניט מער! למשל, צו דער רבנים־קאָמיסיע אין פּעטערבורג פון 2טן מאַרץ ביזן 4טן אַפּריל, 1910 איז קיינער פון ביאַלסטאָק ניט פאַרבעטן געוואָרן, אויך ניט צו דער אסיפה פון ידישע קהילות אין קאָוונע (10—22טן יולי, 1909). אָנהייב דעם יאָרהונדערט האָט מען זיך אויפגעהערט מיט איר צו רעכענען, בעת אַ קורצער צייט פריער איז דאָך ר׳ שמואל מאָהילעווער אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער הויפּט־מיטגליד פון דער רבנים־קאָמיסיע אין פּעטערבורג. ערשט אונטער דער פּוילישער הערשאַפט האָבן ביאַליסטאָקער דערציאונגס־אַנשטאַלטן, הן די יידי־שע הן די העברעאישע, ווידער געשטעלט די שטאָט אין דער ערשטער ריי.

ביאַליסטאָק גופא האָט שטענדיק געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר די באַדער־פענישן און נויטן פון אַנדערע קהילות. די גרייטקייט פון ביאַליסטאָק זיך אָפּצו־רופן אין אַן עת צרה פון אַן אַנדער קהילה איז באמת צו באַוואונדערן. עס איז גענוג צו דערמאָנען די גרויסע הילף וואָס ביאַליסטאָק האָט געגעבן ביי די גרוי־סע שרפות אין בריסק, קאָברין, גראָדנע, וואָלקאָוויסק, וואַשליקאָווע א״א. ווען מען האָט געדאַרפט, האָבן חשובע בעלי־בתים און פשוטע האַרציקע פאָלקס־מענטשן זיך תיכף איינגעשפּאַנט צו קלייבן און צו מאָנען ביים עולם די נייטיקע הילף. און דער ביאַליסטאָקער עולם האָט געוויינטלעך זיך אָפּגערופן מיט אַ

ברייטקייט און פרייגעביקייט וואָס קען זיין אַ שטאָלץ פאַר די ביאַליסטאָקער, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען. און ביאַליסטאָק האָט אויך געפילט די גרויס־מוטיקייט פון אַנדערע קהילות און פון ווייטע אַנשטאַלטן און יחידים, ווען אונדזער שטאָט איז געווען אין נויט, נאָך דעם שרעקלעכן פּאָגראָם.

ניט געקוקט אויף דער גרייטקייט זיך אָפּצורופן אויף דער נויט פון אַנדערע קהילות, האָט די שטאָט אַליין געהאַט יאָרן לאַנג מוסדות וואָס זיינען געווען אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד, און די גרעסטע אונטערשטיצונג פאַר אַ ביאַליסטאָקער אינסטיטוציע איז געקומען פון דער פרעמד, פון קלמן וויסאָצקי פון מאָסקווע, וואָס האָט געגעבן אויף דער ביאַליסטאָקער תלמוד־תורה און האַנטווערקער־שול 75,000 רובל. עס איז אינטערעסאַנט אויך צו דערמאָנען אַז גראָד אַזעלכע ביאַליסטאָקער, וואָס זיינען געווען ווייט פון זייער היים האָבן געלאָזן גרויסע סומעס געלט אויף עולמות (פּראָפעסאָר איזידאָר זאַבלודאָווסקי פון בערלין, נח פּערלא פון ווילנע). חוץ אַ פּאָר אויסנאַמען (ווי העלענע טרילינגס פאָנד פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער מיידל־שול און אַ פּאָר אַנדערע), האָבן די ביאַליסטאָקער גרויס־קאַפּיטאַליסטן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט אויפשטעלן אינסטיטוציעס אָדער פאָנדן פאַר זיי. די ביאַליסטאָקער אינסטיטוציעס האָט געטראָגן אויף זיך דער בעלי־בתישער מיטלקלאַס, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ העכערן ניוואָ ווי די גרויס־קאַפּיטאַליסטן. אַלע אָרטיקע יידישע אינסטיטוציעס, בתי־מדרשים און פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון די נדבות און פון מיטגליד־אָפּצאָלונגען וואָס זיינען געקומען פון דעם מיטלקלאַס.

אין מזרח־איראָפּע איז יידישקייט געווען טיפער פון אַלץ פאַרוואָרצלט אין דעם קליינעם שטעטל. אין דער גרויסער שטאָט איז זי אָפּט געווען אין געפאַר. דאָרטן האָט שוין געווירקט דער ניט־יידישער ביישפּיל און דאָרטן איז געווען קאָנטיק אַן אָנהייב פון אַסימילאַציע. בכל אופן איז דאָרטן געווען אַ שפּראַכלעכע אַסימילאַציע. די רייכערע און די אינטעליגענטערע האָבן איבערגענומען דאָס לשון פון לאַנד, רוסיש אָדער פויליש. אין די מיטעלע שטעט איז דער מצב געווען אַ פאַרשיידענער, אָפּהענגיק פון אָרט, אָפּהענגיק פון דער געשיכטע פון דער שטאָט, פון אירע פאַרשיידענע עלעמענטן. ביאַליסטאָק איז אַ מוסטער פון אַזאַ מיטעלער שטאָט וואָס האָט ניט דערלאָזן קיין אַסימיליאַציע. די יידישע רע־ליגיע איז אין די אַלע יאָרן פון גלות געווען דער שטיצפּונקט קעגן דער אַסימי־לאַציע. דער פולער ריס מיט איר איז — שמד. פון משומדים איז ביאַליסטאָק די גאַנצע צייט פאַרהיט געוואָרן. פאַלן פון שמד זייען געווען אין דער גאַנצער געשיכטע פון ביאַליסטאָק בלויז עטלעכע, און יעטווידער פאַל פלעגט אָנמאַכן אַ גוואַלדיקן רושם. דער געשמדטער איז דערווייטערט געוואָרן, אָדער האָט זיך דערווייטערט, פון דער יידישער סביבה, פון זיין אייגענער משפחה. די עטלע־כע אַסימילירטע יידן, לויט שפּראַך און שטייגער לעבן, וואָס האָבן זיך יאָ געפו־נען אין ביאַליסטאָק, האָבן ניט גענומען קיין אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און מען האָט זיי אגב אויך ניט צוגעצויגן צו אים. אַזוי למשל, די צוויי דאָקטוי־

רים טרילינג [6] און פֿאַרשטעטער, וואָס זיינען געווען, חוץ כאַזאַנאָוויטשן, די פּאָ־פּולערסטע דאָקטוירים צווישן דער ביאַליסטאָקער יידישער באַפּעלקערונג, און דער דעמאָלט איינציקער יידישער באַנק־דירעקטאָר (פֿון ריגער באַנק) דוד כוואָלעס, וואָס איז געווען אין זיין צייט די גרעסטע פינאַנץ־מאַכט אין דער ביאַליסטאָקער געשעפֿט־וועלט [זען ב׳ ו, זז׳ 246—247]. זיי זיינען געווען אַן אָפּגעזונדערטע גרופּקעלע אָן השפּעה.

ביסלעכווייז האָט זיך גענומען פילן די ווירקונג פֿון די רוסיש־יידישע שולן. די צאָל רוסיש־ריידנדיקע האָט זיך פֿאַרמערט. עס זיינען אויפגעקומען אינטע־ליגענטן וואָס זיינען געווען גאַנץ ווייט פון דער טראַדיציאָנעלער קולטור און וואָס האָבן ניט געהאַט גרינטלעכע ידיעות אין ענינים פֿון יידישקייט. אָבער אויך אָט די אינטעליגענטן האָבן געמוזט זיך אַריינטאָן אין דעם גאַנצן שטראָם פֿון גע־זעלשאַפטלעכן לעבן, און דורך דעם ווערן יידישער אין זייער גאַנצן לעבנס־באַנעם. אויך די וואָס האָבן צווישן זיך גערעדט רוסיש האָבן פֿאַרשטאַנען יידיש און געמוזט אָפּט אָנקומען צו יידיש סיי אין פּריוואַטן לעבן, סיי אין זייער געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. אין גיכן איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה. די רוסן זיינען אַוועק, און רוסיש האָט אָנגעוואַרן דעם פריערדיקן פּראַקטישן ווערט און דעם קולטורעלן חן. אוטער די דייטשן איז געווען די צייט ווען די קולטור־טעטיקייט אויף יידיש האָט זיך פונאַנדערגעבליט.

די ערשטע יאָרן אונטערן פּאָליאַק איז ביאַליסטאָק געווען אין גאַנצן פריי פֿון אַ פרעמד־שפּראַך. יידן האָבן גערעדט נאָר יידיש — אין אַלע קרייזן פֿון דער געזעלשאַפט. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען נאָר אויף יידיש. אָבער ביסלעכווייז האָבן גענומען ווירקן די פּויליש־יידישע שולן און דער כוח פֿון דער מלוכה וואָס וויל אומעטום אַרויפצווינגען פּויליש. שפּעטער ווי אַנדערש־וואו, האָבן דאָך די ביאַליסטאָקער יידן גענומען צום טייל ריידן פּויליש. דער פּראָצעס האָט זיך ערשט ניט לאַנג אָנגעהויבן. ביאַליסטאָק איז בפירוש אַ יידיש־ריידנדיקע שטאָט, נאָר די יונגע אינטעליגענציע רוקט זיך אַריבער צו דער מלוכה־שפּראַך. די וואָס פאַרלאָזן יידיש גיבן אויף אַ וויכטיקן שטיצפּונקט קעגן אַסימילאַציע.

ביאַליסטאָק איז שטענדיק געווען אַ פולקום־יידישע שטאָט. עס האָט זיך נאָר געגעבן צום גרויסן טייל דער כאַראַקטער פֿון דער יידישקייט און דער אויס־דריקער פֿון יידיש־אייגנאַרטיקען לעבן. אין דער פֿאַרצייטיקער קהילה איז דער טאָן־געבער געווען דער היימישער יידישער אינטעליגענט דער תלמיד־חכם, וואָס ביי אים האָבן זיך צונויפגעפֿאָרט אינאיינעם טיפּע קענטניש פֿון דער תלמודישער יידישקייט מיט אַ מאָראַלישן לעבנס־פּיר. די פרייע צייט האָט דער תלמיד־חכם פֿאַרבראַכט אין לערנען, ער איז געווען ווייט פֿון דער פרעמדער

6. ווי עס האָט מיר דערציילט ד״ר כאַזאַנאָוויטש, האָט ד״ר טרילינג פֿאַרן טויט פֿאַר־געלייגט זיינע קאָלעגן אָפּצוקויפן אַ באַזונדערע קרקע אויפן בית־עולם פֿאַר דאָקטוירים, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז חברה קדישא וועט זיי נאָכן טויט מבזה זיין, ווי אַפּטריניקעס.

טעכנישער קולטור פון אייראָפּע, זיין אייגענע אויסבילדונג איז געווען נאָר לשמה. פון תלמיד־חכם, ניט פון גביר, האָט זיך געצויגן דער יידישער יחוס. ניט מאַטעריעלע מאַכט און קראַפט האָבן געשאַפן דעם יידישן אַדל, ווי דאָס איז ביי די אומות העולם, נאָר די אינטעליגענץ, דאָס וויסן און דאָס ריינע לעבן מיט דער תורה און לויט דער תורה. ביסלעכווייז האָט דעם אָרט פון תלמיד־חכם אין דער קהילה פאַרנומען דער נייער אינטעליגענט און דער פּאַרטיי־פירער. דער־צו האָט מען ניט נייטיק געהאַט קיין סך יידישן וויסן. דאָס קענען רעדן פאַר אַן עולם איז געווען וויכטיק, די ווירקונג וואָס מען האָט געהאַט צווישן די אייגענע מיטגלידער פון דער גרופּע אָדער פּאַרטיי און די אַלגעמיינע אייגנשאַפט פון אַרויסשטופּן זיך, אָדער פון פירערשאַפט. פריער האָט געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע דער יחיד, זיין קענען, זיינע מידות. דערנאָך האָט אים גענומען פאַרבייטן די גרופּע מיט איר פּלאַטפאָרם, מיט איר שיטה. דאָס איז אַן אַלגעמיינע דער־שיינונג, אָבער אין ביאַליסטאָק איז זי געווען באַזונדער קאַנטיק. אַמאָליקע יאָרן האָט ביאַליסטאָק געשאַפן מעשיות וועגן גרויסע פּערזענלעכקייטן, אין די לעצטע יאָרן רעדט מען וועגן פּאַרטייען און גרופּעס און וועגן זייערע אויפטוען.

די אַלע שינויים זיינען פאָרגעקומען ביסלעכווייז. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דעם אָנקומען פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט. דאָס וואָס ביאַליסטאָק איז געוואָרן אַ גרויסער אינדוסטריעלער צענטער האָט מיטגעהאָלפן אַז לערנען תורה לשמה זאָל גיכער פאַררוקט ווערן אין אַ זייט ווי אין אַנדערע יידישע שטעט. ווען מען האָט געטראָפן אין די מלחמה־יאָרן אַ ביאַליסטאָקער שוין אין די על־טערע יאָרן, — האָט ער געוואוסט פיל מער פון דער אַלטער טראַדיציאָנעלער יידישקייט ווי מען האָט זיך געקענט ריכטן; ווען מען האָט געטראָפן אַ יינגערן ביאַליסטאָקער תושב, — האָט ער פון אָט דער אַלטער יידישקייט געוואוסט ווייניקער, ווי מען האָט געמעגט זיך ריכטן. פּראַקטישקייט, די פעאיקייט צו פאַר־דינען, דאָס אויסטויגן זיך פאַר דער וועלט פון האַנדל און אינדוסטריע האָט אַלץ מער איבערגעוואויגן די פריערדיקע אידעאַלן פון אַ יידישן מענטשן. דער פריער־דיקער תורה־אידעאַליזם איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַ פּראַקטישן מאַטעריאַליזם. דאָס איז געוואָרן קאַנטיק ביי די פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

ניט נאָר די אָנפירנדיקע פּערזאָנען האָבן זיך געביטן. עס איז אויך געוואָרן אַנדערש דער גאַנצער באַגריף — המון. פריער האָט מען מיט דעם וואָרט באַ־צייכנט נאָר די אומוויסנדיקע, די עם־הארצים און די בורים, אָבער ניט די אַרבעטער אָדער בעלי־מלאכות. דאָס רוב תלמידי חכמים און לומדים האָבן גאָר געשטאַמט ניט פון רייכע קרייזן, נאָר פון בעלי־מלאכות און אַרבעטער. דאָס פּשוטע פאָלק, דער „עמך"־מענטש, איז דאָך אויך ניט געווען גאַנץ פּראָסט. קיין אַנאַלפאַבעט איז ער דאָך ניט געווען, דאַוונען האָט ער געקענט, בין מנחה למעריב און שבת און יום־טוב פלעגט ער הערן אַ רבין אָדער אַ גוטן מגיד. אַ פּראָלעטאַריאַט אין דעם זינען ווי ביי די אומות העולם, אַ מאַסע וואָס שטאַמט פון אַ דורות־לאַנג פאַרשקלאַפטן פויערים־קלאַס, איז ביי יידן ניט געווען. אין דער

צייט ווען מען האָט געגומען אָרגאַניזירן די אַרבעטער צו קעמפן פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען איז אויפגעקומען אַ נייער באַגריף — מאַסע. דאָ האָט מען שוין גענומען ווי אַ סימן מובהק די באַשעפטיקונג, די פאַרדינסטן, מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע סימנים. די לינק געשטימטע אינטעליגענטן האָבן גענומען זינגען שבחים דער מאַסע, און אויב זיי האָבן זיך גערמיט זי צום בילדן — איז עס געווען ניט די אַלטע יידישע בילדונג און אויך ניט די בילדונג פון די משכילים.

ווייל ביאַליסטאָק איז געווען אַזאַ וויכטיקער אינדוסטריעלער צענטער, האָט דאָ די טעטיקייט פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג געשפּילט אין לעבן פון דער קהילה אַ גרעסערע ראָלע ווי אַנדערשוואו. שפּעטער איז געקומען די פרייהייטס־באַוועגונג פון 1903—1906 וואָס האָט אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויפן יידישן לעבן אין רוסלאַנד און פּוילן. אָבער באַזונדער שטאַרק איז געווען אָט דער שטעמפּל פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויף ביאַליסטאָק. אין דעם פריער שטילן שטראָם פון לעבן האָט זיך אַריינגע־ריסן אַ גרויסע פאַרפלייצונג מיט שטורמישע כוואַליעס. ווען דער שטאַרקער שטראָם האָט גענומען אָפּטרעטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן די איבערקערעניש וואָס ער האָט אָנגעמאַכט. ער האָט איבערגעלאָזן אַ געוויסע שפּאַלטונג צווישן דער מאַסע און די אַנדערע שיכטן. דאָס האָט זיך גענומען פילן ביי אַלע געזעל־שאַפטלעכע אַרבעטן, ביי אַלע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון וועלכן עס איז גרעסערן קהלשן אַנשטאַלט.

פון איין זייט די אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אַלע אַנדערע מאָדערנע באַוועגונגען, פון דער צווייטער זייט די שטודירנדיקע יוגנט האָבן אַריינגעבראַכט שינויים אין דעם גאַנצן שטייגער לעבן פון דער שטאָט. דורך די קינדער וואָס האָבן זיך געלערנט אין פרעמדשפּראַכיקע שולן איז אַריינגעקומען אַ פרייער און פרעמדער גייסט אין דעם רוב יידישע פאַמיליעס, אַפילו אין די פרימסטע. די גאַנצע קהילה האָט אָנגעהויבן צו באַקומען אַ נייע פיזיאָנאָמיע. אפילו ווען די אַלטע לעבנס־פאָרמען זיינען נאָך פאַרבליבן פון דרויסן, איז אינעווייניק שוין געווען אַ נייער גייסט. אין דעם גרעסטן טייל בתי־מדרשים איז אין מיטן וואָך קוים געווען אַ מנין צום דאַוונען, און ווער רעדט שוין וועגן מענטשן צום לערנען! פון פרומקייט איז ביי די בעלי־בתישע שיכטן געבליבן מער דרויסנדיקער שטאָט ווי פריערדיקע אמונה. און אויב עס זיינען אין די לעצטע יאָרן אויפגעקומען נייע און שיינע אַנשטאַלטן פון יידישער דערציאונג, האָט עס אויך ניט געביטן דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דעם נייעם לעבן־שטיי־גער. אויף ווי וויים דאָס טראַדיציאָנעל־יידישע איז געזונקען איז ביז גאָר קאָנ־טיק אין דער ירידה פון ביאַליסטאָקער רבנות. בשעת דער ביאַליסטאָקער בית־דין איז געווען בתקופו, זיינען זיינע מורי־הוראות געווען גדולי תורה, און דער בית־דין איז באַשטאַנען נאָר פון 3—4 מורי־הוראות מיט אַ רב. אויפגענומען אַ מורה הוראה האָט מען נאָר יעמאָלט, ווען עס איז געווען אַ נויטיקייט, און אויפגענומען האָט דער רב מיט דער באַטייליקונג פון לומדים און חשובים. די

לעצטע עטלעכע צענדליקער יאָרן נעמט מען אָן מורי־הוראות ניט ווייל מען נייטיקט זיך אין זיי, נאָר ווייל זיי ווערן פּראַטעזשירט פון בעלי־בתים תקיפים.

ביי אינטעליגענטערע און פּאַרמעגלעכערע קרייזן איז געוואָרן מאָדערן צו זיין אַנטי־רעליגיעז. אויך די יונגע אַרבעטערשאַפט איז באַוואוסטזיניק אַנטי־רעליגיעז. מען אַרבעט אויך שבת און יום־טוב. מען פירט ניט קיין כשרן טיש. מען קלערט ניט וועגן לערנען די קינדער דאַוונען.

סוף פאַרגאַנגענעם און אָנהייב איצטיקן יאָרהונדערט האָט מען נאָך אין ביאַליסטאָק ניט געקענט געפינען קיין עפנטלעכע מחללי שבת, אַזעלכע וואָס האַלטן אָפן אַ קראָם אָדער וואָס רייכערן בפרהסיא [7]. אין 1905 איז עס שוין געוואָרן אַנדערש. מען האָט שוין געזען ווי די פריזירערס אַרבעטן הינטער האַלב־צוגעמאַכטע טירן. מען האָט געזען ווי מע שפּאַצירט זיך מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל. די מלחמה האָט געפירט ווייטער אויף אָט דעם וועג. ביאַליסטאָק איז אויך נאָך דער מלחמה פאַרבליבן פון דרויסן אַ יידישע שטאָט, און מע מערקט גענוג קאָנטיק דעם שבת אָדער דעם יום־טוב. אָבער עס איז גיכער פאָרעם ווי אינהאַלט. דער גייסט פון אַמאָליקן שבת און אַמאָליקן יום־טוב איז אוודאי פאַרשוואונדן.

די זעלבע שינויים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אומעטום אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, האָבן זיך אין ביאַליסטאָק אַרויסגעוויזן מיט אַ גרעסערן שוואונג און מיט אַ האַסטיקערן אימפּעט, ווייל ביאַליסטאָק האָט דורכגעמאַכט זייער גיך און זייער רוישיק דאָס אַריבערגייען פון אַן אַלטן עקאָנאָמישן מצב צום לעבן פון אַן אינדוסטריעלער שטאָט. און ביאַליסטאָקער אינדוסטריע, דערהויפּט איר טעקסטיל־פאַבריקאַציע, האָט דורכגעמאַכט באַרג־אַרויפן און באַרג־אַראָפּן, און יעטווידער בייט האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע שטאָט. עקאָנאָמישע קריזיסן, יאָרן פון גיכן אַנטוויקלען זיך, רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, פּאָגראָם, מלחמה, נייע מאַכט, נייע אויפטרייסלונגען — דאָס אַלץ האָט געהאַלטן דעם ביאַליסטאָקער אין איין יאָגן, אין איין אונטעריאָגן, אין איין בייטן פאַר אים די לעבנס־באַדינגונגען, צו וועלכע מען האָט געמוזט כסדר זיך צופּאַסן פון־דאָס־ניי. איז דער ביאַליסטאָקער ייד געוואָרן אפשר נאָך אומרואיקער ווי אַנדערשוואו, און אפשר אויך ענערגישער. די גאַס האָט שטענדיק געקאָכט. עס איז שטענדיק געווען לעבן און דראַנג און אונטערנעמערישקייט. די לעצטע צענדליקער יאָרן איז ביאַליסטאָק געווען אַ שטאָט וואָס זידט און ברויזט. עס האָט געוּוירט מיט ענערגיע, הן אויפן עקאָנאָמישן געביט, הן אויפן קולטורעלן. ניט אַלעמאָל איז

7. אַ מלמד אַ קנאי, אַ שומר־שבתניק, האָט אָנגעטראָפן אויף סענקעוויטשא־גאַס אַ קריסטלעכן פריזירער וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ייד. איז ער אויף אים אָנגעפאַלן מיט זלזולים און אים דערלאַנגט אַ פּאַטש. פאַר דער מלחמה זיינען אַלע קראָמען געווען פאַרמאַכט שבת, נאָר אַ פּאָר גאַלאַנטעריי־קרעמערס, ניט קיין ביאַליסטאָקער, האָבן געעפנט זייערע קראָמען אום שבת. יעמאָלט האָט עס אָנגעמאַכט אַ רושם אין שטאָט.

אַרויסגעקומען פון דער קאָכעניש, אָבער עס האָבן ניט אויסגעפּעלט אונטער־נעמערישקייט און דער בטחון פון כסדרדיקן פּרוּוון.

דער גאַנצער טעמפּאָ פון לעבן איז געוואָרן אַן אַנדערער פאַר מיינע אויגן. ווען איך בין אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק זיינען נאָך געווען צום טייל פּעאָדאַלע לעבנס־באַדינגונגען און פּרימיטיווע אופנים פון שפּייזן זיך, פון פאַרדינען אויף צו לעבן. אַן אכסניא, אַ שענק, אַ ווייַנהויז, אַן אַרענדע, אַ גאָזשעלניע, אַ ברויערײַ, אָדער אויפקויפעריי, הויזירערײַ, קליינהאַנדל מיט תבואה, וואָל, בהמות אאז״וו, און פאַרשטייט זיך אויך: קרעמערײַ, מעקלערײַ, מלאכה האָבן דערנערט דעם יידן. קיין באַזונדערע קענטעניש האָט מען צו אַזעלכע עקאָנאָמישע טעטיקייטן ניט געדאַרפט. מען האָט נאָר געדאַרפט ווי ניט איז זיך צונויפריידן מיטן פּויער. אפילו גרויסע סוחרים וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער געשעפט־וועלט, און אפילו כלל־טוערס און שתדלנים[8] האָבן ניט געקענט ריידן ווי עס באַדאַרף צו זיין רוסיש אָדער פּויליש. אין איינע צוואַנציק יאָר, פון 1880 ביז 1900, האָט זיך דאָס אַלץ געביטן. עס זיינען אויפגעקומען די פאַרשיידנסטע אינ־דוסטריעלע אונטערנעמונגען און פאַרשיידענע געשעפטן וואָס האָבן זיך גע־שטיצט אויף זיי. עס זיינען אויפגעקומען נייע באַדערפענישן אין בילדונג, אין פּראַקטישן וויסן. אינאיינעם מיט די נייע באַדערפענישן און מעגלעכקייטן האָבן אויפגעשפּראָצט די אַלע פאָרמען פון עקנאָמישן לעבן וואָס מיר האָבן דער־ציילט באַריכות. גלייכצייטיק האָט ביאַליסטאָק געהאַט כוחות צו שאַפן אויפן געזעלשאַפטלעכן און אויפן קולטורעלן געביט.

אין דעם דאָזיקן גיכן וואַקסן זיינען אויך געווען אַזעלכע שטריכן, וואָס עס קומט אויס זיי אָנצווייזן אַן אַ באַזונדערן נחת־רוח. ליידער איז ניט אַלץ גע־גאַנגען באַרג־אַרויף. אין ניינצטן י״ה האָט ביאַליסטאָק, לויט מיין אָפּשאַצונג, געשאַפן אויפן גייסטיקן געביט ווערטפולערע און דויערנדיקערע זאַכן ווי אין דער שפּעטערדיקער עפּאָכע. און אויך יעמאָלט האָבן די שאַפונגען אויפן תלמודישן געביט איבערגעשטיגן אין אינהאַלט און אין ווערט די שאַפונגען אויפן השכלה־געביט. די שאַפונגען אויף העברעאיש האָבן אין דער לעצטער עפּאָכע אָפּגעטראָטן אינגאַנצן פאַר שאַפונגען אין יידיש; דער העברעאישער ספר און זיין מחבר זיינען כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון ביאַליסטאָק. דער צוריקטריט אויף אַ טייל געביטן פון גייסט דאַרף דערקלערט ווערן מיט דעם וואָס האַנדל און אינדוסטריע האָבן פאַרשלונגען אַ סך שאַפונגס־ענערגיע און שאַפונגס־אינטע־רעס. אין ביאַליסטאָק איז אפילו ניט פאַראַן קיין בוכהאַנדלונג וואָס זאָל פאַר־קויפן העברעאישע ספרים. די איינציקע העברעאישע ספרים וואָס פאַרקויפן זיך יאָ — זיינען לערנביכער פאַר די העברעאישע שולן. אין דער צייט ווען עס איז

8. בשעת איך בין געווען אין דער יידישער פאַבריקאַנטן־דעפּוטאַציע ביים גראָדנער אַנטיסעמיטישן גובערנאַטאָר פּאַטיאָמקין וועגן דער אָנקלאַגע פון די וועבערס אויף די פאַ־בריקאַנטן, האָט דער גובערנאַטאָר חוזק געמאַכט פון אונדז, נאָכקרימענדיק ווי עס רעדט רוסיש אונדזער יחיאל־בער וואָלקאָוויסקי.

פאַראַן אַן אויסגעצייכנטע שלום־עליכם־ביבליאָטעק מיט אַ סך יידישע ביכער, אין דער צייט ווען דער פויליש־לייענער האָט געגוג מעגלעכקייטן צו קריגן אַ בוך אויף פויליש, האָבן ניט די ערנסטע העברעאיש־לייענערס קיין ביבליאָטעק. די שטודיר־ביבליאָטעק ביי דער קהילה איז נאָך אַ יונגע אינסטיטוציע און קען נאָך לעת עתה ניט אויספילן די באַדערפעניש אין דעם העברעאישן בוך.

דער בעל־הבתישער מיטלקלאַס, וואָס האָט פון זיינע רייען געשטיצט חיבת ציון און חובבי שפת עבר און דעם ציוניזם און וואָס שטיצט איצט די העברע־אישע שול־באַוועגונג, דער מיטלקלאַס וואָס האָט פאַקטיש געשאַפן און גע־שטיצט אַלע אָרטיקע יידישע רעליגיעזע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, מאַכט דורך שווערע צייטן. און אויב ער שטרענגט זיך אָן פאַר דער דערציאונג פון זיינע קינדער, האָט ער אפשר ניט געגוג כוחות זיך אָנצושטרענגען אויפצו־האַלטן זיך אַליין, זיינע דערוואַקסענע מיטגלידער אויף דער געהעריקער גייסטי־קער הייך.

דערפאַר אָבער וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אַ נייע נאַציאָנאַל־געשטימטע און העברעאיש־דערצויגענע יוגנט וואָס רייסט זיך דורכצופירן אין לעבן אירע נאַציאָנאַלע אידעאַלן, אַ יוגנט וואָס איז ניט ווייניקער ענערגיש ווי די יוגנט פון די אַרבעטער־קרייזן וואָס שעפּט איר וויסן און איר באַגייסטערונג דורך ידיש און די שאַפונגען אויף ידיש.

## ה. שלום-וואָרט

פאַר מיינע אויגן האָט זיך געביטן די פאָרם פון אָרגאַניזירטן לעבן. פריער איז דער צענטער געווען דער בית־המדרש און דערנאָך דער קולטור־קרייז, די גרופּע פאַר השכלה, פאַר חיבת ציון אאז״וו. די לעצטע טעלעכע צענדליקער יאָרן טרעט דער קולטור־קרייז אָפּ זיין אָרט, און אנשטאָט אים קומט די פּאָליטישע גרופּירונג, די פּאַרטיי. ווי אין אַלע ידישע שטעט, פאַרנעמט אויך ביאַליסטאָק דעם אויבנאָן די פּאַרטייאישע גרופּירונג. ביאַליסטאָק פאַרמאָגט אַלע שאַטירונ־גען פון דעם פּאַרטייאישן לעבן, פון עקסטרעם־רעכט ביז עקסטרעם־לינק. דאָס אינעווייניקסטע פּאַרטייאישע לעבן און די אַלע צווישן־פּאַרטייאישע צונויפּ־שטויסן, רייבונגען און מחלוקתן זיינען דאָ ניט באַרירט געוואָרן. איך בין שטענ־דיק געשטאַנען ווייט פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. איך האָב אין פנקס ביאַליסטאָק וועגן זיי כמעט ניט געשריבן. איך האָב ניט געהאַט געגוג מאַ־טעריאַלן וועגן פּאַרטיי־לעבן, און דאָס האַרץ האָט מיך אויך ניט געצויגן אַריינצודרינגען אַהין. זאָל קומען אַ צווייטער היסטאָריקער פון דער ידישער שטאָט ביאַליסטאָק און זאָל עס ממלא זיין, אינאיינעם מיט די אַנדערע בלויזן וואָס ער וועט זיכער געפינען.

איצט ווען איך האַלט שוין ביים חזק חזק ונתחזק — זע איך אז אַ יחיד, וויפל מי ער זאָל ניט אַריינלייגן, קען ניט געבן אַ פול און באמת אַלזייטיק בילד

פון דעם לעבן פון אַזאַ עיר ואם בישראל ווי ביאַליסטאָק. געבן אַזאַ פול און אַלזייטיק בילד הייסט דאָך איבערגעבן הן די געשיכטע הן דעם היינטצייטיקן מצב פון אַלע שיכטן, אַלע קולטור־שטרעמונגען, אַלע קרייזן, אַלע גרופּירונגען, און אַלע זייטן פון אַ רייך און פילפאַרביק לעבן. דאָס איז איבער די כוחות פון אַ יחיד. האָב איך געשילדערט יענע זייטן פון לעבן און יענע טעטיקייטן וואָס זיינען מיר געווען מער באַקאַנט, אָדער אפשר זיינען זיי מיר געווען נענטער צו מיין געמיט, צו מיינע אייגענע השקפות און אינטערעסן. איך האָף אַז מע וועט מיר מוחל זיין דאָס וואָס עס איז ניטאָ און מען וועט בעסער אָפּשאַצן דאָס וואָס מע געפינט דאָ יאָ.

איך פיל אַז מיין חלק האָב איך צוגעטראָגן צו דער געשיכטע פון ביאַ־ליסטאָק, אַ שטאָט מיט אַזוי פיל לעבנס־קאַלירן און ממש אומענדלעכער לעבנס־ענערגיע. איך געפין טרייסט אין דעם „לא עליך המלאכה לגמור". איך האָב זיך אָבער תמיד באַטראַכט פאַר מחויב צוטראָגן מיין חלק צום גייסטיקן בנין וואָס הייסט די געשיכטע פון ביאַליסטאָק.

# זוכצעטל פון פערזאָנען

